# צווישען ליעבע און מיליאנען

א זעהר אינטערעסאנטער און שפאנענדער ראמאן.

בעארבייט אויס דעם פראנצויזישען

— פון —

## ל. זאלאטקאוו.

היברו פאבלישינג קאמפאני
52-50 עלדרידזש סטריט, ניו יארק

HEBREW PUBLISHING COMPANY,
50-52 Eldridge St., New York.

# ליעבע און מיליאָנען

— אָדער —

# דורך פייער און אייזערנע קייטען.

## אַ ראָמאַן

פריי בעארבייטעט נאך דעם פראנצעזישען פון

## ל. זאָלאָטקאָף.

## ערשטעס טהייל.

### 1טעס קאפיטעל.

### דיא טויטע מוטער און איהר קינד.

עס איז געוועזען אַ פינסטערע, נאס־קאלטע נאכט אין מאָנאט סעפטעמבער, אין
יאָהר 1872, ווען אַ רייטער איז געפאהרען איינער אליין בלאָנדזענדיג אין דיא וואלדונ־
גען אויף דער עסטרייכישער זייט, דאָרטען וואו עסטרייך גרענעצט זיך מיט קליידרוס־
לאנד. דיא לבנה איז כמעט ניט געוועזען צו בעמערקען אונטער דיא געדיכטע וואָלקענס,
חאטש עס איז געוועזען איהר צייט צו ווייזען זיך, דער ווינד האט קרעכצענדיג געבלאזען
דורך דיא קוסטעס, און בוימער, און אַ דיקע נאסע חמארע איז געשטאַנען און האט
געהאט איינגעוויקעלט דיא ערד. ווען דער ווינד איז אויף אַ ווײלע ענטשוויגען געוואָרן
האבען זיך אין דער שטילקייט פון דער נאַכט נאר געלאזט הערען דיא טריט פון אַ פערד,
וויא ער האט געקנעטען דעם זומפּינען גרונד, אָדער האט געבראָדעט אין וואסער.

פערד און רייטער זיינען געוועזען צחאַמענגעוואַכסען אין איין שווארצען שאָטען. נור
פון גאנץ נאָהענט וואלט מען געקענט בעמערקען וויא אזוי דאס פערד האט געהאל־
טען אראָפּגעלאָזען דעם קאפּ צו דר׳ערד, וויא זוכענדיג זיין וועג, און וויא אזוי דער רייר
טער האט געהאלטען דעם קאפּ אויסגעשטרעקט, אנשטריינגענדיג זיין בליק ניט וועניר
גער וויא זיין פערד, און זוכענדיג מיט אַ בעזאָרגטען בליק זיך צו האלטען אויפ׳ן ריכטי־

נען וועג. דאס בראָכען פון אַ שווערד ביי דער זייט פון רייטער, וואס האט זיך אָנגע־ קלאַפּט אָן זיין שפּאָרען, האט געלאזט מערקען, אז דער רייטער איז סאָלדאט. ביי טאג וואלט מען נאַטירליך אויך געקענט זעהן פון זיינע עפּאָלעטען און פון זיינע קליידער אז ער געהערט צו דיא עסטרייכישע גרענעץ־זשאַנדאַרמען, און האט דעם טשין פון איין אונטעראָפיציער.

— געפרייטער, עס איז אַ האַרטער דיענסט — האט ער געמורמעלט אונטערן נאָז, גלעטענדיג זיין פערד איבערן האַלדז; און אזוי וויא אויסער דעם רייטער אין זיין פערד איז קיינער דערביי ניט געווען, וואלט מען געקענט פארשטעהן אז דער נאָמען „געפרייטער“ האט געהערט דעם פערד.

— געפרייטער, עס איז אַ האַרטער דיענסט, און פופצעהן גולדען אַ מאָנאַט גע־ האַלט איז אַ ביסל צו פיעל צו שטאַרבען פון הונגער, און אַ ביסל צו ווענִיג אום אָנ־ שטענדיג צו לעבען, און דער קאַפּיטאַן איז גאַר אַ דומקאָפּף. . .

דער רייטער האט זיך אליין איבערגיהאַקט אינמיטען געשפּרעך צו זיך אליין, אדער, ריכטיגער געזאָגט, צו זיין פערד, און האט זיך אונרוהיג און מיסטעריעזיש ארומ־ געקוקט, פּונקט וויא ער וואלט מורא גיהאַט דאס איינער קען נאָך אונטערהערען זיינע פעררעטהערישע ווערטער און זיי אונטערברייגגען צום קאַפּיטאַן. דאס פערד האט גע־ בלאָזען דורך דיא נאָזלעכער אום צו בעזייטיגען דיא טוי־טראָפּענס פון זיי; דער רייטער אבער האט דאס פערדישע בלאָזען פון זיך איבערזעצט אויף זיין אופן, און האט גע־ מורמעלט ווייטער:

— און פיליכט בין איך אליין אויך אַ גרויסער דומקאָפּ, און איך האב גאָר ניט בעדאַרפט דעם גאַנצען עסק, און מיין רייטען אזוי שפּעט קען מיר נאָך אָנמאַכען ווער ווייס וואס פאר אַ פאָרוואורף פון קאַפּיטאַן. ווער ווייס וואס פאר אַ טייגעניכטס אַלץ האט מיר אריינגעשיקט דעם בריעף פון מיר אָפּצולאַכען, און איך האב עס גענומען פאר איין אמת. נאָך אמאָל: „אויב זשענדאַרם פּונקמאַן וויל פארהיטען אַ גרויסעס אונגליק, זאָל ער אזוי גוט זיין קומען היינט ביי נאַכט, איינער אליין, אין קליינעם וועלדיל, ניט ווייט פון דער קרעניצע, צוויי מייל פון דער רוסישער גרענעץ. אויב ער וועט קומען אליין וועט ער געפינען אַ סיגנאַל וואס וועט איהם ווייזען וואו צו זוכען.“ אַ מאָדנער בריעף! אבער ווער האט דאס געקענט שרייבען? און וואס זאָל דאס בעדייטען? צו איז דאס ניט אַ שפּיטצעל פון אַ שמוגלער (קאָנטערבאַנדשציק), וועלכער וויל זיך אפשר נוקם זיין. . . דאַן וואלט אפשר בעסער געווען איך לאָז זיך אומקעהרען. . . אבער ניין! דאס פּאַסט ניט פאר איין עסטרייכישען זשענדאַרם, און וואס וועט זאגען דער קאַפּיטאַן. . . וואָס איז בעשערט וועט קומען! אַהאַ! דאָרט דרייט זיך אַ פייערל. אַ לאַטערנע צו

וואס! דאס מוז זיין דער סיגנאל, אהין, געפרייטער, שנעל! קוראזש, פונקעלמאן, רע־וואָלווער ארויס! אבער לאנגזאם, געפרייטער, פאָרזיכטיג! קולעסט דוא זיך אריין מיט מיר אין א גראָבען זיינען מיר ביידע קאפוט!

מיט דיא ווערטער האט דער איינזאמער רייטער א שטויס געטהאן מיט זיינע שפּאָרען אין דיא זייטען פון זיין „געפרייטער" און האט זיך א לאָז געטהאָן נאך דער ריכטונג צו דער לאטערנע. דיא לאנטערנע איז אבער שנעל פארשוואונדען געוואָרן, און דער רייטער האט זיך א לאנגע צייט געדרייט צווישען דיא קוסטעס און בוימער, ביז ער האט ענטדעקט דיא לאנטערנע שטעהענדיג אויף דר׳ערד, אויף א קליינעם בערגעל, אָהן א לעבעדיגען נפש דערביי.

דער זשענדארם איז שנעל אראָפּגעשפּרונגען פון פערד און האט אויפגעהויבען דיא לאנטערנע. צו זיין גרעסטען ערשטוינען האט ער דערפיהלט דאס דיא לאנטערנע איז אן עטוואס אָנגעבונדען. ארומוואָרפענדיג דיא לייצעס פון זיין „געפרייטער" ארום א בוים, האט ער זיך געלאָזען געהן נאך דער שטריק פון דער לאנטערנע אונגעפעהר צעהן טריט, ביז ער איז צוגעקומען צו א קליינער עפענונג אין דער זייט פון א בערגעל, פון וואנען דיא שטריק האט זיך געצויגען. איבערצלמענדיג זיך, האט ער זיך איינגעבויגען, און איז אריינגעקראָכען אין דיא עפענונג. טרעטענדיג פאָרווערטס מיט גרויס פאָרזיכט, און בעלייכטענדיג זיינע טריט מיט דער לאנטערנע אין דער לינקער האנד, און מיט דעם גרייטען רעוואָלווער אין דער רעכטער, האט זיך דער זשענדארם ארומגעקוקט וואו ער איז און וואס עס טהוט זיך ארום איהם.

אין איין ווינקעל איז געווען אָנגעשאטען פון ערד איינע ארט קאמין, וואו עס האט געברענט א פייער פון טרוקענע צווייגען, וועהרענד איבערן פייער איז געווען א לאָך אין דער קרים געצויגען ביז דרויסען וואס האט געדיענט אלס קוימען. ניט ווייט פון פייער, אויף א געלעגער פון מאָך, איז געלעגען דיא געשטאלט פון א פרוי. איין האנד האט זיא געהאלטען אויף דער ברוסט, דיא אנדערע האט זיא געהאלטען ווייט אויסגעשטרעקט אויפ׳ן געלעגער, און עס האט אויסגעוויזען דאס זיא שלאפט פעסט. א קינד פון אונ־געפעהר פיער יאהר האט בענוצט דעם אויסגעשטרעקטען ארעם פאר א קיסען, און האט זעהר זאנפט געשלאָפען.

א היבשע ווייל האט דער זשענדארם בעטראכט דיא ריהרענדע גרופּע און האט צוזאמען געצויגען זיינע אויגען, וויא אין העכסטען כעס. דאס איז געווען זיין געוועהנליכע מיענע ווען ער פלעגט דערטאפּען עפּעס א פארברעכער. עס איז ביי איהם גאר קיין ספק ניט געווען, אז ער האט דא צו טהאן מיט א פארברעכערקע, דען ווען ניט וואלט זיא דאך ניט פארקריכען אין א העהל.

ער האט האסטיג א חאפ געטהאן מיט דער לינקער האנד דאס שווערד ביי זיין ד' ם, האט עס עטליכע מאָהל נאך אנאנד א ציה געטהאָן און צוריק אראפגעשטופט און שייד מיט א בראזג, כדי אויפצושרעקען דיא שלאָפעדיגע פרוי.

אויפגעהאפט זיך, דוא ארומשלעפערקע, דוא טויגעניכטס! אויפגעשטאנען, און שנעל! — האט ער אויסגערופען מיט כעס, און האט דערווייל אויך ארויסגעצויגען פון דעם מאנשעט פון זיין ארביל א פאפיער מיט א בליישטיפט, כדי צו פארצייכענען דיא אנטוואָרטען וואס דיא פרוי וועט געבען אויף זיינע פראגען.

אבער דיא פרוי האט זיך ניט געריהרט, און עס האט אויסגעזעהן דאס זיא שלאָפט ניט וויינינער שטארק וויא דאס קינד אויף איהר ארעם. דעם זשענדארם איז דא עפעס קשה געוואהן, און ער האט זיך איינגעבויגען און האט אריינגעלויכטען מיט דער לאנטערנע אין געזיכט פון דער שלאפעדיגער פרוי. דאס געזיכט איז געוועזן אזוי בלייך, דאס אפילו דער אפגיהארטעוועטער זשענדארם האט דערפיהלט עפעס וויא רחמנות, און אנשטאט וואס ער האט פריהער א ווייל געבראזגעט מיטן שווערט פונקט וויא צו א מלחמה, האט ער זיך איצטער שטיל ארונטערגעלאזען אויף דיא קניע און האט נאך אמאָל גאנץ גענוי בעטראכטעט דאס געזיכט פון דער פרוי. אלס ער האט בעמערקט דעם שטארען, שמערצליכען צוג אויף ביידע זייטען פון דעם לייכט-נעעפענטען מויל, האט ער באלד איינגעזעהן, דאס אפילו א שום פון א הארמאט וועט זיא שוין ניט מעהר אויפוועקען. נאר פון יוצא-זוענען, אום זיך בעסער צו איבערציינגען, האט ער ארויפגעלייגט זיין האנד ביי איהר אויפען שטערן, האט אויך אָנגעפיהלט דיא באקען, וועלכע זיינען געווען קאלט און ווייס וויא מארמאָר-שטיין.

— מיט איהר איז עס אויס! — האט ער געמורמעלט — און וויא עס ווייזט אויס שוין פון עטליכע שטונדען, דען זיא איז קאלט און שטאר. . . . דער טייפעל זאל מיך נעהמען דערפאר וואס איך האב בעסער ניט אנגעמעלדעט דעם קאפיטאן ווען איך האב דערהאלטען דעם בריעף! וויא עס ווייזט אויס איז דא זעהר איין ערנסטע געשיכטע!

אונטער דער האנד פון דער טויטער פרוי וועלכע איז געלעגען אויף דער ברוסט, האט דער זשענדארם בעמערקט א שטיקעל פאפיער, און ער האט עס לאנגזאם ארויסגעצויגען.

— „גוטע לייטע — האט דער זשענדארם געלייענט פארן שיין פון דער לאנטערנע — איך פערלאנג פאר מיך א שטיקעל ערד, און פאר מיין קינד דיא בארמהערציגקייט פון גוטע מענשען."

— מיט אזעלכע זאכען נארט מען דיא באבען — האט דער זשענדארם געמור־

מעלט — דאס האט ניט זיא געשריעבען, דאס איז ניט קיין זעלבסטמארד..... דער טייפעל זאל מיך נעהמען פאר וואס איך האב בעסער ניט אַנגעמעלדעט פריהער דעם קאפיטאן!

ער האט פארזיכטיג אַניעדערגעלייגט דאס שטיקעל פאפיער צוריק אויף איהר ברוסט פונקט וויא עס איז געוועזען פריהער, און האט זיך נאך אמאָל גענומען פארן בלייר שטיפט מיטן פאפיער, אום צו פארצייכענען דיא פרימיטעס וועלכע זיינען איהם נייטיג געוועזען צו זיין ראפאָרט.

— דיא פיגור איז פון א הויכער פרויענצימער — האט ער געשריעבען — קלייר דער זעהר אפגיטראָגען, נאר פון פיינע שטאף — האר דונקעל־ברוין און זעהר געדיכט, געזיכט, געוועהנליך.

דערביי האט דער זשענדארם וויא צווייפלענדיג צונעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און האט זיך א ווײַלע פארטראכט. ער האט שוין אזוי פיעל מאהל אין זיין לעבען ארונטער־גענומען דיא פרימיטעס (קענצייכען) פון לעבעדיגע און פון טויטע, און ער איז קיינמאָל ניט געקומען אין א פערלעגענהייט וועגען א פאסענדע בעשרייבונג פון איינעמס א גע־זיכט. פלעגט ער ניט געפינען עטוואס בעזאָנדערס אויפפאלענדעס אין געזיכט, דאן פלעגט ער זיך בעהעלפען מיט דעם זעהר גלאטען ווערטעל „געוועהנליך“. ער האט איצטער אויך אוועקגעשטעלט דאסזעלבע ווערטעל, באלד אבער האט ער זיך דער־האפט אז דאס ווערטעל „געוועהנליך“ פאסט זיך דא בשום אופן ניט.

— געוועהנליך — געוועהנליך — האט ער געמורמעלט דרייענדיג דעם בליישטיפט צווישען דיא פינגער — אויב דאס איז שוין געוועהנליך, דאן זאל מיך נעהמען דער טייפעל אויב איך ווייס וואס איז שוין ניט געוועהנליך! געוועהנליכע ווייבער זעהען ניט אויס וויא געשליפענע מארמעלשטיין, און האבען ניט אזעלכע לאַנגע, לאנגע ברעמען; דאס זעהט מען ניט אלע טאָג.

— דאס איז שוין גאר ניט געוועהנליך — האט ער געמורמעלט און האט זיך ווידער גענומען צום פאפיער מיט'ן בליישטיפט:

— „מונד, קליין; נאז געבויגען; אלטער, אונגעפעהר דריי־און־צוואנציג יאהר; בעזאָנדערע קענצייכען — העננט און פיס זעהר קליין.“

ווידער איז דער בליישטיפט געבליעבען שטעקען צווישען דיא ליפען פון זשענד־ארם און ער האט ווידער בעטראכטעט דאס שעהנע געזיכט, וועלכעס האט געקענט דערוועקען רחמנות אפילו אין דעם הערצען פון איין אבגעהערטעטען זשענדארם.

דאן ווידער האט זיך זיין בליק געווענדעט צום קינד וואס איז געלעגען אריבער־געדעקט מיט א דעקע און האט פריעדליך געשלאפען, האלטענדיג דאס קעפעל אויפ'ן

ארעם פון דער טויטער מוטער. דיא פלאמע פון דיא טרוקענע צווייגען, און דיא לאנ־טערנע אין דער האנד פון זשענדארם האבען בעלויכטען דאס שעהנע געזיכט פון דעם קינד, און דער הארטער זשענדארם, וואס האט צופעליג ניט געהאט ניט קיין ווייב און ניט קיין קינד, האט זיך ניט־ווילענדיג פארקוקט אויף דאס שעהן בליהענדע קינדער־געזיכט.

שוין האט ער וויעדער גענומען דעם בליישטיפט און האט איהם געהאלטען איבערן פאפיער, אום ווייטערע נאטיצען צו מאכען, אבער באלד האט ער חרטה גע־האט, און אנשטאט צו שרייבען האט ער זיך מיט׳ן שפיטץ בליישטיפט גענומען קראַ־צען דיא פאטילניצע, וואס האט בעוויעזען אז ער איז אין גרויסער פארלעגענהייט.

— ניין, דאס געהט ניט — האט ער געזאגט ווארפענדיג זיין בליק אויף דיא טויטע פרוי, פונקט וויא ער וואלט דאס צו איהר ריידען, — דאס געהט ניט, און דער טייפעל זאל מיך נעהמען פאר וואס איך האב בעסער ניט אנגעמאלדען דעם קאפיטאן איידער דער שווארץ יאהר האט מיך אהער געטראגען! ווען איך געה איצטער ארויס פון דער גרוב און דאס קינד חאפט זיך אויף פון שלאף, דאן וועט עס שרייען און ווע־קען דיא מוטער, און ווען עס זעהט אז דיא מוטער וואכט ניט אויף, וועט עס אומ־קומען פון שרייען און פון שרעק, און דער ארעמער פינקמאן וועט דארפען ענטפערן דערפאר!

טראכטענדיג נאך א ווילע איז דער זשענדארם ארויסגיגאנגען פון העהל, און אנשטרענגענדיג זיינע לונגען האט ער אויסגעשריען מיט אלע כחות אין דיא פינסטערע נאכט אריין: „איז דא ווער עס איז פאראנען ארום, וואס זאל קענען געבען אויסקונפט איבער דיא טויטע פרוי און איהר קינד?“

נאר א שוואכער וויעדער־קול האט געענטפערט, און דער ווינד האט טרויעריג געבלאזען צווישען דיא קוסטעס.

— איך פרעג צום צווייטען מאל — האט דער זשענדארם וויעדער געשריען מיט א שטרענגען טאן — איינער מוז דא זיין ארום וואס וויים דערפון, פון זיך אליין ברענט קיין פייער ניט, און א טויטער לייגט ניט קיין צעטעל אויף זיין אייגענער ברוסט.

וויעדער דער שוואכע אפקלאנג און דאס וואיען פון ווינד.

— דאן מוז דאס אלעס איבערגעלאזען ווערין פיר נאטשאלסטווא (אבריגקייט) אויסצוגעפינען, איך האב מיין פליכט געטהאן — האט ער געזאגט צו זיך אליין און איז צוריק אריינגעגאנגען אין העהל.

— דוא געהסט מיט מיר, קליינער — האט ער ווייטער גערעדט, זיך קעהרענדיג

צו דעם שלאפעדיגען קינד — דער טייפעל זאל מיך נעהמען פאר וואס איך האב בער סער ניט גערופען דעם קאפיטאן אהער!...

ער האט זיך אראפגעלאזען אויף דיא קניע נעבען דער טויטער פרוי, און האט אזוי צארט, וויא א זשענדארם איז נאר פעהיג צו זיין, אויפגעהויבען דאס שלאפענדע קינד, האט עס איינגעוויקעלט אין דער דעקע, און האט דאס גאנצע פעקיל ארונטער־גערוקט אונטער דער פאָלע פון זיין מאנטיל, און איינגעבויגען איז ער ארויס פון העהל. מיט דער פרייער האנד האט ער אפגעבונדען זיין „געפרייטער", און האט זיך באלד ארויפגעהאפט אויפ'ן זאָטעל, האלטענדיג דיא לעבעדיגע לאסט מיט דעם לינקען ארעם. דאס קינד האט נאך אימער געשלאפען, און דער רייטער האט רוהיג געקענט ארדנען זיין מאַנטעל איידער דאס פערד האט זיך גערוהרט פון אָרט.

— אזוי מוז דאס געהן, געפרייטער — האט דער רייטער זיך געווענדעט צו זיין פערד פונקט וויא ער וואלט וועלען מיט איהם ערנייערן דעם אפגיבראכענעם געשפרעך — אזוי מוז דאס געהן, און אין אנדערטהאלב שטונדען זיינען מיר ווידער צו הויז — מארש!

אזוי שנעל וויא דער רייטער מיט'ן פערד זיינען פערשוואונדען געווארען פון דער אומגעבונג פון העהל, האט זיך פון הינטער א קוסט, ניט ווייט פון דער עפענונג פון העהל בעוויעזען א שלאנקע קרעפטיגע געשטאלט פון א מאן, אין איין אָפגעטראָגענעם פעלץ־מאנטעל געקליידעט, מיט א פעלצענע היטעל אויפ'ן קאפ און ארונטערגערוקט ביז צו דיא אויגען. מיט שנעלע טריט איז ער צוגעגאנגען צו דער עפענונג פון העהל, און איינבויגענדיג זיך איז ער אריינגעקראָכען אינווייניג. מיט צוזאמענגעלייגטע הענד אויף דער ברוסט איז ער געבליעבען שטעהן ביים געלעגער פון דער טויטער פרוי, און מיט שטארע אויגען האט ער בעטראכט דאס שעהנע בלאסע געזיכט מיט דיא צוגע־שלאָסענע אויגען אויף אייביג, אויף וועלכע דאס שמילקענדיגע פייערל פון דיא טרוקע־נע צווייגען האט געווארפען נייסטערהאפטע שאטענס. א היבשע צייט איז דער מאן אזוי געשטאנען מיט צוזאמענגעפרעסטע ליפען, פונקט וויא ער וואלט זיך געהיט עס זאל זיך דורך זיי ניט ארויסרייסען קיין וועהגעשריי, עס זאלען זיך ניט דורכברעכען דורך זיי און וועהקלאגען דיא געפיהלען וואס האבען אנגעפילט זיין שוואכעס הערץ צום ברעכען.

א היבשע צייט איז דער מאן געשטאנען אונבעוועגליך, אבער גראד אין דיעזער אונבעוועגליכקייט האט זיך ארויסגעוויזען אזוי פיעל שמערץ, אזוי פיעל ליידען פון דער זעעלע, דאס עס האט אויסגעוויעזען אז ער איז דיא טויטע מקנא, און דאס ער וואלט זיך אם ליעבסטען אניעדערגעלייגט נעבען דער טויטער פרוי, וועלכע איז שוין פריי פון

אלע זאָרגען, אום מיט איהר צחאָמען געבראַכט צו ווערען צו דער לעצטער רוהע דורך פרעמדע הענד, אונבעקאַנט פיר יעדערן און בעוויינט פון קיינעם אין דער וועלט.

פלוצלונג איז וויא א שווידער אריבער זיין גאנצען קערפּער און ער האט זיך ווילד אומגעקוקט. קריצענדיג מיט דיא צעהנער אין ווילדער וואוטה, האט ער אויפגעהויבען דיא האנד, פונקט וויא ער וואלט מיר איהר וועלען פאַריאָגען א בייזען גייסט פון דעם טויטען קערפּער. א בייזער פלוך האט געשוועבט איבער זיינע ליפּען, אבער נאך איידער ער האט איהם אין גאנצען ארויסגערעדט, האט ער זיך מיט דער האַסט פון א פערצווייפעלטען א ווארף געטהאן אויף דיא קניע נעבען דעם טויטען קערפּער.

— ניין, ניין! ניט נעבען דיר, ניט וואו דוא ביסט! — האט ער געזאגט מיט ציטערנדע ליפּען — דא דארפען אזעלכע ווערטער פון מיר ניט געהערט ווערען.

דאן האט ער גענומען דיא טויטע מאַרמאָר־ווייסע האנד אין זיינע, און האט זיא בעדעקט מיט הייסע קוסען. דער אָרעם איז שוין געוועזען שטייף ביין געלענק און נאר מיט עטוואס מיה האט ער איהם געקענט צו שלעפּען צו זיך. דאן האט ער נאך א ווילע בעטראכט דעם צייכען אויפ'ן טרוי־רינג וואס זיא האט געטראגען אויפ'ן פיערטען פינגער, און האט ווייטער גערעדט וויא צו דער טויטער, אין העכסטער ליידענשאַפט־ליכער אויפרעגונג.

— אפילו ניט דעם איינציגען צייכען פון ליעבע, אפילו ניט דיין טרוי־רינג קען איך דיר איבערלאזען, וויל דער איינגראווירטער צייכען מיט דעם הערב פון דיין פאמיליע קען דיך פערראַטהען, און ווער ווייס אין וועמעס הענד ער וועט איבערגעהן. דעם רינג נעהם איך צו, אבער דער צייכען פון איהם בלייבט איבער אויף דיין פינגער, און לייטע וועלען פערשטעהן אז דוא האסט געטראגען א טרוי־רינג און דיין קינד וועט ניט ליידען קיין טאדעל. פערצייה מיר! דעם רינג וועל איך פיליכט מוזען אויסבייטען אויף ברויט, דען איך וויל לעבען, איך מוז לעבען, אום מיך אָפּצורעכענען מיט יענע וואס האבען דיך איבערלאָזען צו אזא שיקזאל!...

גאנץ זאנפט האט ער אניעדערגעלייגט דיא טויטע האנד צוריק אויף איהר פלאטץ, און זיך נאך מעהר אריבערבויגענדיג איבער דיא טויטע פרוי האט ער גענומען איהר געזיכט אין זיינע ביידע הענד, פונקט וויא ער וואלט ארויסגעוויעזען זיינע צערט־ליכקייט צו א לעבעדיגער. קיין וואָרט האט זיך געהערט פון זיינע ליפען, אבער ער האט טיעף און שטארק געזיפצט, פונקט וויא זיין הערץ וואלט וועלען ברעכען. א פּאָר מאָהל האט ער געקיסט דעם בלאסען מונד און האט זיך אויפגעהויבען, האט נאך אַמאָהל געוואָרפען א בליק אויף דאָס געלעגער, און האט שנעל פאַרלאָזען דיא העהל.

## 2טעס קאפיטעל.
## דיא פערשוועררונג.

א פּאר וואָכען נאכדעם וויא דאס געשילדערטע אין פאריגען קאפיטעל איז פארגע־פאלען, זיינען א הערר און דאמע געגאנגען געארעמט אויף איינער פון דיא שטילערע גע־שעפטס־גאסען פון וויען, און זיינען געוועזן זעהר פערטיעפט אין א געשפרעך, וועלכען זיי האבען געפיהרט אין רוסיש. דיא דאמע איז געוועזן זעהר עלעגאנט געקליידעט, און האט געטראגען א געדיכטען שלייער אויף איהר געזיכט, און איהר בעגלייטער איז געוועזן ניט ווייניגער אויסגעפוצט.

— ווייסטו גענוי וואו דאס איז? — האט דיא דאמע געפרעגט — איך וואלט ניט וועלען, געראלד, אז מיר זאלען דא ארומבלאָנדזען און מיר זאָלען זיך דארפען נאכפרעגען ביי פארבייגעהער.

— איך בין שוין דא עטליכע מאהל געוועזן, און גלויב אז איך וועל דאס הויז דערקע־נען — האט דער יונגער מאן געענטפערט.

— ביסטו גאנץ זיכער אז מיר געפינען פּוכארין צו הויז? — האט דיא דאמע ווייטער געפרעגט.

— אויב ער האט קיין ליגען ניט געזאגט דארפען מיר איהם געפינען, שוועסטערל; ער האט מיר געשריעבען אז ער וועט אונז היינט אום צוויי אוהר נאכמיטאג ערווארטען, און איך גלויב אז מיר זיינען פּינקטליך.

— וועט ער זיין אליין?

— איך דיינק אז פּוכארין איז גענוג חיטרע צו פארשטעהן, אז אזעלכע אונטער־רעדונגען וויא מיר האבען מיט איהם, דארפען געהאלטען ווערין ווען קיין פרעמדער איז דערביי ניטא.

אזוי ריידענדיג האבען דיא ביידע פארקעהרט אין א זייטענגעסעל און זיינען גע־בליעבען שטעהן ביי א צוויי עטאזשיגען הויז, אויף וועלכען עס איז געהאנגען א שילד מיט דיא ווערטער: „איוואן פּוכארין, עקספּעדיטאָר און קאָמיסיאָנער.“

צוגעהענדיג צום טהיר האט דער הערר א ציה געטהאן דיא גלאָק־שנור און אין איי־ניגע מינוטען שפּעטער האט זיך דיא טהיר געעפענט און א יונגע פרוי, אין דער איינפאכער קליידונג פון א דיענסט־פרוי, האט זיך בעוויזען אין טהיר.

— איז פּוכארין צו הויז? — האט דער הערר געפרעגט אויף רוסיש.

דיא דיענסטפרוי האט געמאכט א געזיכט פון פריילאכער איבערראשונג וויא מען מאכט געוועהנליך ווען מען דערזעהט א גאסט וואס מען האט שוין א צייט ניט געזעהן, און האט געענטפערט האסטיג:

— יא מיין הערר, ער זיצט ביי זיך אין צימער און שרייבט.

דער הערר מיט דער דאמע זיינען שנעל ארויף דיא טרעפ און האבען אויבען אנגע־טראָפען זיי ערוואַרטענדיג דעם ווירטה אליין, א מאן פון מיטעלן וואוקס מיט א פערדעכ־טיג רויטער נאז און קליינע אונרוהיגע אויגלאך. מיט איין אויסרוף פון איבעראשונג איז ער ויי געקומען אנטקעגען.

— אָ גרעפין! — האט ער אויסגערופען — און איהר הערר ווערענץ! ענדליך זייט איהר דא! וויא אונגעדולדיג האב איך אייך ערוואַרטעט!

— אהן פאָררעדעס און אָהן קאָמפּלימענטען, מיין ליעבער! — האט איהם דער יונגער מאן איבערגעשלאגען — איהר ווייסט וועגען וואס מיר זיינען געקומען, און לאזט אונז גלייך הערען וואס איהר האט דאָרטען.

דער בעוואוינער פון הויז וועלכען מיר קענען אונטערן נאמען פּוכארין האט געמאכט א זויערע מיענע, וויא איינער וואס איז אין א פערלעגענהייט, און האט דיא ביידע געסט זיך געבעטען זעטצען ביין טיש, אויף וועלכען עס זיינען געלעגען אנגעוואָרפען צייטונגען און פּאפּיערען.

— ווייס דיא גרעפין אלעס? — האט ער געפרעגט.

— יא — האט דער יונגער מאן געענטפערט.

— דאן קענען מיר ריידען אלעס אָפען. איך האב מיך אין דיא לעצטע פאר טעג גע־נוי ערקונדיגט, און אזוי ווייט וויא איך האב ערפאהרען איז נאך דערוויילע קיינעם ניט בע־קאנט ווער דיא יונגע פרוי איז.

— דיא דאמע וועלכע פּוכארין האט געהאט אנגערופען גרעפין איז איצטער געזעסען מיט איין אויפגעהויבענעם שלייער, האלטענדיג איהרע שארפע דונקעל־ברוינע אויגען גע־ריכטעט אויף דעם הויזווירטה.

— דאס איז אייגענטליך ניט גאנץ וויכטיג — האט זיא געזאגט נאך א קורצען בע־דיינקען — פאר דיא טויטע האבען מיר ניט וואס מורא צו האבען, אבער דיא צייטונגען האבען דאך אויך געשריעבען פון א קינד, פון א פיער־יעהריגען איינגעל — וואו איז דאס קינד?

— דאס האב איך אויך ערפאהרען — האט פּוכארין געזאגט ניט אָהן שטאָלץ — דאס קינד געפינט זיך דערוויילע ביי דעם זשענדארם וואס האט דיא גאנצע געשיכטע אויפגעדעקט, און מען וועט עס וואהרשיינליך איבערגעבען אין א וויזען־הויז (פּריוט) אזוי גיך וויא דיא אונטערזוכונג וועט זיין צו ענדע.

— ווייס מען אויך אז דאס קינד געהערט צו א רוסישער מוטער?

— געוויס, דער איינגעל איז אלט 4 יאהר און רעדט זיין מוטער־שפּראכע גוט.

— דאן קען זעהר געמאהלט זיין, דאס אזוי שנעל וויא מען וועט דערגעהן ווער דיא מוטער איז, וועט מען וואהרשיינליך דאס קינד אפּשיקען צו איהר פאמיליע, נאך פּעטערסבורג?

— דאס איז זעהר מעגליך — האט פּוכארין בעשטעטיגט.

— דאס מוז אום יעדען פּרייז ניט צוגעלאָזען ווערען — האט דיא דאמע געזאגט מיט איין אויסדרוק פון בייזער ענטשלאָסענהייט אויף איהר געזיכט — דאס מוז פערהינדערט ווערען! ווען דאס קינד זאל געשיקט ווערען נאך פּעטערסבורג, אדער ווען עס זאל אפילו בלייבען דא אין א וויזענהויז, וועט אימער זיין א געפאהר דאס דער גענעראל קען איהם דורך א צופאל ענטדעקען, און אונזער גאנצער פּלאן וועט צושטערט ווערען.

— האט איהר ניט מורא אז דער גענעראל איז שוין ניט אויפמערקזאם געווארן אויף דעם פאָרפאל דורך א צייטונג?

— איך גלויב אז ניט — האט דיא דאמע געענטפערט, — ווען מיר האבען פארלאָזען דעם גענעראל'ס אימיעניע (גוט) אין פּאָדאָליען, וואו אייער בריעף האט אונז געטראָפען, האבען מיר אויך ערהאלטען א דעפּעשע פון גענעראל אוים איטאליען דאס ער פערלאנגט גלייך ראָם אום צו געהן נאך נעאפּעל, און ער דיינקט נאך צוויי וואכען צו זיין דא אין וויען. דער גענעראל איז, וויא ווייט איך וויים, קיין גרויסער לעזער פון צייטונגען, העכסטענס לעזט ער דיא פּאָליטיק, און איך גלויב ניט אז ער זאל אויפמערקזאם ווערען דורך דיא צייטונגען אויף דעם פאל.

— דיינקט איהר ניט אז דער גענעראל קען דערגעהן אין איטאליען וועלבע שפּור (סליאד) פון פעדאָראָוו און פון זיין טאכטער?

— דאס וועט איהם זעהר שווער פאלען — האט דיא דאמע געזאגט נאך א קורצען בעדיינקען — וויא מיר האבען אייך שוין געשריעבען איז פעדאָראָוו געוועזען מיט זיין פרוי ביי אונז אין פּאָדאָליען ערשט מיט א מאנאט צוריק, און וועהרענד זיא האט געזוכט דעם גענעראל, האט דער גענעראל זיא געזוכט אין ראָם. ווען ער האט זיא ניט געפונען לעבעדיגערהייט, וועט ער זיא טויטערהייט געוויס ניט געפינען.

— מיר וואלט זעהר אינטערעסאנט געוועזען צו ערפאהרען וויא אזוי איהר האט אזוי גיך ארויסגעפּטרט פעדאָראָוו מיט זיין פרוי, ווען זיי זיינען געקומען נאך דעם גענעראל'ס אימיעניע אין פּאָדאָלין? — האט פּוכארין געזאגט צרווינקענדיג שעלמיש צו דעם יונגען העררן.

— מיר האבען דאס געמאכט זעהר געשיקט און לייכט — האט דער יונגער מאן ערקלערט, וועהרענד דיא דאמע האט גענומען א צייטונג פון טיש און האט זיך בלומרשט פארטיעפט אין לעזען, דען אין אמת'ן האט זיא מיט דער צייטונג נאר פארשטעלט איהר

נעזיכט, אום פיליכט ניט צו ווייזען איהרע אויפרעגונג אין דעם אויגענבליק — דער ערשטער וועלכער האט דערזעהן דיא מאַדאם פעדאָראָוו אריינפאָהרענדיג אין אימיעניע, בין איך געוועז. איך האב איהר אין אנהויב גאר ניט דערקענט, דען מיר איז ניט איינגעפאלען אז דיא שטאלצע מאריע וועט פון העלער הייד קומען זוכען איהר פאטער. נאר וויא איך האב זיא דערקענט בין איך אריינגעפלויגען צו מיין שוועסטערל אין הויז און האב א געשריי געטהאן: „אָלגא! מאריע פאָהרט!“ אין אנפאנג איז זיא פונקט אזוי סקאָנפוזשעט געוואָרן וויא איך און האט גאר ניט געוואוסט וואס צו טהאן. זיא איז אבער גיכער געקומען צו זיך וויא איך, און דיא ערשטע זאך וואס זיא האט געטהאן איז געוועזן צו קלינגען נאך דיא דיענער און דיענסטען. זיי זיינען זיך אלע צוזאמענגעלאָפען צו אָלגא אין זאל, און מיין שוועסטערל דיא חכמה האט זיי שטרענג פארזאגט ניט צו ריידען קיין ווארט מיט מאדאם פעדאָראָוו און איהר ניט צו ענטפערן אויב זיא וועט ריידען צו זיי. וויא נאר דיא לייטע זיינען ארויסגיגאנגען, האט עס אָנגעקלאפט אין טהיר און עס האט זיך בעוויזען מאריא. . . . . אזוי פארענדערט, אזוי פאראָרעמט, אז עס האט מיר שיער גענומען פארן הארצען. וויא זיא האט דערזעהן אָלגא'ן האט איהר געזיכט אויפגעלויכטען און זיא האט זיך געוואלט א ווארף טהאן צו איהר אויף'ן האלז, אבער מיין שוועסטערל דיא חכמה האט געמאכט אזא געזיכט, פונקט וויא איינער זאגט: „דאס איז א חוצפא א ביסל!“ מאריא האט עס בעמערקט און האט אויסגעשטעלט א פאר גרויסע אויגען פול מיט טרעהרען און האט שטיל ארויסגעמורמעלט, „דוא אויך, אָלגא?“ „איך קען ניט געהן געגען דעם בעפעהל פון גענעראל“ — האט מיין אָלגא געענטפערט בלומרשט מיט רחמנות. דאן האט איהר געזאלט הערן וויא מאריע איז אויפגעשפרונגען! „וואס? — האט זיא געשריען — אויף מיין פאטערס בעפעהל? דוא זאגסט ליגען! מיין פאטער קען אזוי שלעכט ניט זיין! איך וויל זעהן מיין פאטער! וואו איז מיין פאטער?“

— „אייער פאטער איז דאָרטען — האט אלגא געענטפערט קאלט אנווייזענדיג מיט האנד אויף א טהיר וואס פיהרט אין גענעראל'ס קאבינעט — אבער איך און גענעראל האבען א בעפעהל אייך ניט אריינצולאָזען צו איהם. . . איבערינענס, געה אריין, גענעראל, און מעלדע דעם גענעראל מאדאם פעדאָראָוו“.

— איהר פארשטעהט דאך דאס אזוי וויא דער גענעראל איז דאמאלס געוועזן שוין אין איטאליען, זוכענדיג זיין טאָכטער און זיין איידעם, האט ער ניט געקענט זיין ביי זיך אין קאבינעט; איך האב אבער פארשטאנען מיין שוועסטערל'ס המצאה און בין געשווינד אוועקגעגאנגען „מעלדען“. אין צעהן מינוטען ארום בין איך וויעדער ארויס, און האב געפונען מיין שוועסטער ארומגעהענדיג אין אויפרעגונג איבערן צימער, און מאריא וויינענדיג.

— מיין ליעבער פאטער רופט מיך צו זיך, ניט אמת? — האט מאריא אויס־גערופען אין אנגסט וויא זיא האט מיך נאר דערזעהן. איך אבער האב געמאכט א רחמנות פנים, און האב געענטפערט כלומרשט זעהר אויפגערעגט: „אח, מאדאם, דער גענעראל איז זעהר בייז, וואס איהר זייט געקומען, ער ערגערט זיך און וויל אייך בשום אופן ניט זעהן!“ — איך זאג אייך מיין ליעבער פוכארין אז דעם אויגענבליק וועל איך קיינמאל ניט פארגעסען. זיא איז געוואָרן אזוי בלייך וויא דער טויט און איז כמעט אומגעפאלען, ציטערנדיג אין גאנצען קערפער; איך האב זיא אונטערגעהאַפּט. דאן אבער פלוצלונג האט זיא זיך א חאפ געטהאָן ביי דער ברוסט, האט זיך אניעדערגע־שטעלט, און האט אויסגערופען ניט מיט איהר קול: „ער וויל מיך ניט זעהן? גוט! מיין יונגעס לעבען און דאס לעבען פון מיין קינד אויף זיין קאָפּ, און אויף אייערע, וועלכע שטעהען אין וועג צווישען מיר און מיין פאטער! און מיט דיא ווערטער איז זיא האסטיג ארויסגעלאָפען פון הויז, און אין צעהן מינוטען שפעטער האב איך געזעהן דעם פויערשען וועגעל וואס האט זיא געבראכט, פיהרענדיג זיא צוריק פון דער אי־מיעניע.“

— חא, חא, חא! דאס רוף איך געשיקט! — האט פוכארין געלויבט, אויפהויר־בענדיג זיינע אויגען צו דער יונגער דאמע, וועלכע האט נאָך אימער געהאלטען דיא ציימונג פאר דיא אויגען — דאס רוף איך קלוג! דיא גרעפין פערדיענט א שעהנעס מעדאל!

— איצטער קענט איהר פארשטעהן וויא איבערראשט מיר זיינען געווען ווען מיר האבען אין צוויי וואָכען ארום דערהאלטען אייער בריעף, אין וועלכען איהר שרייבט אונז, דאס מאריא איז געפונען געוואָרען טויט אין א הייל, ניט ווייט פון דער גרע־נעץ, און דאס איהר האט זיא דערקענט! וואו האט איהר זיא אייגענטליך געזעהן, פוכארין?

— איך האב זיא געזעהן אין א דאָרף, ניט ווייט פון דאָרטען וואו מען האט זיא געפונען, וואו מען האט זיא געבראכט צום בעערדיגען. אלס איך האב אין דיא ציי־טונגען געלייענט דאס א יונגע רוסישע פרוי איז געפונען געוואָרען טויט אונטער אזעל־כע פערדעכטיגע פערהעלטניסע, און נעבען איהר א קינד פון 4 יאהר, און דיא גאנצע בעשרייבונג, איז מיר עפעס אריינגעקומען אין קאָפּ, און איך בין ניט פויל געווען אריבערצופאָהרען און צו זעהן... איך האב בעוויזען צו שטעהן דערביי וויא מען האט זיא אראָפּגעלאָזען אין קבר, און איך האב דערקענט אונזער אמאָליגע שעהנע מאריא.

— דיא געוויסהייט איז פאר אונז פיעל ווערטה — האט געזאגט דיא דאמע,

אוועקלייגענדיג דיא ציימונג פון האנד — איצטער ווייסען מיר וואו מיר זיינען אין דער וועלט, פאר וואס מיר האבען מורא צו האבען און פאר וואס נים.

— ווען מיר וואָלטען שוין אזוי וויים געהאלטען מים פעדאָראָווו און דעם קינד וויא מאריא, דאן וואָלטען מיר שוין געווען זיכער, דאס קיינער שטעהט אונז ניט מעהר אין וועג, און דאס מיר וועלען אונזער ציעל עררייכען — האט דער יונגער מאנן גע־וואונשען.

— איך גלויב אז פאר פעדאָראָוו'ן האבען מיר אויך ניט וואס מורא צו האבען. עס ווייזט אויס פון דער אונטערזוכונג אז א מאן איז געווען אין העהל וואו דיא טויטע איז געפונען געוואָרען, דעם אבענד ווען זיא איז געפונען געוואָרען. אויב דאס איז אזוי איז דארט קיין אנדער מאן ניט געווען וויא פעדאָראָוו, און ער וועט זיך איצטער מורא האבען צו ווייזען.

— דאס איז גאנץ ריכטיג — האט דיא דאמע צוגעשטימט.

— איצטער בלייבט אונז נאר איבער איין זאך צו בעזאָרגען — האט פוכארין ווייטער דערקלערט — און דאס איז צו צונעהמען דאס קינד פון דעם פלאַטץ וואו עס געפינט זיך איצטער, און עס אוועקגעבען אין „זיכערע הענד".

— דאס הייסט, פאָלג מיר א גאַנג און קריעך אויף דיא וואנד — האט דער יונגער הערר געלאכט — גאר א קלייניגקייט! וויא נעהמט מען דאס ארויס דאס קינד פון דיא הענד פון עסטרייכישע בעאמטע, אז קיינער זאָל ניט מערקען?

— דיא זאכע איז גאָר ניט אזוי שווער וויא איהר מיינט — האט פוכארין גע־ענטפערט מיט א שעלמישען שמייכעל — איך בין, וויא איהר ווייסט, איין וויטווער (אלמן) און האב קיין קינדער ניט. איך וועל איינגעבען א ביטשריפט (פראשעניע) וואו מען דארף, אז איך וויל דאס געפונענע קינד אדאָפּטירען און עס מאַכען פאר מיין אייגענעם קינד. עס וועט מיר ניט שווער זיין צו געפינען א פּאָר עדות וועלכע דאס געזעטץ פאָרדערט, אום צו בעווייזען אז איך בין אים שטאנדע דאס קינד צו ערנעה־רען און צו ערציהען; איז איין מאָל דאס קינד ביי מיר אין דער האנד, דאן ברייננ איך עס וואוהין איך וויל.

— בראַוואָ, פוכארין, דער פלאן איז ווערטה פון אייך אויסגעפונען צו ווערען!

— דאס איז ווירקליך א גוטער איינפאל — האט דיא דאמע צוגעשטימט.

— דאס איז נאך אבער ניט אלעס — האט פוכארין ווייטער ענטוויקעלט זיין פלאַן — אויב דער גענעראל זאָל אמאָל וועלען איבערלאָזען זיין ירושה פיר זיין טאָכ־טער וועלכע ער האט ניט אויסגעפונען, דאן קען זיך אמאָל לוינען אויפצושטעלען מיט דעם קינד אלס איינציגען יורש, נאכדעם וויא דער גענעראל וועט שוין ניט זיין.

— אויסגעצייכענט!

— זעהר גוט! — האט אויך דיא גרעפין מסכים געוועזן.

— דאס קינד פיהר איך אוועק נאך פראנקרייך אדער ענגלאנד, און כדי מען זאל עס פון מיר ניט פארדערן פאר דער צייט, וועל איך מיך אויך אריבערקלייבען אהין מיט א פערענדערטען נאמען. איך גלויב דאס אונזערע געשעפטען וועל איך קענען בעזארגען וואו איך זאל ניט זיין.

— דאס איז אלעס זעהר געשייט און פארזיכטיג.

— וויא לאנג בלייבט איהר נאך אין וויען? — האט פוכארין פלוצלונג געענדערט דעם געגענשטאנד פון זיין געשפרעך.

— ביז דער גענעראל קומט אהער אויף זיין רייזע פון איטאליען — האט דיא דאמע געענטפערט.

— אויב אזוי האבען מיר נאך גענוג צייט זיך צו בעראטהען וועגען אונזערע געשעפטען.

— זיינען מיר דא ביי אייך אין הויז זיכער? — האט דער יונגער מאן שטיל געפרעגט.

— וויא אונטער א פעסטונג. איך בין, וויא איהר זעהט, עקספעדיטאר און קאמיסיאנער, און קיינער וועט זיך ניט וואונדערן צו זעהן ביי מיר בעזוך.

— אבער מיר האבען דא געזעהן ביי אייך א פרוי?

— זיא וויים שוין איהר זאך. אזוי שנעל וויא איינער קומט צו מיר פארשליעסט זיא דיא טהיר פון דרויסען און געהט אוועק; איך האב נאך א קליינען שליעסעל פון אינעווייניג.

— דאס איז זעהר גוט איינגעריכטעט — האט דיא גרעפין געלויבט.

— פוכארין וויים וויא צו טהאן א געשעפט. חע, חע, חע! — האט זיך דער הויזווירטה אליין געלויבט.

דיא דאמע האט זיך אויפגעהויבען און האט גענומען אבשיעד פון פוכארין, און דער יונגער מאן האט געפאלגט איהר ביישפיעל. זיי זיינען ביידע ארויסגעגאנגען, בעגלייטעט פון פוכארין, וועלכער האט פערשלאסען הינטער זיי דיא טהיר, אזוי שנעל וויא זיי זיינען ארונטער דיא טרעפ. נאך עטליכע מינוטען זיינען דיא ביידע געזעסען אין א פארמאכטע קארעטע און זיינען געפאהרען צו זיך אין האטעל, וועלכער האט זיך געפונען אויף דער רינג־שטראסע.

— ליעבע אלנא! — האט זיך דער יונגער מאן געווענדעט צו דער דאמע אזה.

שנעל וויא דיא קאַרעטע האט זיך געריהרט פון אָרט — קענסטו מיר היינט געבען עטוואס געלד, איך וואָלט וועלען געהן ערגעץ־וואו אין אַ קלוב היינט ביי נאַכט.

— דוא אויסבריינגער, שוין ווידער געלד! — האט איהם דיא דאמע געענט־פערט מיט א פאָרוואורף — פון דיא וואס איך האב דיר געגעבען האסטו מעהר קיין פענינג!

— איך האב געשפיעלט. . . .

— איך מוז דיר נאטירליך געבען, אבער איך זאג דיר געראלד, דוא מוזט זעהן שפּאָרעוודינער אומצוגעהן מיט דעם געלד. ווער וויים ווען אונזער פלאן וועט דורכגע־פיהרט ווערען, און דערווייל קענען מיר בלייבען אזוי דאס מיר זאָלען זיך ניט קענען בעווענען פון אָרט און בלייבען נאר אונגליקליך. עס איז נאך אַ שטיקעלע גליק וואס פוכארין טרינקט בראַסטען שנאַפּס; ווען ער וואלט געטרונקען שאמפּאַניער וויא דוא, וואָלטען מיינע „ערשפּארניסען" נים געקלעקט אויף אַ צאָהן. . . .

דאס זאגענדיג האט זיך דיא דאמע אריינגעשפּארט אין ווינקעל פון קאַרעטע און האט זיך פארטיעפט אין געדאנקען, וועהרענד איהר בעגלייטער האט בעטראַכט צושטרייטערהייט דורכ'ן פענסטער פון וואגען דיא פארביינגעהער.

3טעס קאַפּיטעל.

## דיא שלאַנג אין בוזעם.

וועהרענד מיר לאָזען פאָהרען דיא ביידע פּערזאָנען, דעם ברודער און דיא שוועס־טער, וועלכע שפּיעלען זעהר א וויכטיגע ראָלע אין אונזער ערצעהלונג, וועט עס נייטיג זיין דעם לעזער אין קורצען בעקאנט צו מאכען מיט זייער לעבען און מיט זייעֶר שט־בען. דיעזע פארשטעלונג וועט דעם לעזער אויך אין גאנצען עפענען זייער פלאן וועל־כען זיי האבען ערפונדען אין הויז פון דעם צופּלייסענעם עקספּאָרטער און קאָמיסיאָנער פוכארין.

אָלגא און געראלד וו ע ר ע נ י ן זיינען געווען דיא קינדער פון א פאראָנעמטען קליינעם רוסישען דוואָריאַנען (עדעלמאַן) וואס האט געדיענט אין דער ארמעע און איז געפאלען אין קרימער קריעג, ביי סעבאַסטאָפּאָל. פאַרן טויט האט ער געבעטען זיין קאמראד, דעם קאַפּיטאַן מארושקין, וואס האט געדיענט אין זעלבינען פּאָלק (רעגי־מענט) ער זאָל זיך אננעהמען פאר זיינע קינדער, וועלכע בלייבען נאך זיין טויט דאָ־פּעלטע יתומים. זייער מוטער איז שוין געווען טויט מיט א צייט פריהער. דער קאַפּיטאַן מאַרושקין, וועלכער איז געווען זעהר רייך פון צו הויזע, און האט געהאט עטליכע אר־טיקעס (גיטער) אין פערשיעדענע געגענדען פון רוסלאנד, האט פערשפּראָכען דאס ער

טהאָן און האט זיין פערשפערעכען נעהאלטען. אזוי ניך וויא דער קריעג האט זיך נעענ־דינט און ער איז נעקומען צוריק נאך פעטערסבורג, האט ער באלד אויפגעזוכט דיא קינדער פון זיין נעפאלענעם פריינד ווערעניו, וועלכע זיינען דאָרט נעווען אין פאנסיאן אונטער זעהר אָרעמע פערהעלטניסע, און האט זיי נענומען צו זיך. דאס מעדכען האט ער אוועקנענעבען אין דיא זעלבינע שולע מיט זיין אייגענער טאָכטער מאריע און האט זיי ביידען גלייך ערצויגען. ביידע מיידלאך זיינען אויך נעווען אין איין עלטער.

נעראלד ווערעניו, וועלכער איז נעווען מיט א פאר יאָהר איננער פון זיין שוועס־טער איז פריהער נעהאלטען נעוואָרען אין א פאנסיאָן און נאכהער אין קריעגס־אקא־דעמיע. ער האט זיך ארויסגעוויעזען א איננעל אָהן פעהינקייטען און מיט זעהר שלעכטע נייגונגען. ער האט קיינמאָל נים נעלערנט פלייסיג, און נור דורך דיא בעמיהונגען און דורך דעם איינפלוס פון מארושקין, וועלכער האט זיך דערוויילע פערדיענט צום גענע־ראל, האבען איהם נעהאָלפען צו נעהן פאָרווערטס. אונטער זיינע קאמראדען איז ער נעהאלטען נעוואָרען פאר א גרויסען ליגנער, פאר א טרוס, א קארטען־שפיעלער און א טרינקער, אבער אויך פאר א גרויסען דאמען־העלד, וועלכער נעפינט זעהר פיעל בייר פאל ביי דיא דאמען דורך זיינע שמייכעלייען און נעשליפענע מאניערען, און איז גע־ליטען נעוואָרען אין פיינער נעזעלשאפט צוליעב זיינע בעציהונגען צום גענעראל מא־רושקין.

אָלגא ווערעניו איז ערצויגען נעוואָרען גלייך מיט איהר חבר׳טע מאריא מארוש־קין און איז בעהאנדעלט נעוואָרען אין הויז וויא איין אייגענעס קינד. ביידע יונגע מייד־לאך האבען זיך ענטוויקעלט צו בליהענדע שעהנע יונג־פרויען. אבער וועהרענד מאריע מארושקין איז נעווען דיא אויפריכטינקייט אליין, ליעבעפאָל נעגען יעדען, גוטהערציג ביז צור איבערטרייבונג, און פלייסיג אין איהרע בעשעפטיגונגען, איז אָלגא נעווען זעהר קאָקעט, פון הערצען אוים פאלש, האט זיך מייסטערהאפט נעקענט פארשטעלען פאר איינעמס בעסטער גוטער פריינד אין דער צייט וואס זיא וואָלט יענעם דערשטעכען, און האט זיך בעשעפטיגט מיט וויסענשאפט, קונסט און מוזיק, נים וועיל זיא האט גע־האט איין אינטערעסע דערפאר, זאָנדערן ווייל זיא האט פארשטאנען, אז דאס איז איהר זעהר נייטיג אום צו גלענצען און צו האבען ערפאָלג אין נעזעלשאפט.

מארושקין האט קיין זאך נים נעשפּאָרט פיר דיא ערציהונג פון דיא ביידע מייד־לאך, וועלכע זיינען איהם כמעט גלייך ליעב נעווען. ער האט פאר זיי נעהאט דיא בעס־טע לעהרער, רוסען וויא אויסלענדער, איז קיינער נים אזוי אננענעהם נעווען פיר דיא ביידע מיידלאך וויא זייער לעהרער פון צייכענען, גרענאָרי פעדאָראָוו.

דיעזער פעדאָראָוו איז נעווען דער זוהן פון א רוסישען נייסטליכען (פאָפּ) און איז

געבאָרען געוואָרען אויף איינער פון מארושקין'ס אימיעניעס (גיטער). אין דער קינדהייט האט ער געהאט ארויסגעוויזען פיעל טאַלענט צום צייכענען און דער פרייגיעבינער מארושקין, וועלכער האט עס צופעליג א מאהל בעמערקט און איז אויף דעם איינגעל אויפמערקזאם געוואָרען, האט צוגערעדט דעם איינגעלט פאַטער, דעם פּאָפּ, ער זאָל שיקען דעם יונגען פעדאָראָוו נאך פעטערסבורג און ער, מארושקין, וועט פיר איהם זאָרגען. אזוי איז עס אויך געשעהן און גענעראל מארושקין האט דעם איינגעל געלאָזען לערנען, האט איהם אריינגעגעבען דערנאך אין א צייכען־שולע און שפּעטער אין דער אקאדעמיא פון שיינע קינסטלער (חודאָזשסטוו), פון וואַנען דער יונגער פעדאָראָוו איז צו איין־און־צוואַנציג יאָהר ארויסגעקומען א יונגער קינסטלער מיט טאַלענט און מיט גלענצענדע אויסזיכטען אויף דיא צוקונפט.

צו יענער צייט זיינען מאריא און אָלגא ווערעניג געווען פופצעהן יעהריגע מייד־לאך און גענעראל מארושקין האט געמאַכט זיין שיטצלינג פעדאָראָוו פאר זייער לעהרער אין צייכענען. אין אנפאַנג פלעגט פעדאָראָוו קומען אין גענעראל מארושקין'ס הויז נור דריי־פיער מאהל א וואָך און נור אויף דיא צייט וואָס ער פלעגט דיא מיידלאך אונ־טערריכטען; שפּעטער האט ער אנגעהויבען צו קומען עפטער און פערבלייבען לייננער און ענדליך איז עס אזוי ווייט געקומען, דאס ער פלעגט ניט נור פערברייננגען מיט דיא ביידע יונגע מיידלאך ביים צייכענען און מאָהלען, נור ער פלעגט אויך מיט זיי לעזען צוזאַמען, זינגען, שפּיעלען און פלעגט זיך מיט זיי בעשעפטיגען אין אלע געגענשטענדע פון קונסט און וויסענשאַפט וואס האט פאר זיי געהאט איין אינטערעסע.

ביידע מיידלאך האבען ליעב בעקומען דעם יונגען שיינעם קינסטלער, אָבער יעדערע פון זיי אויף איהר ארט. מאריא מארושקין האט ארויסגעוויזען איהר ליעבע מיט דער גאַנצער אויפריכטיגקייט און אָפענהייט פון איהר נאַטור. זיא האט מיט דער גרעסטער אונשולד געגעבען צו מערקען איהם אליין און האָט עס אויך אנפערטרויט איהר בוזים־פריינדין אָלגא ווערעניג. זיא האט געהאט אויך בדעה זיך צו ענטדעקען פאר'ן פאַטער און איהם בעטען ער זאָל צושטימען דאס זיא זאָל געבען איהר האנד דעם יונגען קינסטלער, אָבער אָלגא האט איהר דערפון אָבגעהאַלטען, דערקלעהרענדיג איהר, דאס אזא זאך קען צושטערען דיא זאך אין גאַנצען און זיא זאָל נאך בעסער וואַרטען, ביז פעדאָראָוו וועט קריעגען מעהר נאמען און מעהר אנזעהן ביי דער וועלט. מאריא האט איהר געפאָלגט. אין דיא זעלבע צייט האט אָלגא געזוכט צו געווינען דעם מאָלער דורך קאָקעטעריע, דורך חיטראָסט (ליסט) און האט אין דערזעלבינגער צייט געזוכט צו פארבאָרגען איהרע געפיהלע פון איהר פריינדין. פעדאָראָוו האט מיט פריידע געעפענט זיין הערץ פיר דיא ליעבע פון דער אויפריכטיגער מאריא און איז געבליעבען

בלינד צו אלע קונצען פון אָלגא, וועלכע האט מיט אלע מיטעל געזוכט איהם מעהר אויפמערקזאם צו מאכען אויף זיך. אזוי זיינען אריבער א פאָר יאהר אין שטילער אונשולדיגער ליעבע פיר מאריא און פעדאָראָוו, און פון ביטערע קריינקונג און אייפערזוכט פיר אָלגא ווערעניו.

עס פערשטעהט זיך, דאס אָלגא האט ניט אויפגעהערט צו מאכען פלענער וויא אזוי צו צערשטערען דעם בונד צווישען מאריא און פעדאָראָוו, אזוי דאס זיא זאָל זיך ניט שאדען. צו דעם צוועק האט זיא זיך איינפערטרויט אין א געוויסען פוכארין, וועלכער איז א מאהל געוועזן מאַרושקינס לייב־איינענער און איז נאך דער בעפרייאונג פון דיא בויערן אין רוסלאנד געוואָרען גענעראַל מאַרושקינס הייזליכער דיענער און נאכהער זיין קאַמערדיענער. דיעזער פוכארין איז געוועזן אונגעהייער חיטרע און האט אייגעזעהן, דאס מיט אָלגא ווערעניו, וועלכע איז א פרעמדע אין הויז פונקט וויא ער, וועט ער אם בעסטען שטימען. ער איז דעריבער גערן געוואָרען איהר פערטרויטער און האט איהר געהאָלפען אין אָלע איהרע פלענער. זיא פלעגט איהם דערפאר אויך בעלוינען וויא וויט איהרע מיטעל האבען איהר ערלויבט. דיעזען פוכארין האט אָלגא בעוואויגען אויפמערקזאם צו מאכען דעם גענעראל אויף דאס ליעבעס פערהעלטניס צווישען מאריא און פעדאָראָוו און פוכארין האט עס פערשטאנען דיא פייל ריכטיג צו שיעסען אין ציעל אריין. דער גענעראַל וועלכער האט אימער געהאט געגעבען זיין טאָכטער פאָלע פרייהייט, איז געוועזן אויסער זיך פאר כעס אנטקעגען פעדאָראָוו, וועלכען ער האט בעשולדיגט אין אונדאַנקבארקייט און אין בעטרוג, נאכדעם וויא ער האט מיסברויכט זיין צוטרויען. דער גענעראַל האט עס בעטראכטעט אלס דיא גרעסטע אונפערשעמטהייט פון איין ארעמען איינפאכען מאהל־קינסטלער צו בעגעהרען דיא טאָכטער פון גענעראל מאַרושקין, דיא יורש׳טע פון אזוי פיעל רייכטהום און א טאָכטער פון הויכען אדעל. דעם נעכסטען טאָג האט ער דעם מאלער פערוויעזען זיין הויז, און האט ארויסגעשיקט זיין גאנצעס הויזגעזינד פון פעטערסבורג, נאך איינער פון זיינע אימיעניעס אין פאָדאָליען, זיד־רוסלאנד.

נאכדעם ערשטען שלאג, וועלכען מאריא׳ס יוגענדליכע נאַטור האט מיט גרויסער מיהע אריבערגעטראגען, האט זיך מאריע אָנגעפאנגען צו בערוהיגען. דיעזע בערוהיגונג איז אבער ניט געוועזן דערפון וואס זיא האט פערגעסען איהרע ליעבע צו פעדאָראָוו׳ן, זאָנדערן אין גענענטהייל, דערפון וואס פעדאָראָוו האט געפונען דעם וועג צו זיין געליעבטער מאריע אויך אהין, אין דער אימיעניע פון גענעראל. יעדעס מאהל ווען דער גענעראל איז ניט געוועזן צוזאמען מיט דער פאַמיליע, פלעגט זעהר אָפט קומען אהין איין אונבעקאנטער יונגער מאן, אלס גאסט צום ליעסניק (וואלד־היטער), און יעדעס מאָהל

פלענט אויך אהין קומען מאריא. קיינער האט דאָרטען נאטירליך דעם יונגען מאן גים, נעקענט, אבער מאריא האט אנפערטרויט איהר סעקרעט צו איהר פריינדין אָלגא, או פון דיזער האט עס אויך פוכארין ערפאהרען.

אונגעפעהר א יאהר איז אזוי אריבער, דיא פערהעלטניסע צווישען פעדאָראָווו און מאריא זיינען געוואָרען אימער נעהנטער און ענגער, ביז זיי זיינען ביידע ענדליך גע־קומען צו דער איבערציינונג, דאס זיי קענען מעהר ניט לעבען איינער אָהן דעם אנדערן און דאס זיי מוזען זיך פעראייניגען טראָץ דעם פערבאָט פון גענעראל מאַרושקין. זיי האבען בעשלאָסען צו ענטלויפען און האבען נור אָפגעוואַרט א גינסטיגע געלעגענהייט. אָלגא האט דאס נאטירליך געוואוסט און האט מאריא צוגערעדט דיזען פלאַן דורכ־צופיהרען.

אונטער דיא בעזוכער פון גענעראל׳ס הויז און פון דיא יונגע דאַמען איז געווען א יונגער גראף בעסטאָווסקי פון פוילישען אדעל, וועלכער האט געהאט א קליינע אימיעניע ניט ווייט פון גענעראל מארושקין׳ס. אָלגא ווערענין, וועלכע האט אין הארצען ליעב געהאט פעדאָראָוו, האט אבער פיר קיין איינציגען אויגענבליק פערגעסען, דאס זיא איז א פרעמדע אין גענעראל מארושקין׳ס הויז און אויב זיא זאָל א מאָהל שפיעלען א ראָלע אין דער וועלט, מוז זיא זיך פאר אלעם בעזאָרגען מיט א לאגע אין דער גע־זעלשאַפט. זיא האט דעריבער ארויסגעוואָרפען אלע פאנטאזיעס פון קאָפּ און האט אָנ־געהויבען צו פערוויקלען דעם גראף ברעסטאָווסקי אין א נעטץ פון קאָקעטרי און געהייכעלטע ליעבע אזוי לאנג, ביז ער האט איהר געמאכט א פאָרשלאג, וועלכען זיא האט ניט פערזאמט אָנצונעהמען. גראף ברעסטאָווסקי איז געווען ניט רייך און קריינק־ליך; אָלגא האט זיך אבער דאראויס ניט פיעל געמאכט. זיא האט ניט געזוכט איהם, נור זיין טיטעל און זיין קליינע אימיעניע. פון דער אנדערער זייט וויעדער האט זיא אין איהר הארצען געטראָגען דעם פערבאָרגענעם פלאן, דאס ווען מאריא זאָל זיך ווירקליך ענטשליעסען צו אנטלויפען מיט דעם יונגען קינסטלער פעדאָראָוו, דאן וועט דער גע־נעראל זיך געוויס אָפּזאגען פון איהר און זיא, אָלגא ווערענין, וועט זיין דיא יורש׳טע, אזוי וויא דער גענעראל האט זיא אויך בעטראכטעט אלס א טאָכטער, און זיא האט עס פערשטאנען בעסער וויא מאריא זיך צו צייגען דאנקבאר און ערגעבען. מאריעס מוטער איז געווען געשטאָרבען ווען מאריע איז נאך געווען א קינד, און אזוי איז איהר קיינער מעהר געשטאנען אין וועג.

אין שיינעם זומערדיגען פריה־מאָרגען, אלס גענעראל מארושקין איז געווען אין פעטערסבורג, האט מען איהם הערלאנגט א בריעף געשריעבען פון אָלגא ווערענין, אין וועלכען זיא האט מיטגעטהיילט אונטער פיעל אויסדריקע פון מיטגעפיהל און טיעפסטען

שמערץ, דאס מאריא איז פלוצלונג פערשוואונדען געוואָרען פון דער אימיעניע. וויא א וואהנזיניגער איז גענעראל מארושקין נעפלויגען נאך הויז. אהין אָנגעקומען האט ער אונטערזוכט און אויסגעפאָרשט וויא וויט ער האט געקענט אונטער וועלכע אומשטענ־דען זיין טאָכטער איז אַנטלאָפען געוואָרען. ער האט ענטדעקט, דאס פעדאָראָוו דער יונגער מאלער פלעגט פון צייט צו צייט קומען אין אימיעניע. ער האט צופעליג אויך ערפאהרען, דאס פוכארין, וועלכען ער האט געלאזען אין אימיעניע אלס ער אליין איז געפאָהרען נאך פעטערסבורג, האט מיטגעהאָלפען ביי זיין טאָכטערס אַנטלויפען און ער האט פוכארינען ארויסגעיאָגט. אין זיין פערצווייפלונג און כעס האט ער ערקלערט דאס דיא אונפערשעמטע איז ניט מעהר זיין טאָכטער און באלד דערויף האט ער גע־מאכט א רייזע איבער אייראָפּא אום צו זוכען צערשטרייאונג פון דעם שרעקליכען שלאַנג, וועלכער האט איהם מיט צעהן יאָהר עלטער געמאכט.

אָלגא ווערעניץ האט פון דעם אויגענבליק אן אָנגעפאנגען מעהר צו האָפען. דאס איהר פלאַן וועט דורכגעפיהרט ווערען, און דאס זיא וועט בלייבען דיא איינ־ציגע יורש׳טע פון גענעראל מארושקין. אום דעם פלאַן נאך בעססער און זיכערער דורכצופיהרען האט זיא געלאָזען ארויפקומען צו זיך איהר ברודער גערא‎לד, וועלכער האט זיך בעשעפטיגט אין פעטערסבורג מיט מאכען שולדען און לעבען אויפ׳ן חשבון פון געוויסע דאמען, דען דיא קליינע פענסיע וואָס ער פלעגט קריגען פון גענעראל מארושקין פלעגט איהם ניט סטאַיען אויף א צאָהן. פוכארינען ווידער האט זיא געגעבען דעם אויפטראג, ער זאָל נאכשפירען וואו פעדאָראָוו מיט מאריע זיינען און זאָל זיי אימער האבען אין אויג. דאס האט אָלגא ווערעניץ געמוזט טהון, ערשטענס, ווייל פאר פוכארינען האט זיא מורא געהאט, ער האט צופיעל געוואוסט פון איהרע פלענער און, צווייטענס, האט זיא מורא געהאט, אז דעם גענעראל וועט איבערגעהן דער כעס און עס קען איהם נאך איינפאלען אויפצוזוכען מאריא און איהר פער־צייהען און דאן זיינען אלע אויסזיכטען אויף דיא רייכע ירושה קאַפּוט. פוכארין האט זיך בעזעצט אין וויען, האט זיך כלומרשט געמאכט פאר איין עקספעדיטאָר און קאָמיסיאָנער, אין אמת׳ן אָבער פלעגט ער נור לעבען אויף דיא געלדער וואָס ער פלעגט קריגען צוגעשיקט פון אָלגא. און פלעגט נור א מאָהל רייזען אום עט־וואס צו ערפאהרען וועגען פעדאָראָוו און מאריא, אום עס מיטצוטהיילען זיין ברויט־געבערין.

מאריע, וועלכע האט געהאלטען אלגא פאר דיא בעסטע פריינדין, פלעגט איהר שרייבען און פרעגען איהר ראטה, אויב זיא זאָל זוכען זיך ווידער מתקרב צו זיין צום פאטער. זיא איז געוועזן מיט איהר מאַן אין איטאַליען, וואו ער האט געזוכט זיך צו

פערפאַלקאָמנען אין דער קונסט און האבען געלעבט אין ארעמע פערהעלטניסע. אויף אזעלכע בריעף פלעגט איהר אַלגא ענטפערן אז דער גענעראל איז שרעקליך בייז און אויפגערעגט, און דאס איהר ערשיינען פאר איהם. אדער אפילו א בריעף פון איהר צו איהם וועט איהם מאכען וויטהענד. מאריע האט אין הערצען זעהר ליעב געהאט דעם פאטער, און דער געדאנקען דאס זיא וועט איהם מאכען ערגערניס האבען זיא צוריק־געהאלטען פון שרייבען צו איהם אָדער ערשיינען פאר איהם.

אזוי זיינען אריבער אונגעפעהר פיער יאָהר. אַלגא האט אונטער דער צייט גע־הייראטהעט דעם קריינקליכען פוילישען גראף ברעסטאָווסקי, מיט דער צושטימונג פון גענעראל, האט מיט איהם געלעבט א יאהר און איז געבליעבען א יונגע אלמנה, אין בעזיטץ פון דעם גראף׳ם קליינער אימיעניע און פון דעם טיטעל „גרעפין". איהר ברודער האט זיא געמאכט פאר א קאָמיסאר אין גענעראל מארושקין׳ס אימיעניע, וועה־רענד דער גענעראל אליין האט אימער געהאלטען אין רייזען איבער אייראָפּא.

אין פערלויף פון דיעזער צייט איז אבער דאך פאָרגעקומען איין ענדערונג אין הערצען פון גענעראל מארושקין און ער האט אָנגעהויבען צו בייִנקען נאך זיין טאָכטער, וועלכע ער האט קיין אויגענבליק אונטער דער גאנצער צייט ניט געקענט פארגעסען. דיא איינזאמקייט איז איהם דערעסען געוואָרען. ער האט געהערט א גילוי דעת אז פעד־דאָראָוו מיט זיין טאכטער זיינען אין איטאַליען און ער איז דעריבער געפאָהרען אהין מיט דער האָפנונג זיי דאָרטען צו טרעפען. אבער פּוכאָרין האט עס ערפאהרען און האט עס גלייך מיטגעטהיילט דער „גרעפין ברעסטאָווסקי". דיעזע האט שנעל געשריע־בען א בריעף צו מאַריא, דאס זיא זאָל קומען מיט פעדאָראָוו נאך רוסלאנד, אזוי וויא זיא האָפט דאס פּילייכט וועט זיא קענען שלום מאכען צווישען איהר און איהר פאטער. איהר מיינונג איז געוועזן, דאס גענעראל מארושקין זאָל זיי ניט טרעפען אין איטאַליען, וואו זיי זיינען ווירקליך געוועזן דאמאלס, און דאס האט זיא אויך אויסגעפיהרט. מאריא און פעדאָראָוו האבען זיך אויסגעמיעדען מיט׳ן גענעראל, און אלס מאריע איז געקומען מיט א קלאפּעדיגען הערצען אין איהר פאָטערס אימיעניע, איבערלאָזענדיג איהר מאן מיט איהר קינד אויף דער עסטרייכישער זייטע, ביז איהר פאטער וועט איהר פער־צייהען, האט זיא געהאט דיא אויפנאהמע, פון וועלכע געראלד ווערענין האט דערציילט פּוכאָרינען.

4טעס קאפיטעל.

# אַ פריינד אין אונגליק.

מיר וועלען איבערלאָזען גענעראל מארושקין זוכענדיג זיין אונגליקליכע טאָכטער, און דיא גרעפין ברעסטאָװסקי שמיעדענדיג איהרע פּלענער פיר דיא צוקונפט, און װעלען אֵך אומקעהרען צו יענעם מאן אין דער פּעלצענער היטעל, װעלכען מיר האבען געזעהן אין יענער העהל, ביי דעם געלעגער פון דער טויטער פרוי, נאכדעם וויא דער זשענדארם פונקמאן האט פון דאָרטען ארויסגעטראָגען דאס קינד. וויא דער לעזער פארשטעהט שוין איז דאס געװען קיין אנדערער וויא פעדאָראָוו, און אזוי וועלען מיר איהם פון איצטער אָן רופען.

נאכדעם וויא ער האט גענומען דעם הערצרייסענדען אבשיעד פון זיין טויטער פרוי, איז ער ארויס פון העהל און האט זיך געלאָזען געהן נאך דער ריכטונג פון דער נעהענטסטער אייזענבאהן סטאציאָן. זיין געשווינדער גאנג אין דער פינסטער האט בעוויעזען, דאס ער קען דיא געגענד זעהר גוט. גלייך מיט דעם פריהמאָרגען איז ער אָנגעקומען אויף דער סטאציאָן און האט בעוויעזען צו חאַפּען א צוג וועלכער געהט נאך וויען. דיעזען צוג האט ער גענומען, און דעם נעכסטען פריה מאָרגען איז ער געשטאַנען פאר א הויז אין יאָזעפּשטאַדט און האט געצויגען דיא שנור פון גלאָק.

נור אייניגע סעקונדען זיינען פאָריבער, אלס דיא טהיר האט זיך געעפענט און א יונגער מאן פון א יאָהר 26, אָנגעטהאן אין אַ סאמעטענעם ארבייטס־רעקיל און האלטענדיג דיא פארבען־פּאַלעטע פון א מאָלער אויפ'ן דיקען פינגער פון דער לינקער האנד, האט געעפענט דיא טהיר. ער האט אין פערוואונדערונג אָנגעקוקט דעם בעזוכער און האט מעכאניש געפרעגט: „וואס ווינשט איהר, מיין . . .“ אבער ער האט דיא פראגע ניט געענדיגט, דען אין דיעזען אויגענבליק האט פעדאָראָװ אויפגעהויבען זיין פּעלצענע היטעל פון קאפּ, און דער יונגער מאן האט זיך אליין איבערגעשלאָגען זיין פראגע מיט א הילבעדיגען פריידענגעשריי: „פעדאָראוו, דאס ביסט דוא?“ און ביידע מענשען זיינען זיך גלייך געלעגען אין דיא ארעמס, פעדאָראָוו חליפּענדיג, אין ווילדען אויסברוך פון דער גאנצער טרויער וועלכע האט אָנגעפילט זיינע זעעלע, און דער אנדערער גאנץ ערשטוינט און ערשראָקען איבער אזא אויסברוך פון שמערץ!

— וואס איז מיט דיר פריינד? — האט ענדליך דער יונגער מאן אויסגערופען — דוא ביסט אונגליקליך, קום אריין אין הויז און דערצייל איין אלטען קאמראד, מיין גאָט! וויא זעהסטו אויס! דיא אויגען איינגעפאַלען, רויט, דיא באקען איינגעזונקען — וואס האט מיט דיר פּאסירט?

פאַרן אָרם האָט דער יונגער הוידוווירטהע אַריינגעפיהרט זיין גאַסט צו זיך אין וואוינונג, וועלכע איז בעשטאַנען פון צוויי צימערן, זעהר געוועהנליך אויסמעבלירט, פון וועלכע דאַס פאָרדערסטע איז געוועזן איין אַרבייטס־צימער. דער יונגער מאַן האָט פעדראָוו'ן אַריינגעפיהרט אין דאָס צווייטע צימער. עס האָט אַ היבשע ווײַלע געדויערט ביז פעדראָוו האָט זיך עטוואָס בערוהיגט און איז געוועזן אים שטאַנדע צו ענטפערן אויף זיין פריינדס פראַגען, דען אַלע אונגליקען און אַלע שמערצען וואָס זיינען געקומען איבער איהם אין דיא לעצטע צייט, האָבען איצטער אויפגעקאָכט און אויף דער ברוסט פון איין אַלטען גוטען פריינד האָבען זיי זיך אויפגעלעזט אין הייס־קאָכיגע ביטערע טרעהרען.

דער יונגער מאַהלער צו וועמען פעדראָוו איז יעצט געקומען אַלס צו אַ יונגענד־פריינד האָט געהייסען וולאַדימיר באַרסקי, צוזאַמען מיט פעדראָוו איז ער געוועזן אין פעטערסבורג אין אַ צייכען־שולע, און איז צוזאַמען מיט איהם אויך געוועזן אין דער אַקאַדעמיע. ער איז געוועזן פון אָרעמע עלטערן, אַבער זיין אויסגעצייכנעטער טאַלענט האָט איהם אַרויסגעהאָלפען. נאָך זייענדיג אַ סטודענט פלעגט ער שוין פאַרדיענען זיין אויסקומען דורך אַרבייטען וועלכע ער פלעגט מאַכען אין זיין פרייע צייט ביי זיך צו הויז, און אַלס ער האָט געענדיגט דיא אַקאַדעמיע אין רוסלאַנד, איז ער געשיקט געוואָרען פון דער רעגיערונג נאָך וויען און מינכען, אום זיך צו פערפאָלקאָמנען אין דער קונסט. פעדראָוו פלעגט מיט איהם אימער קאָרעספאָנדירען, אַזוי וויא זיי זיינען געוועזן דיא בעסטע קאַמראַדען און האָבען אויך גלייך געענדיגט דיא פעטערסבורגער אַקאַדעמיע פון שיינע קינסטע, און דעריבער האָט פעדראָוו געוואוסט וואו איהם צו געפינען.

וולאַדימיר באַרסקי איז געוועזן זעהר גוטהערציג און פיינפיהלענד וויא אַ וואַהרע קינסטלער־נאַטור, און מיט איין בליק אויף זיין פריינד האָט ער בעגריפען אַז אין איהם מוז עטוואָס שרעקליכעס פאָרגעהן. ער האָט איהם דעריבער ניט געשטערט אין זיינע טרעהרען און האָט איהם געלאָזען זיך רוהיג אויסוויינען, און ערשט שפּעטער, אַלס פעדראָוו האָט זיך עטוואָס בערוהיגט, האָט ער זיך צו איהם צוגעזעצט מיט דעם פערלאַנגען, ער זאָל איהם דערציילען וואָס מיט איהם געהט פאָר.

— איך זעה אַז דיין זעעלע ליידעט, מיין פריינד — האָט ער איהם געזאָגט — איך ווייס נאָך ניט דיא קוועלע פון דיין שמערץ, אַבער איך פאַרשטעה אַז ער איז זעהר טיעף. קום מיין ליעבער פריינד, עפען אויף דיין וועהעדיגעס הערץ צו אַ קאַמראַד, וועלכער איז בערייט דיר בייצושטעהן מיט לייב און זעעלע. צוערשט זאָג מיר, וואו איז דיין פרוי?

— אונטערגעגאנגען אין קאמפף מיט דעם עלענד, אין וועלכע בייזע שלאנגען האבען זיא אריינגעווארפען! . . .

דיא שטימע און דער טאָן אין וועלכע דיעזע ווערטער זיינען געזאגט געוואָרען האבען געמאכט א טיעפען און שמערצליכען איינדרוק אויף באַרסקי.

— און וואו איז דיין קינד, פון וועלכען דוא האסט מיר אזוי אָפט געשריעבען?

— דאס וויים איך ניט! — האט פעדאָראָוו אויסגעשריען אין פערצווייפלונג און האט ווידער אויסגעבראָכען אין טרעהרען.

— ניין, מיין פריינד, אזוי וועלען מיר וויים ניט קומען; דוא דערצייל מיר כסדר אלץ וואָס מיט דיר איז פאָרגעקומען, צייט מיר האבען זיך געשיעדען פאר פינף יאָהרען אין פעטערסבורג. איך וויים אז דוא האסט געהייראטהעט גענעראל מוראשקינס א טאָכטער; ווארום ביזט דוא דאַן מיט איהר פערשוואונדען געוואָרען, דיא ריכטיגע אורזאכע דערפון האסטו מיר קיינמאָהל ניט געשריעבען.

— ווייל איך האב געהייראטהעט גענעראל מוראשקינס טאָכטער.

— אויב מען מוז פערשווינדען ווען מען הייראטהעט, דאַן בלייב איך בעסער אין אלטער בחור ביז'ן טויט. אלזאָ וואוהין זייט איהר געגאנגען?

— פריהער נאָך דער שווייץ און נאכהער נאך איטאליען. איך האב נאָך דאַן געהאט א היבשע סומע געלד מיין פארמעגען און האב געהאָפט צו מאכען דערווייל איינינע ארבייטען און צו פערקויפען. אָבער איך בין געווען פרעמד, קיינער האט מיך ניט געקענט און איך האב קיינעם געקענט. מיין געליעבטע פרוי איז דערווילע געקומען אין א דעליקאטען צושטאנד און האט אָנגעהויבען צו קריינקלען. א יאהר נאך אונזער האָכצייט איז זיא ענטבונדען געוואָרען פון א פראַכטפאָלען אינגעל. מיינע פליכטען זיינען געוואָרען שווערער און מיין קאַסע גרינגער. איך קען דיר קיין בעגריף ניט מאכען פון דיא ליידען וועלכע מיר האבען געהאט איבערצושטעהן און פון דער ענגעלס־געדולד פון מיין מאריע. אָבער אין דיא לעצטע צייט זיינען מיר שוין צו אונזער לאגע פאָל־שטענדיג געוואוינט געווען און אונזער פערהעלטניסע האבען זיך אָנגעהויבען צו בעסערן. מיר איז געלונגען זיך צו ערווערבען א קרייז פריינדע אונטער קונסט־קענער, וועלכע האבען אָנגעהויבען צו שעטצען מיין טאלענט און איך האב אָנגעהויבען צו ערהאלטען אויפטרעגע פיר ארבייטען, וועלכע האבען זיך גוט בעצאָהלט. מיר האבען געוואוינט טהיילווייזע אין ראָם און טהיילווייזע אין נעאפאָל. מיר האבען שוין אָנגעהויבען פרייער צו אטהעמען און האבען זיך פאָרגענומען צו געניעסען עטוואס גליק און רוהע נאך אזוי פיעל איבערשטאנענדע ליידען, אלס פלוצלונג האט מיין פרוי לעצטען מאָנאט ערהאל־טען א בריעף, וועלכער האט אונזער גליק צערשטערט און געטעדטעט מיין פרוי און

מיר גערויבט מיין קינד און מיך אוועקגעטריעבען איבער דער וועלט וויא א קין.

— וואָס איז דאָרטען פאר א געפעהרליכער בריעף? — האט געפרעגט באַרסקי, וועלכער האט אויפמערקזאם צוגעהערט דיא ערצעהלונג.

— דא האב איך איהם און דוא קענסט איהם אליין לעזען — האט פעדאָראָװו געענטפערט, ארויסנעהמענדיג א לעדערנע טאַשע מיט בריעף פון זיין בוזים־טאַש און ארויסציהענדיג פון איהר איינעם.

באַרסקי האט פאנאנדער געפאַלטעט דעם בריעף און האט געלעזען:

מיינע ליעבע שוועסטער, טהייערע מאַריא,

א גליקליכע נייעס האב איך דיר היינטיגעס מאָהל מיטצוטהיילען. נאך פיעל מיהע איז עס מיר געלונגען אויסצורווירקען ביי דיין פאטער, ער זאָל דיר פערצייהען און זאָל דיך וויעדער אויפנעהמען אין זיינע ארעמס. ער איז צוליעב דעם געקומען פון פּעטערסבורג אהער אין דער אימיעניע אום דיך צו ערוואַרטען. קום דערווײלע אליין און לאָז איבער דיין מאַן און דיין קינד אויף דער עסטרייכישער זייטע ביז דוא וועסט זיך האבען מיט איהם איבערגעבעטען, וויל פיעלייכט וועט איהם ניט אנגענעהם זיין צו עמפּפאַנגען גלייך דיין מאָן און דאס קינד קען איהם צו שטארק איבערראשען, וואס פיר זיין נערוועזען צושטאַנד איז צו געפעהרליך. קום, ליעבע מאַריא, וואָס שנעלער, עס ערוואַרטעט דיך דיין פאטערס אומארמונג און דיין שוועסטער אָלגא.

— איך קען ניט פערשטעהן וויא אזוי קען אזא ליעבעפאָלער אונשולדיגער בריעף אָנמאכען אזוי פיעל אומגליק? — האט באַרסקי זיך געוואונדערט.

— דער בריעף האט אנגעמאכט, דאס מיר האבען צושטערט אונזער הויז, און אזוי שנעל וויא דיא אייזענבאַהן האט אונז געטראָגען זיינען מיר געקומען צו דער רוסישער גרענעץ. איך מיט מיין קינד זיינען געבליעבען אויף דער עסטרייכישער זייטע, וועהרענד מיין פרוי איז אין פריידיגער אויפרעגונג אריבער דיא גרענעץ, אום צו געהן און צו ווארפען זיך אין דיא ארעמס פון א ליעבענדען פאטער. אין דער העכסטער שפּאַנונג האב איך זיא ערוואַרטעט אויף דער עסטרייכישער זייטע, אָבער אנשטאַט צו בעגעגנען מיין פרוי שטראַהלענדיג פון פריידע, מיט דעם גליקליכען אויסדרוק פון אויסזעהנונג אויף איהר ליעבען געזיכט, איז זיא צוריקגעקומען צו מיר בלאַס, ציטערענדיג, אין טיעפסטען פיעבער, און מיט דעם זיעגעל פון טויט אויף איהר געזיכט. גענוי וואָס דאָרטען איז פאָרגעפאַלען האב איך פון איהר ניט געקענט ערפאַהרען, אזוי וויא דער פיעבער האט זיא שוין מעהר ניט אָפּגעלאָזען און זיא האט גערעדט אין היטץ, אָבער אזוי פיעל האב איך פערשטאַנען, דאס דיא זעלבינע אָלגא וואס האט איהר

געשריעבען דעם ליעבעפֿאָלען בריעף, האט זיא דאָרט זעהר טיעף געקריינקט, זעהר ניעדעריג בעהאנדעלט און דאס איהר מערדערישער פאטער האט זיא צו זיך ניט צוגעלאָזען און דאס געראַלד ווערעניז, דער לומפ װעלכען איך האב געקענט נאך אין פּעטערבורג, איז געשטאַנען צווישען איהר און איהר פאטער. צו וועלכען צוועק דער בריעף איז געשריעבען געוואָרען קען איך פיר קיין פאל בעגרייפען.

— ניעדערטרעכטיג, טייפליש! — האט באַרסקי אויסגערופען.

— עס איז שוין געוועזען פֿאַר נאכט אלס מיין פרוי איז אזוי צו מיר צוריקגעקרמען און מיר האבען זיך אלע אריינגעזעצט אין דעם פויערשען וועגעל אום צו פֿאָהרען צו דער ערשטער אייזענבאַהן־סטאַציאָן, וואו מיר זאָלען קענען נעהמען א צוג נאך וויען אדער א נעהענטערע שטאדט. איך האב געזעהן דאס מיין פרוי האט נייטיג שנעלע און גוטע ערצטליכע בעהאַנדלונג. אבער צום גליק האט אָנגעפאנגען א שניידענדער קאַלטער הערבסט־רעגען, דיא וועג איז אזוי אויך געוועזען שלעכט, און דער פויל־ישער בויער וואס האט אונז געפיהרט, האט פלוצלונג ערקלערט, דאס ער מוז אונז איבערלאזען דא אינמיטען וועג אום צו ברייננגען א שטארקערן וואגען מיט א ביידעל, אזוי וויא ער האט מורא דאס יעדען אויגענבליק קען איהרען ברעכען איין אקס. דיא געגענד איז מיר דאָרט בעקאנט געוועזען, אזוי וויא איך פלעג דאָרט זעהר אָפט זיין איידער איך האב געהייראַטהעט, דען אהין פלעגט זיך מאַריע קומען מיט מיר זעהן געגען דעם ווילע פון איהר פאטער, און איך האב געוואוסט א העהל אין אנפאנג וואלד, וואו מיר קענען זיך שיטצען פון רעגען. אהין האב איך אריינגעפיהרט מיין פרוי און מיין קינד, האב אנגעצונדען דיא לאַנטערנע, וועלכע דער פוהרמאן האט אונז איבערגעלאָזען, האב געמאכט א געלעגער פון מאָך פיר מיין פרוי און מיין קינד, און האב געמאַכט א פייער פון טרוקענע צווייגען. דער פיבער ביי מיין פרוי איז געוואָרען שטארקער, און איך האב קוים דערלעבט דעם פריהמאָרגען. ענדליך איז געקומען דער בויער מיט דעם וואגען, אבער עס איז שוין געוועזען אם צווייטען טאג נאכמיטאג, דאס וועטער איז געוועזען פייכט און רויה, און איך האב מורא געהאט מיין קראַנקע פרוי צו ריהרען פון אָרט. עס האט איהר געוואָרפען פון היטץ און קעלט און איך האב געציטערט פאר איהר לעבען. ענדליך איז מיר אריינגעקומען דער ענטשלוס צו לאזען וויסען דיא פּאָליציי פון איין אונגליק. דיא פראַגע איז אבער געוועזען, וויא אזוי דאס צו טהאָן? ארויסגעבען מיין נאמען, און ווער מיין פרוי איז האב איך בשום אופן ניט געוואָלט, אום ניט צו פערשאפען איהרע מערדער דיא פריידע. איך האב דורך דעם בויער צוגעשיקט א בריעף אָהן איין אונטערשריפט צו א זשענדארם אין דעם נעכסטען דאָרף. איך האב געהאָפט אז ער וועט קומען אין דער צייט אום מיינע אונגליקליכע פרוי צו רעטען, זיא צו נעהמען אין

א האָספּיטאל, אדער אזוי בעזאָרגען מיט מעדיצינישע הילפע. דער זשענדארם איז גע־
קומען, אבער נור אום צו געפינען מיין פרוי טויט. זיא האט נור דערצוינגען ביז אבענד.
אין מיין פערצווייפלונג האב איך געוואלט לייגען א האנד אויף זיך, אבער איך האב
מיך בערעכענט דאס איך מוז לעבען אום מיך נוקם צו זיין פיר דעם טויט פון מיין
אונגליקליכע פרוי; איך מוז אויך לעבען פיר מיין אונגליקליכעם קינד, וועלכעם געפינט
זיך יעצט אין פרעמדע הענד, און איך קען איהם צו זיך ניט נעהמען.

— ווארום ניט? — האט בארסקי געפרעגט ערשטוינט.

— דוא האסט דאך וואהרשיינליך שוין געלעזען היינט אין דיא צייטונגען דאס
דיא פּאָליציי בעטראַכטעט דעם פאַל אלס זעהר פערדעכטיג, און זוכט מיך. ווען זיא
געפינט מיך אבער דאן מוז איך אלעס ארויסגעבען, און איך וואלט ניט וועלען דעם
פערגניגען פעו־שאפען איהרע פיינדע, וועלכע זיינען געשטאנען צווישען איהר און איהר
פאטער.

— דאס טרעפט אלעס זעהר אונגליקליך צוזאמען — האט בארסקי אומעטיג גע־
ענטפערט — ווען דיא פּאָליציי געפינט דיך, קענסטו דערווייל האבען אונאננעהמליכ־
קייטען ביז דיא זאכע וועט זיך אויפדעקען; אבער ביי מיר אין הויז ביסט דוא זיכער,
האב נאר געדולד א קורצע צייט און דיא זאכע וועט זיך אָהן דיר אויפקלערען. דיין
קינד איז דערווייל אויך גוט אויפגעהויבען, דען דא אין עסטרייך האבען מיר גוטע
אנשטאלטען פיר אזעלכע קינדער, און אין א פּאר וואָכען וועסטו האבען דיין קינד ביי
זיך. דוא ביסט קראַנק און מיעד מיין פריינד, לייג זיך און רוה זיך אויס, זאמעל נייע
קרעפטען, און רעכען אויף מיך, דאס איך וועל דיר ביישטעהן אין אלע דיינע קעמפּפע
מיט דיינע פיינדע, זיי זיינען אויך מיינע. אדיע, אויף וויעדערזעהן!

מיט דיא ווערטער האט בארסקי איבערגעלאָזען פעדאראָוו'ן אין צימער און איז
אליין ארויס אין גאס מיט דער אבזיכט עטוואס צו ערפאהרען אין פעדאראָוו'ס אנגע־
לעגענהייט. פעדאראָוו האט זיך גאנץ ערשעפּפט א ווארף געטהאן אויף א סאָפא און
איז באלד איינגעשלאָפען מיט א שווערען אונרוהיגען שלאָף, אין וועלכען ער איז געפּיי־
ניגט געוואָרען פון בייזע חלומות. איהם האט געטרוימט דאס ער געהט מיט זיין פרוי
און מיט זיין קינד שפּאציערען אין א פיינעם גאָרטען, אלס פּלוצלונג האט עס אנגע־
פאנגען צו דונערן און צו בליצען און פון אלע זייטען פון צווישען דיא קוסטעס און בוי־
מער האבען זיך אָנגעהויבען צו ווייזען פלאַמענדע אויגען פון ווילדע חיות, עס האט אנ־
געהויבען צו הילכען דאס וואָיען פון וועלף, און פּלוצלונג האט זיך איין חיה א ווארף
געטהאן אויף זיין פרוי און א צווייטע אויף זיין קינד. ער איז וויא געלעהמט געוואָרען,
ער האט געוואלט שרייען און האט ניט געקענט; ענדליך אבער האט ער אנגעשטרענגט

זיינע גאנצע ווילענסקראפט און א פערצווייפעלטער אויסגעשריי האט זיך ארויסגעריסען פון זיין ברוסט. ער האט זיך אויפגעהאפט פון זיין איינגענעם געשריי און האט דערזעהן נעבען זיך בארסקי, שטעהענדיג איבער איהם מיט א בלאט צייטונג פון „וויענער פרעמדענבלאט".

— וואס איז מיט דיר, פריינד? — האט בארסקי געפרעגט איבערראשט.

— אך, וואס פאר א שרעקליכער טרוים! וויא עס שיינט איז ניט גענוג פיר מיך דיא אמת'ע ליידען, דאס דער טרוים־גאט מאטערט מיך נאך אויך אין שלאף!

— איך האב עטוואס וויכטיגעס געפינען דא אין דער צייטונג און בין דאס אריינגעגאנגען אהער דיר וויזען, אלס פלוצלונג האסטו אויפגעשריען מיט א שטימע פון פערצווייפלונג, דאס איך האב מיך גאנץ איבערגעשראקען. איך בין דיר געקומען וויזען א נאטיץ אין פרעמדענבלאט, וועלכע מעלדעט, דאס גרעפין ברעסטאווסקי און הערר געראלד ווערענין זיינען דיעזען מארגען אנגעקומען אין וויען.

— איז דאס מעגליך! א, איך דאנק דיר, איך דאנק דיר פאר דיעזע מיטטהיילונג, איך וויל זיי זעהן, איך מוז זיי זעהן! איך וויל זיי זאגען ווער זיי זיינען און וואס זיי האבען געמאכט פון מאריא, פון מיר און פון אונזער קינד! זאג שנעל, וואו זיינען זיי?

— בערוהיג דיך מיין פריינד! מען דארף ניט זיין איבעראיילט; מיט אזא שנעלע האנדלונג קענסטו נאך אליין פארדארבען דיינע אויסזיכטען, ווידער צו קריעגען דיין קינד אין דיינע הענד און זיך אפצורעכנען מיט דיינע פיינדע. איך האלט שוין דיא צייטונג א פאר שטונדען און קלעהר נור אויב איך זאל דיך וועקען אדער ניט...

— וויא לאנג האב איך דען געשלאפען?

— צוואנציג שטונדען, מיין פריינד...

— צוואנציג שטונדען!

— יא, פון געסטערן נאכמיטאג ביז היינט צעהן אוהר מארגענס, אבער דער שלאף האט דיר גוטעס געטאהן און דוא האסט עס נייטיג געהאט. אונטער דער צייט האב איך עטוואס וויכטיגעס פיר דיך ערפאהרען, אזוי דאס דיא צייט איז פיר דיך ניט פערלארען געגאנגען און דוא וועסט יעצט אונטערנעהמען וואס דוא דארפסט מיט ערנייערטע קרעפטען.

— מיין טהייערער פריינד! — האט פעדעראוו אויסגערופען דריקענדיג בארסקים האנד.

— נור ניט געדאנקט, מיין פריינד! וואס איך טהוא וואלט יעדערער אויף מיין פלאץ געקענט טאהן. איך האב א פריינד א העכערן בעאמטען אין דער פאליציי און

דורך איהם האב איך האלב שוין אויסגעווירקט, דאס דיין קינד ווערט געבראכט נאך וויען און אריינגעגעבען אין א קינדער־אינסטיטוט, וואו דוא וועסט עס קענען בע־זוכען, ביז דיא געלעגענהייט וועט קומען, אז דוא וועסט איהם אפנעהמען צו זיך.

— וואס־פיר איין גליק!

— אבער וואס דיינקסט דוא פון דעם בעזוך פון דער גרעפין ברעסטאָווסקי מיט איהר ברודער אין וויען?

— אח, יא, דיא אויפרעגונג פון דיין גוטער בשורה האט מיך אין גאנצען גע־מאכט פערגעסען אָן זיי. איך גלויב, אז פיליכט זיינען זיי געשיקט געוואָרען פון גענע־ראל מארושקין וועלכער האט חרטה אויף אזא בעהאנדלונג פון זיין איינציג קינד, און וויל ווידער גוט מאכען זיין פעהלער, ער וויל זיין טאָכטער צוריקרופען! אבער צו שפעט, צו שפעט, אח!

— ניין, מיין פריינד, איך גלויב ניט אז דאס זאָל זיין דיא אורזאכע, דען זיי זיי־נען ניט געקומען זוכענדיג. זיי שטעהען איין אין האָטעל „צום רוסישען האָף“, און לויט וויא איך האב דאָרט ערפאהרען פון א קעלנער, האבען זיי דאָרט גענומען דריי צימערן און מאכען זיך דאָרטען גאנץ בעקוועם, פונקט וויא זיי וואלטען דיינקען דאָרט לייננער צו פארבלייבען. דיינקסט דוא ניט פילייכט אז זייער זיין אין וויען האט א צוזאמענהאנג מיט דיין זיין דאָ?

— איך קען ניט בעגרייפען וויא אזוי דאס קען זיין. איך גלויב ניט דאס איינער קען איבערהויפט וויסען דאס איך בין דאָ, אויסער פיליכט ווען דיא געהיים פאָליציי זוכט מיין שפור (סליאד).

— און איך זאג דיר, מיין פריינד, אז מיר קומט דיעזעס צוזאמענטרעפען זעהר פערדעכטיג פאָר. מיר שיינט אז דוא דארפסט זיין פאָרזיכטיג און זיך היטען פאר זיי. איך פון מיינער זייט וועל מיך זעהן צו ערקונדיגען וואס זיי טהוען דא אין וויען, און מיט וועמען זיי האבען דא צו טהאָן.

— אבער, מיין פריינד, דוא קענסט דאָך ניט אוועקלייגען דיין צייט אויף אזעלכע זאכען — האט פעדאָראָוו איינגעווענדעט.

— אָ, זיי קומען מיר אן פיעל לייכטער וויא דוא דיינקסט; דערזעלבינער פריינד פון דער פּאָליציי וועט דאס שוין פיר מיך בעזארגען נאך בעסער וויא מען קען דאס פערלאנגען. זיין זאָהן איז דא מיינער א שילער, און מיר זיינען זעהר בעפריינדעט. יעצט מיין פריינד מוזט דוא אויף א ווײלע פארגעסען דיין קומער און געהן מיט מיר צום פריהשטיק; נאך דיין שלאף קען איך פארשטעהן וואס פאר א הונגער דוא האָסט.

איך וויל אין ארבייטס צימערווארטען ביז דוא וועסט זיך ארומוואשען און איבערטהאן, אבער מאך עס שנעל!

אין א פערטעל שטונדע שפעטער האבען דיאביידע גוטע פריינדע פארלאזען דאס הויז אום צו געהן אין א רעסטאראן, וואו בארסקי איז געוועזען א טעגליכער גאסט.

5טעם קאפיטעל.

## דיא ענטפיהרונג.

א פאר וואכען זיינען פאריבער נאך דיא בעגעבענהייטען וועלכע זיינען בעשריעבען געווארען אין פאריגען קאפיטעל. דיא פאליציי וועלכע האט אין אנפאנג געהאט שטארק נאכגעפארשט נאך פעדאראוו'ן, האט זיך געהאט בערוהיגט, נאכדעם וויא עס האט זיך ארויסגעשטעלט פון דער ערצטליכער אונטערזוכונג, דאס דיא פרוי איז געשטארבען פון א נאטירליכען טויט און נאכדעם וויא מען האט אויסגעפונען דעם פוילישען פוהרמאן, וועלכער האט דערציילט דיא גאנצע מעשה, וויא אזוי דיא פרוי קומט אין העהל. מען האט אלזא איינגעזעהן דאס פעדאראוו איז אונשולדיג אין דעם טויט פון דער פרוי און דאס ער איז פערשוואונדען געווארען ענטוועדער פאר שרעק אדער פאר איין אנדער אורזאכע. דער 4-יעהריגער איינגעל האט געזאלט געשיקט ווערען נאך רוסלאנד, אזוי וויא מען האט איינגעזעהן דאס ער שטאמט פון רוסישע עלטערן, אבער אזוי וויא פוכארין האט דערווייל איינגעגעבען א פראשעניע אי וויזען-געריכט (סיראטסקי סוד) דאס ער וויל דאס קינד אריינגעהמען צו זיך און עס ערציהען און האט צוגעשטעלט עדות וועלכע האבען בעשטעטיגט דאס ער איז פערמעגליך און וועט עס קענען טהאן, איז דאס קינד געבראכט געווארען נאך וויען. אויסערדעם האט אויך דער פאליציי-בעאמטער פון וועלכען בארסקי האט גערעדט, מיטגעטהיילט יענער פאליציי ביין גרענעץ, דאס אין וויען זיינען דא אנשטענדיגע רוסען וואס וועלען זיך פיר דאס קינד אננעהמען, און דאס האט אויך בייגעטראגען, אז דאס קינד זאל געבראכט ווערין אין וויען, צו דער גרעסטע פריידע פון פעדאראוו. בארסקי פלעגט יעדען טאג בעזוכען דאס קינד אין דער אנשטאלט וואו מען האט עס פארלויפיג אריינגעגעבען, און פלעגט מיטטהיילען פעדאראוו'ן וואס ער מאכט. פעדאראוו האט זיך וואס ווייטער אלץ מעהר בערוהיגט און דרייסטער געווארען און האט זיך פארבערייטעט אליין אבצושטאטען א בעזוך ביי זיין קינד און זיך געבען צו ערקענען אלס זיין פאטער.

פון דער גרעפין ברעסטאווסקי און איהר ברודער געראלד ווערענין האט בארסקי אזוי פיעל געוואוסט, דאס זיי זיינען נאך אימער אין האטעל „צום רוסישען האף“, און דאס זיי בעזוכט אפט א מאן וואס רופט זיך פוכארין און גיט זיך אן פאר א קאמי-

סיאָנער. פֿון פֿעדאָראָווען האט באַרסקי ערפֿאַהרען וועגען דער פּוכאַרין איז, און איז ער אויפֿמערקזאם געוואָרען דאַרויף. איהם איז פֿאַרגעקומען זעהר פֿערדעכטיג, דאָס דיא גרעפֿין זאָל זיך אריינלאָזען מיט א געוועזענעם לייב־אײַנגענעם, וועלכער האט פֿערהאַל־פֿען דיא טאָכטער פֿון גענעראל מאַרושקין צו אַנטלויפֿען מיט פֿעדאָראָוו'ן. ער האט פֿאַרשטאַנען אַז דאָ מוז עטוואס שטעקען הינטער דעם און איז דאָפּעלט פֿאַרזיכטיג געוואָרען.

אָבער אזוי איבעררעשט וויא נאָך קיינמאָהל ניט צופֿאַר איז באַרסקי געוואָרען, אַלס ער האט, וויא זיין געוואוינהייט איז געווען, איין פֿריה־מאָרגען גענומען דאָס „פֿרעמדענבלאַט" און האט איבערגעלעזען, דאָס דער רוסישער גענעראַל מאַרושקין איז אַנגעקומען אין וויען אויף זיין דורכרייזע פֿון איטאַליען און איז אַבגעשטיגען אין האָטעל „צום רוסישען האָף".

— וואָס געהט דאָ פֿאָר? — האט ער זיך אַליין געפֿרעגט פֿיעל מאָהל. ער האט לאַנג געקלעהרט און געטראַכט און האט צו קיין בעשטימטע אַנזיכט ניט געקענט קומען. ער האט אין אַנפֿאַנג פֿעדאָראָוו'ן נאָר ניט געוואָלט מיטטהיילען דערפֿון, אום צו פֿאַרשוינען זיינע נערווען, וועלכע זיינען שוין אזוי אויך געווען אין א צושטאַנד פֿון אויפֿרעגונג. ענדליך אָבער האט ער עס דאָך געטאָהן און נאָכדעם וויא פֿעדאָראָוו האט זיך עטוואס בערוהיגט פֿון דער אויפֿרעגונג וועלכע דיזע בשורה האט אויף איהם געמאַכט, האט איהם באַרסקי געפֿרעגט וואָס ער דיינקט דערפֿון.

— איך קען דערפֿון ניט קלוג ווערען — האט פֿעדאָראָוו געזאָגט — אָבער פֿיעל־לייכט איז דאָס איינפֿאַך א דרוק־פֿעהלער. און אַנשטאַט „פֿון רוסלאַנד" האט דער שריפֿטזעטצער על פּי טעות אריינגעשטעלט „פֿון איטאַליען".

— וואָרום דיינקסט דוא אזוי?

— וועיל צייט מיין אונגליקליכע פֿרוי איז געווען ביי איהם אין דער אימיעניע איז נאָך קוים פֿיער וואָכען און עס שיקט זיך ניט, אַז ער זאָל אונטער דער צייט האָבען געמאַכט א רייזע אין איטאַליען, וועהרענד אַלגאַ און איהר ברודער זיינען דאָ.

— האט דיר דיין פֿרוי געזאָגט, ווען זיא איז צוריקגעקומען צו דיר פֿון איהר פֿאָ־טערס אימיעניע, דאָס זיא האט איהם געזעהן?

— ניין, דאָס האט זיא ניט געזאָגט.

— אַלזאָ, פֿילייכט איז ער שוין נאָר דאַמאַלס געווען אויף דער רייזע איבער איטאַליען און וואָס מען האט דיין אונגליקליכער מאַריע געזאָגט, אַז ער וויל זיא ניט צו לאָזען צו זיך, איז נור געווען א בעטרוג?

מיט ווייט־אויפגעריסענע אויגען און מיט איין אפענעם מויל איז פעדאראוו געבליעבען שטעהן, אנקוקענדיג זיין פריינד גאנץ ערשטוינט. ער האט אבער דאך נאך פרובירט עטוואס איינווענדען דאגעגען:

— אבער וואס פאר א צוועק האבען זיי דערביי געקענט האבען? — האט ער געזאגט.

— וויא אונשולדיג דוא ביזט, מיין פריינד! ווער איז דער נעהענטססטער צום גע־נעראל מארושקין ווען מאריא איז ניטא?

— אלגא און איהר ברודער, נאטירליך!

— דא האסטו דיא אנטווארט אויף דיין פראגע! און איצטער ועסט דוא שוין אויך לייכט בעגרייפען ווארום דיא ביידע זיצען אין וויען: זיי האבען ערווארטעט דעם גענעראל וועלכער האט געדארפט קומען אהער!

פעדאראוו האט זיך געחאפט מיט ביידע הענד פאר'ן קאפ:

— איך עזעל! וויא איז מיר דאס פריהער ניט איינגעפאלען, אזא איינפאכע זאך! איך האב אינסטינקטיוו געפיהלט, אז דיא ביידע זיינען דיא מערדער פון מיין פרוי און דאס דער אלטער פאטער איז ניט שולדיג דארין, איך האב אבער ניט פערשטאנען וויא אזוי! איצטער האסט דוא מיר דיא אויגען געעפענט. ראטה, פריינד, וואס איז איצטער צו טאהן?

— צוערשט מוז איך מיר, נאטירליך, פערשאפען געוויסהייט, אז מיין פאראויס־זעצונג איז ריכטיג און דאן ערשט וועלען מיר האנדלען.

— וויא אזוי ווילסט דוא דיר דיעזע געוויסהייט פערשאפען?

— גאנץ איינפאך, איך וועל געהן און איהם אויספרעגען.

— דאס געהט דאך אבער ניט!

— פערלאז זיך אויף מיך, אז איך וועל ד'אס מאכען וויא עס געהער צו זיין. אדיע פעדאראוו, אין צוויי שטונדען בין איך צוריק און דאן וועיסען מיר אלעס וואס מיר ווילען.

בארסקי איז מיט שנעלע טריט אוועקגעגאנגען, איבערלאזענדיג פעדאראוו'ן אין דער העכסטער אונגעדולד.

אנקומענדיג אין האטעל „צום רוסישען האף" האט זיך בארסקי נאכגעפרעגט ביי איין אנגעשטעלטען אונטען, דיא נומער פון גענעראל מארושקינס וואוינונג.

— נומער 26, רעכטע טרעפע, לינקס — האט דיעזער געענטפערט מיט דייטש־

העפליכקייט, — אבער דער גענעראל איז יעצט ביין פריהשטיק און האט בעשט

אין עקיפאזש אויסצופאהרען גלייך נאך פריהשטיק און דעריבער ווייס איך ניט אויב דער גענעראל וועט אייך עמפפאנגען, מיין העררע.

— אָ, יא, מיר זיינען אלטע פריינדע — האט באַרסקי גענטפערט מיט א מינע פון איינעם וועלכער איז זיכער אין דעם וואָס ער זאגט און ניט ווארטענדיג אויף דיא ווייטערדיגע אויסאיינאנדערזעטצונגען פון דעם אנגעשטעלטען, איז ער ארויף דיא ברייטע טרעפ וועלכע איז איהם אָנגעוויעזען געוואָרען.

דיא וואָהנונג פון גענעראל מארושקין איז בעשטאנען פון דריי פראכטפאָל אויסמעבלירטע צימערן. דיא וואָהנונג פון דער גרעפין ברעסטאָווסקי און איהר ברודער גענעראַלד זיינען געווען אויף דעם זעלביגען עטאזש און האבען געהאט א פערבינדונג, אזוי דאס מען האט דיא וואָהנונג פון זיי און פון גענעראל געקענט רעכענען פאר איינע.

אלס באַרסקי האט אָנגעקלאפט אין טהיר, האט זיא א בעדיענטער געעפענט און האט געפרעגט אויף פראנצעזיש:

— זיא ווינשען מיין העררר?

— צו זעהן גענעראל מארושקין און איהם צו שפּרעכען — האט באַרסקי גענטפערט.

— ווען איהר ווילט אזוי פריינדליך זיין מיר געבען אייער קארטע וועל איך אייך אנמעלדען.

באַרסקי האט דעם דיענער איבערגעגעבען זיין וויזיטען־קארטע און דיעזער איז מיט איהר אריין אין א צווייטעס צימער, פארמאכענדיג הינטער זיך דיא טהיר.

א היבשע ווײלע האט באַרסקי געווארט, האט זיך אין געדאנקען מסדר געווען וויא ער זאָל אָנהויבען צו ריידען צום גענעראַל, וואס ער זאָל איהם פרעגען און ווען ער האט שוין אלעס געהאט אין קאָפּ פערטיג און דער גענעראל האט זיך נאך אלץ ניט בעוויעזען, האט ער אָנגעהויבען צו ווערען אונגעדולדיג.

ענדליך האט זיך דיא טהיר געעפענט, אבער אנשטאט דעם אלטען גרויען גענעראל איז ארויסגעקומען א יונגער מאן, אין א פראנטאוסקען רעקיל, וויא מען טראָגט געוועהנליך פון בעקוועמליכקייט־וועגען אין שטוב און מיט א זיסלאַך־חן'עוודיגע מינע און האט זיך געווענדעט צו באַרסקי:

— דער גענעראַל איז זעהר בעשעפטיגט, מיין העררר — האט ער געזאגט — קענט איהר מיר פילייכט זאגען וואָס אייער וואונש איז, איך בין זיין סעקרעטאר.

באַרסקי האט זיך דערמאָהנט, אז ער האט דיעזעס געזיכט שוין געהאט געזעהן א מאָהל מיט יאָהרען צוריק, אין סט. פּעטערסבורג און האט פערשטאנען, אז דאס

מוז זיין נעראַלד ווערעניןַ. ער האט בעגריפען, אז זיין וויזיט־קאַרטע איז אריינגעפאלען ניט אין דיא ריכטיגע הענד און דעריבער האט מען איהם געלאָזען אזוי לאנג וואַרטען, וויל דאָרט איז וואַהרשיינליך געווען א ישוב הדעת צווישען דער גרעפין מיט איהר ברודער, וויא אזוי איהם, באַרסקי, צו בעהאנדלען. דיא גרעפין האט געוואוסט נאך פון אלטע צייטען דאס פעדאָראָוו האט א פריינד באַרסקי. א פאר מאָהל איז פעדאָראָוו זאָגאר געקומען מיט באַרסקי צום גענעראַל אין שטוב, אלס ער איז נאך געווען זייער לעהרער אין צייכענען. זיא האט דעריבער גאנץ קלאר געוואוסט, אז ווען באַרסקי קומט איז דאס געוויס אין דער אנגעלעגענהייט פון פעדאָראָוו, און עס מוז אום יעדען פרייז פערהינדערט ווערען א צוזאמענקונפט צווישען איהם און דעם גענעראל. דעריבער איז עס דער ברודער ארויסגעשיקט געוואָרען, אום איהם אבצופערטיגען.

דאס אלעס האט באַרסקי בעגריפען און האט שנעל איבערלייגט, וויא אזוי ער האט דא צו האנדלען. פון ווערענין׳ס אַרויסקומען צו איהם האט ער פארשטאנען, אז ער איז ניט לאנג אויפגעשטאנען פון גענעראַלס׳ס פריהשטיק־טיש, און דאס זעהר לאנג וועט ער דא מיט איהם ניט קענען פארברייננגען. ער האט איהם דעריבער אבזיכטליך אנגעהויבען צו דערציילען אין רוסיש, און אויפען קול, וויא אזוי ער האט זיך דערפרייט צו ערפאהרען, דאס אזא האָכגעעהרטער לאנדסמאן וויא גענעראַל מארושקין איז געקומען אין וויען, און וויא אזוי עס וועט איהם, באַרסקי פרייען, דעם גענעראל צו זעהן און איהם איבער צו געבען הערצליכע גריסע פון געמיינשאפטליכע גוטע פריינד.

באַרסקי האט דאס פאנאנדערגעלייגט אויף טעלערלאך, באריכות, און נעראַלד ווערענין איז געוואָרען אונגעדולדיג, בעזאָנדערס ביי דיא לעצטע ווערטער.

— ער מוז זיין א גרויסער דומקאָפּף — האט ווערענין ביי זיך געטראַכט אלס ער האט אויסגעהערט זיין פלוידעריי און האט דאן צוגעזעצט אויפ׳ן קול: — אבער, מיין הערר, דער גענעראַל איז איצטער בעשעפטיגט, פיללייכט קענט איהר קומען א פאר שטונדען שפעטער.

— אַח, מיין הערר, דאן בין איך גאנץ פאלש אונטערריכטעט געוואָרען פון דעם האָטעל־דיענער אונטען — האט באַרסקי געזאגט כלומרשט העפליך, ניט אראָפּנעהמענדיג קיין אויג פון ווערענין — ער האט מיר געזאגט דאס דער גענעראַל זיצט ביים פריהשטיק און דאס אין צוויי שטונדען ארום וועט ער גאר זיין אויסגעפאָהרען; און אזוי וויא איך וויים ניט וויא לאנג דער גענעראַל קען דא בלייבען, וואלט איך ניט ווע־לען פערליערען דוא געלעגענהייט איהם צו זעהן.

נעראַלד ווערענין האט זיך געביסען דיא ליפען און האט געווארפען אונרוהיגע דימענט־בליקען אויף דיא טהיר וועלכע האט געפיהרט אין דאס צווייטע צימער. באַרסקי

האט געערדט אזוי הויך און אזוי בריטלאך דאס דער גענעראל האט עס לייכט גע־
קענט דערהערן.

— אבער, מיין הערר, דער „גענעראל קען אייך איצטער אויף קיין פאל ניט עמ־
פפאנגען — האט ווערניין געזאגט מיט וואכסענדער אונרוהע.

— דיעזעס פערדעכטיגע בענעהמען פון ווערניין האט באַרסקי'ן נאך מעהר אי־
בערצייגט, אז ער איז אויפ'ן ריכטיגען וועג, און ער האט מיט א געוויסען שפּאָט גאַנץ
רוהיג געענטפערט:

— דער גענעראל דארף מיך ניט עמפּפאנגען, עס איז גענוג ווען איך זאל איהם
נאר זעהן פארבייגעהענדיג און איהם איבערגעבען מיינע גריסע. שפּעטער קען זיין וועל
איך קיין צייט ניט האבען.

דיא טאקטיק פון באַרסקי איז אויך גאַנץ ריכטיג געווען, דען גענעראל מארושקין
איז באמת אויפמערקזאם געוואָרען אויף דיא לויטע שטימע פון דעם בעזוכער, וועלכע
איז צו איהם איינגעדרונגען צו זיין פריהשטיק־טיש און אויף דיא לאַנגע אונטעררעדונג
וועלכע זיין שיטצלינג גערואלד האט מיט איהם געהאט און האט זיך מיט פערדרוס
אויפגעהויבען פון טיש, אום ארויסצוגעהן אין פאָדער־צימער, וואו דיא אונטעררעדונג
איז פאָרגעגאנגען. דיא גרעפין ברעסטאָווסקי איז געוואָרען מערקווירדיג בלאס אַלס
זיא האט בעמערקט דיעזע בעוועגונג פון גענעראל. זיא האט געוואָלט מיט עפּעס איין
אויסרייד צוריקהאלטען דעם גענעראל ביים טיש, וויסענדיג ווער דער בעזוכער איז און
וויא געפעהרליך עס קען זיין פיר איהרע פּלענער, ווען איינע אויסאיינאנדערזעטצונג
זאָל אָפּגעהאלטען ווערען צווישען איהם און דעם גענעראל; אבער אין דעם אויגענבליק
איז איהרע אויפרעגונג געוואָרען אזוי גרויס, דאס זיא האט זיך ניט צורעכט געפונען,
און באלד איז עס שוין געווען צו שפּעט, דען דער גענעראל האט געעפענט דיא טהיר
און איז געשטאנען אנטקעגען באַרסקי.

אַלס דיעזער האט ערבליקט דיא עהרבאַרע געשטאלט פון גענעראל, מיט זיין
לאַנגען שנעע־ווייסען באָרד און מיט דיא טיעפע רונצעלן אין זיין שטערן פון עלטער און
פון זאָרג, האט זיך זיין אויסדרוק פון געזיכט באלד אומגעענדערט און א טיעף־ערנסטע
מיענע, און ניט אכטענדיג מעהר אויף גערואלד ווערניין האט ער זיך געווענדעט גלייך
צום גענעראל:

— הערר גענעראל — האט ער געזאגט מיט א טיעפער פערבייגונג — מיין נא־
מען איז באַרסקי, איך בין איין ארטיסט און סטודענט פון דער פּעטערסבורגער אקא־
דעמיע, און בין געשיקט געוואָרען אהער אום זיך דא צו פערפאָלקאָמנען אין דער
קונסט. איך בין געקומען צו אייך אום מיר אויסצובעטען איניגע מינוטען אונטער־

רעדונג מיט אייך, אין איינער אנגעלעגענהייט, וועלכע געהט אייך אַן מעהר וויא מיך....

— בארסקי, בארסקי — האט גענעראל מארושקין איבערגערעדט וויא פאר זיך — וויא האב איך דעם נאמען שוין א מאָל געהערט, ער קומט מיר פאַר אזוי בע־קאנט...

— ביי אייך אין הויז, אין פעטערסבורג, גענעראל — האט בארסקי שנעל גע־זאָגט — איך האב געהאט דאס פערגניגען אייך פאַרגעשטעלט צו ווערען פון מיין פריינד און שול־קאמראד פעדאַראָוו...

ביי דעם נאמען האט זיך דער בליק פון גענעראל עטוואס פערוואָלקענט, אָבער נור אויף איין אויגענבליק, דען באלד ווידער האט זיין געזיכט אויסגעדריקט דאס העכסטע אינטערעסע אלס ער האט שנעל געפרעגט:

— הערט איהר פיעלייכט פון דיזען פריינד אייערן, הערר בארסקי?

— אין זיין אנגעלעגענהייט בין איך צו אייך געקומען, גענעראל.

— דאן קומט אריין, אין גאָטעס נאמען, איהר קומט מיר אזוי געוואונשען, וויא עס קען גאר ניט זיין בעסער.

בארסקי האט א וואָרף געטאהן א בליק אויף געראלד ווערענין אויף דיא גרעפין ברעסטאָווסקי וועלכע איז ביי דיא לעצטע ווערטער אויך אריינגעקומען אין פאָרדער־צימער, און האט בעמערקט זייערע טויט־בלאַסע געזיכטער און וויא זיי שטעהן וויא פערניכטעט און איז מיט שנעלען טריט אריינגעגאנגען אין דאס צווייטע צימער. דער גענעראל, וועלכער האט קיין זאך ניט בעמערקט וואָס עס געהט פאַר מיט געראלד און אָלגא, האט זיי נור צוגערופען: ווארט א וויילע קינדער, איך בין באלד מיט אייך צוריק!

דיא טהיר האט זיך צוגעמאכט הינטער דעם גענעראל און בארסקי.

אָלגא און געראלד האבען זיך איבערגעוואָרפען א פיעל־בעדייטענדען בליק און דאן האט דיא ערשטערע געזאגט מיט א טיעפען זיפץ: „אלעס איז פערלאָרען“.

געראלד האט זיך א וואָרף געטאהן צו דער צוגעמאכטער טהיר און האט צוגע־ליינט זיין אויער צום שליעסעל־לאָך און האט געהערט פאָלגענדען געשפרעך וועלכען ער האט גלייך איבערגעגעבען זיין שוועסטער:

— וויא איך האב אייך געזאגט, גענעראל, איך קום אין דער אנגעלעגענהייט פון מיין פריינד פעדאַראָוו.... — האט בארסקי געזאגט זיך זעטצענדיג.

— און פון מיין טאָכטער מאריא, ניט וואהר?...

בארסקי האט איינינע אויגענבליקע געשוויגען גאנץ איבערראשט און פערווירט

איבער דיא שווערינגקייט פון זיין לאגע און איבער זיין שווערע אויפגאבע, פיטצוטהיי־לען א פאטער א טרויעריגע נייעס, דאן האט ער געפרעגט:

— בין איך דער ערשטער וועלכער קומט אייך עטוואס מיטטהיילען אין דיעזער אנגעלעגענהייט?

— אח, געוויס, און דעריבער זייט איהר מיר אזוי ווילקאָמען! איך האב שוין לאנג געהאט בעשלאָסען מיין טאָכטער צו רופען צוריק אין מיינע ארמע, נאר האב איך ניט געוואוסט וואו זיא צו געפינען. איך האב יעצט צו דעם צוועק געמאכט א רייזע איבער איטאליען, ווייל איך האב צופעליג ערפאה־ען, דאס פעדראָוו איז דארטען. אין ראָם און אין נעאַפּאָל האב איך געפונען זייערע שפורען, אבער איןביידע שטעדט האט מען מיר געזאגט דאס זיי האבען פון דאָרטען אבגערייזט גאר ניט לאנג. און דא, וואו איך האב זיי אם ווענינגסטען געהאָפט צו געפינען, קומט איהר מיט אמאהל צו מיר...

— ליידער א ביסעלע צו שפעט...

— ווארום צו שפעט? — האט דער גענעראל געפרעגט דערשראָקען.

— ווייל דער קאמפף מיט דיא בייזע פערהעלטניסע האט דערווייל ארויסגע־בראָכען א גרויסען טהייל פון דער קליינער גליקליכער פאמיליע. מאריא איז טויט!

— טויט! האט דער אלטער פאטער אויסגערופען ווילד, וועהרענד זיין גרויער קאָפּ איז געפאלען אויפ׳ן פארענץ פון זיין שטוהל — טויט, טויט! איך אונגליקליכער, איך אונגעהיירע! טויט! מאריא טויט! וועה, וועה!...

— אבער איהר קינד לעבט, איהר זאָהן! — האט בארסקי אויסגערופען — און ער וועט אייך דיענען אלס ערזאטץ פיר דעם שווערען פערלוסט!

דיעזע מעלדונג האט ווירקליך געהאט דיא מאגישע ווירקונג אויף דעם אלטען גענעראל, וועלכע בארסקי האט ערוואַרטעט. דער געדאנקען צו האבען א זאָהן האט איהם אזוי בערוישט דאס ער האט כמעט אין גאנצען פארגעסען דיא טרויעריגע מעלדונג.

— איין זאָהן, מאריא׳ס א זוהן! — האט ער אויסגערופען — אָ, איך בעט אייך, שנעל, פיהרט מיך צו איהם, איך וויל איהם אומארמען, איך וויל איהם נעהמען צו מיר....

— מיין פריינד פעדראָוו וועט אייך צו איהם פיהרען — האט בארסקי דיפּלאָ־מאטיש געענטפערט אום אויסצונוצען דיא גינסטיגע לאגע פיר זיין פריינד — און צו איהם וויל איך אייך פיהרען, אויב איהר ערלויבט.

— געוויס, וועלכע פראַגע! שנעל דיא קאַרעטע! — האט דער אלטער מאן גער

רופען וויא בערוישט, עפּענענדיג דיא טהיר! — קינדער, מאַריא האט א זאָהן און איך וועל איהם באַלד אומאַרמען, מיין זאָהן, דער זאָהן פון מיין טאָכטער מאַריא, וועלכע פריידע!...

נאך איינינע מינוטען האט א קאַרעטע פערלאָזען דעם הויף פון האָטעל מיט גענעראל מאַרושקין און באַרסקי אלס פּאַסאַזשירען.

— שנעל צו פּוכאַרין! — האט אָלגא אויסגערופען אזוי שנעל וויא דיא קאַרעטע איז פערשוואונדען געוואָרען — עס איז נאך ניט אלעס פערלאָרען! וויא דוא האסט זיך צוגעהערט און ווייסט, אז קיין וואָרט איז גערעדט געוואָרען וועגען אונז! דאס בעווייזט, אז באַרסקי ווייס ניט וועלכע ראָלע מיר האבען דאָ געשפּיעלט, און זעלבסטפערשטענדליך ווייס עס אויך פּעדאָראָוו ניט, זאָנסט וואָלט ער עס דערציילט זיין פריינד. מיר מוזען אלזאָ זעהן אראָפּצוראַמען פון וועג דעם הויפּט יורש און דאס איז דאס קינד! שנעל, אלזאָ, צו פּוכאַרין! ער האט שוין פין עטליכע טעג פערטיג אלע נייטיגע פּאַפּיערען אום ארויסצונעהמען דאס קינד פון אינסטיטוט און וואַרט נור אויף אונזער בעפעהל. שנעל, צו איהם! דאס מוז גלייך געשעהן, דען דאָ האנדעלט זיך אום מינוטען!

צעהן מינוטען שפּעטער זיינען ברודער און שוועסטער ארויסגעגאנגען לאַנגזאַם פון האָטעל און זיינען איינגעשטיעגען אין דעם ערשטען וואָגען וואָס איז זיי געקומען אנטקעגען. געראַלד האט צוגערופען דעם קוטשער א נאָמען פון א גאַס און דער וואָגען האט אַוועקגעראָלט.

אין א קנאַפּע האלבע שטונדע האט זיך דער ערשטער וואָגען, מיט גענעראַל מאַרושקין און באַרסקי אלס פּאַסאַזשיערען, אָפּגעשטעלט פאר דיא טרעפּ פון דער בעשיידענער וואָהנונג פון באַרסקי.

ביידע פּאַסאַזשירען זיינען ארויס פון וואָגען און זיינען שנעל ארויף דיא טרעפּ. אלס זיי זיינען אריין אין ערשטען צימער, וועלכער האט געדיענט פיר באַרסקי אלס ארבייטס־צימער, איז פּעדאָראָוו זיי געקומען אנטקעגען פון צווייטען צימער, וואו ער איז דיא גאנצע צייט פריהער געזעסען פערטיעפט אין זיינע טרויעריגע געדאַנקען, ערוואַרטענדיג זיין פריינד.

א קורצע ווײלע האבען זיך דער גענעראַל און פּעדאָראָוו אָנגעקוקט. דער אויסדרוק פון עלענד און טיעפען ליידען וואָס איז געלעגען אויף פּעדאָראָוו'ס געזיכט האט נאך מעהר גערירט דעם גענעראַל'ס הערץ און ער האט געעפענט זיינע ארעמס מיט דיא ווערטער: „קום, מיין זאָהן און פערצייה! איך בין גענוג געשטראָפט געוואָרען!“.

מיט א הערצדרייסענדען שלוכצען האט זיך פעדאָראָוו געוואָרפען אין דיא ארעמס פון גענעראל מארושקין, וועהרענד בארסקי איז ארומגינאנגען מיט שנעלע טריט הין און צוריק איבערן צימער זיך רייבענדיג דיא הענד.

דאס פיינליכע געפיהל פון חרטה נאך דער צייט און פון טרויער נאך א גוטער טאָכטער, האט דעם גענעראל מארושקין בעוואויגען זיך נאכצופרעגען גאנץ גענוי וויא אזוי זיין טאָכטער האט געלעבט דיא גאנצע צייט, זייט זיא האט פארלאָזען זיין הויז, וויא עס איז איהר געגאנגען און וויא אזוי דאס איז געקומען דאס זיא האט קיינ־מאָהל ניט פרובירט צו איהם צו שרייבען און ווידער צוריקצוקעהרען צו זיין הערצען, נאכדעם וויא ער איז איהר געווען אזא געטרייער און גוטער פאטער.

פעדאָראָוו האט איהם אלעס דערצעהלט וויא עס איז זיי געגאנגען פון דעם טאג און וואס זיי האבען געהייראטהעט און גענעראל מארושקין האט איהם צוגעהערט מיט דער גרעסטער שפאנונג. אבער גאנץ אויסער זיך און ערשטוינט איז ער געווארען, אלס פעדאָראָוו האט איהם דערציילט דיא בעציהונגען פון אָלגא ווערנין צו מאריא, וויא אזוי זיא איז זיי פריהער געוועזן בעהילפיג ביים אנטלויפען, און וויא אזוי זיא האט זיי נאכהער אימער צוריקגעהאלטען מיט אלערליי אויסריידען אין בריעף פון צוריק צו קומען און צו פאלען צו דיא פיס פון דעם פאטער און בעטען אום פערצייהונג, און וויא אזוי זיא האט זיי ענדליך ארויסגערופען פון איטאליען, און וויא מאריא איז בעהאנדעלט גע־וואָרען אין איהר פאטערס אימיעניע אלס זיא איז אהין געקומען.

— איז דאס מעגליך? איז דאס מעגליך? — האט דער גענעראל געשריען ארומ־לויפענדיג אין העכסטער אויפרעגונג איבערן צימער.

אנשטאט צו ענטפערן האט פעדאָראָוו ארויסגענומען דעם בריעף וועלכען אָלגא ווערנין האט געשריעבען צו מאריא נאך איטאליען, רופענדיג זיא נאך רוסלאנד צוריק און האט עס איבערגעגעבען דעם גענעראל. דיעזער האט געוואָרפען א בליק אויף דיא האנדשריפט, האט געלייענט א פאָר ציילען און איז געוואָרען טויט־בלאס.

— און אזא שלאנג האב איך געוואָרעמט אויף מיין ברוסט! — האט מארושקין אויסגערופען אין טיעפסטען שמערץ — און זיא האט עס געזוכט מיך צו טרייסטען און מיך צו ערמונטערן נאך דעם וויא מיין טאכטער איז פון מיר אוועק! שרעקליך, שרעק־ליך! דאס זאל ניט געשוויגען ווערן, איך וועל אויך זיין גרויזאם און גיפטיג וויא א שלאנג! קומט מיט מיר פריינדע!

בארסקי האט בעגריפען דעם גענעראל'ס אבזיכט און האט איהם אנגענומען פארן האנד:

— גענעראל — האט ער געזאגט — דיא לייטע וועלכע האבען זיך געשטעלט

אין וועג צווישען אייך און אייער טאכטער וועלען זיך איצטער פיהלען בעשטראָפט גע־
נוג ווען זיי וועלען זעהן אלע זייערע פּלענער צושטערט. איך דיינק עס איז בעסער מיר
געהן צו מאַריאַ׳ס זאַהן!...

— גערעכט, מיין פריינד! — האט דער גענעראל אויסגערופען ענטציקט — דיא
אויפרעגונג פון דיעזער אונערוואַרטעטער ענטדעקונג האט מיך געמאכט פערגעסען אין
דיא הויפּטזאכע, מיר פאָהרען צו אייער זאַחן, פּעדראָוו, וועלכער וועט פון איצטער
אָן אויך זיין מיינער.

פּעדראָוו האט ערגריפען דעם גענעראלס האנד און האט זיא צערטליך גע־
דריקט. באלד נאך דעם האבען אלע דריי פערלאָזען בארסקי׳ס וואָהנונג, האבען זיך
אריינגעזעצט אין קאַרעטע וועלכע האט זיי אונטען ערוואַרטעט און בארסקי האט צר
גערופען דעם קוטשער דעם נאמען פון דער גאַס און דיא נומער פון דעם הויז, וואוהין
ער האט צו פאָהרען. דיא קאַרעטע איז באלד דארויף אוועקגעפאָהרען אין שנעלען
טריט.

## 6טעם קאַפּיטעל.

## דיא ענטפיהרונג.

מיר וועלען זיך אומקעהרען מיט אונזער לעזער צו דער צווייטער קאַרעטע וועלכע
האט פערלאָזען דעם האָטעל „צום רוסישען האָף" מיט אָלגא און גענעראלד ווערענין אלס
פּאסאזשירען.

נאך א האלבע שטונדע שנעל פאָהרען איז דיעזע קאַרעטע געבליעבען שטעהן
פאר דעם הויז וואו פּוכאַרין׳ס שילד איז געהאַנגען מיט דער אויפשריפט: „עקספּעדי־
טאָר און קאָמיסיאָנער". וואו מיר האבען שוין פריהער א מאָהל געזעהן דיעזעביידע
פערזאָנען אלס בעזוכער. גענעראלד ווערענין איז האסטיג ארויסגעשפּרונגען פון קאַרעטע
און האט זיך א וואָרף געטאָהן צום הענטיל פון דער טהיר־גלאָקע, וועהרענד אָלגא איז
געבליעבען זיצען אין קאַרעטע.

דיא טהיר האט געעפענט פּוכארין אליין, און אלס ער האט א בליק געטאָהן
אויף זיין בעזוכערס געזיכט איז ער געוואָרען בלאַס און האט אויסגערופען: „וואָס איז
געשעהן!".

— קיינע פראגען, פריינד — האט גענעראלד ווערענין געענטפערט אין רוסיש,
אזוי דאס דער קוטשער זאָל ניט פערשטעהן — קיינע פראגען, אין קאַרעטע וועט איהר
אלעס ערפאהרען; דערווייליע האפט שנעל אלע נייטיגע פּאפּיערען און קומט אין פּריוואַט
ביין פּראַטער אָפּנעהמען דאס קינד; מיר מוזען עס גלייך טאָהן, אָדער מיר טהוען עס
קיינמאָהל ניט.

פוכאַרין האט מעהר ניט געזוימט. ער איז שנעל אַרויפגעפלויגען די טרעפ און נאך פינף מינוטען האט ער זיך ווידער בעוויזען אין איין אַנצוג פון א וואהלהאבענדען געשעפטסמאַן, מיט א לעדערנעם האנד־בייטיל און האט זיך אריינגעזעצט אין קאַרעטע. גערַאלד ווערנין האט ווידער געזאגט דעם קוטשער וואוהין צו פאָהרען און די קאַרעטע האט זיך געריהרט פון אָרט.

— איצטער קענט איהר אלעס ערפאַהרען — האט גערַאלד אָנגעהויבען, — א געוויסער באַרסקי, דער טייפעל ווייס איהם פון וואַנען ער האט זיך דאָ פלוצלונג גענומען, א געוועזענער שול־קאַמראַד פון פעדאָראָוו, האט זיך היינט פאָרגעשטעלט ביי אונז אין האָטעל און האט געוואָלט זעהן דעם גענעראַל. דער טהיר־וועכטער האט נאַטירליך אונז איבערגעגעבען זיין וויזיט־קאַרטע, און אזוי וויא אָלגא האט זיך גלייך דערמאָהנט ווער דער באַרסקי איז, האבען מיר איהם נאַטירליך ניט געוואָלט צולאָזען צום גענעראַל. דאס איז אונז אָבער ניט געראַטהען, דען דער באַרסקי שיינט צו ציין א דורכגעטריעבענער יונג און ווייזט אויס צו וויסען פון פעדאָראָוו׳ן און פון אונז מעהר אלס מיר דיינקען. ער האט אָנגעהויבען צו פלוידערן אזוי לויט, און האט אזוי געלאַרעמט, ביז דער גענעראַל איז אויפמערזאם געווארען און איז ארויס צו איהם. באַרסקי האט איהם דערמאָהנט מאַריע און פעדאָראָוו און דאס איז גענוג געווען אום איהם צו פאַראינטערעסירען. דער גענעראַל האט איהם אריינגענומען צו זיך אין צימער און איך האב דורכ׳ן שליסעל־לאָך געהערט יעדעס וואָרט פון זייער אונטעררעדונג. ער האט איהם דערציילט, אז פעדאָראָוו און מאַריא׳ס זאָהן זיינען אין ווין און האט איהם באלד צו זיי אוועקגעפיהרט. איצטער האנדעלט זיך נור פיעלייכט אום מינוטען און אויב מיר קריעגען ניט אריין דאס קינד אין אונזערע הענד דיעזען אויגענבליק, דאן איז אלעס פערלאָרען.

— אבער אום טייפעלס ווילען! — האט פוכאַרין אויסגערופען אין אנגסט — וואס ווער אונז העלפען דאס קינד ווען דער גענעראַל וועט וויסען ווער דאס קינד איז?

— דאס ווייס ער נאך צום גליק ניט — האט גערַאלד איהם בערוהיגט — און וויא עס ווייזט אויס ווייס אפילו פעדאָראָוו אליין אויך ניט וואס עס איז פאָרגעפאלען אין דער פאַמיליער אימיעניע מיט איינינע וואכען צוריק, וויל זאנסט וואלט עס באַרסקי אויך געוואוסט, און איך האב איהם ניט איינמאהל געהערט דערמאהנענדיג אונזער נאמען.

— דאס איז נאך א גליק!

— דעם גענעראַל וועט ניט איינפאלען צו דיינקען אז מיר וויסען וואו דאס קינד

איז און דאס איז דיא הויפטזאכע. קוים האט ער אויף אונז קיין חשד נים, וועט ער אונז בלייבען גוט ווא פריהער און אונזער פלאן וועט דורכגעפיהרט ווערען. דיא הויפט־זאכע איז אבער אז דאס קינד זאל נים אריינפאלען צו איהם אין האנד.

אַלגא האט שוויינענדיג צוגעשאָקעלט דעם קאפ צו איהר ברודערס ערקלעהרונ־גען און האט דאן געפרעגט שטיל, זיך קעהרענדיג צו פוכארין: האט איהר אייערע פאפיערען אין אָרדנונג?

— יא.

— דיינקט איהר נים אז עס וועלען אייך נאך געליינט ווערען הינדערניסע אין זוענ פון דיא פאַרשטעהער פון פריוט?

— איך גלויב, ניין, איך האב שוין מיינע פאפיערען איינמאהל פאַרגעציינט דעם העררן דירעקטאָר פון דער אנשטאלט, מיט דעם ערלויבנים פון געריכט צו אדאָפטירען דאס קינד און ער האט מיך נור געפרעגט ווען איך דיינק דאס קינד צו נעהמען?

— אונטער וועלכען נאמען אדאָפטירט איהר דאס קינד?

— איך הייס מילמאן, און בין א בעלגישער אונטערטהאן.

— דאס איז זעהר געשיידט — האט דיא גרעפין געלויבט.

— איך זאל עס דיינקען, פוכארין איז אויף דיא זאכען א בריה.

דיא קארעטע איז געפאָהרען אין דער ריכטונג צום פראטער, צו יענעם בעריהמ־טען שפאציער־גארטען פון וויען, וועלכער האט אין קיין שטאדט אין דער וועלט זיין גלייכען. אלס דיא בוימער פון פראטער האבען זיך אנגעהויבען צו זעהן פון וויטען, איז פוכארין אויסגעשטיגען פון קארעטע, וועהרענד גערעלד און אַלגא ווערענין זיינען אוועק־געפאָהרען וויטער, צום פראטער. ביין איינגאנג אין פראטער איז דער קוטשער געבלי־בען שטעהן און נאכדעם וויא ברודער און שוועסטער האבען א האלבע שטונדע שפאַ־צירט אין דיא פראַנט־אלעען, האבען זיי זיך צוריק אריינגעזעצט אין קארעטע און גערעלד האט געהייסען דעם קוטשער פאָהרען אין לאנגזאמען טריט מיט דעם זעלבינען וועג, מיט וועלכען זיי זיינען אהער געקומען.

דער פריוט אין וועלכען פעדעראָוו'ס קינד האט זיך פאַרלויפיג געפונען, איז גע־ווען נים ווייט פון פראטער און דיא קאַרעטע האט איהם געמוזט פארבייפאָהרען. אין דער האָפנונג צו זעהן וואס ניכער אויב פוכארינען איז געלונגען זיין פלאן, זיינען זיי איצטער פארביינעפאָהרען דאס זעלבע הויז. און ווירקליך, עס איז נים געווען אומזיסט. זיי זיינען פארבייגעפאָהרען דעם פריוט פונקט אין דעם אויגענבליק, וויא א דיענער פון אנשטאלט האט געבראכט א קארעטע מיט א קוטשער און פוכארין איז ארויסגעקומען

פון הויז, פיהרענדיג א וויינענדיגען אינגעלע, אין בלאָנדע לאָקען און רוסישער טראַכט געקליידעט פאַרן האַנד. זיי האַבען געזעהן וויא פוכארין איז מיט דעם קינד אריינגע־שטיגען אין קאַרעטע, נאַכדעם וויא ער האַט אריינגעשטעקט דעם דיענער אין האַנד א מטבע. זיין קאַרעטע איז פאַרבייגעפאָהרען זייער׳ע און דורכ׳ן פענסטערל האַט פוּ־כארין געמאַכט א צייכען צו גערלאַלד, וועלכען דיעזער האַט פאַרשטאַנען אַזוי, דאַס זיי וועלען זיך טרעפען ביי איהם צו הויז, וואוהין ער פאָהרט גלייך.

באַלד דאַרויף האַט פוכארין אַראָפּגעצויגען דעם פאָרהאַנג איבער דעם פענס־טערל אין זיין קאַרעטע און גערלאַלד ווערענין האַט דאַס זעלבע געטהאַן ביי זיך אין קאַרעטע, און דאַס איז געטהאַן געוואָרען ניט מיט איין מינוטע צו פריה, דען פון דער אַנדערער זייטע איז איצטער אָנגעקומען איין אַנדער קאַרעטע, וועלכע האַט אין זיך ענטהאַלטען גענעראַל מאַרושקין, פעדאָראָוו און באַרסקי אַלס פּאַסאַזשירען.

אין א האַלבע שטונדע שפּעטער האַבען זיך פוכארין מיט דעם קינד איינגעפונען אין דעם בעקאַנטען הויז מיט דעם שילד פון עקספּעדיטאָר, און אַלס גערלאַלד ווערענין מיט זיין שוועסטער זיינען נאָך א פערטעל שטונדע אַהין אַנגעקומען, האַבען זיי געפונען פוכארינען מיט א שער אין דער האַנד, שניידענדיג דיא לאַנגע לאָקען פון דעם וויינענ־דיגען ערשראָקענעם קינד.

— דאַס פאָרדערט דיא פאָרזיכט — האַט ער דערקלערט צו זיינע געסט — ווען דער אינגעל וועט זיין אָרומגעשאָרען און אָנגעקליידעט וויא א קינד פון איין אר־בייטער און וועט זיך שפּיעלען מיט דיא קינדער פון מיין דיענסט־פּרוי, וועט איהם זיין פאַטער אַליין ניט דערקענען, ווען ער זאָל איהם קומען אין וועג. איך האַב מיך אַלעם פאָרגעזעהן, און האַב אויך דיא נייטיגע קליידער פאַר איהם.

— איך האַב גערעכענט אַז איהר דייענקט גלייך אַרויסצופאָהרען מיט איהם נאָך פראַנקרייך אָדער ענגלאַנד — האַט אָלגא בעמערקט.

— דאַס וואָלט געווען זעהר ניט קלוג פון אונזער זייטע. עס קען זיין אַז אין דיע־זען אויגענבליק איז דער גענעראַל מיט פעדאָראָוו׳ן שוין דאָרטען אין פּריוט, און ווען זיי וועלען ערפאַהרען אַז דאַס קינד איז איצטער־ערשט פערשוואונדען געוואָרען פון אונטער זייערע הענד, וועלען זיי מאַכען אַזאַ לאַרעם אין דער פּאָליציי, דאַס דיא וועלט וועט זיין אויף, און איך זאָל איצטער אויפטרעטען מיט דעם קינד ערגיץ־וואו אויף א באַהנהויף אָדער אפילו אין איין אייזענבאַהן, איז זעהר געפעהרליך. איידער זיי וועּ־לען ענטדעקען אין דעם רוסישען עקספּעדיטאָר דעם בעלגיער מילמאַן וועט פאַרגעהן א ביסעל צייט, און ביז דאַמאַלס וועל איך בעוויזען דאַס קינד אין זיכערהייט צו בריינגען.

אזוי ריידענדיג האט ער געענדיגט אראָפּשערען די שעהנע גאָלד־בלאָנדע לאָ־קען פון דעם וויינענדיגען קינד, וועלכער איז געשטאַנען און האט געציטערט, וויינענדיג שטילע טרעהרען. אין דעם הערצען פון דער גרעפין ברעסטאָווסקי האט זיך ערוועקט איין געפיהל פון מיטלייד צו דעם קינד, אלס זיא האט א ווילע בעטראכטעט זיינע גע־זיכטס־ציגע, וועלכע האבען אזוי דערמאהנט פעדאָראָוו׳ן אבער זיא האט שנעל אונ־טערדריקט דיזעס געפיהל.

— קיינע שוואכקייטען! — האט זיא געזאגט צו זיך אליין — איצטער גיבט עס ניט מעהר קיין צוריקגעהן! איינמאהל אָנגעפאנגען, מוז עס געהן צו ענדע.

און אויפ׳ן קול האט זיא געפרעגט פוכארינען:

— אלזא, און וואס דיינקט איהר דארפען מיר איצטער טהאן?

— דאס גלייכסטע איז, גאר ניט צו טהאן. געהט צוריק אין אייער האָטעל און ווען דער גענעראל קומט ניעדערגעשלאָגען און פערצווייפעלט איבער דעם פערלוסט פון דעם קינד, זאלט איהר איהם זעהן צו טרייסטען.

די גרעפין און איהר ברודער האבען גענומען אבשיעד פון זייער טהעטיגען מיט־העלפער און זיינען אוועקגעגאנגען.

אין דער צייט וואס דאס אלעס איז פאָרגעגאנגען אין פוכארין׳ס הויז, האט זיך אין קינדער־פריוט ביין פראטער, אָפּגעשפּיעלט איינע העכסט אויפרעגענדע סצענע. גענעראל מארושקין, פעדאָראָוו און בארסקי זיינען פריליך אריינגעקומען אין די אמט־שטובע פון קינדער־פריוט, און בארסקי, וועלכער איז שוין פריהער דארט געוועזן איינינגע מאהל אום צו זעהן פעדאָראָוו׳ס קינד, האט זיך געווענדעט גלייך צום דירעק־טאָר פון דער אנשטאַלט און האט איהם פאָרגעשטעלט גענעראל מארושקין און דעם מאהלער פעדאָראָוו.

— מיט וואס קען איך די הערען דיענען? האט דער דירעקטאָר געפרעגט.

די הערען קומען אָפּנעהמען פון דאנען איין רוסישעס קינד, וועלכעס איך האב שוין געהאט דאס פערגניגען היער א מאל צו זעהן, דאס קינד איז דא אריינגעגעבען געווארען פון דער פּאָליציי אלס עלטערן־לאָז (יתום), דאס איז אָבער נור געוועזן דורך אונגליקליכע פערהעלטניסע; דאס קינד האט עלטערן און אזעלכע וואס קענען פאר איהם זארגען. העדר פעדאָראָוו איז דער פאטער פון קינד און גענעראל מארושקין איז גרויספאטער.

וועהרענד בארסקי האט אזוי גערעדט, האט זיך דער העכסטער ערשטוינונג אויסגעדריקט אויף דעם געזיכט ביין דירעקטאָר. ער האט אנגעקוקט די דריי מענער

מיט גרויסע אויגען און האט אין דעם ערשטען אויגענבליק נאר קיינע ווערטער געפונען צו ענטפערן.

— דאס קינד, דאס קינד! — האט ער געמורמעלט — דאס קינד איז פון דאַנען צוגענומען געווארען ערשט פאר פופצעהן מינוטען פון א גוטהערציגען בעלגיער, וועלכער האט עס געריכטליך אדאָפּטירט אלס וואייזענקינד (יתום). וויא איז דאס מעגליך געוועזן פיר אונז צו וויסען, אז דאס קינד האט א פאטער!

וויא א דאָנערשלאַג האט דיעזע אנטוואָרט געטראָפען דעם אונגליקליכען פעדאראָוו און דעם גענעראל. דער לעצטערער האט זיך האלב־אָהנמעכטיג אראָפּגעלאָזען אויף א שטוהל, וועהרענד פעדאראָוו האט זיך אנגעהאלטען אן דירעקטאָרס טיש, אום ניט אומצופאלען. בארסקי אליין האט זיך נאך שנעל צורעכט געפונען.

— וויא הייסט דער מאן וואס האט דאס קינד אדאָפּטירט? — האט ער געפרעגט דעם דירעקטאָר.

— דאס קען איך אייך גלייך זאגען — האט דיעזער געענטפערט, נעהמענדיג א דיקען בוך און אויפשלאָגענדיג איהם — דער מאן הייסט פעטער מילמאן, איז א בעלגיער און וואוינט אין „האָטעל האָלאנד", רינג־שטראסע נומער 47.

— וויא לאנג איז עס וויא ער האט דאס קינד גענומען?

— זויא איך האב אייך געזאגט, ערשט 15 מינוטען.

— דען שנעל אהין, נאך דעם „האָטעל האָלאנד" — האט דער גענעראל אויסגערופען עטוואס מונטערער, האָפענדיג, אז זיי וועלען נאך דאס קינד באלד געפינען.

בארסקי האט אבער צווייפלענדיג געשאָקעלט דעם קאָפּ.

— דער בעלגיער מילמאן געפעלט מיר ניט — האט ער געזאגט — א גוטהערציגער מענש האנדעלט ניט אזוי איבעראיילט. פון דירעקטאָרס בוך איז צו זעהן, דאס דער מאן האט שוין מיט א וואָך צוריק געהאט אלע נייטיגע פאפיערען צו נעהמען דאס קינד פון דאנען — ווארום האט ער זיך אזוי געאיילט דיא פאפירען אויסצרווירקען? און ווארום האט ער באלד דאס קינד פון דאנען ניט גענומען. דיא מעשה איז ניט גלאַט, מיינע פריינדע, מיר מוזען שנעל זיך נעהמען פאר'ן זוכען.

נאכדעם וויא דער דירעקטאָר פון דער אנשטאלט האט אויסגעדריקט זיין בעדויערן און האט פערשפּראָכען בעהילפיג צו זיין אין זוכען, זיינען דיא דריי ווייטער ארויסגעגאנגען לויפענדיג און האבען זיך ארייגעזעצט צוריק אין קארעטע. פעדאראָוו איז געוועזן בלאַס וויא דער טויט און דער גענעראל איז געוועזן אין שרעקליכער אויפרעגונג.

— וער אין טייפעלס נאמען איז דער בעלניער ? — האט דער גענעראל גע־פרעגט.

— נאך מיין מיינונג, א העלפער פון אַלגא ברעסטאָווסקי און געראַלד ווער־רענין.

— דאס איז דאך אבער גאר ניט מעגליך!

— אלעס איז מעגליך, גענעראל, ווען עס שטעהט אין אויסזיכט אזא פעטע ירושה.

— איך וועל דאך אבער דיעזע שלאַנגען צוטרעטען מיט מיינע פיס! — האט דער גענעראל אויסגערופען, קריטצענדיג מיט דיא ציינער און שטאמפענדיג מיט'ן פוס.

— דאס וועט אונז וועניג העלפען — האט דער קאלטבלוטינער און איבערלייג־טער בארסקי געענטפערט — פונקט פארקעהרט, מיר טאָרען זיי אויף קיין פאל ניט לאזען מערקען, אז מיר זיינען זיי חושד אין אזא זאך. געריכטליך האבען מיר נעגען זיי קיינע בעווייזע און ווען זיי וועלען זיך פאר אונז ניט היטען, וועלען מיר שנעל אויס־געפונען וואו דאס קינד איז.

דיא קאַרעטע איז מיט דיא דריי מענער שנעל געפאָהרען צום „האָטעל האַלאנד". דאָרטען האבען זיי ערפאהרען, דאס מיט א פּאָר וואָכען צוריק האט זיך ווירקליך רעדזשיסטירט אין האָטעל א מאן מיט דעם נאמען, אבער שוין א וואך וויא ער איז פון דאָרט ארויסגעפאָהרען, זאָגענדיג דאס ער ציהט אריבער צו א פריינד.

ניעדערגעשלאָגען און מיט א געפיהל פון טיעפען שמערץ האבען זיך דיא מענער דאן געשיעדען. גענעראל מארושקין און פעדאָראָוו זיינען געפאָהרען נאך דעם האָטעל „צום רוסישען האָף", אזוי וויא מארושקין האט פעדאָראָוו'ן ניט מעהר אָפּגעלאָזען פון זיך; בארסקי איז געלאָפען צו זיין פריינדליכען פּאָליציי־בעאמטען, דורך וועמעס פער־ווענדונג דאס קינד איז געבראכט געוואָרען נאך וויען, אום איהם מיטצוטהיילען וואס עס האט פּאסירט און צו פרעגען זיין ראטה.

אָבגלייך דער גענעראל האט זיך פאָרגענומען צו מאכען א גוטע מינע צום בייזען שפּיעל און ניט צו לאָזען מערקען פאר אָלגא און געראלד ווערענין וואס עס געהט פאָר ביי איהם אין הערצען געגען זיי, האט ער עס דאך אזוי לייכט ניט געקענט מאכען. זיין אָפענע נאטור האט עס ניט געקענט בעווייזען, זיך אזוי צו פערשטעלען און קוים האט ער דערזעהן אין האָטעל אָלגא און געראלד, האט זיין צאָרן אויפגעלאָדערט און עס האט ניט פיעל געפעהלט ער זאָל זיך א וואָרף טאהן וויא א גערייצטער טיגער אויף געראלד ווערענין. אָבער דער אנבליק פון פעדאָראָוו'ן, וועלכער האט אויף איהם א בליק געטאהן וויא איינער וואס בעט זיך ער זאָל עס ניט טאהן און זאָל ניט פער־

דארבען דיא אויסזיכט אויף צו געפינען דאס קינד, און דער געדאנקען דאס עס וועט ארויסקומען דערפון א מיאוסער סקאנדאל, האט איהם צוריקגעהאלטען פון דעם און־ אונטערדריקענדיג אין זיך דיא פלאמע פון צאָרן איז ער אריין צו זיך אין צימער, גע־ פאָלגט פון פעדאָראָוו'ן, וועלכער האט קיינעם פון ברודער און שוועסטער ניט בע־ גריסט.

דאס בענעהמען פון גענעראל און דאס פּלעצליכע ערשיינען פון פעדאָראָוו'ן וועט־ מען אָלגא האט אויפ'ן ערשטען בליק דערקענט, האבען דער שוועסטער און דעם ברודער פיעל מעהר געזאגט, אלס גענעראל מארושקין האט געוואלט זיי זאָלען פאר־ שטעהן, און קוים האט זיך דיא טהיר פערשלאָסען הינטער גענעראל מארושקין און פעדאָראָוו, האט גערואלד ווערענין אָנגעקוקט זיין שוועסטער מיט א פיעל־זאָגענדען בליק און האט דאן געזאגט :

— עס שיינט אז מיר זיינען פערראטהען, שוועסטער.

— פערראטהען? ניין אָבער ע ר ר א ט ה ע ן פיעלייכט.

— איינס איז אזוי שלעכט וויא דאס אנדערע.

— דא איז יעדענפאלס מעהר פאר אונז קיין פלאַץ ניטאָ און וואס פריהער מיר וועלען דיעזען פלאַץ פערלאָזען, איז אלץ פאר אונז געזונטער. נאכוויזען קען מען אונז גאר ניט און פאר דער פּאָליציי זיינען מיר זיכער. דאס קינד איז פאָרלויפיג אויך אין זיכערע הענד און וואס עס איז אונז איצטער ניט געלונגען דורך אונז אליין, וועט אונז שפּעטער געלינגען דורך דאס קינד. ווען דער גענעראל מאכט צו מיט איין אויג, דאן וועט אונז ניט שווער זיין צו ווייזען ווער דאס קינד איז און איהם מאכען צום יורש. דערוויילע אבער קענען מיר דאָ לייגגער ניט בלייבען. איך דיינק נאך דיעזען אבענד צו פערלאָזען וויען און עסטרייך.

— און איך? — האט גערואלד געפרעגט אונרוהיג.

— דוא געהסט צוריק נאך רוסלאנד און זעהסט, אז מיין קאָמיסאר זאָל פער־ קויפען מיין אימיעניע. דוא ביסט נאך דערוויילע קאָמיסאר אין גענעראלס אימיעניע און איידער ער זעהט זיך ארום און קומט אהין וועסטו האבען צייט עטוואס געלד אין האנד צו קריעגען און צו קומען צו מיר. מיר האבען קיין אנדער אויסוועג ניט. גע־ גערואלד און פּאַק איין, מיר האבען קיין צייט צו פערליערען.

קוים איז איהר ברודער ארויסגעגאנגען, האט זיך אָלגא אפּגעשפּארט מיט'ן קאָפּ אן איהרעביידע הענד, און וועהרענד איהרע אויגען האבען געפונקעלט פון אינערליכער אויפרעגונג, האט זיא גערעדט צו זיך אליין: „דורך דיין קינד וועל איך דיך נאך אמאָל געפינען, פעדאָראָוו!“ דוא האסט פעראכטעט מיינע ליעבע און האסט פאָרגעצויגען

מאריא צוליעב איהר רייכקייט. דיעזע רייכקייט זאָל אריינפאלען אין מיינע הענד אוי דיין קינד זאָל זיין דיא אורזאכע דערפון! אך, וויא זיין ערשיינען האט אפגעפרישט דיא אלטע וואונדען אין מיין ברוסט! זיין בלאַסעס געזיכט און דיא טרויערענדע, מאַטע אויגען מאכען איהם נאך פיעל אנציהענדער וויא א מאהל...

א היבשע ווילע איז זיא נאך אזוי געזעסען פערטיעפט אין אזעלכע געדאַנקען, דאן האט זיא זיך געזעצט צום שרייב־טיש און האט אויפגעשריעבען פאָלגענדע בריעף:

מיין וואָהלטהעטער און פעטערליכער פריינד!

מיט א בלוטענדען הערצען האב איך היינט בעמערקט דיא ענדערונג אין אייער בענעהמען זיך געגען מיך, וועלכע האט אייך ליעב וויא א געטרייע טאָכטער און וועלכע האט אייך צו פערדאַנקען איהר לעבען און אלעס וואס זיא איז און וואס בעזיצט. אייער אויסזעהנונג (שלום־מאכען) מיט דעם מאן וואס האט פון אייך געראויבט א טאָכטער און פון מיר א שוועסטער און א פריינדין, ערקלערט דיעזע ענדערונג אין אייך. איך וויל ניט זיין קיין געגענשטאנד פון שטענדיגען ערגער פאר מיין וואָהלטהעטער און איך בעגיעב מיך פרייוויליג אין פערבאַנונג. וועהרענד איהר וועט לעזען דיעזע ציילען, וועט זיך אייער ארעמע אונגליקליכע אָלגא מיט איהר ארעמען פערלאָזענעם ברודער זיך שוין געפינען אויף א צוג, וועלכער וועט זיי אוועקטראָגען וויים־ווייט פון זייער אמאָהליגען גליק. פון זייער פריינד און וואָהלטעטער. לעבט וואָהל און פערצייהעט אייער עוויג־ליעבענדע און געטרייע טאָכטער

אָלגא.

דיעזען בריעף האט אָלגא פערזיעגעלט אין א קאָנווערט און האט אָנגעקלונגען. דער טהיר וועכטער איז אריינגעקומען.

— דאָ איז א בריעף פיר דעם גענעראל — האט אָלגא געזאגט איהם איבער־געבענדיג דעם בריעף - איהר זאלט איהם אבער איצטער ניט שטערען מיט׳ן איבער־געבען דעם בריעף, ער איז ניט וויכטיג; אָבער אזוי שנעל וויא דער גענעראל וועט זיך כפרעגען וועגען מיך זאָלט איהר איהם דעם בריעף איבערגעבען; איך פאָהר יעצט ים מיט הערען ווערענין.

— זעהר גוט, מאדאַם.

א פאָר קעלנער פון האָטעל האבען דערווייל געהאָלפען געראַלדען פערפאַקען דיא זאכען וועלכע ער האט זיי אָנגעוויעזען און אונטען אין האָטעל האט ער ערקלערט, דאס ער פערררייזט מיט זיין שוועסטער אויף א פאָר וואָכען נאך רוסלאַנד צוריק און זיי וועלען באלד צוריק קומען נאך וויען. דיא לייטע אין האָטעל האבען קיין פערדאַכט

געהאט, אזוי וויא זיי האבען געוואוסט, דאס דיא פערהעלטניסע פון גענעראל צו גערהאלד און זיין שוועסטער, זיינען אימער געווען וויא פון א פאטער צו קינדער.

אלס גערהאלד האט אָנגעזאגט זיין שוועסטער דאס אלעס איז פערפאקט און דאס א קארעטע שטעהט אוןווארט, האט זיא זיך ווידער געזעצט צום שרייב־טיש, האט אויפגעשריעבען נאך א בריעף, האט איהם פערקלעפט אין א קאָנווערט און האט אויף איהם אויפגעשריעבען פוכארינס אדרעסע. דאן האט זיא זיך אויפגעהויבען ארויס־צוגעהן. דורכגעהענדיג דעם האָטעל אונטען האט זיא דעם בריעף מיט א גולדען איבערגעגעבען א דיענסט־מאַן, מיט דעם אויפטראג גלייך אוועקצוטראָגען דעם בריעף.

קוים האבען זיך ברודער און שוועסטער ארייננעזעצט אין קארעטע און דיעזע האט זיך געריהרט פון אָרט, אלס אָלגא האט געזאגט: „איך פאָהר נאך פאריז, גע־ראלד און דוא געה נאך היינט צוריק נאך פאָדאָליען. דא איז דער גאנג צו ענג און מיר טאָרען דא קיין טאָג ניט בלייבען. איך ציטער, אז דער גענעראל וויים מעהר אלס מיר דיינקען, און איך וועל מיך ניט בערוהיגען, ביז דאס קינד וועט זיין אין פאריז.

עס האט שוין אנגעפאנגען צו ווערען אבענד, אלס דיא קארעטע איז געקומען צום באהנהויף און פונקט אין דער צייט, אום צו נעהמען א שנעל־צוג נאך שטראס־בורג. אָלגא האט זיך צוקושט מיט'ן ברודער און איז אריין אין וואגאָן, ווערענד גע־ראלד איז געבליעבען ווארטען אויף א צווייטען צוג, וועלכער געהט נאך גאליציען און דער רוסישען גרעניץ.

אין עטליכע שטונדען שפעטער איז געקומען אויף דעמזעלבינען באהנהויף איינע געוועהנליכע ארבייטער־פרוי, מיט איין ארעם־געקליידעטען פיער־יעהריגען שלאָפעדיגען קינד אויף דיא הענד. ביי גענויערע בעאבאכטונג וואָלט מען אין דער פרוי געקענט דערקענגען פוכארינס דיענסט־פרוי און אין דעם קינד, פעדאראָוו'ס איינגעל. דיא פרוי מיט דעם קינד האבען געווארט אויף א צווייטען צוג נאך שטראסבורג. דאס איז געוועזען דיא ווירקונג פון דעם בריעף, וועלכען אָלגא האט אוועקגעשיקט צו פוכארין.

7טעס קאפיטעל.

## נ י י ע  אָ פ פ ע ר.

אונגעפעהר צוואנציג מאָנאטע זיינען פערפלאָסען נאך דעם וואס מיר האבען דא אויבען געשילדערט.

עס איז געווען א זאָנטאג אין מאָנאט מאי, נאך גאנץ פאר־טאָג, אלס פריילין

נינא ערמאַנד, דיא טאָכטער פון א פּאַריזער רייכען האַלץ־פאבריקאַנטען, האט ארומ־שפּאַצירט איבערן גרויסען הויף, וועלכער האט אבגעטהיילט דיא ריעזיגע זעג־פאבריק פון זייער וואָהנונג, וועלכע איז געלעגען ניט ווייט פון פּאַריז, ביין איינגאַנג אין דעם בעריהמטען פאבריק־שטעטיל סאינט־דעני.

דער נאַכט־וועכטער וואס האט א גאַנצע נאַכט געהיט דיא געביידען פון פאב־ריק און איצטער געהאט בדעה צו געהן נאך הויז און געניעסען עטוואס שלאָף, האט העפליך בעגריסט דיא יונגע דאַמע און האט געזאגט:

— וויא, מיין פריילין, אזוי פריה זייט איהר שוין אויף אייער רונדע?

— איהר ווייסט אז איך בין געוואוינט פריה אויפצושטעהן — האט דאס יונגע מעדכען געזאגט, ענטפערענדיג פריינדליך אויף דעם וועכטערס גרוס — פאר אייך אבער איז עס שוין שפּעט גענוג און שוין לאַנג צייט אייער פּלאַטץ צו פערלאָזען און נאך הויזע צו געהן.

דערמיט האט זיא זיך אומגעדרעהט אום ווייטער צו געהן, אבער נאך עטליכע טריט איז זיא ווידער געבליעבען שטעהן, האט זיך האלב אומגעדרעהט און גע־פרעגט:

— איז מיין פאטער געקומען נאך הויזע אין מיטען נאַכט?

— ניין, מיין פריילין, ער איז וויא עס שיינט געבליעבען אין פּאַריז נעכטיגען צוליעב דיא פאָרבערייטונגען וועלכע ער האט דאָרט צו מאַכען צו דעם היינטיגען פעסט.

— אזוי שיינט עס צו זיין — האט דאס מעדכען געענטפערט.

— האט ער עטוואס צו בעפעהלען, מיין פריילין? — האט דער וועכטער גע־פרעגט.

— ניין, איך דאַנקע אייך. איהר קענט געהן צו אייער רוהע, דאָרט קומט שוין סיי־וויא־סיי הערר וועררן...

ווען דער נאַכט־וועכטער האט נאך געהאלטען אין אוועקגעהן איז אונטערגעקו־מען הערר יאָזעף ווערן, דער ווערקמייסטער (פאָרמאַן) פון דער פאבריק און גריסענדיג דיא טאָכטער פון זיין הערר'ן, האט ער געזאגט:

— וויא עס ווייזט אויס, פריילין, קענט איהר ניט אוועקוואַרפען דיא געוואוינ־הייט פריהער אויפצושטעהן וויא יעדער אַנדערער.

— וואונדערט דאס אייך, ליעבער הערר ווערן? — האט דאס מיידיל געענט־פערט שפּאַסענדיג — מיין פאטער בלייבט אזוי אָפט אין פּאַריז, זיין פערטרעטהער און

אינזשעניער הערר מישעל איז אויף רייזען און ווען איך זאל אויף ניט אכטונג געבען אויף דיא פאבריק, וואס ווער פון איהר ווערן?

— דער שפאס איז אויסגעצייכענט, מיין פריילין, אבער דאך ליעגט אין איהם א שטיק אמת. אלע וואס ארבייטען אין פאבריק זעהן אייך גערן און ארבייטען פלייסיגער ווען איהר זייט דערביי.

אזוי ריידענדיג האט דער ווערקמייסטער געעפענט דיא טהיר פון פאבריק און האט בעמערקט: „היינט האב איך נאר דורכצוגעהן דיא פאבריק־הייזער, אזוי וויא ארבייטען וועלען מיר ניט, וויל נאך געסטערן האב מיר שוין ערהאלטען דעם אויפטראג אלע מאשינען אוועקצושטעלען.

נינא איז אויך איינגעטרעטען אין דיא געעפענטע פאבריק־האלע, וועלכע איז געווען אנגעפילט מיט אלערליי מאשינען אלטע און נייע. דיא פאבריק איז עררייכטעט געוואָרען נאך מיט א יאָהר פיערציג צוריק, פון נינא׳ס גרויספאטער פון איהר מוטערס זייטע. לעבען א נייער מאשינע, וועלכע איז נאך ערשט געווען אין גאנג זייט עטליכע מאָנאטע, איז נינא געבליעבען שטעהן.

— אה, איהר בעטראכט דיא לעצטע ערפינדונג פון הערר מישעל! — האט דער ווערקמייסטער געזאגט שמייכלענדיג.

— ארבייטעט זיא גוט, דיא מאשינע?

— איך זאל עס דיינקען! מיט איהר געווינט מען צייט, ארבייט און מאטעריאל, זיא צושניידעט דאס האָלץ ניט מיט זעגען, נאר מיט מעסערס און עס איז גאר במעט קיין אבפאל ניטאָ. דיא מאשינע האט געמאכט א גאנצע ענדערונג אין דעם פאך. ווען אייער גרויספאטער זאָל איצטער לעבעדיג ווערען וואלט ער זיין אמאָהליגע פאבריק גאר ניט מעהר דערקענט; הערר מישעל האט זיא מיט זיינע פערבעסערונגען און ערפינדונגען אומגעענדערט גאר אין גאנצען. — ווייסט איהר פילייכט, מיין פריילין, ווען הערר מישעל קומט צוריק פון דער רייזע?

— איך דיינק אז ער דארף שוין דיא טעג קומען; דארפט איהר איהם דען אזוי נייטיג?

— זעהר נייטיג, מיין פריילין! פאר זיין אברייזע האט ער מיר געגעבען דעם אויפטראג אויף ארבייטען פיר דריי מאָנאטע, עס זיינען שוין אבער פיער מאָנאטע פאַראיבער און אזוי וויא אייער פאטער פלעגט זיך געוועהנליך אום דיא פאבריק ניט פיעל בעקימערן. . . .

— אזוי ווייט וויא איך וויים האט מיין פאטער אליין איבערוואכט דיא אבלאָ־

דונג פון דעם גאנצען האַליז, וועלכעס העדר מישעל האט פאר אונז אין רוסלאנד אַנ־געקויפט.

— דאס איז ריכטיג! העדר ערמאַנד האט אליין איבערגענומען דיא גאנצע לאַדונג האַליז און האט זיא געלאַזען אויפשפייכערן דאָרטען הינטער דיא פאַבריקע, אונטער דעם גרויסען דאַך. דאָרטען מוז זיין א גוואַלטיגער פאַרראַטה (זאַפאַס).

— גאנץ ריכטיג, פיר עטליכע מיליאָנען פראנק, לויט וויא איך האב געהערט מיין פאטער זאגענדיג. ער רופט עס א גרויסע שפעקולאציאָן.

— וואהרשיינליך וועט מען אבווארטען ביז העדר מישעל וועט צוריקקעהרען און דאן ערשט וועט מען זיך נעהמען פאר יענע לאַדונג האַליז.

— וואהרשייגליך, העדר ווערן.

אזוי ריידענדיג זיינען ביידע ארומגעגאנגען דיא גאנצע געביידע מיט דיא מאַשי־נען; מיט אמאָהל האבען זיך געלאזט הערען טריט און שטימען פון עטליכע מענער, און ווערן האט בעמערקט:

— דא קומען שוין דיא לייטע וועלכע איך האב בעשטעלט, אום איינצוריכטען דיא פאַווילאָנס פיר דיא געסט, וואס וועלען זיך צו הייראַהריגער פעסטליכקייט צו־זאמענקומען.

— האט מען דען ניט בעשטעלט א טאַפּעצירער מיט געהילפען אהער צו קומען צו דעם צוועק, וויא אלע יאָהר?

— געוויס, אבער מיר מוזען דיא מאַשינען אפּרוקען אן א זייט אום צו שאַפען דעם נייטיגען פּלאַטץ.

נינא האט נאך אמאָהל געוואָרפען א בליק אויף דעם פאבריק־רוים און איז דאן ארויסגעגאנגען, ענטפערנדיג אין פאָרבייגעהן אויף דיא העפליכע גריסע פון דיא ארביי־טער מיט א חן׳עווּדיגע קאָפּ־בעוועגונג. ניט־ווילענדיג האט זיא נאך א מאהל בעד־טראַכטעט פון ווייטען א קליינעס אפּגעטהיילטעס צימער מיט דער אויפשריפט: „ביוראָ פון אינזשינער". דאן איז זיא צוריקגעגאנגען אין דיא פּראַכטפאָלע וואוינונג, וועלכע איהר גרויספאטער האט נאך געלאזען בויען אלס איהר מוטער האט געהייראַטהעט, און וועלכע זיא האט איצטער בעוואוינט נור מיט איהר פאטער.

דורכגעהענדיג דעם גרויסען זאַל אין דער וואוינונג, אין וועלכען מען עמפּפאַנגט געוועהנליך געסט, איז זיא געבליעבען שטעהן פאר דעם לעבענסגרויסען שיינעם בילד פון איהר פערשטאָרבענער מוטער, און האט געזאגט וויא ריידענדיג צו איהר מיט א שמערצליך־בעוועגטער שטימע:

— ארעמע, געליעבטע מוטער! ווארום ביסטו אזוי יונג אוועק פון דער וועלט?
— אַ, יעצט בעגרייף איך וויא זעהר דוא האסט געמוזט ליידען!...

מיט אַ זיפץ איז זיא גענאנגען ווייטער, איז ארויף אויפ'ן צווייטען שטאָק, אין איהר צימער, און האט זיך געזעצט ביי אַ פענסטער, אָנשפארענדיג איהר קאָפּ אויפ'ן האנד.

פאר איהרע בליקען איז געלעגען ווייט און בּרייט דיא פלאַכע אומגעגענד פון סאינט־דעני, וועלכע ליעגט צווישען דיעזער פאַרשטעטעל און פאריז. אלעס איז נאך געווען איינגעוויקעלט אין אַ לייכטע חמארע און נור גאנץ שוואך האבען זיך געזעהן פון וויטען דיא פעסטונג־וואלען פון פאריז. באלד אבער האט זיך דער נעבעל אויפגע־הויבען און דיא זאָנע האט אנגעהויבען צו שיינען אין פולער קלארהייט.

דאס יונגע מיידעל האט זיך ארויסגערוקט דורכ'ן פענסטער און האט געריכטעט איהר בליק אויף דעם וועג וועלכער פיהרט פון פאריז נאך סאינט־דעני. זיא האט בעד טראַכטעט גענוי יעדען וואגען וואס האט זיך נאר בעוויעזען פון וויטען, ביז ער פלעגט פארבייפאָהרען איהר פענסטער וואס איז ארויסגעקומען אויפ'ן וועג. אבער ביי יעדעם נייעם וואגען וואס פלעגט ערשיינען און פארבייפאָהרען, פלעגט זיא זיך אָפּזיפצען מיט ענטטוישונג און פלעגט ווידער אָנהויבען צו קוקען אויף דאס נייע. נור איין מאהל האט איהר איהר קאמערמעדכען געשטערט אין איהר בעאָבאכטונג, אלס זיא האט געעפענט דיא טהיר און האט געפרעגט וואס פאר אַ קלייד זיא דיינקט אנצוטהאָן פיר דיא היינטיגע פעסטליכקייט.

— עס איז נאך דא צייט גענוג דארויף — האט דאס מעדכען געענטפערט פער־דריסליך און האט זיך ווייטער ניט געלאזט שטערען. זיא האט זיך ווידער ארויסגע־רוקט דורכ'ן פענסטער, ערווארטענדיג איהר פאָטער, וויא זיא פלעגט טהאָן כמעט יעדען פריה מאָרגען.

דיא אוהר האט געשלאגען ניין, אלס דאס מיידעל האט אויסגערופען: „אָה דאָרטען קומט ער!"

זיא איז שנעל ארונטערגעלאָפען דיא טרעפּ, האט דורכגעאיילט אונטען דאס הויז און דעם קליינעם גארטען פארן הויז, און האט זיך אניעדערגעשטעלט פאר דער אָפענער גיטער־טהיר, ערווארטענדיג דיא אָפענע קארעטע וועלכע האט זיך געוויעזען פון וויטען צופאָהרענדיג. אין קאָרעטע איז געזעסען אַ מאן האלב־דרימלענדיג, מיט אַ פארלאָשענע ציגאר אין דיא פינגער.

דער קוטשער, וועלכער האט שוין פון וויטען דערזעהן דיא טאָכטער פון זיין

הערך, האט זיך געווענדעט צו דעם שלאפענדען מאן אין קארעטע און האט געזאגט: מיר זיינען צו הויזע, מיין הערר.

הערר ערמאנד האט זיך א האפ געטהאן ניט־טוויט־ניט־לעבעדיג און האט זיך ארומגעקוקט. אלס ער האט דערזעהן דיא טאכטער ביי דער גיטער־טהיר האט ער גע־מורמעלט מיט פערדרוס:

— איז עס גאר ניט מעגליך דאס מיידעל צום שכל צו ברייננען! זיא שפירט מיר נאך מיינע וועגען און שטעגען און ווארט אויף מיין צוריקקומען נאך הויז פונקט וויא איהר מוטער פלעגט עס טהאן. דאס ווערט מיר אונערטרעגליך!

דער וואגען איז אריינגעפאהרען אין גרויסען הויף, און אלס דער וואגען איז גע־בליעבען שטעהן פארן הויז, איז דאס יונגע מיידעל צונעאיילט צום פאטער און האט איהם אויסגעשטרעקט איהרע ארעמס אנטקעגען, זאגענדיג מיט א שמייכעל:

— גוט מארגען, פאפא.

— דוא ווייסט וויא פיינט איך האב צו טרעפען דיך פאר'ן טהיר ווען איך קום נאך הויז — האט הערר ערמאנד געזאגט פערדריסליך.

— איך בין דא נור גאנץ צופעליג — האט זיך דאס מעדכען פערענטפערט — וויא דוא ווייסט, ליעבער פאפא, שטעה איך אימער אויף פארטאג און וויא איך בין אזוי געגאנגען בעטראכטען מיינע בלומען האב איך דערהערט דיין וואגען קומענדיג.

אזוי ריידענדיג האט זיא דעם פאטער צערטליך אומארעמט; דיעזער אבער האט זיך פון איהר ארויסגעדרעהט, בעמערקענדיג:

— רעכט, רעכט, אבער מיר האבען היינט ניט פיעל צייט פיר אומארמונגען.

— הערר ווערן איז שוין מיט זיינע לייטע בעשעפטיגט ביי דיא פארבערייטונגען צום פעסט.

— דאס איז מיר רעכט! איך האב געסטערן דעם גאנצען טאג פערבראכט מיט דעם דירעקטאר, אום דיא לעצטע פארבערייטונגען צו בעזארגען און אזוי וויא מיר זיי־נען געסטערן דערמיט ניט געקומען צו ענדע בין איך צוליעב דעם געבליעבען נעכטיגען אין פאריז, אום היינט פריה דיא אונטערהאנדלונגען פארטזעטצען. איצטער איז אלעס אין ארדנונג. מען וועט איבערדעקען דעם גאנצען הויף מיט א דאך און איהם פער־וואנדלען אין איין גרויסען זאל פיר דיא געסט. דיא אינעווענינגסטע פערציערונגען זיינען שוין אויך בעשטימט געווארען. האפענטליך האסט דוא שוין אויך דיין טואלעטע פערטיג?

— יא, ליעבער פאפא.

— דאס האב איך ליעב. איך וויל אז דוא זאלסט ערשיינען אין פאלען גלאנץ.

איצטער געה אין דיין צימער און לאָז מיר רוהיג דיא נעטהינע איינריכטונגען בעאויפ־זיכטיגען.

נאך דיא ווערטער איז הערר ערמאַנד אריין אין זיין וואָהנונג, וועהרענד זיין טאָכטער, קוים צוריקהאלטענדיג איהרע טרעהרען, האט זיך אריינגעכאַפּט אין צימער און האט זיך א וואָרף געטאָהן אויף א דיוואן ביי איהר מוטערס בילד, פערדעקענדיג איהר געזיכט מיט איהרע הענד.

— טהייערע מוטער — האט זיא געמורמעלט — אזוי פלעגט ער דיך אויך בעגעגנען ווען ער פלעגט פערשוואונדען ווערן אויף עטליכע טעג און פלעגט דאן צו דיר צוריקקעהרען. דאמאלס בין איך נאך געוועזן קליין און פלעג ניט בעגרייפען פאר וואָס דוא פלעגסט וויינען אזוי פיעל; אבער איצטער פערשטעה איך אלעס און האב מורא נאך מעהר צו פערשטעהן...

פון הויף האט זיך געלאָזט הערען דיא שטימע פון איהר פאטער, וויא אזוי ער האט זיך געבייזערט און געשריען באלד אויף דעם און באלד אויף יענעם, האט זיך געמישט צווישען דיא ארבייטער און האט דיא ארבייט מעהר געשטערט אלס געהאָלפען. ער האט געליארעמט פאר וואס דער וואגען פון טאפּערציערער איז נאך ניטאָ און ווען דיעזער איז געקומען האט ער ווידער געשריען, פאר וואס ער האט זיך אזוי פערזאמט, קורץ, ער האט זיך געוויעזען אונפריינדליך צו יעדערן.

וועהרענד דאס איז אזוי געגאנגען איז צוגעפאָהרען א פיאקער צום הויף און א הויך־געוואקסענער, שעהן־אויסזעהענדער יונגער מאן איז פון איהם אויסגעשטיגען. ער איז מיט שנעלע טריט צוגעלאָפען צו יענעם פּלאטץ, וואו ער האט פון וויטען געזעהן דיא לייטע ארבייטענדיג. דערזעהענדיג איהם איז ער ערמאנד זעהר בלאס געוואָרען, וועהרענד נינא, וועלכע איז צוגעגאנגען צום פענסטער ווען דער פיאקער איז צוגעפאָהרען, האט העכסט ערפרייט אויסגערופען:

— אַ, מישעל איז צוריקגעקומען, טאַמאַס מישעל.

דער ווערקמייסטער יאָזעף ווערן איז דעם יונגען גאסט געקומען אַנטקעגען און האט איהם געדריקט דיא האנד, וועהרענד דיא פאבריק־ארבייטער האבען ארומגערינגעלט דעם העכסט־בעליעבטען יונגען אינזשינער און יעדערער פון זיי האט איהם הערצליך בעגריסט.

הערר ערמאַנד אליין איז געבליעבען קאַלט און צוריקהאלטען; ער האט אָנגעקוקט דעם יונגען מאן אזוי אונפריינדליך, דאס דיעזער האט איהם פערוואונדערט געזאגט:

— מיר ווייזט כמעט אויס, דאס מיינע אנקונפט האט אייך ניט אנגענעהם איבערראשט.

— ווירקליך, איך האב אייך היינט נאך ניט ערוואַרטעט — האט ערמאַנד געענטפערט.

— איך בין ערשט פאר א האלבע שטונדע אָנגעקומען אויפ'ן נאָרד־באהנהאָף, האב גענומען א פיאקער און בין געפאָהרען גלייך אהער...

— און האט אפילו אייער מוטער ניט בעגריסט...

— ניין, איך בין געפאהרען גלייך, ווייל עס האט מיך געדריינגט אייך צו זעהן וואס פריהער, און אייך אָפּגעבען רעכענשאַפט איבער דיא ערפאָלגע פון מיינער רייזע.

ביסלאַכוויז האט זיך הערר ערמאַנד ערהאָלט פון זיין איבערראשונג און האט ווידער אָנגענומען זיין געוועהנליכע, הויכמוטהיגע מיענע. ער האט פאררויכערט א ציגאַר, האט נאך געגעבען דיא ארבייטער וועלכע בעפעהלע, און האט זיך דאן געווענדעט צום יונגען אינזשעניער אין א שאַרפען אונפריינדליכען טאָן:

— ווילט איהר מיט מיר ארייגגעהן אין הויז? דאָרטען קענען מיר בעסער אונזערע זאכען בעשפּרעכען.

מישעל האט זיך צושטימענד פערנייגט און איז אין דער זייטע פון זיין שעף ארויפגעגאנגען דיא עטליכע טרעפּעלאך, וועלכע האבען געפיהרט אין דאס הויז, טראַכטענדיג ביי זיך, וואס קען דאס זיין דיא אורזאַכע וואס מען האט איהם אזוי קאַלט אויפגענומען, אלס ער איז איינגעטרעטען אין זאַל האט ער בעמערקט וויא דורך דיא טהיר אנטקעגען איז א ווייבליכע געשטאלט פערשוואונדען געוואָרען, „דאס איז נינא" — האט דער יונגער געזאגט צו זיך אליין און זיך קעהרענדיג צו זיין שעף האט ער צו געזעצט זעהר העפליך: „דארף איך מיר ערלויבען צו פראַגען וואס פריילין נינא מאכט?"

— פריילין ערמאַנד איז פריש און מונטער — האט יענער געענטפערט און האט אנגעוויעזען אויף א שטוהל: זעצט זיך, ביטע.

דאן האט ער געעפענט א פענסטער אין הויף אריין און האט געזאגט: „איהר וועט מיר ערלויבען פון דאנען דיא ארבייטער צו איבערוואַכען, אין דער צייט וואס איהר וועט מיר מיטטהיילען דעם בעריכט פון אייער רייזע, וועלכען איך בין בערייט אויסצוהערען.

מישעל, וועלכער האט זיך ניט געקענט געבען צו ערקלערען דאס זאָנדערבאַרע

בענעהמען פון זיין שעף, האט זיך געזעצט איהם אנטקעגען און האט אנגעהויבען זיין בעריכט:

— לויט דעם אויפטראג וואס איהר האט מיר געגעבען מיט פיער מאָנאטע צו־ריק האָב איך בעזוכט דיא גרעסטע פאבריקען אין אונזער פאך אין דיא נערדליכע לענדער, אום קענען צו לערנען זייער מעטהאָדען און איינריכטונגען, הויפּטזעכליך אָבער אום צו ערווערבען האָלץ פון א בעסערער קוואליטעט און צו ביליגערע פרייזען וויא ביז יעצט.

— גוט, גוט, מאכט עס קירצער, איך האב היינט ניט פיעל צייט.

— ווען איהר ווינשט קענען מיר פיעלייכט דיא אונטערערדונג לאָזען אויף מאָרגען.

— ניין, דערציילט נור וויטער.

— איך האב דורכגערייזט גאנץ שוועדען און נאָרוועגען, האב בעזעהן זייערע גרעסטע פאבריקען און זעג־מיהלען. אָבער וויא איך האב אייך שוין פון דאָרט גע־שריעבען האבען מיר פון זיי קיין נייעס ניט צו לערנען. אונזערע מאשינען מיט זייערע נייע פערבעסערונגען זיינען פאָלקאָמענער וויא זייערע.

— ווייטער, ווייטער — האט דער שעף געזאגט אונגעדולדיג.

— פון נאָרוועגען בין איך געגאנגען דירעקט נאך סאנקט־פּעטערסבורג, וואו עס געפינט זיך א גרויסער מארקט פיר האָלץ, וועלכעס געהט פון דאָרטען מיט׳ן וואַ־סער איבער רינא נאך אויסלאנד. דאָרטען האב איך אויך געמאכט דיא גרויסע איינקויפע פאר אייך. דיא פרייזען וועלכע איך האב אייך נאָטירט אין מיין לעצטען בריעף פון פּעטערסבורג האבען אייך פיעלייכט אויסגעוויעזען עטוואס צו הויך, אָבער דערפאר איז דיא קוואליטעט פון האָלץ אויסעראָרדענטליך גוט. אזוי דאס מיר וועלען פון איהם כמעט גאר קיין אבפאל ניט האבען. קורץ, איך האף, אז איהר וועט דערביי מאכען איין זעהר פאָרטהיילהאפטעס געשעפט.

— דאס האף איך אויך — האט הערר ערמאנד געענטפערט; — דאס האָלץ איז פאר איינינע טעג אָנגעקומען, איך האב עס אליין גענומען אין עמפפאנג און בין מיט דער קוואליטעט פון דיא וואארע זעהר צופריעדען.

— אזוי? דאס האָלץ איז שוין דא?

— געוויס! איבערראשט אייך דאס?

— דאס ניט, דען איך האב אייגענטליך אָפּגעמאכט, אז דאס האָלץ זאָל גלייך געליעפערט ווערן, אָבער איך האָב קיין בעזאָנדערעס צוטרויען געהאט צו דעם רוסישען

עקספעדיטאָר, וועלכען איך האב אנפערטרויט דיא וואארע נור דערפאר, ווייל איהר האט מיר אויסדריקליך אזוי בעפאָהלען צו טאהן.

— איך בין גאנץ ערשטוינט דאס פון אייך צו הערען, הערר מישעל. האב איך דאן ניט אויספיהרליך געשריעבען, דאס איך האב דאס פאָלסטע פערטרויען אין יענעם עקספעדיטאָר, העררן פוכארין?

— געוויס און דאס זאג איך אויך, אז ווען איהר וואָלט מיר דאס ניט אזוי דייטליך געשריעבען, וואָלט איך יענעם מאן קיינמאָהל ניט אנפערטרויט קיין וואארע פון מעהר אלס דריי מיליאָן ווערטה.

— וואס האט איהר דען מורא געהאט דערביי?

— איך האב מורא געהאט דאס ער וועט שלעכט פערלאָדען, אָדער — א קשיא אויף א מעשה — ער זאָל ניט אומבייטען אונזערע גוטע האָלץ אויף ערגערע. און דערצו נאך האב איך אפילו ניט געהאט דיא געלעגענהייט צו זיין דערביי וויא ער האט געלאָזען ארויפלאָדען אונזערע וואארע אויפ'ן דאמפף־שיף אין ריגא, ווייל פונקט צו דער לאָדונג האב איך ערהאלטען אייער טעלעגראמע, איך זאָל גלייך פאָהרען אין דיא צענטראל־גובערניעס פון רוסלאנד...

— איהר מעגט זיין רוהיג אין דיזער הינזיכט; איך האב געהאט דיא אלער־בעסטע עמפפעהלונגען וועגען העררן פוכארין און וויא אונבעגרינדעט אייער פערדאכט איז געוועזען קענט איהר זעהן דערפון, דאס דיא געהילץ וואס איהר האט אנגעקויפט איז אָנגעקומען אין בעסטער אָרדנונג, וויא איך האב מיך אליין איבערציינט. איך האב דעם גאנצען פאָרראטה געלאָזען אויפשפייכערן דאָרט אונטער דעם גרויסען דאך, הינ־טער דיא פאבריק־געביידען און האב עס שוין אויך געלאָזט פערזיכערן געגען פייער. — אלזאָ, דערציילט געפעליגסט ווייטער.

— מיינע ווייטערדיגע רייזע איז ליידער ניט אינטערעסאנט, איך האב ערפילט אייער וואונש און בין געפאהרען ביז צו דער וואָלגא, אבער עס איז געוועזען גאנץ איבער־ריג. דיא פערבינדונגען וועלכע איך האב אָנגעקניפט אין פעטערסבורג און אין ריגא, וועלען געגוג זיין אויף פיעלע יאָהרען אונז צו בעזאָרגען מיט דעם נייטיגען מאטעריאל. מיינע רייזע אהין האט אלזאָ גאר קיין צוועק ניט געהאט און דיא צוויי מאָנאטע וואס איך האב אויף איהר פערבראכט זיינען אזוי גוט וויא פערלאָרען.

אזוי וויא מישעל איז ענטשוויעגען געוואָרען, האט איהם זיין שעף געפרעגט:

— איז דאס אלעס וואס איהר האט מיר מיטצוטהיילען?

— יא.

— רעכט, דאן מעגט איהר דעם רעסט פון היינטיגען טאָג צוברייננען מיט אייער

**מוטער און זיך נעהמען מאָרגען פיר אייערע געוועהנליכע בעשעפטיגונג. אלזאָ, אויף ווידערזעהן ביז מאָרגען!**

**דערביי האט זיך הערר ערמאַנד אויפגעהויבען, האט געמאכט צום אינזשינער** א לייכטע בעוועגונג מיט דער האנד צום אבשיעדס־גרוס, און האט שוין געהאט בדעה צו פארלאָזען דעם זאַל, אלס דער יונגער אינזשינער האט זיך געווענדעט צו איהם מיט דער פראגע:

— און האט איהר מיר ניט מעהר וואס צו זאגען?

— ניין.

— דאן ערלויבט מיר געפעליגסט מיר עטליכע ווערטע אייך צו זאגען.

— איהר מעגט ריידען.

— נאך א לאנגער, שווערער רייזע וועלכע איך האב געמאכט פאר אייך און אין אייער אינטערעסע, קום איך ווידער נאך פאריז צוריק, און האב נור דעם איינ־ציגען געדאנקען, וואס שנעלער אהער צו קומען צו אייך, אום אייך אָפצוגעבען א בער־ריכט און מיך צו שטעלען אונטער אייער פערפיגונג, און האב מיך אפילו ניט פערגונען די צייט צו בעגריסען מיין מוטער, און איהר רייכט מיר אפילו ניט אייער האנד צום גרוס? . . .

אויפגעבראכט האט הערר ערמאַנד ארויסגעפּלאצט:

— דאס טרעפט מיר דאס ערשטע מאהל אין מיין לעבען אז מיינער א בעאמ־טער זאל וואגען מיט מיר אזוי צו ריידען!

— פיליייכט האב איך אויך דערצו איין גרעסערעס רעכט וויא אנאנדערער — האט מישעל שטאָלץ געענטפערט.

**דיא ביידע זעטצע, פון שעף וויא פון אינזשינער, זיינען אזוי לויט געשפּראָכען** געוואָרען, דאס דיא ארבייטער אויפ'ן הויף האבען זיי דערהערט, און ווערן, דער אל־טער ווערקמייסטער, האט בעמערקט:

— אָהאָ! וויא עס שיינט זיינען דיא ביידע ניט גאנץ אייניג אונטער זיך.

— איך האָף אז איהר זייט שוין צו ענדע מיט אייערע טענות — האט ערמאַנד געזאגט, ווארפענדיג א בייזען בליק אויף זיין אינזשינער.

— ניין איך וויל נאך א פראגע אן אייך שטעלען.

— איהר מיסברויכט מיינע נאכזיכט און מיינע צייט; דען איהר ווייסט זעהר גוט, דאס איך גיעב היינט א פעסט און דיא פאָרבערייטונגען פיר דיזעס פעסט, נעהמען מיינע גאנצע צייט אין אנשפרוך.

— געוויס ווייס איך דאס איהר גיט א פעסט דעם ערשטען זאָנטאג אין מאי

יעדעס יאָהר און איך מוז זאגען דעם אמת, דאס גראד צוליעב דעם פעסט בין איך געפאָהרען וויא טאָג אזוי נאכט, ניט אונטערבראָכען, אום היינט אָנצוקומען אהער —

— און איך, פון מיין זייט, מוז אייך אויך זאגען דעם אמת, אז פאר דיענסטאג מיטוואָך פון דיעזער וואָך האב איך אייך גאר ניט ערוואַרטעט.

— אין דעם פאַל דאַרף איך אלזאָ פערשטעהן אייערע פריהערדיגע ווערטער „אויף וויעדערזעהן מאָרגען", דאס זיי מיינען אזוי פיעל, אז איהר ווילט מיך פריהער וויא מאָרגען ניט וויעדערזעהן?

— אָהנע צווייפעל!

— ביז היינט פלעגט איהר מיר דאָך אימער דיא עהרע ערווייזען מיך איינצולאַדען יעדעס מאָהל צו אייער מאַי־פעסט?

— בין איך געוועזן אונגערעכט, וויא איך זעה איצטער איין — און דעריבער וועט עס ווייטער ניט געשעהן.

— זאָל זיין אזוי.

— איך ווינש איבערהויפט, אז איהר זאָלט אין דער צוקונפט ניט פערגעסען, וועלכע שטעלונג איהר נעהמט ביי מיר איין.

— איהר מעגט זיין גאנץ רוהיג, איך וועל דאס ניט פערגעסען. ענטשולדיגט מיר וואס איך האב ארויפגעפיהרט אויף דיא רייד; פריהער אָדער שפּעטער וואָלט סיי־וויא־סיי געמוזט קומען דערצו. איך מוז אייך אבער צו גלייכער צייט פערזיכערן, דאס איך האב אזא בעהאנדלונג פון אייך ניט ערוואַרטעט.

— וואס ווילט איהר דערמיט זאגען, מיין הערר?

— איך וויל דערמיט זאגען, מיין הערר, דאס אין דיא צעהן יאהר וועלכע איך האב געהאט דיא עהרע צו ארבייטען פיר דיעזעס געשעפט, איז מיר געלונגען צו דער־האלטען ביין לעבען א געשעפט, וועלכעס איז שוין געוועזן לאַנג נאהענט צום אונטער־גאנג. אנשטאט אויסצוניטצען מיינע ערפינדונגען פיר זיך אליין, האב איך זיי געשטעלט צו אייער פערפיגונג און האב זיי פערווענדעט אין אייער פאַבריק און האב דורך דעם גערעטעט אייער פערמעגען. איך בין געוועזן נאַריש גענוג, אוועקצולייגען אלע מיינע פעהינקייטען און קרעפטע פיר אייער פאַבריק, פונקט וויא זיא וואָלט געוועזן מיינע. איצטער טרייבט איהר מיך איינפאַך ארויס אויפ׳ן גראָבסטען אופן, נאכדעם וויא איך האב אייך געגעבען א נייעם בעווייז פון מיינע ערגעבענהייט צו אייך.

— איך האב אייך דאָך ניט געזאגט, אז איך שיק אייך אוועק.

— אָ, איהר דארפט ניט מורא האבען, אז איך וועל אייך דיא מיהע געבען

מיך אוועקצושיקען. איך וויל מיר בעסער נעהמען דיא עהרע און פאַרערן מיין ענט־לאַסונג.

— ווארום?

— ווארום? — האט מישעל וויעדערהאָלט, טרעטענדיג גאנץ נאָהענט צו הערן ערמאַנד און קוקענדיג איהם גלייך אין דיא אויגען — איך טרעט ארויס פון אייער דיענסט, ווייל איך האב ליעב פרייליין נינא, אייער טאָכטער.

— איהר ליעבט מיין טאָכטער?

— דאס ווייסט איהר שוין לאַנג. און נור אום אונז צו שיידען האט איהר מיך געשיקט אויף רייזען, מיר ווינשענדיג אין הארצען איך זאָל גאר ניט צוריק קומען. איך נעהם מיינע ענטלאַסונג, ווייל מיר פאסט ניט צו ערטראגען אזא שעהנדליכע בעהאנד־לונג אין א הויז וואו עס וואוינט איין יונגעס מעדכען, וועלכעס איך ליעב און פערעהרע, און וועלכעס איך אכטע פיעל מעהר וויא איהר אליין טהוט עס.

— נענוג, מיין הערר, איהר פערגעסט זיך וואו איהר זייט! האט ערמאַנד אויס־גערופען אין העכסטער וואוטה, ווייזענדיג צום טהיר.

— אדיע! — האט מישעל געזאגט און האט אין העכסטער אויפרעגונג פארלאָ־זען דאס הויז, וועהרענד זיין שעף האט צו זיך אליין געזאגט: „איך מעג מיר ווינשען גליק דאס איך בין פון איהם בעפרייט געוואָרען.“

8טעס קאפיטעל.

## אונטער איין אנדער מאַסקע.

אזוי שנעל וויא אלעקסאנדער מישעל האט פארלאָזען דאס הויז פון פאבריקאנט ערמאַנד, איז דיעזער וויעדער ערשיענען אין הויף ביי דיא ארבייטער, און האט אר־בערוואכט דיא ארבייט מיט דער גלייכגילטיגסטער מיענע וואס ער האט נאר געקענט אננעהמען. דעם טאפעציערער, וועלכער איז געוועזן בעשעפטיגט מיט זיינע געהילפען ביים איבערציהען דאס דאך, האט ער עטליכע מאהל אונטערגעאיילט, רופענדיג: „מאכט עס שנעל, נאר שנעל! צו מיטאג מוז דיא ארבייט פערטיג זיין, ווייל מען וועט דאן ברייננען דיא בלומען מיט דיא גירלאַנדען...

פארבייגעהענדיג זיין ווערקמייסטער האט ער ניט־ווילענדיג בעמערקט וויא ער האט זיך אָפגעקעהרט פון איהם מיט א פינסטערען געזיכט.

— וואס איז אייך, וועַרן?

— מיר? ניכטס!

— נאר ניט געלייקענט! איהר ווייסט איך האב פיינט אז מען זוכט זיך פון מיר

אזוי ארויסצודרייען. אויך פערשטעה איך זעהר גוט אז איהר דיינקט איצטער אן אייער פריינד מישעל.

— נון, אז איהר ווילט עס דורכאויס וויסען — יא! מיר האבען געהערט אייער צאנקעריי מיט איהם דורכ'ן אָפענעם פענסטער, און האב געהערט דאס ער האט גע־נומען זיין ענטלאַסונג — איהר קענט אייך געוויס דיינקען אז אונז איז דאס ניט גלייכ־גילטיג. מיר ארבייטען זייט יאהרען מיט איהם און אונטער איהם, און עס איז אונטער אונז ניטא קיין איינציגער וואס זאָל איהם ניט ליעב האבען. ער איז צו יעדערן אלע מאהל געווען פריינדליך און גוט. איך האב קיינמאל ניט געזעהן אָדער געהערט, אז ער זאָל ענטלאַסען איין ארבייטער. איז דאס ניט וואהר, לייטע?

מיט דער לעצטער פראַגע האט זיך ווערן געהאט געווענדעט צו דיא פאַבריק־ארבייטער וואס זיינען ארום איהם יעצט געווען בעשעפטיגט און אלע האבען מיט איין קול נעענטפערט: „גאַנץ ריכטיג, אזוי איז עס!“

הערר ערמאַנד האט צוגעשמייכעלט מיט שפּאָט אויף דיא ליפּען און האט געזאגט:

— איך האב אין דער בעציהונג א גאנץ אנדערע מיינונג! שוין א היבשע צייט וויא מיר געפעלט גאַר ניט וויא אזוי הערר מישעל בענעהמט זיך ביי מיר. ער קרימט זיך אזוי פונקט וויא ער וואָלט געווען דער גאנצער בעל הבית. צום גליק האט עס איצטער גענומען איין ענדע און איך וואָלט ניט וועלען, אז מען זאָל מיר פון איהם נאָך ריידען. יענע וועלכע האבען דעם העררן מ־שעל מעהר גערן וויא מיך, דארפען עס נור זאָגען; איך וועל זיי ניט הינדערן נאכצוגעהן דעם העררן מישעל.

דיא ארבייטער האבען זיך אָפּגעקעהרט און האבען געטאהן זייער ארבייט מיט פערדריסליכע געזיכטער. געגען מיטאג־צייט זיינען זיי מיט זייער ארבייט געווען צו ענדע.

איין פּראַכטפאָלעס דאך פון לייגוואַנד אין בלויע און ווייסע שטרייפען האט אריבערגעדעקט דעם גאנצען רוים פון הויף און האט אויף דעם אופן פערבונדען דיא וואָהנונג מיט דיא פאַבריקען. דיא ערשטע געביידע פון דיא פאַבריקען איז אומגע־וואַנדעלט געוואָרען אין איינע האַלע צום ערפרישען זיך און איז אפּגעטהיילט געוואָרען פון דיא ארבייטס־רומען דורך א שווערע רויטע דראַפּעריע וואס איז געהאנגען וויא א ריעזיגער פאָרהאַנג.

א צוקער־ווערק־בעקער פון פאריז איז אָנגעקומען און א בלומען גערטנער איז געקומען צופאָהרען מיט אלערליי פלאַנצונגען און האט זיך גענומען פאר דיא ארבייט פון אויסשטעלען דיא בלומען און אויפהיינגען גירלאַנדען. הערר ערמאַנד איז געשטאנען

און בעטראכט דיא ארבייט אלס א דיענער איז צוגעקומען און האט איהם געמעלדעט, דאס זיינע טאָכטער ערוואַרטעט איהם אין שפּייזע־זאַל.

— גוט, איך וועל קומען — האט ער געענטפערט, און א ווײלע שפּעטער איז ער ווירקליך אויך ארויפגעגאנגען דיא עטליכע טרעפּ וואס האבען געפיהרט צו זיין וואוינונג, מורמלענדיג פאר זיך: „מיט איהר וועל איך ניט אזוי לייכט פערטיג ווערען!“

— אין שפּייזע־זאל האט איהם ערווארטעט נינא, וועלכע איז געוועזען שוואַרץ געקליידעט, מיט א בלאַסען געזיכט און פארוויינטע אויגען.

— דוא האסט געוויינט מיין קינד? — האט איהר דער פאטער געפרעגט, זעטצענדיג זיך.

— איך בעדויער זעהר וואס דוא בעמערקסט עס, דען איך האב אלעס מעגליכע געטהאן אום דיא שפּורען פון מיינע טרעהרען אפּצווּווישען.

— דוא ווייסט אז איך מערק אלעס — בעזאָנדערס דאס וואס מען וויל פון מיר בעהאלטען.

— איך האב קיין זאך ניט צו בעהאלטען.

— דאן וועסט דוא מיר אלזאָ זאגען וואָרום דוא האסט געוויינט?

— געוויס, ליעבער פאטער. ווען דוא ביסט פריהער אריינגעקומען מיט דעם הערן מישעל אין גרויסען זאל, האב איך איהם ערשט געהאט פארלאָזען און בין געווען אין דעם צווייטען צימער, וואו איך האב געהערט אייער געשפּרעך.

— דוא האסט אלזאָ געהערט אונטערן טהיר?

— אַח, ניין! דאס האב איך גאר ניט בעדארפט; איהר האט ביידע אזוי געשריען, דאס מען האט אייער יעדעס וואָרט נאך ווייטער געקענט הערען.

— דאס איז נאך בעסער; אז דוא האסט יא געהערט אליין, קען איך מיר פארשפּאָרען דיא ארבייט דיר צו מאכען אלערליי מיטטהיילונגען. דוא ווייסט אלזא דאס הערר מישעל פארלאָזט אונז — —

— דאס הייסט, דוא צווינגסט איהם דערצו.

— דורכאויס ניט! ער האט אליין איינגעזעהן, אז דא איז פאר איהם מעהר קיין פלאַץ ניטאָ.

— מיט אנדערע ווערטער הייסט עס, דאס אזוי וויא דוא דיינקסט זיך בענעהמען איהם און אזוי וויא ער האט שוין דיין פאַבריק ווידער געבראכט אין א בליהענדען צושטאנד און האט דיר זיינע ערפינדונגען אוועקגעגעבען אומזיסט...

— נענוג, פרייליין! — האט איהר דער פאטער אונטערבראָכען מיט כעס — איך קען דאס אויף קיין פאַל ניט ערלויבען דאס אזא יונגע מיידיל וויא דוא ביזט זאָל קריטיקירען איהר פאטערס האנדלונגען! רייד מיר ניט מעהר פון דעם מענשען, וועלכער איז אליין גאָר ניט און האט גאָר ניט און פון דעסטוועגען האט ער נאך דיא העזה מיר צו זאָגען, דאס ער ליעבט מיין טאָכטער! — קום, לאָמיר פריהשטיקען און פערגעס ניט אונזער היינטיגעס פעסט.

נעהענדיג מיט איהר פאָטער צום פריהשטיק־טיש האט נינא צוגעזעצט:

— דוא פערלאַנגסט איך זאָל דיר ניט מעהר ריידען פון הערן מישעל און איך וויל דיר געהאָרכען, אָבער איין זאך פערלאַנג איך פון דיר, דוא זאָלסט מיר ניט בעהאנדלען וויא א קליינע מיידעלע, וועלכע איך בין ניט מעהר און גאָר אין קורצען ווער איך אויך גרויסיעהריג (מינדיג).

אָהאָ, אזוי ווייט איז דאס נאך לאַנג ניט געקומען! — האט דער פאטער גערעטפערט העפטיג, פיהרענדיג זיך מיט דער האנד איבערן שטערען — נענוג דערפון! מיר שיינט, אז דוא ווילסט מיר מאַראל־פריידיגען האלטען פונקט וויא דיין מוטער פלעגט עס טאָהן.

— מיין מוטער איז געווען א הייליגע דולדערין!

— נו, געוויס, דאס פערשטעהט זיך! לאָמיר בעסער ניט ריידען דערפון.

— נינאַ האט אראָפּגעלאָזען דיא אויגען און אין דער גאנצער צייט פון עסען האט זיא מעהר קיין וואָרט גערעדט. זיא האט דעם פאטער מיט אבזיכט ניט דערצעהלט, דאס ווען מישעל האט פערלאָזען דאס הויז, האט זיא איהם געוואָלט נאכלויפען איהם אנהאלטען און זאָגען איהם איין פריינדליכעס וואָרט. זיא איז אָבער צו אויפגערעגט געווען דערפאר. אויף דער שוועלע פון סאלאָן איז זיא אניעדערגעפאלען און איז עטליכע מינוטען געלעגען אין בעוואוסטלאָזען צושטאנד. דאן ערשט האט זיא זיך מיט מיהע אויפגעהויבען און וויינענדיג איז זיא ארויף צו זיך אין צימער וואו זיא האט זיך אויפגעהאלטען ביז צום עסען, ווען זיא איז אריין אין שפּייזע־זאַל, אום צו ערוואַרטען איהר פאטער. עס האט איהר אונגעהייר פיעל שמערץ געמאכט צו וויסען, דאס דער מאנן, וועלכער ווערט פון איהר געליעבט, ווערט פון איהר פאטער אזוי געהאסט.

נאכ'ן פריהשטיק האט זיך הערר ערמאַנד געווענדעט צו זיין טאָכטער אין א פריינדליכען טאָן, פונקט וויא עס איז צווישען זיי גאר ניט פאָרגעפאלען:

— איך קען דיר ניט זאָגען, נינאַ, וויאַ שטארק מיר ווילט זיך, אז דוא זאָלסט יינטיגען אבענד אָנקליידען וואָס שענער. עס וועלען ערשיינען מעהרערע פאַר־

נעהמע יונגע מענער, איינער שטאַטליכער און אנגעזעהענער וויא דער אַנדערער, און אלע ווינשען אויפריכטיג מיט דיר נעהעגטער בעקאנט צו ווערען. דוא געפעלסט זיי אלעמען און ביי מיר איז דאס קיין וואונדער ניט, דען איך וויים ניט פיעל מיידלאך וואָס זיינען אזוי היבש וויא דוא.

— וויא איך פערשטעה האסט דוא זיך שוין פיעלייכט אונטער יונגע מענער אויסגעזוכט איין איידעם ?...

— געטראָפפען! אָבער איך וועל דיר אין דיין וואהל ניט שטערען. איך געהער ניט צו יענע עלטערן וואס ווילען זייערע טעכטער מיט געוואַלד ארויפצווינגען א מאַנן. איך האב ליעב מיינע אייגענע פערזענליכע אונאבהענגיגקייט און לאָז אויך אנדערע פריי זיין אין זייערע האנדלונגען.

— נו, איך קען דיר אין פאָראויס ערקלערן, אז דער מאַן וועלכען איך האב ליעב וועט דאָ היינט ניט זיין ביי אונז צום פעסט.

— וואס הער איך! — האט ערמאַנד אויסגערופען אין צאָרן — בילדעסט דוא זיך איין, אז איך וועל צולאָזען דאס מיין טאָכטער זאָל הייראַטהען עפּעס א שמיקעל אינזשינער!

נאך איידער דער פאטער האט געענדיגט דיעזען זאַטץ האט נינאַ פערלאָזען דאס שפייזע־צימער און האט זיך צוריקגעצויגען אין איהר צימער. איהר פאטער דאַגעגען איז אריין אין זיין רויך־צימער, האט זיך פארראויכערט א ציגאַר, האט זיך אריינגעזעצט אין א בעקוועמען לעהן־שטוהל און פערררייסענדיג דיא אויגען צים שופּיט האט ער בעטראַכטעט דיא קליינע וועלקעלאך רויך וואס האבען זיך געצויגען פון זיין ציגאַר, ביז ער איז איינגעשלאָפען.

אלס ער האט זיך אויפגעחאפּט, האט ער א בליק געטאָהן אויף זיינע אוהר און עס איז געוועזן באלד פינף.

— וויא ? בין איך ווידער איינגעשלאָפען! שוין דאס דריטע מאהל אזוי צייט נאכ'ן פריהשטיק! — האט ער זיך אליין געמאכט דעם פאָרוואורף.

דא האט זיך פּלוצלונג אָפּגערופען א שטימע הינטער איהם אין א שפּעטישען טאָן:

— נעהמט זיך אין אכט, מיין ליעבער, דאס איז א סימן, אז דאס עלטער רוקט זיך נעהענטער.

הערר ערמאַנד האט זיך איבערראשט אומגעדרעהט און זעהענדיג ווער דאס רעדט, האט ער אויסגערופען שטאמלענדיג און פערלעגען:

— אָה, גרעפין! איהר זייט א בריה אויף שטעך־ווערטלאך!

זיך שנעל אויפהויבענדיג האט ער געקיסט דיא האנד פון דער שיינער גרעפין, וועלבע איז קיין אנדערע געווען, אלס דיא אונז בעקאנטע אלגא ווערענין אדער גרעפין ברעסטאווסקי און האט געזאגט:

— איך האף איהר זייט נאך ניט לאנג דא!?

— א גוטע האלבע שטונדע!

— דאס איז דאך א סקאנדאל! פאר וואס האט מען מיר ניט אנגעמעלדעט, אז איהר זייט געקומען?

— דערפאר וואס איך האב ניט געלאזען. איך בין געקומען אהער אום צו זעהן אייערע פארבערייטונגען פיר היינטיגען אבענד און האב געפרעגט נאך פרייליין נינא. אייער טאכטער אבער שיינט היינט קיינעם ניט צו עמפפאנגען און איך בין געצוואונגען געווען מיך נאכצופרעגען אויף אייך. מען האט מיר געזאגט, אז איהר זייט אין רויך־צימער און איך האב אייך געוואלט איבערראשען ניט אנגעמעלדעטערהייד. ביי מיין איינטרעטען האב איך אייך געפונען שלאפענדיג, און עס וואלט געווען א רציחה אייך צו וועקען, דען איהר האט אזוי זאנפט געשלאפען און האט אזוי געשמאק און אנגענעהם געהראפעט, דאס ער איז געווען א וואהרעס פערגעניגען אייך זא צו בע־אבאכטען.

— גרעפין, איהר זייט ווידער דא מיט אייערע שטעך־ווערטלאך!

— איך מיין גאר ניט צו זאגען אייך שטעך־ווערטלאך. איך האלט עס נאר פאר גלייך פון צייט צו צייט אייך צו דערמאהנען, אז איהר זייט ניט מעהר קיין יונגער אינ־געלע — אבער גיט מיר אייער ארם און פיהרט מיך דורך דיא אויפגעפוצטע רוימע פיר אייער היינטיגעם פעסט.

מיט גרויסער העפליכקייט האט הערר ערמאנד אויסגעוויעזען דער רוסישער גרע־פין אלע איינריכטונגען פיר דעם אבענד.

— פראכטפאל! רייצענד! — האט זיא עטליבע מאהל אויסגערופען — אייערע געסט וועלען איינפאך זיין ענטציקט.

— ווען איהר זייט צופריעדען איז מיר גענוג — האט ערמאנד געענטפערט זעהר גאלאנט — מיין בעשטרעבען איז אז איהר זאלט צופריעדען זיין.

— ווילט איהר שווייגען אדער ניט! ווען דאס זאל דערהערן אייער טאכטער.

— א, וואס קימערט מיך מיין טאכטער?

פון דעם איבערגעדעקטען און אין גאנצען בעפוצטען הויף זיינען זיי געגאנגען דורך דעם בופעט, דארטען האבען זיי פאנאנדערגעצויגען דעם פארהאנג וואס האט

ריזען רוים אָפּגעטהיילט פון די מאַשינען, און זיינען באַלד געשטאַנען אליין אין דעם גרויסען רוים וואס איז געווען אָנגעפילט מיט מאַשינעריע.

— קען אונז דאָ ווער הערן? — האט די גרעפין געפרעגט זיך ארומקוקענדיג אין אלע זייטען.

— ניין — האט הערר ערמאָנד געענטפערט — דאָ זיינען מיר גאַנץ אליין; האט איהר מיר עטוואס מיטצוטהיילען?

— איך האב אייך נאר געוואלט זאגען, דאס מיין ברודער, דער פירסט געראַלד ווערעניון, וועט מיך היינט אבענדס אהער בעגלייטען.

— מאַכט מיר פיעל עהרע! האט ער נאך אימער די זעלביגע אבזיכט?

— נאך מעהר וויא אימער. ער האט אייער טאָכטער ניט לאנג געזעהן אין דער אָפּערא און ער געפינט אז זיא איז רייצענד. אבער נינא ווייס דאָך נאָך דערוויילע פון גאָר ניט?

— קיין וואָרט! איך האב איהר פון דעם פירסטען נאך קיין מאהל ניט געשפּראָכען. נאך היינט, ביים פריהשטיק, האב איך איהר געזאגט, דאס איך האב אפילו אין אויסזיכט א שוויגערזאהן נאך מיין געשמאַק, אבער איך וועל איהר אין איהר וואהל ניט שטערן.

— פאָרטרעפליך!

— אבער דערנאָך, גרעפין, דיינקען מיר אויך אן אונזער פערבינדונג, ניט וואהר?

— לאָמיר פריהער דורכפיהרען די פערבינדונג פון מיין ברודער מיט אייער טאָכטער; איהר ווייסט דאס אונזער פערבינדונג הייננט אפּ פון זייערע. — אבער זאגט מיר, איך בעט אייך, וואס פאר א נייעס האב איך דא פריהער געהערט, הערר מישעל איז צוריקגעקעהרט פון דער רייזע, איז דאס וואהר?

— יא, אבער איהר מעגט זיך בערוהיגען, גרעפין, איך האב איהם זעהר שנעל געוויזען די טהיר, און נאך מעהר, איך האב עס אזוי געשיקט געמאַכט, דאס ער האט זיך אליין ענטזאגט פון זיין שטעלע אין מיין פאבריק.

— און איהר האט נאטירליך זיין ענטזאגונג אנגענומען?

— געוויס.

— דאס איז גוט. זיין פארבלייבען דא אין הויז קען אלעס פארדארבען.

— אזוי האב איך אויך געטראַכט. איצטער זיינען מיר אויף אימער פון איהם בעפרייט.

— דאן בין איך רוהיג און וועל אייך איצטער פערלאַסען.

-- וויא? שוין?

— איך מוז דאך נאך מיין טואלעטע מאכען, דען איך וואלט דאך ניט וועלען אין גאנצען פערדונקעלט ווערען פון אנדערע דאמען.

— דאס איז גאר ניט מעגליך; איהר זייט אומעדום און אלע מאהל דיא שענס־טע פון זיי אלע.

— איהר שמייכלער! — האט דיא גרעפין געזאגט מיט א קאָקעטער בעוועגונג און האט צארט א קלאפּ געטהאן מיט איהר פעכער איהר בעגלייטער איבערן מונד, אלס דיעזער האט אנגענומען איהר האנד און האט אויף איהר ארויפגעדריקט א הייסען קוס.

ער האט דיא שיינע רוסין צוגעפיהרט צו איהר וואגען און איז נאך געשטאנען א היבשע ווייל פאר׳ן הויז, נאכקוקענדיג איהר וואגען אזוי לאנג ביז ער איז פער־שוואונדען געוואָרען.

— וואס פאר א פּרעכטיגע, ליעבענסווירדיגע פרוי דאס איז! — האט ער גע־מורמעלט פאר זיך.

נאכדעם וויא ער האט זיך נאך אמאהל איבערצייגט דאס אלע זיינע בעפעהלע זיינען דורכגעפיהרט געוואָרען, איז ער ווידער ארויף צו זיין טאָכטער.

נינא האט האסטיג צוגעשלאָסען א קעסטעלע מיט בריעף, וועלכע זיא האט גע־האלטען אין לעזען, אזוי שנעל וויא זיא האט דערזעהן איהר פאטער.

הערר ערמאָנד האט זיך געמאכט פונקט וויא ער האט קיין זאך ניט בעמערקט און האט מיט א שמייכעל געזאגט:

— איך האב גאר געוואלט פרעגען אויב דיר געהט קיין זאך ניט אָב?

— ניין, איך דאנקע! מיין טואלעטע איז אין גאנצען פערטיג. אויסערדעם האב איך בעשטעלט אז מען זאל דיר גרייטען צום אבענדעסען ביי דיר אין צימער, אזוי וויא מיר קענען ניט עסען צוזאמען אין שפּייזע־זאל היינט אבענדס.

— זעהר גוט, מיין טאָכטער! איך דאנק דיר דערפאר וואס דוא זעהסט אלעס פאָראויס. אלזאָ, אויף וויעדערזעהן, מיין טאָכטער, שפּעטער.

ער האט גאנץ רוהיג געשפּייזט ביי זיך אין צימער, און האט זיך דאן גענומען פיר זיין אייגענע טואלעטע, פיר דעם באַלפעסט. דאס איז געווען ניט קיין קליינע שטי־קעל ארבייט. צוערשט האט ער געמוזט ווידער איבערפארבען דיא האָר, וועלכע הא־בען אנגעהויבען ארויסצו־ווייזען זייער גראָהקייט דורך דיא אָפּגעבלאַקירטע שווארצע פארב, און דאן האט ער אויך געמוזט דיא געזיכטספארבע א ביסעלע צופּוטצען און דיא קנייטשען אויפ׳ן געזיכט א ביסעלע פארדעקען. ענדליך איז דאס אלעס געענדיגט

געװוען און ארום ניין אוהר אבענדס איז ער אויפגעטרעטען, בליהענדיג וויא א יונגער מאן, אין דער עלעגאנטסטער קליידונג, מיט א קאָסטבארע בלומע אין קנאָפּ־לאָך פון זיין פראק, ארומקוקענדיג דיא רוימע פון דעם פעסט, וועלכע האבען געשטראהלט פון א בלענדענדען ליכטער־גלאַנץ.

נינא ערמאַנד איז געשמאַנגען אינמיטען גרויסען זאַל אין וועלכען מען עמפּפאַנגט דיא געסט און האט בעקאנט די א גאנצע איינריכטונג מיט א קענער־אויג, וויא איין ערפאהרענע הויז־פרוי.

ערמאַנד, איהר פאטער, האט זיך אין שפּאַס פאר איהר פערנייגט און בעטראכטענדיג איהר אנצוג, האט ער געזאגט:

— וױיסטו דאס דוא ביזט וואונדערבאר שעהן? דיא ווייסע שפּיטצען קליידען דיך צום ענטציקען.

— דאס זיינען מיין מוטערס שפּיטצען.

— דוא האסט דאָך אבער גאר קיין ציערונג ניט אָנגעטאהן?

— דיא בראָשע וועלכע מיין מוטער פלעגט טראגען איז גענוג פיר מיך.

— ניט אפילו א בלימעלע אין דיא האָר? איך מוז דיר אָבער זאגען, אז דיינע האָר זיינען שעהן און געשמאַקפאָל פריזירט . . .

— אזוי פלעגט עס אויך מיין מוטער טראגען.

ערמאַנד איז געוואָרען עטוואס פערדריעסליך איבער דיא אנטוואָרטען און האט זיך אָפּגעקעהרט, מורמלענדיג פיר זיך:

— דיא שטענדיגע פערהערליכונג פון איהר מוטער ווערט מיט דער צייט אונערטרעגליך. איך קען דאָך דיא פערשטאָרבענע, וועלכע איז שוין עלף יאָהר טויט, ניט אייביג בעווייזען — אָה, דא קומען זיי! — האט ער זיך אליין איבערגעשלאָגען אלס ער האט דערזעהן דיא גרעפין ברעסטאָווסקי אריינטרעטענדיג אין זאַל — אָ גרעפין וויא דאנק איך אייך, דאס איהר קומט דיא ערשטע!

אָלגא ברעסטאָווסקי איז איינגעטרעטען געשטיצט אויפ'ן ארם פון איהר ברודער, גענעראַלד ווערעניין, וועלכער האט יעצט געטראגען לאנגע בלאָנדע שנורבארד (וואנצעס) און האט מיט זיין הויכער שטאטור און מיט זיינע בלויע אויגען געמאכט ניט קיין שלעכטע ערשיינונג.

— ערלויבט מיר, הערר ערמאַנד, אייך פאָרצושטעלען מיין ברודער — האט דיא גרעפין געזאגט אויפ'ן קול מיט אבזיכט, כדי נינא זאָל עס הערען.

— איך בין העכסט ערפרייט, מיין פירסט, אייך דאָ ביי מיר צו בעגריסען —

האט ערמאַנד געענטפערט מיט אזא צערעמאָניע, פונקט וויא ער וואָלט געראַלד ערשט געזעהן צום ערשטען מאָהל.

שוועסטער און ברודער זיינען איינגעטרעטען אין סאַלאָן, געפיהרט פון דעם הויז־ווירטה. דיא גרעפין האט הערצליך געגריסט נינאַ'ן. דיעזע האט עמפפאַנגען דיא גרעפין און איהר ברודער זעהר קיהל, און אזוי וויא אין דעם אויגענבליק זיינען נאך אנדערע געסט צוזאמענגעקומען, האט זיא זיי געלאָזען שטעהן מיט איהר פאטער און האט געהאיילט צום איינגאנג, אום צו טאהן אויך דאָרטען איהרע פפליכט אלס פאָר־שטעהערין פון הויז.

מיט א שטונדע שפעטער זיינען דיא זאלען איבערפילט געווען פון געסט. עס איז צוזאמענגעקומען איינע עלעגאנטע געזעלשאפט פון לייטע וואס געהערן פאריזער רייכע און צום פאריזער אדעל. מען האט אונטער זיי אויך געקענט בעמערקען פיעלע אויס־לענדער. דיעזע זיינען כמעט אלע געוועזען פערזענליכע בעקאנטע פון גרעפין אָלגא ברעסטאָווסקי און זיינען איינגעלאדען געוואָרען נור דערפאר ווייל זיא האט עס פער־לאנגט.

דעריבער איז עס אזוי אויסגעקומען, דאס נאכדעם וויא דיעזע אלע זיינען פאָר־געשטעלט געוואָרען פאר נינאַ ערמאָנד, האבען זיי באלד אומגעבען דיא גרעפין, איהר ערווייזענדיג אלע מעגליכע ליעבענסווירדיגקייטען און קאָמפלימענטען, פונקט וויא זיא וואָלט געווען דיא איינענטהימערין פון הויז.

נינאַ האט, וויא דיא מאָדע איז, געטאנצט אין פערלויף פון דעם אבענד מיט אלע יונגע מענער מיט וועלכע זיא איז געווען בעקאנט און וועלכע זיינען איהר פאָר־געשטעלט געווארען, אבער מיט יעדען איינציגען ניט מעהר אלס איין טאנצט. אזוי איז איהר אויך אויסגעקומען מיט דעם „פירסטען“ ווערענין צו טאַנצען, וואס זיא האט געטאהן גאנץ גלייכגילטיג, ניט שיינקענדיג איהם קיין האר מעהר אויפמערקזאמקייט וויא אלע אנדערע יונגע מענער.

דער פאבריקאנט אליין איז געווען ענטציקט איבער דיא פיעלע קאָמפלימענטען וואס זיינען איהם געמאכט געווארען, פון אלע זייטען פיר דיא געשמאקפאָלע פעסט־ליכע איינריכטונג. אָבער בעזאנדערס שטארק האט ער זיך געפרייט וואס דיא גרעפין ברעסטאָווסקי איז פון אלע געסט קאָמפלימענטירט געווארען אלס „דיא קעניגין פון פעסט“.

ארום איינס אוהר נאך האלבע נאכט האט זיך דער „פירסט“ ווערענין ארומ־שפאצירט איבער דיא זאלען מיט העררן ערמאָנד, אלס זיי האבען אנגעטראָפען

נינא'ן, וועלכע האט יעצט נעהאט דיא אבזיכט אריינצוגעהן אין דיא האלע פון בופעט.

— מיין פריילין — האט זיך ווערענין צו איהר געווענדעט — אייער פאטער זוכט אייך און איך אויך.

נינא האט זיך לייכט פערנייגט און האט געוואָלט ווייטער געהן, אבער איהר פאטער האט זיא צוריקגעהאלטען מיט דיא ווערטער:

— מיין קינד, דער פירסט ווערענין ווינשט מיט דיר צו טאנצען דעם נעכסטען וואלצער.

— איך האב שוין דאס פערגעניגען געהאט מיט דעם העררן צו טאנצען.

— אבער נאך קיין וואלצער האבען מיר געטאנצט, מיין פריילין און איצטער פאנגט גראד איינער אן...

— אונמעגליך, מיין העֶרר! איך בין אביסעל מיעד.

— דעריבער ווילסט דוא עטוואס ערפרישונג האבען? — האט איהר פאטער געלאַכט — זעהר גוט, מיין פירסט, גיט אייער ארעם צו מיין טאָכטער און בעגלייט זיא נאך דער ערפרישונגס-האלע.

נינא איז געוועזן געפאנגען; זיא האט ניט געוואגט איהר פאטער צו וויעדער-שפרעכען און האט אנגענומען דעם ארעם פון „פירסטען".ביידע זיינען איינגעטרעטען אין דיא ערפרישונגס-האלע, וואו ווערענין האט דאס יונגע מיידיל צוגעפיהרט צו א טיש און האט זיך אליין בעגעבען צום בופעט, אום פון דארטען צו ברייננען פיר זיין דאמע ערפרישונגען.

נינא האט, אליין ניט וויסענדיג ווארום, געוואָרפען איהר פאראומערטען בליק נאך יענער זייטע פון דער גרויסער האלע, וואו דער אויפגעהויבענער שווערער פאָר-האנג האט געלאָזען זעהן דיא מאשינען, וויא זיי זיינען געשטאנען צוזאמענגערוקט איינע נעבען דיא אנדערע. זיא האט זיך ערּאינערט אן טאָמאס מישעל, דעם יונגען טאַ-לענטפאָלען אינזשינער, וועלכען זיא איז געוואוינט געוועזן פון איהר קינדהייט דאָרטען צו זעהן אין פאַלער טהעטיגקייט.

— אָ, ווארום איז ער דא היינט ניטאָ! — האט זיא געזיפצט ריידענדיג צו זיך אליין.

פּלוצלונג האט זיא אויפגעשוידערט אם גאנצען קערפּער. גאר הינטען צווישען דיאָ מאשינען האט זיך איהר אָפגעדוכט, אז זיא האט געזעהן א פּאָר אויגען, אין וועלכע דיא ליכטינקייט פון דעם פּאָדערסטען טהייל פון דער האלע האט זיך אָפּגע-שפּיעגעלט. אין דעם ערשטען אויגענבליק האט זיא געוואלט אויפשרייען פאר שרעק;

דאן אבער האט זיא זיך געפאסט און האט גענומען אויפמערקזאמער קוקען נאך יענער ריכטונג. איהר איז איינגעפאלען, אז דאס איז פיעלייכט מישעל, וועלכער וויל זיא זעהן. דאס הערץ איז איהר נאך פיעל שווערער געוואָרען פון דעם געדאנקען, דאס מי־שעל זאָל זיך אויף דיעזע וויזע דארפען גנב׳נען, אום זיא צו זעהן.

אין דעם אויגענבליק איז ווערניץ צוריקגעקומען, מיט א טאסע צוקערגעבעק אין איין האנד און צוויי שאָלען שאמפאניער אין דער אנדערן.

— איך זעה איהר בעטראכט דיא מאשינעריע, מיין פריילין — האט ווערניץ געזאגט — איך מוז אייך זאגען, אז מיר וואָלט עס פערשאפט דאס גרעסטע פערגע־ניגען צו זעהן אמאָהל דיא אלע מאשינען אין טהעטיגקייט; איך אינטערעסיר מיך זעהר פיר אזעלכע זאכען.

— מיין פאטער וועט עס געוויס בעטראכטען פיר איינע עהרע אייער וואונש צו ערפילען, האט נינא געענטפערט גאנץ גלייכגילטיג.

דער „פירסט" האט נאך דאן גערעדט איבער פערשיעדענע זאכען און האט מיט אלע מעגליכקייט געזוכט אויפצומונטערן נינא און איהר אריינצופיהרען אין א לעב־האפטע אונטערהאלטונג, דאס איז איהם אבער ניט גערא͏טהען. דאס יונגע מיידעל האט איהם געלאָזען ריידען פיעל ער וויל און האט נאר גאנץ קורץ געענטפערט אויף זיינע פראגען. איהרע געדאנקען זיינען געוועזען אין דעם מאשינען־רוים, וואו זיא האט געפיהלט דיא אויגען פון איהר ליעבען מישעל קוקען אויף זיא, און פון דאָרטען האט זיא זיך אין געדאנקען איבערגעטראָגען נאך דער בעשיידענער אבער זעהר פריינדליכער וואוינונג פון דער אלמנה מישעל, דעם אינזשינער׳ס מוטער, אין דער שטראסע דע־לא־שאפעל. זיא האט ביי זיך געטראכט: וויא פיעל ליידען האט עס דער יונגער מאן היינטיגען טאָג געמוזט איבערטראָגען דורך דאס וואס האט פאסירט צווישען איהם און איהר פאטער! וויא מוז ער פיהלען ווען ער זעהט זיא אין דער געזעלשאפט פון דעם מיוחס׳דיגען פוסטען פראנט, און וואס דיינקט ער פאָרט פאר דיא צוקונפט צו טהאָן? וויא האט זיינע מוטער אריבערגעטראגען דיעזען שלאָג? — —

נאך אמאהל האט זיא געוואָרפען איהר בליק דורך דעם אויפגעהויבענעם פאָר־האנג, נאך יענעם פלאטץ אין דעם פינסטערן מאשינען־רוים, וואו זיא האט פריהער געהאט געזעהן דיא אויגען. איהר הארץ האט איהר געזאגט אז דאס איז מישעל, און זיא האט אויך קיין טעות געהאט.

דער יונגער אינזשינער איז אין פאָרמיטאג, נאך דעם פאָרפאַל צווישען איהם און הערן ערמאנד, אוועקגעגאנגען גלייך צו זיין מוטער, וועלכע האט איהם עמפפאנ־גען מיט דער ליעבע און צערטליכקייט אויף וועלכע נור א ליעבענדע מוטער איז פע־

היג, אזוי דאס ער האט פיר דעם אוינגנבליק אין גאנצען פארגעסען אן דעם פאָרפאל אין פאבריק, פון וועלכען ער האט סיי־וויא־סיי זיינער מוטער ניט געוואלט גלייך מיט־טהיילען, אום איהר קיין פערדרוס צו פערשאפען. דיא גוטע פרוי אבער האט מיט איהר מוטער־הערץ באלד דערפילט אז מיט איהר זאָהן איז ניט אלעס אין אָרדנונג, און האט איהם אָנגעהויבען אויסצופרעגען.

— ביסט דוא שוין געוועזן אין דער פאבריק, מיין זאָהן?

— יא, ליעבע מוטער,

— וויא עס וויזט אוים איז דיר דאָרט ניט אזוי אלעס געגאנגען וויא דוא האסט געוואלט?

— ניין, איך בין אפילו געצוואונגען געוועזן צו פאָרדערן מיין ענטלאסונג.

— אזוי איז דאס געקומען! האסט דוא גערעדט מיט נינא?

— ניין, נאך אזא אונטעררעדונג מיט איהר פאטער בין איך וויא א וואהנזיניגער פון אָרט אנטלאָפען.

— איך האב שוין לאנג מורא געהאט אז עס וועט פריהער אדער שפעטער דערצו מוזען קומען, לויט נאך דעם וואס נינא פלעגט מיר דערציילען.

— פלעגט זיא דיך בעזוכען ווען איך בין דאָ ניט געוועזן?

— געוויס! כמעט יעדע וואָכע פלעגט דאס גוטע קינד קומען אהער. אבער מאך זיך ניט צו פיעל זאָרגע, מיין זאָהן! זיא ווערט באלד מינדיג, און איך בין איבערצייגט אז זיא וועט קיינעם אנדערען רייכען איהר האנד וויא דיר.

ביי דיא ווערטער האט איהם דיא מוטער אומארעמט, און ביידע האבען נאך א לאנגע צייט געשפראָכען פון זייערע פלענער אויף דיא צוקונפט און פון נינא.

דיא גוטע פרוי האט ביי זיך אין הארצען געטראכט דאס איהר זאָהן האט זיך אין גאנצען בערוהיגט, און איז געגאנגען צו בעט, נאך דעם וויא מישעל האט זיך צור־ריקגעצויגען נאך זיין צימער.

— אבער אזוי שנעל וויא אלעקסאנדער מישעל איז געוועזן אליין ביי זיך אין צי־מער, איז ער געוואָרען זעהר אונרוהיג. וויא א מאגנעט האט עס איהם געצויגען ארויס פון זיין צימער; איהם האט זיך געוואָלט זיין נעהענטער צו איהר, צו זיין געליעבטער נינא, און פיליייכט זיא זעהן, איין בליק טהאָן אויף איהר פון וויטען. ער האט גאנץ שטיל פארלאָזען דיא וואָהנונג פון זיין מוטער און כמעט אליין ניט מערקענדיג איז ער אראָפּ מיט דער רוע דע־לא־שאפעל, און האט זיך פארקעהרעוועט אין דער גאסע וואס פיהרט נאך סאינט־דעני. שפאציערענדיג אזוי לאנגזאם איז ער אלץ אליין ניט־מער־קענדיג וויא אזוי צוגעקומען צו דעם על־בעלייכטעטען הויז פון פאבריקאנט ערמאָנה.

פרייליכע טאנץ־מוזיק האט צו איהם אריבערגעקלונגען און יעדער טאָן האט איהם גע־שטאָכען וויא א שפּיזז. ניט־ווילענדיג האט ער געשפּירט עטוואס אייפערזוכט, און דער געדאנקען איז איהם ארויף אויפ׳ן קאָפּ: „מיט וועמען קען מיין נינא איצטער טאנצען ?“

אזוי קלערענדיג איז ער צוגעקומען צום הויז אליץ נעהנטער און נעהנטער; אום אבער זיך ניט צוזאמענצוטרעפען מיט איינעם וואס קען איהם, איז ער אראָפּ פון גאס אויפ׳ן פרייען פעלד אָן א זייט, געהענדיג ארום און קומענדיג צום פאבריק פון דער אנדערן זייט.

כמעט א גאנצע שטונדע איז ער געשטאנען אויף א קליינעם בערגעל, פון וואנען ער האט געקענט בעזעהן א גרויסען פּלאַטץ פון דעם פאבריק־הויף. מיט איינמאהל האט ער דערזעהן נינא׳ן אם ארעם פון א הויכגעוואכסענעם יונגען מאן, זיך נעהערענ־דיג דער האלע וואו דער בופעט איז געשטאנען. דא האט ער ניט מעהר געקענט ביי־שטעהן דעם נסיון צו קומען א ביסעלע נעהענטער צו איהר. ער איז שנעל געלאָפען נאך דער אנדערער זייטע פון פאבריק וואו עס האט זיך געפונען א קליינע טהיר צו וועלכער ער האט געהאט א שליעסעל; דורך יענע טהיר איז ער אריינגעקומען אויף דעם פּלאַטץ פון דעם גרויסען האָליץ־לאגער, אונטער דעם גרויסען דאך וואו עס איז געלעגען דאס האָליץ וואס איז אנגעקומען אוים רוסלאנד. צווישען דיא הויכע שטאָסען האָליץ איז ער שנעל דורכגעגאנגען גלייך צו דער פאבריק. אזוי וויא דער פאָרהאנג וואס האט אפּגעטהיילט דעם מאשינען־רוים פון דער בופעט־האלע איז געווען אויפגע־הויבען, האט ער געקענט זעהן פאר זיך פריי דיא גאנצע האלע און בעטראַכטען אויך נינא, וויא זיא איז געזעסען אזוי אומעטיג און פארטראכט.

פערשטעקט הינטער א גרויסע מאשינע איז מישעל געשטאנען אזוי א היבשע צייט, אלס ער האט פּלוצלונג דערהערט טריט הינטער זיך, און גאָר ניט וויט פון איהם. ער האט אין דעם אויגענבליק געטראכט דאס מען פערפאָלגט איהם געוויס וייל מען האט איהם דאָ ענטדעקט, און ער האט זיך דעריבער אריבערגעחאפּט אויף דער אנדער זייטע און האט גענומען לויפען צוריק נאך דעם האָליץ־לאגער, אום זיך ווידער ארויסצוחאפּען דורך דיא זעלביגע טהיר דורך וועלכע ער איז אריינגעקומען. דיא טריט האָבען אבער באלד אויפגעהערט און מישעל האט זיך אָפּגעשטעלט האַר־כענדיג און טראַכטענדיג ביי זיך, צו האט זיך איהם דאס ניט אָפּגעדאכט. ער איז א היבשע ווילע אזוי געשטאנען און האט דאן לאנגזאם גענומען געהן צוריק, אזוי וויא איהם האט זיך נאך געוואלט זעהן וויא אזוי נינא בענעהמט זיך מיט איהר קאוואליער. פּלוצלונג איז פון הינטער א הויכען שטאָס האָליץ ארויסגעשפּרונגען א קליינגעוואכסענער

ברייטשולטעריגער מאן און האט זיך א וואָרף געטאהן אויף איהם וויא א טיגער, האט איהם אומגעוואָרפען מיט א געוואַלדיגער האסט און האט איהם אָנגעהאפּט מיט קורצע שטאַרקע פינגער פאר'ן האלדז.

אלעקסאנדער מישעל איז געווען הויך געוואכסען און שטארק געבויט. אויסער־דעם איז ער געווען זעהר געשיקט און מאן געגען מאן וואָלט ער געוויס געקענט אונ־טערנעהמען א קאַמפּף מיט זיין יעצטיגען אונבעקאנטען געגנער און ארויס אלס זיעגער. דא אבער האט יענער געהאט דעם פאָרטהייל, וואס ער איז איבערפאלען זיין אָפּפער אונפּאָרבערייטעט, פּלוצלונג, און ווען ער איז סיי־וויא־ס־יי שוין געווען איינגעשראָקען און אויפגערעגט. אלס ער האט אָבער אָנגעהויבען צו שפּירען דאס זיין אטהעם געהט איהם אויס, האט ער צוזאַמענגענומען זיינע אלע כחות און האט פערזעצט זיין געגנער אזא פויסט־שלאג אין זייט און מיט אזא מאכט, דאס יענער האט א קרעכץ געטאהן און האט שנעל געהאפּט זיין ארעם צו זיך, לוידלאָזענדיג מישעלס האלדז. דאס האט מישעל געראַטעט. מיט א פלינקען דרעה האט ער זיך ארויסגעצויגען פון אונטער זיין געגנערס קניע, אומוואַרפענדיג איהם, און אין נעכסטען אויגענבליק איז ער שוין גע־שטאנען אויף דיא פיס. ער איז אָפּגעשפּרונגען עטליכע טריט א הינטער אום צו גע־ווינען עטוואס צייט אָפּצוציהען דעם אטהעם און האט געהאט בדעה זיך א וואָרף צו טאָהן אויף זיין אנגרייפער. יענער האט אָבער אויך דיעזע עטליכע אויגענבליקע בענוצט אום אויפצושפּרינגען פון דער ערד, אָבער אנשטאט זיך צו שטעלען געגען מישעל און צו קעמפּפען ווייטער, וויא מישעל האט ערווארטעט, האט ער נור ארויסגערעדט א פלוך, האט זיך שנעל אומגעדרעהט און איז אנטלאָפען געוואָרען צו דעם אויסגאנג, צו יענער טהיר, דורך וועלכע מישעל איז אריינגעקומען.

וויא ערשראָקען און איבערראשט איז געווען אין דעם אויגענבליק ווען יענער אונבעקאנטער איז איהם פּלוצלונג איבערפאלען, איז זיין פערוואונדערונג און ערשטוינען איצטער, אלס ער האט איהם נגזעהן אוועקלויפענדיג, נאך פיעל גרעסער געווען. ער האט איהם ניט נאכגעיאָגט, אָבער ער האט זיך גענומען פרעגען ווער קען דאס זיין, וואס קען ער צו איהם האבען און וואס טהוט זיך דא מיט איהם, צו איז דאס ניט נאר אין גאנצען א חלום, א שווערער חלום.

מאכענדיג אייניגע שריט פאָרווערטס, צו דעם פּלאַטץ וואו ער האט זיך מיט דעם אונבעקאנטען מאן געראַנגעלט, האט ער ארויפגעטרעטען מיט'ן פוס אויף א קליי־נעם הארטען געגענשטאנד. ער האט איבערלייגט, אז דאס איז געוויס ארויסגעפאלען פון זיין אונבעקאנטען געגנערס טאשע. ער האט זיך איינגעבויגען און האט עס אויפ־געהויבען. דאס האט געהאט דיא פאָרם פון א קליינער קעסטעלע. אין דער פינסטער

האט ער נאטירליך ניט געקענט זעהן איהר אינהאלט און האט עס דערווייל אריינ־געלייגט צו זיך אין דער טאשע.

נאכדעם וויא ער האט זיך אין גאנצען ערהאָלט פון דער איבערראַשונג און נאכ־דעם וויא ער האט זיך איבערצייגט, דאס אלעס ארום איהם איז ווידער שטיל, איז איהם איינגעפאלען נאך איינמאָהל א בליק צו טאהן פון דער ווייטענס אויף זיין גע־ליעבטע נינא און נאכהער צו געהן נאך הויזע. ער האט ווידער געלאנגט הינטער יענע מאשינע, וואו ער איז פריהער געשטאנען פערשטעקט און האט ווירקליך נאך א מאָהל געהאט דאס פיינליכע פערגעניגען צו זעהן נינא, אָבער אליין אין דער גזועלשאַפט פון יענע הויכען יונגען מאן מיט דיא לאַנגע שנורבארט. קוקענדיג אויף איהר האט ער זיך פערלאָרען אין געדאנקען און האט פערגעסען זיך אליין און אלעס ארום איהם און ווער וויים וויא לאנג ער וואָלט נאך אזוי געשטאנען, ווען ער וואָלט ניט פלוצלונג דער־הערט דעם רוף: „פייער! פייער!“

האָסטיג האט ער זיך אומגעדרעהט און איז־פאר ענטזעטצען צוריקגעשפרונגען, דאן האט ער זיך מיט דער האנד געגומען רייבען דיא אויגען, דען ער האט ווידער געגלויבט, אז דאס איז פילייכט א שווערער טרוים.

אָבער ניין, דאס איז ליידער ניט געווען קיין טרוים, נור דיא שרעקליכע ווירק־ליכקייט. א געוואַלדיגע שרפה האט אויסגעבראָכען אין דעם האָלץ־פאַרראַטה און דיא פלאמען האבען זיך אויך געצווינגען שוין צו דיא פאבריק־געביידען. הויכע פייער־צונגען האבען געשאָסען צום הימעל, בעלייכטענדיג דיא נאכט מיט איין אונהיימליכען שיין און בעלייכטענדיג אויך דעם מאשינען־רוים וואו מישעל איז געשטאנען.

מישעל האט אויפגעציטערט ביי דעם געדאנקען, דאס מען קען איהם נאך ביי דיעזער בעלייכטונג דערזעהן און דערקענען, דען ער האט בעמערקט וויא אזוי נינא׳ס בענלייטער האט אריינגעקוקט אין מאשינען־רוים. אום ניט דערקענט צו ווערן, האט ער בעדעקט זיין געזיכט מיטביידע הענד און האט זיך א לאָז געטאהן צום אויסגאנג מיט׳ן גאנצען אימפעט. ווען ער איז אבער געקומען אויף דעם שמאָלען דורכגאנג וועלכער האט אפגעטהיילט דיא פאבריק געביידען פון דעם האָלץ־לאַגער, איז שוין אלעס געשטאנען אין העלע פלאמען, פיר וועלכע דיא גרויסע טרוקענע שטאָסען האָלץ זיינען געווען אויסגעצייכענטע שפייז. צום אונגליק האט זיך אויך אָנגעהויבען א שטארקער ווינד, וועלכער האט אריבערגעטראגען פונקען און האלאוועשקעס אויף דיא האָלץ־שטאָסען וואס האבען נאך ניט געברענט און באלד זיינען זיי אויך געשטאנען אין פלאמען.

פערצווייפעלט האט דער יונגער מאן בעטראכט מיט שטארע אויגען דעם פייער־דיגען ים, וועלכער האט איהם געהאט פערשפארט אלע וועגען.

נאטירליך וואלט ער זעהר לייכט זיך געקענט אומקעהרען און זיך רעטען דורך דעם בופעט, דאן אבער וואלט מען איהם דערקענט, און דאס האט ער צוליעב נינא אויף קיין פאל ניט געדארפט טאהן.

עס איז איהם אלזא קיין אנדער וועג ניט געבליעבען וויא איבער דעם לאגער־פלאטץ, דא אבער האט איהם געדראהט דיא גרעסטע געפאהר. שנעל ענטשלאסען איז ער ארונטערגעלאפען דעם לאנגען שמאלען וועג וועלכער האט געפיהרט צו דער קליינער טהיר דורך וועלכע ער איז איינגעטרעטען, ניט קוקענדיג אויפ'ן געדיכטען רויך צום ערשטיקען און אויף דיא העלישע היטץ. צו זיין אונבעשרייבליכען שרעק איז דיעזע טהיר שוין געווען פארלייגט מיט ברענענדיגע האלאוועשקעס און שיעסענדע העלצער און ער האט אונמעגליך געקענט צוקומען. ער האט זיך דעריבער אווארף געטהאן צו־ריק צום הויפט־טויער פון הויף, דיעזער איז אבער געווען פארשלאסען. מיט דער אנ־שטרענגונג פון אלע זיינע קרעפטען האט ער ארויפגעקלעטערט אויפ'ן מויער ביין טויער און איז אריבער געשפרונגען אינם פרייע.

— גאט זיי דאנק! ענדליך בין איך גערעטעט! — האט ער אויסגערופען.

מיט שנעלע טריט האט ער גענומען געהן צו דער גאס־צו, אלס פלוצלונג האט ער דערפיהלט צוויי קרעפטיגע ארעמס ביי זיך אויף דיא שולטערן, און א טיעפע מע־נער שטימע האט געפרעגט: „וואס האט איהר געטהאן אין הויף?

— איך? — האט דער יונגער מאן געשטאמעלט אין דער העכסטער פערווירונג און האט זיך ניט געפונען וויא אזוי צו ענטפערן. אזוי וויא ער האט אין דעם אויגענ־בליק קיינע אויפקלערונג געקענט געבען, האט ער געמוזט געהן מיט דיא ביידע מענער, וועלכע האבען איהם ניט אפגעלאזען. אויף דער גאס ערשט האט מישעל דערקענט אין זיינע בעגלייטער צוויי געהיימפאליציסטען.

— וואס ווילט איהר פון מיר, מיינע הערען? — האט ער אויסגערופען, אלס האט פערזוכט זיך פון זיי ארויסצורייסען.

דיא אבער האבען איהם געפאקט נאך שטארקער וויא פריהער און איינער האט געענטפערט:

— וואס מען וויל פון אייך וועט איהר שוין שפעטער ערפאהרען, דערווייל אבער מוזט איהר מיט אונז געהן.

— וואוהין?

— דאס דארפט איהר שוין אליין פערשטעהן, ווען איהר זייט מיט אונז אינ־

ווייט גאנץ רוהיג געגאנגען. אבער מאכט נור ניט צו פיעל פאקסען מיט אונז, אז ניט ווע͏̈לען מיר מוזען אנוועגדען שטרענגערע מיטעל. פֿאָרווערטס!

מישעל האט איינגעזעהן, דאס זיך שטעלען אנטקעגען דיא פאליציי־בעאמטען האט קיין זין און ער איז דעריבער גאנץ געדולדיג געגאנגען מיט זיי, אין דער האפנונג דאס באלד וועט זיך אלעס אויפקלערן.

איניגע מינוטען שפעטער זיינען זיי געקומען אויף דעם פלאטץ, וואו פיעלע פאָליציסטען זיינען געשטאנען, מיט דעם פאליציי־קאָמיסאר פון יענעם בעצירק אן דער שפיטצע.

פון יענער שטעלע אויס האט מען געקענט בעזעהן דיא גאנצע שרפה אין איהר גאנצער אויסברייטונג. דיא פלאמען האבען געשפרונגען הין און הער וויא חוואליעס אויפ'ן שטירמישען ים און האבען ארויפגעשאָסען זעהר הויך. נאך זיינען דיא פאבריק־געביידען ניט געווען אָנגעריהרט, אבער עס איז גאר קיין ספק ניט געווען, דאס איידער מען וועט בעוויזען עטוואס איינצולעשען וועלען זיי אויך שטעהן אין בראנד.

דערווײלע זיינען אויך אנגעקומען לעש־מאשינען מיט לייטע פון סאינט־דעני וויא פון פאריז, און טויזענדער נייגיעריגע פון דער ארומיגער נאכבארשאפט האבען זיך איינגעפונען אויפ'ן פלאטץ.

דיא געסט פון הערן ערמאנד האבען זיך שנעל פערטיג געמאכט צום געהן אהיים און זיינען געשטאנען אין רעדלאך ביי דער וואהנונג פון הערן ערמאנד וועלכע איז נאך ניט בעריהרט געוואָרען פון פייער בעטראכטענדיג דעם שרעקליכען שוישפיעל פון דעם ברויזענדען פייערדיגען מעער.

הערר ערמאנד איז געשטאנען וויא פערשטיינערט און ציטערענדיג אם גאנצען קערפער ביי זיינע געסט. ווען דער פאליציי־בעאמטער וואס האט בעאויפזיכטיגט דיא ארבייטען פון דער פייערוועהר האט איהם געפרעגט, אויב ער דיינקט אז מען קען נאך עטוואס רעטען, האט ער געענטפערט, אז ער ווייס ניט, אבער ער האט מורא אז אלעס איז פערלאָרען.

דיא געסט וועלכע זיינען געשטאנען ארום איהם האבען איהם געזוכט צו טרייסטען, ער אבער האט עטליכע מאהל ווידערהאָלט מיט א שמערצליכען זיפץ: „אלעס וואס איך בעזיטץ פערליער איך מיט איין איינציגען שלאג.“

אין דעם אויגענבליק איז צוגעקומען איין פאליציי־בעאמטער צום פאבריקאנט און האט איהם אנגעמעלדעט:

— דער מאן איז איצטער ערשט פעסטגענומען געוואָרען, וועלכער האט דאס פייער אנגעצונדען! וויא א דאָנערשלאג האט דיזע מעלדונג געווירקט אויף הערן

ערמאָנד. ער האט אָנגעהויבען צו וואקלען און וואלט געווים אומגעפאלען, ווען ווערע־נ׳ן וואלט איהם ניט אונטערגעהאפּט אונטערן ארעם.

— וויא? וואס זאָגט איהר? דאס פייער איז אנגעצונדען געוואָרען? — האט ער געפרעגט און איז געוועזען בלאס וויא דער טויט.

געשטיטצט אויף ווערעני׳ס ארעם איז הערר ערמאָנד נאכגעגאנגען דעם פּאָ־ליציי־בעאמטען ביז צו דעם פּלאטץ וואו מישעל איז געשטאנען צווישען דיא פּאָלי־ציסטען, און אָנווייזענדיג אויף דעם געפאנגענעם האט דער פּאָליציי־קאָמיסאר מיט אַ שארפע שטימע אויסגערופען:

— הערר ערמאָנד, דא שטעהט דער אונטערצינדער!

9טעס קאפּיטעל.

## דיא רעטונג פון דיא פלאַמען.

אונטער דיא אויסלענדישע געסט וועלכע האבען ארומגעשווערמט דיא גרעפין ברעסטאָווסקי וויא ביענען, איז אויך געוועזען אַ יונגער מאן פון הויכען וואוקס, אין זעהר עלעגאנטער באל־קליידונג, מיט אַ שפּיטציגען בלאָנדען בערדעל, לאנגע שנור־בארד און מיט אַ פּאָר ציעמליך דונקעלע ברילען אויף דיא אויגען. זעהר ווענינ לייטע פון דיא אנוועזענדע האבען געוואוסט ווער ער איז אייגענטליך, אזוי וויא ער איז איינגעלאדען געוואָרען נור אויף דיא עמפּפעהלונג פון איינעם פון דער גרעפין׳ס בעוואונדערער צו דער גרעפין אלס איין איטאליענער פון הויכען אדעל און זעהר רייך. דיא גרעפין וועלכע האט געהאט פיעל איינפלוס ביי ערמאָנד האט אויסגעמאכט איהר ליסטע פון געסט וועלכע זיא האָט עמפּפאָהלען, און דארונטער איז אויך געוועזען דער נאמען „מארטשעזע (מארקיז) אנטאָניא ד׳אמבראָזיני“. אזוי האט געהייסען דער יונגער מאן אין דיא דונ־קעלע ברילען מיט דעם שפּיטציגען בלאָנדען בארד. ער האט גערעדט אַ געבראָכענעם פראנצעזיש און פלעגט אריינמישען זעהר אָפט דאס וואָרט „סיניאָר“, אנשטאט דעם פראנצעזישען „מאָסיע“. זיך דרייענדיג ארום דער גרעפין, פלעגט ער אימער אויסקומען ביי איהר פון הינטען, און פלעגט אויסמיידען אריינצוקומען אין אַ געשפּרעך מיט איהר. דיא גרעפין און דיא געסט האבען עס בעטראכטעט אלס צו גרויסע עניות, און דיא גרעפין האט זיך זאָגאר געפיהלט געשמייכעלט צו האבען ארום זיך אַ גרויסען איטאל־יענישען עדעלמאן, וועלכער איז, וויא עס האט אויסגעוויזען, גאנץ פערליעבט אין איהר. צרווייכלען פלעגט דיעזער איטאליענישער מארקיז פארלאָזען דיא גרעפין און פלעגט זיך דרייען ארום איהר ברודער, אבער אלץ שוויינענדיג, אדער העכסטענס נור ענטפערנדיג אויף פראגען מיט יא אדער ניין, צוזעטצענדיג דערביי „סיניאָר“ אדער „סיניאָרא“, וויא דער פאל פלעגט זיין.

אבער בעזאָנדערס שטארק האט דיעזער איטאַליענער אנגעהויבען צו בעאָבאַכ־טען דיא גרעפין און איהר ברודער און זאגאר דעם פאבריק־העררן אליין, פון דעם אויגענבליק וואס דאס פייער האט אויסגעבראכען. וועהרענד אלע געסט זיינען געשטאַ־נען דערשראָקען, וויא געלעהמט, איז ער נור געווען איבערראשט און האט קיין אויג ניט אראפּגענומען פון דער גרעפין, פון איהר ברודער און פון העררן ערמאָנד.

אין דעם אויגענבליק ווען דער פּאָליציי־בעאַמטער האט אנגעמעלדעט העררן ערמאָנד, דאס מען האט געהאפּט דעם אונטערצ׳נדער, איז דער געהיימניספאָלער איטאַליענישער עדעלמאן געשטאנען דערביי און האט בעאָבאכטעט יעדע מיענע, יעדע בעוועגונג אויף דיא געזיכטער פון ערמאָנד און פון גראַלד ווערעגין, אויף וועמעס ארעם דער ערשטער האט זיך געשטיצט. אלס זיי זיינען געגאנגען צו דעם פּלאַטץ וואו מישעל איז געשטאנען אלס געפאנגענער, איז ער אויך נאכגעגאנגען און האט זיי ניט ארויסגעלאָזען פון דיא אויגען.

אלס דער פּאָליציי־קאָמיסאר האט אנגעוויזען אויף אלעקסאנדער מישעל, דאס ער איז דער אונטערצינדער, האט דער איטאַליענער איהם אנגעקוקט מיט א שפּעּ־טישען שמייכעל און האט געזאגט צו זיך אליין: „וואס זאגסטו צו דעם חכם?! ער טרעפט וויא א בלינדער פערד אין גרוב אריין“.

ווען איינער פון דיא געסט ארום וואָלט געהערט, וויא אזוי דער מארקיז האט דאס געזאגט, וואלט ער זיך געוויס געוואונדערט, וויא אזוי קומט איין איטאַליענישער מארקיז צו ריידען אזוי גוט רוסיש.

מישעל ווידער, אלס ער האט דערהערט דיא שרעקליכע בעשולדיגונג, האט ער זיך ארויסגעריסען פון דיא צוויי פּאָליציסטען וואס האבען איהם געהאלטען און האט אויסגערופען: „דאס איז א שענדליכער ליגען!“

דער פּאָליציי־קאָמיסאר האט איהם אָנגעקוקט מיט פעראכטונג און האט גע־ענטפערט:

— ניט אכטונג איהר זאָלט אייער לאַנגע ניט ערגער מאכען דורך שטעלען זיך אנטקעגען דיא אָבריגקייט (נאטשאלסטווא). דאן האט זיך דער קאָמיסאר געווענדעט צו דיא ביידע פּאָליציסטען און האט געפרעגט: „ווארום האלט איהר איהם ניט פעסט?“

דיא פּאָליציסטען האבען ווידער ערגריפען זייער געפאנגענעם, וועהרענד איינער פון זיי האט געזאגט: „עס איז ניט אזוי לייכט איהם צו האלטען“.

מישעל האט איינגעזעהן, אז ער טהוט אונרעכט וואס ער לאָזט זיך הינרייסען פון זיין צאָרן און האט געזאגט צום קאָמיסאר:

— זייט גאנץ אונבעזאָרגט, איך וועל מיך פערהאלטען רוהיג, דען איך בין זיכער אז דער שרעקליכער טעות וועט זיך באלד אויפקלערען.

דיא איבעריגע געסט זיינען זיך דערווייל'ע אויך צוזאמענגעקומען ביי דעם רעדיל. דיא גרעפין ברעסטאָווסקי, וועלכע איז צוגעקומען דיא ערשטע, האט אנגעקוקט מישעל מיט א בייזען דורכדרינגענדען בליק, דען זיא האט איהם געהאסט וויא איינעם פון איהרע ערגסטע געגנער. איהר ברודער דאגעגען האט דעם יונגען אינזשינער אָנגעקוקט מיט א גלייכגילטיגען שמייכעל. ביסלאבוויץ זיינען זיך אויך צוזאמענגעקומען פאבריק־ארבייטער א היבשע צאָהל, וועלכע האבען אנגעקוקט זייער אינזשינער מיט דער וואַרעמסטער טהיילנאהמע. דען קיינער פון זיי האט איהם געהאלטען פעהיג אויף אזא שרעקליכע טהאט, אין וועלכע ער איז בעשולדיגט געוואָרען.

הערר ערמאָנד איז געוועזען מעהר ערשטוינט וויא אלע. זיך האלטענדיג פעסט אן ארעם פון ווערענין האט ער געקוקט מיט שטאַרע אויגען אויף מישעל, אויף זיין געזיכט וואס איז געוועזען שוואַרץ פון רויך, אויף זיינע פארשמיילעטע האאר פון קאָפּ און פון באָרד, אויף זיינע צוריסענע קליידער און האט ענדליך געזאגט: „דאס איז דאָך אָבער גאר ניט מעגליך!"

ווערענין, וועלכער האט געהערט דיעזע בעמערקונג, האט איהם איינגערוימט אין אויער:

— נעהמט אייך אין אכט, איהר ווילט דאך ניט אזא בחור פערטהיידיגען!

דער פאָליציי־קאָמיסאר וויעדער האט זיך געווענדעט צום פאבריקאנט מיט דער פראגע:

— קענט איהר דעם מענשען?

— געוויס! ער איז דאך געוועזען מיין אינזשינער!

— אָבער ער געהערט ניט מעהר צו אייערע אנגעשטעלטע פון פאבריק?

— ניין, גליקליכערווייזע ניט מעהר!

— צייט ווען?

— פון היינט אן. ער האט פון מיר געפאָדערט זיין ענטלאסונג נאך א העפטיגע צאנקעריי וואס איך האב מיט איהם געהאט.

— איז דאס ריכטיג? — האט דער בעאמטער געפרעגט מישעל.

— יא — האט דיעזער געענטפערט.

— איהר האט אלזא געהאט א כעס געגען הערר ערמאָנד.

— געגען איהם, יא, אָבער ניט געגען זיין פאמיליע.

פלוצלונג האט זיך דערהערט איין הערצרייסענדער געשריי פון א פרוי און אלע

האבען זיך אומגעקוקט. דאס איז געווען נינא, וועלכע איז צוגעקומען צו דעם רעדיל, געשטיצט אויפ'ן ארעם פון ווערקפיהרער ווערן.

פון דעם אויגענבליק וואס דאס פייער האט אויסגעבראָכען איז נינא געשטאנען ניט וויט פון דעם אָרט וואו עס האט געברענט, פאַרגיסענדיג ביטערע טרעהרען, דען זיא האט בעוויינט דעם אונטערגאַנג פון דער שיינער פאבריק, אן וועלכע עס האבען זיך געהאלטען פאר איהר אזוי פיעל זיסע עראינערונגען.

ווערן איז ארומגעלאָפען אויפ'ן פלאטץ וואו דער פייער האט געוויטהעט, זוכענדיג צו רעטען וואס נור ער האט געקענט. ער האט בעזאנדערס געזוכט צו רעטען דיא מאשינען, אבער ער האט באלד איינגעזעהן, אז זיינע מיהע איז אומזיסט. ער האט אפילו געמוזט ארויסלויפען פון מאשינען־האלע אזוי שנעל וויא מעגליך, אזוי וויא עס האבען שוין אנגעהויבען צו פאלען ברענענדיגע באַלקענס.

ארויסקומענדיג פון דאָרטען אויפ'ן הויף, האט ער דערזעהן נינא'ן שטעהענדיג מיט איינעם פון דיא געסט, וועלכער האט איהר מיטגעטהיילט:

— דיא פאָליציי האט געהאפט א מאן וואס זאל האבען אונטערגעצינדען דיא פאבריק. ווא עס שיינט האט ער דאס געטאהן אום זיך נוקם צו זיין, דען וויא מען זאגט איז ער דאָ אין פאבריק געווען אינזשינער און הערר ערמאָנד האט איהם ארויס־געיאָגט.

— וואס זאגט איהר דאָ? — האט נינא אויסגערופען אויסער זיך און האט זיך שנעל אומגעקעהרט צו יענער זייט, וואו עס איז געשטאנען א רעדיל, מיט מישעל אינ־מיטען צווישען דיא פאָליציסטען, זיא האט זיך געלאזען לויפען אהין מיט אלע כחות, נעפאָלגט פון ווערן און קומענדיג אהין האט זיך פון איהר ברוסט ארויסגעריסען דער פערצווייפעלטער אויסגעשריי, וועלכער האט ערשיטערט אלע אַרומשטעהענדע געסט. מיט אויסגעשטרעקטע הענד איז זיא צוגעגאנגען צו מישעל. איהר פאטער אבער האט זיך איהר געשטעלט אין וועג:

— ביסט דוא פון זינען אראָפּ? דער מענש האט דאָך אונטערגעצונדען!

— דאס איז ניט וואהר! — האט דאס יונגע מיידעל אויסגערופען מיט אלע כחות.

— ניין, דאס איז אונמעגליך! — האט ווערן בעשטעטיגט.

— שווייגט בעסער, ווערן, אויב איהר ווילט ניט געמאכט ווערן פאר זיין מיט־שולדיגען — האט ערמאָנד אויסגערופען בייז.

— הערר ערמאָנד! — האט דער עהרליכער ווערקפיהרער אויסגערופען, אבער ערמאָנד האט זיך אומגעקעהרט צו איהם מיטן רוקען.

— אָ, איך דאַנק אײַך, פרײלין נינאַ! — האָט מישעל אויסגערופען גערירט.

דער פּאָליציי־קאָמיסאַר האָט עס געהאַלטען פיר זײנע פּפליכט אויך אַרײנצומי־שען זיך און זיך װענדענדיג צו נינאַ, האָט ער געזאָגט:

— װיא שמערצליך דאָס איז פאַר אײַך אויך, מײן פרײלײן, בין איך דאָך גע־נעטהינט אײַך צו בעשטעטיגען, דאָס מיר האָבען זעהר שטאַרקע בעװײזע דאָס דער מאַן איז שולדיג.

— און איך זאָג אײַך אַז יענע בעװײזע זײנען פאַלש! — האָט דאָס מײדעל גע־ענטפערט מיט פעסטער שטימע — עס איז אַ ניעדערטרעכטיגע פערלײמדונג, צו בע־שולדיגען אַ מאַן װיא אַלעקסאַנדער מישעל אין אַזאַ פערברעכען.

זיא האָט נאָך עטװאָס געװאָלט זאָגען, אָבער איהר פאָטער איז צוגעקומען, האָט איהר אָנגענומען פאַרן האַנד און מיט געװאָלט אָפּגעשלעפּט אָן אַ זײט.

דערװײלע זײנען אָנגעקומען פון פּאַריז נאָך אײניגע לעש־מאַשינען, אַ קאַפּיטאַן פון דער פײערװעהר מיט לײטע, און דער פּאָליציי־פּרעפעקט און מען האָט זיך גענומען ענערגישער צום אונטערדריקען און בעקעמפּפען דאָס פײער.

דער קאַפּיטאַן פון דער פײערװעהר האָט באַלד אײנגעזעהען, אַז דיא פאַבריק־געבײדע מיט אַלץ װאָס געהערט צו איהר װעט מען ניט קענען רעטען. ער האָט דע־ריבער אנגעװענדעט דיא גאַנצע קראַפט פון דיא לעש־מאַשינען, צו האַלטען דאָס פײער אין זײנע גרענעצען, און ניט צו לאָזען איהם זיך אויסשפּרײטען װײטער װיא דיא פאַבריק.

נאָך אַ קורצער צײט איז אײנגעפאַלען דאָס דאַך פון דער מאַשינען־האַללע מיט קראַך און דונער, און דיא העלע פלאַמען האָבען אַרויסגעשלאַגען דורך אַלע פענסטער.

מישעל, װעלכער האָט צוגעזעהן פון װײטען דיעזעס שרעקליכע בילד מיט װעה־מוטהיגער שפּאַנונג, האָט אויסגערופען מיט שמערץ:

— אָ װעה, מײנע מאַשינען!

ער האָט פאָלשטענדיג רעכט געהאַט צו רײדען פון זײנע מאַשינען, דען אפילו דיא אַלטע מאַשינען פון דיא פריהערינע צײטען זײנען אויך ביסלאַכװײז אומגעבױט געװאָרען נאָך זײן פּלאַן און סיסטעם. מיט אײן אײנציגען שלאַג האָט ער געזעהן אונטערגעהן דיא פּרוכט פון זײן יאָהרע לאַנגען פאָרשען, פון זײנע פלײסיגע און מהע־טיגע אַרבײט.

ביז צו דעם אויגענבליק האָט נאָך דיא פײערװעהר בעװיעזען אויסצוהיטען דאָס װאָהנהויז פון פאַבריקאַנט פון דיא פלאַמען. פּלוצלונג אָבער איז ענטשטאַנדען אַ גרויסע

אויפרעגונג אונטער דיא אנגעזאמעלטע מאסען פון פאָלק, וואס זיינען געשטאנען ארום דעם פלאטץ פון דער שרפה. ניט ווייט פון דער ברענענדער פאבריק האט זיך געפונען א פאבריק פון ספיריט און פונקען זיינען געפלויגען פון דער ברענענדער פאבריק האבען אָנגעצונדען דאס דאך אויף אויף יענער פאבריק. דיא געפאהר פון א צווייטע שרפה האט געגעטהיגט דעם קאפיטאן פון דער פייערוועהר אריבערצוטראָגען זיינע טהעטיג־קייט אהין, אויף דיא ספּירימוס־פאבריק און אין פערלויף פון א האלבע שטונדע איז איהם ווירקליך געלונגען דיא געפאהר פון יענער פאבריק אָבצוּווענדען; דערפאר אבער האבען זיי דערווייל דאָ פערנאכלעסיגט און דיא וואָהנונג פון הערץ ערמאַנד איז דערווייל געקומען אין בראַנד.

— אָ, מיין גאָט! — האט נינא אויסגערופען ברעכענדיג דיא הענד — אונזער הויז שטעהט אין פלאַמען.

דיא פייערוועהר האבען זיך גענומען צום לעשען, עס האט אָבער ווענינ געהאָל־פען; מען האט גלייך געקענט איינזעהן, אז דאס געביידע איז פערלאָרען.

דיא גרעפין ברעסטאָווסקי האט זיך געווענדעט צו דיא געסט וועלכע זיינען גע־שטאנען ארום און האט געזאגט גאנץ לויט, אז אלע זאָלען הערען:

— איך גלויב, אז הערר מישעל דארף איצטער זיין צופריעדען מיט דער ערפאָלג פון זיין ארבייט.

— דער עלענדער! ער פערדיענט מען זאָל איהם אריינוואַרפען אין דיא פלאַ־מען! — האט דער פאבריקאנט אליין געשריען.

מישעל איז צו זיין גליק געשטאנען צו ווייט אום צו הערען דיא ביטערע ווערטער. ער, וועמען יענע געוויסענלאָזע פרוי האט בעשולדיגט, דאס ער פרייט זיך מיט דעם אונגליק וואס ער האט אנגעמאכט, איז איצטער געשטאנען און האט מיט שוידערן און אויפריכטיגען שמערץ בעטראכט דעם בראַנד פון הויז וואס איז איהם אזוי ליעב און טהייער געווען, פונקט וויא דאס וואָלט געווען זיין איינענעם פאטער־הויז. דאָפּעלט שמערצליך האט ער געקוקט אויף איין פענסטער פון אויבערשטען שטאָק וואס איז ארויסגעקומען אויף א באלקאָן. זעהר אָפט האט דער יונגער אינשינער בעגריסט זיינע געליעבטע נינא ביי דעמזעלביגען פענסטער. ווען ער פלעגט קומען אין פאבריק און פון יענעם פענסטער פלעגט זיא איהם ליעבעפאָל ענטפּערן אויף זיינע גריסע. וויא גליק־ליך פלעגט ער זיך דאן פיהלען, און מיט וועלכער פריידע פלעגט ער דאן אָנהויבען זיין טאָג ארבייט.

דערמאָנענדיג זיך אן יענע גליקליכע צייט האט ער געהאלטען אין איין קוקען

אויף יענעם פענסטער, אלס פלוצלונג האט ער אויפגעציטערט אם גאנצען קערפער און האט אויסגערופען:

— זעה איך ריכטיג, אָדער איז דאס א פאַלשעס בילד פון מיין קראַנקער פאַנ־טאַזיע? בין איך ביין זינען? אָבער ניין, ניין! דאס איז ווירקליך נינא וועלבע שטעהט דאָרטען איצטער ביין פענסטער!

מישעל האט ריכטיג געזעהן, דען אלס דאס. יונגע מיידיל האט דערזעהן דאס הויז אין פלאַמען, האט זיא נור געהאט איין־איינציגען וואונש: צו רעטען דיא בריעף פון איהר מוטער און א קליינעם בילד פון איהר און אנדערע בילדער און קלייניגקייטען וועלבע זיינען ביי איהר טהייער געווען אלס עראינערונגען. דיא אלע זאכען פלעגט זיא אימער האלטען פערשלאָסען אין איהר שרייב־טיש.

אין דער גרויסער אויפרעגונג ארום, ווען איינער האט ניט געוואוסט פון צווייטען, איז זיא אריינגעלאָפען אין הויז, האט זיך ארויפגעהאפט אויפ'ן ערשטען שטאָק, צו איהר צימער און איז געלאָפען צו איהר שרייב־טיש. צום אונגליק האט זיא ניט שנעל גענוג געפינען דיא שליעסלען, וויא דאס אימער דער פאַל ווען מען איז אין אויפרעגונג, דאס מען געפינט ניט וואס מען זוכט און דערוויילע זיינען אריבער עטליכע טהייערע מינוטען. אלס זיא האט ענדליך שוין געפינען דיא שליסלען און האט ארויסגענומען דאס קעסטעלע מיט דיא טהייערע בריעף און בילדער, האט זיא זיך געלאָזען לויפען צו דיא טרעפ; אָבער אין דעם אויגענבליק האט איהר געטראָפען א וואסער־שטראַהל פון א דאַמפף־שפריטצע וועלבע איז געריכטעט געווען איז הויז אריין און זיא איז אומ־געפאַלען בעוואוסטלאָז. אלס זיא האט זיך נאך עטליכע מינוטען אויפגעהאפט, איז שוין דיא טרעפ געשטאַנען אין פלאַמען. זיא איז דעריבער געלאָפען אין איהר צימער צוריק, איז צוגעלאָפען צו איהר פענסטער און האט עס אויפגעריסען און האט ארויס־געשריען מיט אלע כחות: „מישעל!“

אין דעם אויגענבליק וואס מישעל האט זיא דערזעהן פון ווייטען, איז זיא אויך בעמערקט געוואָרען פון דיא באַל־געסט וואס זיינען געשטאַנען פיעל נעהנטער, און א געשריי פון ענטזעטצען און שרעק האט זיך ארויסגעריסען פון אלעמען צוגלייך. קיינער אבער האט זיך ניט געריהרט פון אָרט, צו קומען דער אונגליכער צו הילפע. איהר רעטונג איז אויך געווען זעהר געפעהרליך, דען דיא פענסטער רעבטס און לינקס פון איהר פענסטער האבען שוין געברענט און אויך איהר פענסטער האט שוין אָנגעהויבען צו ברענען אין א ווינקעל.

דיא גרעפין ברעסטאָווסקי האט דא איינגעראַמט איהר ברודער:

— נו, וואָס שטעהסטו נאך?

— אָבער, מיין שוועסטערל, אזא פאַל האבען מיר ניט פאַראוים געזעהן!
— ווילסט דוא דיין שפּיעל פערליערען?
— דאס ניט!
— אלזא, שנעל, פאָרווערטס!

גנעראלד ווערענין איז געלאָפען אין הויז, וואו אויך צוויי פייערלייטע זיינען איינגעטרעטען, אום דאס מיידיל צו רעטען.

הערר ערמאָנד אליין איז געשטאַנען און האט געבראָכען זיינע פינגער, שרייענדיג אין איין קיל:

— מיין קינד, מיין ארעם קינד!

ער האט אויך געוואָלט פליהען אין הויז אריין, אבער דיא גרעפין ברעסטאָווסקי האט איהם צוריקגעהאלטען מיט דיא ווערטער:

— בלייבט דאָ, מיין ברודער וועט זיא שוין רעטען.

דער באַלקאָן פאַר׳ן פענסטער וואו נינא איז געשטאַנען האט זיך דערווייל אָנגעהאפּט פון פייער און אלע ארום האבען געשריען און גליארעמט מען זאָל ברייננען א לייטער, אבער קיין לייטער איז ניט געווען צו געפינען אזוי שנעל. דיא צוויי מוטהיגע פייערוועהר־לייטע וואס זיינען געלאָפען רעטען דאס אונגליקליכע מיידיל, האבען זיך געמוזט שנעל אומקעהרען, נאכדעם וויא זיי האבען זיך איבערצייגט, אז דורך דיא טרעפּ וועלען זיי אויבען ניט ארויפקומען, דען דיא טרעפּ איז געווען אין פייער. גנעראלד ווערענין איז נאך פיהער צוריקגעלאָפען, דען דער רויך אין הויז איז געווען ניט אריבערצוטראָגען.

אין דער צייט וואס דאס אלעס איז פאַרגעגאַנגען האט מען דערזעהן פון וויטען א גרופּע פון דריי מענשען, זיך קוילענדיג און ווארפענדיג און זיך שלעפּענדיג איבערן גאַס אין זיך ראַנגלענדיג. דאס איז געווען מישעל, וועלכער האט געזוכט זיך צו בעפרייען פון זיינעביידע שומרים, נור אזוי וויא זיי האבען איהם געהאלטען צו פעסט, האט ער זיי נאָכגעשלעפּט נאך זיך, מיט איין איבערמענשליכער קראַפט. דיא פּאָליציסטען וועלכע האבען מורא געהאט, אז ער וויל פון זיי אנטלויפען, האבען זיך אן איהם געקלאַמערט מיט אלע זייערע כחות, ווערענד ער האט געשריען.

— לאָזט מיך! הערט איהר דען ניט וויא זיא רופט?

אלע דריי האבען זיך אזוי צוגעשלעפּט נאָהענט צום הויז. פון וועלכען גנעראלד ווערענין איז איצטער ערטס ארויסגעקומען.

— דער טייפעל זאָל אייך נעהמען! — האט מישעל אויסגערופען אין העכסטער וואוטה צו זיינע פייניגער און צוזאַמענגעהמענדיג אלע זיינע קרעפטע האט ער דיא

ביידע פּאָליציסטען א שטויס געטהאן פון זיך מיט אזא מאכט, דאס איינער איז גע־פאלען רעכטס און דער אנדערער לינקס אויף דר׳ערד און איידער זיי האבען בעוויע־זען זיך אויפצוהייבען, איז ער שוין געווען אונטערן באלקאָן.

ווערעניז האט איהם געוואלט צוריקהאלטען און זיך שטעלענדיג איהם אין וועג האט ער געזאגט: „מען ברייגנט שוין א לייטער!"

— ביז א לייטער קומט קען דאס הויז צוזאמענברעכען! — האט דער יונגער מאן געשריען, אוועקשטויסענדיג ווערעניז אָן א זיים. ניט קלערענדיג איין אויגענבליק האט ער זיך א וואָרף געטהאן אויף א בוים וואס איז געשטאנען הארט ביין באלקאָן, און אויף וועלכען דיא בלעטער זיינען שוין געווען אפּגעברענט פון היטץ און האט אנ־געהויבען צו קלעטערן.

— דאס איז איין וואהנזיניגעס אונטערנעהמען! — האט הערר ערמאָנד אויס־געדופען; דיא מייסטע צושויער דאגעגען האבען אויסגעבראָכען אין איין רוף פון בע־וואונדערונג איבער דיעזע מוטהיגע טהאט.

ווען ער איז געווען אזוי הויך וויא דער באלקאָן האט ער זיך געוואלט אָן איהם אנחאפּען, אבער ער האט שוין געברענט און דעריבער האט ער ארונטערגעשריען צו דיא פייערוועהר־לייטע, זיי זאָלען ארויפלאזען א וואסער־שטראהל אויף דעם פּארענץ וואס האט געברענט. נאכדעם וויא דאס איז געטהאן געוואָרען האט ער פון בוים גע־טהאן א שפּרונג אויפ׳ן באלקאָן, גלייך צום פענסטער וואו נינא איז געשטאנען.

— אָ, אלעקסאנדער, וויא זאָל איך אייך דאנקען! — האט נינא אויסגערופען און זיך געוואָרפען אין מישל׳ס ארעמס.

אזוי וויא עס איז קיין איינציגע מינוט ניט געווען צו פערליערען, האט דער קרעפטיגער יונגער מאן שנעל ארומגעהאפּט דאס שלאנקע מיידעל מיט׳ן לינקען ארעם, און האט זיא ארויסגעטראָגען אויפ׳ן באלקאָן. דערזעהענדיג אין וואנד, ביין באלקאָן איין אייזערנעם הוק, וועלכער איז כמעט געווען גליהענד פון היטץ, האט ער ווידער פערלאנגט א וואסער־שטראהל, און ווען דאס אייזען איז געווען אפּגעלאָשען, האט ער זיך א חאפּ געטהאָן מיט דער רעכטער האנד פאר איהם און האט זיך אריבערגעבוי־גען איבער׳ן פּארענץ פון באלקאָן. אייניגע אויגענבליקע איז ער אזוי געבליעבען הייננען אויף איין האנד, מיט דער טהייערער משא אין דער לינקען האנד, צום גרעסטען שרעק פון אלע צושויער.

— לאזט דיא דאמע פאלען, מיר וועלען זיא אָנחאפּען! — האט ווערעניז גע־שריען צו מישעל.

— אבער מישעל האט ניט געוואלט אנטרויען אנאנדערן דיא רעטונג פון דער

געליעבטער מיידיל. מיט איבערמענשליכער געשיקטהייט און קראפט האט ער זיך א שטויס געטהאן אן וואנד, אפלאזענדיג דעם אייזערנעם הוק, אן א זייט, צום בוים, מיט וועלכען ער איז ארויפגעקלעטערט און האט בעוויזען ארומצוהאפען דעם הייסען שטאם מיט דעם רעכטען פרייען ארעם. ער האט זיך נאטירליך געטהאן א גוטען קלאפ דערביי אין דער ברוסט, אבער ער האט קיין זאך ניט געשפירט. ער האט זיך דאן שנעל אראפגעגליטשט אויף דער ערד, נאך אימער האלטענדיג דאס מעדכען אין לינקען ארעם.

— גערעטעט! — האט עס ערשאלט פון דער מענגע ארום און ארום.

אין דעם אויגענבליק האט זיך אויך אנגעהאפט דער ראהם פון פענסטער פון וואנען נינא איז גערעטעט געווארען און נאר דאן איז געבראכט געווארען דיא גרויסע לייטער, וועלכע דיא מאסע מענשען ארום האט עמפפאנגען מיט פיעל שפאט און געלעכטער, וויא א גאסט וואס קומט נאך דער חתונה.

מישעל איז אומגעפאלען צו באדען גאנץ ערשעפפט פון דער אוננאטירליכער אנשטרענגונג. נינא האט זיך דאן איבער איהם אריבערגעבויגען און האט צערטליך געפרעגט:

— זייט איהר פערוואונדעט? איך בעט אייך, ענטפערט מיר!

— א, איך בין פריש און געזונד, זייט גאנץ אונבעזארגט.

דאס זאגענדיג האט ער זיך אויפגעריכטעט און נינא איז איהם געפאלען אויפ׳ן האלז און האט איהם הערצליך אומארעמט.

— אזוי איז רעכט! — האט געזאגט שמייכלענדיג איינער פון דיא פייערוועהר־לייטע וואס איז געשטאנען ניט וויט — דאס האט ער כשר פערדיענט!

הערר ערמאנד וואס האט דאס אלעס צוגעזעהן אין העכסטען ערשטוינען, איז ענדליך הערפארגעטרעטען אויף דאס פערלאנגען פון דער גרעפין ברעסטאווסקי, האט ארויסגעריסען נינא׳ן פון מישעל׳ס אומארמונג און האט דאן געזאגט מיט א רחמנות־קול:

— מיין ליעבעס קינד! וואס פאר א שרעק האסטו אונז דא אנגעמאכט און וויא האבען מיר געשפיעלט מיט גליק דאס דוא ביסט גערעטעט!

מישעל איז איינגע טריט צוריקגעטרעטען און האט ערשט ווידער בעגריפען דיא גאנצע שרעקליכקייט פון זיין לאגע. אין דער צייט וואס ער האט דורכגעפיהרט דיא רעטונג, האט ער אין גאנצען פערגעסען דיא שענדליכע בעשולדיגונג וועלכע מען האט אויף איהם געווארפען; איצטער האט ער עס נאך שרעקליכער עמפפונדען, אלס

ער האט געזעהן וויא דיאביידע פּאָליציסטען האבען זיך ווידער געשטעלט ביי איהם פון ביידע זייטען, אָבגלייך זיי האָבען ניט מעהר געוואגט איהם אַנצוריהרען.

— איך האָף אז מען וועט אייך אייער מוטהיגע האנדלונג צורעכענען אלס גרונד צו מילדערן אייער שולד. וואס פאר איין אונרעכט איהר האָט אויך געטהאָן נעגען מיך, וועל איך דענאָך געוויס ניט פערגעסען דאס איהר האט גערעטעט דאס לעבען פון מיין קינד.

אלעקסאנדער מישעל האט געענטפערט מיט שטאָלץ:

— מיט דעם וואס איך האָב דאָ געטהאן בין איך אויסען געווען צו געפינען ביי אייך אַנערקענונג; דער דאַנק פון אייער טאָכטער איז מיר גענוג.

10טעם קאפּיטעל.

## דיא געריכטליכע אונטערזוכונג.

נאכדעם וויא דיא פאבריק-געביידען, דער האָלץ-פּאָרראַטה און דיא וואוינונג האָבען אויסגעברענט אזוי, דאס עס איז מעהר פון זיי ניט געבליעבען וויא פייערדיגע הויפען, האָבען דיא פלאמען מעהר ניט געפונען קיינע נאהרונג און דאס פייער האט אנגעהויבען צו זינקען. דיא גרויסע מאסען מענשען וואס האָבען זיך געהאט אנגעזאַמעלט, האָבען אָנגעהויבען איסאיינאנדער צו געהן נאך פערשיעדענע זייטען.

צו גלייכער צייט האָבען אויך גענומען אבשיעד פון פאַבריק-הערן דיא לעצטע געסט פון באל, מיט אויסנאהמע פון דעם איטאַליענישען מארקיז אין דיא דונקעלע ברילען, וועלכער האט, וויא עס האט אויסגעוויזען, גאָר ניט בדעה געהאט אַזוי שנעל אוועקצוגעהן, און האט זיך נאָך אימער ארומגעדרעהט ארום דיא גרעפין אַלגאַ, ארום איהר ברודער געראַלד און איבערהויפּט, ארום אלע הויפּטפּערזאָנען, וואָס האָבען גע־שפּיעלט אין דער דראמא דיא הויפּטראָלען.

יעדערער פון דיא געסט האט נאַטירליך אויסגעדריקט דעם פּאַבריק-הערן זיינע איינינסטע סימפּאַטהיע און זיין מיטגעפיהל, און הערר ערמאָנד האט זיינע אויס־דריקע פון ביי-לייד אויפגענומען מיט א רחמנות-פּנים און האט געענטפערט מיט א זיפץ:

— דאס איז פאר מיך איין אונערזעצליכער פערלוסט!

— איהר זייט דאָך אָבער געוויס פערזיכערט? — האָבען איינינע געסט גע־פרעגט.

— עס פערשטעהט זיך, אָבער דיא פערזיכערונג דעקט נאָר דעם ווערטה פון דיא געביידען און מאשינען צום פערקויפען, אבער ניט דעם פערלוסט וואס איך לייד

דורך דעם וואס זיי זיינען צושטערט, דער פערלוסט דורך דיא צושטערונג פון דעם פּאַרראַטה איז גאָר ניט אפּצושאַטצען.

דיא גרעפין האט זיך געווענדעט צו נינא מיט דעם אויסדרוק פון טהיילנאַמע און מיטלייד:

— איך נעהם אייך מיט אין מיין וואָהנונג, ליעבע נינאַ; אייער פאטער וועט אייך מיר געוויס אנפערטרויען.

— ניין, מאַדאַם, איך וועל מיין פאטער ניט פערלאָזען — האט נינא געענטפערט — און איך האלט עס פיר מיינע פליכט דאָ צו בלייבען ביז צו ענדע.

אלס דער פריה־מאָרגען איז געקומען זיינען דיא אלע געביידען מיט דעם פּאַר־ראטה געווען פערוואַנדעלט אין איין הויפען חורבות, פון וועלכען עס האט געשלאָגען א רויך און נור ערטערווייז פלעגט נאך דאן און ווידער ארויסשלאַגען א פלאַמע. א פּאַר דאמפּף־שפּריטצען מיט פייערוועהר לייטע זיינען געבליעבען אום אויך דיעזעס איינצולעשען.

אום זעכס אוהר מאָרגענס זיינען פון פּאַריז אָנגעקומען דער שעף פון דער זיכער־הייטס־פּאָליציי און דער פּראָקוראָר פון דער רעפּובליק מיט א שרייבער פון געריכט, און זיינען עמפּפאַנגען געוואָרען פון פּאָליציי־קאָמיסאַר, וועלכער האט זיי געפיהרט דורך דעם פּלאַטץ פון פייער און האט זיי ערקלערט אלע איינצעלהייטען. בעזאָנדערס דייט־ליך האט ער בעשריעבען דעם פּאַל וויא אזוי דער אונטערצינדער איז געחאַפּט געוואָ־רען. אלס ער האט אויך דערציילט דעם צווישענפּאַל פון דער רעטונג פון פריילין נינאַ ערמאַנד, און וויא מוטהיג מישעל האט געהאַנדעלט, האבען זיך דער פּראָ־קוראָר און דער פּאָליציי־שעף אָנגעקוקט שמייכלענדיג, און דער ערשטער האט געזאַגט:

— דער יונג איז זעלטען געשיקט!

און דאן האט ער צוגעזעצט:

— אזוי וויא מיר האבען דא דעם אונטערצינדער און אלע עדות און אלע וואָס זיינען אין און ארום דער זאַכע בעטהייליגט, וועט עס זיין אם בעסטען ווען מיר זאָלען זיך גלייך נעהמען צו דער ארבייט און פערשטעלען דיא טהאַטזאַכען. דערצו דאַרפען מיר אָבער נייטיג האבען א שטיקעל לאָקאַל, פיער ווענד און א דאך, וואָס דא איז ניט צו זעהן.

— דערפאר האב איך שוין געזאָרגט — האט דער פּאָליציי־קאָמיסאַר געענט־פערט — דאָרטען אנטקעגען, אין דער ספּירט־פּאַבריק איז דאַ איין לעערעס צימער וועלכעס מיר קענען דערצו בענוצען.

— אויסגעצייכענט! — האט דער פּראָקוראָר געענטפערט — מיר געהן גלייך צו דער ארבייט.

דורך דיא מענגע וואס איז ווידער צוזאמענגעלאָפען ביי דער אנקונפט פון דיא בעאמטע, האבען זיך דיא אונטערזוכונגס־בעאַמטע דורכגעשניטען און זיינען געגאנגען נאך דעם אָנגעוויעזענעם פּלאַטץ. דאָרטען אָנגעקומען האבען זיי זיך געזעצט ארום א גרויסען טיש, וואו דער געריכטס־שרייבער האט אויסגעלייגט זיינע שרייב־מאַטעריאַלען און האט זיך פערטיג געמאכט צום שרייבען.

— פאַר אַלעם וואָלט איך וועלען אויספרעגען דיא פּאָליציי־בעאַמטע וועלכע האבען פעסטגענומען דעם אונטערצינדער — האט געזאגט דער פּראָקוראָר.

דיא אַגענטען זיינען געקומען און דער עלטערער פון דיאביידע האט דערציילט וואס ער האט געוואוסט:

— איך בין געשטאנען מיט מיין קאַמראַד ביי פּאָרט־לאַ־שאַפּעל, אלס איך האב בעמערקט א פייער־זיילע אין דער ריכטונג פון סאינט־דעני. עס איז געווען ארום צוויי אוהר ביי נאכט. באלד האט ארויפגעשאָסען א צווייטע זיילע און באלד א דריטע. דאָרט ברענט אין דריי שטעלען צוגלייך! — האב איך געזאגט צו מיין קאַמראַד — דאס מוז זיין אונטערגעצינדען. — אזוי וויא ער האט אויך געהאט דיא זעלבינע מיינונג, האבען מיר גלייך געמאַלדען ביי דער נעכסטער פייערוואַכע און זיינען שנעל געלאָפען צו דעם פּלאַטץ, פון וואנען דיא פלאַמען האבען זיך געזעהן. דאס פייער האט זיך זעהר שנעל פאַרברייטעט. אלס מיר זיינען צוגעקומען נאָהענט צו דער פאַבריק, זיינען מיר אַראָפּ פון דער הויפּשטראַסע נאך דעם אָפענעם פעלד, ווייל דיא שרפה איז אין יענער זייט געווען אם שטערקסטען, און דאָרטען זיינען געלעגען גרויסע פאָר־רעטהע פון האָלץ. מיר האבען אויך געטראַכט, דאס פיעלייכט געלינגט עס אונז צו פאַקען דעמיעניגען וואס האט אונטערגעצונדען. און מיר האבען ווירקליך אויך ניט לאַנג געוואַרט אויף איהם, דען וויא מיר זיינען געקומען נאָהענט צום געמויערטען צום פון פאַבריק האבען מיר מיט א מאָהל דערזעהן וויא א מאַן שפּרינגט אריבער מיט גרויסער האַסט איבערן מויער אויף דאס פרייע פעלד און זאגט צו זיך אליין: „גאָט צו דאנקען! ענדליך גערעטעט!"

— האט ער עטוואס געהאַלטען אין האנד?

— ניין! מיר האבען איהם נאַטירליך גלייך געפּאַקט!

— האט ער זיך געוועהרט?

— ניין, אין אנפאַנג ניט; ער איז אזוי וויא איבעררעאשט געווען דאס ער איז רוהיג מיטגעגאנגען. ווען מיר זיינען אָבער מיט איהם געקומען אויף דער הויפּטשטראַסע

האט ער זיך געזוכט פון אונז צו בעפרייען און האט געשריען, אז ער איז אונשולדיג, און דאס האט ער ניט אויפגעהערט צו טענה׳ן דיא גאנצע צייט. — שפעטער אלס דיא טאכטער פון פאבריק־הערין האט זיך בעוויזען אויבען ביין ברענענדען פענסטער, האט אונזער געפאנגענער געלארעמט, אז זיא רופט איהם. ער האט געוואלט דורכ־אוים איהר איילען צו הילפע און אזוי וויא מיר האבען איהם ניט געלאזען האט ער אונז מיטגעשלעפט מיט זיך, דען ער האט געוואלדיגע כחות. הארט ביי דעם ב־ע־נענדען הויז האט ער זיך ווירקליך פריי געמאכט פון אונז, דען ער האט אונז ביידען אניעדערגעווארפען צו ד׳ערד וויא צוויי פליעגען. דאן איז ער פונקט וויא א קאטץ ארויפגעקלעטערט צום פענסטער פון הויז און האט גערעטעט דאס יונגע מיידיל פון דיא פלאמען. מען מעג זאגען אויף איהם וואס מען וויל, אבער איינס מוז מען צוגעבען דאס מוטה האט ער גענוג.

— גוט, גוט! אזעלכע בעמערקונגען מעגט איהר האלטען פאר זיך. האט ער אייך נאך וואס געזאגט?

— ער האט געהאלטען אין איין טענה׳ן, אז זיינע פערהאפטונג איז נור דורך א טעות וועלכער וועט זיך באלד אויפקלערען.

— נאטירליך! אזוי זאגט יעדערער. אבער דערצו געהערט א זעלטענע פרעכ־הייט, צו לייקענען א טהאט, ביי וועלכער ער איז כמעט געפאקט געווארען גלייך ביי דער אויספיהרונג. וויא האט ער אויסגעזעהן אין אויגענבליק פון דער פערהאפ־טונג?

— ניט פיעל בעסער וויא איצטער. זיין געזיכט איז געוועזן שווארץ פון רויך, דיא האאר פארשמאילעט און דיא קליידער צוריסען. ביי דער רעטונג פון דעם יונגען מיידיל האט ער זיך נאך מעהר צונעשמאילעט.

— גוט! איהר מעגט איצטער צוריקטרעטען, אבער געהט נאך ניט אוועק, דען מיר וועלען אייך נאך פיעלייכט געברויכען.

דער פראקוראר האט געבעטען מען זאל פארלאדען דעם פאבריקאנט און הערר ערמאנד איז ערשיענען און האט געענטפערט אויף דיא ערשטע געוועהנליכע פראגען, דאס ער איז אלט 50 יאהר און איז וויטוועער (אלמן).

— האט איהר דיא פאבריק אליין געגרינדעט, הערר ערמאנד?

— ניין, זיא שטאמט פון פאטער פון מיין פערשטארבענער פרוי.

— טהיילט אונז געפעלינגסט מיט וואס איהר ווייסט, וויא אזוי דיא שרפה איז ענטשטאנדען.

— איינענטליך ווייס איך דערפון זעהר וועניג. איך גיעב יעדעס יאהר, דעם

ערשטען זאָנטאָג אין מאָנאַט מאַי, איין באַלל־פעסט און דיזוער באַלל איז ביי מיר לעצטע נאַכט געגעבען געוואָרען.

— אין דעם פאַבריק־געביידע אליין ?

— ניין, מעהר ניט וויא דיא פאָדערסטע האַלע פון פאַבריק איז בענוצט געוואָרען פיר דעם בופעט. דער גאַנצער הויף וואָס ליעגט צווישען דער פאַבריק און מיין וואָהנונג איז דורך א ליינוואַנדענעם דאַך פערוואַנדעלט געוואָרען אין א גרויסען סאַלאָן, וועהרענד אין דעם גרויסען זאַל ביי מיר אין דער וואָהנונג האַט מען געטאַנצט. אלס מען האַט אנגעהויבען צו רופען „פייער! פייער!" בין איך געווען אין דעם זאַל.

— ווער האַט דער ערשטער אָנגעהויבען צו שרייען „פייער!"

— דאָס ווייס איך ניט. אזוי ווייט וויא איך קען מיך ערינערן האָב איך עס געהערט פון עטליכע זייטען צוגלייך. איבעריגענס האַט מיך דער לערם אזוי איבערראַשט, דאָס איך וואָלט געוויס אומגעפאַלען ווען מען וואָלט מיך ניט אונטערשטיצט. יעדערער פון מיינע געסט האַט שנעל געחאַפּט זיין האַק און פּאַק און האַט זיך ארויסגעחאַפּט אין פרייען, מיטרייסענדיג אויך מיך מיט זיך.

— איז דאָס ריכטיג אז דאָס פייער האַט צוערשט אויסגעבראָכען אין דיא האַלען־שפּייכלערס, וואו איהר האַט געהאַלטען אייער פאָרראַטה?

— גאַנץ ריכטיג! דיא פאַבריק־געביידען האָבען זיך ערשט שפּעטער אָנגעחאַפּט.

— פון וואָס איז בעשטאַנען אייער פאָרראַטה?

— פון א גאַנץ טהייערע לאַדונג פון האָלץ.

— וויא פיעל איז דאָס ווערטה געווען?

— אונגעפעהר דריי מיליאָנען פראַנק.

— האַט איהר דאָס האָלץ געהאַט פערזיכערט?

— געוויס און אויך דיא גאַנצע פאַבריק. דיא סומע פון דער פערזיכערונג איז ניט אלע מאָהל געווען דיא זעלבינע, עס איז אימער אָפּגעהאַנגען פון דעם ווערטה פון דעם האָלץ, וואָס איז געווען אויף לאַגער.

— אויף דעם אופן וועט איהר ביי דער שרפה ניט פערליערען?

— זעהר פיעל! איך פערליער דעם פערדיענסט וואָס דער בעטריעב פון דער פאַבריק ברייננט מיר.

— נו, עס פערשטעהט זיך, דאָס קען אייך דיא פערזיכערונגס־געזעלשאַפט ניט גוט מאַכען.

— איך פערליער אבער אויך מיינע מאשינען, וועלכע זיינען איינציג אין זייער ארט און זיי קענען מיר גאָר ניט ערזעצט ווערען.

— ווארום ניט?

— ווייל זיי זיינען ביי מיר אין דער פאבריק ערפונדען געוואָרען און ביי מיר אומגעבויט געוואָרען.

— פון וועמען?

פון — אלעקסאנדער מישעל — פון דעמזעלבינען מאנן, וואָס — וואָס האָט אונטערגעצונדען.

— אזוי, אזוי? איז ביי אייך געוועזען אויף א שטעללע?

— יא, ביז געסטערען נאכמיטאג, ווען ער האָט פון מיר געפאָדערט זיין ענט־לאסונג.

— אויס וועלכען גרונד?

— וועגען א גאנץ פריוואטע זאך, איבער וועלכע איך וואָלט בעסער ניטריידען.

— וויא איהר ווילט. אבער נאך איין פראגע: האלט איהר דעם מישעל פעהיג אויף אזא אבשייליכעס פערברעכען?

— אויפריכטיג געזאגט ברייגגט מיך דיא פראגע אין דיא גרעסטע פערלעגענ־הייט. איך וואָלט דיזען אונגליקליכען ניט וועלען בעשולדיגען, אזוי וויא ער האט זיין פערבּרעכען שוין טהיילווייזע גוט געמאכט דורך דיא רעטונג פון מיין טאָכטער.

— איהר וועט אונז אבער מינדעסטענס קענען זאגען אויב ער איז א כעסן, און אויב ער בעזיצט א ליידענשאפטליכען כאראקטער.

הערר ערמאָנד איז א היבשע ווילע געשטאנען אונענטשלאָסען און האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן. ענדליך האט ער געזאגט:

— אלעקסאנדער מישעל איז פון אימער אן געווען א פארחלומטער, פלעגט אימער נאר טראכטען וועגען זיינע מַאשינען און נייע ערפינדונגען און מען מוז צוגעבען אז ער איז א גאנץ פעהיגער אויסגעצייכענטער אינזשינער. אבער זיין אייגענטליכער כאראקטער איז פיר מיך אלע מאהל געווען א רעטענים. אזוי פיעל איז אבער בע־שטימט דאס ער האט זיך איינגערעדט אז ער פיהרט דיא גאנצע פאבריק, און האט נאר געזעהן צו האלטען מיך וואס ווייטער פון פאבריק. אום אזא פערלאנגען צוריקצו־ווייזען, האב איך איהם מיט איינינע מאָנאטע צוריק אבזיכטליך געשיקט אויף רייזען דורך שוועדען, נאָרוועגען און רוסלאנד. איך האָב איהם ניט געוואלט אין גאנצען אוועקשיקען, אבער איך האב געוואלט דיא לייטונג פון דער פאבריק אליין איבערנעה־

מען, אום זיא שפעטער איבערצוגעבען מיין קינפטיגען שוויעגערזאָהן. דאס האט אלעך סאנדער מישעל פארשטאנען און אלס ער איז געסטערן פון זיין רייזע צוריקגעקעהרט האט ער מיר געוואָלט אויפשפיעלען א סצענע. ער האט ארויסגעפלאצט מיט אזא כעס געגען מיך, און ווען איך האב מיך ענטזאגט איהם איינצולאדען צו מיין געסטריי־גען פעסט, האט ער מיר כמעט אנגעהויבען צו סטראשען. ער האט מיר פאָרגעוואָר־פען דאס איך בעהאנדעל איהם ניט וויא ער פערדיענט, נאכדעם וויא ער האט מיר איבערגעלאָזען אלע זיינע ערפינדונגען.

— האט ער געוואוסט דעם ווערטה פון אייער האָלץ־פּאָרראטה?

— זעהר גענוי; ער אליין האט דאס האָלץ געקויפט פיר מיך אין רוסלאנד.

— וויא עס שיינט האט איהר געהאט פערטרויען צו איהם?

— דאס העכסטע פערטרויען; איך האב נאָר ניט געוואָלט דאס ער זאָל זיך בעטראכטען פאר א גרעסערען בעל דעה אין מיין פאבריק וויא ער איז נאך זיין שטעלונג.

— האט איהר נאכגעזעהן דיא האָלץ־לאדונג וואס ער האט אייך געשיקט?

— גאנץ געוויס, און איך האב מיך איבערציינגט, אז דאס האָלץ איז געווען פאָרטרעפליך.

— האט איהר פון געסטערן נאכמיטאג געזעהן מישעל נאָך אמאָהל?

— ערשט נאכדעם וויא מען האט איהם פעסטגענומען.

— זייט איהר נעכטען געוועזן אויף אייער האָלץ־לאגער?

— ניין, דיא לעצטע דריי טעג האב איך דעם פלאטץ פון מיינע האָלץ־פּאָר־רעטהע ניט מעהר בעטרעטען.

— האט איינער פון אייערע לייטע געקענט אהין צוקומען?

— מיין אלטער ווערקמייסטער פלעגט געוועהנליך יעדען טאָג מאכען א רונד־גאנג דורך דיא פאבריק און דיא לאגער־רוימען.

— לאָזט קומען דעם ווערקמייסטער — האט דער פּראָקוראָר געזאגט צום קאָמיסאר — און אייך, הערר ערמאָנד, מוז איך בעטען דערווייל נאָך דאָ צו בלייבען.

דער עהרליכער אלטער ווערן האט געהאט טרעהרען אין דיא אויגען אלס ער איז איינגעטרעטען אין צימער וואו דיא בעאמטע זיינען געזעסען.

— זאגט אונז אייער נאמען, אלטער און שטאנד — האט דער פּראָקוראָר גע־זאגט אין געשעפטליכען טאָן.

— איך הייס יאָזעף ווערן, בין 62 יאהר אלט און שוין 40 יאהר וויא איך בין בעשעפטיגט אין דער פאבריק וואס איז דיא נאכט צושטערט געוואָרען.

— קענט איהר גוט אלעקסאנדער מישעל?

— איך זאל עס דיינקען! איך קען איהם אלס דעם בעסטען, גוטמוטהיג־סטען מענשען וואס ווערט געליעבט און געאכטעט פון אלע אונזערע ארבייטער.

— ווייסט איהר פון דעם שטרייט וואס ער האט געסטערן געהאט מיט העררן ערמאנד?

— לײדער יא, אבער ווי אזוי דאס איז ארויסגעקומען פארשטעה איך נאך אימער ניט; מישעל איז געווען די זעעלע פון געשעפט.

— דאס הייסט ער האט אלעס געפיהרט און געלייטעט?

— גאנץ ריכטיג! אלעס! ער האט געקויפט און פערקויפט און קיין זאך איז געטהאן געווארען אהן איהם.

הערר ערמאנד האט עטוואס אנגעהויבען צוזאגען דאגעגען, אבער דער פראקוראר האט איהם צוגעוואונקען צו שווייגען און האט פארטגעזעצט זיין פערהער:

—גלויבט איהר, אז אלעקסאנדער מישעל האט אונטערגעצונדען די פאבריק?

—ער? — האט ווערן אויסגערופען האסטיג און אויפהויבענדיג די רעכטע האנד ווי צום שווערען האט ער געזאגט:—מען מעג מיר אראפשניידען מיין רעכטען ארעם און איך וועל פאר דער גאנצער וועלט שרייען, אז אלעקסאנדער מישעל איז קיינמאל אין לעבען ניט פעהיג אויף אזא טהאט!

דיעזע ערקלערונג האט געמאכט א שטארקען איינדרוק אויף אלע צוהערער; דער פראקוראר אבער האט ווייטער געפרעגט:

— ווען זייט איהר צום לעצטען מאל געווען אין פארראטה־לאגער?

— געסטערן, איך בין דארטען דורכגעגאנגען ווי איך טהו עס יעדען טאג אויף רונדגאנג.

— האט איהר דארט בעמערקט עטוואס אונבעוועגליכעס?

— קיין האר; אלעס איז געווען אין ארדנונג ווי אימער.

— האט איהר ניט געזעהן עטוואס אויפפאלענדעס איידער דאס פייער האט אויסגעבראכען?

— ניין, מיין הערר.

— האט איהר מישעל ווידער געזעהן פון געסטערן נאכמיטאג אן?

— ניין, ווען איך וואלט צייט געהאט, וואלט איך געוויס געגאנגען איהם זעהן אין זיין מוטערס הויז, אבער איך בין געווען בעשעפטיגט ביי די פארבע־רייטונגען צום פעסט.

— גוט ! איהר קענט צוריקטרעטען, אָבער געהט נאָך ניט אוועק. מען זאָל אריינפיהרען אַלעקסאַנדער מישעל.

עס איז ענטשטאַנדען אַ גרויסע אויפרעגונג אונטער די פערזאַמעלטע אַלס דער יונגער מאַן איז אריינגעקומען אין דער בעגלייטונג פון צוויי פּאָליציסטען און איז אויפגעטרעטען מיט אַ געווויסען שטאָלץ, טראָץ דעם וואָס זיין געזיכט איז געווען שוואַרץ און זיינע קליידער צוריסען.

— אייער נאָמען, אַלטער און שטעלונג ? — האָט דער פּראָקוראָר געפרעגט.

— איך הייס אַלעקסאַנדער מישעל, בין דרייסיג יאָהר אַלט און האָב מעהר קיינע שטעלונג.

— ווי ? זייט איהר ניט אינזשינער ?

— איך בין ניט מעהר בעשעפטיגט אַלס אינזשינער.

— אָבער דער טיטעל קומט דאָך אייך ?

— ניין, איך האָב קיינמאָל ניט אויסשטודירט אַלס אינזשינער, כאָטש אַלע רופען מיך אַזוי. איך אַליין האָב מיר קיינמאָל ניט גענומען דעם טיטעל.

— איהר זייט אַלזאָ געווען אָנגעשטעלטער ביין הערן ערמאָנד ?

— איהר מעגט עס אָנרופען ווי איהר ווילט, אָבער פון געסטערן אָן בין איך עס ניט מעהר. נאָך דער לעבהאַפטער אונטעררעדונג, וועלכע איז געסטערן גע־ווען צווישען הערן ערמאָנד און מיר, איז אונזער פערבינדונג אָפּגעבראָכען.

— גאַנץ ריכטיג. אייער שעף האָט פון אייך אים אַלגעמיינען גערעדט גו־טעס, נור איין זאַך האָט ער געזאָגט, אַז איהר זייט זעהר העפטיג, אַ גרויסער כעס'ן.

— אַזוי ? דאָס האָט ער געזאָגט ?

— ווי איהר הערט ? דער ווערקמייסטער ווערן דאַגעגען בעהויפּטעט, אַז איהר זייט דער גוטמוטהיגסטער מענש אין דער וועלט און איהר ווערט פון אַלע אַרבייטער אין פאַבריק געאַכטעט און געליעבט.

— אויך איך האָב די אַרבייטער געליעבט — מיין פאָטער אַליין איז גע־ווען אַן אַרבייטער.

— זעהר גוט, זעהר גוט ! אָבער וועגען דעם האַנדעלט זיך עס ניט ; איהר ערצייילט אונז בעסער ווי אַזוי איהר האָט אונטערגעצונדען די האָליץ־פּאַררעטהע פון אייער שעף.

— ווי, מיין הערר ? גלויבט איהר ווירקליך דאָס איך ? — הא ? דאָס איז דאָך וואַהנזיניג צו ווערן !

— ווילט איהר לייקענען ?

— מיט אַלע קרעפטען פון מיין לעבען וועל איך דאָס בעשטרייטען.

דער פּראָקוראָר האָט איהם אַ היבשע ווײַלע שוויײַגענדיג אָנגעקוקט און דאן האָט ער ווידער געזאָגט:

— איך האָב אייך אַבזיכטליך געלאָזען עטליכע מינוט צו איבערלייגען, איידער איך שטעל אייך די זעלביגע פראַגע נאָך אַ מאָל.

— איהר מעגט מיר שטעלען די פראַגע פיעל מאָל איהר ווילט אליין, מיין הערר, מיין ענטפער וועט אימער נור זיין דערזעלביגער: איך האָב דאָס שרעקלי־כע פערברעכען ניט בעגאַנגען.

— צו וואָס זאָלט איהר לייקענען און אייער לאַגע דאדורך נאָך פערשלי־מערען? ווען איהר זאָלט אַלעס מודה זיין וואָלט אייער לאַגע פיעל פערבעסערט געוואָרען. איבריגענס האָט מען אייך געכאַפּט כמעט ביי דער טהאַט, און לייקע־נען וועט אייך ווענ׳ג העלפען; אויך זיינען די גרינדע זעהר קלאָר, וואַרום איהר האָט עס געטהאָן.

— גרינדע? איך וואָלט זיי אויך וועלען וויסען! — האָט מישעל געזאָגט אונגעדולדיג.

— די גאַנצע זאַכע דערקלערט זיך גאַנץ איינפאַך — האָט דער פּראָקוראָר געזאָגט—צווישען אייך און אייער שעף איז ווי עס שיינט געווען עטוואָס ניט רעכט שוין פון אַ היבשע צייט פריהער; איהר האָט געוואָלט די פאַבריק אין גאַנ־צען איינער אליין פיהרען, וועהרענד אייער שעף האָט אויך געוואָלט בלייבען בעל־דעה.

— ערלויבט מיר מיין הערר — האָט מישעל איינגעווענדעט — לאָזט מיר דערצעהלען ווי די זאַכע איז געשטאַנען. הערר ערמאָנד האָט זיך ניט אויף איין האר געמישט אין דער פאַבריק אין דער צייט וואָס איך בין אין איהר איינגע־טרעטען. צו יענער צייט איז זי נאָך געפיהרט געווען פון זיין שוויגער־פאָטער, הערר ראָנשאַרד, וועלכער האָט די פאַבריק געגרינדעט. כמעט אַלעס וואָס איך פערשטעה אין דעם געשעפט, האָב איך צו פערדאַנקען יענעם אַלטען מאַן, וועל־כער האָט מיר ביסלעכווייז איבערגעגעבען די פיהרונג פון אַלע צווייגען פון גע־שעפט. נאָך זיין טויט איז די פיהרונג פון דער פאַבריק אין גאַנצען געבליבען אין מיינע הענד. אַלס שפּעטער איז אויך די פרוי פון העררן ערמאָנד געשטאָרבען האָט זיך די זאַכע נאָך אַלץ ניט געענדיגט. די פאַבריק איז איבערגעבליבען בירושה פיר די גאַנץ קליינע טעכטער׳ל פון העררן ערמאָנד. הערר ערמאָנד איז געוואָרען דער פרינציפּאַל פון געשעפט מעהר ניט ווי נאָכ׳ן נאָמען, אַזוי לאַנג ווי זיין טאָכטער איז מינדעריעהריג; די פאַבריק האָט געהערט דער טאָכטער און די פיהרונג איז געלעגען אויף מיך, און איך האָב מיינע אַלע קרעפטען אוועק־געגעבען דער פאַבריק.

**ווי, דאָס האָט שוין אויך הערר ערמאַנד צוגעגעבען — האָט דער פּראָקוראָר אַריינגערעדט, וועהרענד מישעל האָט ווייטער אויסאייגאַנדערגעזעצט :**

מיט אונגעפעהר א האַלב יאָהר צוריק האָט זיך הערר ערמאַנד פּלוצלונג גענומען ווייזען אז ער וויל אַליין פיהרען די פאַבריק. פריהער פלעגט ער זיך נאָך לאָזען זעהר אום צו עמפּפאַנגען דאָס געלד וואָס איז איבערגעבליבען. איך האָב איהם רוהיג געלאָזען טהאָן וואָס ער וויל. ענדליך האָט ער מיך אויף פיער מאָנאַטען אַוועקגעשיקט אויף א ווייטע רייזע אין אויסלאַנד. דאָ איז עס מיר קלאָר געוואָרען אז ער וויל זיך פון מיר בעפרייען. איך האָב פון דעסטוועגען געפיהרט דאָס געשעפט ווייטער מיט דערזעלביגער געוויסענהאַפטיגקייט ווי פריהער. געסמיך אונפריינדליך עמפּפאַנגען און זאָגאַר מיט פעראַכטונג בעהאַנדעלט, האָב איך טערן אָבער, אַלס איך בין צוריקגעקומען פון א ווייטער רייזע און מען האָט מיך געפיהלט זעהר געקרענקט און אין דער אויפרעגונג האָב איך ווירקליך געברויכט וועלכע בייזע ווערטער פון כעס.

— ריכטיג ! דאָס שטימט אַלעס ! אין אויפרעגונג האָט איהר געפאָדערט אייער ענטלאַסונג, איהר זייט מיט כעס אוועק פון אייער שעף און זייט געקומען צו אייער מוטער נאָך הויז, ניט וואהר ?

— זעהר ריכטיג ! דעם גאַנצען טאָג בין איך דאָן געבליעבען ביי מיין מוטער.

— אָבער אבענדס זייט איהר אויסגעגאַנגען. געטריעבען פון דער ליידענשאַפט, וועלכע האָט אין אייך געקאָכט, זייט איהר געגאַנגען נאָך סאַינט־דעני, זייט אין דער דונקעלהייט ארומגעגאַנגען די פאַבריק פון אייער שעף און זייט ענדליך אריינגעדרונגען אין דעם האַלצלאַגער, אום פון ווייטען צוצוזעהן דעם באַל צו וועלכען מען האָט אייך ניט איינגעלאַדען.

— אזוי ווייט איז דאָס כמעט ריכטיג.

— נו, גוט ! נאָכדעם ווי איהר האָט די פעסטליכקייט א היבשע ווייל צוגעזעהן, זייט איהר פיליכט דורך עטוואָס ווידער אויפגערעגט געוואָרען, און אין א מינוט פון ליידענשאַפטליכען צאָרן האָט איהר דאָס האַלץ אונטערגעצונדען

— ניין, ניין, מיין הערר ! דאָס איז ניט וואהר ! איך שווער אייך אז איך האָב עס ניט געטהאָן !

— פיליכט האָט איהר געוואָלט די מאַשינען צושטערן ?

— מיינע מאַשינען פערניכטען ? איך אַליין ? און וואַרום ?

— אום זיי ניט צו איבערצולאָזען אין די הענד פון א מאַן, וועלכער איז אייך פערהאַסט.

— אָ, רעדט דאָך ניט אזעלכע ווערטער, מיין הערר! איהר קענט זיכער זיין אז איך וואָלט צו יעדען אָפּפער בערייט געווען, אום נור די מאשינען צו רעטען.

— און דאָך קענט איהר ניט אָפּלייקענען, אז צו דער צייט ווען דאָס פייער האָט אויסגעבראָכען, האָט איהר זיך געפונען אויפ׳ן פּלאַטץ וואו דאָס האָלץ איז אויפגעשפּייכערט, און איהר האָט דעם פּלאַטץ דערנאָך פערלאָזען דורך א זעהר פערדעכטיגען שפּרונג איבערן מויער. אייער געזיכט און אייערע הענד זיינען געווען שוואַרץ פון רויך, אייערע האָר פערשמאַליעט און אייערע קליידער צוריסען. ווען די פּאָליציסטען האָבען אייך געפּאַקט זייט איהר אין אָנפאַנג מיטגעגאַנגען גאַנץ רוהיג און ערשט דערנאָך האָט איהר אָנגעהויבען צו שרייען אז איהר זייט אונשולדיג. דער נאָך האָט איהר בענוצט די געלעגענהייט פריילין ערמאָנד צו רעטען, אום דורך אייער מוטהיגער טהאַט די בייזע טהאַט א ביסעלע צו פערגלעטען.

— אָ מיין הערר, איהר מאַכט צו מיינע האַנדלונגען אַזא פּירוש וואָס איז מיר גאָר קיין מאָל אפילו אין חלום ניט איינגעפאַלען.

— אַזוי? דאַן זאָגט איהר מיר דאָך, געפעליגסט ווי אַזוי דאָס פייער איז ארויסגעקומען!? איהר ווילט אונז דאָך ניט איינריידען אז די שרפה איז ענטשטאַנדען דורך א שלעכטען צופאַל, אָדער דורך איינע אונפאָרזיכטיגקייט.

— דאָס געוויס ניט!

— איהר גיט אָלזאָ צו אז די שרפה איז אַבזיכטליך געמאַכט געוואָרען?

— געוויס! איך האָב אפילו געזעהן דעם וואָס האָט אונטערגעצונדען.

הערר ערמאָנד האָט אויפגעציטערט ווי אין פיבער ביי דיעזע ווערטער און האָט זיך בעגאָסען מיט א קאַלטען שוויים. דיעזע ערקלערונג האָט אָבער אַזוי פעראינטערעסירט אַלע אָנוועזענדע, דאָס זיי האָבען אַלע געריכטעט זייערע אויגען אויף מישעל און קיינער האָט דעריבער ניט בעמערקט די ווירקונג פון דיעזער ערקלערונג אויף דעם פאַבריק-העררן.

— אַזוי, אַזוי? — האָט דער פּראָקוראָר געזאָגט — פאַר וואָס האָט איהר דאָס פריהער ניט געזאָגט?

— ווייל מען האָט מיר נאָך קיין געלעגענהייט גענעבען דאָס צו זאָגען.

— נון, דאַן רעדט ארויס איצטער אַלעס וואָס איהר ווייסט דערפון.

— איך בין זיך מודה דאָס איך בין לעצטע נאַכט געווען אין דער פאַבריק און האָב מיך דאָרט אויפגעהאַלטען לייננער ווי א שטונדע. דאָס איז ניט רעכט געווען פון מיר, איך וויים עס, אָבער דאָס איז אויך מיין גאַנצעס אונרעכט.

פערבאָרגען הינטער אַ מאַשינע בין איך געשטאַנען און צוגעזעהן וואָס עס נעהמט פאַר אויפ׳ן באַל אַלס איך האָב מיט איינמאָל דערהערט טריט הינטער מיר...

— אה!?

— איך האָב מיך דערשראָקען אומגעקוקט, אָבער עס איז באַלד ווידער געוואָרען רוהיג, און נאָכדעם ווי איך האָב מיך איבערציינגט אַז קיינער זעהט זיך ניט, האָב איך ביי זיך געטראַכט דאָס וואהרשיינליך האָט זיך מיר אָפּגע־דאכט, און האָב מיך געוואָלט אומקעהרען אין מיין פאַרבאָרגעניס, אָבער פּלוצ־לונג איז פון הינטער אַ שטאָס האָלץ ארויסגעשפּרונגען אַ מאַן און האָט זיך אויף מיך אַ וואָרף געטהאָן ווי אַ טיגער און עס איז צווישען אונז ענטשטאַנדען אַ קאַמפּף, וועלכער האָט אָנגעהאַלטען איינינע מינוטען...

— דאָס וועֹרט העכסט אינטערעסאַנט — האָט דער פּראָקוראָר בעמערקט מיט שפּאָט.

— דערפון זיינע מיינע קליידער געוואָרען צוריסען און איך גלויב אַז ווען איהר וועט אונטערזוכען מיין האַלדז וועט איהר געפינען צייכענס פון דעם מאַנס פינגער און נעגעל.

דער פּראָקוראָר ווי דער שעף פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי האָבען זיך גלייך אויפגעהויבען און האָבען בעטראַכטעט מישעל׳ס האַלדז, עס זיינען ווירק־ליך געווען שפּורען פון פינגער, און ביין גורגעל איז די האַלדז געווען עטוואָס געשוואָלען.

— דאָס בעווייזט נאָך גאַנץ ווייניג — האָט דער פּראָקוראָר ענדליך געזאָגט — איך האָב שוין געזעהן פעלע וואו מענשען האָבען זיך עטוואָס ערגערעס גע־טהאָן אום ענטגעהן אַ גערעכטע שטראַפע. אַלזאָ, ווייטער.

— ווען איך האָב מיך מיט דער אנשטרענגונג פון אַלע מיינע קרעפטען ארויסגעדרעהט פון אונטער איהם און האָב מיך פאַרבערייטעט מיך צו וואַרפען אויף איהם, איז ער שנעל אַנטלאָפען צו דער זייטענטהיר, צו וועלכער ער האָט ווי עס שיינט אויך געהאַט אַ שליסעל, פּונקט ווי איך. גאַנץ ערשטוינט איבער דיעזע אונערוואַרטעטע ווענדונג בין איך געבליבען אַ ווײַלע שטעהן אויף מיין פּלאַטץ, און האָב געוואָלט נאָך אַמאָל אַ בליק טהאָן אויפ׳ן באַל, אַלס איך האָב פּלוצלונג דערהערט אַ געשריי פון הויף: „פייער, פייער!" איך בין געלאָפען צו דער קליינער זייטענטהיר, איז זי שוין געווען פאַרלייגט מיט ברענענדע קלעטצער. איך בין געלאָפען דורך די ברענענדע שטאָסען האָלץ, זוכענדיג איין אַנדער אויסוועג, און כמעט דערשטיקט ווערענדיג פון רויך און פון היטץ. איך בין ענדליך געקומען צום גרויסען טויער פון האָלץ־הויף, עס איז אָבער געווען פערשלאָסען. איך האָב דעריבער געמוזט אריבערשפּרינגען דעם פּארקאן. אויף

דעם אופן האָב איך מיך גערעטעט און בין ענדליך געווען אים פרייען, ווען אויך טויט־מיעד. פּלוצלינג האָבען מיך צוויי מענער אָנגעכאַפּט וועלכע איך האָב ערשט שפּעטער דערקענט אַלס פּאָליציסטען, און האָב זיי גלייך געזאָגט אַז איך בין אונשולדיג.

דער פּראָקוראָר וועלכער האָט די גאַנצע ערקלערונג צוגעהערט מיט אַ שפּאָטישען שמייכעל, האָט געזאָגט, ווען מישעל איז געווען צו ענדע:

— מיינט איהר ווירקליך, אַז עס וועט זיך געפינען איין פערנינפטיגער מענש וואָס וועט גלויבען די געשיכטע מיט דעם געהיימניספאָלען „אונבעקאַנטען״? איהר מעגט אייך פערשפּאָרען די מיהע אונז אַזעלכע ליגען צו דערציילען.

— ליגען?! — האָט מישעל אויסגערופען איינהאַלטענדיג זיין צאָרן מיט מיהע — איך שווער אייך, אַז איך האָב אייך דערציילט די גאַנצע וואַרהייט! יענער מאַן האָט אַנטלויפענדיג געלאָזען פאַלען אַ קליינע קעסטעלע, וועלכע איך האָב אויפגעהויבען און אריינגעלייגט צו מיר אין דער טאַשע. איך מוז זי נאָך ביי מיר האָבען, לאָזט מיר נאָר נאָכזעהן.

מיט אַ שפּאָטישען שמייכעל האָבען זיך די בעאַמטע געגענזייטיג אָנגעקוקט און נאָכדעם ווי מישעל האָט אַ פּאָר מינוטען געזוכט אין זיינע טאַשען און ניט געפונען, האָט דער פּראָקוראָר געזאָגט:

— האַלט אונז ניט אויף אומזיסט מיט אייער זוכען נאָך יענע קעסטעלע, וועלכע עקזיסטירט פּונקט אַזוי פיעל ווי יענער „אונבעקאַנטער״ מאַן.

— מיין הערר! אייער שפּאָט אויף להכעיס זאָג איך נאָך אַ מאָל דאָס איך זאָג אייך ניט קיין ליגען!

— דאַן ווייזט אונז מינדעסטענס דאָס קעסטעלע.

— דאָס איז עס! — האָט מישעל אויסגערופען, אַזוי ווי ער האָט געפונען אין דעם אויגענבליק דאָס קעסטעלע אין איינע פון זיינע טאַשען און איבערגעבענדיג זי דעם פּראָקוראָר האָט ער צוגעזעצט: „דיעזעס קעסטעלע וועט אייך געוויס ארויספיהרען אויף דעם סליאַד פון דעם מאַן וואָס האָט אונטערגעצונדען.

אין דער צייט וואָס די בעאַמטע אַרום טיש האָבען אַרומגעקוקט דאָס קליינע קעסטעלע פון אַלע זייטען, האָט אויך מישעל געוואָרפען אַ בליק אויף איהר, און האָט אויפגעציטערט.

דער פּראָקוראָר, וועלכער האָט בעמערקט ווי דער יונגער מאַן איז דערשראָקען געוואָרען, האָט איהם שנעל געפרעגט:

— האָט איהר געהאַט אַ טעות אין קעסטעלע?

— ניין — האָט מישעל געענטפערט, און האָט זיך נאָך אַ מאָל, ווי ניט־ווילענדיג, אַ טאַפּ געטהאָן ביי די טאַשען — ניין, דאָס איז די ריכטיגע.

דער מיסטרואישער אונטערזוכונגס־בעאַמטער האָט אַרומגעדרעהט די קעסטעלע פון לאַקירטען בלעך נאָך אַלע זייטען, ווערענד ער האָט געזאָגט צום אַנדערען:

— גיט נור אַ בליק! דאָ איז אָפּגעדרוקט אַ רוסישער אָדלער! — דאָס קעסטעלע קומט פון רוסלאַנד, פּונקט ווי איהר, הערר אינזשינער!

מישעל איז ניט אים שטאַנדע געוועזן צו ענטפערן אַ וואָרט; ער האָט גע־האַלטען זיינע אויגען אויף די קליינע שאַכטעל, וועלכע דער פּראָקוראָר האָט געדרעהט אין האַנד און האָט זי ענדליך געעפענט, זי איז געוועזן אַ קעסטעלע פיר צינדהעלצער און איז געוועזן האַלב אָנגעפּילט.

— זיינען איך בעקאַנט די סאָרט קעסטעלאָך מיט צינדהעלצער? — האָט דער פּראָקוראָר געפרעגט.

— יאָ — האָט מישעל געענטפערט, קומענדיג צו זיך — דאָס איז פאַבריצירט אין רוסלאַנד.

—ווירקליך!? דערמאָהנט זיך נור, האָט איהר אויף רייזע ניט געקויפט אַזאַ קעסטעלע און פיעלייכט האָט איהר אויך געקויפט עטליכע פּעקלאָך צינד־העלצעלאָך פון דער סאָרטע?

— דאָס האָב איך ווירקליך אויך געטהאָן.

— נו, זעהט איהר אַלזאָ, דאַן געהערט דאָס קעסטעלע אייך!

— ניין, מיין הערר, דאָס קעסטעלע געהערט מיר ניט! איך קען דאָס אייך בעווייזען!

— מיט וואָס?

— דער אַנצוגג וואָס איך טראָג איצטער איז ניט מיין רייזע־אַנצוגג; יענער איז אין פּאַריז געבליבען מיט אַלע מיינע זאַכען. דעם אַנצוגג האָב איך אָנגעטהאָן ערשט געסטערן אַבענדס.

— וואָס בעווייזט עס אַלזאָ? האָט איהר דען ניט געקענט אַרויסנעהמען דאָס קעסטעלע מיט ציהנדהעלצלאָך פון אייער רייזע־אַנצוג און איבערלייגען אין דעם?

— איך האָב גאָר ניט נייטיג מיט מיר צינדהעלצער צו טראָגען, דען איך רויכער ניט.

—דאָס בעווייזט נאָך דייטליכער, אַז איהר האָט עס מיטגענומען מיט אַ שלעכ־טער אַבזיכט, איהר זעהט אַלזאָ, אַז אַלע אייערע תירוצים פּאַרוויקלען אייך נאָך

מעהרער, אַנשטאַט אייך צו רעכטפֿערטיגען. איך גיעב אייך דעריבער מיין ראַטה איהר זאָלט זיך בעסער מודה זיין.

גאַנץ אויסער זיך פֿון אַזאַ פֿאָרשלאַג האָט אַלעקסאַנדער מישעל געמאַכט אַ טריט נעהענטער צום פּראָקוראָר און האָט אויסגערופֿען אין העכסטער וואוטה, ווערהענד ער האָט געבאַלט זיינע פֿויסטען, און זיינע אויגען האָבען געגליהט פֿאַר צאָרן:

— מיין הערר! ווען איהר ווילט מיינע ווערטער ניט גלויבען, דאַן וויל איך אייערע פֿראַגען איבערהויפּט ניט מעהר ענטפֿערן.

— בעמערקענדיג די האַלטונג פֿון דעם יונגען מאַן האָט דער פּראָקוראָר ניט־ווילענדיג געמאַכט אַ טריט צוריק און האָט דאַן רוהיג געזאָגט:

— אהא, מיין ליעבער! אייער בענעהמען פֿאַרשפּאָרט אונז אַלע ווייטער־דיגע נאָכפֿאָרשונגען וועגען אייער כאַראַקטער.

דערמיט איז דער פּראָקוראָר אויפגעשטאַנען און האָט געזאָגט צו די אַנדע־רע בעאַמטע:

— לאָמיר איצטער נאָך אַ מאָל טהאָן אַ בליק אויף דעם פּלאַטץ פֿון פֿער־ברעכען.

— און וואָס זאָל געשעהן מיט דעם געפֿאַנגענעם? — האָט דער שעף פֿון דער זיכערהייטס־פּאָליציי געפֿרעגט.

— ער מעג אונז נאָכגעהן, לאָזט איהם אָבער גוט בעוואַכען, דען איהם מעג מען אַלעם צוטרויען.

די אונטערזוכונגס־בעאַמטע האָבען פֿערלאָזען דאָס צימער און האָבען זיך בעגעבען נאָך דעם פּלאַטץ פֿון דער שרפֿה, ווערהענד מישעל איז געגאַנגען פֿון הינטען, מיטביידע פּאָליציי־אַגענטען פֿון זיינע ביידע זייטען. דאָרטען זיינען געשטאַנען די גרעפֿין ברעסטאָווסקי און איהר ברודער ריידענדיג מיט נינאַ, ווערה־רענד דער איטאַליענישער מאַרקיז אין די דונקעלע ברילען האָט זיך נאָך אימער ארומגעדרעהט אַרום זיי און אויף דעם גאַנצען פּלאַטץ. איצטער איז אויך הערר ערמאַנד צוגעקומען צו זיי, און דער איטאַליענער האָט זיך צו איהם געווענדעט מיט אייניגע פֿראַגען פֿון נייגירדע, וועגען דעם וואָס ביי דער אונטערזוכונג איז ענטדעקט געוואָרען און ערמאַנד האָט אונווילליג געענטפֿערט, אַז די אונטערזו־כונג בעשולדיגט מישעל.

אַלס מישעל איז פֿאַרביי געפֿיהרט געוואָרען פֿאַר דיעזע רעדיל, האָט נינאַ געוואָלט צולויפֿען צו איהם, אָבער איהר פֿאָטער האָט זי צוריקגעהאַלטען און זי

האָט זיך געמוזט צופּריעדען שטעלען צו צו־ווינקען איהם אַ גרוס פון ווייטען, אויף וועלכען מישעל האָט מיט פייערדיגער אויפרעגונג געענטפערט.

נאָכדעם ווי די בעאַמטע האָבען אויסגעמאָסטען דעם גאַנצען גרונדשטיק פון פאַבריק, זיינען זיי צוגעקומען צו יענעם פּלאַץ, וואו אַלעקסאַנדער מישעל האָט געהאַט אריבערגעשפּרונגען איבערן מויער. דער פּראָקוראָר האָט פערלאַנגט פון די פּאָליציסטען זיי זאָלען איהם דאָ נאָך אַ מאָהל ווייזען ווי אַזוי זיי האָבען דעם געפאַנגענעם פערהאַפטעט. פּלוצלונג האָט איין פּאָליציי־אַגענט זיך איינגע־בויגען און האָט אויסגערופען:

— זעהט נור, דאָ ליעגט אַ בריעף־טאַשע!

— און דאָ ליעגט נאָך איינער! — האָט אויסגערופען דער צווייטער פון די פּאָליציי־אַגענטען, אָנווייזענדיג אויף נאָך אַ בריעף־טאַשע וואָס איז געלעגען ניט ווייט פון דער ערשטער.

— האַלט! — האָט דער פּראָקוראָר אויסגערופען — ריהרט זיי ניט אָן.

דער פּראָקוראָר איז צוגעגאַנגען נעהענטער צו דעם פּלאַטץ און האָט בעטראַכטעט דיביידע בריעף־טאַשען, ווי זיי זיינען געלעגען אויף ד'ערד. ביי איי־נער זיינען געווען צושאָטען עטליכע וויזיטענקאַרטען. ער האָט אויפגעהויבען איינע פון זיי און אויף איהר איז געווען דער נאָמען: „אַלעקסאַנדער מישעל".

— פיהרט אָהער דעם געפאַנגענעם! — האָט ער דאַן געזאָגט; און אַלס דיעזער איז צוגעפיהרט געוואָרען, האָט ער זיך צו איהם געווענדעט:

— דאָ, אויף דעם פּלאַטץ זייט איהר דאָך אריבערגעשפּרונגען, ניט וואָהר?

— פרעגט אייערע אַגענטען, זיי וועלען אייך בעסער זאָגען ווי איך.

— דערקענט איהר די ביידע בריעף־טאַשען, וועלכע ליגען דאָרט אויף דער ערד?

מישעל האָט זיך אומגעקוקט נאָך דער ריכטונג, וועלכע איז איהם אָנגע־וויזען געוואָרען און האָט בעטראַכט די צוויי בריעף־טאַשען:

— יאָ, דאָס זיינען מיינע — אָבער ניין, נור איינער געהערט מיר.

— קוקט זיי פריהער גאַנץ גוט אָן איידער מיר הויבען זיי אויף אום צו זעהן וואָס זיי ענטהאַלטען.

— יענע בריעף־טאַשע לינקס איז מיינע און איך האָב זי פון אַ לייננערע צייט, עס ליעגען אין איהר עטליכע וויזיטענקאַרטען ווי די וואָס זיינען דאָ צו־וואָרפען אויף דער ערד. דאָס איז מיר געווים ארויסגעפאַלען פון דער טאַשע ווען איך בין דאָ אריבערגעשפּרונגען.

— און די אַנדערע?

— אין אָנפאַנג האָב איך די אַנדערע אויך געהאַלטען פאַר מיינע, ווייל זי זעהט אויס פונקט ווי מיינע אַ בריעף־טאַשע וואָס איך האָב געקויפט אין פעטערבורג, און וועלכע האָט אויף דעם בוכשטאַב „מ״ אַזוי ווי די.

— פיליבט ווילט איהר אונז איינרײידען אַז די צווייטע בריעף־טאַשע איז ארויסגעוואָרפען געוואָרען פון דעם „אונבעקאַנטען״, וועהרענד ער איז אַנטלאָפען? — האָט דער פּראָקוראָר געפרעגט מיט אַ ביטערען שמייכעל.

מישעל האָט זיך מיט קראַפט איינגעהאַלטען אום ניט ארויסצופּלאַטצען און האָט רוהיג געענטפערט:

— איך זאָג מעהר ניט אַז די צווייטע בריעף־טאַשע געהערט ניט מיר און קען מיר ניט געהערען ווייל מיינע האָב איך איבערגעלאָזען אין מיינער וואוינונג, און איהר קענט זיך דערפון איבערצייגען.

— איהר האַלט זיך נאָך אַלץ ביין לייקענען? גוט, מיר וועלען זיך דערפון איבערצייגען.

ביי די ווערטער האָט דער פּראָקוראָר אויפגעהויבען די בריעף־טאַשע, וועלכע מישעל האָט אַנערקענט אַלס זיינע און האָט זי געעפענט. איגוועניג זיינען געלעגען מישעלס וויזיט־קאַרטען און ניט מעהר. דאַן האָט ער אויפגעהויבען די צווייטע און האָט זי געעפענט. אינעווייניג איז געלעגען אַ קליינע בראָשורע מיט אַלערליי מיטטהיילונגען וואָס זיינען נייטיג פאַר אַזאַ ווייטע רייזע ווי מישעל האָט געמאַכט. ווייטער האָבען זיך אויך געפונען אין די זייטען־טאַשען פּרייז־ליסטען פון פערשיעדענע פעטערסבורגער האַלץ־הענדלער, און אַ פּאַר רוסישע אַסיגנאַציעס פון הונדערט רובעל יעדערע.

— ווילט איהר נאָך לייקענען אַז דאָס געהערט אייך?! — האָט דער פּראָקוראָר אויסגערופען, אויפהויבענדיג די אַלע פּאַפּיערען אין דער הויך.

ווי ריין מישעל׳ס געוויסען איז אויך געווען, איז ער דאָך אַזוי צומישט געוואָרען דורך דיעזען אַנבליק, דאָס ער האָט קיין וואָרט געפונען צו ענטפערן. ער האָט זיך דערמאָהנט אַז אין זיין פּאָרטפעל האָט ער ווירקליך אַזעלכע פּאַפּיערען און אויך אייניגע רוסישע אַסיגנאַציעס האָט ער געהאַט מיטגעבראַכט פון קור־יאַזיטעט וועגען, ווי איין אנטיקעל.

— פּאַר וואָס ענטפער איהר ניט? — האָט דער פּראָקוראָר געפרעגט אונגעדולדיג.

—איך האָב אייך ניט גלייך געענטפערט, ווייל דער אינהאַלט פון דעם פּאָרט־פעיל איז זעהר עהנליך צו מיין פּאָרטפעיל, וואָס איהר וועט געפינען ביי מיר צו הויז.

— וואָס? איהר האַלט זיך נאָך אימער ביי אייער בעהויפּטונג?

— גאַנץ געוויס! און איך בעט מיט מיר נאָך הויז צו געהן. דאָרטען וועט איהר געפינען אין מיין רייזע־אַנצוגג, אָדער אין מיין האַנד־קאָפער א פּאָרטפעיל גלייך צו דעם און אויך מיט אַזאַ אינהאַלט.

— אייער לייקענען אָבער פערליערט שוין גאָר דעם טעם. איהר ווילט בע־שטרייטען אז די געגענשטענדע געהערען אייך, וועהרענד איהר קומט איצטער פון א רייזע איבער רוסלאַנד, וואו איהר זייט געפאָהרען װעגען איינקויפען האָלץ?

— ערלויבט מיר, מיין הערר, צו בעמערקען, דאָס איך בין האָפענטליך ניט דער איינציגער וואָס האָט געמאַכט אַזאַ רייזע, און וואָס האָט ביי דער געלעגענ־הייט מיטגעבראַכט א פּאָר באַנקנאָטען. ווער ווייס אויב יענער אונבעקאַנטער, וועלכער איז אין דער ריכטונג אַנטלאָפען געוואָרען, איז ניט א קאָנקורענט פון העררן ערמאַנד, און איז אויך געוועזען אין רוסלאַנד?

— דאָס איז שפּינוועבס! — האָט דער פּראָקוראָר אונגעדולדיג גערופען — און איך פרעג אייך נאָך אַמאָל אויב איהר ווילט זיך מודה זיין אז איהר זייט שולדיג?

— און איך שווער אייך נאָך אַמאָל אז איך בין ניט שולדיג; איך שווער אייך ביי מיין עהרע און ביי דער ליעבע פון מיין מוטער.

קוים האָט מישעל געהאַט ארויסגערעדט דיעזע ווערטער, אַלס עס האָט זיך פון איינגאַנג אויפ'ן פאַבריק־הויף געלאָזט הערען א צאַנקעריי און איינע שטימע פון א פרוי האָט אין אויפרעגונג געשריען:

— האַלט מיך ניט אויף, איך מוז אריין!

די פּאָליציסטען וועלכע זיינען געשטאַנען ביין טויער האָבען אויפגעהאַלטען א פרוי אין די עלטערע יאָהרען און האָבען זי ניט געלאָזען אריינגעהן אויפ'ן פאַבריק־גרונד.

— איהר וועט דאָך צולאָזען א מוטער צו איהר קינד! — האָט די מוטהיגע פרוי געשריען און מיט דעם אויסרוף האָט זי זיך מיט געוואַלט דורכגעשפּאַרט דורך די פּאָליציסטען, וועלכע האָבען ניט געוואַגט די בעקלאַגענסווערטהע מוטער נאָך לייגגער אויפצוהאַלטען. איין מאָל איז זי געוועזען אינוויינינג און זי איז מיט איין אָטעם צוגעלאָפען צו יענעם פּלאַטץ וואו די גרופּע מענער זיינען געשטאַנען און אונטער וועלכע זי האָט דערקענט איהר זוהן, און באַלד דארויף האָט ער־שאַלט איין ערשיטערנדער דאָפּעל־רוף:

— מוטער!

— מיין זוהן!

די אַלטע אַלמנה איז געזונקען אין מישעל'ס אָרעמס, דען ער האט זיך האַס־טיג בעפרייט פון זיינע וועכטער און האַט איינינע שריט געאיילט זיין מוטער אנטקעגען.

איין אויגענבליק האט זי איהם געהאַלטען אַרומגענומען, דאַן האַט זיא האַסטיג געפרעגט.

— ניט וואהר, עס איז ניט אמת וואָס מען זאָגט פון דיר?

— ניין, מוטער.

די אַלטע עהרליכע פרוי איז אין דעם כּריה מאָרגען פריהער אויפגעשטאַנען ווי געוועהנליך. גאַנץ שטיל, אויף די שפּיטץ־פינגער, איז זי צוגעגאַנגען צו דער טהיר פון איהר זוהנס צימער און האַט זיך צוגעהערט. אַזוי ווי אַלעס איז שטיל געוועזן האַט זי געזאָגט צו זיך אַליין שמייכלענדיג: „נאָך אַזאַ שווערע רייזע שלאָפט ער געשמאַק". זי האַט פערלאָזען די וואוינונג און איז געגאַנגען איינ־קויפען ברויט, בוטער און מילך אויף פריהשטיק. צוריקקומענדיג האַט זי דאָך בעשלאָסען איהר זוהן צו וועקען, און מיט איינגעהאַלטענעם אָטהעם איז זי אריין צו איהם אין צימער. צו איהר גרעסטער איבעראַשונג האַט זי געפונען דאָס צי־מער לעער.

— אַהאַ! — האָט זי גזעאָגט — ער האָט זיך דאָך ניט געקענט איינהאַל־טען און איז אַהין געגאַנגען; אָבער פאַר וואָס איז ער נאָך ניט צוריק?

דאָ האָט עס געקלינגעלט ביין טהיר; אַ שכן'טע איז אריינגעקומען.

— האָט איהר נאָך ניט געהערט פון דער גרויסער שרפה? — האָט זי גע־פרעגט.

— פון וועלכער שרפה.

— פון הערר ערמאַנד'ס פאַבריק אין סאַינט־דעני. זי האָט דיעזע נאַכט אָפּ־געברענט.

— וואָס רעדט איהר?

— דאָס וואָס איהר הערט; מען דערציילט זאָגאַר אַז אייער זוהן איז אין דעם פערמישט.

— מיין זוהן? — —

מעהר האָט די אונגליקליכע פרוי ניט געקענט ריידען. האַלב וואהנזיניג פון שרעק איז זי אַרומגעלאָפען פון הויז און האָט ניט גערוהט ביז זי זאָל פון איהר

זוהן אליין הערען דאָס ער איז אונשולדיג, און וואָס זי האָט אליין פון אָנפאַנג אָן ניט געצווייפעלט קיין אויגענבליק.

— מיין גוטער ליעבער זוהן! — האָט זי עטליכע מאָל געררופען איהם אומ־ארמענדיג — איך האָב גלייך געוואוסט אז דו ביסט ניט שולדיג — קום, מיין זוהן נאָך הויז מיט מיר.

— מיט דיר? דאָס קען איך ניט, ליעבע מוטער.

— וואָרום ניט?

— מען האַלט מיך געפאַנגען, ווייל מען בעשולדיגט מיך אז איך האָב די פאַבריק אונטערגעצונדען.

— וואָס? — האָט די אַלטע פרוי אויסגערופען אויסער זיך פון צאָרן — דאָס זאָגט מען אויף דיך! ווער וואַגט דאָס?

און זיך קעהרענדיג צו די בעאַמטע האָט זי פאָרטגעזעצט:

— אָ, מיינע הערען, איהר קענט מיין זוהן ניט! ער איז דער בעסטער און עהרליכסטער מענש, ווי דאָס איז אויך געווען זיין פאָטער. יענער איז געוועזען איין אַרבייטער, אָבער ער האָט זיין זוהן גוט ערצויגען און האָט איהם אריינגעגע־בען אין פאָליטעכנישע שולע. פאר'ן עקזאַמען האָט מיין זאָהן געמוזט ארויס־טרעטען פון דער שולע, ווייל זיין פאָטער איז געשטאָרבען און האָט איהם קיינע מיטעל איבערגעלאָזען. פון דענסמאָל אָן האָט ער שווער געארבייט, אום זיך און מיך צו ערנעהרען. — און אַ זוהן, די פריידע און שטאָלץ פון זיין מוטער, האַלט איהר פיר פעהיג אַזאַ פערברעכען צו בעגעהן!? ניין, ניין, דאָס איז אונמעגליך! — איך בעט אייך, איך בעשווער אייך, מיינע הערען...

— הער אויף, ליעבע מוטער — האָט איהר מישעל אונטערבראָכען — וואָרף זיך ניט אַזוי ארונטער פאַר די לייטע, וועלכע ווילען דיר נור אויסלאַכען. איך האָב זיי שוין געזאָגט אַלעס וואָס עס קען מיך רעכטפערטיגען, אָבער זיי ווילען מיר ניט גלויבען... געה רוהיג אַהיים, גוטע מוטער! איך וויל ניט, אז מען זאָל דיך זעהן וויינענדיג און לאַכען פון דיינע טרעהרען.

— דו קענסט מיך אַלזאָ ניט בעגלייטען?

— ניין, ווייל מען וויל מיך פיהרען אין געפענגניס.

— אין געפענגניס? דיך? דאן זאָל מען מיך אויך אהין פיהרען מיט דיר!

— זאָל זיין גענוג! — האָט זיך דער פּראָקוראָר אריינגעמישט — איך מוז אייך איצטער ערזוכען, גוטע פרוי אוועקצוגעהן פון דאַנען.

— יאַ, מוטער, געה, איך בעט דיך — האָט מישעל צוגעזעצט.

דער אַלטער ווערקמייסטער ווערן וועלכער איז דערווײַלע אויף צוגעקומען, האָט זיך געווענדעט צו דער אַלטער פרוי, וועלכע האָט זיך נאָך אַלץ ניט געקענט ענטשליעסען אוועקציגעהן.

— קומט מיט מיר, מאַדאַם מישעל, איך וויל אייך בּ׳גלייטען נאָך הויז; שפּאַרט זיך אָפּ אויף מיין אָרעם.

— דאָס וויל איך טהאָן, אָבער מיט דער איינציגער בעדינגונג, דאָס איהר זייט איבערצייגט פון דער אונשולד פון מיין זאָהן.

— קענט איהר גאָר צווייפלען אין דעם? — האָט ווערן אויסגערופען—איך, דער פריינד פון אַלטען מישעל, וועלכער האָט ליעב זיין זאָהן ווי ער וואָלט געווען מיין אייגענער, איך זאָל דעם בראַווען יונגען מאַן האַלטען פעהיג אויף אַזאַ פערברעכען? ניין, מישעל איז אונשולדיג, און וועה איז צו יענע וועלכע ווילען אויף איהם אַזאַ שולד ארויפוואַרפען, זי וועט פאַלען צוריק אויף זייערע קעפּ.

— איך דאַנק אייך, אַלטער פריינד! — האָט מישעל געזאָגט גערירהרט, אָנ־נעהמענדיג די האַנד פון דעם אַלטען ווערקמייסטער, און זי דריקענדיג אין זיינע.

דער פּראָקוראָר האָט געגעבען אַ וואונק און די פּאָליציי־אַגענטען האָבען אוועקגעפיהרט מישעל. פערבייגעהענדיג דעם הויפּט־פּראָנט פון פאַבריק האָט זיך מישעל אַרומגעקוקט נאָך נינאַ, אָבער ער האָט זי ניט געזעהן. נינאַ איז געפאַלען אין אָהנמאַכט אַזוי שנעל ווי זי האָט דערזעהן די אַלטע מוטער פון מישעל, וועל־כע די פּאָליציסטען ווילען ניט צולאָזען צו זעהן מיט איהר זוהן. דיעזען אויגענ־בליק האָט די גרעפין ברעסטאָוואָסקי בענוצט, אום צו לאָזען אַריינבריינגען דאָס מיידעל צו איהר אין וואָגען און שנעל מיט איהר אוועקצופאָהרען נאָך פּאַריז.

מישעל האָט געמוזט בעשטייגען אַ וואָגען צוזאַמען מיט דריי פּאָליציי־אַגענטען, וועלכע האָבען געהיט זיין יעדע בעוועגונג. דער פּראָקוראָר און זיין בעגלייטער האָבען זיך געזעצט אין אַ צווייטען וואָגען און ביידע וועגען האָבען זיך געזעצט אין בעוועגונג, אין דער ריכטונג נאָך פּאַריז. אַ גרויסע מאַסע לייטע זיינען געשטאַנען אויפ׳ן גאַס, נייגעריג אַ בליק צו טהאָן אויפ׳ן „אונטערזוכ־נג־דער", די אַרבייטער וואָס האָבען מישעל געקענט, האָבען איהם הערצליך גע־גריסט, אַראָפּנעהמענדיג די היטלען.

— עהרליכע, טרייע זעעלען! — האָט מישעל געמורמעלט, ענטפערענ־דיג אויפן גרוס.

די וואָגען זיינען אריינגעפאָהרען אין פּאַריז, און אין דער רוע דע־לאַ־שאַפּעל, פאַר מישעל׳ס וואָהנונג זיינען זיי געבליבען שטעהן. דער פּראָקוראָר מיט זיין בעג־

גלייטער זיינען די טרעפּ ארויף פריהער און הינטער זיי איז ארויף מישעל אין דער בעגלייטונג פון די דריי פּאָליציי־אַגענטען.

— עפענט אונז אייער וואָהנונג — האָט איהם דער פּראָקוראָר געזאָגט.

מישעל האָט געפאָלגט און ארויסנעהמענדיג אַ שליסעל פון זיין טאַשע האָט ער געעפענט די טהיר, פרייענדיג זיך אין הארצען וואָס זיין מוטער איז נאָך ניטאָ און וועט ניט זיין ביי דעם פּיינליכען אויפטריט פון דער הויז־זוכונג.

— דאָ איז מיין צימער — האָט מישעל געזאָגט אָנווייזענדיג אויף אַ טהיר אין פּאַר־הויז — געהט אריין געפעליגסט, דאָ, וועט איהר געפינען אלעס וואָס איהר זוכט.

אין דעם רייזע־קאָפער האָבען זיי ווירקליך געפונען צוויי פּעקלעך רוסי־שע ציגארעטען און איין פּעקעל איז געווען אַ געעפענטער.

— אהא, איין קעסטעלע פעהלט פון דעם פּעקעל — האָט דער פּראָקוראָר בעמערקט.

— גאַנץ ריכטיג, איך האָב פאַרניצט איין פּעקעל אין פּעטערבורג און אויף דער רייזע — האָט מישעל געענטפערט.

אויך אַ בריעף־טאַשע איז געלעגען אין רייזע־קאָפער און האָט ענטהאַלטען אלעס וואָס מישעל האָט געזאָגט.

— דאָס בעווייזט נאָך גאָר ניט — האָט דער פּראָקוראָר דערקלערט—איהר האָט ווי עס שיינט געהאַט צוויי אַזעלכע בריעף־טאַשען, איינע האָט איהר גע־טראָגען ביי זיך און די אַנדערע איז געלעגען דאָ. — קורץ און גוט, איך בין גע־צוואונגען אייך צו האַלטען אין ארעסט, און אלע די זאכען און פּאַפּיערען נעהם איך אין בעשלאַג.

— טהוט ווי איהר פערשטעהט, אז איהר דארפט טהאָן — האָט מישעל געענטפערט — אָבער מיר טהוט איהר איין גרויסעם אונרעכט; פיעלייכט אָבער גיט אייך דאָס געזעץ איין רעכט דערצו.

## 11טער קאַפּיטעל.

## דאָס פערלאָרענע קינד.

עס איז צייט זיך אומצוקעהרען נאָך וויען און צו זעהן וואָס עס מאַכען גע־נעראל מאַרושקין, פעדאָראָוו און זיין געטרייער פריינד באַרסקי.

דער לעזער וועט זיך ערינערן דאָס צוריקקעהרענדיג פון'ם קינדער־פריוט ביים פּראָפעסאָר, איז גענעראל מאַרושקין געקומען צו זיך אין האָטעל אין זעהר אַ טרויע־ריגער שטימונג, בעגלייטעט פון פעדאָראָוו, וועלכע איז נאָהענט צו פערצווייפלען,

ווערענד בארסקי איז אוועקגעפאהרען שנעל צו זיין פריינדליכען פאליציי־בעאמטען, אום צו פרעגען זיין ראטה און צו בעטען הילפע.

דער גענעראל האט זיך מיט פעדאראוו פערשלאסען אין זיין צימער, נאכדעם וויא ער האט אנגעזאגט זיין קאמערדיענער קיינעם ניט צו צולאזען צו איהם, אפילו דיא גרעפין און איהר ברודער אויך ניט, ווערענד פעדאראוו האט זיך אניעדערגעזעצט גאנץ שטיל אין א ווינקעל ביי א פענסטער, מיט איין אראפגעלאזענעם קאפ און אין גאנצען וויא פערניכטעט, איז דער גענעראל וויא וואהנזיניג ארומגעלאפען איבער זיין צימער הין און צוריק, קלערענדיג וואס דא איז צו טאהן. פעדאראוו איז געווען העכסט אונגליקליך אלס מאן און אלס פאטער און זיין לעבען האט איהם איצטער אויסגעוויזען וויא א שווערע לאסט; דער גענעראל אבער האט נאך אויסערדעם געהאט אנדערע גייסטיגע פיין. זיין געוויסען האט איהם געפלאגט וועגען זיין טאכטער, און ער האט זיך געזאגט, אז צוליעב איהם איז זיא אוועק א יונגע פון דער וועלט. אויך אין דעם פאל מיט דעם קינד האט ער זיך אליין שולדיג געמאכט און ער האט ניט געפינען קיין רוהע. אויסערדעם האט איהם דיא צושטערטע האפנונג צו האדעווען זיין אייגען קינד, זיין טאכטערס זאהן, געמאכט ווילד.

א פאר שטונדען זיינען אזוי אריבער, און נור דיא שווערע, אונגליקליכע טריט פון גענעראל האבען געשטערט דיא טויטע שטילקייט וואס האט געהערשט אין צימער. פלוצלונג איז ער געבליעבען שטעהן און האט זיך געווענדעט צו פעדאראוו:

— קום, מיין פריינד — האט ער געזאגט — נעהם צוזאמען דיין מוטה; איך האב אויך אזוי פיעל פערלארען וויא דוא, און מיר דארף עס נאך מעהר וועה טאהן, וייל איך פיהל מיך שולדיג. קום! איך וויל דיא גאנצע וויענער פאליציי זעטצען אין בעוועגונג און מוז געפינען דאס קינד, מיין טאכטערס קינד. מיר מוזען געהן צו בארסקי און זעהן וואס ער האט ערפאהרען.

ער האט באלד דארויף ווידער געגעבען א בעפעהל איינצושפאנען. אלס ער איז ארויס פון זיין צימער אין פארדער־צימער, האט איהם א דיענער איבערגעגעבען דעם בריעף וואס אלגא האט פיר איהם איבערגעלאזען.

— צום טייפעל דיא בריעף! — האט ער אויסגערופען בייז, ניט אויסהערענדיג וואס דער דיענער זאגט, און אריינרוקענדיג דעם בריעף צו זיך אין א טאשע ניט קיין געעפענטען.

קומענדיג צו בארסקי האבען זיי איהם ניט געפונען צו הויז און האבען געמוזט אויף איהם א האלבע שטונדע ווארטען, וועלכע איז פאר זיי געוועזען וויא איינע עוויגקייט.

וועהרענד דיעזער צייט איז בארסקי אוועקגעפאָהרען פון זיין פריינד, דעם בע־אמטען פון דער פּאָליציי מיט דעם פערשפּרעכען, דאס נעכסטען טאג וועט דיא פּאָ־ליציי אויסגעפינען דעם קוטשער וואס האט געפיהרט דעם בעלגיער מילמאַן מיט'ן קינד און וועט טהאן דאס מעגליכע דאס קינד צו ענטדעקען. בארסקי איז געפאָהרען אָנזאָ־גען דיעזעס דעם גענעראל און פעדאַראָוו'ן און זיי א ביסעל אויפצומונטערן. ער האט זיי נאטירליך ניט געפונען צו הויז, אזוי וויא אין דער צייט זיינען זיי געפאָהרען צו איהם. דער דיענער וואס האט איהם געזעהן אין דער פריה מיט'ן געגעראל אויספאָהרענדיג, האט פארשטאנען אז ער מוז זיין זעהר נאָהענט צו איהם, און דריבער האט ער איהם דערציילט, אויף זיינע פראגען, דאס אָלגא און גערואלד ווערנין זיינען אוועקגעפאָהרען אויף א פּאָר טעג איבערלאָזענדיג פארן געגעראל א בריעף, און דער געגעראל איז אויסגעפאָהרען מיט א פרעמדען מאן פאר א האלבע שטונדע.

בארסקי איז שנעל געפאָהרען צו זיך נאך הויז, און האט געפונען דעם געגעראל און פעדאָראָוו ווארטענדיג אויף איהם. אין קורצע ווערטער האט ער זיי דערציילט וואס עס וועט געטהאן ווערען פון דער פּאָליציי. און האט דאן געפרעגט דעם גע־נעראל:

— געפינט זיך ניט אין בריעף פון דער גרעפין עפּעס א ווינק וועגען דאס קליי־נע קינד?

— אין וועלכען בריעף? — האט דער געגעראל געפרעגט פערוואונדערט.

בארסקי האט דערציילט וואס ער האט ערפאהרען מיט א האלבע שטונדע צו־ריק אין האָטעל „צום רוסישען הויף", און ערשט דאן האט זיך דער געגעראל דער־מאָהנט אן דעם בריעף וואס דער דיענער האט איהם איבערגעגעבען. ער האט איהם ארויסגעזוכט פון זיינע טאשען און האט איהם איבערגעגעבען צו בארסקי, וועלכער האט איבערגעלעזען זיין אינהאלט לויט פארן געגעראל און פעדאָראָוו.

אלס ער האט איהם געענדיגט, האבען זיך אלע דריי אנגעקוקט אין דער העכס־טער פערוואונדערונג.

— וואס זאָל דאס בעדייטען? — האט דער געגעראל ענדליך געפרעגט.

— דאס בעדייטעט אז דיא שוועסטער און ברודער האָבען דערשמעקט פּולווער און האָבען זיך ביי צייטען אָפּגעטראָגען איידער מען האט זיי געהייסען געהן.

— און מיין קינד? — האט פעדאָראָוו געפרעגט האסטיג — דיינקט איהר אז זייער פערשווינדען האט עטוואס צו טהאָן מיט דעם פערשווינדען פון מיין קינד?

— דאס וועלען מיר ערשט מאָרגען ערפאהרען. דיא וויענער פּאָליציי איז זעהר

געשיקט און איך צווייפעל ניט אז זיי וועלען ארויסברייגגען ווער דער בעלגיער מילמאן איז און וואו דאס קינד איז.

— וואס בלייבט אונז אלזא איבער איצטער צו טהאָן?

— איצטער? גאָר ניט, מיר מוזען זיך בעוואָפנען מיט געדולד און ווארטען ביז מאָרגען.

עטוואס אויפגעמונטערט דורך דיא רייד פון באַרסקי האט דער גענעראל פאר־לאָזען זיין הויז אין דער בעגלייטונג פון פעדאַראָוו. ביידע האבען זיך צוריקגעקעהרט אין האָטעל וואו זיי האָבען זיך געוואָרפען גלייך אויף סאָפאַ׳ס, טויט־מיעד פון דער אויף־רעגונג און הארץ־קלעמענעס פון דעם טאג, און האָבען איינגעשלאָפען א הארטען און אונרוהיגען שלאָף.

קוים איז באַרסקי געבליעבען אליין האט ער זיך א וואָרף געטהאן אויף אָלגאַ׳ס בריעף וואס איז געבליעבען ביי איהם; און האט איהם גענומען פלייסיג שטודירען. באַרסקי איז געוועזן פון יענע נאטורען, וועלכע וואָרפען ניט אוועק א זאך אינמיטען, ווען זיי הויבען איהר אָן. זיינע פריינדשאפט צו פעדאַראָוו, דאס געפיהל פון מיטלייד וואס ער האט פיר איהם געהאַט, און דאס געהיימניספאָלע פון דער גאנצער זאכע, האָבען איהם זעהר אנגערעגט און האבען איהם אזוי פאראינטערעסירט, פונקט וויא דאס וואָלט געוועזן אין זיין אייגענער אנגעלעגענהייט. דאס האַרץ האט איהם געזאגט, אז דאס פערשווינדען פון אָלגאַ האט עטוואס צו טהאָן מיט דעם פערשווינדען פון ג׳זינד; אבער וויא אזוי? דאס האט ער זיך ניט געקענט ערקלערן. ער האט זיך טויזענד מאהל געפרעגט ווער האט געקענט זיין דער מילמאן און האט קיין ענטפער ניט גע־פונען. אויף פּוכאַרין האט ער ניט געקענט פאלען, אָבגלייך ער האט געוואוסט דאס אָלגאַ האט געהאט וועלכע בעציעהונגען צו איהם, דען דיא לייטע פון פּריוט האָבען בעשריעבען דעם מילמאָן אזוי אז ער האט קיין ברעקעל עהנליכקייט ניט געהאט מיט דעם רוסען פּוכאַרין.

דעם נעכסטען פריהמאָרגען, אום 8 אוהר איז שוין באַרסקי געוועזן ביי זיין פריינד אויף דער פּאָליציי. צוויי געהיימע אגענטען זיינען גלייך ארויסגעשיקט געוואָרן מיט דעם אויפטראָג, אויסצוגעפינען דעם קוטשער וואס האט געפיהרט דעם געמיינטען בעלגיער מיט׳ן קינד פון פּריוט. דער שעף פון דער וויענער זיכערהייטס־פּאָליציי אליין האט גענומען איין אינטערעסע אין דער זאכע, נאכדעם וויא באַרסקי איז איהם אזוי װארם עמפּפאָהלען געוואָרען, און נאכדעם וויא ער האט ערפאהרען, דאס אזא פּערזאָן וויא גענעראל מארושקין איז פערוויקעלט אין דער זאכע.

אין פערלויף פון צוויי שטונדען איז געבראכט געוואָרען דער פיעל־געזוכטער

קוטשער נאך דער פּאָליציי, דער דיענער פון קינדער־פריוט האט איהם דערקענט. ער האט זיך ארויסגעוויעזען אלס א גאנץ עהרליכער אונשולדיגער מענש און האט נאָר אזוי פיעל געוואוסט אָנצוגעבען, דאס זיין פּאסאזשיר האָט געהאט א דונקעלן בארד, האָט געטראגען ברילען און האט גערעדט צו דעם קינד אויף א פרעמדען לשון, וועל־כען ער האט אנגענומען פאר פראנצעזיש. ער האט זיי געפיהרט ביז צום „האָטעל האָלאנד", וואו ער איז אויסגעשטיעגען מיט דעם קינד און האט איהם געגעבען א נר טעם טרינק־געלד און איז דאן אריין מיט דעם קינד אין טהיר פון האָטעל.

— האט איהר איהם געזעהן באלד ארויסגעהענדיג? — האט דער פּאָליציי־שעף געפרעגט.

— ניין, דען איך בין באלד אװעקגעפאָהרען פון דאָרטען.

אזוי וויא אין דעם אָנגעוויעזענעם האָטעל האט מען ניט אנגעהויבען צו וויסען פון אזא מאן, האט דער פּאָליציי־שעף גערעכענט, דאס וואהרשיינליך האָט ער ביי דעם האָטעל זיך אָפּגעשטעלט נאָר דערפאר וואס ער האט איין פריוט אָנגעגעבען אז ער וואוינט דאָ, כדי דער קוטשער זאָל קיין זאך ניט מערקען. פון דאנען איז ער ענט־װעדער געגאנגען צו־פוס אָדער ער האט גענומען איין אנדער וואגען.

וויעדער איז ארויסגעגעבען געוואָרען א בעפעהל צו זוכען אונטער דיא קוטשערס, ווער עס האט געפיהרט אזא מאן מיט א קינד. היינטיגעס מאָהל האָט עס געדויערט עטליכע טעג, ביז עס האט זיך געמעלדעט א קוטשער און האָט ערקלערט, אז ער האָט געפיהרט א מאן מיט א קינד, אבער דיא בעשרייבונג פון דעם מאן איז ביי איהם געווען א גאנץ אנדערע. ביי איהם איז דער מאן געגאנגען גאָר אָהן א באָרד און אָהן ברילען, דאס קינד וויעדער האט ער גאָר ניט בעטראכט. ארויפגענומען האט ער זיי א שטיק וועיט פון האָטעל האָלאנד און געפיהרט האט ער זיי ביז צו דער רינג־שטראַ־סע, וואו זיי זיינען אויסגעשטיעגען.

דיא נאכפאָרשונגען פון דער זייט האָבען זיך זעהר וויעדערשפּראָכען, און דיא דריי פריינדע, גענעראל מארושקין, פעדאָראָוו און בארסקי האבען אָנגעהויבען ענט־מוטהיגט צו ווערען.

אלס א פּאָר וואָכען זיינען שוין אזוי פאָראיבער, האט גענעראל מארושקין פּלוצ־לונג ערהאַלטען א בריעף פון זיין פּאָדאָליער אימיעניע, פון איינעם פון זיינע אנגע־שטעלטע, פון וועלכען ער האט צו זיין העכסטען ערשטוינען דערזעהן, דאס געראַלד ווערענין איז דאָרט, און ער באלעבאטעשט איבער דיא אימיעניע וויא דער טייפעל אין דער קיך פון גיהנם. דאס האט איהם געצוואונגען גלייך אפּצופאָהרען נאך רוסלאנד.

איבערלאָזענדיג פעדעראָוו'ן מיט בארסקי'ן אין וויען, פאָרטזעטצען דיא נאכפאָרשונגען און ניט צו שפּארען קיין געלד און קיין מיהע, אום דאס קינד צו ענטדעקען.

אנדערע נאכפאָרשונגען האָבען ארויסגעוויעזען, דאס אן יענעם אבענד, ווען דיא גרעפין האט פערלאָזען וויען און איז אוועקגעפאָהרען נאך שטראסבורג, איז אויך איין ארעמע פרוי מיט א קינד געפאָהרען דעמזעלבינגען וועג מיט א שפּעטערדיגען צוג. דיא נאכפאָרשונג אונטער דיא קוטשערס האט זיך ווידער אָנגעפאנגען און עס האט ווירק־ליך געפונען א קוטשער וועלכער האט אָנגעוויעזען, דאס אן יענעם אבענד האט ער געפיהרט א פרוי מיט א קינד צום באהנהויף, און ער האט אויך אָנגעוויעזען דיא גאס פון וואנען ער האט זיא גענומען, אזוי וויא דאס הויז האט ער זיך ניט מעהר געקענט דערמאהנען. פון הויז צו הויז זיינען געגאנגען געהיימע פּאָליציי־אגענטען אין יענער גאס און אין דיא נעהענטססטע גאסען ארום, אום אויסצוגעפינען א פאמיליע וואו דיא הויז פרוי איז אוועקגעפאָהרען, וואו א פרעמדעס קינד איז אמאהל אריינגעבראכט געוואָרען, און נאך אזעלכע סמנים. ערשט נאך איניגע מאָנאטע איז זיי געלונגען צו ער־פאהרען, דאס א געוויסע ארבייטער־פאמיליע איז ארויסגעפאָהרען נאך פראנקרייך אונטער זעהר פערדעכטיגע פערהעלטניסע. פריהער איז פערשוואונדען געוואָרען דיא מוטער גאר פּלוצלונג, און ערשט אין איניגע וואָכען שפּעטער איז אויך דער מאן מיט דריי קינדער איהר נאכגעפאָהרען. זיי זיינען געווען זעהר ארעם, און פּלוצלונג האבען זיי געקראגען פיעל געלד פיר דיא רייזע. נאך וויטערע נאכפאָרשונגען האָבען אויך ארויסגעשטעלט, אז דיא פרוי פלעגט טהאָן אלע הויזארבייט ביי דעם געהיימניספאָלען פּוכארין.

בארסקי און פעדעראָוו זיינען גאנץ ערשטוינט געווען פון דיעזער ענטדעקונג. זיי האבען פארשטאנען, אז זיי זיינען אויפ'ן ריכטיגען וועג און האבען מיטגעטהיילט דעם שעף פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי וואָס זיי דיינקען דערפון. זיי האבען אויך דערציילט דעם פּאָליציי־שעף ווער דער פּוכארין איז פון צו־הויז און וואָס פאר א ראָלע ער האט געשפּיעלט אין דער פאמיליע פון גענעראל מאָרושקין.

— ווארום האט איהר מיר דאס פריהער ניט געזאגט? — האט דער פּאָליציי־שעף זיך געערגערט — דיא זאכע שיינט פון דער זייט צו האבען א צוזאמענהאנג. מיר קומען פיעלייכט צו שפּעט און וועלען געפינען דעם נעסט לעער און דער פויגעל אוועקגעפלויגען.

דער פּאָליציי־שעף האט זיך ניט געאירט. אָלס א פּאָר געהיים־פּאָליציסטען זיינען געקומען צו דעם הויז וואו פּוכאריז האט געוואוינט, האבען זיי געפונען א גאנץ אנדער פאמיליע דאָרט וואוינענדיג, וועלכע האבען קיין האר ניט געוואוסט צו זאגען

פון א פוכארין. זיי האבען נור געוואוסט, אז זיי האָבען געפונען דיא וואָהנונג לעער ווען זיי האבען אריינגעצויגען. דער אייגענטהימער פון הויז האט ערקלערט, אז פוכארין איז אויסגעצויגען שוין זייט צוויי וואָכען, און וואוהין ער איז געגאנגען ווייס ער ניט.

אייניגע מאָנאטע זיינען אריבער אין אומזיסטע נאכפאָרשונגען. פעדראָוו איז געוואָרען מעלאנכאָליש, גייסטיג קראנק און בארסקי האט, קוקענדיג אויף איהם, זיך ניט געקענט נעהמען צו קיין ארבייט. דער גענעראל פלעגט פון רוסלאנד אויסשיקען געלד גענוג אום דיא נאכפאָרשונגען ווייטער צו פיהרען, אָבער עס האט קיין זאך ניט געהאָלפען, און דיא גרעפין וויא איהר ברודער און אויך פוכארין זיינען אזוי וויא אין וואסער אריין.

פלוצלונג האט פעדראָוו ערהאלטען פון גענעראל מארושקין דיא ידיעה, דאס אָלגא איז אין פאריז. דער גראף האט עס ערפאהרען פון דעם מאן וואָס האט אָבגעקויפט איהר קליינע אימיעניע אין פאָדאָליען, דען פון דער פאָלמאכט וואָס זיא האט צוגעשיקט צו איהר קאָמיסאר איהר אימיעניע צו פערקויפען, האט דער קויפער געזעהן, אז זיא איז אין פאריז.

דיעזע נייאיגקייט האט אביסעל בעלעבט פעדראָוו'ן און ערמוטהיגט זיין געטרייען פריינד בארסקי, וועלכע האבען זיך גלייך געמאכט רייזעפערטיג ניט קלערענדיג פיעל, און זיינען אָפגעפאָהרען נאך פאריז גלייך דעם נעכסטען טאָג.

איינע עמפפעהלונג וועלכע פעדראָוו האט מיטגעבראכט פון גענעראל מארושקין האט בעקאנט געמאכט דיא ביידע רוסען מיט א געוויסען העררן דע מארטשעטי, א געוועזענער סעקרעטער פון דער איטאליענישער געזאנדשאפט אין רוסלאנד, וועלכער האט איצטער פערטרעטען דיא זעלביגע שטעלע אין פאריז. און איהם האבען זיך דיא ביידע רוסען אנפערטרויט, האבען איהם דערציילט אלעס איבער דיא גרעפין ברעסטאָווסקי און איהר ברודער און אין וועלכער אנגעלעגענהייט זיי זיינען געקומען. דער סעקרעטער פון דער איטאליענישער געזאנדשאפט האט זיי פערשפראָכען בעהילפיג צו זיין און האט אויך געהאלטען וואָרט. ער האט דיא ביידע רוסען אריינגענומען צו זיך אין הויז און דאמיט מען זאָל ניט צו פריה פון זיי ערפאהרען און זיי זאָלען קענען בעסער זוכען, האט ער בארסקי גלייך אומגעענדערט אין א מארקיז אנטאָניא ד'אמבראָזיני און פעדראָוו'ן האט ער אנגעשטעלט ביי זיך אלס אונטער־בעאמטער אין דער געזאנדשאפט, אָבגלייך קיינער האט ניט געקענט גענוי זאָגען, וואָס זיינע אמטליכע בעשעפטיגונג איז. ער אליין האט אָנגעהויבען נאכצופאָרשען נאך דער גרעפין אָלגא ברעסטאָווסקי. און אין פערלויף פון א פאָר מאָנאטע האט ער געהאט ערפאהרען

איבער איהר אלעס וואס ער האט געוואלט. ער האט אויסגעפינען איינע פון איהרע פערעהרער אונטער זיינע פריינדע אין קלוב און צו דיעזע קלוב־פריינדע האט אויך גע־הערט הערר ערמאנד, איבער וועלכען אלע פלעגען זיך וויטצלען צייט ער איז געווארען דער ליעבלינג פון דער שיינער רוסישער גרעפין.

אין דער פאריזער העכערער געזעלשאפט האט קיינער ניט געוואוסט עטוואס בעשטימטעס וועגען דיא גרעפין ברעסטאווסקי. פיעלע האבען געזאגט, אז זיא איז פון הויכען רוסישען אדעל און איז שטיינרייך פון צו הויז, אנדערע ווידער האבען ערקלערט אז זיא איז א גרויסע גליקזוכערקע און ניט מעהר.

צו דער צייט וואס פעדאראוו מיט בארסקי זיינען אנגעקומען אין פאריז איז נאך ערשט געווען קורץ זעכס מאנאטען וויא דיא גרעפין ברעסטאווסקי איז אהין געקומען, און דאך האט זיא שוין געשפיעלט א גרויסע ראָלע אין דער הויכער פאריזער געזעל־שאפט. זיא האט געפונען איינגאנג אין דיא פארנעהמסטע קרייזען, וואו דיא מענער פלעגען זיא געוואונדערן און דיא פרויען מקנא זיין.

זיא איז אויך געווען וואונדערבאר שעהן, [illegible] ער וואוכס, שמאלע פיינע הענד און קליינע צירליכע פיס. איהר געזיכטספארב [illegible] געווען בלענדענד־ווייס און איהרע [illegible] זיינען געווען אזוי רויט, [illegible] איהר צונע־געבען דעם נאמען „דיא ראָזיגע גרעפין". [illegible] האר פון רויטלאך־בלאנדע פארבע האט זיך פרעכטיג אויסגענומען איבער דעם בלענדענד־ווייסען נאקען.

אין האטעל איז זיא געבליעבען נור א קורצע צייט נאך איהר אנקומען אין פאריז, דען אין א פערטעל פון צוויי וואכען האט זיא זיך געמאכט איינגעריכטעט א פראכטפאלע וואהנונג אויף דעם אריסטאקראטישען בולווארד מאלערב.

אום אויסצומעבלירען דיעזע וואהנונג האט זיא צו זיך איינגעלאדען דיא ערשטע ליעפעראנטען פון פאריז און האט זיי אנגעזאגט: „מיינע העררען, איך וויל אלעס האבען אויף דאס שענסטע און אויף דאס בעסטע וויא עס איז נור מעגליך".

איינער פון דיא ליעפעראנטען האט געבריבען דיא פארדיכט איהר בעקאנט צו מאכען אין פאראויס דעם פרייז פון זיינע ליעפערונגען, דאן האט זיא איהם שטאלץ געענטפערט:

— מיין הערר, איהר זאלט זיך אזוי גוט זיין מערקען, אז דיא גרעפין ברעס־טאווסקי פרעגט זיך קיינמאהל ניט נאך אויפ'ן פרייז פון דיא זאכען וואס זיא קויפט.

דיא ליעפעראנטען האבען זיך אונטער זיך מיישב געוועזען און איינע האבען

אויסגעדריקט אונרוהע. זיי האבען מורא געהאט דיא גרעפין וועט ניט בעצאָהלען. אלס דיעזע האט עס ערפאהרען, האט זיא געשיקט רופען יענע וועלכע זיינען אונרוהיג געווען, האט זיי בעצאָהלט און אָפּגעשאפט.

דיעזע האנדלונג האט ערוועקט אזוי פיעל פערטרויען ביי דיא געשעפטסלייטע דאס יעדערער האט געזוכט איהרע בעשטעלונגען און קיינער האט נ ט געוואגט איהר צו שיקען א רעכענונג, ביז זיא האט עס אליין ניט פערלאנגט.

דאס קליינע פערמעגען וועלכע אָלגא האט געהאט פון איהר פערשטאָרבענעם מאַנן, און דער פרייז פאַר איהר קליינער אימיעניע, וועלכע זיא האט געגעבען דעם אויפטראָג צו פערקויפען, האבען איהר געדאַרפט, נאך איהר רעכענונג, געבען גענוג מיטעל צו לעבען רוהיג אויף׳ן גרויסארטיגען פוס מינדעסטענס א פּאַר יאָהר. וואָס דערנאך וועט זיין האט זיא ניט געזאָרגט. זיא האט געהאָפּט צו געפינען אונטער דער צייט א בעשיצער וואס וועט האבען א פערמעגען, וועלכעס זיא וועט מיט איהם טהיילען.

אין דער הינזיכט האט זיא זיך ניט פאררעכענט. אזא פריינד און בעשיטצער האט זיא ווירקליך באלד געפונען אין דער פּערזאָן פון דעם רייכען פאבריקאנטען גוסטאוו ערמאָנד.

ער האט איהו עטליכע מאָהל בעגעגענט אויף שפּאַציער־פּאהרטען אין באָאַדע־בולאָן און אין דער אָפּער, און איז איהר ענדליך אויך פאָרגעשטעלט געוואָרן פון א פריינד. אָלגא ברעסטאָווסקי האט בעמערקט מיט וואס פאַר א פייער ער האט אָנגעהויבען זיך נאכצושלעפּען נאך איהר, אלס איהר בעוואונדערער, און האט זיך אָנגעהויבען נאכצופרעגען ווער ער איז. זיא האט ערפאהרען אז ער איז רייך, דאס ער איז איין וויטווער (אלמן) און האט ליעב צו לעבען א גוטען טאג. זיא האט אויך ערפאהרען, אז ער האט אמאָהל געהאט אומגאנג מיט א טענצערין און יענע איז פון איהם רייך געוואָרען.

— דאס איז דער ריכטיגער גולם וואס איך דארף — האט זיך אָלגא ברעסטאָווסקי געזאגט און האט איהם אָנגעהויבען מעהר מקרב צו זיין.

גוסטאוו ערמאָנד האט געשטאמט פון א רייכע בירגערליכע פאמיליע. צו 25 יאהר האט ער געערבט פון זיין פאטער אנדערטהאלב מיליאָן פראנק, און האט דאס גאנצע פערמעגען דורכגעבראכט אין א פערלויף פון פינף יאהר. ער וואָלט אין גאנצען צו גרונדע געגאנגען, ווען (צו זיין גליק) וואלט איהם ניט א פריינד אריינגעפיהרט אין הויז פון דעם רייכען פאבריקאנט ראָנשארד, וואו ער האט געוואונען דיא ליעבע פון דער יונגער טאכטער פון הויז און האט זיך מיט איהר פערהייראטעט. פריילין ראָנשארד

איז געווען איין זעהר ליעבענסווירדיגעס יונגעס מעדכען, וועלכעס איז אים שטאנדע א מאנן גליקליך צו מאכען.

כמעט צוויי יאָהר האבען זייווירקליך געלעבט גליקליך, אָבער א קורצע צייט נאכדעם וויא נינא איז געבאָרען געוואָרען האט ערמאָנד ווידער אָנגעפאנגען ביסלאכ־וויז צו פיהרען זיין פריהעריגעס לעבען. ער האט אָנגעהויבען אלע טאָג צו בעזוכען זיין קלוב, פלעגט אָפּהיטען צו זיין ביי יעדער ערשטער פאָרשטעלונג אין דיא טהעאטערס, און האט גענומען א האנד אין דיא רוישענדע פעסטליכקייטען פון דער רייכער פאריזער וועלט. זיין ווייב האט ער נור בעטראכטעט וויא איין אונפערמיידליכען צוגאָב צו דעם פערמעגען, וועלכעס האט איהם גענעבען דיא מעגליכקייט ווייטער צו פיהרען זיין גרויסארטיגעס לעבען.

דיא גוטע פרוי האט געשוויעגען און געדולדעט און האט אפילו איהרע עלטערן ניט דערציילט וואָס זיא האט אויסצולײדען; אזוי לאנג וויא דיא עלטערן האבען גע־לעבט האט ער זיך אויך נאך עטוואס געהיט. ער פלעגט אָפט אריינקומען אין פאבריק, פלעגט בעטראכטען דיא מאשינען און פלעגט זיך אונטערהאלטען מיט דיא ארבייטער וועלכע פלעגען איהם אונטער זיך אויסלאכען, וויא וועניג ער פערשטעהט אין געשעפט.

אלס דיא פרוי פון אלטען ראָנשארד איז געשטאָרבען און אין א פּאָר יאָהר שפּעטער אויך ער אליין, איבערלאָזענדיג דיא פאבריק פיר דיא קליינע נינא, האָט זיך ערמאָנד אליין געוואָלט נעהמען פיהרען דיא פאבריק. אָבער זיינע אונקענטניס אין גע־שעפט איז געווען אזוי גרויס, דאס אין פערלויף פון א פּאָר יאָהר האט ער שיער אלעס צו גרונדע גערי־כטעט. צום גליק האט ער זיך ווידער גענומען פאר זיין אויסגעלאסע־נעם לעבען און האט איבערגעלאָזען דיא פאבריק רוהיג אין דיא הענד פון מישעל און ווערן. דורך דיא פערבעסערונגען און ערפינדונגען פון מישעל האט דאס געשעפט זיך ווידער ארויפגעארבייטעט און איז געגאנגען גוט. ערמאָנד פלעגט זיך מעהר אין פאבריק ניט מישען, אויסער צו נעהמען געלד, אום צו געניעסען דיא פריידען פון פּאַ־ריזער לעבען.

אנטקעגען זיין אונגליקליכע פרוי האט ער דאן אין גאנצען פון זיך אראָפּגע־וואָרפען דיא מאסקע. ער פלעגט איהר זאָגען, אז ער האט אלערליי געשעפטען אין פּאריז און פלעגט ניט קומען אין סאינט־דעני א מאָהל גאנצע עטליכע טעג. עס פלעגט זעהר אָפט קומען צו ביטערע צאנקערייען און פּאָרווירפע, אָבער דיא גוטמוטהיגע פרוי פלעגט איהם אלע מאָהל פערצייהען זיינע פעהלטריט און זיין לייכטזינן, אזוי שנעל וויא ער פלעגט איהר זאָגען א גוט וואָרט און פערשפּרעכען בעסער צו ווערן. ענדליך אָבער

האט זיא אזא לעבען ניט מעהר געקענט פארטראגען, האט זיך גענומען שטארק צום הארצען און איז אוועקגעשטארבען.

נינא איז דאן אלט געוועזן נײן יאהר. זיא האט מעהרערע מאהל געהאט צוגע־זעהן דיא פערצווייפלונג פון איהר מוטער, זיא האט איהר פיעל מאהל געזעהן וויינענדיג און האט מיטגעוויינט מיט איהר. זיא האט איהר פאטער ליעב געהאט, אבער זיא האט פאר איהם אויך מורא געהאט, און שוין דאן האט זיא איינגעזעהן, אז דיא פא־טערס פון איהרע חבר׳טעס זיינען אנדערס וויא איהר פאטער.

דאס קליינע מיידעלע פלעגט זיך עראינערן מיט ליעבע אן איהר גרויספאטער, וועלכער האט זיא איבער ליעב געהאט און פלעגט זיא אימער האלטען נעבען זיך אין קאנטאר פון פאבריק. זיא איז געוואוינט געוועזן איהם אלע מאהל צו בעגלייטען דורך דיא פאבריק, זיא האט געקענט דיא מאשינען און דיא ארבייטער, פלעגט זיך מיט זיי אפט אונטערהאלטען און אלע האבען זיא ליעב געהאט. נאך דעם אלטען ראנשאָרד׳ס טויט, האט זיא ליעב געהאט צו זיטצען אין קאנטאר, וואו זיא פלעגט איהם פריהער אלע טאג זעהן, דא האט זיא זיך צוגעוואוינט צו זעהן פאר זיך אלע טאג אלעקסאנדער מישעל, וועלכער האט יעצט געפיהרט דיא פאבריק, און פון איהר קינדהייט אן האט זיא זיך איינגעוואוינט איהם צו ליעבען.

נאכדעם וויא זיא האט אויך איהרע מוטער פערלארען, און דער פאטער האט זיך וועגען איהר ניט געקימערט און זיא האט זיך געפיהלט אין גאנצען פערלאסען, האט זיא זיך נאך מיט מעהר אנהענגליכקייט אנגעשלאסען אן מישעל, וועלכער איז אימער געוועזן צו איהר אזוי פריינדליך און צערטליך וויא איין ליעבענדער ברודער.

יאהרען זיינען זיך אזוי געגאנגען, דיא קליינע־נינא איז אויפגעוואכסען א בליהענדע יונגפרוי, און דיא פאבריק וועלכע איז ווערטה געוועזן ביז דריי מיליאן איז געגאנגען ציעמליך גוט, טראטץ דיא גרויסע פערשווענדונגען פון הערן ערמאנד.

אבער פון דעם טאג אן וואס ערמאנד האט זיך בעקאנט געמאכט מיט דער גראפין ברעסטאווסקי איז דיא זאכע גאנץ אנדערס געווארען. אלס דיא גראפין האט געגעבען דעם ערשטען אבענד־מעסט, אום איינצוווייהען איהר נייע וואהנונג אויף דעם בולווארד מאלזערב און ערמאנד האט אלס קאוואליער בעצאהלט אלע אויסגאבען וועלכע האבען זיך בעלויפען צו א ריעזיגע סומע, האט זיך דיא גראפין שרעקליך בע־ליידיגט, וויא אזוי ער שמעלט זיך אונטער צו טאהן אזא זאך. זיא האט זיך אבער באלד געלאזען איבערבעטען, און פון דענסטמאהל אן האט זיא עס פארשטאנען ארויס־צוציהען פון איהם אונטער אלערליי אויסריידען אלערליי סומען, אלץ אויף דעם חשבון פון איהר פערמעגען, וועלכעס, וויא זיא האט דערציילט, זיא האט אין רוסלאנד, און

אין ערשיענען א הויך־געוואכסענע פרוי מיט א זעהר גראָבען געזיכט, אויף וועלכען מען וואָלט לייכט קענען איבערלעזען דעם שטעמפּעל פון געמיינהייט און נידעריגע נייגונגען.

— גוטען אבענד, גנעדיגע — האט זיא געזאגט אין דייטש.

— זייט איהר געוועזען אויפ'ן בולווארד פּאָרט־ראָיאַל ?

— יא, מאדאם.

— וויא געהט עס דיין קליינעם ראָבערט ביי מאדאם זשאמען אין פּאנסיאָן.

— זעהר גוט, מאדאם, איך ווינש אז מיינע אייגענע קינדער זאָל ניט ערגער געהן!...

— שטיל, דומע גאַנז! — האט איהר גרעפין ברעסטאָווסקי אונטערבראָכען — האט איהר שוין אזוי גיך פארגעסען אונזער אָפּמאַך, דאס איהר טאָרט קיינמאהל ניט פאָרברייגגען פון אייער מויל, דאס ראָבערט איז ניט אייער קינד!...

— איך בעט אום ענטשולדיגונג, מאדאם, איך רייד דאָך דאס נור בלויז פאר אייך!

— אויך פאר מיר דאַרפט איהר זיך קיין אויגענבליק פארגעסען! ווענט האָבען אויערן און אויסערדעם, ווען איהר פארגעסט זיך פאר מיר, קענט איהר זיך פאר אנ־אנדערן אויך פארגעסען.

— איך וועל מיך ווייטער היטען.

— האט איהר גערעדט מיט מאדאם זשאמען?

— יאָ מאדאם; זיא זאגט דער אינגעל האט אויפגעהערט צו ביינקען און ווערט געזינטער. אויך איז ער שוין גוט אויסגעלערנט; איך האב איהם געפרעגט וויא זיין פאטער הייסט און ער האט שוין ניט געענטפערט „פּעדראָאָוו" וויא אמאָהל, נאר יאָהאַן מייערמאַן, דעם גאנצען נאמען פון מיין מאן.

— אויסגעצייכענט; — האלטענדיג דערביי, זאגט מיר וואס הערט איהר פון אייער מאן?

עס האט אויסגעזעהן אז דיא פרוי האט ערוואַרטעט דיעזע פראגע, דען איהרע אויגען זיינען געוואָרען לעבהאַפטער און זיא האט אָנגעהויבען צו ריידען מיט חשק:

— אָ, מאדאם, מיין מאן שרייבט מיר ניט קיין גוטע נייעס. ער שרייבט אז דיא פּאָליציי אין וויען הערט ניט אויף צו רוהען, זוכענדיג דאס קינד און דיא צייטונגען הערן ניט אויף צו שרייבען וועגען דעם און צו זידלען דיא פּאָליציי. ער שרייבט אויך אז מען האט געפונען דעם קוטשער וואס האט געפיהרט מיך מיט'ן קינד צום באהנ־הויף, ווען איך בין אוועקגעפאָהרען און ער ציטערט אז מען וועט באלד דערגרעכן צו

איהם און איהם מאכען פיעל אונאננעהמליכקייטען. ער שרייבט מיר אז ער מוז אוועקפאהרען, אבער ער האט קיין געלד ניט, און בלייבען דארטען איז זעהר געפעהר־ליך פאר איהם און אויך פארן הערן פוכארין.

— זאָל אייער מאַן קומען מיט אייערע קינדער אהער, וויא פיעל פערלאַנגט ער אויף דיא רייזע?

— דריי הונדערט גולדען, מאדאם.

— דאס איז צו פיעל געלד.

— ער פאהרט מיט מיינע דריי קינדער, מאדאם.

— זעהר גוט; מאָרגען וועל איך אייך געבען איין אַנווייזונג אויף דיא סומע. איז דאס אלעס וואס ער שרייבט אייך?

— ניין, מאדאם. ער שרייבט מיר אויך אז דער גנעדיגער יונגער הערר, מיט וועלכען מאדאם איז א פאָר מאהל געוועזן ביי הערן פוכארין, איז איצטער אין דער שטאדט וויען...

— ווער? מיין ברודער? — האט אָלגא אויסגערופען העכסט איבעראשט.

— איך דיינק אזוי, מאדאם, דאס איז אייער גנעדיגער הערר ברודער. ער שרייבט מיר אז ער לעבט דאָרטען זעהר גרויס און דיא צייטונגען ריידען פון איהם, און ער גיט אוים פיעל געלד...

— דער טויגעניכטס! — האט דיא גרעפין געקנירשט מיט דיא ציין און האט געגעבען א ווינק צו מארטהא אז זיא מעג געהן.

— דער טויגעניכטס! — האט זיא נאך אמאהל געזאגט און האט א טופע גע־טהאן מיט׳ן פוס — ער האט געוויס ארויסגעשלעפט א היבשע סומע פון גענעראל׳ס אימיעניע און איצטער פערשווענדעט ער דאס געוויס אויף טענצערקעס און שאמפא־ניער, און וועט דערנאך ווידער קומען אָהן א פעניג און פרעסען פון מיר! און דער לומפ פוכארין האלט געוויס מיט מיט איהם. עס איז נאך א שטיקעל גליק וואס ער טרינקט האטש פראָסטען שנאפס; ווען ער זאל אויך טרינקען שאמפאניער, וויא מיין ברודער, וואו וואָלט איך אהינקומען?! איצטער ליעגען זיי ביידע אויף מיך און איך מוז ציטערן פאר זיי ביידען! אבער נאר ביז א צייט; איך וועל מיך שוין מיט זיי אָפּ־רעכענען...

אין דעם אויגענבליק איז אריינגעקומען דער קאמערדיענער און האט אנגע־מעלדעט:

— דער פירסט ווערענין לאזט אנפראגען, אויב גנעדיגע מאדאם קען איהם עמפ־פאנגען.

אַלגאַ איז אויפגעשפרונגען פונקט וויא א שלאנג וואלט זיא געביסען:

— ווער? דער פירסט ווערעניו? האט איהר ניט פערהערט?

— ניין, נרעפין, דער הערר האט מיר זיין נאמען צוויי מאהל ווידערהאָלט.

דיא גרעפין האט אין העכסטער אויפרעגונג אָנגעהויבען צו שפרייזען שנעל איבערן סאלאָן. אזוי וויא זיא האט ניט גלייך געגעבען איין אנטוואָרט, האט דער קאמערדיי־נער ווייטער געפרעגט:

— זאָל איך דעם הערן ענטפערן דאס מאדאם קען איהם ניט יעצט עמפ־פאנגען?

— ניין, ניין! דער פירסט ווערעניו איז מיין ברודער, לאזט איהם גלייך איינ־טרעטען!

נעראלד ווערעניו איז שמייכלענדיג איינגעטרעטען אין סאלאָן און איז גלייך גע־גאנגען צו זיין שוועסטער מיט אויסגעשטרעקטע ארעמס. אלס יענע אבער איז געבליע־בען שטעהן אונבעוועגליך, אָנקוקענדיג איהם כמעט מיט בייזע בליקען, האט ער גע־פרעגט גאנץ פערוואונדערט:

— וויא? איך דארף דיך ניט אומאַרמען?

שווייגענדיג האט זיא איהם אויסגעשטעלט איהר וואַנגע צום קוס און דער „פירסט“ האט געזאגט מיט א פאָרוואורף:

— מיר ווייזט אויס אז איך בין געקומען ניט צו דער רעכטער צייט.

— ניין, איך בין נאר איבערראַשט פון דיין פלעצליכען ערשיינען. איך האב שוין געהאט אויפגעגעבען אלע האָפנונג דיך באלד ווידערצוזעהן, וויא מיר האבען געהאט אפגערעדט. פאר וואָס ביסט דוא געבליעבען אזוי לאנג אין רוסלאנד? און וואס האסט דוא ווידער געטהאן אין וויען? איך האב געהערט דוא האסט דאָרט געלעבט א גר טען טאג און האסט זיך געלאָזען וואָהל געהן!

— דוא ווייסט דאס?

— יא, דוא לאזט זיך הערן.

— אויך דוא, ליעבע שוועסטער!

— שטענד־ווערטלאך אָן א זייט: וואו ביסט דוא געוועזן דיא גאנצע צייט?

— מייסטענטהיילס אין רוסלאנד!

— צו וואס?

— איך האב ניט געקענט אוועקגעהן פון דאָרטען?

— ווארום?

— וייל מען האט מיך צוגעראַלטען!

— ווער?

— דיא פאָליציי?

— וויא? דוא ביזט געוועזן ארעטירט? — האט דיא גרעפין אויסגערופען.

— יא.

— וויא אזוי?

— אלס איך בין געזעסען אין גענעראַלס אימיעניע און האב שוין געהאט בדעה אוועקצופאָהרען מיט שיינע עטליכע גראָשען, וועלכע איך האב גענומען אין פאַראויס פון דיא תבואה־הענדלער אויף'ן חשבון פון דיא תבואה פון נעכסטען יאָהר, איז פלוצלונג אנגעקומען דער גענעראל און האט מיך איבערראשט.

— איז דאס מעגליך?

— יא, שוועסטערל, אז מען האט קיין גליק ניט איז אלץ מעגליך! איך בין ארעטירט געוואָרען און האב געזאָלט שטעהן פאר'ן געריכט, און ווען מיר וואָלט ניט געלונגען צו אנטלויפען גלייך פון דער פאָליציי, וואָלט איך שוין איצטער פיעלייכט געווען איין עהרענהאפטער מיטגליעד פון איין ארעסטאנטסקע ראָטע.

— ארעמער געראַלד!

— נו, זעהסטו, שוועסטערל, דארפסטו מיר פארדיינקען, ווען איך האב מיר דערנאך אין וויען ערלויבט אביסעל פערגעניגען?

— אָבער וואו האסט דוא גענומען דאס געלד דערצו?

— ערשטענס האב איך פון פאָדאָליען־אויס געהאט צוגעשיקט א היבשע ביסעל צו פוכארין, און האב א טהייל דערפון ביי איהם געפונען, און צווייטענס, פרעג איך דען ביי דיר וואו דוא נעהמסט דיין געלד?

— דיינקסט דוא צו בלייבען אין פאריז?

— געוויס.

— פון וואָס וועסט דוא אָבער לעבען? וועלכע קוועלע האסט דוא?

— ערשטענס האב איך דיך, טהייערע שוועסטער, און דאן האָב איך א טיטעל פירסט, און דאן האָב איך מיטגעבראכט פוכארין, וועלכער איז מיר זעהר ערגעבען און פאלט אָפט אויף גוטע פלענער.

— וואָס ווילסט דוא דען אָנפאנגען?

— איך וויל דיר נאכמאכען, שוועסטערל, דוא האסט געפונען א מאַנן וואָס פערגעטערט דיך, ווארום זאָל איך ניט געפינען א ווייב וואָס זאָל זיך איינקאָכען אין מיר?

אָלגא האָט איהם איינינע סעקונדען אָנגעקוקט שוויינענדיג, פונקט וויא זיא וואָלט נאָכדיינקען עפּעס אַ פּלאַן וואָס איז איהר פּלוצלונג איינגעפאַלען, און האָט דאַן געזאָגט:

— דאָ אונטען אין הויז איז פאראנען א קליינע עלעגאנטע וואָהנונג, וועלכע דוא קענסט דיר נעהמען. איך וועל דיר בעזאָרגען דיא אויסשטאַטונג. שפּייזען קענסטו דאָ מיט מיר אָדער מיט מיין פריינד הערן ערמאָנד ביי איהם אין קלוב, וויא דוא ווילסט. אָבער איין זאַך געהם איך מיט דיר אויס — קיינע דומהייטען צו ריידען און ניט דערציילען קיין מעשיות, און פאָלגען וואָס מען זאָגט דיר. איך האָף, אַז דוא וועסט מיר זיין ערגעבען!

— גאַנץ געוויס, שוועסטערל! איך געהער דיר און דוא געהערסט מיר! זאָג מיר וויא געהט עס דאָ ביי דיר? וואו איז דאס קינד?

— זיכער בעהאַלטען אין א פּאַנסיאָן אַלס ראָבערט מייערמאַן.

— דיינקסט דוא אַז מיר דאַרפען קיין מורא האבען פאר פעררעטה?

— איך האָף אַז ניין, דיא פרוי איז מיר ערגעבען און דער מאַן מיט דיא קינדער קומען אויך אַהער, און ווען פּוכאַרין איז מיט דיר, דאַן האבען מיר אונטער דיא אויגען אַלע וועלכע ווייסען דאס געהיימנים פון קינד, וועלכע זיינען בעטהייליגט דאַרין, און פאַר זיי האבען מיר ניט וואָס מורא צו האבען.

— דאס איז אַלעס פּאַרטרעפליך, מיין שוועסטער, און מיר מעגען זיך נאָך א מאָהל אומארמען.

דיעזעס מאָהל האט זיא איהם ווירקליך אויך ארומגענומען מיט א געוויסער הערצליכקייט און האט איהם אָנגעקוקט פיעל צערטליכער וויא פריהער.

— איצטער דערקען איך ווידער אין דיר מיין ברודער! — האט זיא געזאָגט:

— איך זאָל עס דיינקען! — האט ער געענטפערט שמייכלענדיג.

אין דעם אויגענבליק האט זיך געעפענט דיא טהיר צום סאַלאָן, און הערר ערמאָנד איז אריינגעקומען. דערזעהענדיג דיא צערטליכע גרופּע האט ער שנעל געמאַכט א טריט צוריק שטאַמלענדיג:

— איך בעט אום פערצייהונג, אויב איך האב געשטערט.

אָלגא האט זיך שנעל ארויסגעדרעהט פון דער אומארמונג פון איהר ברודער און האט געזאָגט שמייכלענדיג צו איהר פערעהרער:

— מיין טהייערער פריינד, איך שטעל אייך דאָ פאר מיין ברודער, דעם פירסט נעראַלד וואָרעניג.

— ערלויבט מיר אייער האנד צו דריקען! — האט ערמאָנד געזאָגט מיט גרויסער פארמאליטעט — איך בין דער פריינד פון אייער שוועסטער און וועל שטאָלץ זיין אויך אייער פריינד צו זיין. אויב איך קען אייך אין וועלכער הינזיכט דיענען אָדער בעהילפיג זיין, דאַן קענט איהר איבער מיך פערפיגען.

— אָ, אין דער הינזיכט — האט דיא גרעפין לאַכענדיג געזאָגט — איז מיין ברודער קליגער געוועזן וויא איך, ער האט נאך בעוויעזען צו דער רעכטער צייט ארויס־צוציהען זיין פערמעגען פון דיא קראַלען פון זיינע פיינד.

— וועניגסטענס איז אין זייערע קראַלען ניט פיעל געבליעבען — האט געראַלד ערקלערט און מיט אַזאַ ערנסטען טאָן, דאס אַלגא האט זיך קוים איינגעהאַלטען פון לאַכען.

געראַלד האט פערשטאַנען דיא שלויע אבזיכט פון זיין שוועסטער און האט גע־וואוסט וויא צו ענטפערן; אָבער אום נאך מעהרער צו בעווייזען דאס ער איז ניט אַזאַ ברודער וואָס מאַכט אונבעקוועמליכקייטען, האט ער זיך אויפגעהויבען, האט זעהר גאַ־לאַנט געקיסט זיין שוועסטערס האַנד, האט זיך פאַרנייגט פאַר ערמאָנד מיט שטאָלצען אַנסטאַנד און האט זיך צוריקגעצויגען.

— נו, וויא געפעלט אייך מיין ברודער? — האט אַלגא געפרעגט, אלס געראַלד האט פערלאָזען דעם זאַל.

— ער געפעלט מיר אויסעראָרדענטליך!

— דיינקט איהר ניט, אַז ער וואָלט געוועזן פיר אייער טאָכטער א גוטער מאַן, אַזאַ מאַן וויא איהר וואָלט וועלען האבען?

— גאַנץ געוויס, ווען נור מישעל זאָל ניט שטעקען אינמיטען.

— מישעל? ווער איז דער?

— מיין אינזשינער?

— וואָס איז דען מיט איהם?

— איך האב בעמערקט צו מיין גרעסטען ערגערניס, דאס ער ליעבט מיין טאָכטער.

— נו, און זיא?

— זיא ליעבט איהם אויך!

— אויב אַזוי דאַן קומט מיין ברודער צו דער ריכטיגער צייט.

— האט דען דער פירסט איבערהויפט דיא אבזיכט צו הייראַטהען?

— ניין, אָבער דאס איז שוין מיין זאַך. איהר לאָזט מיר נור האַנדלען און איהר וועט צופריעדען זיין.

אויף מאָרגען האט געראלד געשפייזט צו מיטאג ביי זיין שוועסטער צוזאמען מיט ערמאַנד, וועמען דער „פירסט" איז היינט נאך מעהר געפעלען געוואָרען וויא געכטען ביי דער ערשטער בעקאנטשאפט. געראלד האט זעהר גוט פארשטאַנען וויא איינעם צו אונטערהאלטען און האט דורך דעם געוואונען דיא גונסט פון יעדערן וואָס איז מיט איהם געקומען אין בעריהרונג, אזוי לאַנג וויא מען האט איהם געקענט נור אויבערפלעכליך. נאכמיטאג האט ער איהם מיטגענומען צו זיך אין קלוב און אבענדס האט ער איהם געפיהרט אין טהעאטער און האט איהם פאָרגעשטעלט צו פיעלע בעקאנטע.

אויפ'ן צווייטען טאָג האבען זיי אויך פיעל פערבראכט צוזאמען און באלד זיינען זיי געווען אינטימע פריינדע.

נאך פערלויף פון נאך א פאָר מאָנאטע האט ערמאַנד מעהר קיין סודות גע־האט פאר זיין פריינד. דער „פירסט" ווערנין האט אויסגעצייכענט פערשטאַנען וויא אזוי אריינצוקריכען זיין פריינד אין בוזים אריין. אלס ווערנין האט ענדליך ערפאהרען אין וואָס פאר א געדריקטע לאַגע ערמאַנד געפינט זיך, און וויא ער ציטערט פאר'ן טאָג ווען מען וועט פון איהם פאָרדערן חשבון פון נינא'ס פערמעגען, האט ער איהם איינמאָהל געזאָגט אין דעם טאָן פון א בעשיטצער: „איהר מעגט רעכענען אויף מיך, איך וועל אייך ארויסהעלפען פון דער איינגשאפט".

דיא גרעפין האט ערמאַנד געבעטען, ער זאָל קיינמאָהל ניט ריידען צו זיין טאָכ־טער וועגען דעם פירסט ווערנין און ער האט איהר געפאָלגט. נינא האט אלזאָ ערשט ערפאהרען פון דער גרעפין'ס ברודער נור דאן ווען ער איז איהר פאָרגעשטעלט געוואָ־רען אויפ'ן באל.

דיא גרעפין אַלנא האט אנגעהויבען פאר איהר ברודער מורא צו האבען. זיא האט איינגעזעהן אז אין ציהען געלד פון ערמאַנד איז ער נאך מעהר געשיקט וויא זיא און האט מורא געהאט וואס צו זאגען. ערמאַנד וויעדער האט. געלאָזען געהן וויא עס געהט, האָפענדיג אז דער „פרינץ" וועט איהם דערלייגען דיא גרויסע סומע וועלכע ער האט פערשווענדעט פון נינא'ס פערמעגען.

— מיר וועלען אויספיהרען א גרויסארטיגע שפעקולאציאָן וועלכע וועט זיך אונז געווים איינגעבען — האט געראלד ווערנין געזאגט נאך איינינער צייט צו ערמאַנד — נאר איין זאך האב איך מורא, אז אלעקסאנדער מישעל, אייער אינזשינער, וועלכער האט קיין בעגריף אין אזעלכע שפעקולאציאָנען, קען אונז פיעל דערביי שטערען. שיקט איהם ערגעץ וואו אוועק זעהר וייט: נאך שוועדען, נאָרוועגען, רוסלאַנד. דאָרטען וועט

ער אונז ניט שטעהן אין וועג; אין געגענטהייל, ער וועט אונז נאך העלפען אין אוי־זער פּלאַן.

אזוי איז דאס געקומען דאס מישעל איז געשיקט געוואָרען אויף דיא ווייטע ריי־זע, אום צו מאַכען פריי דעם וועג פאר דיא געהיימע פּלענער פון פירסט ווערעניץ, און אין דיזעלביגע צייט אריינצולייגען דיא לייטונג פון דער פאבריק אין דיא הענד פון ערמאַנד.

מישעל האט געוויסענהאַפט אויסגעפיהרט דיא אויפטרעגע וואס מען האט איהם געגעבען. וואס איז ער שולדיג געווען ווען דיא קאָסטבארע פּאָררעטהע פון האָלץ וואס ער האט געמאכט זיינען אויפגעגאנגען אין פייער אין עטליכע שטונדען, אזוי פּלוצלונג, אזוי אונערוואַרטעט.

— — — — — — — — — —

דעם גאנצען טאָג אויף מאָרגען נאך דער שרעקליכער נאכט פון גרויסען בראנד האבען דער הערר ערמאַנד מיט דעם פירסט ווערעניץ צוגעבראכט אויפ'ן פּלאַטץ פון דער שרפה, אום צו בעאָבאַכטען וויא אזוי דיא אָבגעברענטע פּאָררעטהע ווערן גע־לאָשען. דיא ארבייטער וואס זיינען געשטאנען ארום האט ערמאַנד פערשפּראָכען צו געבען אונטערשטיצונג ביז זיי וועלען אנדערסוואו געפינען בעשעפטיגונג. דורך דיזעם פערשפּרעכען האט ער בעאבזיכטיגט צו געווינען דיא פריינדליכע צונייגונג פון דיא ארבייטער.

געגען אבענד איז ערמאַנד געפאָהרען מיט געראלד צו דער גרעפין און זיינען אָנגעקומען פּונקט צו דער שטונדע פון אבענד־עסען. אין פּאָרצימער שוין איז זיי דיא גרעפין געקומען אנטקעגען און האט געזאגט:

— איך בעט אייך, מיינע הערען, היינט מוזט איהר נעהמען אייער אבענד־עסען אין קלוב אדער וואו איהר ווילט; דא קענט איהר ניט שפּייזען.

— וואס מאַכט מיין טאָכטער? — האט ערמאַנד געפרעגט בעזאָרגט.

— אייער טאָכטער שלאָפט איצטער. אָ, ווען איהר וואָלט וויסען וואס מיר זיי־נען דאָ אויסגעשטאַנען פון איהר! — ווען זיא האט זיך או פגעהאַפּט פון איהר אָהנ־מאַכט האט זיא דורכאויס געוואָלט לויפען אהין, צו דער שרפה צוריק, און ווען מען האט איהר ניט געלאָזען האט זיא געקראָגען ספּאַזמען. צום גליק איז עס מיר ענדליך געלונגען זיא אזוי ווייט צו בערוהיגען, דאס זיא האט זיך געלייגט אין בעט און איז דאן איינגעשלאָפען. איך האב אָבער מורא אז מיט אייער בלייבען דא וועט איהר זיא אויפ־וועקען און דעריבער בעט איך אייך אוועקצוגעהן.

דיא ביידע מענער האָבען געפאָלגט און זיינען געגאנגען נעהמען זייער אבענד־

עסען אין גערעלדס וואַהנונג, אזוי וויא זיי האָבען עס געהאַלטען פיר ניט פּאַסענד זיך צו וויזען אין קלוב נאָך אזא פאַרפאַל.

— איך האָף איהר וועט היינטיגע נאַכט בלייבען ביי מיר נעכטיגען — האט גערעלד געזאָגט נאָכ'ן עסען צו ערמאַנד.

— איך נעהם אָן מיט פערגעניגען אייער איינלאַדונג. איבעריגענס וועט אונז פון איצטער אָן אויסקומען פיעל בייזאַמען צו זיין.

— דאס האָף איך אויך און איך רעכען דאַרויף — האט גערעלד געענטפערט.

אויף מאָרגען פריה איז הערר ערמאַנד נאָך גאַנץ פאַרטאָג שוין אוועקגעפאָהרען נאָך סאינט־דעני, אום זיך צו איבערצייגען, אויב דאָרט איז ניט וואס נייעס פאָרגע־פאַלען. ווען ער איז ארום עלף אוהר צוריקגעקומען אין דער וואָהנונג פון דער גרעפין, האט ער אין זאַל געפונען זיין טאָכטער אין דער געזעלשאַפט פון דער גרעפין ברעס־טאָווסקי.

נינאַ איז געווען זעהר בלאַס. אומאַרמענדיג איהר פאַטער האט זיא געפרעגט:

— האסט דוא אין סאינט־דעני עטוואס נייעס ערפאַהרען, ליעבער פאַטער?

— ניין, מיין קינד. דאָרטען איז נאָך אלעס אין דעם זעלביגען טרויעריגען צו־שטאַנד וויא געסטערן און אונזער שיינע פאַבריק איז אין גאַנצען צושטערט.

— דאס וויים איך לײדער, מיין פאַטער. איך האב אבער געהאָפט אז דוא וועסט עטוואס ערפאַהרען, אויב מען האט זיך שוין איבערצייגט אז אלעקסאַנדער מי־שעל איז אונשולדיג.

ערמאַנד האט זיך געוואָלט אנבייזערן אויף זיין טאָכטער פאר דיעזע פראַגע, אבער דיא גרעפין איז איהם פאַרלאָפען דעם וועג און האט געענטפערט אין א זאַנפ־טען טאָן:

— עס איז גאר קיין צווייפעל ניט אז מען וועט זיך גאָר אין קורצען דערפון אי־בערצייגען. איך האב עס אייער טאָכטער פערזיכערט נעכטען און זאג עס אויך היינט, הערר ערמאַנד. אויך האב איך איהר צוגעזאָגט אז מיר וועלען אנווענדען אונזער איינ־פלוס, דאס מען זאָל הערר מישעל פריי מאַכען אזוי שנעל וויא נאָר מעגליך.

— איהר גלויבט אלזאָ אין זיינע אונשולד? — האט ערמאַנד געפרעגט גאַנץ ערשטוינט.

— גאַנץ זיכער — האט דיא גרעפין געענטפערט, צדווינקענדיג מיט דיא אויגען — דער יונגער מאַן איז אייך אלע מאָהל געווען גאַנץ ערגעבען; אייער פאַבריק איז געוועזען זיינע היימאַטה; וויא אזוי קען מען נאָר דיינקען אז ער וועט זיא צו־שטערן?

— ער האט אבער ניט מעהר געהערט צו מיין פאבריק.

— אבער ער וואלט דאך געוויס ווידער אנגעשטעלט געווארען, און ער וועט אויך צוריקקעהרען אויף זיין שטעלע אזוי שנעל וויא איהר וועט אייער פאבריק ווידער האבען אויפגעבויט. איך האב עס אייערע טאכטער פערשפראכען, אייער טאכטער אינטערעסירט זיך זעהר פיר דעם יונגען מאן און עס איז זיך אויך ניט צו וואונדערן, נאכדעם וויא ער האט איהר גערעטעט דאס לעבען. און אזא הויכהערציגער מוטהיגער מאן זאל פעהיג זיין אזא פערברעכען צו בעגעהן! ניין, זאג איך, דאס איז ניט מעגליך, איך בין איבערציינגט דאס גערעלד דיינקט אויך אזוי וויא איך. איהר קענט איהם אליין פרעגען, ער וועט דא שפייזען צו מיטאג. איך בין גאנץ זיכער דאס ער איז איבערציינט פון דער אונשולד פון הערן מישעל.

נינא האט אנגעקוקט דיא גרעפין און דער אויסדרוק פון דאנקבארקייט איז געווען אין איהרע אויגען, דאס גוטע קינד האט זיך געלאזען פאנגען דורך דיא גלאטע ווערטער פון דער גליק־זוכערקע. דיעזע ווידער האט איינגעזעהן, דאס זיא וועט זיך אם בעסטען איינשמייכלען ביי דער יונגער אונערפאהרענער מיידיל, ווען זיא וועט מיט איהר ריידען פון דעם יונגען מאן וועלכען זיא ליעבט און וועט איהם פערטהיידיגען. זיא האט דאדורך אויך געוואונען דאס צוטרויען פון נינא. זיא האט זיך געמאכט צו איהר פריינדין, אום איהר וויא בעסער דערנאך צו פערראטהען.

— וועט אייער ברודער באלד קומען? — האט ערמאנד געפרעגט מיט דער אבזיכט צו ענדערן דאס געשפרעך וועלכער איז פיר איהם זעהר פיינליך געווען.

— ער איז נור געגאנגען שרייבען א בריעף, אבער איך וועל איהם שוין זאגען ער זאל זיך אביסעל צראיילען.

דיא גרעפין האט דאן געגעבען איינעם פון איהרע דיענער דעם אויפטראג ארויפצורופען איהר ברודער צום מיטאג־עסען.

אלס דער דיענער איז אראפגעגאנגען אונטען און האט אנגעקלאפט אין טהיר פון גערעלד'ס קאבינעט, האט זיך פון אינעווייניג אפגערוקט א ריגעל און דיא טהיר האט זיך געעפענט נור א האלבע און אין דיעזער האלבער טהיר האט זיך בעוויעזען גערעלד ווערעניג.

— קומט איהר מיך צו רופען צום מיטאג־עסען? — האט ער געפרעגט פערדריסליך.

— צו בעפעהל, גנעדיגער הערר!

— גוט, איך וועל באלד קומען! — האט ער געענטפערט אונגעדולדיג און האט צוגעקלאפט דיא טהיר דעם דיענער פאר'ן נאז. דאן האט ער דיא טהיר ווידער

פערריגעלט און האט זיך געווענדעט צו א דיקען מיטעלגעוואכסענעם מאן, וועלבער איז געוועזן אין צימער און האט זיך געהאט געשטעלט הינטערן טהיר אין דעם אויגענבליק ווען דער דיענער האט געהאט אָנגעקלאפּט.

— מיין שוועסטער איז מאנכעס מאהל שרעקליך ניט פאָרזיכטיג! זיא ווייס אַז איך האב מיין קאמערדיענער אבזיכטליך אוועקגעשיקט אין א פּלאטץ וואו ער וועט זיך מוזען זאמען וויינינגסטענס א שטונדע, דאמיט נור ער זאָל דיך ביי מיר ניט זעהן, און זיא שיקט מיר איהרע דיענער מיט אלערליי נארישע בעשטעלונגען! — צום גליק האט קיינער ניט געזעהן וויא דוא ביזט געקומען. גיעב אכטונג אַז מען זאָל דיך אויך ניט זעהן אוועקגעהענדיג. איצטער, צו מיטאג־שטונדע, ווען דיא מייסטע לייטע זיינען ביי מיטאג, זיינען דיא גאסען ליידיגלאך. איך וואָלט ניט וועלען, אַז דיר זאָל בעגעגנען איינער וואָס קען דיך.

— זייט גאנץ אונבעזאָרגט, מיין פירסט. איך האב פיר אזא פאל א גאנץ איינפאכעס מיטעל. אזוי שנעל וויא איינער וויל מיך אויפמערקזאם אָנקוקען, דרעה איך אָפּ דעם קאָפּ אן א זייט. איך קען מיך ווענדען מיט אייך, אַז איך וועל פאַרבייגעהן דעם פענסטער פון אייער הויז־מייסטער און ער וועט ניט פאספּייען אָנצוקוקען דעם שפּיטץ פון מיין נאָז.

— דערביי וועט ער ניט פיעל פערליערען, דען דיין נאָז איז גראד ניט זעהר שעהן.

— אין דעם איז שולדיג דיא נאטור און ניט איך.

— ריכטיג! — איצטער אָבער טראג זיך פון דאנען! אין א שטונדע מוזט דוא פאַרלאָזען פּאַריז און היינט אבענדס פראנקרייך. דיא הינגע לופט איז פיר דיך שעדליך, מיין ליעבער פוכארין!

— טסס... איהר פאַרגעסט אַלץ, אַז איך הייס איצטער פּושקאָוו און ניט פוכארין. עס איז א גליק וואָס קיינער הערט אונז ניט. — דאס דיא לופט איז דאָ פיר מיך שעדליך, דאס פיהל איך אליין; וואוהין דיינקט איהר זאָל איך רייזען?

— וואוהין דוא ווילסט; דוא קענסט געהן איבער ענגלאנד אָדער איבער האָלאנד.

— דאָן געה איך בעסער איבער האָלאנד; דאָרטען וועל איך אם לייכטעסטען קענען פערקויפען דיא לעצטע דיאמאנטען.

— דאָן געה איבער האָלאנד! וואו האסטו הינגעטאָהן דאס געלד וואָס דוא האסט מיר מיטגעבראכט?

— אין אייער שרייב־פולט, לינקס, ליעגען דיא צעהן טויזענד פראנק. אזוי שנעל וויא איך וועל דיא שטיינער האבען פערקויפט, שיק איך אייך דאס געלד דערפאר.

— ניין, דאס איז ניט נייטיג, איך האב דערוויילע גענוג. האלט דאס געלד אויף שפעטער, וואס דוא וועסט דארטען קריעגען. רייס זיך אויך ניט אזוי שטארק וועגען פרייז, דיא הויפטזאכע איז אז דוא זאלסט זיך בעפרייען פון דיא שטיינער.

— איך פערשטעה. און וואס זאל איך דאן טאהן?

— דאן געהסט דוא צוריק נאך רינא און דוא נעהמסט זיך ווידער פאר דיין קאמיסיאנס־געשעפט פון האלץ.

— וואו איך האב צו עסען, צו טרינקען און צו שלאפען און גאר ניט צו טהון — האט פוכארין, (אדער פושקאוו) צוגעזעצט.

— נו, זעהסטו וואס איך האב פיר דיך בעזארגט! פיהר זיך אלזא גוט אויף, שכור ניט צופיעל, פלוידער ניט און פאלג וואס איך וועל דיר הייסען.

— פאר'ן אוועקגעהן וואלט איך נאך וועלען איין זאך פרעגען; ווייסט איהר וואס עס הערט זיך מיט פעדעראוו?

— ניין.

— דיינקט איהר ניט אז ער איז אין פאריז?

— פיעלייכט!

— איז דאס קינד זיכער פאר איהם?

— וויא מיין שוועסטער פערזיכערט מיך, איז עס אין א גוטען פלאטץ.

— דאס איז גוט.

— אלזא מארש!

— לעבט וואהל, מיין פירסט!

— אדיע, פושקאוו!

דיעזער האט זיך פערבייגט, האט זיך שנעל דורכגעהאפט דורכ'ן קארידאר און איז פערשוואונדען געווארען.

גערעלד האט לייכט אויפגעאטהעמט און האט געמורמעלט:

— איצטער איז דאס שפיעל געוואונען! ווען הערר ערמאנד זאל נאך איצטער ניט צופריעדען זיין, דאן ווייס איך שוין ניט וואס איך קען פאר איהם טאהן.

איניגע מינוטען שפעטער האט גערעלד ווערענין געבראכט נינא'ן זיין ארעם, אום זיא צו פיהרען צום טיש, וואו זיי האבען געגעסען מיטאג ביי דער גרעפין אין שפייזע־זאל, צוזאמען מיט הערן ערמאנד.

## 12טעם קאפיטעל.

# דיא אונגליקליכע מוטער.

ווען איינער וואלט נינא'ן געזאגט מיט א פאר טעג פריהער, דאס זיא וועט וואוינען ביי דער גרעפין ברעסטאווסקי און וועט איהר נאך זאגאר דאנקען פיר דיא גאסטפריינדשאפט, וואלט זיא געוויס פעהיג געווען יענעם אויסצווידלען דערפאר. און דאך האט עס איצטער געטראפען און זיא האט זיך אפילו געפיהלט בערוהיגט ביי דער גרעפין אין הויז. זיא האט זיך גערעכענט, דאס זיא האט דיא גרעפין פריהער וועניג געקענט און דריבער האט זיא שלעכט געאורטהיילט וועגען איהר. דיזע ענ־דערונג אין נינא'ס מיינונג האט דיא רוסישע גליק־זוכערקע אויסגעווירקט נור דורך דאס וואס זיא פלעגט לויבען מישעל און זיין מוטה.

אלס מען איז געזעסען ביי מיטאג, האט דיא גרעפין געזאגט צו נינא:

— איך קען אייך גאר ניט שילדערן וויא גליקליך איך פיהל זיך ווען איהר זייט ביי מיר און איך בעט אייך מיין הויז צו בעטראכטען וויא אייער אייגענע.

און ווענדענדיג זיך צו ערמאנד האט זיא צוגעזעצט:

— אזוי לאנג וויא אייער טאכטער בלייבט ביי מיר, וועט איהר, האף איך, ער־פילען מיין וואונש און דעם וואונש פון מיין ברודער און בלייבען וואוינען ביי מיין ברו־דער ביז איהר וועט האבען אייער הויז וויעדער אין ארדנונג.

— פיר מיך איז אייער וואונש א געזעץ, פרוי גרעפין — האט ערמאנד געענט־פערט מיט א פערנייגונג — איז מיין טאכטער איינפערשטאנדען?

— א, וויא וואלט עס מעגליך געוועזען ניט אנצונעהמען אזא פריינדליכען פארשלאג.

— אלזא, אבגעמאכט! — האט דיא גרעפין געזאגט, דריקענדיג נינא'ס האנד, און האט זיך גלייך געווענדעט צו איהר ברודער:

— דוא ביסט דאך אין דער נאכט פון אונגליק געוועזען זעהר נאהענט צו דעם פלאטץ וואו דאס פייער האט אויסגעבראכען און האסט דאך געוויס בעטראכטעט וואס דארטען איז פארגעפאלען.

— געוויס — אזוי וויט וויא עס איז איבערהויפט מעגליך געווען עטוואס צו בעמערקען ביי דער אלגעמיינער אויפרעגונג און פערווירונג.

— נו, נוט, גלויבסט דוא, אז אלעקסאנדער מישעל האט וועלכע שולד אין דעם בראנד?

— וויא קענסט דוא אזוי וואס פראגען?

— ענטפּער מיר אָפען, איך בעט דיך!

— עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט, אז דער מוטחיגער יונגער מאן איז דאס אָפּפער פון א זעהר בעדויערנסווערטהען אירטהום.

— איהר גלויבט אלזאָ, אז ער איז אונשולדיג? — האט נינא האסטיג געפרעגט.

— מיט'ן גאנצען הארצען — האט געראלד געענטפערט — און איך וואָלט גערן שטאָלץ אויף זיין פריינדשאפט.

— אָ, וויא וואָלט זיך מישעל געפרייט, ווען ער זאָל וויסען, אז איהר פערטהיידיגט איהם אזוי! האט נינא אויסגערופען געריהרט.

— ווען איך פערטהיידיג איהם טהו איך נור מיין פליכט — האט געראלד געענטפערט.

— דאס הייסט שטארק געזאָגט! — האט הערר ערמאָנד ביי זיך געטראכט — איך וואָלט ביי זיך אסור געפועלט אזוי צו ריידען, ווען איך זאָל אפילו וועלען.

דאס געשפּרעך האט זיך באלד דארויף געענדערט און געראלד האט זיך געווענדעט צו הערן ערמאָנד מיט דער פראגע:

— וויא הויך שאצט איהר דעם פערלוסט וואָס איהר האט ערליטען דורך דיא שרפה?

— איך האב קיינע אורזאכע צו בעהאלטען, דאס דיא פאַררעטהע פון האָלץ האבען בעטראָפען ביז דריי מיליאָן פראנק, דען איך האב פערוועגדעט דארייף דאס גאנצע פערמעגען פון מיין טאָכטער. ווען איך וואָלט געהאט דיא מעגליכקייט דאס האָלץ אויסצוניטצען וואָלט עס מיר געבראכט א ריעזיגען פערדיענסט. צום גליק זיינען דיא האָלץ־פאַררעטהע געוועזען פערזיכערט, זאָנסט וואָלטען מיר געווען רואינירט.

— איהר זייט אלזאָ געצייטיגט צו ווארטען ביז דיא פייער־פערזיכערונג־געזעלשאפט וועט אייך דעקען דעם שאדען?

— יא, אָבער דאס וועט האָפענטליך ניט לאנג דויערן, אזוי וויא דיא זאכע איז זעהר קלאָר.

— עס פערשטעהט זיך! — נור פיעלייכט דארפט איהר אינצווישען וועלכעס קאפּיטאל דאן בעט איך אייך ניט צו זשענירען און צו פערפיגען איבער מיין פערמעגען. אלעס וואָס איך בעזיטץ שטעהט אייך צו דיענסטען.

— נעהמט מיין דאנק, פירסט, פיר דיעזען ליעבענסווירדיגען פאָרשלאג — האט ערמאָנד געזאָגט, איהם רייכענדיג דיא האנד.

— דאַנקט מיר ניט — האט יענער געענטפערט — איך פיהל מיך זעהר גע־עהרט ווען איהר נעהמט מיין פאָרשלאַג אָן.

— אָבער מיר וועט איהר דאָך ערלויבען אייך מיין דאַנק אויסצושפּרעכען! — האט נינא צו איהם געזאָגט.

— אָ, מיין פריילין, איהר בעשעמט מיך מיט אייער דאַנקבאַרקייט.

ערמאַנד האט זיך ניט געקענט איינהאַלטען א שמייכעל צו טאָהן און האט ביי זיך געטראַכט: „זיינע שלויהייט (חיטראַסט) האט ניט איהר גלייכען!“

אזוי שנעל וויא דער מיטאַג־עסען איז געווען צו ענדע, האט זיך נינא געווענדעט צו איהר פאָטער:

— ווילסט דוא מיך בעגלייטען צו דער מאַדאַם מישעל?

— וויא?! — האט ערמאַנד אויסגערופען ערשטוינט — וואס זאָלען מיר דאָר־טען טהאָן?

— בערוהיגען דיא גוטע פרוי! — האט דיא גרעפין אריינגערעדט אינמיטען — איך קען אייך פערזיכערן, דאס איך וואלט קיין אויגענבליק מיך מיישב געווען דאס צו טהאָן ווען איך זאָל האָבען דיא עהרע מיט איהר בעקאַנט צו זיין. עס איז מעהר ניט וויא רעכט מען זאָל איהר אין איהר אונגליק טרייסטען.

— אויף מיין וואָרט — האט ערמאַנד געשטאַמעלט — איך מוז מודה זיין אז מיר וועט עס זיין זעהר פיינליך זיך צוזאַמענטרעפען מיט דער פרוי, נאָך אזא צאַנקע־ריי וואס איך האב געהאט מיט איהר זאָהן.

— דוא וועסט דאָך אבער מיר ערלויבען זיא צו בעזוכען? — האט נינא גע־פרעגט.

— דוא אליין? איך ווייס ניט אויב דאס פּאַסט.

— ווארום ניט? — האט זיך דיא גרעפין ווידער אריינגעמישט — איך געפין דערביי קיין זאַך ניט וואס זאָל זיין אונפּאַסענד. איהר האט גאַנץ רעכט, מיין קינד, און איך שטעל מיין וואַגען צו אייער פערפיגונג צו מאַכען דעם בעזוך.

געראַלד האט גענומען אבשיעד צום אוועקגעהן און זיין שוועסטער האט צו איהם געזאָגט:

— דוא ווילסט אונז שוין פערלאַסען?

— יא, איך האב אפּגערעדט זיך מיט איינינע פריינד צוזאַמענצוטרעפען. — אויך וויל איך געהן נאָך דעם יוסטיץ־פּאַלאַסט (געריכטס־הויף) אום מיך צו ערקונדי־גען וועגען דעם אָרעמען הערין מישעל.

נינא האט איהם אנגעקוקט מיט א וועהמוטהיגען שמייכעל און האט געזאָגט:

— וויא גוט איהר זייט, מיין פירסט.

דאן איז זיא געגאנגנגען צו זיך אין צימער, וועהרענד געראלד איז אויך אוועק געגאנגען.

בלייבענדיג מיט דער גרעפין אליין ,האט העררר ערמאָנד זיך בעקוועם אריינגעזעצט אין א פאָטעל און האט ארויסגענומען א ציגאר.

— יא, ווען איהר וועט אזוי פריינדליך זיין מיר צו ערלויבען.

— ניין, איך ערלויב דאס אייך נימ. וואס וועט אייער טאָכטער דיינקען ווען זיא וועט זעהן וויא איהר מאכט זיך דאָ אזוי בעקוועם וויא ביי זיך צו הויז.

— איהר זייט גרויזאם — האט ערמאָנד געזאגט, אריינשטעקענדיג צוריק דיא ציגארע.

— איך בין נאר פאָרזיכטיג! — האט דיא גרעפין ברעסטאָווסקי געענטפערט.

— ווייסט איהר וואס איך דיינק — האט ערמנאָד אנגעפאנגען אין א ווײלע ארום — אז אייער בענעהמען, און דאס בענעהמען פון אייער ברודער מאכט מיך גאנץ ערשטוינט.

— ווארום ? .

— וועגען דיא גרויסע טהיילנאהמע און מיטלייד וואס איהר ווייזט ארויס אנט־קעגען אלעקסאנדער מישעל. וויא פאלט איהר אויס דעם מענשען צו פערטהיידיגען?

— דאס איז נאר פון קלוגהייט.

— דאס איז דאך אבער געפעהרליך! דורך דעם ווערט דאָך מיין טאָכטערס ליעבע צו דעם מענשען נאך שטארקער.

— איהר האט א טעות, טהייערער פריינד! — האט דיא גרעפין געענטפערט מיט א שמייכעל, אראָפּלאָזענדיג זיך אויף א צווייטען פאָטעל; — נאכדעם וויא מיין ברודערס פלאן איז געראָטהען און איהר וועט האבען ארויסצוצאהלען דיא דריי מיליאָן וואס געהערן אייער טאָכטער, וואס איז נאך דא צו ווינשען?

— דיא פערהייראטהונג פון נינאָ מיט געראלד, און באלד דערנאך אונזערע אייגענע פערהייראטהונג. אבער אנשטאט צו מאכען דאס נינאָ זאָל פערגעסען אן אלעקסאנדער מישעל, רעדט איהר וועגען איהם און איהר הויבט איהם ביז אין הי־מעל אריין.

— וואס קען דאס אונז שאדען? פריהער פון אלץ מוז איך זעהן צו געווינען דאס צוטרויען פון אייער טאָכטער. עס וואָלט געוועזען זעהר נארעש ווען מען זאָל גלייך זוכען ארויסצורייסען פון איהר הערצען דיא ליעבע צו מישעל, אין דעם אויגענבליק ווען איהר הערץ וויינט אויף זיין אונגליק. נינאָ וואָלט גלייך קריעגען א האס צו מיר, און וואלט

מיין ברודער צוריקווייזען, דען זיא וואלט גלייך פארשטעהן, אז מען וויל איהם שרכנען צו איהר.

— דאס איז ריכטיג!

— נו, זעהט איהר! ווען איך פערזיכער אייער טאָכטער אז מיר זיינען איבערציינגט פון איהר אונשולד, און דאס אלעקסאנדער מישעל וועט ווידער זיין דער גאנצער פיהרער פון דער נייער פאבריק וואס מען וועט אויפבויען, דאן וועט זיא זיך לאָזען בייגען. זאָל זיא האָפען אז ער וועט אין קורצען ארויס פריי. לאזט דאס קינד אונבעזאָרגט געהן צו מישעל׳ס מוטער. זיא וועט מיט איהר וויינען, און וויא עס איז בעקאנט, מאכען טרעהרען אימער א ווייכע שטימונג. אין דער שטימונג וועט זיא קומען אהער צוריק, איך וועל מיט איהר פריינדליך ריידען, און איהר צוליעב וועל איך אויך א ביסעלע מיטוויינען. מיין ברודער, וועלכער וועט אויך זיין ביי דיעזער ריהרענדער סצענע, וועט נעהמען אנטהייל אין איהר שמערץ, וועט איהר זוכען צו טרייסטען, און אזוי וועט עס ניט לאנג דויערן, ביז נינא וועט געווינען פאָלעס פערטרויען צו געראלד און וועט איהם בעטראכטען אלס איהר פריינד.

— ווען אבער אלעקסאנדער מישעל זאָל ארויסגעהן פריי.

— פון דעם איז גאָר ניט צו דיינקען. ער וועט געוויס פעראורטהיילט ווערען ועגען אבזיכטליכעס אונטערצינדען, ווען אפילו מיר אלע זאָלען ארויסזאגען וועגען איהם דיא בעסטע מיינונגען. יעדענפאלס וועט מען איהם פערשיקען נאך א שטראָף־קאָלאָניע אין נייקאלעדאָניען און מיר ווערען פון איהם פטור. נאטירליך וועט נינא אין אָנפאנג זיין א פערצווייפעלטע, אבער מיר וועלען איהר שוין טרויסטען. ווען זיא וועט מעהר קיין האָפנונג ניט האבען אויף מישעל, וועט זיא זיך ביסלאכוייז אנשליעסען אן אונז, און וועט זיך ענדליך בערוהיגען. אזוי וויא זיא איז דורך איהרע ליעבע צום אונטערצינדער א ביסעל בעטאדעלט געוואָרען, וועט זיך ניט אזוי שנעל געפינען א חתן פאר איהר, און ווען מיין ברודער וועט ענדליך ערנסט אויפטרעטען מיט זיין בעווערבונג אום איהר האנד, וועט זיא איהם שווערליך צוריקווייזען.

— זאָל זיין אזוי, איך גיעב אלעס איבער אין אייער האנד — האט ערמאָנד געזאגט, קיסענדיג דיא האנד פון דער גרעפין.

**א שטונדע שפעטער איז נינא אָנגעקומען אין דער גרעפין׳ס וואגען צו דעם הויז וואו דיא וויטווע מישעל האט געוואוינט.**

**דאס גאנצע לעבען פון דיעזער בראווער אונגליקליכער פרוי איז געווען א רייהע פון שווערע ארבייט און זעהר אָפט פון עלענד און נויטה. נאך אלס זיא איז געווען א גאנץ יונגע מיידעל האט זיא שוין געדארפט שווער ארבייטען אלס נייטערין אום צו**

ערנעהרען א מוטער, איינע אלטע אלמנה. ווען דיא לעצטערע איז געשטארבען האט זיא ווייטער געארבייטעט פאר זיך. ענדליך איז זיא בעקאנט געווארען מיט טהעאדאר מישעל, א געשיקטען און פלייסיגען ארבייטער פון א מאשינען־פאבריק. ער איז געווען אזוי ארעם וויא זיא, אבער זיי האבען זיך געגענזייטיג ליעב געהאט און האבען דעריבער געהייראטעט. זיי האבען אויף דיעזען שריט קיינמאהל קיין חרטה ניט געהאט. ביידע האבען געארבייטעט און האבען פערדיענט גענוג אום צו לעבען אהן זארגען, ווען אויך ניט רייך.

אלס אבער אלעקסאנדער איז געבארען געווארען האט דער פאטער ניט מעהר צוגעלאזען דאס זיין פרוי זאל ארבייטען און האט אליין ווייטער געארבייטעט דאפעלט פלייסיג.

אין דער ליעבע צו דעם קינד האבען פאטער און מוטער געפונען דאס גאנצע גליק פון זייער לעבען, און ווען דאס קינד איז אונטערגעוואכסען האבען זיי נאר געזוכט איהם צו געבען א גוטע ערציהונג און א גוטע שולבילדונג. דער פאטער איז געווארען אונטער דער צייט ווערקמייסטער, און איז געווען אים שטאנדע צו צאהלען פיר זיין זאהן אין ליצעאום (גימנאזיום), און ער האט עס מיט פריידען געטהאן. עס איז זיי געווען צייטענווייז א ביסעל צו שווער, אבער דאס אפפער וואס זיי האבען געבראכט האט זיי אויסגעוויעזען א קלייניגקייט אנטקעגען דיא פריידע וואס זיי האבען גענאסען, ווען זיי האבען געזעהן וויא זייער זאהן געהט פון יאהר צו יאהר אלץ אין א העכערן קלאס און איז אימער איינער פון דיא בעסטע שילער.

אלעקסאנדער האט געענדיגט גימנאזיום און דיא קליינע פאמיליע האט זיך מיישב געווען מיט דעם פאמיליענפריינד ווערן וואס מען זאל ווייטער טהאן. עס איז געבליעבען אז מישעל זאל שטודירען אינזשינער און צו דעם צוועק איז ער איינגעטרעטען אין דיא פאליטעכנישע שולע. ער האט דורכגעהאלטען א גלענצענדען עקזאמען ביים איינטרעטען, און האט אנגעהויבען פלייסיג צו שטודירען. ער האט געמאכט גרויסע פארטשריטע, און מען האט איהם פאראויסגעזאגט א הערליכע צוקונפט. דא איז פלוצלונג אוועקגעשטארבען זיין פאטער דורך א לונגען־ענטצינדונג, און מישעל מיט זיין מוטער זיינען געבליעבען אהן א ברויטגעבער.

אלס מישעל איז צוריקגעקומען פון דער בעערדיגונג פון זיין פאטער און דיא אומעטיגע וואוינונג, האט ער אומארמט און געקיסט דיא וויינענדע מוטער, דאן האט ער זיך פארמאכט אין זיין צימער און האט אויפגעשריעבען א בריעף, וועלכען ער האט גלייך אליין אוועקגעטראגען אויף פאסט.

— פון וואנען קימססט דוא? — האט איהם דיא מוטער געפרעגט אלס ער איז צוריקגעקומען.

— פון פאסט. איך האב אוועקגעשיקט איין געזוך מען זאל מיך ענטלאסען פון שולע.

— וואס האסטו געטאהן? דוא צושטערסט דאך דיינע גאנצע צוקונפט אויף וועלכע מיר האבען אזוי לאנג געארבייטעט.

— איך וויים, ליעבע מוטער, וואס פיר איין אפפער איהר האט פיר מיך גע־בראכט, אבער איך וויים אויך, אז צוליעב דעם האט איהר קיינמאהל ניט געקענט שפארען.

— דוא ווערסט געוויס ערהאלטען א סטיפענדיום פון דער פאליטעכנישען שולע, מיין זאהן.

— דאס איז געוויס, אבער פון מיין סטיפענדיום וועסטו נאך אימער ניט האבען פון וואס צו לעבען, ליעבע מוטער.

— איך? וויא פיעל דארף איך דען? איך וועל מיך נעהמען צו מיין פריהעריגען געשעפט און וועל מיר פערדיענען מיין אויסקומען מיט נייען.

— דאס זאלסטו ניט טאהן, ליעבע מוטער.

— איך פערלאנג אבער דוא זאלסט מיר פאלגען!

— דאס מאהל קען איך דאס ניט טאהן, מוטער! — האט מישעל געזאגט אומארמענדיג, זיין מוטער — אויך דארפסטו ניט פערגעסען, אז איך בין איצטער דאס הויפט פון דער פאמיליע.

וועהרענד דיא אונגליקליכע פרוי האט פארגאסען הייסע טרעהרען, האט דער זאהן ווייטער גערעדט:

— איך האב שוין גערעדט מיט ווערן וועגען דעם און ער האט מיר שוין פער־שאפט א שטעלע.

— וואו דען?

— אין דער פאבריק פון הערן ראנשארד, וואו ער אליין איז בעשעפטיגט אלס ווערקמייסטער. ער זאגט אז דארטען וועל איך געפינען פיעל צו טאהן ביי דיא מא־שינען און אזוי וויא ראנשארד קען מיך, מעג איך גלייך איינטרעטען אויף מיין פלאטץ. איך האף אזוי פיעל צו פערדיענען, אז מיר זאלען ביידע קענען רוהיג לעבען. איך בין שוין לאנג געווען ענטשלאסען אייך ניט מעהר צו לאזען ארבייטען אויף מיך, אזוי שנעל וויא איך וועל נור ענדיגען מיין שטודיום. נור אזוי וויא מיין גוטער פאטער איז ניטא

מעהר, פערשטעהט זיך דאָך פון זעלבסט, אז איך מוז פיר דיך ארבייטען, מיין מוטער!

דיא מטע פרוי האט נאך פרובירט איהר זאָהן איבערצורעדען, אָבער זיא האט איהם ענדליך געמוזט לאָזען האנדלען נאך זיין אייגענעם ווילען.

מישעל האט אָנגעפאנגען וויא איין איינפאכער ארבייטער אין ראָנשארד׳ס פאבריק און האט יעדען שבת געבראכט אהיים זיין וואָכען־לאָהן צו זיין מוטער, פונקט וויא זיין פאטער פלעגט ער טאָהן.

אין אָנהויב איז יענער לאָהן געווען זעהר קארג. און דיא אלמנה מישעל האט געמוזט אָנווענדען איהרע גאנצע שפּאָרזאמקייט אום וויא עס איז דורכצוקומען. אָבער קוים זיינען פאָריבער עטליכע מאָנאטע האט ער אויפגעהערט צו זיין איין איינפאכער ארבייטער און איז געוואָרען אינזשינער. דער אלטער פאבריקאנט וועלכער האט זיך פיר איהם אינטערעסירט צוליעב זיינע פעהיגקייטען וויא אויך צוליעב זיינע עהרענהאפטע האנדלונג, האט איהם געגעבען דיא מעגליכקייט בעקאנט צו ווערען מיט אלע מאשינען און דער פאבריק און פערטרויט צו ווערען מיט אלע ארבייטען פון דער פאבריק. אין אנפאנג איז ער געווען אונטער־אינזשינער און איז געשטאנען אונטער דער לייטונג פון דעם ווערקמייסטער ווערן, וועלכען ער האט ניט נור געהאָלפען, זאָנדערן אויך פערטרעטען דאן ווען ער איז ניט געווען אין דער פאבריק.

אלס עס זיינען אריבער נאך א פּאָר מאָנאטע האט דער אלטער ווערן זיך איינמאָהל געווענדעט צו זיין פאבריקאנט און האט איהם געזאָגט:

— איך בעט אייך, ניט אלעקסאנדער מישעל עפּעס איין אנדער בעשעפטיגונג. עס בלייבט פיר מיך גאָר ניט וואָס צו טאָהן ווען ער איז דערביי.

— דאס קומט דערפון וואָס ער איז יונג און איהר הויבט אָן אלט צו ווערן פונקט וויא איך — האט ראָנשארד געענטפערט לאַכענדיג.

מישעל איז פון דער צייט אָן געווען בעשעפטיגט אין ביוראָ פון זיין שעף ביי דיא פּלענער און צייכנונגען פון דער פאבריק.

נאך דעם פערלויף פון א יאָהר האט דער יונגער אינזשינער שוין געהאט דורכגעפיהרט געוויסע ענדערונגען און פערבעסערונגען אין א מאשינע, וועלכע האבען זיך ערוויעזען אלס זעהר פאָרטהייל־האפט.

הערר ראָנשארד האט איהם געגעבען דעם אויפטראג אומצובויען אלע איבעריגע מאשינען, און ביסלאכווייז האט ער איבערגעגעבען דיא גאנצע לייטונג פון דער פאבריק אין מישעלס הענד און דיעזער האט עס אזוי ווייט געבראכט, דאס קירצליך פאר׳ן טויט האט דער אלטער ראָנשארד אָנגעזאָגט זיין שוויעגערזאָהן, הערר ערמאָנד.

דאס ער מעג איבערלאָזען דיא לייטונג פון דער פאבריק אין דיא הענד פון מישעל און ווערן.

אזוי וויא דער געהאלט פון אלעקסאנדער מישעל האט זיך אונטער דער צייט בעדייטענד פערגרעסערט, האט ער גענומען א בעסערע וואָהנונג פיר זיך און זיין מוטער אין דעם זעלבינגען קווארטאל וואו זיי האבען פריהער געוואוינט און ביידע האבען גע־לעבט רוהיג און גאנץ פיר זיך. מישעל האט געגעבען זיין גאנצע טהעטיגקייט און זיינע גאנצע צייט אויסשליעסליך פיר דיא פאבריק און האט אימער נור געטראכט וויא זיא צו פערבעסערן און צו פערפאָלקאָמנען.

איין מאהל, אין א זאָנטאג, האט מישעל געפיהרט זיין מוטער איהר וויזען דיא פאבריק. דיא בראווע פרוי האט שוין לאנג געהאט דעם וואונש צו זעהן דעם פלאטץ וואו איהר זאָהן, אויף וועלכען זיא איז אזוי שטאָלץ, ווירקט און שאפט. אויף דעם גרויסען הויף פון דער פאבריק האט זיך געשפיעלט נינא, וועלכע איז נאך געוועזען א קינד. מאדאם מישעל האט זיך ניט געקענט איינהאלטען פארבייגעהענדיג ניט צו אומארמען דאס ליעבע יונגע קינד און צו קיסען, און פון דענסמאָהל אָן זיינען זיי גע־וואָרען דיא בעסטע פריינדינען.

נינא׳ס מוטער איז שוין דאן געוועזען טויט, און אזוי וויא איהר פאטער פלעגט זיך ווענען איהר ניט פיעל קימערן, האט זיא זיך גערן אנגעשלאָסען אן אנדערע וואָס זיינען געוועזען גוט צו איהר. זיא פלעגט דעריבער אָפט קומען צו מאדאם מישעל, וועלכע האט פיעל פערגעניגען געהאט צו זעהן ביי זיך דאס מונטערע פרישע מיידעלע.

אם ליעבסטען האט זיך נינא געשפיעלט אין דער פאבריק, וואו יעדעס ווינקעלע איז איהר געוועזען בעקאנט, און זיא איז קיינמאָהל ניט מיעד געוואָרען צו הערען און צו פערלאנגען ערקלערונגען פון ווערן און פון מישעל איבער אלעס וואס איהר איז אונבע־קאנט געוועזען.

ווען זיא פלעגט זיך בעשעפטיגען מיט׳ן בעגיעסען איהרע בלומען־בייטען ארום איהר וואָהנונג האט זיא יעדעס מאָהל אָפגעוואַרט דיא צייט ווען מישעל איז פארביי־געגאנגען, דען ער פלעגט אָפט געהן פון פאבריק צו זיך אין קאנטאָר, וועלכעס איז געווען אויף דער אנדערער זייט, הין און צוריק פריינדליך פלעגט זיא איהם דאן ענט־פערן אויף זיין גרוס און פלעגט איהם אָפט פרעגען אויב ער איז צופריעדען מיט דעם גאנג פון דער פאבריק און אויב עס איז עטוואס נייעס פאָרגעפאלען.

זיא האט זיך אינטערעסירט פיר אלעס וואָס עס האט נור געהאט א שייכות

צו דער פאבריק און צו דער פאבריקאציאָן און האט ארויסגעוויזען פיעל פערשטאנד אין דיא זאכען, אזוי דאס יעדערער האט זיך גערן מיט איהר אונטערהאלטען.

יאָהרען זיינען זיך אזוי געגאנגען און דאס קליינע מיידעלע איז זיך געוואכסען, איז שוין באלד געוואָרען א יונגפרוי, און האט זיך דאָך נך קיינמאָהל ניט געפרעגט אויב זיא ליעבט מישעל אָדער ניט. זיא האט עס קיינמאָהל ניט געפיהלט. אויך מישעל האט עס בעטראכט נור פאר איין אונשולדיגען צייטפערטרייב צו אונטערהאל־טען זיך מיט איהר, ביז דער אלטער ווערן האט מיט זיין גוטמיטהיגקייט זייביידען געעפענט דיא אויגען.

איין טאג זיינען זיך דיא אלע דריי געשטאנען צוזאמען און האבען בעטראכט א נייעם אויטאָמאַטישעם העבעלווערק (ריטשאג) וואס מישעל האט ערפונדען און האט עס איצטער צור פראָבע געלאָזען ארבייטען. פלוצלונג האט ווערן געזאָגט:

— וואס מיך ערגערט מעהר וויא אלץ איז, וואס איין אנדערער וועט א מאָהל געניעסען דעם פאָרטהייל פון דעם וואס דוא, מישעל, האסט ערפונדען.

— ווארום דיינקט איהר אזוי? — האט נינא געפרעגט גאנץ אונשולדיגער־ווייזע.

— עס איז גאנץ איינפאך, מיין פריילין, ווען איהר פערהייראַטהעט זיך, צום ביישפיעל, דאן וועט דאָך אייער מאן האבען דעם גאנצען פאָרטהייל פון דער פאבריק און וועט נאך פיעלייכט אויך איבערנעהמען דיא לייטונג פון דער פאבריק.

מישעל האט אויפגעציטערט און האט ניט געוואגט אריינצוקוקען נינא'ן אין געזיכט. אום צו בעהאלטען זיינע פערלעגענהייט האט ער זיך אומגעדרעהט און האט עטוואס צוגערופען צו דיא ארבייטער וואס האבען זיך ארום דיא נייע מאשינע בע־שעפטיגט.

— לאז נאר, מישעל, איך וועל אליין אכטונג געבען אויף דיא ארבייט, דיא לייר־טע וויסען נאך ניט גענוי וויא מיט דער נייער מאשינע אומצוגעהען.

אויף דיעזע ווייזע זיינען מישעל און נינא געבליעבען אליין.ביידע האבען א היב־שע ווייל געשוויגען, נאכדיינקענדיג איבער ווערן'ס ווערטער, דורך וועלכע זייערע שלאפענדע געפיהלען זיינען אונערווארטעט אויפגעוועקט געוואָרען.

פלוצלונג האט זיך נינא געווענדעט צו מישעל, האט איהם געדייכט דיא האנד און האט איהם געזאגט זאנפט:

— זייט אונבעזאָרגט, מישעל, קיינער וועט אייך פון דאנען ניט פערדריינגען...

און דאן האט זיא צוגעזעצט מיט א גאנץ שטילער שטימע:

— דען איך האב אייך ליעב.

— אָ, נינא, מיין טהייערע נינא! — האט מישעל גערופען וויא בעט־ונקען פון גליק.

— און דער אלטער וועט מוז אויך דאָ בלייבען! — האט זיא געזאגט אום איהרע אויפרעגונג צו בעהאלטען.

— נינא, מיין הערץ, מיין לעבען, מיין גאנצעס זיין געהערט אייך! — האט מישעל פערזיכערט.

— שטיל, שטיל! — האט נינא געמורמעלט רויט־ווערענדיג — לאָמיר האלטען פארבאָרגען אונזער געהיימניס ביז איך וועל קענען ריידען דערפון מיט מיין פאטער. — אויף ווידערזעהן! איך לויף צו אייער מוטער, איך וויל זיא אומאָרמען!

אזוי האבען זיי זיך איינגעשטאנדען זייער ליעבע; אבער פון יענער צייט אָן האב זיי מעהר דערפון ניט געשפּראָכען. זיי האבען רוהיג געווארט אויף דיא צוקונפט וועלכע זאָל זייער גליק בעשטעטיגען.

— — — — — — — — — —

פאָהרענדיג איצטער אין וואגען פון דער גרעפין ברעסטאָווסקי האט זיך נינא דערמאהנט אן יענע גליקליכע שטונדע פון זייער געגענזייטיגען ליעבעס־געשטענדניס, און דעריבער האט געשוועבט אויף איהרע ליפּען איין זאנפטער שמייכעל, טראָטץ דעם וואס דיא לאגע איז געוועזן טרויעריג און ערנסט. מיט דיא געדאנקען פארנומען איז זיא אויסגעשטיעגען פון וואגען ביי מישעלס טהיר און האט געצויגען דיא גלאָקע פון דער טהיר.

— איהר, מיין פרייליין? — האט דיא וויטווע מישעל אויסגערופען אין העכסטען ערשטוינען אלס זיא האט דערזעהן נינא׳ן.

— האט איהר מיך ניט ערווארטעט? און איז עס דען ניט מיין פליכט אייך צו טרייסטען? האט נינא געזאגט, אומארמענדיג דיא אלטע פרוי.

דיא אונגליקליכע האט נאך אלץ ניט געקענט קומען צו זיך פון איהר ערשטוינען. דערווייל האט זיא אריינגעפיהרט דיא בעזוכערין אין מישעל׳ס צימער, וואו זיי האבען זיך ביידע אניעדערגעזעצט:

— פון געסטערן אָן בין איך אין דעם צימער — האט דיא אונגליקליכע מוטער געזאגט וויינענדיג — מיר דוכט זיך אויס אז דאָ בין איך נעהענטער צו מיין אונגליקליכען זאָהן. אבער וויא קומט עס דאס איהר בעזוכט מיך איצטער, מיין פרייליין?

— אָ, איך וואלט שוין געסטערן ביי אייך געוועזן ווען א שוואכקייט וואלט מיך ניט פערהינדערט.

— איצטער פיהלט איהר בעסער?

— יא, גאָט צו דאנקען.

— וואו וואוינט איהר דען איצטער?

— דורך דיעזע פראגע איז דאס יונגע מיידעל געוואָרען עטוואס פערלעגען. אראָפּלאזענדיג דעם בליק צו דער ערד האט זיא געענטפערט גאנץ שטיל:

— ביי דער גרעפין ברעסטאָווסקי.

דערזעהענדיג וויא ערשטוינט דיא וויטווע מישעל איז געוואָרען פון דיעזער אנט־ווארט, האט זיא צוגעזעצט:

— ביז איצטער האב איך אימער געפיהלט א ווידערווילען געגען דיא גרעפין, אבער איך זעה איין אז איך האב איהר געטהאן אונרעכט. ווען איהר וואלט וויסען מיט וואס פאר א ווארמקייט זיא פערטהיידיגט מישעל, און וויא איבערצייגט זיא איז אין זיין אונשולד! אזוי איז זיא און אזוי איז איהר ברודער, דער פירסט ווערענין, און אויך מיין פאטער. און וויא האט עס דען געקענט אנדערש זיין, ווער קען דען פון אייער זאָהן עטוואס שלעכטעס דיינקען?

— צו וואס האלט מען איהם דעננאך געפאנגען? — האט דיא אונגליקליכע פרוי געפרעגט — ווארום לאָזט מען אפילו מיך, זיין מוטער, ניט צו צו איהם, מיט איהם צו ריידען? איז דאס רעכט? איז דאס געזעצליך?

— וויא? מען לאזט אייך ניט צו מיט איהם צו ריידען?

— געוויס ניט! געסטערן האט מיך ווערן אהין געפיהרט, אבער מיין בעטען און מיין וויינען האט ניט געהאָלפען: מען האָט אונז אָהן ערבארמען צוריקגעוויעזען. האלב וואהנזיניג פון שמערץ בין איך געקומען צוריק נאך הויזע. קוים בין איך געוועזן א שטונ־דע דאָ אין צימער, זיינען געקומען עטליכע בעאמטע, האָבען איבערגעקעהרט אלעס וואס זיי האָבען געפונען מיט'ן קאָפּ אראָפּ, און אוועקגעהענדיג האָבען זיי מיטגענומען אלע פּאפּיערען וואס זיי האָבען געפונען. איך, וואלט דיא דינט מיט שטעקענס ארויס־געיאָגט פון דאנען!...

אין איהר אויפרעגונג האט דיא אונגליקליכע פרוי געמאכט א דראָהענדע בעוועגונג מיט דער האנד, באלד אבער האט זיא זיך עטוואס בערוהיגט, און האט גע־זאָגט:

— אבער צו וואס וואָלט עס מיר דען גענוצט? היינט בין איך שוין געפאסטער, אבער איך טאָר ניט דיינקען דאס מען האט מיין זאָהן אריינגעזעצט אין געפענגניס וויא א פערברעכער, דען איך ווער וויטהענד ביי דעם געדאנקען. — איך האב היינט וויע־דער געוואָלט געהן נאך דעם יוסטיץ־פּאלאסט, אבער ווערן האט מיר ניט געלאזען.

ער איז אליין געגאנגען אהין און האט מיר צוגעזאגט באלד נאכריכט צו געבען. איך ערוואַרט איהם איצטער מיט אונגעדולד.

שטיל וויינענדיג האט נינא צוגעהערט, איצטער אבער האט זיא זיך אנגעשפּאַרט אויפ'ן שולטער פון דער ארעמער מוטער און האט איהר געטרייסט:

— ווען מישעל וועט אונז צוריקגעגעבען ווערען וועלען מיר איהם מיט אונזער געמיינשאפטליכע ליעבע ענטשעדיגען פיר דיא פּיין וואס ער האט אויסגעשטאַנען.

— יא, דאס וועלען מיר טהאָן — האט יענע געענטפערט — איך גלויב אז ער וואָלט זיך שוין וועניגער אונגליקליך געפיהלט, ווען ער וואָלט וויסען אז איהר זייט אהער געקומען.

— דאס זאָל ער ערפאהרען, און איך האָף, דאס מען וועט אייך און מיר באלד ערלויבען איהם צו בעזוכען.

— דיא האָפנונג וועט שווערליך באלד ערפילט ווערען, מיין פריילין — האָט געזאגט א שטימע הינטער איהר.

— אלס נינא האט זיך אומגעדרעהט האט זיא דערזעהן ווערן אין דער געעפענ־טער טהיר.

— איהר קומט פון מישעל? — האט דאס יונגע מיידעל אויסגערופען.

— האט איהר מיט איהם גערעדט? — האט דיא אלטע מוטער געפרעגט.

— איך קום פון יוסטיץ־פּאַלאַסט, אבער מיט מישעל האָב איך ניט געקענט ריידען — האט ווערן בעריכטעט — דער אונטערזוכונגס־ריכטער האט מיך זעהר פריינדליך אויפגענומען, האט מיר אבער ענטשיעדען ערקלערט, אז ביי דעם יעצטיגען שטאַנד פון דער אונטערזוכונג איז אונמעגליך איינעם צו ערלויבען צו ריידען מיט דעם געפאַנגענעם. אלס איך האָב איהם נאך אמאָהל ווידערהאָלט אז מישעל איז אונשול־דיג, האט ער מיר געענטפערט דאס אלע בעווייזע צייגען פאַרקעהרט, אבער דיא אונ־טערזוכונג וועט זיין אונפּאַרטייאיש. דיא זעלביגע אנטוואָרט האט אויך ערהאַלטען דער פירסט ווערענין וועלכער איז גלייך מיט מיר געוועזן דאָרטען אין יוסטיץ־פּאַ־לאַסט, וויא ער האט געזאגט, איז ער געקומען מיט דעם אויפטראַג פון הערין ערמאַנד.

— נו, זעהט איהר, יעדער נעהמט אנטהייל אין דעם שיקזאַל פון אייער זאָהן — האט נינא געזאגט טרייסטענדיג דיא פאַרקלעמטע מוטער.

— דער אונטערזוכונגס־ריכטער — האט ווערן ווייטער דערציילט — האט מיך אויעקגעלאָזען מיט דעם צוזאָג, דאס ער וועט מיר ערלויבען צו האָבען איין אונטעררע־דונג מיט מישעל, אזוי שנעל וויא דיא אונטערזוכונג וועט עס נאָר מעגליך מאַכען.

— דאס איז א זעהר אונבעשטימטער צואָג — האט מאדאם מישעל טרויעריג בעמערקט.

— דערוויילע מוזען מיר טהאָן אלעס מעגליכע, און קלייבען בעוויזע פיר מישעל'ס אונשולד, דאס וועט אונז אם שנעלסטען צובריינגען צו איהם. דערוויילע וועט איהם דאָרטען קיין זאך ניט פעהלען אויסער דיא פרייהייט, דען איך האב פיר איהם געלאָזען געלד גענוג צו קויפען פיר איהם וואס ער פערלאַנגט.

— איך דאנק אייך, איך דאנק אייך פון הערצען מיין גוטער הערר ווערן — האט נינא אויסגערופען, איהם געבענדיג דיא האנד — איך וועל אייער טריע פריינדשאפט קיינמאָהל ניט פערגעסען.

— אָ, מיין פריילין, וואס איך טהו, פערדיענט קיין דאנק. איך האב ליעב מישעל פונקט וויא ער וואלט געווען מיין אייגענער זאָהן.

נינא האט זיך אויפגעהויבען און האט גענומען אבשיעד פון דיא עהרליכע גר טע לייטע.

מאדאם מישעל האט דאס וויינענדע יונגע מיידיל אומארעמט און האט זיא גע־רופען צערטליך: „מיין ליעבעס קינד“.

נינא האט איהר צערטליך געקיסט, און ארויסגעהענדיג האט זיא געזאגט:

— אויף ווידערזעהן, ליעבע מוטער!

## 13טעם קאפיטעל.

# א חבר אין אונגליק.

וואָס פאר איין עדעלעס הערץ! — האט ווערן פאר זיך געמורמעלט, אלס נינא איז ארויסגעגאנגען.

מאדאם מישעל וועלכע האט דיא יונגע טאָכטער פון פאבריקאנט בעגלייט ביז צו דער אונטערשטער טהיר פון טרעפּ, איז יעצט צוריק אריין אין צימער און האט גע־זאָגט צו ווערן:

— וויא גליקליך און פרעהליך זיינען מיר פריהער געווען ווען נינא פלעגט אהער קומען, און יעצט . . .

— יא, יעצט האט זיך אלעס געענדערט! — האט ווערן דערענדיגט, וואָרפענדיג זיך אויף איין אלטמאָדישען שטוהל, אין וועלכען ער פלעגט געוועהנליך זיטצען ביי זיינע בעזוכע אין דער פאמיליע פון דיא מישעל'ס.

ווערן איז געווען א קליין־געוואקסענער, שטארק־געבויטער מאן. זיין געזיכט איז געווען נאך גאנץ יונג און פריש. ער האט זיך ניט געקענט דערמאָהנען אויב ער איז

א מאָהל קראַנק געווען און ווען ניט זיינע גרויע האר, וואָלט קיינעם גאר ניט איינגע־פאַלען צו דיינקען, אַז ער איז איין אַלטער מאַן. ער איז געווען איין אַלטער בחור, האט קיינמאָהל ניט געהייראַטהעט, און זיין גאַנצעם לעבען האט ער פאַרבראַכט אויף דער פאַבריק און אין דער פאַמיליע פון דיא מישעל׳ס, וויא אויך צייטענווייז מיט נינאַ.

נאַכדעם וויא ער איז אַזוי איינינע סעקונדען געזעסען שווייגענדיג און פאַר־טראַכט, האט ער זיך פּלוצלונג געטאָהן א קלאַפּ מיט זיין פויסט אין קניע און איז אויפגעשפּרונגען.

— וואָס איז אייך ? — האט מאַדאַם מישעל געפרעגט דערשראָקען.

— איך בין מיט מיר אליין ניט צופריעדען.

— ווארום ?

— וועגען פערשיעדענע טעמים, ווען דאס ליעבע מיידיל איז דאָ געווען האב איך ניט געוואָלט ריידען, אָבער אייך, ליעבע פריינדין, מעג איך דאס זאָגען.

— וואָס גיעבט עס דען ? איז מיין אלעקסאַנדער׳ן נאָך עטוואס שלימערעס געשעהן ?

— עס האַנדעלט זיך אין דעם אויגענבליק ניט פון אלעקסאַנדער מישעל, נור פון מיר אליין. מיך ערגערט, פאַר וואָס איך האב ניט געפונען דיא ריכטיגע אַנט־וואָרט פיר דעם אונטערזוכונגס־ריכטער אין דעם אויגענבליק ווען ער האט געזאָגט, דאס ער איז אַזוי איבערצייגט אין מישעל׳ס שולד.

— געוויס! און איך האב אין דעם אויגענבליק נור געקענט ענטפערן, דאס ער האט א טעות. ווען איך וואָלט געפאָלגט מיינע געפיהלען, האב איך געזאָלט פּאַקען דעם געפיהל־לאָזען און קאַלט־לעבערדיגען מענשען און איהם דערשטיקען אויפ׳ן אָרט — האָטש דאס וואָלט אונזער אָרעמען מישעל זעהר ווייניג געהאָלפען.

— דאס דיינק איך אויך.

— אָבער אויף זיך אליין בין איך נאָך מעהר ווטהענד און איך דיינק אָפטמאָהל אַז איך בין שולדיג אין דעם גאַנצען אונגליק וואָס דא איז געשעהן.

— איהר, ווערן ?

— איך, ליידער! צו וואָס האב איך צוגעלאָזען, אַז מישעל זאָל אריינקומען אין דיא אונגליקליכע פאַבריק ?

— בערוהיגט זיך, ליעבער פריינד, איהר בעשולדיגט זיך אומזיסט.

— ניין, ניין! איך האב געזאָלט פאָראויס זעהן, אַז אייער זאָהן איז צו גוט פאַר אַזא שטעלע וויא מען האט איהם דאָרטען געגעבען. ווען אלעקסאַנדער האט מיך

געפּרעגט ביי זיין פאטערס טויט, אויב זיין פאטער האט עטוואס אָפּגעשפּאָרט, האב איך געענטפערט דאס אַזוי ווייט וויא איך ווייס האט דער אַלטער מישעל אויסגע־געבען אַלעס וואָס ער האט געקענט שפּארען אויף זיין זאָהן'ס ערציהונג. דער בראווער יונג האט מיר גלייך ערקלערט, אַז ער וועט אפּברעכען זיין שטודיום און וועט איינ־טרעטען צו אונז אין פאבריק אום צו פערדיענען געלד און זאָרגען פיר דעם הויזהאַלט. און איך בין געוועזן שוואך גענוג זיין ענטשלוס צו געפינען פיר גוט. אנשטאט איהם צו זאָגען: ענדיג דיין שטודיום און מיר וועלען דעקען דיא קאָסטען און דערנאך מעגסטו איינטרעטען האָטש אין דער פאבריק, אָבער ניט אַלס ארבייטער, נור אַלס טעכניקער. דאן וואָלט ער געקענט מאכען גאנץ אנדערע אנשפּריכע און דער הערר ערמאָנד וואָלט קיינמאָהל ניט געוואגט איהם אַזוי צו מיסהאנדלען. אַזוי קוקט ער אויף איהם נור וויא אויף א געשיקטען ארבייטער און ער האט געזעהן פון איהם פּטור צו ווערן אַזוי שנעל וויא ער האט איינגעזעהן דאס ער ליעבט זיין טאָכטער. און ווער איז אין דעם שולדיג? קיין אַנדערער וויא איך.

— אך, ניין, מיין גוטער ווערן, וויא קענט איהר אַזוי וואָס ריידען! גראדע פאַר־קעהרט, מיר זיינען אייך זעהר פיעל דאנק שולדיג, מישעלס שטעלונג איז געוועזן זעהר פאָרטהיילהאפט, דען וויא איהר ווייסט האבען מיר אונטער דער צייט זעהר אנשטענ־דיג געלעבט און מישעל האט נאך אָפּגעשפּאָרט הונדערט און צעהן טויזענד פראנק. איך האב פאַר דיא צוקונפט קיין מורא ניט, און איך האָף נאך איצטער אויך, אַז אַלעס וועט זיך ענדיגען צום גוטען און מיר וועלען דערציילען אין פריידען דיא צרות וואָס מיר שטייען איצטער אויס. מישעל'ס אונשולד וועט אנערקענט ווערען און ער וועט הייראַטהען נינא מיט דער צושטימונג פון איהר פאטער.

— גלויבט איהר אַזוי?

— געוויס! דער הערר ערמאָנד וועגבער איז איבערצייגט פון מישעל'ס אונשולד דארף דאס פאַר איהם טאָהן.

— ליידער קען איך ניט אַזוי האָפען, ווערטהע פריינדין. איך ערוואַרטעט נאַ־טירליך, אַז דיא טייפעלשע בעשולדיגונג זאָל אויפגעקלערט ווערן און מישעל זאָל אונז צוריקגעגעבען ווערען. אָבער אַז הערר ערמאָנד זאָל צושטימען צו דער פערהייראַטהונג פון זיין טאָכטער מיט מישעל — דאס קען איך ניט גלויבען.

— ווארום ניט?

— ווייל מיר שיינט, אַז דער פאטער האט גאנץ אנדערע פּלענער וועגען זיין טאָכטער.

— איהר רעדט אין רעטעניסען; דערקלערט זיך דייטליכער.

— וואָס איז דאָ ניט צו פערשטעהן — נינאַ וואוינט איצטער ביי דער גרעפין ברעסטאָווסקי, ניט וואהר?

— יא, און זיא האט איצטער פון דער גרעפין א בעסערע מיינונג וויא פריהער. זיא זאָגט אַז דיא גרעפין גלויבט אין דיא אונשולד פון אַלעקסאַנדער און זיא וויא איהר ברודער פערטהיידיגען איהם אימער.

— אזוי? איך האב אייך פריהער שוין דערציילט, אַז איך האב דעם פירסט ווערענין געטראָפען ביי דעם אונטערזוכונגס־ריכטער, ווייסט איהר וואָס ער האט פון איהם פערלאַנגט?

— וואָס דען?

— ער זאָל ארויסלאָזען מישעל אונטער בירגשאַפט, און ער, פירסט ווערענין, וועט געבען דיא בירגשאַפט וויא הויך עס וועט פערלאַנגט ווערען.

— ער האט זעהר איידעל געהאַנדעלט.

— אין געגענטהייל, דאס איז דיא גרעסטע ניעדערטרעכטיגקייט און צבויאצטוואָ. ער האט געמאַכט דעם פאָרשלאַג נור דערפאַר, ווייל ער האט געוואוסט אויף קלאָר, אַז קיין בירגשאַפט וועט ניט אָנגענומען ווערען. אָ, איך זעה דעם גאַנצען שווינדעל!

— וואָס פאַר א שווינדעל, ליעבער ווערן, איהר מאַכט מיך אונרוהיג!

— איך האב הערן ערמאָנד קיינמאָהל ניט פיעל צוגעטרויט. ער איז אימער געוועזען ניט מעהר וויא א פערשווענדער, און אין דיא לעצטע צייט, זינט דיא רוסישע גרעפין האט איהם אריינגענומען אין דיא הענד, איז זיא איבער איהם דיא גאַנצע בעל־דעה זיא ווייזט מיר אויס א דורכטריעבענע גליק־זוכערקע. מיר איז דאס שוין לאַנג אריין אין קאָפּ, אַז ער האט אויף איהר געוואָרפען איין אויג און דיינקט מיט איהר צו חייראַטהען. וויא עס ווייזט מיר אויס איז ער זיך אויך מיט איהר מישב וועגען א מאַן פאַר זיין טאָכטער און זיא האט צו דעם צוועק געלאָזען אריבערקומען איהר ברודער פון רוסלאַנד, אָדער פיליכט אויך פון אנדערסוואו. דיא גאַנצע זאַך איז איבערהויפּט א ביסעל צו דונקעל. מיר האבען דיעזען פירסטליכען ברודער געזעהן ערשט פאָרגעסטערן צום ערשטען מאָהל, אָבער אין פּאריז איז ער שוין פון עטליכע מאָנאַטע. ער איז נע־ווים אויך געוועזען דיא אורזאַכע דערפון וואס מישעל איז געשיקט געוואָרען אויף רייזען. מען האט איהם געזוכט צו האַלטען וואס ווייטער, און פון דעם בענעהמען פון הערן ערמאָנד אַנטקעגען מישעל אין דעם טאָג ווען ער איז צוריקגעקומען האט מען געקענט פערשטעהן, אַז ער איז פאַר זיי צו פריה געקומען, מען האט איהם נאָך ניט געהאט ערוואַרטעט. דערפון איז לייכט איינצוזעהן, אַז אַלעס וואס ערמאָנד און דיא גרעפין

מיט איהר ברודער טהוען אָדער מאַכען זיך טהוענדיג פיר מישעל, איז ניט מעהר וויא בעטרוג און איז ניט אויפריכטיג געמיינט.

— וואָלט איך דען געווען ליעבער צו זעהן, אז אלע דריי זאָלען מיין זאָהן בעשולדיגען?

— דאס ניט! אָבער דיא אַרט און וויזע וויא אזוי זיי פערטהיידיגען איהם קומט מיר אויס זעהר פערדעכטיג! וויא קומט דיעזער פירסט זיך אזוי שטארק צו אינטערעסירען פיר מישעל און זיך פיר איהם צו פערווענדען, ווען ער קען איהם גאר ניט! דער ברודער און דיא שוועסטער ווילען ניט, אז מען זאָל זיי חושד זיין, דאס זיי ווילען מישעל'ס פעראורטהיילונג, וועלכע וויא זיי האָפען וועט סיי־וויא־סיי קומען. נור ווען אפילו מישעל זאָל ווערען פרייגעשפּראָכען וועט הערר ערמאַנד דאָך ניט מסכים זיין, אז זיין טאָכטער זאָל מיט איהם הייראַטהען, און דעם בין איך פעסט איבערצייגט. און ווען נינא זאָל בלייבען געטריי איהר פערשפּרעכען און ניט הייראַטהען קיין אנדערן, וואס איך צווייפעל גאר ניט, דאַן בלייבט אָבער דאָך דאס גליק פון ביידען צושטערט.

— מיין גאָט! זאָל דאס ווירקליך מעגליך זיין! — האט אויסגערופען מאַדאַם מישעל, ברעכענדיג דיא הענד, נאכדעם וויא זיא האט אין העכסטער שפּאַנונג אויסגעהערט דיא ערקלערונג פון ווערן — וואס פאר א שלעכטעס האבען מיר דען געטאהן, ווערן, אום אזא אונגליק צו פערדיענען.

— ווער ווייס? — האט יענער ערנסט געענטפערט.

— וואס ווילט איהר דערמיט זאָגען, ליעבער פריינד?

— ווען איך האב מיר מיט א ווײלע פריהער געמאכט פּאָרווירפע דערפאר וואס איך האב איינגעפיהרט אייער זאָהן אין דיא פאַבריק, האב איך נאך געקענט געפינען ענטשולדיגונג, ערשטענס דארין, וואס איך האב געמיינט נור גוטעס איהם צו טאָהן, און צווייטענס דארין, וואס ער האט ניט אנדערש געוואָלט. אָבער איך קען מיר ניט פערגעבען איין אַונרעכט וואס מיר האבען ביידע בעגאנגען, געעהרטע פריינדין, מיט א דריי מאָנאטע צוריק...

— וואס האבען מיר דען געטאָהן? — האט מאַדאַם מישעל געפרעגט בעזארגט.

— געדיינקט איהר יענעם אבענד ווען מיר האבען ערוואַרטעט פון מישעל א בריעף וועלכער האט זיך פערשפּעטיגט און אין יענעם קורצען בריעף האט אייער זאָהן אָנגעפרעגט אויב עס איז אמת וואס דיא צייטונגען שרייבען וועגען א פּאָרפאַל אין דער

רוע דע לא פיי, און ער האט אונז צוגעשיקט א שטיקעל אויסגעשניטענע צייטונג פון „פיגארא״ וועלכען ער האט געלעזען אויף זיין רייזע איבעראל.

מאדאם מישעל האט זיך אויפגעהויבען, איז אריין צו זיך אין צימער און איז באלד צוריקגעקומען מיט א קעסטעלע בריעף אין האנד.

— דא זיינען אלע בריעף וועלכע איך האב פון אלעקסאנדער ערהאלטען — האט זיא געזאגט עפענענדיג דאס קעסטעלע. זיא האט ארויסגענומען פון איהר א בריעף און איהם איבערגעבענדיג איהר פריינד, האט זיא געזאגט:

— איך גלויב דיעזער בריעף איז עס פון וועלכען איהר רעדט.

ווערן האט איהם געלעזען לויט:

„מיינע ליעבע גוטע מוטער!

אלע פאריזער זשורנאלען וועלכע איך האב געהאט דיא געלעגענהייט צו לעזען דא אין שוועדען, דערציילען פון א גנבה וואס איז בעגאנגען געווארען אין רוע דע לא פיי, וויא דוא קענסט זעהן פון דעם צייטונגס־אויסשניט וואס איך שיק דא צו. דוא קענסט זיך לייכט דיינקען וויא מיך האט דיא נאכריכט ערשיטערט. איך בעט דיך מיר גלייך צו דעפעשירען און מיר מיטצוטהיילען אז דיא נאכריכט איז פאלש און קומט דורך איין אירטהום. איך האלט עס פיר אונמעגליך אז זיא זאל זיין ריכטיג.

גרים ווערן הערצליך און גיעב איהם דיעזען בריעף. עס קיסט דיך טויזענד מאהל

דיין אלעקסאנדער״.

— לאמיר אויך איבערלעזען דאס שטיקעל פון דער צייטונג:

„דיא גנבה פון דער רוע דע לא פיי״

שוין אפט זיינען מיר גענייטיגט געוועזן צו דערציילען אונזערע לעזער פון פרעכע גנבות וואס קומען פאר אין דיא פאריזער יובעלירער־מאגאזינען, דורך פערזאנען וועלכע קומען בלומרשט אריין עטוואס קויפען. לאזען זיך ווייזען אלערליי עדעלשטיינער און בענוצען איין אויגענבליק ווען דער פערקויפער פארקוקט זיך, אריינצושטעקען עפעס א קאסטבארען געגענשטאנד צו זיך אין טאשע. פיעלע פון דיא גרעסטע געשעפטען אין פאליי ראיאל און אנדערע זיינען אין דיא לעצטע יאהרען דורך אזעלכע קונדען פיעל בעזוכט געווארען, און פיעלעס איז פון זיי געגנב׳עט געווארען.

מארקוס פעליסער, דער געשעפטספיהרער פון דעם שיינעם דיאמאנטען־מאגאזין פון הערר ראדא, אין דער רוע דע לא פיי האט עס וויא עס ווייזט אויס גוט געוואוסט, און ער האט זיך דעריבער ערלויבט צו גנב׳נען פון זיין פרינציפאל א פראכטפאלע

דיאמאנטען־שנור אין דער האָפנונג אז מען וועט חושד זיין ניט איהם, נאר יענע בייזע קונדען וואס גנב'נען.

מיר האָבען פון דעם פאַרפאַל שוין נעכטען ערפאַהרען, אָבער מיר האָבען ניט געוואָלט פריהער מיטטהיילען דערפון אונזערע לעזער, ביז מיר וועלען אלעס גענוי ער־פאַהרען, אום ניט איין אונשולדיגען צו בעליידיגען. אבער דיא געריכטליכע אונטער־זוכונג האַט דערוויילע פעסטגעשטעלט דיא טהאַטזאכען אזוי דאס עס איז שוין כמעט ניט מעהר צו צווייפלען, אז דער פערדעכטיגער האט עס געטהאן.

וואס מיר האָבען דערפון ערפאַהרען איז פאָלגענדעס:

העררר ראדאַ, דער אייגענטהימער פון דעם בעריהמטען ציערונג־געשעפט אין פאַליי ראָיאל, האט מיט א פאָר יאָהר צוריק געגרינדעט א צווייג־געשעפט אין דער רוע דע לא פיי, וועלכעס ער האט איבערגעלאָזען אונטער דער לייטונג פון א געוויסען מארקוס פעליסער, וועלכער האט ביי איהם שוין פריהער געאַרבייטעט עטליכע יאָהר אין געשעפט אין פאַליי ראָיאל; און ער האט צו איהם געהאט דאס פאָלסטע פער־טרויען.

אזוי וויא יענעס צווייג־געשעפט איז געגאַנגען זעהר גוט, פלעגט העררר ראדאַ זיך ווייניג מישען אין דיא געשעפטען, איבערלאָזענדיג אלץ אויף זיין פערטרויעטען גע־שעפטס־פיהרער, און פלעגט נאָר אָפט מאהל אריינקומען אבענדס אום זיך צו ערקונ־דיגען וואס דער טאָג האט געבראכט.

מארקוס פעליסער האט געלעבט זעהר בעשיידען, האט בעוואָהנט א צימער אויפ'ן פינפטען שטאָק אין דעמזעלביגען הויז וואו דער מאגאזין איז געווען. זאָנטאג פלעגט ער בעזוכען זיין מוטער, א איינפאכע אלטע אידישע פרוי, וועלכע האט געלעבט נאָר פון זיין אונטערשטיצונג.

דיעזע פרוי איז מיט עטליכע מאָנאטע צוריק איינמאהל געקומען צו העררן ראַ־דאָ, האט פאר איהם געוויינט און איהם דערציילט, אז איהר מארקוס וויל הייראטהען איין ארעמע מיידעל וועלכע האט א גאַנץ קליינע שטעלונג אין דעם קאַנטאָר פון א פאבריק אין סאינט דעני, און האט איהם געבעטען ער זאָל זיך אריינמישען און זאָל ווירקען אויף איהר מארקוס אז ער זאָל אזא זאַך ניט טהאָן.

העררר ראדאַ האט ווירקליך איינמאהל גערעדט דערפון מיט פעליסער, אבער דיעזער האט איהם געענטפערט, דאס ער פרעגט ניט זיין עצה און בעט איהם ער זאָל זיך ניט מישען אין פרעמדע געשעפטען. פון דענסמאהל אן האָבען זיי מעהר דער־פון ניט גערעדט.

פאָרגעסטערן האט העררר ראדאַ ווידער איין מאָהל בעזוכט זיין צווייג־געשעפט

אין דער רוע דע לאַ פּיי. ער האט א ווײלע אויפמערקזאם בעטראַכט דאס שור־פענס־טער און האט זיך געװענדעט שמייכלענדיג צו פעליסער:

— נו, מיין ליעבער פעליסער, איהר האט היינט געהאט א גוטען טאג?

— יאָ, װירקליך! — האט דיעזער געענטפערט, אפּװישענדיג זיך דעם שווייס פון געזיכט — איך בין אין גאנצען נאס פון שווייס חאָטש עס איז װינטערצייט. איך האב זעהר פיעל בעזוך געהאט דעם נאכמיטאג.

— איהר האט אלזאָ געהאט א גוטע איינגאַהמע?

— געוויס — האט פעליסער געענטפערט, נעהמענדיג זיין קאסע־בוך אין האנד — איך האב געלייזט צוויי־און־צוואנציג טויזענד פראַנק.

— וואס זאָגט איהר? — האט ראַדאָ געפרעגט ערשטוינט — איהר לאַכט דאס?

— ניין, אין ערנסט.

— וויא טהייער האט איהר דען פערקויפט דיא דיאַמאַנטען־שנור?

— דיא גרויסע דיאַמאַנטען־שנור?

— יאָ, קיינע אַנדערע! זיא האט דאָך אליין בעטראָפען 80 טויזענד פראַנק!

— דיא האב איך גאָר ניט פערקויפט.

— ניין? וואו איז זיא דען אבער?

— אין שויפענסטער, וויא אימער!

— איהר האט א טעות, דאָ איז זיא ניטאָ!

פעליסער איז געוואָרען בלאַס, איז געלאָפען צום פענסטער, האט א בליק גע־טהאן אויף דיא אויסגעשטעלטע געגענשטענדע און איז געפאלען אין אָהנמאַכט.

— קענט איהר אלע קויפער וואס זיינען ביי אייך היינט געוועןֹ? — האט מען איהם געפרעגט.

— אלע, אויסער איינעם וואס האט ביי מיר געקויפט איין ארמבאנד פיר טוי־זענד פראַנק, און האט גלייך בעצאָהלט.

— אום װעלכע שטונדע איז דאס געװעזען?

— גענוי קען איך ניט זאָגען, אבער ניט גאנץ לאַנג צוריק — האט פעליסער געענטפערט ציטערנדיג, און האט דאַן אויסגערופען אין פערצווייפלונג: מען האט אונז בעגנב'עט.

עס איז באַלד געקומען א פּאָליציי־קאָמיסאר װעלכער האט דעם ציטערענדען פעליסער אויסגעפרעגט אלעס, און האט איהם דאַן אפּגעפיהרט נאָך דער פּאָליציי.

מיר קענען פיר הײנט קײנע אײנצעלהײטען מעהר מיטטהײלען און װעלען אונז בענוגנען דערװײלע מיט דער מעלדונג, דאס פעליסער איז נאך אין ארעסט און דיא בעװײזע זײנען געגען איהם.

װערן האט א װײלע געשװיעגען נאכדעם װיא ער האט געענדיגט לעזען דעם ארטיקעל און האט דאן געזאגט:

— געדײנקט איהר נאך װאס מיר האבען דאמאלס געענטפערט מישעל?

— אָ, יא — האט מאדאם מישעל געענטפערט מיט א זיפץ.

— װיא איהר װײסט איז מארקוס פעליסער געװען א מאהל מישעלס בעסטער פרײנד, און מיר זײנען געװען אזוי גרױזעם צו טעלעגראפירען: „עס איז אלעס װאהר“.

— פעליסער איז דאך אָבער אויך װירקליך שולדיג! — האט מאדאם מישעל געזאגט.

— װער װײס? צײט מען האט מישעל פערהאפטעט דערמאהן איך מיך אויך אָפט אן פעליסער װעלכער האט אויך קײנמאהל ניט אױפגעהערט צו שרײען, אז ער איז אונשולדיג און קײנער גלױבט איהם ניט. אפילו מיר אלײן אויך ניט, טראָטץ דעם װאס מיר האבען איהם פריהער געקענט אלס העכסט עהרליכען יונגען מאן.

— אָבער זײן מוטער אלײן האט דאס געזאָגט, אז זיא האלט איהם פיר שולדיג!

— װײל זיא איז דום און האט קײן הערץ און זיא האט עס געטאָהן מעהר אױס פײנדשאפט צו דער מײדיל, צו װעלכער ער שדכן'ט זיך, זיא דײנקט, אז זיא האט איהם אנגערעדט דערצו. װאלט איהר דאס א מאהל געקענט צוגעבען אויף מישעל?

— נײן, קײנמאהל ניט! — האט מישעל געזאגט װײנענדיג און האט דאן פאָרטגעזעצט: איהר האט פיעלײכט רעכט' װערן. דער ארעמער יונגער מאנן האט זײנע שולד ניט צוגעגעבען, פילײכט איז ער אויך אונשולדיג און דיא גאנצע װעלט האט איהם פערשטױסען און קײנער קימערט זיך ניט װעגען איהם!

— דאך, נײן, אײנע קימערט זיך דאך װעגען איהם — האט װערן געענטפערט — דאס ארעמע יונגע מײדיל מיט װעלכער ער האט געװאָלט הײראטהען, דיא קימערט זיך װעגען איהם. זיא איז איהם געבליעבען טרײ און ליעבט איהם װיא פריהער.

— האט מען זיא ניט אין חשד, אז זיא איז זײן מיטשולדיגע?

— געװיס! אָבער דאס איז ניט מעהר װיא פערלײמדונג! — אלס איך בין

פריהער געווען אין יוסטיץ־פּאַלאַסט און האב געוואַרט אויפ'ן לאַנגען קאָרידאָר פאַר דעם ביוראָ פון אונטערזוכונגס־ריכטער, האב איך געזעהן קומענדיג א יונגע פרוי, איינ־פאך געקליידעט אין שווארצען. צוקומענדיג נעהענטער האט זיא אראפגעלאַזען דיא אויגען, פונקט וויא זיא וואלט מורא געהאט מיך צו ברייננען אין פערלעגענהייט מיט איהר בליק. ערשט דאן האב איך זיא דערקענט: דאס איז געווען ליזע!

— דיא געליעבטע פון מארקוס פעליסער?

— זיא אליין! — וועלכע מען האט צוליעב איהם ענטזאגט פון איהר שטעלע וואָס זיא האט פריהער געהאט אין ביוראָ פון אונזער פאבריק. איך האב זיא בעגריסט און געפרעגט: „זייט איהר פון אונטערזוכונגס־ריכטער פאַרגעלאַדען געוואָרען?"

— „ניין" — האט זיא מיר געענטפערט — איך קום אליין בעטען ביים אונטערזוכונגס־ריכטער דיא ערלויבניס צו זעהן זיך מיט מארקוס. איך האב איהר אויסגעדריקט מיינע טהיילנאהמע און בין געגאַנגען ווייטער.

— איך האב מורא, אז דאס קען מיין זאָהן שאדען וואס ער איז בעפריינדעט מיט פעליסער.

— ווער זאָגט אייך, אז מארקוס פעליסער איז שולדיג?

— דאס שרייבען דאך דיא צייטונגען! נאך אלעקסאַנדערס בריעף האב איך בעהאלטען א צייטונג וואָס האט ווייטער בעריכטעט וועגען איהם. דא קענט איהר דאס לעזען.

מאדאם מישעל האט איהם דערלאַנגט א צייטונג אין וועלכער ווערן האט ווייטער געלעזען:

„דיא גנבה פון דיא דיאמאַנטען".

ניט קוקענדיג דארויף וואס מארקוס פעליסער האלט זיך נור ביי איין לייקענען, האט דאס געריכט דאך פאַרטגעזעצט איהר אונטערזוכונג און אין קורצען וועט מארקוס געבראכט ווערען פאר'ן געריכט, אזוי וויא דיא אונטערזוכונג איז שוין צו ענדע.

מאדאם פעליסער, דיא אלטע מוטער פון דעם בעשולדיגטען, האט ניט לאַנג צוריק געהאט מיט איהם א אונטעררעדונג, און האט איהם אויפגעפאָדערט ער זאָל זיך מודה זיין אויב ער וויים, אז ער איז שולדיג. ער האט איהר צוריקגעוויעזען מיט דיא ווערטער, אז אויב זיא וויל דורכאויס איהם מאכען אזעלכע פארשלעגע, זאָל זיא בעסער צו איהם גאר ניט קומען. פון דענסמאָהל אן האט איהם דיא מוטער ניט מעהר געזעהן.

איבעריגענס איז דאס אויך גאר ניט מעגליך געווען אויסצוגעפינען איין־איינציגען

פון דיא געגנב'עטע דימענטען, ניט ביי מארקוס און ניט ביי ליזע מארענהיים, זיין געליעבטער, וועלכע מען האלט פיר זיינע מיטשולדיגע. אבגלייך עס איז ניטא קיין ברעקיל בעוויז געגען איהר. מען האט געזאגט, אז פעליסער איז וואהרשיינליך בעגאנגען דיא גנבה, אום צו האבען מיט וואס צו הייראטהען. אלס דער אונטערזוכונגס־ריכטער האט דאס דעם אנגעקלאגטען ארויסגעזאגט, האט דיעזער איינפאך ארויסגעשאסען מיט א געלעכטער.

איבערהויפט שרייבט מארקוס פעליסער קאטאוועס מיט דיא בעאמטע פון געריכט. דיא ניעדערגעשלאגענהייט וואס ער האט ארויסגעוויעזען אין אנפאנג איז אין גאנצען פערשוואונדען געווארען און ער איז אימער אין דער פריילעכסטער שטימונג און ער וויטצעלט זיך אימער, וויא ער פלעגט טאהן אויף פריהער, אלס ער איז געוועזען פריי. ער איז פעסט איבערצייגט, אז ער וועט פרייגעשפראכען ווערען, וויל מען קען איהם קיין זאך ניט בעווייזען, און ער טענה'ט אימער איין זאך, אז דיא דיאמאנטען־שנור איז געגנב'עט געווארען פון יענעם אונבעקאנטען, וואס האט ביי איהם געקויפט דעם ארמבאנד פאר טויזענד פראנק. אבער וויא פויל דער תירוץ איז, איז צו זעהן דערפון וואס דיא דיאמאנטען־שנור איז געזעהן געווארען אין פענסטער שוין נאכ'ן פארקויפען דאס ארמבאנד און נאך דער צייט וויא יענער „אונבעקאנטער“ איז געוועזען אין מאגאזין.

ליזע מארענהיים, וועלכע איז ענטלאסען געווארען פון איהר שטעלע וואס זיא האט פערטרעטען אין א פאבריק־ביורא אין סאינט־דעני האט פיעל מאהל געבעטען דיא ערלויבניס מיט איהר געליעבטען צו ריידען. עס פערשטעהט זיך, אז איהר איז דיא ערלויבניס ניט געגעבען געווארען, אזוי וויא מען האט פאראויסגעזעצט, אז זיא וויל מאכען געהיימע מיטטהיילונגען דעם געפאנגענעם. זיא שיקט איהם טאג־טעגליך אלערליי זאכען וועלכע ער האט נייטיג אדער צו זיין בעקוועמליכקייט, אבער דיא זאכען ווערען פריהער גענוי אונטערזוכט איידער זיי ווערען איהם איבערגעגעבען. — דערווייל האט מען נאך קיין זאך ניט געפונען.

ווערן האט אוועקגעלייגט דיא צייטונג אן א זייט און מאדאם מישעל האט געזאגט, זיך ווישענדיג דיא אויגען:

— מען האט אלזא נאך גאר קיינע בעווייזע, ניט געגען פעליסער און ניט געגען ליזע, און אזוי איז פיעלייכט אלעס ניט מעהר וויא פערליימדונג און ביידע זיינען אזוי אונשולדיג וויא מישעל.

זיא האט זיך אויפגעהויבען, האט ארויף געווארפען א טוך אויף דיא שולטערן, האט גענומען א הוט און האט געזאגט צו ווערן:

— קומט מיט!

— וואוהין?

— פארשטעהט איהר דען ניט?

— אָ, יא, איך פערשטעה און איך פרייע מיך אויפריכטיג איבער אייער אבּ־זיכט. ווען איהר וואָלט עס אליין ניט געטאָהן, וואָלט איך אייך אליין געבעטען דאס ארעמע מיידיל צו בעזוכען.

— דיא ארעמע ליזע! וויא שווער האט זיא געמוזט ליידען! — האט דיא אלטע פרוי געזאגט, ארויסגעהענדיג פון איהר וואָהנונג, אין דער בעגלייטונג פון ווערן.

— — — — — — — — — — —

כמעט צו דערזעלבינער צייט איז ליזע מאָרענהיים ארויפגעגאנגען לאנגזאם דיא זעכס טרעפּען וואָס האבען געפיהרט צו איהר קליינעס צימערל אויפ׳ן זעכסטען שטאָק. איהרע אויגען זיינען געווען פול טרעהרען, דען זיא האט ניט געקענט פערגעסען דיא הארטע רייד פון אונטערזוכונגס־ריכטער, וועלכער האט איהר ניט געוואָלט טאָהן איהר פערלאנגען צו זעהן זיך מיט מארקוס און האט איהר געסטראשעט צו ארעסטען, אויב זיא וועט ניט אויסזאָגען אלעס וואָס זיא וויים.

— וואס האט זיא דען איבערהויפּט געוואוסט?

אלס ארעמע יתומה איז זיא פון ארעמע לייטע אויפגענומען און ערצויגען געוואָ־רען. איהר פאטער איז געווען חזן און לעהרער אין א יודישער געמיינדע אין עלזאס, און ווען ער האט אריבערגעצויגען נאך פאריז איז זיא געווען נאך גאר א קינד. זיא איז געגאנגען פלייסיג אין שולע. ווען זיא איז אלט געווען 8 יאָהר האט זיא פערלאָרען איהר פאטער און אין נאך צוויי יאָהר איהר מוטער. זיא איז דאַן אויפגענומען געוואָרען פון קרובים. צו 16 יאָהר איז זיא געוואָרען פערקויפערין אין א געשעפט אויף דעם בולווארד דע לא שאפעל, וואו ווערן פלעגט אָפט קויפען זיינע קלייניגקייטען, אלס אלטער בהור, צו זיין טואלעט. דאס מיידיל איז איהם געפעלען געוואָרען אלס אנ־שטענדיגעס און געבילדעטעס קינד און אויף זיין עמפפעהלונג איז זיא אָנגענומען גע־וואָרען אין קאנטאָר פון העררן ערמאָנד, וואו זיא האט געהאט צו פארשרייבען דאס האָלץ וואס איז אריינגעקומען און דיא וואארע וואס איז ארויסגעגאנגען פון פאבריק. אין דער רוהיגער שטעלונג האט זיך ליזע געפיהלט גאנץ גליקליך, בעזאנדערס דערפאר וואס אלע ארום, פון ווערן, מישעל און נינא ביז צו דעם קלענסטען אנגעשטעלטען, האבען זיא בעהאנדעלט מיט אכטונג. דאָרטען האט זיא געמאכט דיא בעקאנטשאפט פון מאָרקוס פעליסער, וועלכער פלעגט אָפט קומען אהין בעזוכען זיין פריינד מישעל.

און וועלכער איז דאָרטען גערן געזעהן און געליעבט געוואָרען פיר זיינע ליעבענסווירדיגקייט און פיר זיינע אנגעבאָרענע פריילינקייט און מוטערוויטץ.

מארקום און ליזע האָבען זיך ליעב געקראָגען און האָבען בעשלאָסען צו הייראַטען, טראָץ דעם וואס זיין מוטער איז געווען דורכאויס דאגעגען דערפאר וואס דאס מעדכען איז אָרעם.

דיא ליעבענדע האָבען נור געוואַרט א גינסטיגע צייט, ווען זיי וועלען האבען עטוואס מעהר אָפּגעשפּאָרט פיר זייער הייראט, און באלד איז שוין זייער צִיעל געווען ערר רייכט, אלס דאס אונגליק איז פּלוצלונג איבער זיי אויסגעבראָכען.

מארקום איז בעשולדיגט געוואָרען אין גנב׳נען דיא דיאמאַנטען און איז געהאַלטען געוואָרען אין געפענגנים זייט מאָנאטע. ליזע, וועלכע איז געווען איבערצייגט אז ער איז אונשולדיג, און האט זיך נים געוואָלט פון איהם ענטזאגען, האט געמוזט אויפגעבען איהר שטעלע אין דער פאבריק פון ערמאָנד. זיא האט אריבערגעטראָגען איהרע צרות מיט מוטה, און האט געדולדיג געלאָזט קומען איבער זיך אלע בעליידיגונגען און שטעכווערטליך פון דיא שכנות ארום, פון וועלכע זיא האט זיך אימער ווייט געהאַלטען. דעם גרעסטען שמערץ האט זיא געהאט דערפון וואס מאדאם מישעל און ווערן, וועמעס פריינדשאפט זיא האט אלע מאָהל געהאלטען אזוי טהייער, האָבען זיך איצטער געהאַלטען פון איהר פון וויטען.

נינאָ האט איהר געהאט געשיקט א בריעף אין וועלכען זיא האט אויסגעדריקט איהר בעדויערן וועגען איהר אונגליק און האט איהר צוגעשיקט א היבשע סומע געלד. ליזע האט איהר געדאנקט פארן בריעף און האט איהר דאס געלד אָפּגעשיקט צוריק מיט דער בעמערקונג, דאס זיא האט נאך דערוויילע אייגענע אָפּגעשפּאָרטע, און ביז דאס וועט זיין פערצעהרט האָפט זיא אנדערסוואו צו געפינען ארבייט.

פון דיא ערשפּאָרניסע האט ליזע געלעבט דערווייל און פלעגט אויך אויסגעבען אויף מאנכע קליינינקייטען פיר איהר געליעבטען מארקום, אום איהם זיינע געפאנגענשאפט אנגענעהמער צו מאכען. זיא איז זאָגאר ענטשלאָסען געווען צו געהן מיט איהר מאַרקום, וואוהין ער זאָל פערשיקט ווערן, אין פאל ווען ער זאָל ווירקליך פעראורטהיילט ווערען, וואס איהר האט אויסגעוויעזען אונמעגליך.

מיט אזעלכע געדאנקען בעשעפטיגט איז זיא אריין צו זיך אין צימער, וואו זיא האט זיך ניט לאנג צוריק געפיהלט אזוי גליקליך זעהענדיג ביי זיך איהר געליעבטען. זיא האט זיך געזעצט ביין אָפענעם פענסטער, פון וואנען זיא האט געקענט בעזעהן דיא אומגעבונג פון פּאריז ביז נאך סאינט דעני. אריבערקוקענדיג אויף דיא חורבות פון דער פאבריה, האט דאס אָרעמע קינד פאר זיך געמורמעלט:

— דיא ארעמע! איצטער זיינען זיי פונקט אזוי אונגליקליך וויא איך!

אין דעם אויגענבליק האט עס געקלאפט אין טהיר. זיא איז אויפגעשטאנען האט דיא טהיר געעפענט און האט ארויסגעלאזען איין אויסגעשריי פון איבערראשונג אלס זיא האט דערזעהן פאר זיך מאדאם מישעל און ווערן.

דיא אלטע פרוי האט געזאגט אין א הערצליכען טאן, רייכענדיג דער מיידיל איהר האנד:

— מיין ארעמעס קינד, מיר קומען מיט אייך צו וויינען — און אונז איינע דיא אנדערע צו טרייסטען.

## 14טעס קאפיטעל.

## צוויי פריינדע פאַרן געריכט.

ווען דער פאָרזיצענדער פון געריכט האט געגעבען דעם בעפעהל אריינצופיהרען דעם אנגעקלאגטען, איז געוואָרען א גרויסע בעוועגונג און א געמורמעל אין געריכטס־זאל, וועלכע איז געוועזען געפאקט פון צושויער, פון הערן און פון דאמען.

דיא צייטונגען האבען דערציילט דאס מעהר אלס דריי טויזענד פערזאָן האָבען נאכגעזוכט צו קריעגען איינלאס־קארטען צו דעם פראָצעס פון מאַרקוס פעליסער, און דעריבער איז דער גרויסער זאל פון פאַריזער יוסטיץ־פאלאסט געווען פול. מען האט געוואוסט אז דער אנגעקלאגטער האלט זיך אין איין לייקענען און שרייען אז ער איז אונשולדיג, און מען האט דעריבער געהאפט אז דיא דעבאטען וועלען זיין אינטערעסאנט.

אויסערדעם האָבען זעהר פיעל פאַריזער דאמען געקענט דאס פראכטפאָלע צווייג־געשעפט פון ראַדאָ אין דער רוע דע לאַ פּיי, וואו מאַרקוס איז געווען דער פיהרער. פיעלע האָבען זעהר אָפט בעטראכטעט דיא דיאמאנטען־שנור אין שויפענסטער, און דיא אלע זיינען נייגיעריג געווען צו זעהן וויא מען וועט פערורטהיילען דעם מאנן וואס האט זיא צוגענומען.

אלע דאמען וואס האָבען געקענט דעם היבשען און פריילאכען יונגען געשעפטס־פיהרער פון יענעם ציערונג־מאגאזין האָבען געזאגט אין איין קול, אז זיי וואָלטען דאס אויף איהם ניט געגלויבט. ער איז אימער געווען אזוי געפעליג, אזוי ליעבענסווירדיג. ער האט עס אזוי גוט פערשטאנען וויא ארייאנצושטעקען א פּאָר דיאמענטענע אָהררינגען צו א דאמע אין אויער, און האט אזוי גוט געוואוסט זייערע מענער אין שפּאַס צו איר־בערצייגען, אז צעהן־טויזענד פראנק איז גאָר קיין געלד ניט פאר אזא ציערונג וויא דיא דאמען פלעגען אויסקלייבען.

ענדליך איז מען אויך נייגיעריג געווען צו זעהן דאס יונגע מיידעל, דיא [illegible]

רענהיים, וועלכע איז איהר געליעבטען געבליעבען טריי טראָץ דעם וואס אלע האָבען זיך פון איהם אפגעשאָקעלט. אויך האט מען געזאגט אז זיא איז זעהר שעהן.

בעזאָנדערס פיקאנט איז געוועזן דערביי וואס ביידע זיינען אידישע קינדער, און אין זאל פון געריכט זיינען ווירקליך געוועזן א גרויסע אנצאהל אידען, פראנצעזישע און אויך איינגעוואנדערטע.

מארקוס פעליסער האט מיט אנשטאנד און גאנץ רוהיג בעטרעטען דעם געריכטס-זאל, און אלע וואס האָבען איהם געקענט פון פריהער האָבען איינער צום אנדערן געזאגט: ער האט זיך גאר ניט פארענדערט.

ער איז געוועזן פון מיטעלן וואוכס, פיין געבויט און קרעפטיג אין געשטאלט. ער האט געהאט איין זעהר אינטעליגענטעס געזיכט, א קליינעם מונד וואס האט אויסגעזעהן אימער וויא מיט א שוואכען שפאָטישען שמייכעלע ארום, א פאָר גרויסע דונקעלע קלוגע אויגען, און א שטארקע נאָז, עטוואס געבויגען, וועלכע האט דערמאהנט פון וואנען ער שטאמט. אים אלגעמיינען האט ער געמאכט א זעהר גוטען איינדרוק אויף דיא פערזאמעלטע אין זאל.

ביי זיין אריינקומען האט זיך מארקוס פארנייגט פארן געריכט און פאר דיא געשווארענע און האט דאן געריכטעט זיין בליק אויף דיא צוהערער און צושויער. ער האט בעמערקט פיעל בעקאנטע, און אזוי וויא פיעלע האָבען געזוכט זיין בליק אויסצרווייכען, האט ער געזאָגט צו זיך אליין: „אָ, דיא דומקעפ!“

דער פרעזידענט האט איהם געפרעגט נאך דער פאָרמע:

— וויא איז אייער נאמען, פאָרנאמען און שטאנד?

— מארקוס פעליסער — ארעסטאנט.

— וויא זאגט איהר?

— איך זאג: מארקוס — — —

— יא, יא, דאס האָב איך געהערט; אָבער איך פרעג אייך נאך אייער שטאנד, אדער ווען איהר ציהט עס פאָר אנדערס צו זאָגען, נאך אייער שטעלונג.

— איך האָב אייך געזאגט, הערר פאָרזיצענדער — האט מארקוס געענטפערט מיט דער גרעסטער רוהע — איך בין איצטער ארעסטאנט, אָדער, ווען איהר ציהט עס פאָר אנדערס צו זאָגען — איין אונפרייוויליגער אומזיסטער פרעסער ביי דער רעגיערונג.

דער גאנצער זאל האט אויסגעבראָכען אין א לויטעם געלעכטער; דער פאָרזיצענדער אליין האט נאָר מיט מיהע געקענט איינהאלטען זיין ערנסטע מיענע אויפ'ן געזיכט. דאן אָבער האט ער געמאכט א בייזע מיענע און האט אויסגערופען:

— אנגעקלאגטער! אין דער גאנצער אונטערזוכונג האט איהר ניט אויפגעהערט צו טרייבען שפאס מיט דיא בעאמטע פון געריכט! איך מאך אייך דארויף אויפמערקזאם, דאס אויב איהר וועט דא אויך אזוי האנדלען וועל איך געגען אייך אנווענדען דיא גאנצע שטרענגע פון געזעטץ פיר מיסאכטונג פון געריכט.

— עס שטעהט ניט אין מיין מאכט אייך אין דעם צו פערהינדערן, הערר פרעזידענט, נור דיא בעמערקונג וויל איך מיר ערלויבען, אז עס וואלט בעסער געווען דיא אונטערזוכונגס-בעאמטע וואלטען ניט געטריעבען קיין שפאט מיט מיין עהרע.

— אנגעקלאגטער, איך ווארן אייך נאך א מאהל.

— הערר פארזיצענדער, ערלויבט מיר נור א פאר ווערטער. — מיר איז אונבעקאנט וואס אין דיא לעצטע מאנאטע איז אין פאריז געשעהן, דען צייט מען האט מיך אפגעשפארט פון דער גאנצער וועלט, האט מען מיר אפילו ניט ערלויבט צו לייענען א צייטונג, וואהרשיינליך, ווייל מען האט מיינע רוהע מיט קיין זאך ניט געוואלט שטערן. אבער מיין געדעכטניס איז דאך נאך ניט אפגעשוואכט געווארען און איך געדיינק, אז אין יענער צייט פאר מיין ארעסט האט מען אין פאריז געהאט וועניגסטענס א טוץ פערברעכען, פון וועלכע דיא טהעטער זיינען ניט געפונען געווארען. — דיא פאליציי וואלט א סך בעסער געטאהן יענע פערברעכער אויסצוגעפינען און זיי אונשעדליך צו מאכען, אלס צו מיסברויכען זייער געוואלט געגען איין אונשולדיגען.

— אנגעקלאגטער, קומט צו דער זאכע!

— איך בין שוין ביי דער זאכע! — געהט ווייטער פארווערטס מיט אייערע פארמעלע פראגען. איך ווייס אז זיינען פארגעשריעבען, און איך וועל מיך בעמיהען אויף זיי צו ענטפערן. איך וועל אייך נאך אפילו פאר'שפארען דיא מיהע זיך נאכצופרעגען, און וועל אייך אלעס זאגען אין פאראויס: — איך הייס מארקוס פעליסער, בין אלט 30 יאהר, און ביז מען האט מיך אהן רעכט ארעסטירט בין איך געווען געשעפטס-פיהרער פון א ציערונג-מאגאזין וועלכעס געהערט דעם הערען ראדא, דעמזעלביגען הערען, וועמען איך וואלט גרייליך וועלען ארויסזאגען וואס איך דיינק וועגען איהם.

— איצטער זאלט איהר ענטפערן נאר אויף מיינע פראגען: זייט איהר פראנצאזע אדער זייט איהר איינגעוואנדערט?

— מיין פאטער האט איינגעוואנדערט אהער פון רוסלאנד ווען איך בין נאך געווען א קליין קינד. איך בין פראנצעזישער בירגער.

— וואס איז אייער פראפעסיאן, אויב איהר האט וועלכע געלערנט?

— איך האב ביז מיין אכצעהנטען יאהר בעזוכט דיא שולע, און פון צייט צו

צייט פלעגט מיין פאטער מיר דערנאָך צרוויזען אין דער אוהרמאַכעריי, אַזוי וויא ער אַלליין איז געוועזען איין אוהרענמאַכער אַ קינסטלער, און אַ פּאָר יאָהר נאָך דעם וויא איך בין ארויס פון דער שולע, בין איך דאַן איינגעטרעטען צו הערין ראדאָ אויף אַ שטעלע.

— וועלכע שולע האט איהר בעזוכט?

— דאס ליצעאום (גימנאזיום) הענרי־קאַטר.

— ריכטיג! — נאכפאָרשונגען האבען בעוויעזען אַז איהר האט ערהאַלטען דיא ערשטע נאַגראַדעס צוזאַמען מיט אייער דאַמאַליגען קאַמראד אַלעקסאַנדער מישעל, מיט וועלכען איהר זייט דאַן געוועזען זעהר פריינדליך, און זייט געבליעבען אויך שפּעטער אין פריינדשאַפט מיט איהם. איז דאס ריכטיג?

— גאַנץ ריכטיג! און איך בעדויער זעהר וואס דער טרייער פריינד איז דאָ היינט ניטאָ. ער קענט מיך בעסער וויא אירגענד איין אַנדערער, און ער וואָלט אייך געוויס אָפען געזאַגט וואס ער דיינקט וועגען דיא בעשולדיגונג געגען מיך. נאַר וואָהר־שיינליך איז ער נאָך ניט צוריקגעקעהרט פון זיין וויטע רייזע, וועלכע ער האט אַנגע־טרעטען מיט איינינע מאָנאַטע צוריק אין אויפטראַג פון זיין שעף.

דיא ווערטער האבען געמאַכט אַ טיעפען איינדרוק אויף דיא צוהערער, וויילע זעהר פיעלע פון דיא אַנוועזענדע האבען געוואוסט, אַז מישעל וועט אין קורצען אויך געשטעלט ווערען פאַר'ן געריכט.

דער פּאָרזיצענדער האט זיך גערעכענט, אַז ער וועט מאַרקוסען אין גאַנצע פער־ווירען ווען ער וועט איהם דערציילען דיא וואָהרהייט און ער האט געזאַגט:

— איהר האט אַ טעות! אייער פריינד מישעל איז דאָ היינט ניטאָ אויס דעם איינפאַכען גרונד, ווייל ער האט נאָך אַ שרעקליכערעס פּערברעכען בעגאַנגען אלס איהר. ער געפינט זיך אויך אין געפענגניס. ווירקליך, איהר מעגט שטאָלץ זיין אויף אייער פריינד!

— וויא?! — האט מאַרקוס אויסגערופען אין העכסטער אויפרעגונג — מישעל אַ פערברעכער!? דאס איז ניט מעגליך! דאס איז ניט וואָהר!

— אנגעקלאַגטער, בערוהיגט אייך!

— וויא קען איך מיר בערוהיגען ווען איך הער וויא מען בעשולדיגט פאַלש דעם עהרליכסטען, טרייעסטען, בעסטען מענשען!...

— איהר דאַרפט זיך זיין ק. יוודע ניט אָננעהמען, ער וועט זיך אַלליין קענען פער־טהיידיגען. איצטער האַנדעלט זיך דאס ניט אום איהם, וואָנדערן אום אייך. — אַלזאָ, דיא נאַכפאָרשונגען וויזען, דאס פון אייער קינדהייט אָן האט איהר געהאַט טאַלענט

צום צייכנען פערציערונגען אח צו 20 יאָהר זייט איהר איינגעטרעטען אין געשעפט פון הערךן ראדאַ, אין פּאַליי־ראָיאַל, וואו איהר פלעגט מאכען דיא צייכנונגען פיר דיא ציערונגען. דערביי זייט איהר אין עטליכע יאָהר געוואָרען א גרויסער מבין אין עדעל־שטיינער און איהר האט זיך ארויפגעארבייט צו דער ערשטער שטעלע אין הערךן ראדאַס געשעפט, און האט זיך ערוואָרבען זיין גאַנצעם פערטרויען — איז דאס ריכטיג?

דיא נייעס וועגען אַלעקסאַנדער מישעל האט דעם געפאַנגענעם אַזוי ערשיטערט, דאס ער האט ניט געקענט קומען צו זיך, און אנשטאט צו הערען וואס דער פּאַר־זיצענדער פון געריכט האט צו איהם גערעדט. זיינע געדאַנקע האבען געשוועבט צו זיין ארעמען פריינד מישעל, פון וועמעס אונגליק ער האט ערשט ערפאַהרען אזוי אונער־וואַרטעט. ער האט זיך דערמאָהנט אן יענע גליקליכע צייט ווען ער פלעגט זיך מיט איהם צוזאמענקומען און זיין הערץ האט זיך איהם צוזאמענגעפרעסט ביי דעם געדאַנ־קען, וויא פיעל דיא ארעמע מאדאם מישעל מוז אויסשטעהן דורך דאס אונגליק פון איהר זאָהן.

דער פּאַרזיצענדער האט מאַרקוסען עטליכע מאָהל געמחט אויפמונטערן, ער זאָל זיך צוהערען וואָס מען רעדט צו איהם.

— געפאַנגענער, זייט אויפמערקזאם! מיר קומען איצטער צו דיא בעגעבענהיי־טען פון יענעם טאָג אן ועלכען דיא דיאמאנטען־שנור איז פערשוואונדען געוואָרען.

— ענדליך! — האט מאַרקוס געזאגט זיך אויפריכטענדיג. ער האט זיך איצטער פאַרגענומען אַלעס צו טאָהן פיר זיינע בעפרייאונג, מיט דער האָפנונג עטוואס טאָהן צו קענען פיר זיין אונגליקליכען פריינד.

— אן יענעם טאָג — האט דער ריכטער ווייטער גערעדט — האט אייך הערר ראדאַ געפרעגט וואו דיא דיאמאנטען־שנור איז אהינגעקומען, ווייל ער האט בעמערקט אז זיא ליעגט ניט אויף איהר געוועהנליכען פּלאַטץ. איהר זייט געוואָרען פערלעגען און האט געענטפערט, אז דיא שנור מוז ליעגען אין שויפענסטער. און ווען מען האט אייך בעוויעזען, אז זיא איז ניטאַ זייט איהר געפאַלען אין אָהנמאַכט. איך פון מיינער־זייט גלויב, אז דאס איז נור געוועזן איין אָנשטעל. איהר האט זיך געמאכט אָהנמעכטיג אום צייט צו האבען דיא זאַך צו איבערלעגען. ווען איהר זייט צו זיך געקומען און מען האט אייך עקזאַמענירט, האט איהר דערציילט פון א „אונבעקאַנטען" קויפער, וועלכער זאָל דיא דיאמאַנטען־שנור האבען געגנב'עט. אָבער מען האט ביז איצטער ניט גע־פונען קיין סימן ניט פון דיא דיאמאַנטען און ניט פון דעם אונבעקאַנטען. גוט, איצטער מחט איהר זיך ענטשליעסען זיך מודה צו זיין. זאָגט אונז וואס איהר האט מיט דיא

דיאמאנטען געמאהן און וואו זיי געפינען זיך איצטער. זאָגט דאס א בעדויערנסווערטהע ליידענשאפט האט אייך געטריעבען צו דעם פערברעכען. איהר האט געוואָלט היי־ראטהען מיט ליזע מאָרענהיים און אזוי וויא איהר האט ניט געהאט דיא מיטעל דערצו, האט איהר זיך געוואָלט פערשאפען דאס געלד פון דעם פערקויף פון דיא דיאמאנטען, דען איהר האט ניט געגלויבט, אז דער חשד וועט פאלען אויף אייך, דאס איהר האט עס געגנב׳עט. איז דאס אזוי, פעליסער? איך פרעג אייך צום לעצטען מאָהל — זייט איהר זיך מודה?

— און איך זאָג אייך צום לעצטען מאָהל, הערר פּאָרזיצענדער, איך בין ניט שולדיג. דאס וואָס איך האב געזאגט אין דער צייט פון דער אונטערזוכונג, אז דיא ריינע וואהרהייט, וועלכע איך דאָ מעהר ניט וויא נאך א מאָהל וויעדערהאָלען. איך האב אָנגעגעבען דיא נאמען פון אלע לייטע וואָס האבען אין יענעם טאָג בעזוכט מיין מאגאזין. קיינער פון זיי האט דיא דיאמאנטען־שנור געוואָלט קויפען אָדער זעהן. געגען זעכס אוהר אבענדס בין איך אליין געוועזן אין געשעפט, דען איך האב דעם דיענער אוועקגעשיקט מיט בריעף צו דער פּאָסט און מיין קאָמי (פריקאזיק) אום אָבצוליעפערן פערקויפער ציערונג צו דריי קונדען.

— גאנץ ריכטיג! איהר האט געוואוסט, אז אייער קאָמי וועט לאַנג אויסבלייבען האט איהר נאך אויך אוועקגעשיקט אייער דיענער אום גאנץ אליין צו בלייבען... דערציילט נור וויטער!...

— צו יענער צייט איז אריינגעקומען אין מאגאזין א פרעמדער, וועלכער שטעהט מיר נאך איצטער פאר דיא אויגען. ער איז געוועזן פון מיטעלן וואוכס, דיק און שטארק און זעהר אומגעלומפּערט. ער האט מיר אויסגעוויעזען וויא איין אויסלענדער, האָטש ער האט געלויפיג גערעדט פראנצעזיש. ער האט פריהער פערלאנגט איך זאָל איהם וויזען רינגען, דערנאך טאשענוואהרען פיר דאמען, אָבער דאס איז איהם אלץ ניט גע־פעלען געוואָרען. ענדליך האט ער אָנגעוויעזען מיט׳ן האנד אויפ׳ן גלעזערנעם שיעב־קאסטען הינטער מיר און האט געפרעגט:

— וואָס האט איהר דאָרטען, אין יענעם קאסטען?

— אָרמבענדער.

— לאָזט מיר זיי זעהן.

איך האב מיך געמוזט אומקעהרען צו איהם מיט׳ן ריקען אום דיא אָרמבענדער ארויסצונעהמען, אין דעם אויגענבליק האט דער מאַן געווים בענוצט אויסצושטרעקען דיא האנד צום פענסטער ביי וועלכען ער איז געשטאנען און אראָפּצוחאפּען דיא דיא־מאנטען־שנור. ווען איך האב מיך אומגעדרעהט צוריק און האב אוועקגעשטעלט דעם

פוטלאר מיט דיא ארמבענדער פאר איהם, איז ער געשטאנען רוהיג אויף זיין פלאטץ. ער האט זיך אויסגעקליעבען איין ארמבאנד, האט בעצאהלט דעם געפאדערטען פרייז פון טויזענד פראנק און איז גלייך אוועקגעגאנגען.

— האט איהר ניט געקענט בעמערקען, אז דיא דיאמאנטען־שנור פעהלט?

— ניין; דער פענסטער איז משופע צום גאס און אום צו בעמערקען, אז עס פעהלט וואס האב איך געדארפט צוגעהן הארט ביין פענסטער און דאס איז מיר ניט אויסגעקומען צו טאהן, אזוי וויא מיר איז ניט איינגעפאלען, אז דארטען פעהלט וואס. גלייך וויא דער פרעמדער איז אוועקגעגאנגען, נאך איידער איך האב צייט געהאט דעם פוטלאר מיט דיא ארמבענדער אוועקצושטעלען אויף איין ארט, איז אריינגעקומען איין אנדער קויפער, איינער פון אונזערע קונדען.

— אה גוט! — האט דער פארזיצענדער געזאגט מיט א בייזען שמייכעל — ווער איז דער קונד געוועזן?

— דער פירסט ווערענין.

— קענט איהר דעם פירסט ווערענין?

— איך קען איהם נור צייט ער איז אנגעקומען אין פאריז. ער פלעגט בעזוכען אונזער געשעפט זעהר אפט און פלעגט יעדעס מאהל קויפען פיינע ציערונג־זאכען. ער איז דער ברודער פון דער גרעפין ברעסטאווסקי, וועלכע איז איינע פון אונזערע בעסטע קונדען.

— איהר האט אלזא פיעל פערטרויען צום פירסט ווערענין און צו זיינע ווארטע?

— אזוי פיעל פערטרויען וויא מען קען האבען צו א קונד וואס קויפט אפט וואארע און בעצאהלט אימער גוט.

— נאטירליך! — איהר בעהויפטעט אלזא, אז צו דער צייט ווען דער פירסט ווערענין איז צו אייך געקומען האט שוין דארטען דיא דיאמאנטען־שנור ניט גע־דארפט זיין?

— אהנע צווייפעל!

— גוט! זעצט זיך! — געריכטס־דיענער! בעט דעם פירסטען ווערענין אריינ־צוקומען.

דער רוסישער פירסט איז איינגעטרעטען אין זאל מיט גרויסער זיכערהייט, האט צוגעשמייכעלט צו פיעלע בעקאנטע וואס ער האט געזעהן אין זאל, האט זיך דאן לייכט פארנייגט פארן פארזיצענדען, וועלכער האט איהם געלאזען שווערן, און האט דאן איהם אויסגעפרעגט דיא פראגען וואס ווערען געוויינליך געשטעלט פון פארמעדזונגען, וויא

נאמען, שטאנד, א. ז. וו. ווען דאס איז געוועזן צו ענדע האט איהם דער פּאָרזיצענדער נעפרעגט:

— קענט איהר מארקוס-פעליסער?

— יא, הערר פּאָרזיצענדער. באלד נאך מיין אָנקומען אין פּאריז האב איך גע־בעטען מיינע שוועסטער זיא זאָל מיר אנווייזען א ראיעלעס ציערונגס-געשעפט, אזוי וויא איך וויל קויפען וועלכע ציערונג. זיא האט מיר עמפּפאָהלען יענעם מאגאזין אין דער רוע דע־לא־פּיי, און זיא האט מיר אויך געזאגט, אז יענעם געשעפט ווערט גע־פיהרט פון א יונגען מאן וואס איז זעהר נעט און ליעבענסווירדיג. צוליעב דיעזע עמפּ־פעהלונג בין איך אהין געגאנגען און האב קענען געלערנט הערען פעליסער, וועלכער איז נאך אזוי פריינדליך געוועזן פיר מיך צו מאכען עטליכע צייכנונגען פיר שמוק־זאכען. איך האב אין דעם הערען אימער געפונען א געשיקטען און זעהר אכטונגסווערטהען יונגען מאן, וועלכען איך וואָלט אויף קיין פאל ניט געקענט בעשולדיגען אזא גנבה בע־גאנגען צו האָבען.

— האט איהר געזעהן אינמיטען שוועסטער דיא שעהנע דיאמאנטען־שנור?

— יא, הערר פּאָרזיצענדער.

מארקוס, וועלבער האט איינגעזעהן וואוהין דער פּאָרזיצענדער ציעלט מיט זיינע פראגען, האט זיך ניט געקענט איינהאלטען איהם צופאָר צו קומען, און האט אויסגע־רופען אין אויפרעגונג:

— מיין פירסט! ניט וואהר, איהר געדיינקט געוויס, דאס ווען איהר זייט צום לעצטען מאָהל ביי מיר געוועזן, האט זיך דיא דיאמאנטען־שנור ניט מעהר איינגעפונען אויפ׳ן פענסטער, אויף דעם געוועהנליכען פּלאץ?

זיך אומקעהרענדיג צום אנגעקלאגטען האט דער פירסט געענטפערט:

— אין געגענטהייל, הערר פעליסער, איך געדיינק גאנץ גענוי אז דיא דיאמאנ־טען־שנור איז נאך דאָרטען געלעגען. איך האב אפילו נאך גערעדט מיט מיין שוועס־טער דער פון אלס איך בין געקומען נאך הויז.

— נו, זעהט איהר, אנגעקלאגטער — האט דער פּאָרזיצענדער געזאגט מיט א טריומפירענדען טאָן — עס בלייבט אייך קיין אנדער אויסוועג ניט וויא זיך מודה צו זיין.

דיא אויסזאגע פון ווערענין האט מארקוסען אין גאנצען וויא בעטייבט, אבער ער האט זיך נאך אמאָהל געווענדעט צו יענעם:

— איהר האט א טעות, מיין פירסט, — דיינקט גוט נאך! עס איז ניט מעגליך אז דיא שנור דימענטען איז נאך דאן דאָרט געלעגען!

— אבער יא, מיין הערר — האט דער פירסט ענטשיעדען ערקלערט — איך האב געשוואָרען צו זאגען דיא וואהרהייט און קען ניט אנדערס זאגען וויא איך האָב געזאגט. — איבעריגענס בין איך איבערצייגט אז איהר וועט דאך ארויס פון דעם פראָ־צעס גערעכטפערטיגט, און איך גיעב אייך מיין וואָרט, דאס קיינער וועט זיך אזוי ניט פרייען איבער דעם, וויא איך:

דער פּאָרזיצענדער האט ענטלאסען דעם פירסט ווערענין מיט דאנק, און האט בעפאָהלען דעם געריכטס־דיענער אריינצובעטען דיא גרעפין ברעסטאָווסקי.

דיא אויסזאגען פון דער גרעפין האָבען פאָלשטענדיג געשטימט מיט דיא אויס־זאגען פון איהר ברודער.

— איך דערמאהן מיך זעהר גענוי, דאס מיין ברודער, נאכדעם וויא ער איז אין יענעם טאָג געוועזען אין מאגאזין פון הערן ראדאָ, אין דער רוע דע־לאַ־פּיי, וואו ער האט פיר מיך עטוואס געקויפט, האט מיר צוריקקומענדיג געזאגט: „איך האב דאָר־טען געזעהן היינט אין פענסטער א וואונדערשיינע דיאמאנטען־שנור.“ — איבעריגענס, הערר פּאָרזיצענדער, מוז איך אויך דאס בעמערקען, דאס נאך מיין איבערצייגונג קען הערר פעליסער אונמעגליך שולדיג זיין, דען איך האלט איהם פיר איין זעהר עהרענ־האפטען מאַן. דאָ איז געוויס איין אירטהום פּאָראַנען און איך ווינש פון הערצען ער זאָל זיך אויפקלערן.

דער געריכטס־פּאָרזיצענדער האט אויך דיא גרעפין ענטלאסען מיט דאנק און האט זיך דאן ווידער געווענדעט צו מארקוס:

— איהר זעהט אלזאָ, אז דיא אויסזאגען פון דיאביידע עדות וועלכע זיינען אייך פריינדליך, ווידערשפּרעכען פאָלשטענדיג אייערע אייגענע אויסזאגען. ווען מען זאָל ניט וועלען אננעהמען אז איהר האט דיא דיאמאנטען־שנור בעזייטיגט, און ווען מען זאָל אויך וועלען גלויבען אז דער „אונבעקאנטער“ פון וועלכען איהר דערציילט האט ווירק־ליך עקזיסטירט, האט דיעזער דאך ניט געקענט האָבען גענומען דיא דיאמאנטען־שנור, אזוי וויא זיא איז געזעהן געוואָרען אין פענסטער שוין נאך זיין אוועקגעהן. עס בלייבט אייך אלזאָ ניט אנדערס איבעריג צו ערקלערען, אז דער „אונבעקאנטער“ איז געוועזען נאך דעם פירסט ווערענין׳ס אוועקגעהן. . .

— ניין, ניין! — האט מארקוס געשריען אין אויפרעגונג — ער איז געוועזען דאן וויא איך האב געזאָגט, און וואס ער קומט ניט היינט פיר איין עדות געגען מיך בע־ווייזט אז ער איז דער שולדיגער. — איהר שמייכעלט? גוט, מיר וועלען זעהן ווער עס וועט לאַכען צולעצט.

דער נעכסטער עדות איז געוועזען ראדאָ.

ער האט ווידערהאָלט וואס אין יענעם טאָג איז פאָרגעפאַלען, ווען דיא דיאַ־מאַנטען זיינען פערשוואונדען געוואָרען, און האט דאן געזאגט:

— ביז יענעם טאג בין איך מיט מארקוס פעליסער העכסט צופריעדען געווען; איך האב מיר קיין בעסערן פערטרעטער פיר מיין געשעפט ניט געקענט ווינשען; ער איז געוועזן געשיקט, קלוג און געשעפט און זעהר עהרליך. זיינע לעצטע האנדלונג קען איך נאר בעטראכטען אלס איינע טהאט אין איין אויגענבליק פון משוגעת. ווען איך האב איהם איבערגעגעבען דיא לייטונג פון מיין יענעם געשעפט, האב איך צו איהם געהאט דעם גרעסטען צוטרויען.

— אזוי? — האט מארטין אריינגעשריען — איהר האט געהאט צו מיר גענוג פערטרויען אום מיר איבערצוגעבען דיא פיהרונג פון א געשעפט וואס איז ווערטה פיעל מעהר וויא א מיליאָן, אבער אזוי שנעל וויא א געגענשטאנד פון 80 טויזענד פראנק פערשווינדעט, בעשולדיגט איהר מיך, אז איך האב עס געגנב׳עט, און מיינע אלע טענות, מיינע אלע פערזיכערונגען אז איך בין אונשולדיג האבען ביי אייך נאר קיין ווערטה ניט. איהר האט אלזאָ נאר אזוי לאנג געהאט צוטרויען צו מיר, וויא לאנג איך האב אייך פערשאפט איינע איינגאהמע. ווען איך וואָלט ווירקליך געוועזן פעהיג אויף אזא זאך וואָלט איך אין פערלויף פון דיא צעהן יאָהר וואס איך האבע ביי אייך גע־שאפט, צעהן מאָהל אזוי פיעל געקענט צונעהמען, וויא פיעל דיא דיאמאנטען־שנור האט בעטראָפען.

הערר ראדאָ האט געהאלטען פיר איבעריג צו ענטפערן דארויף, און האט נאר געציקט דיא אכסלען.

נאך ביז צעהן עדות זיינען אויפגעטרעטען און אלע האבען געזאגט דיא בעסטע מיינונגען איבער מארקוס און זיין כאראקטער. ענדליך האט מען אויך אריינגעפיהרט ליזע מאָרענהיים. דיעזע איז צוגעגאנגען גלייך צו דער אנקלאגע־באנק, האט גערייכט מארקוס איהרע ביידע הענד און האט געזאגט גאנץ שטיל:

— ארעמער מארקוס!

— אָ, איך דאנק דיר פיר דיינע טרייע ליעבע, מיין טהייערע ליזע — האט דער יונגער מאן געענטפערט מיט ריהרונג.

נאך דיא געוועהנליכע פאָרמאלנע בעמערקונגען האט דער פאָרזיצענדער זיך געווענדעט צו דער יונגער מיידיל אין א הארטען טאָן:

— זייט איהר געווען דיא געליעבטע פון דעם אנגעקלאגטען?

— דאס איז צו ביין! — האט מארקוס אויסגערופען אין העכסטער אויפרעגונג צום פאָרזיצענדען.

דיעזער האט געוואָלט זיך זעהר שטארק אָנבייזערן אויף דעם אנגעקלאָגטען פיר זיין בענעהמען, אלס ליזע האט געזאגט צו מארקוס:

— בערוהיג דיך, מיין פריינד, איך ווער ניט רויט איינצוגעשטעהן מיינע ליעבע צו דיר! — און זיך ווידער קעהרענדיג צום פּרעזיצענדען האט זיא צוגעזעצט אין א דרייסטען טאָן:

— יא, מיין הערר, איך בין דיא געליעבטע פון דעם עהרענמאַן, וועלכער איז אומזיסט געקלאגט אין א פערברעכען וועלכע שאדעט זיין נאמען און זיין עהרע, — וואָס וויל מען נאך פון מיר?

— ערשטענס, מיין פריילען, ווינש איך, איהר זאָלט זיך אביסעל צוריקהאלטען אין אייערע אויסדריקע. אייער איצטיגער בענעהמען־זיך קען דעם מאַנן וואָס איהר ליעבט ניט ניטצען. פערגעסט ניט דאס אייער פערהעלטניס צו דעם אנגעקלאגטען גיט דיא בעהערדען א רעכט אייך צו האלטען פיר זיין מיטשולדיגע און אייך אזוי צו בעהאנדלען . . .

— דאס האט מען אויך שוין געטאָהן! — האט דאס יונגע מיידיל געענטפערט אָהן שרעק — מען האט מיך בעשולדיגט, אז איך האלט פערבאָרגען דיא דיאמאַנטען, וועלכע מיין געליעבטער זאָל האבען געגנב׳עט און מען האט מיך געלאָזען פריי נור דאַ־מיט מען זאָל מיך בעסער קענען היטען. אומעטום זיינען מיר שפּיאָנען נאכגעגאַנגען. איך האב עס געוואוסט און האב עס רוהיג אריבערגעטראגען, דען איך האב איין ריינעס געוויסען. איך האב געמוזט אריבערטראָגען בעליידיגונג, ווייל איך האב ניט געהאט ווער מיך זאָל פערטהיידיגען. איך האב דיא גאנצע צייט שווייגענדיג אריבערגעטראָגען אלע ערניעדרונגען; היינט אָבער ערקלער איך אָפען פאר דער גאנצער וועלט, דאס מען האט מיך בעהאנדעלט ניעדערטרעכטיג. איך וועל קיינמאָהל ניט פערגעסען דיא פערהערען אין ביוראָ פון אונטערזוכונגס־ריכטער — וואו מען האט פון מיר געוואָלט ארויסציהען מיט ליסט (חוטראָסט) און כמעט מיט גוואלד איין געשטענדניס, אָבגלייך איך האב ניט געהאט וואס צו געשטעהן (מודה זיין); מען האט מיר צוגעזאגט דאס מען וועט מיך פארשוינען, ווען איך זאָל ענטדעקען דאס געהיימניס; מען האט מיר זאָגאר צוגעזאגט א בעלאָהנונג; ווען איך זאָל בעשולדיגען דעם מאַן וועלכען איך ליעב; אָדער, וויא דער הערר אונטערזוכונגס־ריכטער פלעגט דאס רופען, ווען איך זאָל זאָגען דיא וואהרהייט. נו, גוט! דיא וואהרהייט איז, דאס שווער איך ביי גאָט און ביי מיין ליעבע, — דיא וואַרהייט איז, אז מיר האבען קיינע געהיימניסע ניט איינער פאַר׳ן אנדערן און דאס קיינער פון אונז האט קיין אונרעכט געטאָהן און ניט געטראכט! דעם אבענד פאר דעם אונגליקליכען פאַל האבען מיר פערבראכט צוזאמען, מיר האבען

נערעדט פון אונזער צוקונפט און נעקלעהרט וויא אזוי מען מאכט, אז מארקוסעס מוטער זאָל ניט האבען געגען מיינע ארעמקייט און זאָל אונז ניט מעהר הינדערן אונזער גליק.
— וויא וואָלט עס גאר מעגליך געוועזען, אז אונז זאָל גאָר ארויפקומען דער געדאנקען, צו זיכערן אונזערע צוקונפט דורך איין פערברעכען, דורך א דיעבשטאהל? און צו וואָס האבען מיר עס געדאַרפט טאָהן? יעדער פון אונז האט געהאט א שטעלע און מיר האבען פערדיענט גענוג, צו לעבען נאך אונזערע בעדירפניסע.

ביז אהער האט ליזע מאָרענהיים גערעדט צו דיא ריכטער; אלס זיא האט אָבער בעמערקט, וויא צערשטרייט זיי הערען איהר צו און וויא זיי שמייכלען צו איינער צו דעם אַנדערן, האט זיא אויסגערופען, גאַנץ אויסער זיך פאַר צאָרן:
— אָבער צו וואָס זאָל איך נאך לייגנער ריידען צו מענער וועלכע האבען קיין געפיהל פיר דיא קוועלען פון זייערע מיטמענשען און וויסען נור מענשען צו פער־דאַמען?

זיך קעהרענדיג צו דיא געשוואָרענע האט זיא פאָרטגעזעצט:
— אייך, מיינע הערען, בעט איך, איהר זאָלט זיך נעהמען אונזער שיקזאַל צום הערצען. איהר האט פאַמיליען, איהר לעבט מיט דעם פאָלק און אונטער דעם פאָלק, איהר וועט מיינע פערזיכערונגען גלויבען. אזוי וויא איהר האט דיא מאכט צו שיטצען איין אונשולדיגען פון אונגערעכטער פעראורטהיילונג, בין איך איבערצייגט, אז איהר וועט מיר צוריקגעבען דעם מאַן וועלכען איך ליעב, דען איך שווער אייך נאך א מאָהל: מארקוס פעליסער איז אונשולדיג!

דער פאָרזיצענדער האט דיא רעדע פון דער יונגער מיידיל אונטערבראָכען זאָ־גענדיג בייז:
— גענוג, גענוג, פריילין! איהר מעגט זיך צוריקציהען!

אָלס ליזע האט זיך צוריקגעצויגען האט זיך איין געמורמעל פון בייפאַל אריבער־געטראָגען דורך דאס פערזאמעלטע פובליקום אין זאַל. איהר געזיכט וועלכעס איז פריהער געוועזען אזוי בלאַס איז דורך דיא אויפרעגונג געוואָרען איבערפלויגען מיט א לייכטע רויטקייט, און איהרע שיינע שווארצע אויגען האבען געגלענצט מיט איין אייגענ־טהימליכען פייער, וועהרענד איהרע דונקעל־ברוינע פרעכטיגע לאָקען האבען וואונדער־שיין ארונטערגעהאנגען אונטער איהר איינפאַכען שווארצען הוט. איידער זיא האט דעם זאַל פערלאָזען האט זיא נאך א מאָהל געוואָרפען א לאַנגען ליעבעפאָלען בליק אויף מארקוס און דיעזער האט דעם בליק געענטפערט מיט א דאַנקענדער האנד־בע־וועגונג, פונקט וויא ער וואָלט זאָגען:

— מיין געליעבטע ליזע, וויא זאָל איך דיר דאַנקען פאר אלץ וואָס דוא האסט פון מיינטוועגען געטאָהן און אריבערגעטראָגען!

דער פערהער פון דיא עדות איז געווען צו ענדע.

אונטער דיא צוהערער אין געריכט־זאל האט זיך געלאָזט מערקען א גרויסע אויפרעגונג. ליזע׳ס אויסזאגע האט געמאכט א טיעפען איינדרוק אויף יעדערן, און קיינער האט ניט געצווייפעלט, אז דער פראָצעס וועט זיך ענדיגען מיט דער פריזשפרע־כונג פון אנגעקלאַגטען.

באלד נאך דעם האט דער פראָקוראָר גענומען דאס וואָרט צו בעגרינדען דיא אנקלאגע. — דער פראָקוראָר האט זיך פאנאנדערגעלאָזט אין וויטלויפיגע ערקלערונ־גען און אויסאיינאנדערזעטצונגען, האט גערעדט זעהר פיעל פון מיסברויך פון פער־טרויען, פון פערלעצטען הייליגע פליכטען און פון טרייבבוך און פעררעט. ער האט דיא האנדלונג פון דעם אנגעקלאַגטען פאַרגעשטעלט אזוי שווארץ, דאס ער האט אין איהם ניט איבערגעלאָזען קיין גוטען האָר. ער האט איהם געשילדערט וויא א גרויסען צבויאק, וועלכער האט אונמאָראלישע בעציהונגען מיט איין לייכטזיניגע מיידיל, און וועלכער בעהאנדעלט שלעכט זיין מוטער, וועמען דאס געריכט האט נור אויס שוינונג ניט פאָרגעלאדען.

וועהרענד דער לאַנגער רעדע, האט מארקוס עטליכע מאל געבאלט דיא פויסט און איז אויפגעשפרונגען, פערזוכענדיג צו ענטפערן. ענדליך האט דער פראָקוראָר גע־שלאָסען זיין רעדע מיט דעם אנטראג, צו בעשטראפען דעם אנגעקלאַגטען נאך דער גאנצער שטרענגע פון געזעטץ.

נאך איהם האט זיך אויפגעהויבען דער פערטהיידיגער און האט זיך בעמיהט צו בעווייזען, אז אלץ וואס דער פראָקוראָר האט גערעדט איז פאלש און גענען שכל. — אלס א געוועזענער שול־קאמעראד פון מארקוס פעליסער האט דער געשיקטער אד־וואָקאט געשילדערט אין לעבהאפטע פארבען דאס לעבען פון דעם אנגעקלאַגטען אין דער יוגענד, זיין פלייס און זיין אייפער אין דער צייט וואס ער האט בעזוכט דיא שול, דיא גוטמיטיגקייט און ליעבענסווירדיגקייט פון זיין כאראקטער, וועלכע האט איהם צוגעשאַרט דיא ליעבע פון אלעמען וואס האבען איהם געקענט. ער האט גע־שילדערט זיינע פעהיגקייטען, דורך וועלכע ער האט זיך שוין פריהצייטיג פערשאפט איינע איינגעזעהענע שטעלונג, זיינע עהרליכקייט און שטאנדהאפטיגקייט, וועלכע האַ־בען ארויסגערופען דעם פולסטען פערטרויען פון אלע זיינע בעקאנטע, און דעם פער־טרויען האט ער קיינמאָהל ניט בעטראָגען, און ער האט עס דיעזעס מאָהל אויך ניט געטאָהן, טראָטץ דעם וואָס דער שיין איז געגען איהם.

— עס איז ניט מעגליך, אז מארקוס פעליסער זאָל פעהיג זיין אויף אזא פער־ברעכען, וויא מען בעשולדיגט איהם איצטער! — האט דער פערטהיידיגער אויסגער־רופען אין א טאָן פון איבערצייגונג. — דאַן האט ער מיט זיין רעדע דערוועקט דיא סימפאטהיע פון דיא צוהערער דאדורך וואָס ער האט בעשריעבען וואָס פאר א גוטער זאָהן מארקוס איז אימער געוועזען צו זיינע עלטערן און האט דאַן ווייטער גערעדט פון דער יונגער אנשטענדיגער מיידיל, וועלכע איז פעהיג זיך אויפצואָפפערן פיר איהרע ליעבע און אייזענפעסטע טרייהייט און איז אויך אין אונגליק געבליעבען ערגעבען דעם מאַן וועלכען זיא האט אויסגעוועהלט צו ליעבען.

אין דעם אויגענבליק האט מארקוס אונטערבראָכען דעם אדוואָקאטען מיט דעם פאָלגענדען אויסרוף וועלכען ער האט ארויסגערעדט זעהר לויט:

— רייד זיך נור ניט איין, מיין פריינד, דאס דיא לייטע וויסען אזעלכע זאכען צו שעטצען!

דיעזע אונטערברעכונג האט אויף דיא פערזאמעלטע געמאכט א שלעכטען איינדרוק און אונטער דיא צוהערער האט מען געקענט הערען איין פערדריעסליכעס מורמעלן.

דער פּרעזיצענדער האט דעם געפאנגענעם געמאכט א שטרענגען אויסרייד פיר זיין בענעהמען און האט איהם געווארנט צו זיין רוהיג.

דער פערטהיידיגער האט ערשט נאך א היבשע ווײלע געקענט קומען ווידער צום וואָרט. ער האט נאך א היבשע ווײלע גערעדט און האט געענדיגט זיין רעדע מיט דעם פערלאַנגען, אז דער אנגעקלאגטער זאָל פרייגעשפּראָכען ווערען.

ווען נאך פערלויף פון א שטונדע זיינען דיא געשוואָרענע אריינגעקומען צוריק אין געריכטס־זאַל פון זייער בעראטהונגס־צימער, און נאכדעם וויא אויך דיא ריכטער זיינען ווידער ערשיענען, איז ענטשטאנדען איינע שווערע, שפּאַנענדע שטילקייט אין זאַל.

ענדליך האבען דיא געשוואָרענע אויסגעשפּראָכען זייער אורטהייל: „שולדיג און פערדיענט נאכזיכט“.

מאַרקוס איז פעראורטהיילט געוואָרען צו אכט־יעהריגער צוואנגס־ארבייט. ער האט אויסגעהערט זיין אורטהייל זיך ניט געבענדיג א קרים און האט גע־מורמעלט:

— שלאָפט זיך אייך רוהיג ווייטער, מיינע הערען, איהר האט בעגאנגען ■ רומהייט!

— — — — — — — — — —

עטליכע טעג נאכ'ן פראָצעס פון מארקוס פעליסער האט שטאַטגעפונדען אין דעמזעלבינגען זאל, פאר דעמזעלבינגען געריכטס-האָף, און אויך פאר א גרויסען פובליקום פון דער בעסערער קלאַסע דיא פערהאַנדלונג נעגען אלעקסאנדער מישעל וועגען בראַנדשטיפטונג (אונטערצינדונג).

אונטער דער גאַנצער צייט פון דער אונטערזוכונג איז קיינע נייעס ניט ענטדעקט געוואָרען וועגען דאס פערברעכען. מישעל האט זיך נאָך אלץ געהאלטען ביים לייקענען זיינע שולד; דער אונטערזוכונגס-ריכטער האט געמוזט נאכגעהן דיא ערשטע פאַקטען וואס זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרען ביי דעם ערשטען פערהער, און דיא ווייטערדיגע בעווייזע וואס זיינען גוזאַמעלט געוואָרען זיינען אלץ געוועזן געמאַכט אין דעמזעלבינגען זינן. אבער דער אונטערזוכונגס-ריכטער איז געוועזן איבערצייגט, אז דאס וואס ער האט אנגעזאַמעלט איז גענוג, אום מישעלס שולד קלאָר צו בעווייזען, קיינער האט אויך ניט געצווייפעלט אין דעם וויא דער פראָצעס וועט זיך ענדיגען. מען האט נאר ערוואַרטעט דאס פיעלע אינטערעסאַנטע און פיקאַנטע קלייניגקייטען וועלען זיך ענטדעקען ביים פראָצעס, און דעריבער האט זיך צוזאַמענגעקליבען א זעהר גרויסעס פובליקום.

אונטער דיא אונבעשעפטיגטע אדוואָקאַטען וואס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען, וויא געוועהנליך, אום בייצוּוואוינען דעם פראָצעס, זיינען אויך געוועזן פיעלע וואס האָבען בייגעוואוינט מארקוסעס פראָצעס, און האָבען זיך וועגען דעם אונטערהאַלטען. איינינע האָבען געגלויבט אין מארקוסעס אונשולד, און האָבען ארויסגעהויבען דיא פונקטען, וועלכע האָבען געוויעזען אויף זיין אונשולד. דיא מייסטע אָבער האָבען דערקלערט אז אין זיין שולד איז גאָר ניט צו צווייפלען.

— ער איז א קלוגער יונג — האט איינער דערקלערט — און האט אן אמת'ע אידישע אויסרעכנונג. ער האט מן הסתם בעשטאַטעט דיא דיאמאַנטען מיט דער הילפע פון זיין געליעבטער, ערגעץ-וואו אין א זיכער'ן אָרט, און ווען ער וועט אריבערקומען זיין שטראָף-צייט, וועט ער זיי אין אויסלאַנד ערגיץ-וואו פארקויפען, און וועט דערנאָך לעבען א גוטען טאג צוזאַמען מיט זיין געליעבטער. — איבעריגענס האט ניקלעקט צו זעהן וויא פרעך דער אָנגעקלאַגטער האט זיך בענומען פאר'ן געריכט, אום איהם צו פערטהיידיגען, און איהם צו האַלטען פעהיג אויף אזא פערברעכען. און אויסערדעם, איז דער בעסטער בעווייז פיר זיינע שולד, דאס צייט ער איז פערטהיידיגט געוואָרען איז ער אין דער בעסטער שטימונג, מונטער וויא א פיש אין וואַסער. וויא עס שיינט פרייט ער זיך וואס ער איז אזוי ביליג אפגעקומען.

דיא פאַראויסזעצונגען האָבען געפונען דיא צושטימונג פון דיא מייסטע אנוועז־ענדע; דאן אבער זיינען ערשיענען דיא ריכטער און דאס געשפרעך איז ענטשוויעגען געוואָרען.

פיר מישעל איז דיא סימפּאַטהיע ביים פּובליקום געווען זעהר גרויס, און דיעזע טהיילנאַמע איז נאָך גרעסער געוואָרען דורך דיא ערשיינונג פון געפאַנגענעם און זיין בענעהמען זיך.

זיין געזיכט איז געווען בלאַס, אבער דער ערנסט וועלכע איז אויף איהם געלעגען און דער אויסדרוק פון טרויער האט איהם געמאכט זעהר אינטערעסאַנט. זיינע האָר און זיין באָרד זיינען געווען וויא אימער אין גוטער אָרדנונג. ער האט אויסגעזעהן עטוואס מאגערער וויא אימער און זיין האַלטונג איז ניט געווען אזוי זיכער וויא פריהער.

מישעל האט ביי זיין אריינקומען קיינעם אין זאַל ניט געזעהן, און האט זיך נור בעגריסט מיט זיין אַדוואָקאַט. דאס איז געווען דערזעלביגער אדוואָקאַט וואס האט פערטהיידיגט מארקוס פּעליסער, און וועלכער איז אויך געווען מישעל׳ס שול־קאַמעראַד, און איז מיט איהם גוט בעפריינדעט געווען.

דיא גרעסטע רוהע האט געהערשט אין זאַל אלס דער פּאָרזיצענדער האט דעם אנגעקלאַגטען אויפגעפאָרדערט זיך צו ערהעבען און צו ענטפערן אויף דיא פראגען, וואס וועלען איהם געשטעלט ווערען.

מישעל האט געענטפערט רוהיג, אבער מיט א שוואַכער שטימע, און וועלכער מען האט לייכט געקענט מערקען זיינע אינערליכע אויפרעגונג.

דער פּאָרזיצענדער האט דאן דערציילט, וויא עס פיהרט זיך, דיא לעבענסגע־שיכטע פון דעם אַנגעקלאַגטען אין קורצען, האט בעשריעבען זיינע פעהיגקייטען, זיינע פּאָרטרעפליכע אייגענשאַפטען און אלע אַנדערע פּאָרציגע, און ער האט עס אזוי דייט־ליך געשילדערט, דאס אלע האָבען געמיינט אז ער וויל פּאָרבערייטען צו א פריי־שפּרעכונג.

איינער פון דיא אנוועזענדע אַדוואָקאַטען האט איינגעשושקעט א צווייטען:

— דוא וועסט זעהן, ער וועט באַלד געבען דעם אנגעקלאַגטען א נאַגראַדע פיר זיינע גוטע אויפפיהרונג.

אבער דער פּאָרזיצענדער האט גלייך געענדיגט דיא שבחים, וועלכע ער האט נאר אויסגערעכענט בדי שטאַרקער צו מאַכען דיא ווירקונג פון דעם געגענזאַטץ, וועל־כער האט געדאַרפט קומען צום סוף, דען פּלוצלונג האט ער מיט א שטרענגען טאָן אויסגערופען:

— וויא אין דער וועלט איז עס מעגליך, דאס נאך אזא לויבענסווערטהער יונענד זאָלט איהר פלוצלונג ווערין א פערברעכער!

אלעקסאנדער מישעל, וועלבער איז דיא גאנצע צייט געשטאנען רוהיג, און האט זיך א ריהר ניט געטהאָן, האט אין דעם אויגענבליק ניט־ווילענדיג געמאכט א בעוועגונג און האט שטאָלץ אויפגעהויבען דעם קאָפּ. מען האט געמיינט אז ער וויל ענטפערן עטוואס שארפעס. דער יונגער מאַן האט זיך אָבער וויא עס שיינט איבערלייגט, האט דאן געלאָזען זינקען דעם אויפגעהויבענעם ארעם און האט געענטפערט מיט שטילער שטימע גאנץ רוהיג:

— ענטשולדיגט מיר, הערר פאָרזיצענדער, ווען איך האב אייך אין אייער רעדע געשטערט. איך בין נאך ניט געוואוינט צו דיא אייגענטהימליכע שטארקע ווערטער, וועלכע ווערין פילייכט געברויכט אנטקעגען פערברעכער.

— אָה — האט דער פאָרזיצענדער געמאכט גלייכגילטיג — איך ווייס אז איהר האט ביז איצטער אלעס.געלייקענט, וואהרשיינליך ווילט איהר דא אויך טהאן דאסזעלבע; אבער איך זאג אייך דאס איין אָפענעם געשטענדניס וואלט פאר אייך פיעל בעסער געוועזן.

— איין געשטענדניס!? — עס איז מערקווירדיג וויא מען מאטערט מיך שוין פון צוויי מאָנאטע איך זאָל זיך מודה זיין אויף א פערברעכען וואס איך האב ניט בעגאנגען!

— נו, דאן דערציילט איהר אונז וואס איהר האט געטהאן אין יענע נאכט ווען דאס פערברעכען איז בעגאנגען געוואָרען.

— וואס איז דער צוועק דער פון, איהר וועט עס מיר סיי־וויא־סיי ניט וועלען גלויבען.

— איהר ווילט דערפון ניט ריידען?

— איך זעה ניט איין צו וואס!

— גוט, דאן וועל איך אנשטאט אייך מיטטהיילען דיא בענעבענהייט.

און דער פאָרזיצענדער האט ווידערהאָלט גענוי דעם גאנצען בעריכט וועלכען דער אונטערזוכונגס־ריכטער האט צוזאמענגעשטעלט איבער דעם גאנצען צוזאמענהאנג פון דער זאכע.

אזוי וויא מישעל האט דעם גאנצען בעריכט מיט קיין איינציגען וואָרט אונטערבראָכען, האט זיך דער פאָרזיצענדער שליעסליך געווענדעט צו איהם:

— איהר האט אין דער גאנצער צייט פון דער אונטערזוכונג אימער בעהויפּטעט אז דער צוזאמענהאנג איז ניט ריכטיג; איהר האט זיך געהאלטען ביי איינס, אז איהר

זייט אונשולדיג און האט געזוכט אראפצונעהמען פון זיך דעם פערדאכט און איהם צו
ווארפען אויף דעם „אונבעקאנטען“, מיט וועלכען איהר בעהויפטעט זיך געראנגעלט צו
האבען איינינע מינוטען איידער דאס פייער האט אויסגעבראכען, איידער יענער איז
אנטלאפען פון דעם פלאטץ וואו דאס האלץ איז געלעגען. וויא עס ווייזט אויס איז
דאס דערזעלבינער „אונבעקאנטער“, הינטער וועמעס פלייצע אייער פריינד מארקוס
פעליסער האט זיך געוואלט פערשטעקען. איך וואלט אייך אבער בעסער ראטהען צו
געפינען א בעסערע ארט פערטהיידינונג. דיעזע איז שוין צו אלט און אפגעברויכט;
עס האט אויך מארקוס פעליסער ווייניג גענוצט, דען ער איז טראָצדעם פעראורטהיילט
געוואָרען צו אכט-יעהריגער צוואנגס-ארבייט.

דיעזע נאכריכט האט מישעל איבערגעשראָקען, און ער האט אויפגעציטערט, דען
ער האט פון מארקוס׳עס פעראורטהיילונג נאך קיין האר געוואוסט. ניט-ווילענדיג
האט ער פערגליבען אין געדאנקען מארקוס׳עס לאגע מיט זיין אייגענער, און האט
געזאגט:

— ווען מען האט מארקוס פעליסער פעראורטהיילט, האט מען פערדאמט איין
אונשולדיגען.

ניט אכטענדיג אויף דיעזע ווערטער, האט דער פּרעזיצענדער געזאגט אין א
פערעכטליכען טאָן:

— וויא איך זעה איז יעדער איינער פון אייך ווירדיג דיא פריינדשאפט פון דעם
אנדערן. עס פראגט זיך נאָר ווער פון אייךביידען קען מעהר ליגען זאָגען; מיר וועלען
איצטער אויסהערען דיא עדות און וועלען זעהן אין וויא ווייט זיי בעשטעטיגען דיא אויפ־
שטעלונגען פון אונטערזוכונגס-ריכטער. געריכטס-דיענער, לאזט איינטרעטען דעם
פירסט ווערענין!

ביי דעם נאמען האט מישעל אנגעקוקט פערוואונדערט. ער האט ניט געקענט
בעגרייפען וואס דער רוסע קען נעגען איהם האבען צו זאגען.

אויך דיעזעס מאהל האט זיך דער פירסט בענומען מיט גרויסער זיכערהייט. ער
האט זיך ניט געקענט איינהאלטען ניט צו בעטראכטען גענוי דיא דאמען וועלכע זיינען
געזעסען אין זאל, און דיא דאמען וויעדער האבען אויך בעטראכטעט דעם יונגענדליכען
מאן וועלכער האט אזוי אנציהענד אויסגעזעהן, און האבען אונטער זיך געמאכט בע־
מערקונגען איבער איהם.

דער פּרעזיצענדער האט דעם עדות איינגעשוואָרען און האט איהם דאן גע־
פרעגט:

— זייט איהר פירסט ווערענין?

— יא, הערר פאָרזיצענדער.

— ווילט איהר אונז געפעליגסט זאגען וואס אייך איז בעקאנט איבער דעם אנ־געקלאגטען?

אלעס וואָס איך האב ערפאהרען איבער הערן מישעל, ווייס איך נור פון דיא מיטטהיילונגען פון מיין שוועסטער און פון הערן ערמאָנד, און איך בין פאָלקאָמען איבערציינגט, אז דער יונגער איז ניט שולדיג אין דעם פערברעכען, אין וועלכען ער ווערט אנגעקלאגט.

דיעזע אויסזאגע איז אָנגענומען געוואָרען מיט בייפאל פון דיא צוהערער, דען מען האט עס געפונען זעהר עדעלמיטהיג געהאנדעלט אנטקעגען א געגנער אין דער ליעבע, וויל עס איז שוין געווען איין אָפענער סוד, דאס דער פירסט האט איין אויג אויף פריילין נינא ערמאָנד.

זאָגאר מישעל אליין איז געווען ערשטוינט, נור דער אונערווארטעטער ביישטאנד פון א פרעמדען איז איהם געוואָרען אביסעל פערדעכטיג.

— דערציילט אונז געפעליגסט וואָס איהר האט געזעהן אין דער נאכט ווען דאס פייער האט אויסגעבראָכען — האט געבעטען דער פאָרזיצענדער.

— וויא איך האב שוין פריהער דיא עהרע געהאט מיטצוטהיילען דעם אונטער־זוכונגס־ריכטער האב איך מיך געפונען אין דער פאָרהאלע פון מאשין־רוים, וועלכע איז געווען אומגעוואנדעלט אין א בופעט, אין דער צייט וואָס דאס פייער האט אויסגע־בראָכען אין דעם הינטערסטען טהייל פון הויף, וואו דאס האָלץ איז געלעגען אויפגע־שפייכעלט, ווען דאס פייער האט זיך בעוויעזען האב איך מיך עטוואס פאָרגעבויגען און האב מיך גוט אריינגעקוקט אין מאשינען רוים דורך דעם אויפגעהויבענעם פאָר־האנג וואָס האט יענעם רוים אָבגעטהיילט פון בופעט.

— און וואָס האט איהר דאָרטען געזעהן?

— איך האב דערזעהן הערן מישעל. וועלכער איז א ווילע געשטאנען אונבע־שלאָסען און דאן האט ער זיך א לאָז געטאָהן צום הינטער־גרונד.

— האט איהר איהם גענוי דערקענט.

— גאנץ גענוי. דער רוים איז דורך דעם שטארקען פלאמען־שיין געוואָרען אזוי העלל בעלויכטען וויא אינמיטען טאָג.

דערביי האט אלעקסאנדער מישעל אונטערבראָכען דעם פירסטען מיט דער פראגע:

— ערהינערט איהר זיך אויך גענוי, אז איהר האט געזעהן מיין געזיכט?

— עס פערשטעהט זיך.

דאַ האט זיך מישעל אויפגעריכטעט און ריכטענדיג אויף ווערניין א בייזען בליק פון זיינע פונקלענדע אויגען, האט ער אויסגערופען:

— איהר זאָגט ליגען, מיין העור!

געראַלד ווערניין האט געמאכט א טריט צו מישעל צו און האט אנגענומען א דראָהענדע האלטונג, וועהרענד אין געריכטס־זאַל איז געוואָרען א גרויסע אויפ־רעגונג.

דער פּאַרזיצענדער האט זיך געווענדעט צו מישעל אין א זעהר שטרענ־גען טאָן:

— אנגעקלאַגטער! איהר האט קיין רעכט ניט אזוי גראָב צו בעגעגענען איין עדות!

— און דאָך, העור פּאַרזיצענדער, מוז איך ווידערהאָלען, אז דיעזער העור זאָגט ניט דיא וואהרהייט. ער האט מיין געזיכט אויף קיין פאַל ניט געקענט זעהן, וויל איך האב מיך געהאט פערבאָרגען הינטער א מאַשינע און דערנאָך, ווען איך האב געוואָלט לויפען נאָך דעם הינטער־גרונד, האב איך געהאט פאַרשטעלט מיין געזיכט מיט מיינע בײדע הענד.

דיא אויגענבליקליכע אויפרעגונג פון ווערניין האט זיך דערווײלע געליינט; ער האט זיך אָפּגעקעהרט מיט א שטאָלצע מיענע, זאָגענדיג:

— איך האב מיטלייד מיט דעם אונגליקליכען.

— האלט איהר אייער אנגאָבע וויא איהר האט געזאָגט?

— איך האב ניט וואָס צו ענדערן, וואָס דער אנגעקלאַגטער זאָל ניט זאָגען. איך וויל איהם זיינע ווערטער פערצייהען, ווייל ווען מען איז אזוי לאַנג אין ארעסט מוז מען ווערן נערוועז און געררייצט און עס איז קיין וואונדער ניט.

אלס געראַלד ווערניין האט זיך צוריקגעצויגען איז ערשיענען אלס צווייטער עדות הערר ערמאַנד, וועלכער האט בעשטעטיגט דאס וואָס ער האט שוין פריהער אמאָהל געהאט געזאָגט פאַר׳ן אונטערזוכונגס־ריכטער. ער האט גערעדט פון מישעל׳ס גרויסע פעהיגקייטען, און האט געזאָגט, אז ער וואָלט איהם קיינמאָהל ניט צוגעטרויט אזא פערברעכען.

— און דאָך האט איהר ביי אייער ערשטע אנגאָבע דערמאָהנט, דאס דער אנ־געקלאַגטער האט א העפטיגקען כאַראַקטער און איז א גרויסער כעסן — האט דער פּאַרזיצענדער בעמערקט.

— גאַנץ ריכטיג, הערר פּרעזידענט! ביי אונזער אונטעררעדונג אין דעם פריוו־

מאָרגען פון דעם אונגליקס־טאג האט ער אויסגעבראָכען אין א שרעקליכען צאָרן און האט זיך גענומען סטראַשען...

— דאס האב איך געוואָלט וויסען! — האט דער פּאָרזיצענדער געענטפערט און האט הערען ערמאַנד ענטלאַסען.

מען האט פאָרגעלאַדען מאדאם מישעל, וועלכע האט זיך בענומען פעסט און מוטהיג. נאכדעם וויא דיא פאָרמאַלע פראגען זיינען געוועזן אָראָפּגעפּטרט האט זיא געזאָגט:

— איך וויל מאכען איינע אנגאבע פון וועלכער דאָ איז ביז איצטער נאָך ניט געשפּראָכען געוואָרען. איך טהו עס, ווייל פריילין ערמאַנד האט מיר געגעבען דעם אויפטראַג דאס צו טהאָן. דיעזע יונגע דאמע און מיין זאָהן ליעבען זיך, און נור אום צו זעהן פריילין נינא אין דער צייט פון באַל־פעסט האט מיין ארעמער זאָהן אין יענער נאכט בעטרעטען דיא פאבריק.

— שוויינ, ליעבע מוטער, איך בעט דיך! — האט זיך מישעל געבעטען.

דיא אלטע פרוי אבער האט פאָרטגעזעצט:

— ניין, לאָז מיך נאר ריידען. א מוטער האט דאס רעכט צו זאגען אלעס וואס עס קען דיענען צו דער רעטונג פון איהר זאָהן'ס עהרע. — יאָ, מיינע הערען, עס איז נאר געוועזן איין אונגליקליכער צופאל, דאס גראד אין דערזעלבינער צייט, ווען מיין זאָהן האט זיך איינגעפונען אין דער פאבריק, האט איין אויסוואורף אונטערגעצונדען דעם האָלץ־פּאָרראַטה פון פאבריק.

— רעכט, רעכט, מאדאם, איהר מעגט אייך צוריקציהען — האט דער פּאָרזיצענדער געזאָגט אונפריינדליך.

דיא וויטווע מישעל האט איהם צוגעוואָרפען א בייזען בליק און האט זיך דאן געווענדעט צו דיא געשוואָרענע, און האט אין א העכסט ריהרענדען טאָן צו דיא געזאָגט:

— איך שווער אייך, מיינע הערען, אזוי וואהר וויא איך האָף אַמאָהל זעליג צו ווערן, דאס מיין זאָהן איז אונשולדיג!

— לאָז דאס זיין, ליעבע מוטער — האט מישעל געבעטען — זאָל זיין גענוג!

מיט דעם קאָפּ שטאָלץ אויפגעהויבען האט מאדאם מישעל פאַרלאָזען דעם זאַל אונטער אלערליי בעווייזע פון טהיילנאמע און מיטלייד פון דיא אנוועזענדע.

וערן, וועלכער איז אויפגעטרעטען אלס עדות באלד נאָך דעם, איז געוועזן ווייניגער געפאסט אלס מאדאם מישעל. זיינע אויגען זיינען געוועזן פול מיט טרעהרען, ווען ער האט זיי געריכטעט אויף מישעל.

דורך זיינע אויסזאגען האט נאר געזאָלט בעשטעטיגט ווערען, דאס קיין פרעמ־דער האט זיך אויף יענעם פּלאַטץ ניט געקענט געפינען, אזוי וויא ער, אלס ווערק מייסטער, האט נאך מיט איין אבענד פריהער געמאַכט זיין געוועהנליכען רונדגאַנג דורך אלע רוימען פון פאבריק און האט געפונען אלעס אין אָרדנונג.

אלס ווערן האט פארלאָזען דעם געריכטס־זאַל, איז ער געווען אזוי ניעדערגע־שלאגען, דאס מישעל האט איהם געזוכט אויפצומונטערן א ביסל.

דאן זיינען פאָרגעלאַדען געוואָרען דיא פּאָליציי־אַגענטען וועלכע האבען וויעדער־האָלט דיא געשיכטע וויא אזוי זיי האבען מישעל אַרעטירט און דער צייגען־פערהער איז געווען צו ענדע.

דער פּראָקוראָר פון דער רעפּובליק, וועלכער האט ערהאַלטען דאס וואָרט, האט אָנגעהויבען זיין בעשולדיגונגס־רעדע מיט אזא הקדמה:

— מיט איינינע טעג צוריק בין איך געצוואונגען געווען דאָ אויף דעמזעלבינען פּלאַטץ אָנצורופען דעם שפּיץ פון געזעטץ אנטקעגען א געפעהרליכען פאַרברעכער, וועלכער האט מיט זעלטענער שלויהייט צוגענומען א טהייערעס ציערונג־שטיק וואָס איז איהם אין גוטען פערטרויען געגעבען געוואָרען אונטער זיין אָבהוט (שמירה), און וועלכער האט געהאט דיא פרעכהייט אָהנע גלייבען זיינע שולד צו לייקענען און צו זאָגען דאס איין „אונבעקאַנטער" מאַן האט דיא גנבה בעגאַנגען, טראָטץ וואָס דיא קלאָרסטע בעווייזע פון זיין שולד זיינען געווען אויף דער האַנד. — און קוקט זיך נור איין! דער אַנגעקלאַגטער וואָס שטעהט דאָ היינט פאר אונז האט אויך קיינע בעסערע פערטהיי־דיגונג פיר זיך ניט געפונען, אלס צו וואַרפען דיא שולד פון זיין שווערען פערברע־כען וויעדער אויף דיא ברייטע פּלייצעס פון יענעם וואונדערבאַרען, אונבעקאַנטען מאַנן.

אזוי וויא דיא ווערטער פון פּראָקוראָר האבען אַרויסגערופען פיעל פריילעכקייט ביי דיא צוהערער אין געריכטס־זאַל, האט דער פּראָקוראָר ביי זיך גערעכענט, אז ער האט שוין זיין שפּיעל געוואונען און ער האט ערשט רעכט פאַנאַנדערגעלאָזען אין א לאַנגע רעדע, בעווייזענדיג, וואָס פאר א געפאַהר דאָ שטעקט פאר'ן כלל, ווען מען זאָל ניט בעשטראָפען וויא עס געהער צו זיין דיא יעניגע, וועלכע קענען ניט איינהאַל־טען זייערע ליידענשאַפטען און לאָזען זיך פערפיהרען פון זיי צו פערברעכען.

— וואס זאָל דאס ווערען פון אונזערע גרויסע אונטערנעהמונגען, פון אונזערע פאַבריקען — האט דער פּראָקוראָר געשריען — ווען יענע, וועלכען מען טרויט אָן דיא פיהרונג פון זיי, וועלען זיי אונבעשטראָפט קענען אונטערצינדען דערפאר וואס מען האט זיי ניט אזוי נוהג כבוד געווען? און אז דער אנגעקלאַגטער האט עס געטהאָן, קען נאר

קיין ספק ניט זיין. אויס פערזענליכער ראכע האט ער געוואלט זיין שעף צו גרונדע ריכטען; און ווען דאס איז איהם אפילו ניט געראטהען, ווייל אלעס איז געווען פערזיכערט, זייען דאך הונדערטער ארבייטער געבליעבען אהן ברויט! ווער אבער, פרעג איך, בעצאהלט דיא פערזיכערונגס־קאמפאניע, וועלכע מוז דעקען דעם שאדען? — אן דעם אלעם איז שולדיג אלעקסאנדער מישעל, און ער דארף דערפאר ערהאלטען דיא שטרענגסטע שטראפע. — איך בין איבערצייגט, דאס איהר, מיינע העררען געשווארענע, וועט ארויסבריינגען אייער ווערדיקט „שולדיג“ איבער דעם אנגעקלאגטען, דען איהר וועט דאך ניט וועלען אז דער שיקזאל פון עהרליכע לייטע זאל ליעגען אין דיא הענד פון דעם ערשטען בעסטען אונטערצינדער!

נאך דעם וויא ער האט געענדיגט זיין פלאמענדע רעדע האט זיך דער פראקוראר גאנץ ערשעפפט אראפגעלאזען אין זיין שטוהל, מיט דער מיענע פון א מאן וואס איז פון זיך אליין צופריעדען און וואס וויים אז ער האט גערעטעט דיא מענשהייט פון פערדערבען.

דער בעפריינדעטער אדוואקאט וואס האט מישעל פערטהיידיגט האט דאן אנגעהויבען זיין רעדע און האט געזוכט מיט אלע מעגליכקייט אפצושוואכען דעם איינדרוק וואס דעם פראקוראר'ס רעדע האט געמאכט. אזוי וויא מישעל האט איהם אויסדריקליך געבעטען ער זאל ניט מישען אין דער פערטהיידיגונג דעם נאמען פון פריילייו נינא ערמאנד, האט ער ניט געקענט ריידען פון דעם ריכטיגען גרונד וואס האט אין יענעם אבענד געפיהרט מישעל אין דער פאבריק און האט עס נור אויבערפלעכליך בעריהרט. דערפאר אבער האט ער דייטליך געשילדערט דיא ריינע פערגאנגענהייט פון דעם אנגעקלאגטען און זיינע איידעלע האנדלונג נאך דעם טויט פון זיין פאטער; ער האט בעשריעבען זיינע ניצליכע טהעטיגקייט אין דער פאבריק, וועלכע האט איהם געהאט צו דאנקען פאר איהר בליהענדען צושטאנד. דער אדוואקאט האט אויך געגעבען צו פערשטעהן, דאס דיא אונטערזוכונג איז אין דער אנגעלעגענהייט זעהר שוואך געפיהרט געווארען און איז ניט ריין פון פאראורטהיילען. (דיא ריכטער וויא דער פראקוראר האבען נאטירליך שטארק פאראיבעל געהאט אויף אזא בעמערקונג). ענדליך, צום שלוס, האט דער אדוואקאט געזאגט:

— א פערברעכען איז בעגאנגען געווארען, אין דעם איז גאר קיין צווייפעל ניטא, אבער יענער וואס האט דעם פערברעכען בעגאנגען געפינט זיך ניט איצטער אויף דער אנקלאגע־באנק. אלעקסאנדער מישעל איז אונשולדיג און איהר, מיינע העררען געשווארענע, וועט ערפילען נור אייער מענשענפליכט, און איהר וועט דיעזען עהרענמאנן

בעפרייען און איהם צוריקגעבען צו זיין מוטער און צו אלעמען וואס ליעבען און אכטען איהם!

דיא מיינונגען אין געריכטס־זאל וועגען דעם אויסגאנג פון פראצעס זיינען געווען פערשיעדען. דאן אבער איז אויפגעטרעטען איין אדוואקאט וועלכער האט פערטרעטען דיא פייער־פערזיכערונגס־געזעלשאפט „גאלואז“, וועלכע האט געדארפט צאהלען דעם שאדען. ער האט אנגעהויבען צו בעווייזען דאס אלעקסאנדער מישעל, וועמען ער האט אויך געהאלטען פאר'ן בראנדשטיפטער, האט געוויס געהאט איין אינטערעסע, צו פערניכטען דאס האלץ וואס ער האט איינגעקויפט, ווייל ער האט וואהרשיינליך גע־צאהלט פאר דיא וואארע וועניגער וויא ער האט אנגעגעבען און האט דעריבער גע־דארפט מורא האבען, אז דער בעטרוג זאל ניט ענטדעקט ווערען.

— דאס איז א ניעדערטרעכטיגע פערליימדונג! — האט מישעל אויסגערופען וויטהענד.

אבער דער אדוואקאט פון דער קאמפאניע האט זיך ניט געלאזען שטערען און האט זיך רוהיג גערעדט ווייטער און האט ענדליך געמאכט דעם אנטראג, דאס אלעקסאנדער מישעל זאל זיין פערפליכטעט צו דעקען דער פייער־פערזיכערונגס־געזעל־שאפט דעם שאדען וואס זיא האט דורך זיין פערברעכען געליטען.

נאך א לאנגען ישוב הדעת האבען דיא געוושארענע ארויסגעבראכט זייער ווער־דיקט: שולדיג, אבער פערדיענט נאכזיכט“.

דער געריכטס־האף האט דעם אנגעקלאגטען פעראורטהיילט צו פינף־יעהריגער צוואנגס־ארבייט און האט איהם נאך אויסערדעם דערקלערט פערפפליכטעט צו דעקען דער פערזיכערונגס־געזעלשאפט איהר שאדען.

אלס אלעקסאנדער מישעל האט אויסגעהערט דעם אורטהייל, האט ער אויס־געשריען מיט א לויטער שטימע:

— מיר איז געשעהן איין אונרעכט! איך שווער אייך נאך א מאהל, אז איך בין אונשולדיג!

**ענדע פון ערשטען טהייל.**

---

# ליעבע און מיליאָנען

— אָדער —

# דורך פייער און אייזערנע קייטען.

## אַ ראָמאַן.

פריי בעארבייטעט נאך דעם פראנצעזישען פון

### ל. זאָלאָטקאָף.

---

### צווייטער טהייל.

---

### 1טעס קאפיטעל.

### פריינדע אונטער מאַסקעס.

אונטער דיא לעצטע וואָס האבען פערלאָזען דאס געריכטס־זאל נאכדעם וויא מישעל'ס פראָצעס איז געווען צו ענדע, זיינען געווען צוויי הערען, וועלכע זיינען דיא גאנצע צייט פון דיא פערהאנדלונג געזעסען אין דיא ערשטע רייהע און האבען מיט דער גרעסטער שפאנונג צוגעהערט דיא פערהאנדלונגען. בעזאָנדערס אויפמערקזאם האבען זיי צוגעהערט דיא אויסזאגען פון פירסטען ווערעניך און זיין שוועסטער און האבען זיך, אין דער צייט וואָס יענע זיינען געשטאנען פאר'ן געריכט, צוגעוואונקען איינע דעם אנדערן און פון צייט צו צייט זיך אויך עטוואס איינגערוימט אין אויער.

— אלזאָ, פריינד, וואָס דיינקסטו פון דער געשיכטע דאָ? — האט געפרעגט איינער פון דיאביידע הערען —, דוא ביזט דאָך געווען ביי דער פראגע פון ערשטען אקט אָן און ווייסט וואָס דאָ איז פאָרגעגאנגען — האָסטו שוין אויסגעפונען דעם צר זאמענהאנג וואָס דיא שיינע פאָר, שוועסטער און ברודער, האבען צו טאָהן מיט דיא פערברעכען, מיט דעם גנב'ענען דיא דיאמאנטען־שנור, און מיט דעם אונטער־צינדען?

— ליידער נאך ניט! — האט געענטפערט דער אנדער — אָבער איך בין אי־בערצייגט, אז איך וועל עס געפינען. איך בין געשטאנען דערביי וויא דיא פאבריק איז אויפגענאָנגען אין פלאַמען, איך האב געזעהן דעם בראַוען מישעל, וויא ער האט גע־רעטעט זיין געליעבטע מיידיל, און האב גוט בעאָבאַכטעט דאס בענעהמען זיך פון ווערנין מיט זיין שוועסטער. איך בין איבערצייגט, אז זיי זיינען שטארק פערבונדען מיט דעם פערברעכען, פיעלייכט אליין דיא טהוער פון דעם פערברעכען, אָבער וויא אזוי, ווער איז געוועזן זייער אינסטרומענט, קען איך ליידער ניט אויסגעפונען; און דאס איז דיא הויפטזאכע.

דער לעזער האט געוויס שוין דערקענט אין דיאביידע העררען דעם איטאליע־נישען מארקיז אנטאָניא ד'אמבראזיני, אָדער באַרסקי און זיין פריינד פעדעראָוו, וועלכער איז געוועזן גאנץ גלאט ראזירט, און האט געטראָגען דיא קליידונג פון א קאַ־טוילישען גייסטליכען.

— איך האב אזוי פיעל געהאָפט אויף דיא ענטדעקונג! — האט זיך פעדעראָוו בעקלאגט — איך האב גערעכענט, דאס אזוי שנעל וויא מיר האבען אין אונזערע הענד דיא בעווייזע פון זייער פערברעכען, דאן קום איך ארויף צו דער געוויסענלאָזער גרעפין און רייס מיט געוואלד ארויס מיין קינד פון איהרע קראַלען. קיין אנדער וועג קענען מיר גאָר ניט האבען. מיר קענען געריכטליך נור איבערווייזען, אז זיא האט מיין קינד און מען זאָל פּרובירען עטוואס טאָהן געגען איהר, קען זיא פערשווינדען און צוזאמען מיט איהר וועט פערשווינדען מיין האָפנונג א מאהל צו זעהן מיין קינד.

— האסטו געגוג געזוכט אין דיא פּאנסיאָנען און קינדער־אנשטאלטען?

— איך גלויב, אז אין דיא לעצטע אייניגע מאָנאטע האב איך ניט דורכגעלאָזען קיין איינציגען פּאנסיאָן אָדער קינדער־אנשטאלט, וואו איך זאָל האבען נאכגעפרעגט. אָבער מיינע ארבייט איז אומזיסט.

— דאס איז אויך קיין וואונדער ניט! אָלגא וועט דאך ניט זיין אזוי דום אריינ־צוגעבען דאס קינד אין איין אנשטאלט אונטער זיין אייגענעם נאמען אָדער אונטער איהר נאמען. געוויס האט זיא געשיקט איין אַנדערן מיט דעם קינד, עס אריינצוגעבען אין א פּאנסיאָן, אונטער א פרעמדען נאמען און דעריבער איז עס אזוי שווער זיך צו דערפרעגען.

— דאס קען זיין גאנץ ריכטיג, אָבער דערווייל זינקט מיר דער מוטה אלץ מעהר און מעהר און מיין האָפנונג אויסצוגעפינען מיין קינד אליין ווערט אלץ שוואכער. דוא ווייסט וואס מיר פאלט א מאהל איין, מיין פריינד? פיעלייכט וואלט א מאהל גלייך געווען איך זאָל אליין ארויפגעהן פּלוצלונג צו אָלגא און פאָדערן פון איהר מיין

קינד. פיליכט ווען איך וועל איהר פערשפּרעכען דאס איך וועל איהר ניט פערפאַלגען, וועט זיא עס מיר צוריקגעבען, אויב אונזער פּאָראויסזעטצונג איז נאר ריכטיג, דאס זיא האט מיין קינד, אדער ווייס וואו עס געפינט זיך. וואס דיינקסטו דערצו מיין פריינד? דוא שווייגסט?

— ניין, איך טראכט. איך קען ניט אויפהערן צו קלערן, ווער איז דער „אונבעקאַנטער“ אויף וועלכען מארקוס פעליסער האט געוואָרפען דיא שולד, און היינט וויעדער האט מישעל בעשולדיגט אין אונטערצינדען? און וויא קומט עס וואס גראד אין דיאביידע פּראָצעסען שפּיעלט ווערענין א ראָלע, און אימער נאר אזא ראָלע וועלכע פארענטפערט דעם „אונבעקאַנטען“ און ווארפט דיא שולד אויף דיא אנגעקלאַגטע. מיר פאלט איין א געדאנקען, צו איז ניט יענער אונבעקאַנטער דיא זעלביגע פּערזאָן וואס דער בעלגיער מילמאַן.

— דאס איז זעהר ביין וועג, און איך אליין האב דאס געוואָלט זאָגען איידער דוא האָסט ארויסגערערט דעם נאָמען; ווער איז אבער מילמאַן?

— דאס איז וואס מיר זוכען שוין מעהר וויא א יאָהר צייט, און מיר האבען קיין ערפאָלג. וואס מיר וואונדערט איז, דאס דיא וויענער פּאָליציי האט נאך אפילו קיין ברעקיל שפּור פון איהם ניט געפונען. איך גלויב אז מיר האָבען געטהאָן א גרויסען אונרעכט וואס מיר האָבען דאָרטען דיא פּאָליציי ניט אויפמערקזאם געמאכט אויף ווערענין מיט זיין שוועסטער.

— דאס וואָלט פערשאַפט זעהר פיעל קריינקונג דעם גענעראַל און אויך מיר, און איך וואָלט עס בעטראכט פיר איינע בעליידיגונג פיר דיא עראינערונג פון מיין אונגליקליכער מאריע, ווען אָלגא, איהר געוועזענע פריינדין, זאָל ארייגפאלען אמאָהל אין דיא הענד פון דער פּאָליציי, אָדער זאָל ווערן בעקאַנט אלס פערברעכערין.

— איך האב אבער מורא אז דאס וועט ענדליך דאָך אמאָהל דערצו קומען — האט בארסקי געענטפערט — לויט וויא מיר וויסען לעבט זיא אין פּאַריז אויפ'ן ברייטען פוס אויפ'ן חשבון פון יענעם נארען, גוסטאַוו ערמאַנד, וועלכען זיא האט שוין געוויס אויסגעזייגט. איצטער האט זיין פאבריק אפּגעברענט, און ער קריעגט א גרויסע מאסע געלד פון דער פערזיכערונגס-געזעלשאַפט, און ווערענין העלפט איהם דערצו... דיא זאכע איז ניט גלאַט.

— דוא ווילסט דאָך ניט זאגען אז ווערענין האט אליין אונטערגעצונדען און ער איז דאס אליין דער „אונבעקאַנטער“ אין ביידע פערברעכען.

— דאס ניט; איך בין אליין געוועזן אויפ'ן באַל און בין געוועזן אין בופעט אין דער צייט ווען דאס פייער האט אויסגעבראָכען; איך האב איהם ניט ארויסגעלאָזען

פון מיינע אויגען דיא גאנצע צייט, אזוי וויא דוא ווייסט דאס גאר צוליעב איהם און זיין שוועסטער בין איך אהין געגאנגען. איך האב בעמערקט, דאס שטעהענדיג אין בר פעט־רוים האט ער זעהר אָפט אָנגעשטרענגט זיין בליק און האט אריינגעקוקט אין דעם דונקעלן מאשינען־רוים, פונקט וויא ער וואָלט ערווארטעט דאָרטען איינעם צו דערזעהן. צוליעב איהם האב איך אויך אריינגעקוקט אהין, אבער איך האב קיין זאך ניט געזעהן, און דארין זיינען פיליכט מעהר שולדיג מיינע בלויע ברילען וואס איך האב געטראגען דאן אזוי וויא איצטער, און בין נאך דאן פיעל וויינינגער געוואוינט געווען צו זיי וויא יעצט. דאס קען אָבער ניט זיין אז ער זאָל האָבען דיא קלייניסטע אהנונג דאס מישעל וועט אהין קומען, ערשטענס דערפאר וואס ער האט מישעל נאך פריהער ניט געהאט געזעהן קיינמאָהל, און צווייטענס, ווייל מישעל האט עס געוויס ניט אונטערגעצונדען און איז אונשולדיג. ער אָבער האט געוויס ערווארטעט דעם אונטערצינדער — אלזא, ווער איז דיעזער געווען? מישעל האט איהם אפגעמאָהלט אויפ'ן געריכט אלס א מיטעל־גרויסען, שטארק־געבויטען מאן, וועלכער האט פיעל קראַפט. מארקוס פעליסער האט פונקט אזוי אפגעמאָהלט דעם „אונבעקאנטען" וואס האט ביי איהם געקויפט דעם ארמבאנד; אונז האט מען דאָרטען אים קינדער־פריוט ביין פראַמער אין וויען פונקט אזוי געשילדערט דעם בעלגיער מילמאַן — אלזא, ווער איז ער?

— דאס איז מערקווירדיג שארפזיניג און קלאָר געאורטהיילט — האט פעדאָראָוו געזאָגט ניט אָהנע ערנסט — און איך זאג דיר מיין פריינד, אז ווען דוא וואָלסט ניט געווען אזא געשיקטער מאהלער וואָלט דיא בעסטע פּראָפעסיאָן פאר דיר געווען — דירעקטאָר פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי. אבער דוא ערווארטעסט דאָך ניט פון מיר אז איך זאָל דיר פארענטפערן דיא פראגע; איך וואָלט זעהר פיעל גיגעבען ווען איך זאָל דאס וויסען.

— דוא פלעגסט דאָך אבער אמאָהל קומען יעדען טאג צום 'גענעראַל אין הויז אין פעטערסבורג, און האסט נאכהער געלעבט מיט מאַריע. ניט־שוין־זשע ווייסטו ניט פון וועלכע פריינדע וועלכע אָלגא האט דאן געהאט, בעקאַנטע, אדער דיענער, וועלכע זאָלען איהר זיין ערגעבען און זאָלען איבערהויפט פעהיג זיין אויף אזעלכע שענדליכע זאכען.

פעדאָראָוו האט א היבשע ווייל געטראַכט און האט דאן געענטפערט:

— אזוי וויט וויא איך קען מיך עראינערן איז אין פעטערסבורג געווען דעם גענעראַלס קאמערדיענער וואס איז אָלגא'ן געווען זעהר ערגעבען, און דיעזער קאַמער־דיענער האט אויך געוואוסט פון אלע סודות. ער האט געהייסען פוכארין — —

— האלט, האלט! — האט בארסקי אויסגערופען האסטיג — האסטו איהם אמאָהל געזעהן?

— געוויס, ער האט דאס מיר געהאט געבראכט מיין מאריע איבערן גרענעץ, וויא זיא איז אנטלאָפען פון אונטער איהר פאטערס שוטץ, פון דער פּאָראָליער אי־מיעניע.

— וויא זעהט ער אויס!?

— אלע טייפעל, דוא ביסט דער געשיידסטער יונג וואס איך האב אין מיין לע־בען געזעהן! ער איז פון מיטעלן וואוכס און שטארק און דיק!...

— דאס איז דער „אונבעקאנטער!"

— ניט שוין־זשע איז ער אין פּאריז?

— אויב ער איז איצטער ניטאָ, איז ער מינדעסטענס דאָ געווען.

— אלזאָ, וואס איז דיין ראטה איצטער צו טהאָן?

— איך דיינק אז דאס בעסטע איז מיטצוטהיילען דער פּאָליציי דאס וואס מיר וויסען, און וואס עס האט זיך ניט איינגעגעבען דער ווינער פּאָליציי, קען זיין וועט זיך איינגעבען דער פּאריזער.

— אבער דאן וועט ווידער דער נאמען פון גענעראל מארושקין און דער נאמען פון מיין אונגליקליכער מאריע קומען אין דיא עפענטליכקייט צוזאמען מיט דיא נעמען פון אזעלכע גליק־זוכער וויא דיא גרעפין מיט איהר ברודער, און מיט אזא פערברעכער וויא פּוכארין.

— דאס האָב איך דיר שוין געזאָגט, מיין פריינד, אז דוא קענסט דאס ניט פערהיטען.

— דיינקסטו ניט, אז עס וואָלט גלייך געווען, איך זאָל פּלוצלונג ערשיינען אליין פאר אָלגאַ און איהר זאגען וואס איך וויים וועגען איהר און איהר ברודער, און פּאָר־דערן פון איהר מיין קינד, אויב זיא וויל ניט איך זאָל איהר אויסליעפערן אין דיא הענד פון דער פּאָליציי?

— ניין, פריינד, דאס וועט פּארדאָרבען אלעס. אויב פּוכארין איז אין פּאריז וועט ער געוויס פערשווינדען, און אונזער הויפּט־פּערזאָן וועט פון אונז צוגענומען ווערען, אָהן איהם ווערט פערניכטעט דער גאנצער צוזאמענהאנג; אויך וועט דער ברודער און דיא שוועסטער וויסען בעסער זיך צו היטען. אים ערגסטען פאל וועלען זיי אויך פּאר־לאָזען פראנקרייך. דיא שוועסטער איז רייך, און וויא מען מורמעלט האט זיא אויסגע־זויגען ביז צוויי מיליאָן פון איהר נאררען. מיר מוזען זיין פּאָרזיכטיג.

— דאן זאָל איך פּיליכט צו איהר קומען און איהר קיין זאך ניט זאגען פון אלעם

וואס איך ווייס, נאר איינפאך ריידען איהר אין געוויסען אריין און פערלאנגען זיא זאל מיר צוריקגעבען מיין קינד, וועלכעס קען איהר קיינע נוטצען בריינגען. איך וויל איהר זאגען, דאס איך פאָרדער דאס ניט פון איהר געריכטליך, אום ניט צו בעשמוטצען דאס אנדענקען פון מאריע, אויב זיא וועט מיר אבער ניט געבען מיט גוטען דאן וועל איך עס מוזען טהאָן, און איהר ראָלע אין פאריז אלס גראנד־דאם (גרויסארטיגע דאמע) וועט מוזען אויפהערן.

— דאס, זעהסטו, איז שוין א בעסערער פּלאַן, אבער דוא מוזט אומבייטען דיינע קליידער. דוא דארפסט ערשיינען פאר איהר אלס דער געוועזענער מאקסים פעדעראָוו, און זיא זאל קיין געדאנקען האָבען אז דוא ביסט שוין זייט מאָנאטע אין פאריז, נאכ־שפירענדיג איהר. זיא דארף ניט וויסען אז איך בין דאָ.

— דאס פארשטעהט זיך.

— דוא דארפסט איהר געבען צו פערשטעהן, אז גענעראל מארושקין וויא דוא וויסען בעשטימט, אז דאס קינד איז אונטער איהר האנד און דאס איהר ציעל צו האָ־בען אין האנד דעם יורש פון מארושקין'ס פערמעגען וועט זיא קיינמאָהל ניט עררייכען. גענעראל מארושקין וועט קיינמאָהל ניט לאָזען זיין פערמעגען פיר איין אייניקעל, פון וועלכען ער ווייס ניט און וועמעז ער האט קיינמאָהל ניט געזעהן און דאס זיא וועט קיינע נוטצען ציהען פון דעם פערברעכען צו רויבען א קינד פון זיין פאטער.

— דאס וועל איך מיר אלעס מערקען.

אזוי ריידענדיג זיינען דיאביידע פריינדע געקומען צום פּלאַס־דע־לא רעפּובליק, וואו זיי האבען גענומען א וואגען און זיינען אוועקגעפאָהרען צו זייער וואָהנונג, צום סעקרעטער פון דער איטאליענישען געזאנדשאפט.

— — — — — — — — — — —

עס איז געווען איינינע טעג נאך דעם וויא אלעקסאנדער מישעל איז פעראור־טהיילט געוואָרען, ווען דיא גרעפין ברעסטאָוסקי איז געזעסען אין זאל פון איהר וואָה־נונג פערנומען מיט איהר ברודער אין זעהר א טיעפען געשפרעך. ערמאָנד איז געווען אוועקגעפאָהרען אין זיינע געשעפטען מיט דער פייער־פערזיכערונגס־קאָמפּאניע, וועלכע האט נאך אלץ געמאכט שוויעריגקייטען מיט'ן אויסצאָהלען דיא פיער מיליאָן פראנק, וועהרענד נינא איז געזעסען איינגעשלאָסען ביי זיך אין צימער און האט קיינעם ניט עמפפאנגען און איז אויך ניט ארויסגעגאנגען אין ערגעץ.

דיעזע שמונדע האט אָלגא בענוצט אום צו האבען מיט איהר ברודער א און־טער־רעדונג וועלכע זיא האט וואָהרשיינליך געהאלטען פיר זעהר וויכטיג. אזוי

מינדעסטענס האט עס אויסגעוויעזען פון דעם אויפגערעגטען צושטאנד אין וועלכען זיא האט זיך געפונען.

— ביזטו זיכער אז דיא דיאמאנטען זיינען אין א זיכערן פּלאץ? — האט דיא גרעפין געפרעגט איהר ברודער — און דאס דיא פּאָליציי וועט ניט געפינען קיין שפּור פון זיי?

— איך בין גאנץ זיכער און אויב דוא ווילסט איך זאָל דיך אויך זיכער מאכען, דאַן הער אויס דיעזען בריעף וואס איך האב ערשט היינט ערהאלטען פון פּוכארין, אויס אמסטערדאם.

דאס זאָגענדיג האט גערהאַלד ווערנין ארויסגענומען א בריעף פון זיין ברוסט־טאשע און צוגעהענדיג נעהענטער צו דער קרוין־לאמע האט ער געלעזען:

מיין גנעדיגער פירסט:

איך האב דיא איבעריגע קאָרן פערקויפט פיר 40 טויזענד פראנק און פאהר נאך היינט ארויס נאך מיין בעשטימונגס־פּלאץ אום ווידער אנצוטרעטען מיין שטעלע. לעבט וואָהל! אייער גאנץ ערגעבענער — פּושקאָוו.

— דוא האסט דאך מיר אבער געזאָגט דאס א טהייל פון דיא דיאמאנטען גע־פינען זיך נאך ביי דיר?

— ביי מיר וועט דיא פּאָליציי קיינמאָהל ניט קומען זוכען און איך וועל זיי ניט־טראָגען פערקויפען.

— צו וואס אָבער האסט דוא זיך און מיך גערארפט שטעלען אין געפאהר, דאַן ווען דיר איז ניט קיין נויט? דוא האסט מיך דאָ און דיא ווייסט, אז איך בין ניט ארעם.

— אָבער, מיין שוועסטער, איך וויל אויך אליין האבען! מיר איז ניט אנגענעהם צו קומען צו דיר יעדעס מאָהל בעזונדער נאך עטליכע טויזענד לומפּיגע פראנק, יעדעס מאָהל ווען איך דארף זיי האבען. איבעריגענס מעגסטו זיכער זיין, אז פון מיין זייט וועט קיין געפאהר ניט קומען. דוא זעהסט, אז איך מאך מיינע זאכען זעהר געשיקט און היינט־מאָרגען וועט דער נאר ערהאלטען דיא פיער מיליאָן פון דער פייער־פערזי־כערונגס־געזעלשאפט. עס איז פיעל מעהר מורא צו האבען, אז דיא געפאהר זאָל ניט קומען פון דיין זייט.

— וואָס מיינסטו דערמיט?

— איך מיין דיא בייזע געשיכטע מיט דעם קינד. איך האב ערשט ערפאהרען פון דיין דייטשקע מארטהא דאס ביי מאדאם זשאמען אין פּאנסיאָן האט מען זיך נאכ־געפרעגט אויף א רוסיש קינד. זיא איז געוועזען היינט ביי מאדאם זשאמען און יענע האט

איהר דערציילט, דאס א מאן איז געקומען פרעגען, אויב זיא האט ניט אין פאנסיאן וועלכע רוסישע קינדער, אדער איבערהויפט אויסלענדישע. אלס זיא האט איהם ערקלערט דאס זיא האט איין דייטשעס קינד מאיערמאן האט ער עס פערלאנגט צו זעהן. מאדאם זשאמען האט איהם געענטפערט דאס דיא קינדער זיינען גראד אויסגעגאנגען שפאציערען, ווייל היינט איז זעהר שיינעס וועטער, דאן האט ער געפרעגט אויב דאס קינד איז ניט אריינגעגעבען געווארען אהין אין פאנסיאן פון א בעלגיער מילמאן. אלס מאדאם זשאמען האט איהם געענטפערט, אז דאס קינד געהערט צו א דייטשער פאמיליע האט ער געזאגט אז ער מוז נאך אריינקומען אום עס צו זעהן.

— איז דאס מעגליך!? — האט אלגא אויסגערופען גאנץ ערשראקען.

— דוא קענסט דאס הערן פון מארטהא נאך אמאהל.

— דאס איז זעהר שלעכט! מארגען גאנץ פריה מוז דאס קינד צוגענומען ווערען פון פאנסיאן און אונטערגעבראכט ווערען אין א זיכערן פלאטץ.

— און איך וואלט דיר בעסער געראטהען, אז דוא זאלסט לאזען דאס קינד צר נעהמען פון דארטען דורך דעם מאן וואס זוכט. שיק אוועק פון דאנען דיא אומזיסטע פרעסער וואס ליעגען דיר אויפ'ן קארק, דיא מארטהא מאיערמאנן מיט איהר מאנן דעם שכור, און לאז דאס קינד געהן צו דעם, וועמען עס געהערט, דאן וועסטו זיכער זיין פון פערראטה און פון געפאהר.

— דאס קען איך ניט טהאן! האט דיא גרעפין געענטפערט.

— דוא קענסט ניט? איך וואלט וועלען וויסען ווארום? דיא האפנונג אמאהל אויסצוניטצען דאס קינד אלס יורש פון מארושקין מעגען מיר איצטער אויפגעבען. דער גענעראל האט אונז פאר דער צייט דערקענט און ער וועט זיך וויסען פאר אונז צו באווארענען. אלזא, בעסער גיעב צוריק דאס קינד און לעב רוהיג.

— קיינמאהל ניט, ווען איך זאל וויסען אז איך זאל דארפון בעצאהלען דערפאר מיט דעם בלוט פון מיין הערצען.

גנעראלד האט געוואלט ענטפערן, אלס דער קאמערדיענער איז איינגעטרעטען און האט אנגעמעלדעט:

— איין הערר מאקסים פעדאראוו לאזט פרעגען, אויב דיא גנעדיגע גרעפין קען איהם עמפפאנגען?

— ווער? — האבען אויסגערופען ברודער און שוועסטער אין איין קול.

— הערר פעדאראוו, מאסקים פעדאראוו, א מאלער, אזוי שטעהט אויף זיין קארטע.

אלגא איז אייניגע בליקען געבליעבען וויא פערשטיינערט, וועהרענד נעראלד איז א פאר מאל, אין העכסטער אויפרעגונג אריבערגעגאנגען איבערן זאל.

— אט האסטו דיר! — האט ער געזאגט אין רוסיש צו זיין שוועסטער.

— ענדליך! — האט אלגא אויסגערופען, און איהר געזיכט האט אויפגעלויכטען, און איהר גאנצעס וועזען איז געוואָרען וויא ניי בעלעבט.

נעראלד האט איהר אָנגעקוקט ערשטוינט און האט איבערגעפרעגט: „ענדליך" זאגסטו?

— יא, איך זאג ענדליך! לאנג, לאנג האב איך איהם ערווארטעט! איך מוז איהם זעהן, איך מוז מיט איהם ריידען. נעראלד, געה אריין אין מיין בודואר און לאז מיך מיט איהם אליין. זאָל דער הערר איינטרעטען — האט זיא געזאגט צום קאמער־דיענער — און איך בין פיר קיינעם ניט צו שפרעכען, פיר העררן ערמאנד אויך ניט, אזוי לאנג וויא דער הערר איז דא.

— צו בעפעהל גנעדיגע! — האט דער דיענער געענטפערט און איז ארויסגע־גאנגען,

שנעל איז אלגא אויפגעשפרונגען פון איהר פלאטץ און האט א וואָרף געטהאן א בליק אין שפיעגעל. דיא בלוזע פון דונקעל־ברוינער פארבע פון עכטער בינעזישער זיידע וועלכען זיא האט געטראגען, האט געלאזען ארויסקוקען דיא שיינע פאָרמען פון איהר רעגעלמעסיג־געבויטען קערפער, און האט געלאזען זעהן א היבשען טהייל פון איהר שימערנדען ווייסען נאקען. דיא אויפרעגונג פון דעם אויגענבליק האט ארויסגערופען אויף איהר געזיכט איין אנפלוג פון א לייכטער רויטקייט און האט איהר שיינקייט פערגרעסערט. זיא האט זיך איין אויגענבליק בעטראכטעט אין שפיעגעל און איז גע־בליעבען מיט זיך אליין צופריעדען. אלס דיא טהיר האט זיך אויפגעעפענט האט זיא געמאכט א פאאר טריט פאָרווערטס, אום צו געהן אנטקעגען און צו עמפפאנגען דעם גאסט.

פעדאָראָוו איז איינגעטרעטען. ער האט ניט געטראָגען אויף זיך דעם אנצוג פון א גייסטליכען, אין וועלכען ער פלעגט זיך מאסקירען אין פאריז, וועהרענד ער פלעגט געהן איבער דיא פאנסיאָנען נאכפאָרשען וועגען זיין קינד; ער איז געוועזען אנגעטהאָן אין א געוועהנליכען פיינעם אנצוג און בלענדענד־ווייסע וועשע, וויא ער פלעגט עס איי־מער טראגען. דער אויסדרוק פון פערדרוס, ערנער און טרויער וועלכער איז געלעגען אויף זיין געזיכט אין דעם אויגענבליק וואס ער איז איינגעטרעטען אין זאל, האבען איהם געמאכט זעהר אינטערעסאנט, וועהרענד זיין בלאָנדער פיינער פאָלבארד, וועל־כער איז געוועזען גוט געפפלעגט, האבען איהם צוגעגעבען א געוויסע פארנעהמהיים.

אלטע געפיהלען האָבען זיך אויפגעחאַפּט אין דער ברוסט פון דער גרעפין אָלגא ברעסטאָווסקי ביי דעם אנבליק פון דעם מאַנן — געפיהלען וועלכע זיא האט אזוי לאַנג געהאַלטען פאַרשלאָסען אין איהר ברוסט, און אום זאָ געוואַלטיגער האָבען זיי זיך ערשט ארויסגעריסען, אלס זיא האט זיי געלאָזען געהן. ביי דעם אנבליק פון דעם מאַנן וועלכען זיא האט אינניג געליעבט אין דער יוגענד, און וועלכער האט אזוי וויניג אויף איהרע ליעבע געאַכטעט, אוז האט פאַרגעצויגען איהרע פריינדע נור דערפאַר, האט זיא געמיינט, וויל יענע איז געווען מאַרושקינס טאָכטער און זיא איז געווען אַ פרעמדע, — ביי דעם אנבליק פון דעם מאַן וועלכער איז פיר יאָהרען געווען דער געגענשטאַנד פון איהרע יוגענדליכע טרוימע האט זיא איהרע געפיהלען ניט מעהר געקענט צוריקהאַלטען.

אין דעם אויגענבליק איז ווידער איהרע גאַנצע יוגענד געשטאַנען פאַר איהרע אויגען. זיא האט זיך דערמאָהנט דיא צייט ווען דער יונגער פעדאָראָוו, דער יונגער מאַלער, פלעגט קומען צו זיי אין הויז, אין פּעטערסבורג, אום איהר און מאַריע צו אונטערריכטען אין צייכענען. זיא האט זיך דערמאָהנט דאס זיסע אנגענעהמע געפיהל וועלכעס דיעזער שיינער יונגער מאַנן פלעגט אין איהר דערוועקען ווען ער פלעגט זיצען ביי איהר און איהר צרוויזען, בעריהרענדיג צאַרט איהר האַנד, וויא צו מאַכען אַ געוויסען שטריך, וויא זיס עס פלעגט קלינגען זיין שטאַרקע מענער־שטימע ווען ער פלעגט וואס פאַרלעזען, און וויא פלעגט ווערין צושפּרינגען דאס הערץ און איהר ברוסט ווען זיא פלעגט זעהן וויא ער גיט דעם פאַרצוג מאַריען.

דאס אלעס האט זיך אָלגא איצטער דערמאָהנט, און איהר הערץ איז ווידער אויפגעשפרונגען פון פרייד ביי דעם געדאַנקען, אַז איצטער וועט ער פיליייכט זיין איהרער, איצטער ווען ער האט קיינע אנדערע און ווען זיא איז אזוי שעהן און רייך. זיא האָט געדיינקט פון אמאָהל אַז פעדאָראָוו האט אפילו איין גוטעס הערץ און איין עהרליכע נאַטור, אבער איין ווייכען גוטמוטהיגען כאַראַקטער, און זיא וועט שוין וויסען וויא אויף איהם צו ווירקען, ווען קיינע אנדערע שטעהט ניט אין וועג.

מיט דעם געדאַנקען וועלכער האט זיך אפּגעשפּיגעלט אין איהרע אויגען און האט זיי צוגעגעבען איין אייגענטהימליכען גלאַנץ, האט אָלגא געמאַכט אַ פאַר טריט פאָרווערטס, אנטקעגען איהר גאַסט, און האט איהם אויסגעשטרעקט דיא האַנד:

— זייט מיר ווילקאָמען אין מיין הויז, מיין ליעבער פעדאָראָוו — האט זיא געזאָגט מיט אַ בעוועגטער שטימע.

איין אויגענבליק איז פעדאָראָוו געבליעבען שטעהן איבערראַשט און אונשליסיג, אויב ער זאָל נעהמען דיא האַנד וועלכע ווערט איהם גערייכט אָדער ניט. עס איז

געוועזן צו זעהן פון זיינע מיענעס דאס ניט אזא עמפפאנג האט ער דאָ געהאט ער־ווארטעט. אנשטאָט צו טרעפען א פיינדין און צו געבען איהר ביטערע וואָרטע, איהר ארויסצוזאָגען אין ביטערן האַס אלעס וואס ער האט דורך זיא געליטען און ליידעט, און פאָרדערן זיין קינד וואס זיא האט פון איהם גערויבט, וויא ער איז געוועזן איבער־צייגט, אָבגלייך ער האט קיינע בעווייזע געהאט, האט ער גאָר בעגעגענט א פריינד־ליכע, שטראהלענדע דאמע, וועלכע עמפפאנגט איהם מיט ליעבענסווירדיגקייט, פריינד־ליכקייט, כמעט אונטערגעבענהייט, אבער אָהן מורא, וויא איין אלטע פריינדין — וואס זאָל דאס בעדייטען? טרייבט זיא אזוי וויט דיא פארשטעלקייט, אדער האט ער א טעות אין איהר?

ארייגקוקענדיג איהר שארף אין דיא אויגען האט ער אָנגענומען לייכט איהר האנד. אָלגא האט אויפגעציטערט ביי דער בעריהרונג, און ערגרייפענדיג זיין האנד פעסט האט זיא איהם צוגעפיהרט צו א זאָפא, וואו זיא האט איהם האלב געצוואונ־גען און האלב געבעטען זיך צו זעטצען, וועהרענד זיא אליין האט זיך אויך געזעצט נעּ־בען איהם.

— ענדליך, ענדליך אמאָהל! — האט זיא געזאגט שטיל פאר זיך, פונקט וויא זיא וואָלט פאָרטגעזעצט דעם געדאנקען וועלכען זיא האט ארויסגעזאגט אין דעם אוי־גענבליק ווען פעדאראָוו איז איהר אנגעמעלדעט געוואָרען. דיא ווערטער זיינען אבער דאָך דערהערט געוואָרען פון פעדאראָוו, פיר וועלכען זיי זיינען אייגענטליך בעשטימט געווען, טראָץ דעם וואס זיי זיינען שטיל ארויסגעזאגט געוואָרען.

— וויא? „ענדליך“ זאָגט איהר? — האט אויך ער געפרעגט — איהר האט מיך דען ערוואַרטעט.

— נון, געוויס, טהייערער פריינד, אויב איהר ערלויבט מיר נאך אייך אזוי אָנ־צורופען.

— איך זעה ניט איין, גרעפין, וואס פאר א גרונד איהר האט געהאט מיך צו ערווארטען — האט פעדאראָוו געזאגט, האלב פערדעכטיג און האלב פאָרשענדיג.

— אָ, איך האב געהאט דעם אלערבעסטען גרונד אין דער וועלט, מיין ליעבער פעדאראָוו.

— קען איך איהם פיליייכט הערן?

— איך האב גערעכענט אז איהר וועט אמאָהל וועלען קומען זעהן וואס אייער זאָהן מאכט.

פעדאראָוו איז געבליעבען וויא פערשטיינערט און האט ניט געוואוסט וואס ער זאָל דערפון מאכען. זיא רעדט פון זיין זאָהן פונקט וויא ער אליין וואָלט איהם געהאט

איבערגעגעבען צו איהר אויף ערציהונג! ער האט פון איבערראשונג און ערשטוינען ניט געפונען קיין ווארט צו זאגען. אין דעם זעלביגען אויגענבליק האט געראלד ווערענד שטעהענדיג ביי זיין שוועסטער אין בודואר און הערענדיג יעדעס ווארט, זיך ניט גע־קענט איינהאלטען, א קלאפ צו טהאן פאר כעס אין טישל ביי זיין שוועסטער'ס בעט און מורמלענדיג פאר זיך:

— טייפעל און העלע! זיא מאכט זיך אונגליקליך!

פעדאראוו האט זיך האסטיג אומגעקוקט פון וואנען דער גערויש הערט זיך. אלגא וועלכע האט עס פערשטאנען, האט איהם שנעל בערוהיגט:

— א, דאס איז א פענסטער אפען אין יענעם צימער.

א פאר מינוטען האט געדויערט ביז פעדאראוו איז געקומען צו זיך און האט זיך געפונען וויא צו ענטפערן, און אין דער צייט האבען זיך דיאביידע אנגעקוקט, זיא מיט א מיענע פון ענטציקונג און ליידענשאפט, און ער מיט דעם אויסדרוק פון מיסטרויען און פערוואונדערונג אויף זיין געזיכט.

— איך האב אייגענטליך ניט גאנץ גענוי געוואוסט אז מיין זאהן איז ביי אייך — האט ער געזאגט.

— שלימער פאר אייך, איהר האט עס געזאלט וויסען!

— וויא אזוי?

— איהר האט עס געדארפט טרעפען! קיינער האט קיין אינטערעסע אין אייער קינד אויסער מיר.

— געטראפען האב איך עס דאך, און דער בעוויז איז אז איך בין דאהער געקומען.

— ווארום אבער ניט פריהער?

— ווייל אונטערזוכונגען האבען ארויסגעשטעלט, אז דאס קינד האט אדאפ־טירט א געוויסער בעלגיער מיטן נאמען מילמאן, און ערשט אין פאריז האב איך ער־פאהרען אז דאס איז מארושקינס געוועזענער דיענער פוכארין, וועלכער איז אייך אימער זעהר ערגעבען.

— דאנערוועטער! דער קערל וויים צו פיעל! — האט געראלד געקריצט מיט דיא ציינער.

דיעזע אנטווארט פון פעדאראוו האט אויך אויף אלגא געווארפען א שרעקליכע אונרוהע. איהר פאליטיק איז געווען זיך אויפצושפיעלען אלס דיא בעשיצערין פון זיין קינד, וועלכע האט עס ארויסגענומען פון קינדער־פריוט אין וויען מיט דער איינציגער אבזיכט עס גוט צו ערציהען און מיט אמאהל וועט זיך ארויסשטעלען דיא זאכע אין

איהרווירקליכקייט! זיא האט געציטערט, פיליכט ווייס פעדעראָוו נאָך מעהר פון פער־
כארין, אויב ער האט איהם געזעהן אין פאריז, און דאן איז ניט נאר איהרע האפנונג
אויף זיינע ליעבע פערלאָרען, זאנדערן איהר גאנצעס לעבען איז אין געפאהר.

— דאס איז ריכטיג האט זיא געזאגט מיט א בעצוואונגענעם שמייכעל — אבער
איך האף אז איהר האט איינגעזעהן, דאס אונטער אזעלכע אומשטענדען וואָלט איך
דאס קינד אנדערש ניט געקענט קריעגען; און איך האב מיר געזאגט דאס איך בין עס
שולדיג דעם טהייערן אנדענקען פון מיין יוגענדפריינדין מאריע פיר איהר קינד צו זאָר־
גען, נאכדעם וויא איהר אליין זייט דאן געוועזן אזוי צערשטרייט, אזוי אונגליקליך....
אבער מיך וואונדערט דענאָך וויא אזוי איהר האט געקענט אין פאריז ערפאהרען דאס
מילמאן און פוכארין איז איינע און דיזעלביגע פערזאָן...

— אָ, עס האבען איהם לייטע געזעהן דא אין פאריז — האט פעדעראָוו גע־
זאגט און האט שארף אָנגעקוקט דיא גרעפין.

אָלגא איז עטוואס בלאַס געווארען, האט זיך אבער באלד וויעדער צורעכט גע־
פונען און האט געזאגט:

— דאס איז מערקווירדיג! פוכארין זאל זיין אין פאריז און זאל זיך גאר ניט
ווייזען דא!

— דאס איז ווירקליך מערקווירדיג! — האט פעדעראָוו מסכים געווען און האט
שארף אנגעקוקט דיא גרעפין. איבעריגענס בין איך איהם דאנקבאר דאס ער האט מיין
קינד אריינגיגעבען אין גוטע הענד, וועלכע זאָרגען פיר איהם מיטערליך.

— אָ ליעבער פעדעראָוו, וויא א צערטליכע מוטער האב איך אייער קינד בע־
האנדעלט, און איך האב צו אייער זאָהן קיינע אנדערע געפיהלען, אלס וויא פון א מו־
טער צו איהר קינד, און איך בעט אייך, טהייערער פריינד, אים נאמען פון אונזער יו־
גענדליכער פריינדשאפט, אים נאמען פון מאריעס אנדענקען בעט איך אייך, לאָזט
מיר אויך ווייטער זיין דיא מוטער פון אייער קינד...

גאנץ ערשטוינט האט פעדעראָוו זיא אנגעקוקט, פונקט וויא ער וואָלט זוכען
צו בעגרייפען דיא מיינונג פון דיא ווערטער. דאן האט ער געזאגט:

— איך זעה ניט איין גרעפין, וויא אזוי איהר פערלאנגט עס! איך האב דאָך
קיינען אנדערן וויא מיין זאָהן אויף דיעזער וועלט...

— איך האב אבער קיין זאָהן אייך ניט! — האט דיא גרעפין אויסגערופען
אומעטיג און וויא טרעהרען האבען זיך געהערט אין איהר שטימע.

— א ברודער, ווייזט אויס, איז איהר ווייניג! — האט געראַלד געמורמעלט צו
זיך אליין אין זיין שוועסטערס בודואַר.

— איך זעה ניט איין, גרעפין, פאר וואס איהר זאלט אזא פערגעניגען ניט גע־ניסען — האט פעדאראוו געזאגט מיט א פיעלמיינענדען שמייכעל — איהר זייט יונג, גרעפין, איהר זייט שעהן, רייך, און עס פעהלען אייך קיינע פערעהרער, און איך זעה ניט איין ווארום איהר קענט ניט געניעסען איין גליקליכעס פאמיליען־לעבען?

— עס איז זעהר שווער צו געניעסען דיא פריידען פון א גליקליכען פאמיליען־לעבען מיט א געבראכענעם הערצען — האט אלגא געזיפצט פון טיעפען הערצען, און עס האט געקלונגען אויפריכטיג.

— עס מוז זיין איין זעהר גרויזאמער מענש דעריעניגער וואס האט געבראכען אייער הערץ און וויל עס ניט ווידער גאנץ מאכען.

— דיינקט איהר אזוי?

— געוויס! ווער קען ווידער שטעהן יוגענד, שיינהייט און רייכטהום?

— ווילט איהר וויסען וויא יענער גרויזאמער מענש הייסט?

— דאס איז מיר ווירקליך אינטערעסאנט.

— מאקסים פעדאראוו!

— איך?... גרעפין!... טרייבט קיין שפאס, איך בעט אייך!...

— א, מאקסים, ניט־שויך־זשע קענט איהר ניט זעהן, אז דער שפאס קומט מיר פון הערצען, און וויא פיעל בלוט מיר קאסט דיעזעס געשטענדניס? ניט־שוין־זשע האט איהר גאר קיינמאהל ניט געמערקט מיינע רויט־געווארענע אויגען פון דיא שלאפלאזע נעכט, אל דיא פיין און ליידען וואס איך בין אויסגעשטאנען אין יענער צייט וואס איהר זייט נאכגעגאנגען דיא גליקליכערע מאריע? ניט־שויך־זשע האט איהר ניט געמערקט וויא איך פערגעה פאר ליעבעסגלוטה, אין דער צייט וואס איך האב אייך געהאפען עררייכען אייער ציעל? איהר האט מיר געבראכען מיין הערץ, און דורך אייך בין איך אזוי עלענד! דורך אייך האב איך מיך פערקויפט צום ערשטען בעסטען מאנן וואס איז מיר געקומען אין וועג, צו דעם קריינקליכען גראף ברעסטאווסקי, און צוליעב אייך האב איך פארלאזען מיין היים. ווען מיר איז ניט בעשעערט צו זיין גליקליך מיט דעם מאנן וואס איז מיר אזוי ליעב און טהייער, לאזט מיר ווענינסטענס איבערטראגען דיעזעס געפיהל אויף זיין קינד.

— מא־אם, איהר קענט זיך נאך צוציהען וועלכע אונאנגענעהמליכקייטען ווען דער הערר ערמאנד זאל אנקומען — האט פעדאראוו געזאגט מיט א שטאך.

— אח, איהר ווייסט דאס אויך! דעסטא בעסער! איך וויל פון אייך סיין זאך ניט בעהאלטען! דאס איז דער וואונש צו ווערן זעלבסטשטענדיג, רייך, אום צו בעזיט־צען אלעס וואס קען מאכען אייער לעבען זיס — נור דיעזער וואונש האט מיך גע־

בראכט צו דער בעקאנטשאפט מיט הערין ערמאָנד, ווילט איהר מיך צוליעב דעם פערשטויסען?...

— מיינע גוטע גרעפין, איך וויל אייך גערן גלויבען אז אלץ וואס איהר האט מיר געזאגט איז ריכטיג, אָבער איך בין איבערהויפט שווערליך פעהיג אויף ליעבע צו ענטפערן; מיין הערץ איז מיר צו פיעל פארביטערט נאך דער שרעקליכער אויפנאהמע וועלכע מיינע אונגליקליכע מאריע האט פון אייך און אייער ברודער געהאט אין פאָ־דאָליען, און נאך דעם שרעקליכען ענדע פון מיין ארעמער פרוי, דאָרט אין דיא וואל־דונגען פון גאליציען. אויב איך קען יא האָבען וועלכעס געפיהל געגען אייך, דאן איז עס נור א געפיהל פון האס און פעראכטונג. אום אייך צו ערשפּארען דיא ליידען דער ליעבע און מיר דיא ליידען פון האס, איז עס פיעל בעסער מיר זאָלען זיך טרעפען וואס וויינינער. איך דאנק אייך פיר דיא מיטערליכע צערטליכקייט וואס איהר האט בעוויע־זען צו מיין קינד, אבער ווען מיין קינד וועט זיין ביי מיר וועט עס אויסקומען אָהן אייערע צערטליכקייט. מאדאם, איך פערלאנג מיין קינד, און — —

— וואס? האס? פעראכטונג? — האט דיא גרעפין געשריען אין דער העכסטער פערצווייפלונג — גוט! דאן זאָלט איהר דאס אויך קריעגען אלס פערגעלטונג! קיינ־מאָהל זאָלען אייער אָרעמס אייער קינד ניט אומארמען, קיינמאהל זאָלען אייערע אוי־גען איהם ניט זעהן! איין אויג פיר איין אויג, איין הערץ פיר איין הערץ! האס און פעראכטונג זאָגט איהר האט איהר פיר מיך — דאס זאָלט איהר אויך צוריק קריעגען, און ניט נור פון מיר, אויך אייער קינד זאָל לערנען ביי מיר אייך האָסען און פעראכ־טען! יעצט געהט!

פעדאָראָוו האט זיך אויפגעהויבען, זיין געזיכט איז געוועזן נאך בלאסער וויא פריהער און פון זיינע אויגען האָבען געשפריצט פונקען:

— אונפערשעמטע! — האט ער אויסגערופען — און דאס וואגט איהר מיר צו זאגען, מיר, דעם פאָטער פון דעם גערויבטען קינד, וועמעס פרוי און מוטער איהר האט געשיקט פריה אין קבר דורך אייערע ניעדערטרעכטיגע אינטריגען! גוט, דאן זאָל דאס געריכט פון אייך פאָרדערן מיין קינד!

— מיט וואס קענט איהר מיר דאס בעווייזען, אז איך האב אייער קינד?

— דער מיט וואס דער באנדיט פּוכארין איז מילמאן, און איז דערנאך אויך געוועזן דער „אונבעקאנטער“ וואס האט בעגאנגען דיא פערברעכע אין דעם ציערונג־מאגאזין פון דער רוע דע־לא־פּיי, און אין דער פאבריק פון סאינט־דעני — אויף וויע־דערזעהן!

פעדאָראָוו האט געמאכט א פּאָר טריט צום טהיר, אבער אין דעם אויגענבליק

איז געראלד ווערענין ווילד ארויסגעשטירצט פון זיין שוועסטערס בודואר מיט א גע־
שפאנטען רעוואָלווער אין האנד, און ציעלענדיג דעם ראָהר געגען פעדאָראָוו'ס ברוסט, האט ער אויסגערופען אין א שטילען אבער פערצווייפעלטען טאָן: „נאך אזעלכע דראָהונגען, מיין קינסטלער, וועט איהר דיזעס הויז לעבעדיג ניט מעהר פער־
לאַסען“.

וויא פערשטיינערט איז געבליעבען שטעהן פעדאָראָוו. אבער אויך אָלגא איז געוועזען בלאַס וויא דער טויט פאר שרעק. א ווײלע איז זיא געשטאַנען וויא א צומיש־
טע, וועהרענד געראלד האט שוין געהאַלטען דעם פינגער אויפ'ן האהן פון רעוואָלווער, דאן אבער האט זיא זיך געטהאָן א וואָרף אויף איהר ברודער און האט ארויסגעשלאָ־
גען דעם רעוואָלווער פון זיין האנד:

— אונגליקליכער! איך ליעב איהם דאָך! לאָז איהם געהן! אן דעם טאג ווען ער וועט אונז פערראַטהען, וועט זיין קינד פערגיפטעט ווערען. אונזער לעבען וועט בע־
צאָהלט ווערען מיט דעם יונגען לעבען פון זיין צערטליכען קינד! יעצט מעג ער שוין געהן!

און פעדאָראָוו האט ציטערענדיג און פערצווייפעלט פערלאָזען דאס הויז פון דער גרעפין.

2טעס קאפיטעל.

## פ ע ר ש י ק ט.

א נאנצער מאָנאַט איז אריבער נאך דער פעראורטהיילונג פון אַלעקסאנדער מישעל — א צייט פון פיין און טיעפסטע שמערצען פיר דעם געפאַנגענעם וויא אויך פיר זיינע מוטער. דער אדוואָקאט האט מישעל געראַטהען ער זאָל אפעלירען געגען דאס אורטהייל, אבער מישעל האט זיך דערפון ענטזאגט:

— צו וואס זאָל איך עס טהאָן? — האט ער געפרעגט — איך האב מיך מיט דער גרעסטער מיהע איינגעהאַלטען ביי דער ערשטער פערהאנדלונג ניט ארויסצו־
שפרינגען פון דיא כלים; א צווייטעס מאָהל קען איך פיר זיך אליין ניט גוט־זאגען.

— דוא דאַרפסט אָבער בערעכענען, אז מען וועט דיך אוועקשיקען פון פראנק־
רייך — האט דער אדוואָקאט געזאגט — וואו דוא וועסט מוזען פארברייננגען עטליכע יאָהר צוזאמען מיט דיא פערברעכער פון אלערליי סאָרטען.

— מיין אפעלאציאָן וועט מיר אין דעם ווענינ העלפען, דען וויא דיא זאכע שטעהט איצטער בין איך איבערצייגט, אז מען וועט מיך אויך אין דער צווייטער אינ־
סטאַנץ פעראורטהיילען. עס איז דעריבער בעסער פיר מיך, איך זאָג אנהייבען מיין שטראָף־צייט וואס פריהער.

— וויא דוא ווילסט, מיין פריינד! פיליייכט וועט עס דיר שפּעטער געלינגען דורך צו ארבייטען פיר זיך א בעגנאדיגונג אדער א פערקירצונג פון דיין שטראָף־צייט.

— רייד מיר בעסער ניט דערפון! איך בין מוחל דיא בעגנאדיגונג און דיא אב־קירצונג. וועז מען קען איין עהרליכען מאן אזוי בעהאנדלען וויא מען האט מיך בעהאנ־דעלט, דאן האט דיעזער מאן דאס רעכט זיך צו שטעלען געגען זיינע אונטערדריקער. איך פעראכטע אזעלכע געזעטצע, וועלכע מען קען אזוי לייכט מיסברויכען צו טהאָן בייזעס.

דער אדוואָקאט האט גענומען א ריהרענדען אבשיעד פון מישעל, און אוועקגע־הענדיג פון איהם האט ער געמורמעלט צו זיך:

— וואס פאר א מיטלייד מיט דעם אונגליקליכען! ער וויל געוויס אונטערנעה־מען א פערצווייפעלטען טריט, וועלכער קען איהם נאך טיעפער שטירצען אין אונגליק. ווען מארקוס פעליסער זאָל מיר העלפען וועלען מיר איהם נאך פיליייכט קענען איבער־ריידען.

אלס דער אדוואָקאט איז איינגעטרעטען אין דיא צעלע פון זיין צווייטען קליענ־טען און יוגענדפריינד, מארקוס פעליסער, איז איהם דיעזער געגאנגען אנטקעגען מיט דעם מונטערן אויסרוף:

— אהא, זעהט נאר ווער דאָ קומט! אונזער פיעלגעעהרטער און הויכגעלעהר־טער הערר פערטהיידיגער!

— שפּאס ניט אזוי ביטער — האט יענער געענטפערט — איך בין אזוי אויך שוין גענוג אונגליקליך, וואס מיר איז ניט געלונגען דיך און מישעל פריי צו מאכען.

— דוא מעגסט זיך טרויסטען, מיין פריינד! דאס זיינען אזעלכע קלעפּ פון שיק־זאל, וועלכע מען מוז קענען אריבערטראָגען.

— צום אומגליק וויל מישעל ניט אפּעלירען און וויל אויך ניט נאכזוכען וועגען בעגנאדיגונג.

— אזוי, ער וויל ניט?

— בשום אופן ניט.

— ער איז גאנץ נערעבט.

— איך האָף אז דוא וועסט איהם ניט נאכטאנצען.

— איך? איך האב מישעל אזוי ליעב, אז איך וויל איהם גערן נאכטהאָן. ווען מיר זיינען נאָך געווען אין דער שולע האט מען מיר שוין מישעל אימער געשטעלט פאר א גוטען ביישפּיעל און איך האב מיך אימער געהאט עהרליך בעמיהט איהם

נאכצוטהאָן, און איך זעה ניט איין פּאר וואָס איך זאָל דאס איצטער אויך ניט אזוי מאכען.

— וויא מיר שיינט, געפעלט דיר גאָר שטארק צו לעבען אין געפענגניס!

— אָ, דאָ איז ניט אזוי שלעכט וויא איין אנדערער קען מיינען. עס פערשטעהט זיך אז מען לעבט דאָ ניט אזוי גוט וויא אין „קאפע־אנגלע" אדער ברעבאנט, אבער דיא איינפאכע שפייזען וואס מיר קריגען דערמאהנט אונז אז מיר זיינען איינפאכע בשר ודם, און מיר טאָרען זיך ניט גרויס האלטען. אויך מיט דיא בעט־געוואנד בין איך נאך ניט אין גאנצען צופריעדען, דען איך קען נאך אלץ ניט פארשטעהן, אויב איך דרוק דעם מאטראַטץ, אדער דער מאטראַטץ דריקט מיך. איבעריגענס האָף איך אז איך וועל דאָ ניט זעהר לאנג פערבלייבען, דען וויא איך גלויב וועט מען אונז באלד אוועקשיקען פון דאנען איבערן ים, אין א שענערע מדינה.

— וואס פאלט דיר איין פאר א משוגעת! אין דיין אורטהייל קען מען געפינען א האלב דוצענד גרינדע פיר דיא קאסאציאָן!

— בעהאלט דיא גרינדע פיר אנאנדער קליענטען, מיין פריינד.

— אבער מיר קענען דאָך דיין פּראָצעס ווידער אויפנעהמען!

— און איך זאָל נאך אמאָהל שטעהן פאר אזא שרעקליך קלוגען געריכטס־האָף? ניין, ניין! אלע דיא הערען ריכטער מאכען אויף מיך דעם איינדרוק פון אנגעצויגענע מאשינען, וועלכע האָבען ניט קיין געפיהל און ניט קיין הערץ.

— דוא פארגעסט אז דיא געשוואָרענע זיינען דיא הויפּטזאכע.

— אויך דיא זיינען ניט פיעל אנדערס — מיר האָבען דאס אליין אן אונז דער־לעבט צו זעהן. זיי לאָזען זיך זעהר לייכט איינריידען, אז דער אנגעקלאגטער איז שול־דיג, שוין דערפאר וואָס ער איז אנגעקלאגט און דאס ער איז טאקע אזא טויגעניכטס, וויא דער הערר פּראָקוראָר פון דער רעפּובליק שילדערט איהם; און דעריבער פעראור־טהיילען זיי דעם ארעמען טייפעל אום צו בעווייזען, אז זיי טויגען דאך צו עטוואס; און ברייינגען זיי שוין יא מאָהל ארויס א ווערדיקט פון „ניט שולדיג" דאן טרעפען זיי מייסטענטהיילס וויא א בלינדער פערד אין גרוב אריין. — נעהם זיך ניט קיין אומזיסטע מיהע, מיין פריינד, איך פריי מיך שוין וואָס איך וועל מאכען דיא אונפרייווילליגע רייזע נאך נייע־קאַלעדאָניען צוזאמען מיט אלעקסאנדער מישעל, וועלכען איך האב שוין ניט געזעהן צייט זיין רייזע נאך רוסלאנד.

דער אדוואקאט האט ענדליך איינגעזעהן, אז ער וועט מיט דיא ביידע יונגע לייטע גאר ניט מאכען און וועט זייער בעשלוס ניט ענדערן און ער האט זיי געלאָזען צו רוה. באלד האט מען אויך ערפאהרען, אז אלעקסאנדער מישעל און מארקוס פער־

ליסער וועלען מיט דעם ערשטען טראנספּאָרט אוועקגעשיקט ווערען נאָך נייַ־קאַלעדאָ־ניען. מען האט זיך זאָגאר דערציילט, דאס ווען מען האט דיא נייעס געבראַכט צו מארקוס, האט ער אויסגערופען:

— ענדליך וועל איך האבען דיא געלעגענהייט צו זעהן דיא אמת'ע מענשענ־פרעסער!

מישעל האט אויפגענומען דיא נאכריכט מיט דערזעלבען שטאָלצען רוהע, וועלכע האט איהם נאָך ניט פערלאָזען צייט דער פעראורטהיילונג.

מארקוסעס מוטער, איינע אלטע געלד־גייציגע פרוי, האט איהר זאָהן נור איין מאָהל בעזוכט אין געפענגניס. אזוי וויא זיא האט זיך דאָרט צוזאמען געטראָפען מיט ליזע מאָרענהיים, וועלכע זיא האט פיינד געהאט דערפאר וואס זיא בענעהרט איהר זאָהן, האט נאָך א מאָל אהין ניט געוואָלט קומען.

ליזע דאגעגען פלעגט איהר געליעבטען מארקוס בעזוכען יעדען טאָג און פלעגט איהם יעדעס מאָהל פרעגען וועגען זיין מוטער.

— מיין מוטער בעאונרוהיגט מיך ניט — האט ער איינמאָהל געענטפערט — זיא האט געלד גענוג פון וואנען צו לעבען. אָבער דער געדאנקען וואס פון דיר וועט ווערען, מיין גוטע ליזע, ווען דוא וועסט האבען פארצעהרט אלעס וואס דוא האסט נאָך אָפּגעשפּאָרט... נאטירליך האָף איך, אז איך וועל אויך דאָרטען וואס פער־דיענען פון מיינע ארבייט און וועל זיין אים שטאנדע דיר וואס צו שיקען, אבער דאס קען נור זיין גאנץ ווייניג.

— אָ, מארקוס, דוא ווייסט דאָך אז מיינע אבזיכט איז דיר נאכצופאָהרען, און צו זיין דאָרט וואו דוא ביזט.

— נו, פון דעם קען נאָך איצטער גאר קיין רעדע ניט זיין. דערווייל מוזט דוא בלייבען דאָ. פיליכט געפינט דער אלטער ווערן עטוואס פיר דיך! ער איז אזוי פריינד־ליך. מיינע ארעמע אונגליקליכע ליזע!

— איך בין ניט ארעם און ניט אונגליקליך ווען איך בעזיטץ דיך וואו דוא ביסט.

מארקוס האט זיא געדריקט צו זיין ברוסט, אויסרופענדיג:

— וויא גוט דוא ביסט! דוא האסט אן מיר קיינמאָהל ניט געצווייפעלט! — דער הימעל זאָל דיר פעלאָהנען דיינע טרייע ליעבע.

אין דיא זעלביגע צייט וואס ליזע איז געווען ביי איהר מארקוס, איז אויך דיא אלמנה מישעל געזעסען ביי איהר זאָהן אין געפענגניס. מוטער און זאָהן האבען זעהר ווייניג גערעדט, און זיינען נאר געזעסען האנד אין האנד, אנבליקענדיג איינער דעם

אנדערן מיט שמערץ און קומער. דיא אלטע פרוי איז אימער געווען בעמיהט צו פאר־באָרגען איהרע טרעהרען, דאמיט מישעל זאָל גלויבען אז זיא טראָגט אריבער איהר אונגליק גאַנץ לייכט.

נור פון צייט צו צייט, ווען זיי פלעגען זעהן אז מען קוקט ניט אויף זיי, פלעגען זיי עטוואס ריידען צווישען זיך גאַנץ שטיל.

דעם לעצטען טאָג איידער דער טראַנספּאָרט איז אוועקגעשיקט געוואָרען פון פאריז, האט דיא אונגליקליכע מוטער נאך אמאָהל אומאַרעמט איהר ליעבען זאָהן, זאגענדיג:

— אויף באַלדיגעס ווידערזעהן, מיין זאָהן!

— לעב וואָהל, ליעבע מוטער! — האט מישעל געענטפערט.

און מוטער און זאָהן האָבען זיך אָנגעקוקט מיט אַ פיעלזאגענדען בליק.

מאַרקוס פעליסער איז אין דער שטונדע פון אבשיעד געווען ווענינער שטאַנד־האפט וויא אימער. ער האט זיך ניט געקענט צוריקהאַלטען פון וויינען ביי דעם גע־דאַנקען, אונטער וועלכע אומשטענדע ער לאָזט איבער זיינע ליעבע ליזע.

ביים פארלאָזען דאס געפענגניס האט זיך דאס יונגע מיידעל צוזאַמענגעטראָפען מיט דער אַלטער פרוי, און ביידע האָבען גלייך פארלאָזען דאס אומעטיגע געביידע, אליין, אזוי וויא ווערן איז געווען בעשעפטיגט ביים אָפּראַמען דיא רואינען פון דער צו־שטערטען פאַבריק.

דיא וויטווע מישעל האט זיך אפגעשפּאַרט אויפ׳ן אָרם פון דער יונגער מיידיל, און ביידע זיינען געגאַנגען שטיל נעבען איינאנדער, לאָזענדיג פרייען לויף פיר זייערע טרעהרען, און נור זעלטען וועכסלענדיג אַ פּאָר ווערטער אונטער זיך, וועגען זייער אונ־גליק און וועגען דעם וואס זיי וועלען זייערע ליעבע ווער ווייס וויא לאַנג ניט זעהן, דען שוין דעם נעכסטען טאָג האָבען מישעל און פעליסער געזאָלט אוועקגעשיקט ווערען פון פאַריז נאך האַוור, און פון דאָרטען, צוזאַמען מיט אַלערליי פערברעכער, בע־שטייגען דאס שיף, וואס וועט זיי אריבערפיהרען דעם גרויסען ים, נאך ניי־קאַלע־דאָניען.

דיא ביידע דאַמען זיינען געגאַנגען צו פוס ביז צו דער רוע דע לא שאַפּעל; זיי האָבען קוים אין זייער אונגליק געמערקט וויא מען האט אויף זיי געטייט מיט דיא פינגער אין דער נאַכבאַרשאַפט וואו מען האט זיי געקענט; דיא בייזע וועלט האט גע־האַלטען דיא אונגליקליכע פרויען פיר מיטשולדיגע פון דיא פעראורטהיילטע.

אָנקומענדיג נאך הויזע האט מאדאם מישעל איינגעלאַדען צו זיך ליזע, וועלכע איז ביי איהר געבליעבען ביז אבענד. שפּעטער איז אויך אונטערגעקומען ווערן, און אַלע

דריי האָבען געשפּייזט מיט פארקלעמטע הערצער. ווערן האט בעגלייט דאס מעדכען נאָך הויזע, וועהרענד דיא אלטע פרוי האט זיך אניעדערגעוואָרפען וויא א שטיין, פון דיא אויפרעגונגען פון דעם טאָג, און איז אויפגעשטאַנען ערשט אויף מאָרגען גאנץ שפּעט.

קוים האט זיא זיך בעוויזען אנצוקליידען, אלס דאס קליינע דיענסטמיידעל איז אריינגעקומען און האט אנגעמעלדעט:

— מאדאם, עס שטעהען דרויסען צוויי הערען, וועלכע ווילען מיט אייך גערן ריידען.

— ווער זיינען זיי דען?

— איך קען זיי ניט, אָבער איינער פון זיי האט מיר גינעבען דיזע קארטע.

— „לואי בורגונד, געריכטס־דיענער" — האט דיא אלמנה איבערגעלייענט אויף דער קארטע, און האט גאנץ ערשטוינט געפרעגט: איין געריכטס־דיענער! וואס קען ער פון מיר פערלאַנגען?

זיא האט געהייסען דער מיידיל אריינפיהרען דיא ביידע הערען.

— איך בעדויער זעהר, מאדאם — האט איינער פון דיא ביידע געזאגט — דאס איך בין געצוואונגען דורכצופיהרען איין אויפטראג וועלכער איז מיר זאָ זעהר פיינליך.

— אום וואס האנדעלט זיך דאָ, מיין הערר?

— איך האָב דעם אויפטראג דורכצופיהרען דאס אורטהייל פון געריכט אין דער אנגעלעגענהייט פון דער פייער־פערזיכערונגס־געזעלשאפט „לא גאלואז" אנטקעגען העררן אלעקסאנדער מישעל, געוועזענער אינזשינער פון דער פאבריק פון העררן ער־מאָנד אין סאינט דעני.

— איהר ווייסט דאָך געוויס, מיין הערר, אז מיין אונגליקליכער זאָהן איז דאָ ניטאָ? און איך, גלויב איך, האב וועלכעס רעכט צו פערלאַנגען וועלכע ריקזיכט מיט מיין שמערץ.

— אָ, מאדאם, קיינער פיהלט געוויס ניט מעהר טהיילנאהמע פיר אייער לאגע, אלס איך, אָבער איך בין געצוואונגען צו טהאָן מיינע פפליכט. — וויא איהר ווייסט איז אייער זאָהן פעראורטהיילט געוואָרען וועגען בראנדשטיפטונג.

— זאגט: „אונשולדיג פעראורטהיילט געוואָרען".

— וועגען דעם האָב איך קיין רעכט א מיינונג צו זאגען. אבער אין יענעם אור־טהייל שטעהט אויך, אז אייער זאָהן מוז בעצאהלען דעם שאָדען.

— דעם שאדען? פון וואס?

— פיר דעם שאדען פון דער קאָמפּאַניע „לא גאָלואז“, וועלכע מוז בעצאָהלען דעם העררן ערמאָנד פיער מיליאָן פראנק פיר דיא אפּגעברענטע פאבריק, פיר דעם האָלץ־פּאָרראט און פיר דיא וואוינונג. דיעזער שאדען איז אבער ארויסגעקומען דורך דעם וואס אייער זאָהן האט אונטערגעצונדען, און דעריבער מוז ער בעצאָהלען.

— דאס איז ליגען! — האט דיא אלטע פרוי געשריען אין העכסטען צאָרן.

— איך בעט אום פערצייהונג, מאדאם — דאס געריכט האט פעסטגעשטעלט דיא שולד פון אייער זאָהן און אויך זיין שולד צו דער פערזיכערונגס־געזעלשאפט, וועלכער ער דארף בעצאָהלען דיא פיער מיליאָן פראנק, וואס דיעזע געזעלשאפט האט בעצאהלט ערמאָנד׳ן.

— מיין זאָהן זאָל דעקען דיא 4 מיליאָן פראנק!? דאס איז דאך ריכטיגער וואהנזין!

— ערלויבט מיר צו בעמערקען, מאדאם, דאס א געריכטליכעס אורטהייל איז קיינמאָהל ניט וואהנזין, און מען טאָר עס אזוי ניט רופען. איהר קענט נאטירליך זאגען דאס אייער זאָהן קען איצטער ניט שאפען אזא סומע, אבער דיא קאָמפּאַניע וויל דערווייליע נעהמען וואס זיא קען, אלס אנצאהלונג אויף דעם גאנצען קאפּיטאל. אלעס וואס דא געפינט זיך געהערען, וויא ווייט איך וויים, צו אייער זאָהן.

— וואס ווילט איהר זאגען?

— איז ניט אייער זאָהן דער מיעטהער פון דער וואוינונג?

— יא — און דעריבער ווילט אלע מעבעל מיט בעשלאג בעלעגען? דאס איז דאך שרעקליך!

— בערוהיגט זיך, מאדאם, אייער בעט און דיא זאכען וואס געהערן אייך ווע־לען מיר אייך איבערלאָזען.

מאדאם מישעל איז כמעט אָהנמעכטיג געפאלען אויף א שטוהל; זיא האט נור וויא דורכ׳ן חלום געהערט וויא דער געריכטס־דיענער האט איהר פאָרגעלעזען דעם געריכטליכען בעפעהל, און וויא ער האט מיט דער גאנצער פאָרמאליטעט גענומען אין בעשלאג אלע מעבעל.

דיא אונגליקליכע פרוי איז שיער אומגעקומען פאר שמערץ ביי דעם געדאנקען, דאס דיא אלע מעבעל, וועלכע שטאמען נאך טהיילווייזע פון איהר מאנן, און וועלכע זיינען ערוואָרבען געוואָרען מיט אזוי פיעל מיה, זאָלען אריינפאלען אין פרעמדע הענד. זיא האט זיך אבער נאך געטרייסט מיט דער האָפנונג דאס עס וועלען איהר מינ־דעסטענס איבערבלייבען דיא הונדערט און צעהן טויזענד פראנק, וועלכע איהר זאָהן האט פאר זיין רייזע נאך רוסלאנד איבערגעגעבען העררן ערמאָנד צור אויפבעוואהרונג.

און וועלכע זיינען נאך דער שרפה ווירקליך געפונען געוואָרען אין איין אייזערנעם שראנק. דאס זיינען געוועזן אלע מישעלס ערשפּאַרניסע און זיא האט געהאַפט אז דיזעס געלד וועט זיא פון ערמאַנד קריעגען צוריק. פלוצלונג האט זיא דערהערט וויא דער געריכטס־דיענער האט לעזענדיג דעם געריכטס־בעפעהל דערמאַהנט אויך דיא הונדערט און צעהן טויזענד פראנק.

— איך וויל אייך בעטען, מיין הערר, מיר דיזע שטעלע נאך אמאָהל צו לעזען, איך האב דאָ ניט גוט פערשטאַנען — האט זיא געזאָגט צום געריכטסדיענער, און דיזער האט געלעזען:

— „עס ווערט אויך דעם גענאַנטען אלעקסאַנדער מישעל מיטגעטהיילט, דאס העררן ערמאַנד איז פון געריכט בעפאָהלען געוואָרען ניט ארויסצוגעבען דיא 110 טויזענד פראנק, ניט איהם, און ניט איינעם פון זיינע בעאויפטראַגטע.“

— וואס זאָל דאס הייסען?! — האט דיא אונגליקליכע מוטער געשריען פערצווייפעלט — אויך דאס וויל מען פון מיין זאָהן אוועקרויבען, דאס געלד וואס ער האט זיך מיט אזוי פיעל מיהע ערוואָרבען! דאס איז אונמעגליך!

— דאס געזעץ שרייבט עס פאָר, מאַדאם!

— דאן בלייבט אונז אלזאָ גאָר נישט!

— מיר האָבען דאס רעכט צוצונעהמען אלעס וואס העררן מישעל בעזיצט איצטער און וואס ער וועט בעזיצען אין דער צוקונפט.

— מיין ארעמער זאָהן! און דוא האסט געגלויבט דאס איך בין מיט מיין לעבענסמיטעל געזיכערט. — אָ, מען מוז פלוכען דעם טאג ווען דוא האסט דערקענט דיזע פאבריק!

אזוי האט דיא אונגליקליכע אויסגערופען און איז געבליעבען זיטצען אזוי פערזונקען אין טרויעריגע געדאנקען, דאס זיא האט אפילו ניט בעמערקט וויא דער געריכטסדיענער מיט זיין בעגלייטער האָבען פערלאָזען דאס צימער, נאכדעם וויא זיי האָבען איבערגעלאָזען אויפ'ן טיש א קאָפּיע פון דעם פּאַפּיער וואס ער האט איהר פאָרגעלעזען.

אונגעפעהר אין א שטונדע ארום איז געקומען ווערן.

— וואס איז געשעהן? — האט ער אויסגערופען דערשראָקען, אלס ער האט בעמערקט דיא אלטע פרוי, וויא זיא זיצט אונבעוועגליך, און בליקט שטאַר פאר זיך.

— לייענט דיזע שריפט! — האט זיא געענטפערט.

— אָ וועה, דאס איז טרויעריג! — האט ווערן געזאגט, אלס ער האט דאס פּאַפּיער געלעזען — אָבער מען קען עס ניט העלפען.

— ניט צו העלפען? — האט מאדאם מישעל געשריען — און מען מעג פון מיר אוועקרויבען אלעס?!

— בערוהיגט זיך, ליעבע פריינדין!

— וויא קען איך בלייבען רוהיג נאך אזעלכע הימעלשרייענדע אונגערעכטיג־קייטען?

— עס זאָל אייך קיין זאך ניט פעהלען — האט ווערן פערזיכערט.

— פון מיר איז דאָ ניט דיא רעדע! איך האב פארן מאנגעל קיין מורא ניט — אבער יענעס געלד האב איך געהאט בדעה צו פערוועגדען פיר דיא בעפרייאונג פון מיין קינד, און איצטער איז אויך דיא האָפנונג פערלאָרען! אָ, מיין גאָט, אלע אונ־גליקען קומען אויף איין מאָהל! וויא ווייט איך האב פארשטאנען פון דעם וואס דער געריכטס־דיענער האט מיר געזאגט, וועט ער מאָרגען ווידער קומען און וועט צונעה־מען אלעס וואס דאָ געפינט זיך אין הויז. — פון מיינטוועגען זאָלען זיי נעהמען, אבער וואס האט הערר ערמאָנד געמוזט מיטטהיילען דעם געריכט, דאס ער האט דיא הונ־דערט און צעהן טויזענד פראנק וואס מיין זאָהן האט איהם אנפערטרויט? וואָלט עס ניט געווען מענשליכער פון איהם אוועקצוגעבען דעם אונגליקליכען זיין שווער פארהאָ־רעוועטע עטליכע פראנק? אבער וואס קימערט זיך דיעזער אייגעננוציגער מענש אום מיין זאָהן, אבי ער קריעגט זיינע פיער מיליאָן פון דער קאָמפּאניע! — אָ, שאנדע און פלוך איבער אזא שווארצע אונדאנקבארקייט. דיעזער בייזער מענש פלעגט יעדעס יאָהר פערדיענען הונדערט־טויזענד פראנק מעהר צו ליעב מישעלס טהעטיגקייט אין דער פאבריק!

זיא איז וויטהענד אויפגעשפרונגען, האט אראָפּגעריסען פון וואנד ערמאָנד'ס פּאָרטרעט וועלכעס איז געהאנגען ביי מישעל אין צימער, און האט עס צוטראָטען מיט דיא פיס, אזוי דאס דער ראהם האט זיך צובראָכען, און דאס פּאָרטרעט האט זיך צוריסען.

— אזוי, לאָמיר וועניגסטענס שטילען מיינע וואוטה אן דעם! — האט זיא גע־זאגט — און ווען איך האב אפילו יענעס געלט ניט, גיעב איך דאך ניט אויף מיינע האָפנונג מיין זאָהן צו רעטען. ניט וואהר, ליעבער ווערן? מיר וועלען איהם רעטען!

— פון מיין זייט וועט קיין אָפּהאלט ניט זיין — האט דער אלטער ווערקמייס־טער געענטפערט — דערווייל אבער ראטה איך אייך, דא ניט לייגנער צו בלייבען אין דער וואוינונג, קומט צו מיר!

— ניין, ניין! איך וויל זיין דערביי וויא דיא מענשען וועלען אוועקשלעפען אונזער אייגענטהום.

— בעדיינקט אָבער וועלכע אויפרעגונג דאס וועט אייך פערורזאכען, איהר קענט זיך נאך צוציהען א קראנקהייט און וואָס וועט דאן ווערן פון אייהר זאָהן? פון זיינעטוועגען אליין מוזט איהר זיך שוינען.

א ווײַלע איז דיא אלטע פרוי געשטאנען אונשליסיג, דאן האט זיא געזאגט מיט א זיפץ:

— איהר האט רעכט, איך דארף נור דיינקען אן אלעקסאנדער און קלערן וויא איהם צו רעטען.

אין דעם אויגענבליק איז אריינגעקומען דאס קליינע דיענסט־מיידיל און האט ווידער אנגעמעלדעט, אז צוויי העררען ווינשען צו זעהן מאדאם מישעל.

— וואָס ווילען זיי ווידער פון מיר? — האט דיא אלטע פרוי געפרעגט פערצווייפעלט — זיי האבען ניט מעהר וואס פון מיר צו נעהמען.

ווערן איז ארויס אין פאָר־צימער אום צו זעהן ווער דאס זיינען. אייניגע מינוטען איז ער דאָרט געבליעבען, דאן איז ער אריינגעקומען צוריק אין זאל צו מאדאם מישעל, בעגלייטעט פון דיא ביידע העררען, וועלכע ער האט צוגעפיהרט צו דער דאמע מיט דער פאָרשטעלונג:

— ליעבע פרוי מישעל, דיא ביידע העררען קומען ריידען מיט אייך וועגען אייער זאָהן און זיי ערקלערן זיך אלס אייערע פריינדע.

— איך האב פריהער ניט געהאט דאס פערגעניגען דיא העררען צו קענען — האט מאדאם מישעל ערקלערט, אנקוקענדיג מיסטרויאיש דיא ביידע מענער.

— מיין נאמען איז אנטאָניאָ ד'אמבראָזיני און מיין בעגלייטער איז הערר טהעאָדאָרוס, פון דער איטאליענישער געזאנדשאפט.

— פון דער איטאליענישער געזאנדשאפט — וועגען מיין זאָהן? — האט מאדאם מישעל זיך געוואונדערט.

— איך גלויב, אז איך האב דעם הערן געזעהן אין יענער אונגליקליכער נאכט ווען דיא פאבריק האט אָפּגעברענט — האט ווערן זיך אריינגעמישט — דער הערר איז געוועזן אונטער דיא געסט אויפ'ן באל?

— גאנץ ריכטיג! און דעריבער בין איך געקומען.

— דאן קען דער הערר מיין זאָהן? — האט מאדאם מישעל געפרעגט.

— איך האב געזעהן וויא ער האט געראטעוועט פרייליין ערמאָנד און בין געשטאנען ניט ווייט פון איהם ביז צום אויגענבליק וואס מען האט איהם אוועקגעפיהרט אין געפענגניס.

— דיא העררען קומען אין פריינדליכער אבזיכט — האלט איהר מיין אונגליק ליכען זאָהן פיר אונשולדיג?

— גאנץ ענטשיעדען! איך האב אין זיין אונשולד קיין אויגענבליק ניט געצוויי־פעלט.

— אָ, איך דאנק אייך, איך דאנק אייך, מיינע העררען! — האט מאדאם מי־שעל אויסגערופען זיי רייבענדיג דיא האנד — דאן זייט מיר הערצליך ווילקאָמען, אייער בעזוך קען אונז אלזאָ נור בריינגען גוטעס.

— מיר האָבען געזעהן וו'א אייער זאָהן איז אונשולדיגערווייזע פעראורטהיילט געוואָרען און ווייסען אז דיא טעג וועט ער פערשיקט נאך ניי־קאלעדאָניען, און דערי־בער קומען מיר צו אייך.

— זעצט אייך מיינע הערערן — האט מאדאם מישעל געזאגט האסטיג, בע־מערקענדיג דאס אין איהר אויפרעגונג האט זיא אפילו דיא הערען ניט געבעטען זיט־צען; — דער הערר ווערן איז געווען ווערקמייסטער אין דער אפגעברענטער פאבריק, ער איז געווען אַ פריינד פון מיין מאנן און ליעבט מיין זאָהן וויא אַ פאטער. זיינע אנ־וועזענהייט זאָל אייך ניט שטערען.

— מיר ווייסען — האט ד'אמבראָזיני געענטפערט — מיר קומען צו אייך ביידען אבער וואס מיר וועלען דאָ ריידען דארף אויסער אונז דערוויילע קיינער ניט וויסען און דעריבער וועט איהר מיר ערלויבען צו פרעגען, אויב מיר זיינען דאָ ניט אונטערהערט פון ווערען עס איז.

— מיר זיינען גאנץ אליין, מיינע הערערן — האט ווערן געענטפערט אין העכס־טער שפאנונג.

— איך זעה, מאדאם, און מיין הערר ווערן, דאס איהר זייט ביידע גאנץ גע־שפאנט צו ערפאהרען, וואס פאר אַ צוזאמענהאנג קען האָבען דאס אונגליק פון אייער זאָהן מיט אונזער יעצטיגען בעזוך, און דעריבער אייער ערשטוינען לייכטער מאכען. מיר קומען, אום אונז מיט אייך צו פערבינדען פיר דיא רעטונג פון אייער אונשולדיגען זאָהן?

— איהר, מיינע הערערן? — האט ווערן נאך מעהר פערוואונדערט געפרעגט

— וואס פאר איין אינטערעסע קענט איהר האָבען אין דעם ארעמען יונגע מאנן?

— ניט מעהר אינטערעסע וויא פיעל יעדער עהרליכער מענש קען נעהמען אין איין אונשולדיג־פעראורטהיילטען. דערפאר אבער האָבען מיר דאס גרעסטע אינטערעס פון דער וועלט צו פאקען דעם ווירקליכען פערברעכער, אָדער ריכטיגער, דיא ווירקליכע

פערברעכער, וועלכע האָבען עס פערשטאַנען אייער זאָהן צו מאַכען פאַרן אָפּפער אָנ־שטאַט זיך.

— זייט איהר ניט דער איטאַליענישער מאַרטשעזע ד׳אמבראָזיני? — האט ווערן געפרעגט.

— יאַ, אַזוי רופען מיך יעצט דיא לייטע דאָ.

— עס איז גאָר ניט מעגליך אַז איין איטאַליענער זאָל האבען צו טהאָן מיט דער זאכע. אזוי ווייט וויא איך ווייס האט מיין זאָהן קיין איינציגען איטאַליענער געהאט אונטער זיינע פריינדע.

— מיר האָבען אפילו ניט געהאט דיא עהרע צו זיין פערזענליך בעפריינדעט מיט העררן מישעל, אבער מיר זיינען אויך קיינע איטאַליענער, זאָנדערן רוסען, און דיא אורזאכע ווארום מיר געבען זיך ארויס פאר איטאַליענער זאָלט איהר גלייך ער־פאהרען.

דיא ווירקונג וואס דיעזע מיטטהיילונג האט געהאט אויף דיא אַלטע פרוי און אויף ווערן, בעזאָנדערס אויף דעם לעצטערן, איז אונבעשרייבליך. אייניגע מינוטען זיי־נען זיי געזעסען גאנץ ערשטוינט, ענדליך האט ווערן געפרעגט:

— רוסען? מיינע הערען, איידער איהר געהט אונז געבען דיא ערקלערונג פון אייער ערשיינען אלס איטאַליענער, ענטפערט מיר אויף איין פראַגע: קענט איהר פירסט ווערעגין און זיין שוועסטער פון רוסלאַנד?

— אויסגעצייכענט גוט!

— זייט איהר וועגען זיי געקומען צו אונז?

— גאנץ ריכטיג!

— איך האב עס געדאכט, און בין העכסט גליקליך אייך צו געפינען, מיינע הערען, יעצט דערצעהלט, איך בעט אייך, איך פארגעה כמעט פון לויטער נייע־ניערדע.

דאן האט באַרסקי אומשטענדליך אָנגעהויבען צו דערציילען דיא לעבענסגעשיכטע פון געראַלד און אָלגאַ ווערעגין פון אנפאנג, וויא זיא איז שוין בעקאַנט דעם לעזער, האט געשילדערט דאס לעבען פון מארושקין׳ס טאָכטער מאריע און איהר ענדע, און דיא גנבה פון פעדאָראָוו׳ס קינד, אלעס וואס זיי האָבען אין וויען ערפאהרען פון דעם מילמאַן אוים בעלגיען, וואס זיי דיינקען פון איהם, און אין וועלכע בעציהונגען ער איז געשטאַנען צו געראַלד און אָלגאַ.

— מיר האָבען אורזאכע צו דיינקען — האט באַרסקי געזאגט, אלס ער איז גע־ווען צו ענדע מיט דער ערצעהלונג — דאס מילמאַן און דער „אונבעקאַנטער“ וואס

האט זיך געראַנגעלט מיט אייער זאָהן אין דער נאַכט פון דער שרפה, איז איינע און דיא זעלבע פּערזאָן. אויב דיעזע פאַראויסזעטצונג איז ריכטיג, ווייסען מיר אויך ווער דיעזע פּערזאָן איז, און אום דעם מענשען בעסער צו זוכען, זיינען מיר געקומען אהער אייך פאָרשלאַגען, מיר זאָלען זיך צו דעם צוועק פעראייניגען.

דיא שפּאַנונג מיט וועלכער מאַדאַם מישעל און ווערן האבען אויסגעהערט באַרסקי׳ס ערצעהלונג, האט זיך געענדיגט אין איין אויסברוך פריידע, וועלכע דיא ביידע האָבען אויסגעדריקט דאַנקענדיג, כמעט אומאַרמענדיג דיאביידע רוסען. דאַן אבער האט ווערן געפרעגט:

— קענט איהר אונז געבען וועלכע ערקלערונגען, מיינע העררען, וואס פאר איין אינטערעסע יענער מילמאַן האט געקענט האבען אין אונטערצינדען דיא פאַבריק?

— אויב ווער עס איז האט דערביי געהאט איין אינטערעסע — האט באַרסקי געענטפערט — דאַן איז עס ניט מילמאַן, נאר פירסט ווערעגין, דען מילמאַן אָדער פּר כאַרין איז נור דער העלפער פון געראַלד ווערעגין און זיין שוועסטער, אבער וואס פאר איין אינטערעסע?

— איבער דעם האָבען מיר אונז שוין צובראָכען דעם קאָפּ קלערענדיג, פיללייכט אום זיין שוועסטער און ער זאָלען קענען ארויסציהען מעהר באַרעס געלד פון העררן ערמאָנד.

— וועלכע אורזאַכע האט איהר צו דיינקען, דאס פּוכארין, מילמאַן און דער „אונבעקאַנטער“ איז איינע און דיא זעלביגע פּערזאָן? — האט ווערן געפרעגט.

— מיין פריינד פּעדאָראָוו, וועלכער איז נעגאַנגען פאָרדערן פון דער גרעפין זיין קינד, האט דורך א גאַנץ בעזאָנדערע אונטעררעדונג פון איהר אליין ערפאַהרען, דאס פּוכארין איז מילמאַן, און דאס ער איז געוועזען אין פּאַריז. דאס איבעריגע לאָזט זיך זעהר לייכט פאַראויסזעצען...

— דאַן, אום גאָטעס ווילען! לאָמיר שנעל צום דירעקטאָר פון דער זיכערהייטס-פּאָליציי! האט דיא אַלטע דאַמע גערופען אין אויפרעגונג — מיר פערהיטען נאָך פיי-לייכט איין אונגליק, מישעל ווערט היינט אָדער מאָרגען ארויסגעשיקט נאָך ניי-קאַ-לעדאָניען!

— ליידער געהט דאס ניט! — האט באַרסקי דערקלערט.

— ווארום ניט?

— ערשטענס, ווייל דאס וועט ניט אויפהאַלטען דעם טראַנספּאָרט נאָך ניי-קאַלעדאָניען, דען עס וועט אונז לאַנג נעהמען ביז מיר וועלען דיא פּאָליציי מאַכען צו גלויבען דאס וואס מיר גלויבען. ווען מיר וועלען זיך פאַרלאָזען אויף דיא פּאָליציי,

נאכדעם וויא אין איהר מיינונג אין דער ריכטיגער פערברעכער פערזאָנען, וועלען דיא פינף יאהר פון אייער זוהן'ס פערבאַנונג אריבערגעהן איידער זיא וועט עטוואָס געפינען. און צווייטענס, הייננט א מענשליכעם לעבען אין געפאהר ווען מיר זאָלען אזוי האנדלען.

— וועמעס לעבען?

— דאָס לעבען פון מיין פריינד פעדאָראָוו'ס קינד, וועלכעס דיא גרעפין האָט געדראָהט צו פערניכטען. אזוי שנעל וויא זיא וועט ערפאהרען דאס מיר געהען וואָס טהאָן געגען איהר אדער איינעם עטוואָס פערראַטהען.

— דאָס איז אונערהערט! דאס איז שרעקליך!

— און ווארום האלט זיא דען העררן פעדאָראָוו'ס קינד? — האט מאדאם מישעל געפרעגט.

— אום צו קריעגען דעם פאָטער — האט בארסקי געזאָגט אין שפּאַס — דען, מאדאם, דיא געליעבטע פון העררן ערמאַנד איז שטארק פערליעבט אין מיין פריינד פעדאָראָוו.

— וואונדערבאר! וואונדערבאר!

— אייך וועט אויסקומען נאָך וואונדערבארער ווען מיר וועלען אייך זאָגען, דאָס דער „אונבעקאַנטער" וואס האט געגנב'עט דיא דיאמאנטען־שנור פון דעם ארעמען מארקוס פעליסער, איז נאָך אונזער מיינונג אויך קיין אנדערער וויא יעדער פוכארין.

— מערקווירדיג! — האט ווערן אויסגערופען — וויא מישעל אזוי מארקוס האָבען דעם אונבעקאנטעןווירקליך גלייך געשילדערט.ביידע האבען איהם אויסגעמאָהלט אלס א מיטעל־גרויסען שטארק־געבויטען מאן מיט רויהע געזיכטס־ציגע.

— אזוי זעהט אויס פוכארין, און אזוי האט מען אונז אין וויען אויך געשילדערט מילמאַן.

— אח, ווען מיר וואָלטען דאָס געוואוסט מיט איין מאָנאט פריהער! — האט מאדאם מישעל געקלאָגט.

— יא, עס קומט אלעס עטוואָס צו שפּעט, — האט ווערן בעשטעטיגט — אבער וואס איז איצטער צו טהאָן? פון וועלכען זייט נעהמט מען זיך פיר דיא בעפרייאונג פון דיא געפאנגענע?

— מען מוז אָנפאַנגען פון דיא געפאַנגענע, גראַדע וויא מיר הויבען אָן פון דעם קינד.

— וואָס פערשטעהט איהר דארונטער, העדר ד'אמבראָזיני?

— איך פערשטעה דארונטער פאָלגענדעס: ווען איהר זאָלט וועלען געהן אויפ'ן

געריכטליכען וועג אום צו בעפרייען העררן מישעל וועלען פאַראיבער דיא פינף יאהר פיר דען אונגליקליכען און דיא רעכענונג קומט אמאָהל צו שפּעט. אויך וועט עס זיין שווער דיא גאַנצע געשיכטע אויפצודעקען, אזוי לאַנג וויא דיא געפאַנגענע וועלען זיין אין נייקאַלעדאָניען. פאַר אַלעם מוזען מיר פערלאַנגען זייער פרייהייט אום וועלכען פרייז דאס זאל ניט זיין; זייער רעכט וועלען זיי שוין דערנאָך געפינען. מיר זוכען צו געפינען אויף דעם אופ׳ן דאס קינד פון מיין פריינד. מיר ווילען פריהער דאס קינד האבען אין זיכערהייט, זאָנסט קען דאָס שעהנע פּאָאר פון ברודער און שוועסטער ווירקליך האַלטען וואָרט אין זייער פערצווייפלונג און אומברענגען א יונגעם לעבען. מיר ווילען אייך אין אייער אונטערנעהמונג העלפען:

— אבער, מיינע הערען, מיט וואָס וועלען מיר אייך קענען עמפּפאַנגען פיר אייער אָפּפער? — האט דיא אַלטע מוטער מיט טרעהרען אויסגערופען.

— מיט וואָס? מיט גלייבעם! מיר פערלאַנגען איהר זאָלט אונז אָפּדיענען מיט פּונקט אזא געפעליגקייט. מיר האבען אייך דערציילט דיא אנגעלעגענהייט פון מיין פריינד׳ס קינד. זייט א מאָנאַט האבען מיר דורכגעזוכט אַלע פּאַנסיאָנען אין פּאַריז, און אַלץ אָהן ערפאָלג. ענדליך, אונגעפעהר מיט א מאָנאַט צוריק, אלס מיין פריינד האָט בעזוכט א פּאַנסיאָן פון א געוויסער מאדאם זשאַמען; איז ער אויפמערקזאם געוואָרען אויף דעם נאָמען פון א קליינעם צעגלינג מאַיערמאַן. דען מיר האבען געהאַט א חשד, אַז דאס קינד איז אין וויען איבערגעגעבען געוואָרען צו א פאַמיליע מיט דעם נאָמען. אונגליקליכערווייזע זיינען גראָד אין יענער שטונדע אַלע קינדער פון פּאַנסיאָן געוועזן אויפ׳ן שפּאַציער, און מיין פריינד איז דעריבער אוועקגעגאַנגען, מיט דער אַבזיכט צו קומען נאָך אמאָל. אלס ער איז אויף מאָרגען אהינגעקומען, איז דער אינגעל מאַיערמאַן געווען פערשוואונדען, און דיא מאדאַם זשאַמען האט נאר אזוי פיעל געוואוסט צו זאָגען, דאס דיא מוטער פון דעם קינד איז געקומען און האט אָפּגענומען דאס קינד. זייט א מאָנאַט זוכען מיר מיט ליכט נאָך דער מאַיערמאַן. מיר האָבען ערפאַהרען אז דיעזע פאַמיליע האט געדיענט ביי דער גרעפין ברעסטאָווסקי, אבער פון יענעם טאָג אָן געפינט זיך דיעזע פאַמיליע ניט מעהר דאָרטען. ענדליך האבען מיר געפונען א שפּור, דאָס דיא פאַמיליע מאַיערמאַ האט איבערגעצוינגען נאָך סאינט־דעני אונטער אנאנדער נאָמען. און אזוי וויא איהר, הערר ווערן, זייט אין סאינט־דעני ביי זיך צו הויז, ווילען מיר אייך בעטען, איהר זאָלט אונז העלפען דיעזע פאַמיליע און דאס קינד, און מיר וועלען אייך העלפען בעפרייען אייער געפאַנגענעם.

— מיט מיין גאַנצען לעבען, מיינע הערען! — האט וועהן אויסגערופען — און איך וייס פון נאָך א פערזאָן וועלכע וועט גערן אונטערצייכנען אזא קאָנטראַקט און

װעט נאך מעהר קענען טהאָן װיא איך, און דאָס איז דיא ארעמע ליזע מאָרענחיים.

— איך האב אויך פון איהר געװאָלט ריידען — האט באַרסקי געזאָגט — אבער איך לאָז דאָס איבער צו אייך. איצטער בלייבט אונז נאָר איבער׳ אויסצואורבייטען א פּלאָן, װיא אזוי מיר האָבען צו האַנדלען און װאָס עס איז צו טהאָן.

דערװיילע האָט װערן בעמערקט װיא דיא אַלטע אונגליקליכע מוטער זוצט זעהר בלאָס און מיעד פון דער אויפרעגונג און פּיין פון דעם טאָג, און ער איז צוגעשטאַנען צו איהר, דאָס זיא זאָל געהן צור רוהע. ער האט גערופען דאָס דיענסטמעדכען װעל־כעס האט זיא בעגלייט אין איהר צימער, און ער אליין האט זיך אריינגעלאָזען מיט באַרסקי און פעדאָראָװ אין זייער א טיעפען שמועס, װיא אזוי צו רעטען דיא געפאַנ־גענע. װערן האט דערביי געבראַכט דיא לאַנדקארטע, אין װעלכער אלע דריי האָבען א געװיסע צייט גערייטעט מיט דיא פינגער, ריידענדיג װעגען רייזען, שיפען, אויסטראַ־ליען, נייקאַלעדאָניען און עהנליכע װייטע מקומות, און ערשט געגען האלבע נאכט האבען דיא צװיי רוסישע פריינדע גענומען דעם הערצליכסטען אבשיעד פון דעם אלטען װערקמייסטער.

דיעזע נאכט האט דער אַלטער װערן אויך איבּערגענעכטיגט אין הויז פון דער אלמנה, ער האט אבער װעניג געשלאָפען, דען ער האט קיין אויגענבליק ניט אויפגע־הערט צו טראַכטען װעגען דעם פּלאַן װעלכען ער האט בעשפּראָכען מיט דיא רוסען. דעננאָך איז ער אויף מאָרגען געװען גאַנץ מונטער, און קוים איז דער פריהשטיק גע־װעזען צו ענדע, האט ער געהאלפען מאדאם מישעל צוזאמענצונעהמען איהר אייגענע זאכען װעלכע זיינען פון געריכטס־דיענער ניט גענומען געװאָרען אין בעשלאַג, און האט זיי איבערגעפיהרט צו זיך נאך הויזע. װען ער איז דאָרטען אנגעקומען האט ער אריינ־געפיהרט מאדאם מישעל אין זיין בעסטעס צימער, מיט דיא װערטער: דאָ איז יעצט אייער היים, ביז איהר האט אייער זאהן צוריק!“

4טעס קאפּיטעל.

## דיא בעפרייאונגס רייזע.

דער אַלטער װערקמייסטער װערן איז פון אלעמען בעטראַכט געװאָרען פאר א גרויסען זאנדערלינג (משונע), און נאר דיא װייבער האבען איהם פאַרװינט אין אזא װייגעלע, פּיליכט אויס נקמה, דערפאַר װאָס ער האט ניט געװאָלט הייראַטהען. אין גרונד גענומען האט ער אליין ניט קלאָר געװאוסט פאר װאָס ער איז געבליעבען אַן אַלטער בחור: פּיעלייכט, װייל ער איז אימער געװעזען װיא ניט ביי זיך װען דאַמען זיינען געװעזען דערביי, מעהרער אבער דערפאַר װאָס ער איז זעהר איבערגעגעבען

געוועזען זיין בעשעפטיגונג אין דער פאבריק, און ער פלעגט אימער שרייען, אז ער האט ווענינ צייט פאר א פרוי.

אזוי איז זיך געגאנגען א יאהר נאך א יאהר, און ווערן האט זיך געלעבט נאך זיין געוואוינהייט ווייטער, ארבייטענדיג אין פאבריק מיט פלייס און ערגעבענהייט. אין פריהמארגען פלעגט ער קומען דער ערשטער צו דער ארבייט, און אבענדס, ווען אלע ארבייטער פלעגען זיך צונעהן, האט ער נאך געמאכט דעם רונדגאנג דורך דיא פאבריק אום צו זעהן אויב אלעס איז אין גוטער ארדנונג.

דיא שטונדע אדער טעג וואס ער פלעגט האבען פריי, פלעגט ער רעגעלמעסיג צוברענגען אין קרייז פון דער פאמיליע מישעל, וואו מען האט איהם אימער גערן געזעהן און כמעט בעטראכטעט אלס א פערוואנדטן. דעם קליינעם אלעקסאנדער פלעגט ער אימער רופען „מיין אינגעלע", און דיזער פלעגט איהם דערפאר רופען „פאפא ווערן".

וויא פלעגט זיך דאס דער גוטער ווערקמייסטער פרייען אויף דיא ערפאלגע וואס „זיין אינגעלע" פלעגט מאכען! בעזאנדערס האט איהם הנבה געטהאן צו זעהן וויא דער יונגע וויזט ארויס גלענצענדע פעהיגקייטען אלס קינפטיגער אינזשינער, און האט איהם פאראויסגעזאגט א גלענצענדע צוקונפט. און אלס דער פאטער פון דעם יונגען מאן איז געשטארבען, וויא ווארם האט זיך ווערן פאר איהם אנגענומען, און וויא פערניגט האט ער צוגעקוקט מישעלס שטייגען אין פאבריק, אין וועלכע ער האט איהם אריינגעבראכט.

אבער אלע פריידען און אלעס גליק איז מיט איין קלאפ פערניכטעט געווארען אין יענער שרעהליכען נאכט, אין וועלכע דיא פאבריק אין סאינט־דעני האט אבגעברענט און וועלכע האט דעם עהרליכען ווערקמייסטער עלטער געמאכט מיט צעהן יאהר. ער האט זיך געמאכט דיא ביטערסטע פארווירפע פאר וואס ער האט מישעל אריינגעבראכט אין פאבריק. ער האט זיך געוואונדערט פאר וואס איז ער אליין געוועזען צוגעבונדען צו דער פאבריק — און פון דעסטוועגען האט ער זיך ניט געקענט איינהאלטען און פלעגט נאך איצטער אויך געהן טאג־טעגליך צום פלאץ פון דער פאבריק, און פלעגט פון מארגען ביז אבענד אכטונג געבען אויף דיא ארבייטען פון אפראמען דעם פלאטץ פון דיא טרימער.

ביי דיזער געלעגענהייט האט ער אונטער דעם שיט ענטדעקט דעם גרויסען אייזערנעם שראנק, וועלכען מען האט א לאנגע צייט געהאט געזוכט און ניט געוזען, און מען האט שוין געהאט בעטראכט אלס פערלארען. ער האט גלייך געלאזען מיטטהייקען הערן ערמאנד פון דעם פונד און האט אליין אכטונג געגעבען ביים טראנספארטירען דעם שראנק אין א זיכערן ארט. אין איהם האט מען געפונען דיא קאסע־

ביכער און מישעל׳ס ווערטה־פאפיערען, אונטער וועלכע עס זיינען אויך געוועזען איינינע באנקנאָטען.

נאָכדעם וויא ער האט בעגלייטעט דיא אלמנה מישעל פון איהר וואוינונג צו זיך נאך הויז, האט ער זיך בעגעבען, וויא געוועהנליך, נאך דעם גרונדשטיק פון פאבריק. געהענדיג האט ער זיך אליין געמאַכט א קאָמפּלימענט דערפאר וואס ער האט אזוי קלוג געהאנדעלט אריבערצופיהרען דיא אלטע פרוי צו איהם.

— דיא אונגליקליכע וואָלט געווים אריינגעפאלען אין א שווערע קראנקהייט — האט ער צו זיך אליין גערעדט — און דאָס מחט פערהיט ווערען אונטער אלע אומ־שטענדען.

נאר א קורצע צייט איז ער געבליעבען אויפ׳ן פלאַטץ פון דער אָבגעברענטער פאבריק און נאכדעם וויא ער האט זיך איבערצייגט דאס אלעס געהט אין גוטער אָרד־נונג, האט ער צוריקגעקעהרט נאך פאריז, און איז געגאנגען גלייך צו מישעל׳ס וואוינונג אין פארהויז האט ער אָנגעטראָפען עטליכע מענער אין א ווארעמען שמועס מיט דער הויזמייסטערין.

— איך קען אייך פערזיכערן, מיינע העררן, אז איך וויים ניט וואו דיא דאַמע האלט זיך אויף. געסטערן אבענד איז זיא אוועקגעגאנגען מיט אן עלטערן בעפריינדע־טען העררן און איז מעהר ניט צוריקגעקומען.

אין דעם אויגענבליק האט זיא בעמערקט וערן, און האט זיך צו איהם געווענדעט.

— אָה, דאָ זייט איהר אויך העדר ווערן! דיא העררן פרעגען זיך נאָך אויף מאדאם מישעל.

— קומט איהר בעלענגען מיט בעשלאָג איהרע זאכען, מיינע העררען?

— יא.

— דאַן זייט אזוי גוט מיט מיר צו געהן, איך האב דעם שליעסעל פון דער וואוינונג און האב דעם אויפטראג מאדאם מישעל צו פערטרעטען.

ער איז ארויפגעגאנגען דיא טרעפּ פאָראויס און דיא מענער זיינען געגאנגען הינ־טער איהם. אלס ער האט אויפגעשלאָסען דיא טהיר, האט ער געפרעגט איינעם פון לייטע, אין וועלכען ער האט דערקענט א דיענער פון געריכט:

— געהט איהר נע־מען אין בעשלאָג פיר דיא פייער־פערזיכערונגס־געזעלשאפט?

— ניין, מיין העדר, מיר קומען אין אויפטראג פון דעם געריכט אליין, אום דורכ־צופיהרען דאס אורטהייל וועגען דעקונג פון דיא געריכטס־קאָסטען.

— אה, אזוי! — האט ווערן געענטפערט קאלט — וואס איז דער אונטערשיער, שהוט אייער אמט.

דיא בעאמטע האבען זיך גלייך גענומען צו דער ארבייט. צוערשט האבען זיי אנגעהויבען אויסצומאכען א ליסטע פון אלע זאכען וואס האבען זיך אין דער וואוינונג געפונען, וועהרענד ווערן האט געזוכט אפצושטעלען אן א זייט אלע געגענשטענדע וואס האבען געהערט צו מאדאם מישעל אליין, און האבען געקענט אויסגעשלאסען ווערן פון דער בעשלאגנאמע.

וועהרענד דיא דריי מענער זיינען געוועזען בעשעפטיגט אין זאל האט אימיצער אנגעקלאפט אין טהיר פון קארידאר, דער ווערקמייסטער האט געעפענט דיא טהיר און נינא איז אריינגעקומען.

— וויא, מיין פריילין? איהר דא? — האט ער געפרעגט ערשטוינט.

— נו, יא — האט זיא געענטפערט אפהאפענדיג דעם אטהעם פון איהר שטארקען געלאף אויף דיא טרעפ — מיין פאטער האט מיר אפילו פערבאטען אהער צו געהן, אבער איך האב דאך בענוצט דיא געלעגענהייט אום מיך ארויסצוחאפען.

ווערן האט איהר אין אנגענעהמער בעוועגונג געדריקט דיא האנד און האט איהר אריינגעפיהרט אין קארידאר, וועהרענד ער האט געזאגט:

— ווייסט איהר דאס מאדאם מישעל וואוינט שוין ניט מעהר דא?

— ניין, דאס ווייס איך ניט. וואו איז זיא דען?

— אין מיין וואהנונג.

— דא איז איהר געוועזען צו אומעטיג?

— ניין, דאס איז ניט דיא אורזאכע. זיא האט דא ניט געקענט לענגער בלייבען, ווייל דא נעהמט מען אלעס צו פון איהר.

— וואס הייסט דאס?

— איהר קענט זיך איבערצייגען — האט ווערן געזאגט און האט געעפענט דיא טהיר צום זאל.

נינא איז אביסעל צושראקען איינגעטרעטען אין זאל און האט פערוואונדערט אנגעקוקט דיא דריי מענער, פון וועלכע איינער איז געזעסען ביים טיש און האט גע־שריעבען, וועהרענד דיא איבעריגע צוויי האבען איבערגעשטאפט יעדען געגענשטאנד אין הויז.

איינער פון דיא מענער האט זיך יעצט איינגעבויגען און האט אויפגעהויבען פון דער ערד א צובראכענעם ראהם מיט דער בילד פון הערר ערמאנד.

— דאס האט נאר קיין ווערטה — האט ער געזאגט מיט דער אבזיכט עס אוטקצרוואַרפען.

נינא האט בעמערקט דאס בילד פון איהר פאטער און איז צוגעלאפען צו איהם:

— ווער האט דאס בילד צובראכען? — האט זיא געפרעגט מיט טרעהרען אין דיא אויגען.

— מיר ניט, מיין פריילין; דאס בילד איז שוין געלעגען צובראכען ווען מיר זיינען אהער אריינגעקומען.

ווערן האט שנעל גענומען דאס בילד פון דעם מאן׳ס האנד און האט עס אריינגעשטעקט צו זיך אין טאשע. וועהרענד ער האט צו זיך אליין געמורמעלט:

— וויא אונגעשיקט!

דאן האט ער גענומען נינא ביי דער האנד און האט זיא אריינגעפיהרט אין נעבעצימער.

— ענטשולדיגט דיעזען צווישענפאל, פריילין — האט ער געזאגט — איך האב ניט מעהר געטראכט וועגען בילד, זאנסט וואלט איך אייך ניט געפיהרט אין זאל, דען איך וואלט אום אלעס אין דער וועלט אייך ניט וועלען אנמאכען קיין שמערץ.

— איך ווייס עס, מיין גוטער הערר ווערן — תאט דאס יונגע מיידיל געזאגט זיך ווישענדיג דיא אויגען — און איך פערשטעה וויא אזוי דאס איז געקומען. אבער זאגט מיר פאר אלעם וואס בעדייטעט דיא בעשלאגנאמע? איך האב אימער געגלויבט אז מאדאם מישעל האט קיין מאנגעל?

— וויא, איהר ווייסט ניט?

— וואס?

— דאס מען נעהמט צו אלעם וואס מישעל בעזיצט, אום צו דעקען דיא געריכטס־קאסטען, וויא אויך דעם שאדען פון דער פייער־פערזיכערונגס־געזעלשאפט.

— איך ווייס דערפון קיין ווארט.

— אפילו דאס קליינע פערמעגען וואס מישעל האט זיך אפגעשפארט און האט עס איבערגעגעבען אייער פאטער צור אויפבעוואהרונג, איז אויך אין בעשלאג גענומען געווארען. דאס געלד האט זיך געפונען אין דעם אייזערנעם שראנק, וועלכען איך האב געפונען אונטער דיא טרימער פון דער פאבריק, וויא איהר האט געוויס געהערט.

— ווארום האט מיין פאטער ניט אפגעגעבען דאס געלד צו מאדאם מישעל.

— דאס האבען מיר אויך געפרעגט, אבער אייער פאטער האט וויא עס שיינט געהאט זיינע אייגענע גרינדע דערצו און האט זאגאר אליין מיטגעטהיילט דעם געריכט אז דאס געלד איז געפינען געווארען. דיא פערזיכערונגס־געזעלשאפט האט נאטירליך

באלד ארויפגעליינט בעשלאג אויף דאס געלד און פארערט עס פיר זיך. געסטערן האט עס אונזערע אונגליקליכע פריינדין ערפאהרען פון א געריכטס־דיענער, און דאן איז זיא אזוי אויפגערעגט געווארען אין איהר שמערץ, דאס זיא האט מעהר ניט געוואלט אנ־קוקען דאס פארטרעט. ענטשולדיגט איהר דיעזע איבעראיילונג.

— ניט נאר איך ענטשולדיג איהר, נאר איך וואלט זיא אויך וועלען זעהן.

— נאך איין אויגענבליק, מיין פריילין, און איך וועל אייך צו איהר בעגלייטען.

— גוט! אבער פריהער, ליעבער ווערן, גיט מיר דאס פארטרעט.

— אבער, מיין פריילין!

— איך בעט אייך זעהר!

ווערן האט איהר צענערנדיג צוריקגעגעבען דאס בילד וועלכעס זיא האט איינ־געוויקעלט אין א פאפיער און האט עס אריינגעליינט צו זיך אין טאשע.

דער געריכטס־דיענער האט דערווייל געענדיגט זיינע ארבייט פון פארצייבענען דיא געגענשטענדע און איז מיט זיינעביידע העלפער אוועקגיגאנגען, צו דער גרעסטער פריידע פון ווערן, וועלכער האט שוין אנגעהויבען אונגעדולדיג צו ווערן. ער האט פאר־שלאסען דיא טירען און האט פערלאזען דאס הויז אין דער בעגלייטונג פון נינא. אונ־טען איז איהם דער הויזמייסטער געקומען אנטקעגען און האט געפרעגט:

— וואו געפינט זיך איצטער מאדאם מישעל?

— וואו איהר געפעלט; ווארום פרעגט איהר דאס?

— ווייל איך האב מורא דער מאנאט דירה־געלד זאל מיר ניט פארלארען געהן. ווען דער אייגענטהימער פרעגט מיך וועגען דעם, וואס זאל איך איהם ענטפערן?

— זאגט איהם אז איך וועל צו איהם קומען און איהם בעצאהלען. איצטער לאזט מיך צו רוה.

מיט דיא ווערטער האט ווערן פארלאזען אין העכסטען צארן דאס הויז.

נינא האט איהם איבערראשט אנגעקוקט און האט געזאגט:

— אזוי אין כעס וויא היינט האב איך אייך נאך קיינמאהל ניט געזעהן, מיין גוטער ווערן.

— איהר דיינקט אזוי, מיין פריילין? נו, איך מוז צוגעבען דאס אפטמאהל דער־קען איך זיך אליין ניט.

אנקומענדיג צו זיך אהיים האט ווערן געבעטען דאס יונגע מיידיל א ווילע צו ווארטען אין שפייזע־צימער, און איז אליין אריינגעגאנגען אין מאדאם מישעל׳ס צימער, וואו ער האט דיא אלטע פרוי געפונען בעטראכטענדיג מישעלס בילד.

— איך ווארט שוין אויף אייך אזוי לאנג — האט זיא געזאגט צו ווערן — איך וויל מיט אייך אויסגעהן.

— וואוהין?

— נאך מיין וואהנונג. איהר ווייסט דאך אז יענע מענער וועלען ווידער קומען.

— דאס לאזט שוין איבער פאר מיינע זארגע — האט ער געענטפערט כמעט שטרענג — איהר זאלט און דארפט זיך אין אזעלכע אנגעלעגענהייטען ניט מישע — און פון היינט אן זאלט איהר נאר פאלגען וואס איך זאג אייך.

דיא פרוי האט איהם פערוואונדערט אנגעקוקט.

— יא, יא, איך מיין דאס ערנסט — איבעריגענס ווארטעט אין שפייזע־צימער א יונגע דאמע, וועלכע וויל מיט אייך ריידען.

— פריילין נינא?

— געטראפען! קומט געפעליגסט אריין, פריילין! — האט ער געזאגט עפענענ־דיג דיא טהיר — און נינא איז האסטיג ארייגעלאפען גלייך אין דיא ארעמס פון דער אלטער פרוי, וועלכע זיא האט הערצליך געקיסט.

— זעה איך אייך ענדליך ווידער! — האט מישעל׳ס מוטער אויסגערופען, קי־סענדיג דיא יונגע מיידיל אויפ׳ן שטירן.

— א, איך וואלט שוין לאנג ביי אייך געוועזען — האט נינא געענטפערט, רויט־ווערנדיג איבער דיעזען פארוואורף — אבער צייט יענעם אונגליקליכען טאג פון מישעלס פערהאפטונג לאזט מען מיך ניט ארויס פון שטוב. נור דורך קונצען איז עס מיר היינטיגעס מאהל געראטען זיך ארויסצוכאפען. עס האט מיך געצויגען צו אייך, אייך היינט צו זעהן, אזוי וויא איך האב גערעכענט דאס צו אייער אונגליק האט איהר גע־וויס נאך אנדערן קומער אויך.

— איהר ווייסט אלזא דאס היינט ווערט מיין זאהן אוועקגעפיהרט פון דער שטאדט?

— איך ווייס עס — אבער איך האף נאך אימער אז דער שוידערליכער איר־טהום וועט זיך אויפקלערן. עס איז דאך אונמעגליך אז מען זאל זיינע אתשולד ניט איינזעהן.

— מיין פערטרויען אויף דיא מענשליכע גערעכטיגקייט איז אויסגעשעפט, איך וועל זיך פון איצטער אן פארלאזען אויף זיך אליין.

— וויא מיינט איהר דאס?

— גלויבט איהר דאס איך וועל צולאזען אז מיין מישעל זאל לעבען אונטער גנבים און רויבער? מיר וועט דאך געלינגען איהם צו בעפרייען, טראץ דעם וואס מען

האט אלעס פון מיר אוועקגענומען, און הערר ערמאָנד אליין האט ניט געפיהלט קיין געוויסענסביסע ווען ער האט אוועקגינעבען א פרעמדען אלעס וואס מיין זאָהן האט אין אזוי פיעל יאָהרען אפגעשפאָרט. דיא געוויסענלאָזע האָבען זיך פערשוואָרען געגען אונז!

— בערוהיגט זיך, מאדאם מישעל! — האט ווערן געזאגט און האט איהר צונג־וואונקען, אָנווייזענדיג אויף דאס יונגע מיידיל וועלכע האט שטיל געוויינט.

— אָ, פערצייהונג, ליעבע נינא! — האט דיא אונגליקליכע מוטער געבעטען — דער שמערץ האט פערווירט מיינע אלע חושים, אז איך ווייס שוין גאָר ניט וואס איך רייד; דער קאָפּ צופאלט מיר אין שטיקער.

— איך דארף אייך בעטען אום פערצייהונג פיר מיין פאטער — האט נינא גע־ענטפערט מיט טרעהרען — איך ווייס ניט אויב ער האט יענעס געלד ווירקליך אויס־געליעפערט און ווארום ער האט עס געטהאן, אבער וויא דיא זאכע איז, איך בין זיכער אז ער וועט אייך דעם בעטראג צוריק ערזעטצען; און אויב ער וועט עס ניט טהאָן, דאן טהו איך עס. וויא איך האב געהערט וועט דיא פייער־פערזיכערונגס־געזעלשאפט אונז אויסצאָהלען איינע ענטשעדיגונג פון פיער מיליאָנען פראנק. דיעזע מיליאָנען גע־הערען אבער כמעט אין גאנצען צו מיין פערמעגען, וואס מיין מוטער האט מיר איבער־געלאָזען. ווער וועט מיר דען שטערן איך זאָל אייך גוט מאכען אייער פערלוסט וואס איהר האט געליטען דורך מיין פאטער?

— מיין ליעבעס קינד, איבער יענעס פערמעגען וועט איהר ערשט קענען זאגען א דעה ווען איהר וועט ווערען מינדיג; דערוויילע אָבער שטעהט עס אונטער דער פערוואלטונג פון אייער פאטער. לאָמיר אלזאָ דערפון ניט מעהר ריידען.

— אבער פון דעסטוועגען וועל איך נאך היינט פראָבירען ריידען מיט מיין פא־טער וועגען דעם, און איך האָף אז איך וועל דאס ביי איהם אויסווירקען.

— אה ניין, מיין פריילין, רעדט ניט מיט אייער פאטער דערפון — האט ווערן זיך אריינגעמישט אין געשפרעך, וועלכעס ער האט מיט אונגעדולד צוגעהערט — איך קען א מאן וועלכער וועט שוין זאָרגען דערפאר אז מאדאם מישעל זאָל פון דעם פער־לוסט ניט זעהר ליידען.

— קען איך וויסען ווער דאס איז?

— איינער וועלכער וויל ניט מען זאָל וויסען ווער ער איז.

טראָץ אלע בעמיהונגען פון נינא און זאָגאר פון מאדאם מישעל אליין, האָבען זיי פון איהם ניט געקענט אויסגעפינען ווער דער מאן איז. נינא האט ענדליך גענומען

צערטליכען אבשיעד פון מישעלם מוטער און איז אוועקגינאנגען, בעגלייטעט פון ווערן, וועלבע האט איהר צוגעפיהרט צום וואגען וואס האט זיא דרויסען ערוואַרטעט.

— — — — — — — — — —

צוריק קומענדיג נאך דער וואהנונג פון דער גרעפין ברעסטאָווסקי האט נינא געפונען איהר פאטער זיצענדיג אליין אין זאל און בלעטערנדיג עטליכע אילוסטרירטע זשורנאלען וועלבע זיינען ערשט אנגעקומען.

ניט דיינקענדיג איין אויגענבליק האט זיא זיך געווענדעט צו איהם מיט דער פראגע:

— ווייסט דוא, פאפא, וואס עס געהט איצטער פאָר ביי מאדאם מישעל?

— קומסט דוא פון דאָרטען? — האט ער פון זיין זייט געפרעגט — און איך האב געמיינט אז ווען איך האב דיר פארזאגט ניט צו געהן אהין, ועסטו מיר זיכער פאָלגען.

— און איך האָב געמיינט אז איך וועל היינט דאדורך ערפילען א הייליגע פפליכט.

— אָהאָ, וואס פאר א שפּראכע! ערלויב מיר צו בעמערקען, אז איך האב דאס רעכט צו ענטשיידען דיינע פליכטען. איך בעט דיך נאך אמאָהל גאנץ ערנסט ניט צו בעטרעטען דיא שוועל פון מאדאם מישעל, דען עס פאסט זעהר ניט, אז דיא טאָכטער פון ערמאָנד זאָל בעזוכען דיא מוטער פון יענעם מאן, וועלכער וועט היינט אוועקגעשיקט נאך נייקאלעדאָניען אלס פערורטהיילטער פערברעכער.

— דוא האסט גאָר קיין מיטלייד! — האט איהם נינא אונטערבראָכען.

— ווארום דען? דערפאר וואס איך רייד פון א פאקט איבער וועלבע אלע זשורנאלען שרייבען? גוט, ווען דוא ביסט איצטער ניט אין אזא שטימונג דערפון צו ריידען, דאן לאָמיר דאס לאָזען אויף שפּעטער. — וויא איך פארשטעה פון דיין ערשטע פראגע ביסטו געווען ביי מאדאם מישעל פונקט אין דער צייט ווען מען האט איהר הויזדווירטשאפט אין בעשלאג גענומען?

— דוא האסט געוואוסט דערפון?

— געוויס!

— און דוא האסט עס צוגעלאָזען?

— ווארום האב איך עס דען געזאָלט ניט צרלאָזען?

— דוא ווילסט אלזאָ דולדען, אז דיא אונגליקליכע פרוי זאָל אין גאנצען צו גרונדע געהן?

— מיין קינד, לאָז מיר צורוה מיט אזעלכע טענות! דיינע פאנטאזיעס פּאַ־סען זיך ווייניג צום פּראַקטישען לעבען.

— און דאָך קען איך מיך ניט אָפּזאָגען פון מיינע געדאנקען. איך קען אויך ניט גלויבען אז דו ווילסט ניט איבערגעבען מאדאם מישעל דאָס געלד וואָס זיהר זאָהן האָט אין יאָהרען אָפּגעשפּאָרט.

— ווי? דו מיינסט איך זאָל איהר ארויסגעבען דאָס געלד?

— געוויס!

— דאָס איז אונמעגליך!

— דו האָסט עס שוין אַלזאָ איבערגעגעבען צום געריכט?

— נאָך ניט, אָבער די טעג וועל איך עס מוזען איבערגעבען.

— דאן אָבער וועסט דו ווייניגסטענס דער ארעמער פרוי אומקעהרען איהר שאדען אזוי שנעל ווי דו וועסט ערהאלטען דיין געלד פון דער פערזיכערונגס־געזעלשאפט?

— ניט איין סו וועל איך איהר אומקעהרען!

— ניין? דאן וועל איך עס טהאָן!

— דו וועסט עס ניט טהאָן!

— געוויס וועל איך עס טהאָן אזוי שנעל ווי איך ווער מינדיג.

— דו ווילסט מיר ווייזען אז די פאמיליע מישעל איז דיר ליעבער ווי דיין פאָטער?

— ווי מיינסטו דאָס?

— הער מיך אויס, מיין קינד — האָט הערר ערמאָנד געזאָגט אין א בעלעה־רענדען טאָן — דו בילדעסט זיך פיליכט איין אז די פערזיכערונגס־קאָמפּאַניעס צאָהלען די ענטשעדיגונג גלייך ווי עס ברענט וואָס אָפּ, דאן האָסטו אָבער א גרוי־סען טעות. א בעוויז האָסטו, אז ביז היינט האָב איך נאָך מיין געלד ניט ער־האלטען, און וועל עס ניט האָבען ביז עס וועט זיך ענדיגען די אונטערזוכונג.

— וועלכע אונטערזוכונג?

— פון דער קאָמפּאַניע, וועלכע זוכט זיך צו איבערצייגען, אויב דער פער־זיכערטער האָט ניט אליין דאָס פייער אונטערגעלייגט.

— מען האָט דאָך אָבער געזאָגט אז אַלעקסאנדער מישעל איז דער שול־דיגער?

—געוויס! דאָס געריכט האָט איהם זאָגאר פיר שולדיג ערקלערט, אָבער דאָס איז נאָך פיר די קאָמפּאַניע ווייניג. מישעל איז געווען מיין אָנגעשטעלטער ביז צו

דעם טאָג פון דער שרפה, און ווייסט דו וואָס פאַר אַ חשד די דירעקטאָרען האָ־בען? מען מיינט, אז די צאַנקעריי צווישען מיר און מישעל איז נאָר געוועזען אַ געמאַכטע, און מיר האָבען שוין פריהער אַלץ געהאַט אָפּגעמאַכט אונטער אונז; דאָס פייער, זאָגען זיי, איז מיט מיין ידיעה אונטערגעלייגט געוואָרען, און איך האָב געהאַט איין אינטערעסע דערביי, אז די פאַבריק און די וואָהנונג זאָל צו־שטערט ווערען!

— דאָס איז שענדליך! — האָט נינאַ אויסגערופען.

— געוויס! און גאַנץ געגען שכל! און דאָך איז אַזאַ פאַראויסזעטצונג אויסגעשפּראָכען געוואָרען.—וואָס אַלזאָ קען מען דיינקען ווען מען דערוויסט זיך אז דו, מיין טאָכטער, בעזוכסט די מוטער פון דעם בעשולדיגטען? און וואָס וועט מען זאָגען ווען איך זאָל מישעל אַוועקגעבען זיין פערמעגען אָדער אפילו אומקעה־רען זיין שאַדען פון מיין געלד? מען וועט מיר זאָגען: איהר זייט דער מיט־שולדיגער פון מישעל, וועלכער האָט אונטערגעצונדען די פאַבריק און דעם האַלץ־פאַרראַטה מיט אייער ידיעה.—און דעריבער בעט איך דיך, מיין טאָכטער, דו זאָלסט מיר פאָלגען און מיך אויסהיטען פון אַזעלכע נאַכריידענים.

פון דעם טאָג אָן האָט נינאַ ניט מעהר געוואָגט אויסצושפּרעכען לויט מי־שעל'ס נאָמען. אַזוי ווי איהר פאָטער איז אימער צו איהר געוועזען זעהר פריינדליך, און די גרעפין האָט איהר געוויזען זעהר פיעל אויפמערקזאַמקייט, האָט זי זיך ביסלעכווייז צוגעוואוינט צו דעם אויפענטהאַלט אין דעם הויז פון דער פרוי אַנטקעגען וועלכער זי האָט פריהער געהאַט אַזאַ שטאַרקער ווידערווילען.

הערר ערמאַנד האָט נאָך אימער געוואוינט אין אונטערסטען שטאָק צוזאַמען מיט געראַלד ווערניי. דעם פאַרמיטאָג פלעגט ער מייסטענס צוברייגנעןביים שרייב טיש, וואו ער פלעגט זיך געבען דעם שיין דאָס ער בעזאָרגט פערשיעדענע געשעפטען; געגען מיטאָג פלעגט ער רעגעלמעסיג געהן מיט דעם „פירסטען" אין קלוב שפּייזען, און פלעגען זיך דאן אויסאייינאַנדערגעהן, געראַלד צו מאַכען בעזוכע, ווי ער פלעגט זאָגען, און ערמאַנד, איינצולאַדען די גרעפין און זיין טאָכ־טער צו אַ שפּאַציר־פאַהרט אין בוא־דע־בולאָן (פאַריזער בעריהמטער פאַרק). דאָרטען פלעגט זיי אַמאָל קומען אַנטקעגען געראַלד רייטענדיג, ער פלעגט בעגרי־סען די דאַמען העפליך און רייטען ווייטער, ווי אַ מאַן פון דער העכסטער אַריס־טאָקראַטיע, וועלכער איז העפליך אפילו מיט דער אייגענער פאַמיליע.

ווען געראַלד פלעגט זיין צו מיטאָג ביי זיין שוועסטער, פלעגט ער שטענדיג קומען אין אַ פעסטליכען אַנצוג; ער פלעגט זיך בענעהמען געגען נינאַ זעהר אַר־טיג און קאַלט, און פלעגט איהר קיינמאָל ניט מאַכען קיין קאָמפּלימענטען, און ני־

נא איז איהם זעהר דאנקבאר געוועזן דערפאר. אויך אָלגא האָט זעהר זעלטען גע־רעדט צו דער מיידעל וועגען איהר ברודער, און דאָס נור זעהר גלייכגילטיג. אמאָל נאָר פלעגט זי זאָגען צו ערמאַנד מיט א געוויסער אבזיכט:

— איך בעט אייך אכטונג צו געבען אויף מיין ברודער. אין רוסלאַנד האָט ער געהאט וועלכע פעלע פון הערצענס אנגעלעגענהייטען מיט שעהנהייטען, און איך וואָלט ניט וועלען אז דאָ זאָל ער מאכען אזעלכע פערבינדונגען.

אָפטמאָל, ווען די גרעפין איז געזעסען אליין מיט נינא האָט זי איהר גע־זעהן אויפצומונטערן, אָבער דאָס איז איהר קיין מאָל ניט געלונגען אין גאַנצען.

— איין מאָל, ריידענדיג מיט נינא, האָט זי פלוצלונג א פרעג געטהאָן:

— האָט איהר אין די לעצטע צייט געהאט וועלכע נאכריכט פון יענער אונ־גליקליכער מוטער?

נינא איז געוואָרען זעהר פערלעגען און האָט לאַנגזאַם געענטפערט:

— איהר ווייסט דאָך גרעפין אז מיין פאָטער האָט מיר פערבאָטען...

— איך ווייס עס גאַנץ גוט! — האָט איהר די גרעפין אונטערבראָכען — אָבער די מאַנסלייטע האָבען אין אזעלכע זאַכען צו קליינע הערצער. ווען מיר זיי־נען אונטער זיך מעגען מיר שוין דערפון ריידען. איך וויל אייך זאָגען די װארהייט דאָס איך האָב מיך גענוי ערקונדיגט און האָב ערפאהרען אז מאַדאַם מישעל איז ערנסט קראַנק געוועזן, זי פיהלט זיך אָבער איצטער ווידער בעסער. איך אינטע־רעסיר מיך זעהר פיר דיעזע אָרעמע פרוי און וואָלט איהר גערן צוגעשיקט וועל־כע אונטערשטיצונג.

— זי וועט קיינע אונטערשטיצונג אָננעהמען — האָט נינא פערזיכערט.

— ווארום ניט? זי נעהמט דאָך אַן אונטערשטיצונג פון דעם אַלטען ווערק־מייסטער וועלכער איז געוויס ניט רייך; איך האָב געהאט בדעה איהר צוצושיקען א בילעט פון 1000 פראַנק אין א קאָנווערט, אָן איין וואָרט, אויסער די אדרעסע.

א היבשע ווײַלע האָט נינא איבערלייגט, דאַן האָט זי געזאָגט:

— איך וויל אייך ניט אָבראַטהען, פיליכט וועט עס איהר ווירקליך העל־פען; אָבער איהר וועט מיר ערלויבען איך זאָל א העלפט דערצו בייטראַגען.

— פון הערצען גערן, ליעבעס קינד.

נאָך דעמזעלבען טאָג איז א באַנקנאָטע פון טויזענד פראַנק אָפגעשיקט גע־וואָרען אויף די אדרעסע: מאַדאַם מישעל, ביי הערר ווערן.

אויף מאָרגען גאַנץ פריה, אַלס נינא איז ערשט אויפגעשטאַנען, איז איהר אָנ־געמעלדעט געוואָרען דאָס איין עלטערער מאַן וויל מיט איהר ריידען. זי איז שנעל

ארויס אין זאאל, עראטהענדיג אום וואס דא האנדעלט זיך און האט געפונען ווערן ווארטענדיג.

— וואס איז געשעהן ? — האט זי געפרעגט מיט אונרוהע.

— ניכטס בעזאנדערס, מיין פריילין ; איך ברייננ אייך נור דאס צוריק— און דערביי האט דער אלטער מאן ארויסגענומען דעם קאנווערט מיט די באנק־נאטע און עס דערלאנגט נינא. דיעזע האט זיך געמאכט ניט פערשטעהענדיג :

— איך וויים ניט וואס איהר זאגט, מיין גוטער ווערן.

— א, מיין פריילין, אמפערט זיך ניט מיט מיר. מיר האבען גלייך פער־שטאנען, אז דאס קומט פון אייך ; נור אזוי ווי מאדאם מישעל נייטיגט זיך ניט אין געלד און וויל קיין זאך ניט אננעהמען, האט זי מיך געבעטען אייך דאס צוריק צו ברייננען.

דאס זאגענדיג האט ער אוועקגעלייגט דעם קאנווערט אויפ'ן טיש, דאן האט ער זיך פארנייגט און אנגעהויבען צו געהן צום טהיר, אלס נינא האט איהם אויפגעהאלטען מיט דער פראגע :

— וואס מאכט אונזער ליעבע אלטע פריינדין ?

— עס געהט איהר איצטער וויעדער בעסער.

— ערשט געסטערן האב איך ערפאהרען, אז זי איז קראנק און האב איהר געוואלט פערשאפען איין ערלייכטערונג. האט זי זיך בעליידיגט ?

— א ניין, פריילין — זי האט געוואוסט, אז דאס קומט פון אייך. אויך איז זי איצטער פיעל געפאסטער און רוהיגער אלס פריהער.

— זאגט איהר דאס איך דיינק פון איהר אימער.

— דאס וועט איהר זעהר פרייען.

א קורצע ווײלע איז געווען א פיינליכע שטילקייט, דאן האט נינא געפרעגט שטיל :

— האט איהר וועלכע נאכריכט פון — —

זי האט ניט געוואגט מישעל'ס נאמען ארויסצורײדען און ווערן האט איהר ארויסגעהאלפען :

— מיר ווייסען נאר אז די שיף וועלכעס האט אוועקגעפיהרט די געפאנגע־נע האט פארלאזען דעם פראנצויזישען ברעג, און דאסביידע געפאנגענע זיינען געוועזען געזונד. מישעל איז געווען שטאנדהאפט ווי אימער, און מארקום פעלי־סער האט ווידער אנגעהויבען צו מאכען שפאס און צו זאגען זייער וויצען ווי אמאל.

צוטרעטענדיג גאַנץ נאָהענט צו ווערן, האָט נינאַ געזאָגט גאַנץ שטיל:
— ווען איהר שרייבט איהם, פערזיכערט איהם אַז מיינע געזינונגען זיינען די זעלביגע ווי פריהער, און דאָס איך וואַרט אויף איהם.
— איך האָב קיין מאָל ניט געצווייפעלט אין אייער אויפריכטיגקייט, מיין פריילין — האָט ווערן געענטפערט אין טיעפסטער ריהרונג.
אין דעם אויגענבליק האָט זיך געעפענט די טהיר און הערר ערמאַנד איז איינגעטרעטען, אַנגעקליידעט צום אויסגעהן, מיט אַ פּעקעל פּאַפּיערען אונטערן אָרעם. גאַנץ איבערראַשט צו געפינען זיין ווערקמייסטער דאָ, האָט ער געפרעגט:
— וואָס פיהרט אייך אַהער, ווערן?
— נינאַ איז געוואָרען זעהר צומישט און האָט ניט געהאַט וואָס צו ענט־פערן; ווערן אָבער האָט געענטפערט גאַנץ רוהיג.
— איך האָב מיך געוואָלט געזעגענען מיט פריילין נינאַ; זי איז אימער גע־ווען אַזוי פריינדליך צו מיר, דאָס איך האָב ביי מיר ניט געקענט פועלן אוועק־צוגעהן, איידער איהר צו זאָגען מיין „זייט געזונד".
— ווי? וואָס זאָל דאָס בעדייטען?
— אויב איהר וועט נאָך היינט זיין אין סאינט־דעני וועל איך מיר ערלויבען צו געבען אַ וויטערע ערקלערונג.
— ניין, איך קען היינט אין סאינט־דעני ניט זיין; דערקלערט מיר בעסער איצטער.
— הערר ערמאַנד האָט זיך אַנידערגעזעצט און האָט דעם אַלטען ווערקמיי־סטער אָנגעקוקט שאַרף אין געזיכט אריין. נאָר אַזוי ווי דיעזער האָט געשוויגען, האָט ערמאַנד געפרעגט גאַנץ בייז:
— איהר ווילט אוועקגעהן פון מיר?
— יאָ!
— איידער איהר האָט מיר דערפון געלאָזט וויסען?
— דאָס האָב איך דאָ היינט געוואָלט טהאָן!
— און ווער זאָגט אייך אַז איך וועל אייך ערלויבען צו געהן?
— אַזוי ווי די זאַכען שטעהען איצטער קען איך מיך בעגעהן אָהן אייער ערלויבניס.
— איך האָב פון אייך ערוואַרטעט מעהרער אנהענגליכקייט, ווען ניט פיר מיך, איז מינדעסטענס פיר אונזער פאַבריק.
— אונזער פאַבריק עקזיסטירט ניט מעהר.

— פון וואַנען ווייסט איהר אז איך וועל ניט אויפבויען א נייע ?

— דאָס וועט דאָך ניט זיין די זעלביגע וואָס פריהער. — דער פּלאַטץ איז איצטער אָבגערייניגט און פריי, און איך מעג דיינקען אז איהר קענט אויסקומען אָהן מיר.

ערמאָנד האָט ערנערליך געקוקט פאר זיך אויף דר'ערד און האָט געשוויגען. ער האָט אפילו נאָך ניט געוואוסט בעשטימט אויב ער וועט צוריק אויפבויען די פאַב־ריק; אין פאל ווען ער זאָל עס טהאָן דארף ער האָבען ווערן'ס טהעטיגקייט און ער האָט אויף איהם גערעכענט. ער האָט געוואוסט וואָס פאר א ניצליכער מענש ווערן איז און ווי פיעל ער קען לייסטען ביי דער עררייכטונג פון דער פאַבריק. נאָך א קורצען שווייגען האָט ער ענדליך געזאָגט צו ווערן:

— און ווען איך זאָל אייער טהעטיגקייט דאָך נאָך בעדארפען ?

— דאַן וועל איך טראָץ דעם דאָך ניט מעהר בלייבען דאָ.

— ניין ? איהר ווילט אלזאָ אָננעהמען א שטעלע אין אנאַנדער פאַבריק וואָס קאָנקורירט מיט אונז ?

— אָ, ניין, איך וועל גאָר קיין שטעלע ניט אָננעהמען.

— פון וואָס דענקט איהר דען צו לעבען ?

— פון דעם ביסעל געלד וואָס איך האָב אָבגעשפּאָרט.

— וועלכע איהר האָט פערדיענט אין אונזער פאַבריק ?

— גאַנץ רעכט — פון דעם געלד וואָס איז מיר בעצאָהלט געוואָרען פיר מיינע ארבייט, פון וועלכער אונזער אַמאָליגע פאַבריק האָט פערדיענט.

— איך געפין יעדענפאלס אז איהר האָט גאָר קיין אייגזעהן ניט אונז אזוי שנעל צו פערלאָזען.

— געוויסע אומשטענדע צווינגען מיך דערצו.

— פון מיינטוועגען זאָל זיין אזוי ! — איך בין דאָך אָבער אייך נאָך שול־דיג דעם לאָהן פון דער צייט וואָס די פאַבריק האָט אָפּגעברענט ביז איצטער ?

— גוט, דאָס האָף איך אויך צו קריגען. וואָס מיר קומט וועל איך זיכער ער־האַלטען.

— קען איך פיללייכט ערפאהרען אויס וועלכען גרונד איהר ווילט אויסטרע־טען פון מיין דיענסט ?

— ניין.

— ווייסט איהר, הערר ווערן, דאָס איהר זייט מיר שולדיג מעהר אכטונג ווי איהר וויזט מיר ?

— איך מיין אייך ניט צו בעלײדיגען; אָבער איך בין ניט געוואוינט זיך צו חנפ'נען.

הערר ערמאַנד איז אויפגעשפּרונגען פון זיין זיטץ אין העכסטער אויפרע־גונג און האָט עטליכע מאָל אריבערשפּרייזט דעם זאַל. ביז איצטער האָט נאָך קיי־נער פון זיינע אַנגעשטעלטע געוואגט מיט איהם אזוי צו ריידען. זעהר גערן וואָלט ער דעם אונפערשעמטען געענטפערט גראָב, אָבער ער האָט עס ניט געוואגט אין דער געגענוואַרט פון נינאַ. ער האָט זיך דעריבער צוריקגעהאַלטען מיט אַלע קרעפ־טען אום ניט ארויסצואווייזען זיין כעס, און צוטרעטענדיג נאָהענט צום איינגע־שפּארטען אלטען מאַן, האָט ער געזאָגט, כלומרשט גאַנץ רוהיג:

— ווערן, איך וויל ניט בעשטרייטען אַז איהר האָט דאָס רעכט פון מיין דיענסט אָוועקצוגעהן, אָבער איך קען ניט בעגרייפען פאַר וואָס איהר ווילט פון מיר נעהמען אזאַ זאַנדערבאַרען אבשיעד? אזוי ווייט איך קען מיך עראינערן בין איך אייך קיינמאָל ניט געטרעטען צו נאָהענט, בין אייך קיינמאָל ניט גראָב אַנגעקומען, און דאָך קען מען דיינקען, לויט אייער יעצטיגען בענעהמען זיך, דאָס איהר האָט זיך צו בעקלאָגען געגען מיך. אויב דאָס איז ווירקליך אזוי, דאַן בעט איך אייך מיר דאָס אָפען ארויס צו זאָגען.

ווערן האָט אַ ווײלע געקוקט שטאַר, שוויגענדיג און דאַן האָט ער פּלוצ־לונג געזאָגט:

— ערלויבט מיר בעסער צו נעהמען אבשיעד פון אייך — דערביי האָט ער זיך פארנייגט און האָט זיך אומגעקעהרט צום געהן.

— ניין, ניין, ווערן! — האָט ערמאַנד ארויסגערופען פארלויפענדיג איהם דעם וועג — איך וויל וויסען וואָס איהר האָט געגען מיך.

— לאָזט מיך שוויגען, איך בעט אייך.

— דאָס קלינגט אזוי ווי האָס! האָט איהר ווירקליך אַ שנאה געגען מיך?

ווערן האָט זיך אויפגעריכטעט, און אַנקוקענדיג זיין פריהערדיגען שעף שאַרף אין געזיכט, האָט ער געזאָגט:

— אויב איהר ווילט עס דורכאויס וויסען — יאַ, איך האָס אייך, איך פעראַכט אייך!

— פאַר וואָס?

— דאָס קען איך איצטער ניט זאָגען און וויל עס ניט!

— איז דאָס אייער דאַנקבאַרקייט?

— איך בין אייך קיינע דאַנקבאַרקייט ניט שולדיג.

נו גוט, געהט געזונדערהייד! איך וויל אייך ניט מעהר צוריקהאלטען. איך וויל אייך אפילו מוחל זיין אייער בענעהמען זיך געגען מיך, וועלכעס שמעקט אביסעל מיט חוצפה, און אום אייך צו בעווייזען דאס איך בין ניט אונדאנקבאר וועל איך אייך זאגען, דאס איך אנערקען אייערע טרייע דיענסטע און גיעב אייך צום אבשיעד מיין האנד.

ער האט אויסגעשטרעקט זיין האנד צו וועתן, דיעזער אבער האט זיך שוויי־גענדיג פערביינגען און האט געטהאן א טריט צוריק:

— ווי?! — האט ערמאנד אויפגעברויזט — איהר ווייזט צוריק מיין האנד?

— איך בעט אייך זעהר מיך אוועקצולאזען — האט וועתן געענטפערט — ווען אייער טאכטער איז דערביי קען איך עס איבער מיך ניט ברייגנען מיך אויסצושפרעכען.

— אבער דאך, ליעבער וועתן — האט נינא געבעטען ערנסט — איך פער־לאנגג צו וויסען ווארום איהר ווייזט צוריק מיין פאטערס האנד?

— יא, יא, רעדט, איך וויל דאס וויסען! — האט ערמאנד געשריען.

— איהר צווינגט מיך דערצו? — האט וועתן געענטפערט זיך קעהרענדיג צו ערמאנד — נו, גוט, איהר זאלט עס וויסען! איך וויל מיין האנד ניט ארייג־לייגען אין אייערע דער פאר וואס איהר האט פאלש עדות געזאגט געגען אלעק־סאנדער מישעל.

— הא? אזוי איז עס? — האט ערמאנד געלאכט מיט גאל — איצטער זעה איך אז איהר האט פעלארען אייער שכל.

— א, ניין, מיין פערשטאנד איז קלאר און געזונד. איך וויים זעהר גוט דאס ניט איהר אליין האט אין יענעם טאג געזאגט ליגען — אבערווארט א בי־סעל, עס וועט אלעס נאך רעכט ווערן.

— איך זעה איין אז איך האב מיט אייך צו פיעל געדולד געהאט — ארויס!

— זייט רוהיג, מיין הערר, איך פאהר אוועק פון פראנקרייך, אבער ווען איך קום אמאל צוריק דאן וועט שלאגען די שטונדע פון בעצאהלונג.

וועתן איז שנעל אוועקגעגאנגען, וועהרענד נינא האט זיך פעררוקט אין א וויג־קעל פון קאנאפע, אויף וועלכער זי איז געזעסען, און האט ביטערליך געוויינט.

— נו, זעהסט דו שוין פאר וועלכע לייטע דו האסט זיך אימער אינטערע־סירט? — האט ערמאנד געשריען אין אויפרעגונג — אדער איז עס דיר נאך ווענינ דאס דיעזער מענש האט מיך אין דיין געגענווארט אזוי גראב בעליידיגט?

— א, פאטער — האט נינא געבעטען — פערציי דעם ארעמען אלטען מאן — ער לאזט זיך היגרייסען דורך זיינע פריינדשאפט צו דער פאמיליע מישעל.

— ווי נאַכזיכטיג איך האָב דעם אַלטען נאַררען בעהאַנדעלט! איך האָב גע־מיינט ער איז בייז אויף מיך, פיליכט האָב איך איהם ניט־וויסענדיג בעליידיגט, און איך וואָלט עס גערן ווידער גוט געמאַכט! — וואָס לאָזט זיך גאָר אויס!
— א משוגענע בעשולדיגונג!

נינא האָט צוגעשטימט, צוניקענדיג מיט׳ן קאָפּ צו איהר פאָטערס ווער־טער, וועהרענד דיעזער האָט ווייטער געזאָגט:

—ער וואגט צו זאָגען אַז איך האָב פאַלש עדות געזאָגט געגען אַלעקסאַנדער מישעל, וועהרענד אין אמת׳ן האָב איך איהם די גאַנצע צייט פערטהיידיגט.

אין דעם אויגענבליק האָט ערמאָנד בעמערקט אויפ׳ן טיש דעם קאָנווערט וואָס ווערן האָט צוריקגעבראַכט.

— וואָס איז דאָס? — האָט ער געפרעגט, נאָכדעם ווי ער האָט איבערגע־לייענט די אַדרעסע.

— איך בין בעגאַנגען איינע אונפאָרזיכטיגקייט, ליעבער פאָטער — האָט נינא שטיל מודה געוועזען—איך זאָג דיר אָבער צו, מעהר וועט עס ניט געשעהן.

— דו האָסט דער אַלמנה מישעל געלד געשענקט? — האָט דער פאָטער געזאָגט, אַלס ער האָט בעמערקט די באַנקנאָטע אין קאָנווערט.

— די גרעפין האָט אויך מיט דער אונגליקליכער אַלטער פרוי אַזוי פיעל רחמנות ווי איך, און מיר האָבען איהר ביידע געשיקט די באַנקנאָטע, ניט זאָגענ־דיג פאַר וואָס און פון וועמען. זי האָט אָבער געטראָפען פון וואַנען דאָס קומט און האָט עס דורך ווערן צוריקגעשיקט.

אין דעם אויגענבליק איז איינגעטרעטען די גרעפין אין עלעגאַנטער מאָר־גען קליידונג:

— וואָס איז דאָ פאָרגעפאַלען, הערר ערמאָנד? מאַכענדיג מיין טואַלעט האָב איך דאָ געהערט זעהר לויט ריידענדיג. איך וויל ניט גלויבען, אַז איהר מאַכט אייער טאָכטער פאָרווירפע.

— איך האָב אפילו אורזאַכע פאָרווירפע צו מאַכען, ניט נור מיין טאָכטער, נאָר אפילו אייך אויך, ליעבע גרעפין, ווייל איהר פאַרפיהרט מיין טאָכטער צו אונפאָרזיכטיגקייטען — האָט ערמאָנד געענדיגט מיט אַ שמייכעל.

— ווי זאָל איך דאָס פערשטעהן?

— פרעגט נאָך מיין טאָכטער, זי וועט עס אייך שוין ערקלעהרען — פיר מיך אָבער בעט איך די ערלויבניס, צו געהן צו מיינע געשעפטען.

—ער האָט זיך העפליך פאַרנייגט און האָט פערלאָזען דעם זאַל מיט דער

וויכטיגקייט פון א מאן וועלכער האט בדעה דורכצוהאלטען מיליאָנען אין די פינגער.

די גרעפין האט געהאט פיעל מיהע ביז איהר איז געלונגען איינצובעטען נינא'ן זי זאָל אהר דערציילען וואָס דאָס איז פאָרגעקומען. אלס זי האט ענדליך אלעם ערפאהרען האט זי געזאָגט:

— דו ליעבער גאָט! ווען מען זאָל זיך נעהמען צום הארצען די אונדאנקבארקייט פון אלע לייטע וועמען מען טהוט גוטעם דארף מען מעהר מיט קיינעם קיין מיטלייד האבען. לאָמיר פערגעסען די מאדאם מישעל און ניט מעהר ריידען פון דער זאכע.

אלס נינא איז געווען אין איהר צימער אליין האט זי אין געדאנקען נאָך אמאָל איבערגעטראכט וואָס דאָ איז פאָרגעקומען צווישען איהר פאָטער און ווערן. נאָכדעם ווי זי האט א היבשע צייט געטראכט, האט זי געזאָגט:

— מיין פאָטער זאָגט דאָך אייגענטליך אמת; ווי ווייט איך ווייס האט ער מישעל אימער פערטהיידיגט — דאָס וואָלט דאָך געווען שרעקליך ווען איך זאָל דאַרפען צווייפלען אין די ווערטער פון מיין פאָטער!

דער אלטער ווערן איז דערווייל מיט שנעלע טריט געגאנגען נאָך דער רוע דע לא שאפעל, ריידענדיג מיט זיך און מאכענדיג בעוועגונגען מיט די הענד דעם גאנצען וועג, ניט אכטענדיג דארויף וואָס ער האט זיך אנגעשלאָגען מיט פארבייגעהער און איז שיעור ניט געקומען צו שלעגעריי און קריעג. ער איז געווען בייז אויף די גאנצע וועלט, בעזאָנדערס אָבער אויף זיך אליין:

איך האב ווידער בעגאנגען א דומהייט—האט ער געזאָגט—איך האב בעסער געזאָלט שווייגען, אָבער די בייזע צונג אי ניט איינצוהאלטען. נאטירליך, ווען דאָס הערץ איז אזוי פול, מוז עפּעס איבערלויפען איבערן מונד, עס טהוט מיר אָבער לייד וואָס איך האב דער גוטער נינא אָנגעטהאָן אזוי פיעל הארצווייטאָג; אָבער וואָס איך האב איהם ארויסגעזאָגט מיין מיינונג—דאָס טהוט מיר די גרעסטע הנאה. ווען ער האט געזאָגט אז אלעקסאנדער איז א כעסן, האט ער געזאָגט א ליגען, און דער אנדערער, דער רוסע, האט נאָך ערגער געזאָגט ליגען, און מישעל האט עס אויפ'ן געריכט גלייך געזאָגט. איך קען וועטען אז צווישען דעם פירסט ווערנין און ערמאָנד איז דאָ איין אָבמאָך—אָבער מיר איז נאָך ניט אלעס קלאָר — עס זיינען דאָ עטליכע דונקעלע פונקטען—אָבער געדולד! מיט דער צייט וועט זיך שוין אלעס אויפקלערן! דערווייל איז דאָ עטוואָס וויכטיגערעס צו טהאָן!

אזוי געהענדיג און ריידענדיג האט ער זיך א ביסעל בערוהיגט און האט זיך

פּאַרגענומען זיין אַלטער פריינדין קיין וואָרט צו דערציילען פון דעם פּאַרפאַל. אום צו פאַרבאַרגען די לעצטע סמנים פון זיין צוטראַגענקייט האָט ער אָנגענומען אַ פריילִיכע שערצהאַפטע מיענע, אַלס ער איז אריין אין שטוב און האָט געפונען מאַדאַם מישעל זיצענדיג ביין פענסטער און אונטערהאַלטענדיג זיך מיט ליזע מאַרענהיים.

—נו יא, איך האָב עס דאָך פריהער געזאָגט, אז די דאַמען וועלען זיך זיצען מיט צונויפגעלייגטע הענד, ווערענד עס איז נאָך דאָ אזוי פיעל צו טהאָן!

— ווען מיר זיטצען מיט צונויפגעלייגטע הענד אז אַ סימן אז מיר האָבען ניט מעהר צו טהאָן — האָט מאַדאַם מישעל פריינדליך געענטפערט.

— אזוי, אזוי? איז אייער קאָפער געפּאַקט?

— פאָלשטענדיג! מען דאַרף איהם נאָר צושליסען.

— און מיינער?

— אייערער? ווילט איהר דען אויך אוועקפאָהרען?

— יא, אויף אַ קורצע צייט; איך בעגלייט אייך ביז צום האַפען פון בולאָן.

— ניין, ליעבער פריינד, אזאַ אָפּפער קען איך פון אייך ניט אָננעהמען.

— ניט גע׳עקשנ׳ט זיך, אָדער איך ווער בייז!

ער האָט געוואָלט מאַכען אַ בייזע מינע, אָבער דאָס האָט זיך איהם אזוי ווייניג איינגעגעבען, דאָס מאַדאַם מישעל און ליזע האָבען זיך געמוזט פונאַנדער לאַכען, ווי ביטער זיי איז געוועזן צו מוטה.

— וואָס? איהר לאַכט פון מיר?! איהר דיינקט איהר ווערט דעם אַלטען ווערן פיהרען פאַרן נאַז!? אָהאָהאָ! איהר האָט אַ טעות! מיר מוז מען פאָלגען!

צייט די אַלטע וויטווע מישעל איז קראַנק געוואָרען האָט אין ווערן׳ס הויז געוואוינט אויך ליזע מאַרענהייט, וועלכע דער אַלטער גוטער ווערקמייסטער האָט איינגעלאַדען צו זיך צוליעב די קראַנקע ווייל ער האָט זיך ניט אַנדערש געקענט העלפען, די קראַנקהייט פון דער אַלטער פרוי, וועלכע איז געקומען דורך די שמערצען און גייסטיגע אויפרעגונג פון די לעצטע צייט, איז געוועזן אזוי ערנסט, דאָס ליזע האָט געמוזט טעג און נעכט בלייבען ביין קראַנקענבעט. ווערן האָט דער יונגער מיידעל צוגעשטעלט פון איהר וואוינונג די נייטיגע זאַכען וואָס זי האָט געמוזט האָבען פיר זיך ביסלעכווייז אָבער האָט ער גאָר אָהן איהר ידיעה אריבער־געטראָגען איהר גאַנצעם הויזראַט צו זיך אין זאַל, נאָכדעם ווי ער האָט פאַר איהר בעצאָהלט וואָס עס האָט געקומט דירה־געלד.

דורך די זעלטענע ערגעבענהייט און פּפלעגע פון ליזע האָט זיך די לאַגע פון מאַדאַם מישעל שנעל געבעסערט און מען האָט געקענט ערוואַרטען אַז זי וועט

שנעל אין גאנצען הערגעשטעלט זיין, אזוי דאָס פיר ליזע איז ניט מעהר נייטיג געוועזן צו בלייבען אימער אין קראַנקען־צימער.

אין יענעם אבענד, ווען וועדן האָט אריבערגעבראַכט ליזע'ס מטלטלין צו זיך, האָט ער צו איהר געזאָגט:

— מיין ליעבעס קינד! דורך אייער פּפלעגע איז אונזערביידענס פריינדין ווידער אזוי וויט הערגעשטעלט, דאָס זי דאַרף מעהר קיין וועכטעריי ניט ביי נאַכט. מיר בעטען דעריבער איהר זאָלט זיך פאַרגינען אַ ביסעל רוהע ביי נאַכט. נעהמט מיין אָרעם, איך וויל אייך בעגלייטען אין אייער וואוינונג.

— איהר זייט זעהר פריינדליך — האָט ליזע געענטפערט — לאָזט מיר נאָר נעהמען מיין הוט און מאַנטעל.

— דאָס איז ניט נייטיג, נעהמט נאָר מיין אָרעם!

ער האָט זי דורכגעפיהרט דאָס שפּייזע־צימער אין זאַל אריין, וואו ער האָט געזאָגט מיט אַ טיעפער פערבייגונג:

— דאָ איז אייער וואוינונג!

זי האָט זך ערשטוינט ארומגעקוקט, און זי האָט דערקענט איהר אייגענע ביסעל אָרעמקייט, האָט זי בעגריפען די ליבענסווירדיגע אויפמערקזאַמקייט פון אַלטען מאַן, און אזוי וויינענדיג געפאַלען אויף זיין אָרעם.

— וויינט ניט, איך בעט אייך — זאָנסט מוז איך מיטוויינען! — האָט ער געזאָגט איהר גלעטענדיג די וואַנגען.

פון יענעם אבענד אָן זיינען די דריי גוטע מענשען געוועזן אימער צוזאַמען. זעהר אָפט פלעגט מאַדאַם מישעל אויסדריקען איהר בעדויערען, דאָס זי מאַכט דעם אַלטען פריינד אזוי פיעל אונבעקוועמליכקייט, אָבער וועדן האָט דער־פון ניט געוואָלט וויסען. איינמאָל ביי אַזאַ געלעגענהייט האָט ער איהר געזאָגט:

— איהר מעגט זיין רוהיג! איך פיהר אַ ריכטיגען חשבון איבער אַלץ וואָס איך גיב פאַר אייך אויס, און איך וועל עס שפּעטער אַמאָל פאָרלייגען אייער זוהן צום בעצאָהלען.

— מיין אָרעמער זוהן, גאָט וויים אויב איך וועל איהם אַמאָל נאָך זעהן.

— וואָרום ניט? איהר האָט דאָך געהאַט בדעה צו איהם צו פאָהרען?

— געוויס, אָבער איהר ווייסט דאָך אַז איצטער פעהלען מיר די מיטעל דערצו.

— וואָס רעדט איהר, איהר האָט דאָך נאָך צעהן טויזענד פראַנק?

— צעהן טויזענד פראנק? איך? ווייסט איהר דען ניט אז מען האָט פון מיר אַלעם צוגענומען?

— ניט אַלעם, איך בלייבען נאָך איבער פערשיעדענע געגענשטענדע, אויסער אייערע קליידער וועש און בעטען.

— וואָס איז דאָס דען ווערט אַלעם צוזאַמען?

— די זאַכען, אַליין זיינען נאַטירליך ניט פיעל ווערטה, אָבער אין א שוב־לאַדען אין אייער קליינעם שראַנק האָב איך געפונען א פעקעלע מיט צעהן באַנק־נאָטען צו טויזענד פראנק יעדע.

— וואָס רעדט איהר דאָ?

— איך זאָג אַז עס איז ניט פאַרזיכטיג געווען צו האַלטען געלד אַזוי פון אויבען־אויף, ווי לייכט וואָלט עס געקענט געגנב'עט ווערען!

— מיין ליעבער הערר, יענעם געלד געהערט ניט מיר.

— וועמען דען קען דאָס געהערן?

— איינעם א פריינד וועלכער איז צו עדעלמוטהיג און גוטהערציג, און איז געפאַלען אויף די המציאה דאַמיט איך זאָל דאָס געלד אַננעהמען.

— וואָס פאַלט אייך איין! וואַהרשיינליך האָט עס מישעל דאָרט אוועקגע־לייגט פאַר זיין רייזע.

— ניין, ניין, דאָס געלד געהערט אייך!

— מיר? ווי קום איך צו אַזוי פיעל געלד? מיינט איהר אַז איך וואָלט אים שטאַנדע געווען אַזוי פיעל געלד אָפּצושפּאָרען? איך בין דאָך קיין אינזשי־נער?

און אַרומלויפענדיג אויפגערעגט איבערן צימער האָט ער צוגעזעצט:

— פון מיינעטוועגען וואַרפט דאָס געלד אין פייער אריין, ווען איהר ווילט עס ניט האָבען!

— ניין, אין פייער וועל איך עס ניט וואַרפען;—איך וויל דאָס געלד פון אייך נעהמען אָבער נאָר ווי איין הלואה, אום צו מאַכען א רייזע צו מיין זוהן. ווען איך וועל זיין מיט איהם וועל איך אייך אַלס דעם עדעלסטען פריינד פער־עהרען.

— נאָר ניט גע'חנפ'עט, איך בעט אייך, און אָהן ריהרונג, איך פערטראָג דאָס ניט!

שנעל האָט דער גוטער אַלטער געכאַפּט זיין שטאָק און הוט און איז ארויס שפּאַצירען, העכסט ערפרייט וואָס זיין פּלאַן איז איהם געראַטען.

פון יענעם טאָג אָן האָבען אָנגעהויבען די הכנות צו דער רייזע פון מאַדאַם מי־שעל. עס איז בעשלאָסען געוואָרען דאָס אין ענגלאַנד זאָל זי נעהמען א שיף נאָך

אויסטראַליען, און דאָרט אַבוואַרטען אַ גינסטיגע געלעגענהייט, אום צו קומען נאָך ניי־קאַלעדאָניען. וואָס זי וועט דאָרטען טהאָן האָט זי אַליין ניט געוואוסט, אָבער שוין דער געדאַנקען צו זיין ביי איהר זוהן, האָט ערפילט איהר הערץ מיט אונבעשרייבליכער פריידע.

אָן דעם טאָג ווען מאַדאַם מישעל האָט ערהאַלטען די טויזענד־פראַנק־נאָטע צוגעשיקט פון דער גרעפין, איז שוין אַלעס געווען רייזע־פערטיג. אַם אַבענד פאַר דער רייזע האָט זי געזאָגט צו ווערן:

— מיין ליעבער ווערן, איהר וועט מיך דאָך ניט בעגלייטען ווייטער ווי צום נאָרדבאַנהויף?

— וואָס ווילט איהר דען? מיט מיר קאָמאַנדעוועןֿ? האָט זיך דער אַל־טער ווערן געבייזערט.

— ניין, דאָס ניט — האָט די אַלטע פרוי געענטפערט — אָבער איהר קענט דאָך ניט אַוועקוואַרפען אייער שטעלונג ביי דער פאַבריק.

— וואָרום ניט? די אָפּראַמונג פון דעם גרונד געהט פאָרוועטס און עט־ליכע טעג וועלען זיי שוין קענען אויסקומען אָהן מיך. נאָר לאָמיר אויפהערען צו ריידען דערפון, עס וועט בלייבען ווי איך זאָג. איצט געהט רוהט זיך אויס דאַ־מיט איהר זאָלט פריש און מונטער אָנפאַנגען אייער רייזע. ליזע וועט מיר בע־הילפיג זיין ביים פאַקען מיין קאָפער. האָט אַ גוטע נאַכט און שלאָפט געזונד.

ער האָט כמעט אַריינגעשטופּט די אַלטע פרוי אין איהר שלאָפצימער און איז געבליבען מיט ליזע מאַרענהיים אַליין. אַזוי ווי ער האָט מורא געהאַט דאָס מאַדאַם מישעל קען נאָך וואָס דערהערען פון זיין געשפּרעך מיט איהר, האָט ער דאָס יונגע מעדכען אַריינגעפיהרט אין איין אַנדער צימער, און האָט פערריגעלט די טהיר. ערשט דאַן האָט ער געפרעגט.

— האָט מען דעם קאָפער געבראַכט אַהער?

— געוויס, נאָך היינט פריה.

— האָט זי קיין זאַך ניט בעמערקט?

— ניין; זי האָט נאָך דאַן געשלאָפען.

— גוט, און איהר האָט אַלעס צוזאַמענגעפּאַקט.

— איך גלויב אַלעס — האָט ליזא געענטפערט און האָט אָנגעוויזען אויף אַ גרויסען קאָפער וואָס איז געשטאַנען אין מיטען צימער.

ווערן האָט געעפענט דעם דעק, האָט אַלעס בעזיכטיגט און האָט געזאָגט:

— דאָ פעהלט גאָר ניט, מיין קינד, איך זעה!

— ווי גליקליך וואלט איך געוועזען ווען איך זאל אייך קענען בעגלייטען!

— האט ליזע טרויעריג געזאגט.

— דאס איז אבער ניט מעגליך! איהר ווייסט אייער אויפגאבע! איהר זייט בעקאנט מיט דער געגענד אין סאינט־דעני, און אייער פפליכט איז נאך צו זו־כען יענע דייטשע פאמיליע מיט אזא קינד! דורך אייערע מיהע ערהאלטען מיר די מעגליכקייט צו מאכען א רעטונגס־פערזוך פיר מישעל און פעליסער. עס זאל אויך דא קיין זאך ניט פעהלען. פיר די וואוינונג איז בעצאהלט פיר א יאהר אין פאראוים. דארט אין יענעם שראנק געפינט איהר צוויי טויזענד פראנק פיר אייער אויסגאבען, און ווען איהר זאלט קומען צו קורץ, שרייבט עטליכע ציי־לען אן הערן מארטשעזע אנטאניא ד'אמבראזיני, אין דער איטאליענישער גע־זאנדשאפט, און דער סעקרעטער פון דיעזען הערן וועט אייך גלייך צושיקען. ווען איהר דערגעהט וואס פון יענער פאמיליע, זאלט איהר אויך שרייבען אן דעמזעלביגען הערן.

— איך וועל טהאן וואס איהר הייסט מיר, מיין גוטער הערר ווערן.

— דיינקט אן אונז און ערווארטעט אונז, מיר וועלען אויך אן אייך דענ־קען.

— ווי קען איך אייך פערגעסען! — האט ליזע אויסגערופען און איז געפא־לען דעם אלטען מאן אויפ'ן האלדז וויינענדיג.

אין דעם אויגענבליק האט עס געקלאפט אין טהיר.

— ווער איז דארט? — האט ווערן געפרעגט.

— איך! — האט מאדאם מישעל געענטפערט פון אויסען — וואס טהוט איהר דארט?

— מיר פאקען איין מיין קאסטען — האט ווערן געענטפערט עפענענדיג די טהיר, און מאדאם מישעל איז אריינגעקומען. דערזעהענדיג דעם גרויסען קאפער האט זי ערשטוינט געפרעגט:

—אט־די מאכינע ווילט איהר מיטנעהמען.

—יא, דאס ליגען אינעווייניג עטליכע מעדאלען פון מאשינען, דען איך האב בדעה מיך צו בעגעבען נאך בעלגיען אויף א קליינעם שיף, אזוי שנעל ווי איך וועל אייך ארויפזעטצען אויפ'ן שיף אין בולאן. אין בעלגיען געפינען זיך איינגעריכ־טעטע פאבריקען פון אונזער פאך, וועלכע איך האב שוין לאנג געוואלט בעזוכען.

— אזוי, אזוי? איהר ווילט געהן נאך בעלגיען?

— געוויס! האט איהר פיליכט עטוואס דאגעגען?

— איך? ווי קום איך אייך צו זאגען א דעה?

— נון, אלזא — דאן געהט בעסער שלאפען! איהר האט שוין לאנג גע־זאלט רוהען!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף מארגען פריה האט ליזע בעגלייט דיביידע רייזענדער ביז צום נארד באנהאף. פאהרענדיג אהין האט מאדאם מישעל בעמערקט דאס ווערן האט אוי־סער דעם גרויסען קאפער נאך פיעלע אנדערען רייזע־געגענשטענדע, ווי צום ביישפיעל, א גרויסען רעוואלווער און א קינזשאל אין א מעטאלענער שייד; אבער זי האט ניט געוואגט זיך נאכפרעגען וועגען דעם אום ווערן ניט ארייגצו־ברענגען אין כעס. זי האט נור געזאגט צו איהם גאנץ שטיל:

— האט איהר גענומען אורלויב פון הערין ערמאנד?

— געוויס, אויף איינע אונבעשטימטע צייט.

אויפ'ן באנהויף האט ער געוועכסעלט אייניגער ווערטער מיט ליזע. דאן האט ער פון איהר גענומען א קורצען אבשיעד און איז דאן אריין אין וואגאן מיט מאדאם מישעל, וועלכע האט פערגאסען טרעהרען און האט זיך קוים גע־קענט שיידען פון איהר יונגער פריינדין.

אלס דער צוג האט זיך שוין געריהרט פון ארט איז נאך ליזע געבליבען אויפ'ן באנהויף אזוי לאנג, ווי לאנג עס האט זיך נאך געזעהן דאס טאשען־טי־כעל וואס ווערן האט בעפאכט דורכ'ן פענסטערל פון וואגאן; דאן האט זי אין טרויעריגסטער שטימונג פערלאזען דעם באנהויף און איז געגאנגען נאך הויז.

די רייזע פון די ביידע עלטערע מענשען איז געגאנגען כשורה אהן וועלכען אונפאל. אלס זיי זיינען אנגעקומען אין בולאן האט מאדאם מישעל אויסגעבראכען אין טרעהרען:

— א, מיין טהייערער פריינד, דא וועלען מיר זיך באלד מוזען שיידען!

ווערן האט ניט געענטפערט. ער האט זי בעגלייטעט צום שיף וואס האט זי געזאלט ברייגגען נאך ענגלאנד, און האט זיך מיט איהר געזעצט אויפ'ן דעק פון שיף.

באלד האט מען אויך געבראכט די געפעקע פון די פאסאזשירען.

דא האט מאדאם מישעל פלוצלונג אויסגערופען:

— זעהט נור צו, מען טראגט דארט אייער קאפער גלייך מיט מיינעם; זאגט דארט די לייטע אז זיי האבען א טעות.

— ניט נייטיג — האט ווערן געענטפערט גאנץ רוהיג.

— ווי? איך האב געגלויבט אז איהר ווילט רייזען נאך בעלגיען.

— ניין! אויף דער רייזע פון פּאריז אהער האב איך געענדערט מיין מיינונג. איך האָב מיך איבערלעגט אז דיא ענגלישע פאבריקען האבען אייגענטליך פאר מיר מעהר אינטערעסע וויא דיא בעלגישע.

— און איהר ווילט מיך דעריבער בעגלייטען ביז ענגלאנד?

— געוויס! מיר איז נאטירליך גאנץ גלייכגילטיג וואוהין איך רייז. און אויף דעם אופן קען איך דאָך מיט אייך לענגער פערבלייבען צוזאמען, איך האָף דאס וועט אייך ניט זיין אונאנגענעהם.

— וויא קענט איהר אזוי פרעגען?

נענען אבענד זיינען זיי אָנגעקומען אין לאָנדאָן, וואו זיי זיינען פארפאהרען אין א גרויסען האטעל. אויף מאָרגען פריה איז וועהן אליין ארויס אין גאס, אום — וויא ער האט געזאָגט — צו בעזארגען אייניגע זאכען פיר דיא אברייזע פון זיין פריינדין נאך אויסטראליען. אזוי וויא עס איז אויסגעקומען צו ווארטען דריי טעג אויף א שיף, האט ער בענוצט דיא צייט אום דערוויילע ארומצופיהרען מאדאם מישעל איבער לאָנ־דאָן און האט זאגאר מיט איהר בעזוכט אייניגע פאבריקען.

דעם טאָג פון דער אָפּרייזע האט ער אוועקגעפיהרט מאדאם מישעל צום שיף, האט פון איהר גענומען פייערליכען אָבשיעד און האט דיא וויינענדע און פערצווייפעל־טע ארונטערגעפיהרט אין איהר קאיוטע און איז אוועקגעגאנגען. אין א ווײלע שפּע־טער האט זיך געהויבען דיא אנקער און דאָס שיף איז געקומען אין בעוועגונג.

אלס מאדאם מישעל איז נאך א פיינליכער שמערצליכער נאכט ארויפגעגאנגען אויף מאָרגען אויפ׳ן פּאָרדעק פון שיף, איז זיא געוואָרען ניט וויניג ערשטוינט אלס זיא האט בעמערקט וועהן מיט נאך א מאן אין געשפּרעך. דיעזער איז אויך באלד צוגעלאָפען צו איהר און האט גאנץ פריילאך אויסגערופען:

— וויא געפעלט אייך אזא געשיכטע, ליעבע פריינדין! דיא חמורים האבען ווידער געמאכט א טעות און געבראכט צושלעפּען אהער מיין קאָפער צוזאמען מיט אייערן! איהר ועט שוין מוזען דולדען איך זאָל אייך בעגלייטען ביז אויסטראליען. אבער ווייסט איהר ווער דער מאן איז? — האט ער צוגעזאָגט אָנווייזענדיג אויף דעם יונגען מאן מיט וועלכען ער האט פריהער גערעדט.

— ניין — האט דיא פרוי געענטפערט איהם אָנקוקענדיג פערוואונדערט.

— איהר האט איהם שוין איינמאָל געזעהן! דאָס איז דער געוועזענער מאר־משעזע ד׳אמבראָזיני. איצטער איז ער אהן ברילען און הייסט איינפאך הערר בארסקי. ער איז א פריינד פון אייער זוהן.

עס האט געדויערט איינינע סעקונדען ביז מאדאם מישעל האט זיך ערהאַלט פֿון איהר ערשטוינען, און האט דעם פאַרגעשטעלטען יונגען מאַן גערייכט דיא האַנד.

— מיר קומט פאַר פונקט וויא וואונדער — האט זיא געזאגט.

— דאס גרעסטע וואונדער דאַרף נאך ערשט קומען, פריינדין! — האט ווערן געזאָגט ערנסט — לאמיר זיין מונטער און עס רוהיג אַבוואַרטען.

5טעס קאפּיטעל.

## דאַס קליינע אָפּפער.

נינא האט זיך געפיהלט אליין און פערלאַזען, אָהן איין־איינציגען פריינד אדער פריינדין, וועמען זיא זאל זיך קענען פערטרויען.

אין דיעזער טרויעריגע שטימונג האט זיא געפאַסט דעם בעשלוס, דאַס זיא וועט זיך פון איצטער אָן נור בעשעפטיגען מיט איהרע קינדליכע פפליכטען צו איהר פאַטער.

— איך בין מיין פאטער שולדיג געהאָרכזאם — האט זיא געזאגט צו זיך אליין — און איך וויל מיך בעמיהען איהם צו ענטשעדיגען (מפצה זיין) מיט מיינע צערטליכקייט און ליעבע פיר אלע פערדרוס און שברת הלב וואס ער האט אויסצושטעהן פון אנדערע.

צום ערשטען מאָל אין א לאַנגע צייט האט זיא געוואלט זיין ביי דער זייט פון איהר פאטער, און האט זיך בעאונרוהיגט וואס ער קומט ניט אזוי לאַנג.

שוין עטליכע מאל האט זיא דעם טאג געפרעגט דיא גרעפין, אויב עס איז זיכער אז איהר פאטער קומט צום אבענדעסען?

— איך גלויב יא — האט אלגא געענטפערט — אויב מיין ברודער וועט איהם נאר ניט צוריקהאלטען אין קלוב; דען אייער פאטער און געראַלד זיינען איין הערץ און איין זעעלע.

און ווירקליך זיינען באלד אויך אנגעקומען ביידע מענער, ארעם אין ארעם, און וויא עס האט אויסגעוויזען, אין דער פריילִיכסטער שטימונג. נינא איז אזוי דער־פרייט צו זעהען איהר פאטער, דאס זיא איז איהם געלאפען אנטקעגען און האט איהם אומארעמט.

— אה! — האט ערמאַנד גערופען עטוואס איבעררַאשט — ענדליך דערקען איך דיר ווידער מיינע קליינע ליעבליכע נינא פון אמאַהל.

נאך דעם עסען, וועלכעס האט געדויערט א היבשע וויילע, האט דיא גרעפין געפ־יעגט:

— ווילען אונז דיא הערען נאך אמאָהל לאַזען אליין?

— וואס מיך בעטרעפט, מיינע ליעבע גרעפין, וואָלט איך מיך [illegible]

װען איהר זאָלט מיר ערלויבען צוצובריינגען דעם אבענד אין אייער געזעלשאפט. פר־ליכט װעט אונז נינא װאס שפּיעלען?

— זעהר גערן, פאטער, װען דוא פערלאַנגסט עס.

— איהר װעט אונז דערמיט פיעל פריידע מאכען — האט דיא גרעפין בעשטע־טיגט.

— בלייבט איהר אויך דאָ, פירסט? — האט הערר ערמאַנד געפרעגט — נעהמט פון אונז ניט אװעק אייערע ליעבענסװירדיגע געזעלשאפט.

— װער קען דען דיינקען פון אװעקגעהן ביי אַזעלכע אנציהענדע אויסזיכטען? — האט געראלד געענטפערט, בעטראַכטענדיג נינא מיט אין בעזאָנדערס איינגעטהימל־כען אויסדרוק.

— געראלד האט זיך געזעצט ביי זיין שװעסטער, הערר ערמאַנד האט זיך אַניע־דערגעזעצט ביין קאמין, װעהרענד נינא האט זיך געזעצט צום ראָיאַל.

— שפּיעל אונז עטװאס מונטערעס, מיין קינד — האט ערמאַנד געבעטען.

נינא האט ארויסגעקליבען פון איהרע נאָטען־בלעטער א שטיק פון שאָפּען׳ס קאָמפּאָזיציאָנען און האט עס מייסטערהאפט דורכגעפיהרט. װעהרענד דיא זיסע קלינגע האָבען זיך פון אונטער נינא׳ס פינגער געטראָגען איבערן זאַל, איז ערמאַנד איינגע־שלאָפען ביין קאמין, װעהרענד אָלגא און איהר ברודער האָבען זיך שטיל אונטער־האַלטען.

— ביסט דוא היינט געװען אין סאינט־דעני? — האט אָלגא געפרעגט.

— געװיס.

— האסטו איהם געזעהן?

— עס פערשטעהט זיך. דער פּאַרפּלוכטער דייטש מאכט צו פיעל אומשטענדען און איך מוז עס אריבערטראָגען אלץ צוליב דיין פעדאָראָװ׳ס זיהנדיל. פון מיינטװעגען װאָלט איך איהם שוין לאנג געגעבען האלדז און נאקען.

— װאס האט ער װיעדער געװאלט, דער שכור?

— מעהר געלד. דיא הונדערט פראנק א מאָנאט װאס דוא צאהלסט איהם איז איהם װעניג. ער איז ניט געקומען אהער אז מארטהא זאָל דארפען ארבייטען. אויך איז ער ניט מעהר דער ארבייטער מאַיערמאַן, ער הייסט איצט „הערר מאָרען“ און עס פּאסט איהם ניט צו לעבען אזוי װיא פריהער.

— װאס האסטו מיט איהם געמאכט?

— איך האב איהם געלאָזען װאס געלד און האב איהם צוגעזאגט א לייכטע שטעלע אין דער פאבריק, אזוי שנעל װיא מען װעט זיך נעהמען צום בויען.

— איז ער צופריעדען?

— דערוויילע, יא.

— האסטו געזעהן דאס קינד?

— יא, עס איז פריש און פריילאך, און רופט דעם שכור „פאפא אין עכט ווינער־דייטש.

— דאס איז גוט, האסטו געהערט וואס פון איהם?

— פון פעדאראוו?

— יא!

— איך האב עטוואס געהערט, אבער זעהר אונבעשטימטעס. וויא דוא ווייסט האב איך מארטהא׳ן גיגעבען דעם אויפטראג זיא זאל בעטען מאדאם זשאמען צו ערפאהרען ווער איז דער מאן וואס האט זיך נאכגעפרעגט אויפ׳ן אינגעל מאיערמאן. מאדאם זשאמען האט עס ערפאהרען, דאס איז פעדאראוו אליין. וויא עס שיינט איז ער דא אין פאריז אונטער זעהר שווערע פערהעלטניסע, דען ער בנשעפטיגט זיך ניט מעהר מיט מאלען בילדער און האט אנגענומען דיא שטעלע פון א פריוואט־סעקרעטער ביי א געוויסען איטאליענישען עדעלמאן, א מארקיז ד׳אמבראזיני.

— א, ביי יענעם נארען אין דיא דונקעלע ברילען! איך ווייס, ער איז מיר אמאל פארגעשטעלט געווארען און איז אויך געווען אויף יענעם באל אין סאינט־דעני. אויב אזוי, גלויב איך, איז ער אונז גאנץ אונגעפעהרליך. ער וועט אונז מורא האבען צו פעררעטהען, ווייל ער וועט ניט וועלען ריזיקירען מיט דעם לעבען פון זיין קינד.

— איך האף אז פון דער זייט זיינען מיר זיכער.

— עס איז שוין אבער צייט אמאהל דוא זאלסט זיך נעהמען פאר נינא. עס מוז דאך אמאהל נעהמען איין ענדע צווישען אייך, ווען דיינקסטו וועט מעגליך זיין דוא זאלסט מיט איהר קומען אין א נאהענטען געשפרעך?

— נאך ניט אזוי גיך. איך ווייס אז איין אנגריף אויף איהר הערץ פאר דער צייט קען אלעס פערדערבען. אויך האב איך מיך ניט וואס צו איילען, איך געפין אויך אנדערסוואו צערשטרייאונג.

— וויא עס ווייזט אוים האסטו שוין געמאכט א נייע עראבערונג? — האט דיא גרעפין געלאכט.

— ליידער איז דיא עראבערונג נאך ניט אין גאנצען געלונגען, און איך האב מורא אז זיא וועט מיר ניט אזוי לייכט אנקומען.

— ווארום? — האט אלנא געפרעגט נייגיעריג, און האט זיך צוגעבויגען צו איהר

ברודער, וועלכער פלעגט איהר אימער פארטרויען אלע זיינע סודות — דערציייל, איך בעט דיך!

— זייט א פאר וואכען בענגען איך, יעדעס מאהל ווען איך בעזוך דעם פאב־ריק־פלאטץ אדער דיא פאמיליע מארען, א וואונדערשיינע מיידעל, וועלכע וואוינט, וויא עס ווייזט אויס, ניט וויים פון דארטען. פיליייכט איז זיא ניט קיין מיידעל נאר א יונגע פרוי וואס איהר מאן האט איהר פארלאזען, דען זיא איז אלע מאהל פאראומערט אבער שעהן איז זיא זאנדערגלייכען.

— וואהרשיינליך א נייטערקע, אדער א פוטצמאכערין?

— וואס שאדט עס? אין שיינקייט קען זיא זיך פארגלייכען מיט יעדער פאר־נעהמער דאמע.

— אהא! דוא ביסט דאך גאר פייער און פלאם! נעהם זיך אין אכט און רייד ניט אזוי לויט, מען קען דיך נאך דערהערן.

— ווארום קען איך עס דולדען וואס נינא האלט אימער אין דיינקען פון אנ־אנדערן?

דא האט נינא גענענדיגט איהר שפיעל אויפ'ן פיאנא, און דיא גרעפין האט זיך אויפגעהויבען אום צו מאכען נינא'ן אייניגע שמייכעלהאפטע קאמפלימענטען פיר דאס מייסטערהאפטע שפיעל.

— יא, דאס איז ווירקליך אויסגעצייכענט! — האט בעשטעטיגט הערר ערמאנד וועלכער האט זיך אויפגעהאפט פון שלאף אזוי שנעל וויא נינא האט גענענדיגט דעם לעצטען אקקארד.

א קורצע ווײלע איז מען נאך אזוי געזעסען אין פריינדליכער אונטערהאלטונג, דאן האבען זיך דיא ביידע הערען אויפגעהויבען און גענומען אבשיעד.

— דאס איז היינט געווען א רייצענדער אבענד צוגעבראכט אין פאמיליענקרייז — האט ערמאנד געזאגט אלס ער האט אבשיעד גענומען פון דער גרעפין און פון זיין טאכטער, דאן האט ער זיך בעגעבען מיט געראלד ווערענין אין זיין וואוינונג אונטען.

נינא האט צוריקגעקעהרט אין איהר צימער, אין איהר געוועהנליכען צושטאנד פון אונמוטה און קומער, און נור מיט דעם איינציגען טרויסט, דאס זיא האט איהר פאטער פערשאפט א פערגעניגטען אבענד.

אייניגע טעג האט זיא אזוי צוגעבראכט אין געמיינטער צופריעדענהייט מיט זיך אליין, אלס איהר איז צופעליג אריינגעפאלען א צייטונג אין האנד, אין וועלכע זיא האט געלעזען פאלגענדע נאטיץ:

„וויא מיר ערפאהרען האט מאדאם מישעל, דיא מוטער פון דעם פעראורטהיילטען אונטערצינדער אלעקסאנדער מישעל, מיט איינינע טעג צוריק פערלאזען פאריז, אום צו געהן נאך ניי־קאלעדאניען, וואוהין איהר זוהן איז פארשיקט געווארען. זיא האט בדעה דארט צו בלייבען ניט וויט פון איהר זוהן.“

אלס נינא האט עטליכע מאל איבערגעלעזען דיעזע ציילען, האט זיא געזאגט אין טרויער צו זיך אליין:

— זיא איז אוועקגעפאהרען, און א   מוז דא בלייבען, אין קאמפף צווישען מיינע ליעבע און מיינע פפליכט!

וויעדער איז אריבער עטליכע וואכע   און דיא לאגע פון דער יונגער מיידעל האט זיך אום קיין האר ניט געענדערט. איהר פאטער האט איהר פערשפראכען איינצוריכטען איינע אייגענע וואוינונג, אזוי שנעל וויא ער וועט ערהאלטען דיא ענטשעדיגונג פון דער פייער־פערזיכערונג געזעלשאפט. זיא האט מיט אונגעדולד געווארט אויף יענעם גליקליכען טאג, וועלכער איז צו איהר בעדויערן אלץ אפגעלייגט געווארען.

וויא האט זיא געוואלט שוין איינמאהל ארויסציהען פון דעם וואוינונג אין וועלכע זיא איז ארייגעשלעפט געווארען געגען איהר ווילען! — אום זיך ניט צו פיהלען גאר פרעמד אין איהר צימער האט זיא דארטען אויפגעהאנגען דאס בילד פון איהר מוטער און פון איהרע גרויס־עלטערן. אויך האט זיא נאך ביי זיך בעהאלטען א היבשען פעקיל בילדער פון זייער פריהעריגער וואוינונג, וויא אויך פון דער פאבריק און פון איינציגע אבטהיילונגען פון דיא געביידען, מיט דער גרעסטער גענויאיגקייט און דייטליכקייט האבען זיך געזעהן אויף דיא צייכנונגען דיא פערשיעדענע מאשינען און אלץ וואס צו זיי געהערט, און בעטראכטענדיג זיי פלעגט זיך נינא דערמאהנען מיט טרעהרען אן דיא גליקליכערע טעג פון איהר לעבען.

איין פריהמארגען, וויא זיא איז זיך אזוי געזעסען פערטיעפט אין דיא בעטראכטונגען פון דיעזע צייכנונגען, וועלכע זיא האט אימער געהאלטען פערשטעקט פון דער גאנצער וועלט, איז איהר פאטער, גאנץ אונערווארטעט אריינגעקומען צו איהר אין צימער.

— מיין פאטער! דוא ביי מיר אזוי פריה? — האט נינא אויסגערופען גאנץ איבערראשט, און האט געזוכט מיט'ן רוקען צו פערדעקען דיא צייכנונגען וואס זיינען געלעגען אויפ'ן טיש.

— איך האב מיך געאיילט דיר מיטצוטהיילען א פרייליכע נאכריכט — האט געענטפערט ערמאנד, וועלכער האט אין זיין אויפרעגונג ניט בעמערקט ניט דיא צייכנונגען אויפ'ן טיש און ניט דיא פערלעגענהייט פון זיין טאכטער.

— א פרייליכע נאכריכט ? — האט נינא איבערגעפרעגט.

— יא, דיא פייער־פערזיכערונגס־געזעלשאפט צאהלט מיר היינט אוים מיין געלד.

— איז דאס דען געוועזען גיט געווים ?

— ניין ! אבער אין אזעלכע פעלע דארף מען זיך אימער פרייען ווען אלעס איז גליקליך געענדיגט. ווען עס האנדעלט זיך אום א קליינע סומע דאן צאהלט דיא געזעלשאפטען באלד, אום צו ערוועקען פערטרויען ביים פובליקום, ווען אבער עס קומט זיי אוים צו צאהלען מיליאָנען דאן נעהמט קיין ענדע צו דיא שוויעריגקייטען און צו דיא שטיינער וואס זיי לייגען אין וועג. נון איז אבער אלעס אין אָרדנונג און נאך היינט קריעג איך דיא פיער מיליאָנען.

— דאן וועלען מיר אויך ארויסציהען פון דעם הויז ?

— געווים, אזוי באלד וויא מעגליך, אבער איילען דארפען מיר זיך ניט.

— מיר דארפען דאך ניט קיינגער פאלען צו לאסט דער גרעפין, ווען מיר קענען זיין ביי זיך. אויך איז דערצו גאר קיין גרונד ניטא.

— א גרונד איז נאך אימער דא. ערשטענס וויים איך נאך אלץ ניט אויב איך וועל אונזער פאבריק וויעדער אויפבויען אדער ניט, און אויב אפילו יא וויים איך ניט אויב מיר וועלען בלייבען וואוינען ביי דער פאבריק. קורץ, דיא אלע פונקטען מוזען פריהער בעשלאָסען ווערען איידער איך קען מיך ענטשיידען וועגען אונזערע קינפטיגע איינריכטונג.

— ווען עס זאָל פון מיר זיין געווענדט, ליעבער פאפא, וואלט איך זעהר גערן געבליעבען וואוינען ביי דער פאבריק וויא פריהער.

ניט וויקענדיג האט נינא געוואָרפען א בליק אויף דיא צייכענונגען וואס זיינען געלעגען אויפ'ן טיש.

— וואס זיינען דאס פאר בילדער ? — האט דער פאטער געפרעגט בעמערקענדיג זיי.

— זיי האָבען זיך געפונען אונטער דיא געגענשטענדע וואס זיינען געפונען געוואָרען אונטער דיא רואינען — האט זיא געשטאמעלט אין גרעסטער פערלעגענהייט — ווערן האט זיי מיר געבראכט.

— מיר האט ער דיעזע צייכנונגען געזאָלט בריינגען — האט ערמאנד געזאגט — ער האט אויפמערקזאם בעטראכט דיא צייכנונגען, האט זיי דאן צוזאמענגענומען און אריינגעלייגט צו זיך אין טאשע.

נינא האט צוגעזעהן מיט בעדויערן וואס איהר פאָטער טהוט, האט אבער ניט געוואגט עטוואס צו זאָגען.

ארויסגעהענדיג פון זיין טאָכטער איז ערמאַנד אריינגעגאנגען צו דער גרעפין און האט איהר געוויעזען וואס ער האט געפונען ביי נינא׳ן אין צימער.

— דאס ארעמע קינד! — האט אלגא געזאגט וויא בעדויערנדיג — איך בין זיכער דאס זיא בעוויינט איצטער דיעזע בילדער וואס איהר האט פון איהר צוגענומען.

— פיר מיך האבען דיא צייכנונגען מעהר ווערטה אלס פאר איהר, דען עס געפינען זיך אונטער זיי אויך דיא פאָטאָגראַפישע בילדער פון דיא מאשינען וויא מישעל האט זיי אומגעבויט.

— קענט איהר ניט בעקומען קאָפּיען פון דעם פאָטאָגראַף וואס האט דיא בילדער געמאַכט?

— דיא צייכנונגען האט מישעל אליין געמאַכט.

— דאָס איז נאַטירליך וואס אנדערעס.

— ווען איך האב שוין יא געהאט דאָס גליק צו געפינען דיעזע צייכנונגען, דאן איז ביי מיר בעשלאָסען צוריק אויפצובויען. מיט פינף אדער זעקס טויזענד פראנק לאָזט זיך דאָס מאַכען, און א בעסערע אנלאגע פון קאפּיטאל איז שווערליך צו געפינען.

— ווערט איהר אבער געפינען א פּאסענדען אינזשינער פיר דיא פאבריק?

— א אינזשינער? וואס פאר א פראגע? כּא״ז איז פול מיט אינזשינערען וואס גייען ארום ליידיג, אונטער זיי קען מען שוין געפונען איינעם, א יונגען מאַן מיט טאַלענט וואס וועט פארשטעהן איינצוריכטען דיא פאבריק מיט דיא מאשינען נאך מיינע אנ־גאבען, און זיא דערנאך צו פיהרען אונטער מיינער אויפזיכט. אויף דעם אופן וועט דאס גאנצע געלד און אויך דער כבוד בלייבען פיר מיך און פיר אייער ברודער, גרעפין. זייט איהר מיט מיין פלאן צופריעדען?

— איהר זייט דער ליעבענסווירדיגער מאן וואס איך האב אין מיין לעבען געזעהן — האט אָלגא געזאגט קאָקעט און האט ערמאַנד׳ן געררייכט איהר האנד.

ערמאַנד האט ערגריפען איהר האנד און האט זיא אזוי לאנג געהאלטען אין זיינע דאס אָלגא האט זיא מיט געוואַלד געמוזט ארויסציהען:

— איהר דארפט אויך דיא ליעבענסווירדיגקייט ניט איבערטרייבען — האט זיא געזאגט לאַכענדיג — צור שטראפע שיק איך אייך איצטער אוועק.

— גוט, און איך וויל דיא שטראפצייט בענוטצען אום מיינע מיליאָנען איינצר קאסירען.

— אונזערע מיליאָנען — ווילט איהר געוויס זאָגען.

— גאנץ רעכט, אונזערע מיליאָנען! און נאכמיטאג פיהר איך געראַלד נאך סאינט־דעני, אום צו בעזיכטיגען אונזער בוי־פּלאַטץ פיר דיא פאבריק. וואס פאר א

טהייערער שטאָף דאס איז פיר א מאָדערנע קאָמעדיע : א רוסישער פירסט וועלכער פערליעבט זיך אין דיא טאָכטער פון א פאבריקאנט און ווערט אליין פאבריקאנט.

— — — — — — — — — —

גאנץ שפּעט אין דער נאכט זיינען ערמאָנד און געראַלד געקומען אין דער פּריי־ליכסטער שטימונג נאָך הויזע, און יעדער פון זיי האט זיך גלייך בעגעבען נאָך זיין שלאָפצימער.

אלס געראלד איז אריין צו זיך האט איהם זיין קאמערדיענער איינגערוימט אין אויער :

— דיא פרוי גרעפין בעט דעם פירסטען ער זאל אזוי גוט זיין צו איהר ארויפ־געהן.

געראלד האט דיא ביטע גלייך ערפילט. זיין שוועסטער האט איהם עמפפאנגען מיט דער האסטיגער פראגע :

— נו, האט איהר ענדליך ערהאלטען דיא פיער מילליאָנען ?

— געוויס ! מיר האבען זיי גלייך אוועקגעלייגט אין „באנק דע פראנס“.

— זייט איהר אויך געוועזען אין סאינט־דעני ?

— יא, מיר האבען דאס גאנצע גרונדשטיק בעזעהן. דיא פונדאמענטען פון דעם געביידע זיינען נאָך אין א גוטען צושטאנד. עס וועט ניט שווער זיין דיא פאבריק אין א קורצע צייט ווידער אויפצובויען. אפילו דער אונטערבוי פון דיא מאשינען איז נאָך צו געברויכען.

— וויא אזוי אבער ווילט איהר דיא מאשינען אויפבויען ?

— מיר זיינען געוועזען ביי דעם דירעקטאָר פון דער פאבריק וואו דיא מאשינע זיינען אנגעפערטיגט געוואָרען ; מיר האבען אבער דאָרט ערפאהרען דאס אלעקסאנ־דער מישעל האט דיא מאשינען צוזאמענגעשטעלט אליין, און דאָרט אין פאבריק האט ער נאָר בעשטעלט איינצעלנע טהיילע. מיר האָפען אבער, אז מיט דיא הילפע פון דיא צייכנונגען וועלען מיר שליעסליך דאָך עררייכען אונזער צוועק. — איצטער, שוועסטערל, דערצייל דוא מיר וואס דאָ הערט זיך ; וויא שטעהט עס מיט נינא'ן ?

— איך האב איהר מיטגעטהיילט דאס דוא אינטערעסירסט זיך אויסעראָר־דענטליך פיר אינדוסטריעלע אונטערנעהמונגען און וועסט זיך וואהרשיינליך פעראיי־ניגען מיט איהר פאטער אין געשעפט.

— וואס האט זיא דערצו געזאגט ?

— ניט מעהר אלס „ווירקליך“ ? — אָבער אין אזא טאָן, פון וועלכען איך האב געקענט פערשטעהן, אז דאס מאכט איהר פריידע. מיר שיינט, אז זיא האט איהרע

פריהעריגע אידעען אין גאַנצען אויפגעגעבען און דעריבער וואָלט איך דיר ראַטהען, דוא זאָלסט זיך צו איהר נעהמען. אין פערלויף פון א האלב יאָהר מוז זיא זיין דיין פרוי.

— דאס איז שווער דורכצופיהרען.

— ווארום? עס איז דאָך אזוי לייכט דיא פראַנצעזישע מיידלאך צו בעזיעגען.

— ניט אַזוי לייכט וויא דוא דיינקסט, ליעבע שוועסטער. איך געפין, אז מען אורטהיילט גאַנץ פאַלש איבער דיא יונגע פראנצעזישע מיידלאך. עס קומט מיר אָן מיט גרינגע ווערים ניט נור אזוי ביי נינאַ, נור אויך ביי יענער אונבעקאַנטער פאַרשוין אין דער רוע דע לאַ שאַפעל.

— וויא? איז יענע ליעבשאַפט נאָך ניט געענדיגט?

— ניין, זיא האט נאָך גאר ניט אָנגעהויבען! ווייניגסטענס איז פון איהר צד נאָך גאָר קיין סימן ניטאָ. איך גרים איהר יעדעס מאהל ווען איך טרעף איהר, אָבער זיא ענטפערט קוים מיין גרוס. איך וויים נאָך אפילו ניט גענוי ווער זיא איז. איך בין אָבער ענטשלאָסען דאס אום יעדען פרייז אויסצוגעפינען. איך מוז וויסען ווער זיא איז, וויא זיא הייסט און וואו זיא וואוינט.

— דאס איז דומהייט!

— רוף עס וויא דוא ווילסט! אין קען דיר פערזיכערן, אז א יונגע פרוי האט נאָך אויף מיך קיינמאָהל ניט געמאַכט אזא טיעפען איינדרוק וויא זיא.

— אָהאָ, מיין ברודער! דוא ביזט דאָך גאָר פערליעבט אין יענע נייטערקע! גיעב אַכטונג, אז נינאַ זאָל ניט ערפאַהרען.

— זאָל זיא נור פריהער הייראַטהען מיט מיר, נאכהער מעג זיא דאס וויסען.

און לאַבענדיג האט געראַלד פערלאָזען זיין שוועסטער און איז געגאַנגען צו זיך.

6טעם קאַפּיטעל.

## אין אייזערנע קייטען.

א מאָנאַט נאָך זייער פעראורטהיילונג זיינען אלעקסאנדער מישעל און מארקוס פעליסער ארויסגעשיקט געוואָרען פון פאַריז, און נאָך אייניגע טעג זיינען זיי שוין געווען אין האַוור, אויפ׳ן דעק פון דעם גרויסען שיף „לאַ מוזשיסאַנט“ וועלכע האט געזאָלט ברייננען צוויי הונדערט געפאַנגענע נאָך ניי־קאַלעדאָניען.

נאָך דער ערצטליכער אונטערזוכונג, וועלבע האט פעסטגעשטעלט דאס דיא געפאַנגענע זיינען געזונד, און זיינען פעהיג אריבערצוטראָגען דיא רייזע איבער׳ן ים,

האבען אָנגעפאנגען דיא ריכטיגע פּאָרבערייטונגען פיר דיא רייזע. טראָץ דעם וואס עס איז זיי פּאָרגעשטאַנגען אזא שווערע רייזע, זיינען דאָך דיא מייסטע געפאנגענע געווען מונטער און פריילאך, דען זיי האבען זיך געפרייט דאס מען האט ארונטערגענומען פון זיי דיא קייטען און האבען זיך געטרייסט מיט דער האָפנונג, דאס דאָרט אין ניי-קאלעדאָניען וועט מען זיי ערלויבען זיך פרייער צו בעוועגען.

— ווען מען זאָל אונז נאָר ניט צושיידען! — האט מישעל געזאָגט צו מארקוס.

— פאר וואָס זאָל מען דאס טהאָן? — האט דיעזער גענטפערט — ווען דער שיקזאַל האט אונז שוין צום צווייטען מאהל דאָ צוזאמענגעפיהרט, וועט ער דאָך ניט אזוי גרויזאם זיין אוועקצונעהמען פון אונז דעם איינציגען טרויסט פון אונזער געמיינ-שאפטליכען לייד.

— היידא! דיא רייהע איז אן אייך! האט איין אויפזעהער אָנגעשריען אויף אלעקסאנדער מישעל. וועלבער איז געווען זייער פערטיעפט אין געשפּרעך מיט זיין פריינד.

דיעזער איז פּאָרגעטרעטען. מען האט איהם אראָפּגענומען דיא קייטען און ער האט פריי אויפגעאטהעמט. באלד אבער האט זיך איהם ווידער צוזאמענגעפּרעסט דאס הערץ אלס מען האט איהם אויפ׳ן לינקען פוס צוזאמענגעשמידט איין אייזערנעם רינג. מארקוס וועלבער האט בעמערקט דיא פערצווייפלונג אויפ׳ן געזיכט פון זיין פריינד, האט געזאָגט גאנץ רוהיג:

— אזא רינג איז איין אמת׳ע ציערונג, און דערמאהנט אן דיא פוס-שפאנגען וועלבע ווערן געטראגען פון דיא אראבישע פרויען.

דיא געפאנגענע וועלבע זיינען גע׳שטאנען ארום האבען אויסגעבראָכען אין א געלעכטער. אלס מארקוס האט אבער נאך ווייטער געוואלט ריידען, האט איהם דער אויפזעהער צוגעשריען:

— נומער 4032! שווייגט!

— וואס? וויא רופט איהר מיך? נומער 4032? איך הייס מארקוס פעליסער, מיין העדר!

— אח, וואס! מאכט דא ניט קיין שפאס! דאָ איז דאס ניט אויפ׳ן ריכטיגען פלאטץ. 4032 איז דיא לויפענדע נומער, מיט וועלבער איהר וועט פון היינט אן בעציבענט ווערען.

— אה, אזוי! — איך וואלט אבער פיעל צופריעדענער געוועזען ווען דאס זאָל

זאל זיין א נומער פון א לאטעריע־צעטעל, און זאל אויסגערופען ווערען מיט'ן גרעסטען געווינס.

און וועהרענד אלע געפאנגענע ארום האבען ווידער ארויסגעפלאצט מיט א געלעכטער, האט ער אויסגעשטעלט זיין פוס דעם שמיעד װעלכער האט אנגעטאהן די רינגען, און האט איהם געפרעגט אויב ער געפינט ניט אז זיין פוס איז זעהר שעהן געבויט.

— ווערסט דוא זיך דען קיין מאל ניט ענדערן? — האט מישעל געפרעגט מאר־קוסען, אלס די אפעראציאן מיט דער רינג איז געוועזען צו ענד — וויא איז עס דען מעגליך שפאס צו מאכען אין אזא ענטזעצליכע לאגע?

— מיינסט דוא דען, אז די דומהייט פון צוועלף געשוואָרענע צוזאמען מיט בלינדע ריכטער װעלען אים שטאנדע זיין צו ענדערן מיין כאראקטער? — ניט זוכה װעלען זיי זיין! איך בין מיט מיין כאראקטער גאנץ צופריעדען און װעל איהם בעהאל־טען אזוי וויא ער איז. גלויב מיר פריינד, דאס ביסל פרייליכקייט גרעסער צו מאכען די ליעבליכקייט פון אונזער לאגע קען גאר ניט שאדען. — איבעריגענס האט מיך שוין לאנג געצויגען צו מאכען א רייזע איבערן װעלט־מעער, װען אפילו ניט גראדע אונטער אזעלכע אומשטענדען. אבער וואס העלפט עס, מען מוז זיך צופריעדען שטע־לען מיט דעם וואס מען האט.

— איך קען ניט אריבערטראָגען דעם געדאנקען, דאס איך װעל אין דער צר קונפט מוזען לעבען צוזאמען מיט אלערליי פערברעכער — האט מישעל געזאגט צו זיין פריינד.

— איבער אזעלכע זאכען דארף מען זיך קענען אין געדאנקען אריבערטראָגען — האט מארקוס געענטפערט. — איך האב בדעה צו שטודירען אויף דיעזע לייטע די פערוויילדערונג פון די מענשליכע זיטען. — ווער זאגט דיר איבעריגענס אויב אויך אונטער זיי געפינען זיך ניט אונשולדיגע וויא מיר ביידע. אבער אפילו יענע וואס האָ־בען בעגאנגען א פערברעכען זיינען נאך דער טהעאָריע פון געוויסע מענשענפריינדע ניט די ריכטיגע שולדיגע, ווייל מיסטענטהיילס האט זיי די געזעלשאפט אליין געבראכט דערצו.

— דוא הויבסט שוין ווידער אָן מיט דיין פילאָזאָפיע!

— איך בין יא אויך פילאָזאָף! אנדערע ווידער זאגען, אז א פערברעכער איז ניט מעהר וויא א קראנקער — און אין אמת'ן, בעהאנדעלט מען זיי ניט וויא קראנקע? — וואס טהוט א דאָקטאָר מיט א קראנקען װעלכען ער קען ניט אויסהיילען? ער זעהט פון איהם פטור צו ווערען דורך דעם וואס ער שיקט איהם אין א ווארעמען קלימאט!

— פונקט אזוי טהוט דער שטאאט מיט דיא אונפערבעסערליכע פערברעכער: ער זעהט פון זיי פטור צו ווערען דורך דעם וואס ער שיקט זיי אין א הייסען קלימאט — אין באָד אריין.

— דוא ביזט אָבער אויך אונפערבעסערליך — אין דיין בעשטרעבען אלעס לע־בערליך צו מאכען.

— וואס שאדעט דאס? איז עס דען ניט לעבערליך, צוםביישפיעל, דאס פאר א יאָהרען האט מיר מיין שעף בשום אופן ניט ערלויבט זיך צו נעהמען צוויי וואָכע וואַקאציע פיר א קליינע לוסטרייזע, וויל ער האט אזא קורצע צייט ניט געקענט אויס־קומען אָהן מיר — און איצטער, אז איך האב איהם קיין וואַקאציע גאָר ניט געבעטען, שיקט ער מיך אויף אזא ווייטע רייזע, און ער ועט אזא לאַנגע צייט מוזען אויסקומען אָהן מיך.

אזוי שנעל וויא אלע ארעסטאַנטען האבען געהאט צו אייזערנעם רינג אויפ׳ן פוס, האט יעדערער ערהאַלטען א זאַך פון גראָבען לייננוואַנד אין וועלכע עס האבען זיך געפונען דריי לייגענע העמדער, צוויי פּאָר וואָלענע זאָקען, איין וואָלענע און איין לייי־נענע פּאָר אונטער־הויזען, צוויי יאַקען און א היטעל פון וואָלענשטאָף און א פּאָר שוה. דאַן האט מען דיא לייטע אויסגעשטעלט פּאָר־ווייז אין א לאַנגע רייהע אויפ׳ן דעק פון שיף, וואו יעדער איינציגער איז פארצייכענט געוואָרען אין א גראָבען דיקען בוך, וועלכעם מארקוס האט גלייך א נאמען געגעבען: „דאס גאָלדענע בוך פון דער גע־שלאָסענער געזעלשאפט“.

דער קאָמאנדאנט פון דעם שיף, הערר פאָן פאַלאָנעט, איז געשטאַנען ביי דער איינשרייבונג און האט אין דערזעלבינער צייט אויך בעטראַכטעט פּאַפּיערען וועלכע האבען ענטהאַלטען איינצעלהייטען איבער דיא געפאַנגענע. אלס מארקוס איז איינ־געשריעבען געוואָרען אין בוך איז דער קאָמאנדאנט צו איהם צוגעגאַנגען און האט איהם געזאָגט:

— איהר ווערט מיר געשילדערט וויא א גרויסער לץ, וועלכער ערלויבט זיך אלעס לעבערליך צו מאכען וואס מען זאגט איהם. איך מאך אייך דעריבער אויפ־מערקזאם דארויף, אז מיר האבען דאָ געוויסע מיטעל, וועלכע קענען אייננברעכען אפילו דעם ווילדעסטען.

מארקוס האט זיך פארנייגט מיט דעם גרעסטען אנשטאַנד און האט געענט־פערט אין העפליכען טאָן:

— הערר קאָמענדאַנט, איך שפּאַט קיינמאָהל ניט פון דאס וואס פערדיענט געאַכטעט צו ווערן. אויך איז מיר בעקאַנט אייער ערעלמוטהיגעס בענעהמען אין דער

צייט פון דער בעלאגערונג פון פאריז, און ווער ווייס דאס אלעס און האט ניט פאר אייך דיא גרעסטע האכאכטונג? גאנץ פאריז געדענקט נאך איצטער דיא העלדענ־טהאטען פון קאמאנדאנטען פאלאנעט, וועלכער איז דאמאלס נאך געוועזען א פאהנע־טרענער פון שיף. — ערלויבט מיר אויסער דעם, הערר קאמענדאנט, אייך דארויף אויפמערקזאם צו מאכען, אז דער דיאמאנט אין אייער רינג אויפ'ן פינגער זיצט צו שוואך און איז אין געפאהר ארויסצופאהלען. עס איז נייטיג דיא פאסונג א ביסעל זאמענצודריקען. מיר איז דיזער רינג גאנץ גוט בעקאנט. דען איך האב איהם אייך אליין פערקויפט אין דעם צירונג־מאגאזין אין פאלייראיאל אין פאריז. פיליכט ערא־נערט איהר זיך נאך אן מיך?

— ניין! וועגען דעם האנדעלט זיך עס איצטער ניט! — האט דער קאמאנדאנט געענטפערט שטרענג — פערגעסט ניט וואס איך האב אייך פריהער געזאגט.

מארקוס האט געשוויעגען, האט אבער אנגעקוקט דעם קאמאנדאנט פעסט אין געזיכט, און איהם האט אויסגעוויזען, דאס ער האט אין זיינע אויגען בעמערקט א פריינדליכערן אויסדרוק וויא מען וואלט געקענט שליעסען פון זיינע ווערטער.

— איך צווייפעל ניט אז מיר וועט עס געלינגען צו ערהאלטען פון איהם וועלכע קליינע גנעפעליגקייטען — האט ער צו זיך אליין געזאגט.

נאכדעם וויא דיא איינשרייבונג איז געוועזען צו ענדע האבען דיא געפאנגענע גע־מוזט ארונטערשטייגען אין דיא שיפסבאטעריען, וואו עס האבען זיך געפונען גרויסע שטיינען געבויט פון אייזערנע שטאבעס צו דיא ווענט פון שיף. ביים אנבליק פון דיזע שטייגען איז אפילו מארקוס אויך דערשראקען געווארען וויא אלע איבעריגע. ער האט זיך אבער באלד ווידער געפאסט, און זיך צווינגענדיג צו זיין מונטער האט ער קורץ געזאגט:

— זעה נאר וויא מען היט דיא קאנאריקלאך זיי זאלען חס ושלום ניט ארויס־פליהען!

יעדער פון דיא אייזערנע שטייגען איז געוועזען איינגעריכטעט פיר פופציג מאנן. באלד זיינען דיא צוויי הונדערט שטרעפלינגע געזעסען אין פיער שטייגען, וועלכע זיינען נור גאנץ ווייניג בעלייכטעט געווארען דורך צוויי קאמפען וואס זיינען ארונטערגעהאנ־גען פון דער דעקע.

נון האט געהערשט א טיפע אומעטיגע שטילקייט און יעדע פרייליכקייט איז פערשטומט געווארען. דיזע איינשפערונג האט דערוועקט שוידערן אין יעדען איינציגען און דיא אונבעשטימטע קולות וואס האבען זיך ארא‌פגעטראגען פון אויבען פון שיף האבען נאך דיא נערווען פון דיא געפאנגענע מעהרער גערייצט.

אום דיא טרויעריגקייט אביסעל צו פערטרייבען האט מארקוס אָנגעהויבען צו אונטערזוכען יואס ער האט אין זיין לייגוואנדענעם זאק.

— זעה נור וויא פערזאָרגליך, וויא פעטערליך דער שטאאט האנדעלט מיט אונז! — האט ער געזאגט צו מישעל. — אויסער דעם שיינעם ווארעמען אנצוג מיט וועלכען מען האט אונז בעקליידעט, אום אונז צו שיטצען פון קעלט און רהיימאטיזם, גיט מען אונז נאך אלערליי פראקטישע זאכען: — ערשטענס צוויי פאָר זאָגען, פון וועלכע איינע קען אונז דיענען אלס א באנק, צו בעהאלטען אין איהר וואָס מיר שפּאָרען אָפּ. דאן דיא העמדער פון הארטען שטארקען שטאָף, וועלכען מען קען געוויס ניט געפינען אפילו אין דיא גרעסטע וועש־געשעפטען פון פאריז. און דאן דיא קאָפּ־מיטצע וועלכע איז אזוי מאלעריש און שעהן, דאס מען קען זיך גאָר קיינע בעקוועמערע קאָפּ־בעדעקונג דיינקען. און ווען מיר קומען אין יענע שיינע געגענדען וואו עס איז אין ווינטער אזוי ווארם וויא ביי אונז אין זומער, דאגעגען אָבער אין זומער־צייט הערשט דיא טעמפּעראטור פון א באק־אויווען, דאן קענען מיר אָנטאָהן אונזער לייכטערן אנצוג, וועלכער האט א שניט וויא עס מעגען אונז מקנא זיין דיא שניידער־קינסטלער פון פאריז. מערקווירדיג אָבער איז, דאס מען גיט אונז נור איין פאָר שוהע. פיעלייכט אָבער דארף מען אין יענער גליקליכער אינזעל גאר קיינע שוהע ניט?

דער אויפזעהער האט דאן געגעבען דעם בעפעהל, דאס דיא געפאנגענע זאָלען אויסהייננען אן דיא שטאבעס אייזען דיא געפלאָכטענע בעטלאך פון שטריק, און יעדערער האט אויך ערהאלטען א דיקע וואָלענע דעקע.

ענדליך איז געקומען דיא נאכט און אלע האבען זיך געלייגט צור רוהע. מארקוס און מישעל האבען נאך א לאנגע צייט געפלוידערט שטיל און זיינען ענדליך אויך איינגעשלאָפען.

אין פריה־מאָרגען האבען זיך אלע אויפגעהאפּט ניט־טויט־ניט־לעבעדיג, אזוי וויא דאס שיף האט זיך זעהר שטארק געשליידערט, פון וואס מען האט געקענט פערשטעהן, אז דיא אנקער איז געהויבען געוואָרען און דאס שיף האט זיך געזעצט אין בעוועגונג.

— מיר האָבען פארלאָזען פראנקרייך — האט מישעל געזאגט טרויעריג.

אין דעם אויגענבליק האט אויך מארקוס פארלאָרען זיין הומאָר, און ער האט אויסגערופען אין גרויסער אויפרעגונג:

— טהייערעס לאנד, ווען זעהען מיר דיך ווידער!

דאן האט ער אפגעקעהרט זיין געזיכט אום ניט צו ווייזען זיינע טרעהרען וועלכע

זיינען געפלאָסען נענען זיין ווילען, און האט זיך פעסטער געוויקעלט אין זיין דעקע, האָ־פענדיג אז ער וועט ווידער איינשלאפען.

באלד דארויף אבער איז גענעבען געוואָרען דער פויקען־סיגנאַל אויפצושטעהן. דיא געפאנגענע האָבען אלע גענומען זיך אויפהויבען און אנקליידען, און זיינען דאן איינ־ציג־ווייז אויפגערופען געוואָרען פון אויפזעהער. דאן איז גענעבען געוואָרן יעדען קאפע, איין שטיק צוויבאק און א ביסל בראנפען.

— דער פריהשטיק איז אַמאָהל גאנץ גוט צור אבוועכסלונג נאך אזוי פיעל פריהשטיקס אין פאריז — האט מארטין געזאגט — אבער דעם בראנפען בין איך מוחל און וועל עס אוועקגעבען איינעם פון אונזערע ליעבענסווירדיגע קאמראדען.

ער האט גלייך געפונען א מיטגעפאנגענעם וועלכער איז צופריעדען געוועזן צו ערהאלטען טעגליך מארקוסעס פּאָרציאָן שנאפס און דע־פאר איהם יעדען אבענד אויפהייגנען זיין שטריק־בעטיל, און עס יעדען מאָרגען ארונטערנעהמען. אזא אַפּמאַך האט מארקוס אויך געשלאָסען מיט א צווייטען געפאנגענעם פיר מישעל און דאן האט ער געזאגט מונטער:

— זאָל קיינער ניט זאגען אז מען ווערט אויף דיא פראנצעזישע טראנספּאָרט־שיפען שלעכט בעדיענט.

טראָץ אלע בעמיהונגען פון מארקוס איז מישעל דאָך געבליעבען ערנסט און אומעטיג. ער האט פון צייט צו צייט בעטראכטעט דיא פערברעכער ארום איהם וועלכע האבען זיך איינער דעם אנדערן גאנץ אָפען דערציילט זייערע פערברעכען, אָבגלייך ער האט דיא אַרעסטאנטען־שפּראכע ניט גוט פארשטאנען. און מיט דיא לייטע זאָל ער דאס צוברייננגען דיא בעסטע יאהרען פון זיין לעבען און פון זיי בעטראכטעט ווערען אלס זייער גלייכען! ער האט געשווידערט ביי דעם געדאנקען. דאס דיא לייטע וועלען איהם פרעגען: „און וויא האסטו דיין קונסטשטיק געמאכט!?“

ביז איצטער האט נאך קיינער פון דיא געפאנגענע געוואגט זיי אזוי אנצוקומען. זייער בענעהמען האבען איינגעפלעסט רעספּעקט ביי דיא איבעריגע אַרעסטאנטען. אויסערדעם האט מארקוס אריינגערוקט דעם אויפזעהער א גאָלדשטיק, אז ער זאָל געבען בשתיקה אלע אַרעסטאנטען א דאָפּעלטע פּאָרציאָן שנאַפּס. פון דעם אויגענ־בליק אָן און ווייטער האבען דיא אונגליקליכע בעטראכטעט דיעזע פריינדע אלס פער־בּרעכער פון א גאנץ הויכער סאָרט, וועלכע שטעהן העכער פון זיי. דער געפאנגענער וואס האט זיך אָנגענומען מארקוס'ן צו בעדיענען פאר'ן שנאַפּס האט צו איהם גע־זאָגט:

— איהר שיינט צו זיין א קלוגער קאָפּ!

— קיין נאר בין איך ניט! — האט ער געענטפערט שטאָלץ, וויא איין עכטער ארעסטאנט וואס בעריהמט זיך מיט זיינע פערברעכען.

אום צעהן אוהר מאָרגענס האט מען איין פּארטיע געפאנגענע פון איין שטייג ארויסגעפיהרט אויפ׳ן דעק, אום פיר א פּאָר שטונדען צו שעפּפען פרייע לופט. ותע דיא ערשטע פופציג זיינען צוריק אראָפּגעפיהרט געוואָרען. האט מען מישעל און מאר קוס מיט זייערע אכט־און־פיערציג קאמראדען ארויפגעפיהרט אויפ׳ן דעק.

פון וויטען האט זיך נאך געזעהן דער פראנצעזישער ברעג וויא א דונקעלער שטריך דאָרט וואו דער הימעל לאָזט זיך ארונטער צו דער ערד.

דערווײלע האבען אלע געפאנגענע ערהאלטען מיטאג, וועלכער איז בעשטאנען פון ערבסען־זופּע, א שטיקעל פלייש און א פיערטעל ליטער וויין. אבענדס האט מען ווידער געגעבען זופּע, פלייש און א שטיקעל שיפס־צוויבאק. דאס איז געווען דאס זעלבע וואס דיא מאטראָזען עסען, נור מיט ווייניגער שנאפּס.

אום צוויי אוהר נאכמיטאג האט מען דיא אבטהיילונג אין ועלכער אונזערע ביידע פריינדע האבען זיך געפונען, צוריקגעפיהרט פון דעק נאך זייער א יזערעם שטייג. אלס זיי זיינען פארביי געגאנגען דעם קאָמאנדאנטען, האט דיעזער ארויסגערופען מארקוס׳ן פון דער רייהע און האט איהם געגעבען א צייכען צו פאָלגען איהם נאך דעם הינטערטהייל פון שיף.

מארקוס האט דעם אָפיציער בעגריסט אזוי אנשטענדיג, פּונקט וויא דאס וואָלט געווען אין א פּאריזער זאַל.

— איך האב דורכגעלייענט אייערע פּאפּיערען — האט דער קאָמאנדאנט אנ־געהויבען נאכדעם וויא ער האט דעם געפאנגענעם שטרענג אנגעקוקט — און איך זעה דארויס אז איהר האט אייער שולד ניט איינגעשטאנדען, און האט אימער געשריען אז איהר זייט אונשולדיג.

— יא, הערר קאָמאנדאנט, לײדער האט מיין שרייען ניט געהאָלפען.

— דאס ווייס איך. איך גלויב אבער אז פאר אייך וואָלט פיעל בעסער געווען איהר זאָלט אָפען מודה זיין אלעס. איבריגענס, איז נאך איצטער אויך דאָ גענוג צייט דערפאר, און אייער שטראפע ווערט דאדורך געמילדערט ווערען. — וואס דיינקט איהר ווען איהר זאָלט איצטער זיך מודה זיין?

— דאס קען איך ניט.

— ווארום ניט?

— וויל איך האב קיין אונרעכט בעגאנגען.

— אִיהִר האָלְט זיך אַלְזאָ אימער בֵּיין לייקענען?

— איך קען נים אנדערש! — און איצטער האב איך נאך ווענינער אורזאכע צו נעהמען איבער זיך א שולד וועלכע איך האב ניט בעגאנגען, דען דיעזע רייזע האב איך דאך סיי־וויא־סיי געמוזט מאכען.

— איך קען אייך אייער לאגע פערלייכטערן און אייך ערלויבען צו בלייבען לייג־נער אויפ'ן דעק פון שיף, ווען איהר זאָלט זיך מודה זיין.

— איך האב ניט וואס מודה צו זיין, הערר קאָמאנדאנט — האט געענטפערט מארקוס, וועלכער האט איינגעזעהן אז דער קאָמאנדאנט איז גענייגט איהם דיא פער־לייכטערונג צו מאכען — נאר ווען איהר זאָלט אזוי גרויסמיטהיג זיין מיר דיא פער־לייבטערונג צו געבען, וואָלט איך איהר מיט דאנק אנגענומען, ווען מיין פריינד אלעק־סאנדער מישעל זאָל זיא מיט מיר קענען טהיילען.

— דאן קען איך צו מיין בעדויערן פיר אייך גאר ניט טהאָן. איך פיהל א גרויסע טהיילנאמע פיר אייער שיקזאל. אבער . . .

— אויך איך בעדויערע דאס, הערר קאָמאנדאנט, אבער איך קען איין אונגליק־ליכען פריינד ניט לאָזען אליין אין איין אייזערנעם שטייג, צו פערצווייפלען.

— ווילט איהר בעפעסטיגען דעם דיאמאנט אין מיין רינג? — האט דער קאָ־מאנדאנט געפרעגט נאך א קורצער פויזע.

— זעהר גערן — ווען איהר וועט מיר ערלויבען אויף א ווײלע א מעסער.

דער קאָמאנדאנט האט איהם געגעבען זיין טאשענמעסער מיט דעם רינג, און אין איינינע מינוטען האט מארקוס געהאט בעפעסטיגט דעם דיאמאנט און האט דעם רינג צוריקגעגעבען דעם קאָמאנדאנטען.

דיעזער האט עמפפאנגען דעם רינג און האט גערופען א מאטראָז, ווענען ער האט געגעבען דעם בעפעהל אפצופיהרען מארקוס צו זיין באטריע.

דעם נעכסטען טאג האט דער קאָמאנדאנט דורכגעזעהן מישעלס פאפיערען, און אלס ער איז דערמיט גענוען צו ענדע האט ער געזאגט צו זיך אליין:

— אויך דיעזער האט זיינע שולד ניט בעקענט! נאר וויא דיא זאך איז, צו איז ער שולדיג אדער ניט, ער שיינט אונגליקליכער צו זיין אלס דער אנדערער.

נעגען מיטאג אין דעמזעלבען טאג, ווען דיא געפאנגענע האָבען זיך וויעדער גע־פונען אויפ'ן דעק, האט א מאטראָז ארויסגערופען דיא נומערן 4031 או 4032. מאר־קוס און מישעל זיינען געפיהרט געוואָרען פארן קאָמאנדאנט, וועלכער האט זיך געווענ־דעט צו זיי אין א שטרענגען טאָן:

— נומער 4032! אזוי וויא איהר זייט א יובעליר און איהר פערשטעהט אויך זיך מיט אוהרען אומצוגעהן, זאָלט איהר האָבען צו פוטצען אלע אוהרוועדקע און אלע

מעכאנישע אינסטרומענטען וואס געפונען זיך אויפ׳ן שיף. איהר נומער 4031 זיינט איני־ זשענער, וויא איך האב געזעהן פון אייערע פאפיערען, און איהר מעגט דעריבער געהן נאך דעם מאשינען־רוים אום דעם ערשטען מאשיניסטען בעהילפליך צו זיין.

— בעסטען דאנק! — האבען מארטין און מישעל אויסגערופען גלייך.

— קיין ווארט ווייטער! געהט גלייך צו אייערע ארבייט! — האט דער קאמאנ־ דאנט געזאגט הארט.

דאס איז געווען דיא ערשטע ערלייכטערונג וואס דיא ביידע פריינדע האבען ערהאלטען אין זייער טרויעריגער לאגע.

אבגלייך ביידע פריינדע זיינען אין דיא שטונדען פון ארבייטען געווען געשיעדען איינער פון אנדערן, זיינען זיי דאך העכסט ערפרייט געווען איבער זייער בעשעפטיגונג, און בעזאנדערס דעריבער וואס זיי האבען ניט געדארפט אזוי פיעל זיין צוזאמען מיט דיא ארעסטאנטען, וועלכעס איז זיי וואס ווייטער געווארען אונערטרעגליכער. דיא אר־ בייט האט זיי געגעבען צערשטרייאונג און צייטפערטרייב, און ווען זיי האבען געארביי־ טעט דעם גאנצען טאג האבען זיי דערנאך ביי נאכט בעסער געשלאפען, און האבען אין געדאנקען געבענשט דעם בראווען קאמאנדאנטען, וועלכער האט מיט זיי מיטלייד געהאט.

— פיליכט גלויבט ער אין אונזערע אונשולד — האט מישעל געזאגט, און מען האט געקענט מערקען פון זיין זאגען וויא גליקליך ער וואלט געווען, ווען ער זאל וויסען אויף קלאר אז דאס איז אזוי.

דאס לעבען פון דיא ביידע פריינדע איז זיך געגאנגען ווייטער רעגעלמעסיג. יעדען מארגען פלעגט א מאטראז ארויסרופען דיא נומערן 4032 פון דער באטעריע, און ערשט געגען אבענד פלעגען זיי אהין צוריק קומען. דעם גאנצען טאג האט יעדערער געטאהן דיא ארבייט וואס איהם איז צוגעוויעזען געווארען.

מישעל האט זיך זעהר פאראינטערעסירט מיט דעם מעכאניזמוס פון דיא דאמפף־ מאשינען אויפ׳ן שיף, מיט וועלכע ער איז נור אויבערפלעכליך געווען בעקאנט; עס האט ניט לאנג גענומען און ער האט אנגעהויבען צו טראכטען וועגען פערבעסערונגען, וועגען שנעלע גאנג, וועגען איינשפארען קוילען און נאך אזעלכע זאכען. מארקוס פעי־ ליסער וויעדער האט זיך געקימערט אום יענע אינסטרומענטען בעזאנדערס, וועלכע דיענען צו פיהרען דאס שיף, וויא קאמפאס, רודער און דאס גלייכען. ער פלעגט ניי־ גיריג זיך נאכפרעגען וויא זיי זיינען צוזאמענגעזעצט און וויא מען ב געהט זיך מיט זיי, און פלעגט איהם ווער עס איז פרעגען ווארום ער אינטערעסירט זיך דערמיט אזוי שטארק, פלעגט ער ענטפערן:

— אוים ליעבהאבעריי.

אזוי לאנג וויא דאס שיף „לא מושיססאנט" האט זיך געפונען אויף אפענעם וואסער איז קיינע ענדערונגען ביי אונזערע געפאנגענע פארגעקומען. אבער איין פריה־מארגען זיינען דיאביידע פריינדע און אויך דיא אנדערע געפאנגענע זעהר אונאנגענעהם איבערראשט געווארען. עס איז שוין לאנג געוועזען נאך צעהן אוהר און קיין איינציגער שטייג איז נאך ניט געעפענט געווארען אום דיא געפאנגענע צו פיהרען אויפ'ן דעק. אלס אויך דיא מיטאגשטונדע זיינען פאראיבער און קיינער איז געקומען עפענען, האט מארקוס געפרעגט דעם אויפזעהער, מיט וועלכען ער איז שוין געוועזען ציעמליך בעפריינדעט דורך איינינע גאלדשטיקער:

— האט ווער עס איז פון אונז זיך פערשולדעט אין עטוואס, דאס מען בעשטראפט אונז און מען נעהמט אונז ניט אויפ'ן דעק?

— ניין, ניט דאס איז דער גרונד — האט דער אויפזעהער געענטפערט — דאס שיף וועט איינינע טעג בלייבען שטעהן ביי דעם האפען פון טענעריפא.

— אה, איך פערשטעה! — האט מארקוס געזאגט מיט א ביטערען שמייכעל

— ווען דאס שיף איז נאהענט צום לאנד האלט מען אונז אונטער שלאס און ריגעל

— אזוי איז עס!

— וויא שאדע, וויא שאדע! — האט מארקוס געזאגט, ביטער שמייכלענדיג — מיר האט זיך אזוי געוואלט זעהן דעם שפ־ין פון טענעריפא!

איידער דאס שיף איז אריינגעקומען אין האפען זיינען דיא שטייגען נאך אמאהל בעזעהן געווארען, צו איז ניט ערגעץ־וואו שוואך געווארען א שטאבע אייזען.

צוויי טעג איז דאס שיף געבליעבען אין האפען אום אויפצונעהמען וועלכע פארראטהע פון פראוויאנט און קוילען.

מארקוס און מישעל זיינען אין דער צייט געוועזען זעהר בעטריבט און ניעדער־שלאגען; און אזוי וויא זיי האבען קיין זאך ניט געהאט צו טאהן, האבען זיי זיך צום ערשטען מאל גרינדליך דורכגערעדט וועגען דיא אורזאכען וואס האט זיי געבראכט צו זייער לאגע, צו צובריינגען אונטער דיא ווילדע קאמראדען אין א שטייג און איינצר־אטהמען פערפעסטעטע לופט און געפיהרט צו ווערן אין קנעכטשאפט ווייט־ווייט, נאך איין אונבעקאנטער אינזעל.

ריידענדיג דערפון האט מישעל אויסדערציילט מארקוסען אלע בעגעבענהייטען פון זיין רייזע נאך רוסלאנד, זיין צוריקקעהרען נאך פאריז, זיינע אויפנאהמע און אונ־טעררעדונג מיט הערן ערמאנד און וואס דערפון איז ארויסגעקומען; דאן זיינע פער־האפטונג און וואס עס איז פארגעגאנגען ביי זיין פראצעס.

אלס מישעל האט געענדיגט זיין ערצעהלונג האט מארקוס בעמערקט:

— זעהר פיעל פון דעם וואס דוא האסט מיר דערציילט איז מיר גאנץ אונבע־קאנט געוועזן, און איך מוז דיר זאגען דעם אמת, אז דיא גאנצע געשיכטע זעהט מיר איצטער גאנץ אנדערש אויס.

— איצטער איז דיא רייהע אן דיר — האט מישעל געזאגט — דערצייל דוא.

— אָ, מיין פאל איז פיעל איינפאכער — האט מארקוס געענטפערט — אויך האסטו געוויס געלעזען דערפון אין דיא צייטונגען.

— נאטירליך, אבער איך האב קיין ווארט דערפון געגלויבט; איך האב אנגע־פרעגט מיין מוטער אויב עס איז עטוואס וואהרהייט אין דער זאכע, און אלס איך האב ערהאלטען איהר דעפּעשע דאס אלעס איז וואהר, איז דאס פיר מיך געווען וויא א דאנערשלאג.

— רייד מיר ניט מעהר דערפון, מיין פריינד! דיינע מוטער וויא אויך הערר ווערן האבען זיך אזוי פריינדליך אנגענומען פאר מיין ארעמע ליזע, דאס איך בין זיי פון הערצען מוחל וואס זיי האבען מיך א קורצע צייט געהאלטען פיר שולדיג. — צו דיא בעריכטען וואס דוא האסט געלעזען אין דיא צייטונגען קען איך נאר אזוי פיעל צו לייגען, דאס איך האב דיא גנבה ניט בעגאנגען, און איך האף אז דוא וועסט מיר דאס גלויבען אויפ'ן ווארט. אבער איצטער לאָמיר שלאָפען, דען איך האב איינע ארבייט צו וועלכער איך מוז זאמלען קרעפטען אום זיא דורכצופיהרען.

— איינע ארבייט?

— יא, איינע ארבייט צו וועלכער איך מוז האבען א קלאָרען קאָפּ.

— וואס ווילסטו דערמיט זאָגען?

— איך האב איין געדאנקען, וועלכען איך וועל דיר מאָרגען אויסאיינאנדערזעט־צען. יעצט אבער לאָמיר שלאָפען.

מאָרקוס האט זיך אויסגעצויגען אין זיין הייגגעדיגע בעטעל און איז געבליעבען ליעגען אונבעוועגליך, אבער וועהרענד מישעל איז באלד איינגעשלאָפען, איז נאָך מאָר־קוס א גאנצע צייט געלעגען וואך, בליקענדיג שטאר פאר זיך און פערטיעפט אין גרוי־סע פּלענער, וועלכע ער האט געהאט בדעה גאָר אין קורצען אויסצופיהרען. געגען מאָר־גען ערשט איז ער איינגעשלאָפען, אבער אזוי פעסט דאס ער האט אפילו פארהערט דעם סיגנאל אויפצושטעהן.

מישעל האט איהם מיט מיהע אויפגעוועקט. קוים האט ער זיך אויפגעהויבען, האט איהם מישעל אונגעדולדיג נעפרעגט:

— קענסט דוא מיר איצטער מיטטהיילען דיין אידעע?

— שפעטער, פריינד, אזוי ניך וויא מיר וועלען זיין אונטער פרייען הימעל. עס פעהלט מיר נאָך איין שטראהל פון ערלייכטונג, וועלכען נור דיא זאָננע קען געבען.

געגען מאָרגען האט דאס שיף פארקאָזען טענעריפא, און באלד דארויף האט מעןביידע פריינדע ארויסגערופען פון דער באטעריע און געשיקט צו דער ארבייט. מי־שעל איז גלייך געגאנגען אין מאשינען־רוים, וועהרענד מארקוס האט זיך בעגעבען אין מאגאזין פון אינסטרומענטען. ערשט צום פריהשטיק וועלכען זיי האָבען בעקומען אויפ'ן דעק, האָבען זיי זיך צוזאמענגעטראָפען ווידער.

מיט ענטציקען האָבען זיי זיך געזעטינגט אן דעם וואונדערבארען אנבליק פון דער אינזעל וועלכע האט זיך נאָך זעהר דייטליך געזעהן פון וויטען, און וועלכע האט אויס־געוויעזען וויא א הויכע פיראמידע, בעדעקט מיט זאָנענשטראהלען. דיא לופט איז געוועזען אזוי ריין און דורכזיכטיג, דאס מען האט געקענט בעמערקען דיא קלענסטע בערגעלאך אויף דעם בארג פון דער אינזעל. — גרויסע ווייסע ים פויגעל זיינען גע־פלויגען ארום דעם שיף און זייערע ווייסע פליגעל האבען אונטער דער זאָנע געשימערט אין ראזיגען גלאנץ.

— א שענערע בעלייכטונג און א פרעכטיגערן זאָנענגלאנץ קענסטו שווערליך געפינען — האט מישעל געזאגט צו זיין פריינד, וויזענדיג מיט דער האנד אין דער וויטענס.

— יא, דאס איז ריכטיג! — האט מארקוס געענטפערט — און איך פיהל מיך אויך גאנץ בעגייסטערט דערפון — איך בעדויער נור וואס דער הויכער געריכטסהויף וואס האט איבער אונז געהאט צו אורטהיילען, האט ניט גענאסען אזא ערלייכטונג וויא איך. ווען דאס וואָלט געווען דער פאל, וואָלטען מיר געוויס פרייגעשפּראָכען גע־וואָרען. אפילו אונזערע פארבלענדעטע געשוואָרענע וואָלטען דיא אויגען אויפגעריסען און זיי וואָלטען געזעהן פונקט אזוי קלאָר וויא איך.

— וואס זעהסט דוא דען? — האט מישעל געפרעגט ערשטוינט.

— יא, דאס קען מען ניט אזוי לייכט ארויסזאָגען! ערשטענס זעה איך, דאס דא אונטען אין דער באטעריע דארפען זיך על פי יושר געפינען עטליכע פערזאָנען וועלכע האבען געגען אונז פאלש געשוואָרען.

— וועמען מיינסט דוא? זאָג!

— ערשטענס, דיין געוועזענעם שעף, הערין ערמאנד, דעם פאטער פון אזא ליעבענסווירדיגער און אכטונגסווערטהער מיידיל, וועלכע ער פערדיענט גאר ניט צו האבען, ווייל ער אליין איז גאנץ ווייניג אָדער גאָר ניט ווערטה.

מישעל האט אזוי געזיפצט, וועהרענד מארקוס האט ווייטער גערעדט:

— און איך האב זעהר געזונדע גרינדע דאס צו זאגען. ער פלעגט אין אונזער געשעפט זעהר אָפט קויפען ציערונג פיר דיא גרעפין ברעסטאָווסקי, וועלכע שיינט צו זיין א דורכגעטרעטריעבענע שטיק סחורה און מען מוז זיך וואונדערן וויא אזוי זיא ווערט געדולדעט פון דער פאריזער געזעלשאפט.

— אָבער הערר ערמאַנד איז דאָך איין אלמן, וואס קענסטו איהם פער־דיינקען?

— אָבער ער האט א טאָכטער, און מיט וועמעס געלד האט ער געקויפט יענע טהייערע געשענקע פיר זיין געליעבטע? מיט זיין טאָכטערס געלד! איז דאס רעכט? קען מען דאס ענטשולדיגען?

מישעל האט געשוויגען, איינזעהענדיג, אז מארקוס האט ריכטיג געאור־טהיילט.

— וויסטו אויך דאס ער פלעגט אָפט קויפען ציהרונג צו 50 און צו 60 טויזענד פראנק און דאס דיא גרעפין פלעגט עס דאן א קורצע צייט אָפהאלטען און דאן צוריק פערקויפען צו אנדערע ציהרונג־הענדלער? אין אונזער געשעפט איז איינגעפיהרט, אז דיא איינענטהימער פון ציהרונג־מאגאזינען גיעבען זיך אויסקונפט, און דעריבער האב איך ערפאהרען, אז דיא גרעפין מאכט גלייך בארעס געלד פון איהרע ציהרונג, אזוי שנעל וויא ערמאַנד ברייננגט עס איהר. ביי אונז אליין האט ער אויסגעגעבען פאר איהר מעהר אלס א האלב מיליאָן פראַנק, און איך גלויב, אז דוא ווייסט בעסער וויא איך, דאס ערמאַנד אליין האט קיין פערמעגען און דאס איז אלץ זיין טאָכטערס געלד.

— דאס וויים איך, אָבער וואס איז דערפון געדרונגען?

— דערפון איז געדרונגען, אז ערמאַנד האט געמוזט ציטערן פאר יענע צייט. ווען ער וועט דארפען אפגעבען דען חשבון פאר זיין טאָכטער׳ס פערמעגען; — און אזוי וויא ער האט וואהרשיינליך געקלעהרט דאס דוא פארשטעהסט דאס, דעריבער האט ער געזוכט דיך צו דערווייטערן, און איז דעריבער געווען זעהר צופריעדען ווען מען האט דיך פעראורטהיילט אלס אונטערצינדער.

— ער האט אָבער פיעל מאָהל ערקלערט אז ער האלט מיך ניט פיר שולדיג!

— נו, עס פערשטעהט זיך! וואס האט ער פארלאָרען דערביי? דערוויילע האט ער דער וועלט געוויעזען אז ער איז א הויכהערציגער מענש. פון דער אנדערער זייט אבער האט ער עדות געזאגט אז דוא ביסט א כעסן, און דערפון האט מען געקענט שליעסען, אז דוא האסט זיך געלאָזען הינרייסען צו דעם פערברעכען אויס ערגער און נקמה. און אזוי וויא ערמאַנד האט קלאָר געוואוסט אז דוא ביסט דער זאנפטמיטהיג־סטער מענש אויף דער וועלט — האט געשוואָרען פאלש, און דעריבער פערדיענט ער

א פלאַטץ אין אונזער שטייג, דען נאָך דעם געזעטץ ווערט א פאַלשע שבועה בע־שטראפט מיט צוואַנגס־ארבייט. — זעהסטו, אָט האבען מיר שוין איינעם וואס זאָל פערטרעטען אונזער שטעלע.

מישעל איז געוועזען גאַנץ איבערראשט פון דיא אויפקלערונגען פון זיין פריינד, וועלכער האָט דיא גאַנצע געשיכטע בעלייכטעט אויף אַזא אופן, וויא איהם אליין, מישעל, איז דאָס קיין מאָל ניט ארויף אויפ׳ן געדאַנקען.

— דוא זעהסט אלזאָ, איין אַז מען האָט דיך געוואָלט דערוויישען — האָט מארקוס ווייטער געאורטהיילט. — הערר ערמאַנד זוכט אין איידעם וואס זאָל איהם ניט ברענגען אין פערלעגענהייט וועגען דאָס געלד פון זיין טאָכטער. דוא וואָלסט נינא׳ן גענומען גאַר אָהן א פערמעגען, איך וויים עס גאַנץ גוט, אבער דיין שעף האָט געציטערט, טאָמער פאָדערסט דוא חשבון, וואו דאָס איבעריגע געלד איז אהינגעקומען.

— ערלויב מיר דיר צו זאָגען, אַז ערמאַנד האט וואהרשיינליך נאר געמוזט פער־שווענדען דיא צינזען פון זיין טאָכטערס פע־מעגען, דען דאָס קאַפּיטאַל האט ער אין גאַנצען אויסגעגעבען אויף דאס האַלץ וואָס איך האב אליין איינגעקויפט. דאס האט בעטראָפען באַלד דריי מיליאָן, און דאס איז אונגעפעהר נינא׳ס פערמעגען.

— דער פּונקט, ליעבער פריינד, דאַרף נאָך א ביסעל שאַרפער אונטערזוכט ווערען. דוא האסט דאס האָלץ אין רוסלאַנד איינגעקויפט, אבער אין סעינט־דעני האסט דוא דאָס אַליין ניט בעזיכטיגט. אבער דערפון וועלען מיר ריידען שפּעטער. לאָמיר זיך אומקעהרען צו דעם שוויעגערזאָהן וועלכען הערר ערמאַנד וויל זיך נעהמען — איך גלויב דוא קענסט איהם.

— דוא מיינסט דעם פירסט ווערנען?

— ריכטיג! דאס איז דער מאַן, וויא דער געוויסענלאָזער פאטער וויל איהם האבען פאַר זיין טאָכטער. און אזוי וויא דיעזער אויסגעקליעבענער שוויעגערזאָהן איז שטאַרק צופריעדען מיט דעם שידוך, האט ער אויך געדאַרפט זעהען אַז דוא זאָלסט בעזייטיגט ווערען, און דעריבער האט אויך ער פאַלש געשוואָרען. דוא האָסט עס איהם אויך זעהר קלאָר ארויסגעזאָגט אויפ׳ן געריכט, ווען דוא האסט איהם צוגערופען; „איהר זאָגט ליגען, מיין הערר!“ דוא וואָלסט נאָך אויך געמעגט צוזעטצען „מיין פירסט!“ און דאַן וואָלט ער עס אפשר גאַר אָנגענומען פאַר א קאָמפּלימענט. עס זיינען דאָ פיעלע לייטע וועלכע הערן געדן א טיטעל וואָס געהערט זיי ניט.

— דוא מיינסט אַז דער רוסע האט קיין פירסטענטיטעל?

— יא, דאָס איז מיינע מיינונג. אבער דאס האט ניט צור זאַכע, פאַרן געריכט האָט ער געשוואָרען, דאס ער האט דיך דערקענט און געזעהן אין געזיכט, וועהרענד

דוא געדיינקסט אויף קלאָר אז דוא האָסט דיין געזיכט בעדעקט מיט ביידע הענד אום ניט דערקענט צו ווערן. — ער האט אלזאָ אויך פאַלש געשוואָרען און געהערט אויף אונזער פּלאַטץ אין אייזערנעם שטיינ, לעבען זיין שוויעגערפאָטער, וועלכען ער האָפט צו האָבען, און מיר ביידע וועלען אלזאָ האבען צוויי אויסגעצייכענטע פערטרעטער.

— האָסטו שוין געענדיגט דיינע השערות?

— ניין, נאָך ניט! הערר וויטער! אין דיין פּראָצעס האט דיא אויסזאגע פון ווערנער קיינע גרויסע ווירקונג געהאט, אזוי וויא דוא אליין האסט מודה געוועזען, אז דוא ביסט געוועזען אין דער מאשינען רוים פון דער פאבריק אין דער צייט ווען זיא איז אונטערגעצונדען געוואָרען. דערפאר אבער איז דאָ איין אנדער אומשטאנד וואָס רעדט פיר דיינע אונשולד, און עס איז צו בעדויען וואָס דער געריכטסהויף און דיא געשוואָרענע זיינען דארויף ניט געפאלען. געראלד ווערנער האט געשוואָרען, אז ער האָט זיך צוגעבויגען שטארק אום אריינצוקוקען דורכ'ן פאָרהאנג אין דעם הינטערגרונד פון דעם פאבריק־געביידע — ווארום האט ער אהין געקוקט? דיך צו זעהן? געוויס ניט! ער האט דאָך ניט געקענט וויסען אז דוא ביזט דאָרט פאראנען! — ניין, ער האָט אהין געקוקט, ווייל ער האט געוואוסט אז איין אנדערער איז דאָרט פאַראַנען, און דיעזער אנדערער איז יענער מאן וואָס האט דיא פאבריק געשטעקט אין פייער.

— וואָס רעדסט דוא? — האט מישעל אויסגערופען און האט וויא אין קראַמפּפע ערגריפען דיא האנד פון זיין פריינד.

— דיינקסט דוא אז מיין דרינגען איז פאלש?

— אין גענענטהייל! מיר שיינט אלעס אזוי איינפאך און קלאָר, דאָס איך קען קוים בעגרייפען וויא אזוי איך בין דארויף ניט געפאלען.

— דוא זעהסט אלזאָ! געראלד ווערנער האט זיך געוואָלט איבערצייגען אויב יענער אנדערער איז צייטיג גענוג אנטלאָפען געוואָרען.

— ריכטיג! ער מוז האָבען וועלכע פערבינדונג מיט יענעם אונבעקאנטען וואָס האט זיך דאָן אויף מיר געוואָרפען אין דער פינסטער, אום מיך צו דערווערגען.

— געוויס איז עס אזוי — און איך קען דעם אונבעקאנטען!

— דוא קענסט איהם? ווער איז ער? זאָג!

— זיין נאָמען ווייס איך ניט, אבער זיינע פערזאָן וואָלט איך דערקענט ווען ער זאָל זיין איין אָפגעשונדענער. ער איז א מיטעל־גרויסער שטארקער מענש מיט ברייטע פּלייצעס און א ביסעל אומגעלומפּערט — ניט וואהר?

— וואהרהאפטיג, מיר שיינט אז דאס איז ריכטיג! איך ערינער מיך יעצט

וויא איך האָב איהם אין דיא דונקעלהייט געזעהן, אַלס ער איז אויפגעשפּרונגען צום אַנטלויפען, וועהרענד ער האַט אַרויסגעוואָרפען פון זיך דאָס קעסטעלע מיט צינד־העלצער.

— גאַנץ ריכטיג! — און דאָס זיינען געוועזען רוסישע צינדהעלצער — פאַלגליך איז דער פליהענדער געוועזען אַ רוסע — פּונקט וויא גראַלד ווערעניין.

— אַזוי זעהט עס אויס!

— און דיא צווייטע בריעפטאַשע וועלכע איז געפונען געוואָרען נעבען דיינער איז אויך געוועזען פון רוסישען פאַבריקאַט און האַט אויך געהערט צו דעמזעלביגען מאַן — זעהסט דוא דאָס איין?

— געוויס! נאָר פאַרשטעה איך ניט וויא אַזוי דוא קענסט יענעם מענשען, אַזוי וויא דוא ביסט שוין דאַן געוועזען אַרעטירט?

— איך קען איהם, ווייל דיין אונבעקאַנטער איז אויך מיין אונבעקאַנטער! — דער שורקע וואָס האַט אונטערגעצונדען דיא פאַבריק, האַט אויך געגנב׳עט דיא דיאַ־מאַנטען־שנור, און דאָס דיעזער מענש איז אַ קאַמעראַד פון אונזער פירסט ווערעניין, איך קען דאַרויף וועטען מיין קאָפּ! איך בין דאָך פעראַנטוואָרטהיילט געוואָרען נאָר דורך דיא אויסזאַגען פון גראַלד ווערעניין, וועלכער האַט געשוואָרען, אַז ער האַט געזעהן דיא דיאַמאַנטען־שנור אין פענסטער שוין נאָכדעם וויא יענער אונבעקאַנטער איז פון מאַ־גאַזין אַוועקגעגאַנגען. — האַ, דיעזער באַנדיט! וועה איהם ווען איך זעה איהם נאָך אַמאָהל ווידער!

— רוהיג, רוהיג, מיין פריינד! — האַט מישעל אויסגערופען — דוא רעגסט זיך אויף גאָר אָן אַ צוועק, איצטער איז ניט דיא צייט דערצו.

— דוא האָסט רעכט! איצטער מוזען מיר זיך נאָר רוהיג פערהאַלטען און אַלעס בעטראַכטען — האַט מאַרקוס געענטפערט זיך בערוהיגענד.

— וואָס דיינקסט דוא, ווען מיר זאָלען אונזערע ערפאָרשונגען מיטטהיילען דעם קאָמאַנדאַנטען, הערן פאַלאָנע, וועלכער שיינט אונז צו זיין זעהר גוט געוואויגען — האַט מישעל פאָרגעשלאָגען.

— ניין — האַט מאַרקוס האַסטיג געענטפערט — מיר מוזען אין געגענטהייל האַלטען דיא ערפאָרשונגען אין געהיים. ביז איצטער האַט נאָך קיינער בעטראַכט דיא פאָרפעלע פון דיעזער זייטע, ניט דאָס געריכט און ניט אונזער פערטהיידיגער. דיא זוננע פון טענעריפאַ האַט עשרט אַריינגעבראַכט ליכט אין דיא פינסטערניס. — ווען מיר זאָלען דעם קאָמאַנדאַנטען פערטרויען אונזערע געדאַנקען, וועט ער מיינען, אַז מיר ווילען זיך לוסטיג מאַכען איבער איהם; און ווען אפילו ער וועט אונז גלויבען, ווען ער

שיקען א רעפּאָרט נאָך פּאַריז, און דיא ציימונגען וועלען דאָרטען פּערעפּענטליכען, און וועלען הערנען גערעדט ווערנין און קאָמפּאַניע געבען א ווארנונג, און ער וועט זיך היטען, און וועט זוכען א וועג וויא געגען אונז צו קעמפּפען. דיעזער רוסע איז איין געפּעהרליכער געגנער, נור דאן וועט איך וועל זיין אין פריייהייט וועל איך עס מיט איהם קענען אונטערנעהמען.

— אין פריייהייט ? — נאָך דיין מיינונג מוזען מיר פריהער פערזוכען צו ערלאַנגען אונזערע פריייהייט, אויב מיר ווילען דער וועלט בעקאַנט מאַכען אונזערע אונשולד.

— געוויס !

— נון, מיר ווייזט אויס דאָס אנטלויפען איז אונמעגליך, אויב מען וועט אונז אומעדום אזוי היטען וויא דאָ אויפ'ן שיף.

— דאס וועט זיך שוין געפינען ! דערווייל נאַטירליך איז ניכטס צו מאַכען. ווען מיר זאָלען שפּרינגען אין וואַסער וועלען מיר ווייט ניט קומען, אין בעסטען פּאַל וועלען אונז דיא האַי־פיש אויפפרעסען. זאָל זיך אונז דוכטען אז מיר מאַכען א ווירסענשאַפטליכע רייזע אויף דיא הוצאות פון אונזער רעגיערונג. דוא אַלס אינזשינער, איך אַלס מעכאַניק. מיר ווערען ניט ערגער בעהאַנדעלט וויא דיא מאַטראָזען, און ווען זיי בעקלאַגען זיך ניט, דאַרפען מיר עס אוודי ניט טהאָן. דאס וואס מיר מוזען זיין צוזאַמען מיט אזוי פיעל וואוילע יונגען, דאס מוזען מיר אָננעהמען פאר גוט אַלס א צוגאָב צו דעם האַנדעל.

— ווען מיין מוטער זאָל געראַטהען דורכצופיהרען איהר פּלאַן ! — האָט מישעל געזאָגט.

— יעדענפאַלס מוזען מיר אָפּוואַרטען ביז מיר וועלען קומען אויף אונזער בעשטימונגס פּלאַטץ, און ערשט דאַן וועלען מיר דערפון קענעןריידען. דערווייל וועל איך מיינע גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אוועקלייגען אויף דיא מעכאַנישע אינסטרומענטען פון אונזער קאָמאַנדאַנט און שטודירען וויא אומצוגעהן מיט זיי. איך האָף באַלד פעהיג צו זיין אַליין צו פיהרען א שיף.

— ווילסטו דען איבערגעהן צו דער מאַרינע ? — האט מישעל געפרעגט אין שפאס.

— ווער ווייס ? דוא שטודיר נאָר פּלייסיג דאָס געבוי פון דיא מאַשינעריע אין שיף, און אזוי שנעל וויא איך ווער קאָמאַנדאַנט איבער א שיף מאַך איך דיך פאַרן אויבער־אינזשינער.

דעם גאַנצען טאָג נאָך דיעזער אונטעררעדונג איז מישעל געוועזען זעהר צערשטרייט ; ער האט גיט אויפגעהערט צו טראַכטען פון דער ענטדעקונג וואס זיין פריינד

האט געמאכט, וועלכע האט ווידער ערוועקט, אין זיין הארצען דיא האָפנונג צו ווייזען דער וועלט זיינע אונשולד. אלס ער איז אבענדס ווידער צוזאמענגעקומען מיט מארקוס, האט ער איהם געזאָגט :

— פאַר איין זאך נור האב איך מורא, וואס געראַלד ווערענין איז איין אויסלענדער, געהערט פיליכט צו א פאָרנעהמער פאמיליע און איז רייך.

— פון דיא דריי זאכען איז נור איינע געוויס, אז ער איז אַן אויסלענדער. פון זיין רייכטהום און זיין יחוס האלט איך ניט פיעל.

— אבער זיין שוועסטער איז רייך.

— פון נינא׳ פערמעגען וואס דער געוויסענלאָזער פאטער האט אויף איהר פערשווענדעט. דוא האָסט קיין בעגריף וויא פיעל אזעלכע גליק־זוכער און גליקזוכערקעס עס האלטען זיך אויף אין פאריז, אלע גנבות וואס קומען פאָר אין דיא רייכע מאגאזינס שטאמען מייסטענטהיילס פון זיי. דיא גאנצע צייט וואס איך האב געארבייט אין דעם ציערונג־מאגאזין, איז עס מיר געלונגען זיך אויסצוהיטען פון אלע מעגליכע שווינדלער — און צום סוף בין איך דאָך אריינגעפאלען און בין געוואָרן דאס אָפפער פון א שורקע, ווען איך האב מיך נור אויף איין אויגענבליק אומגעדרייט צו איהם מיט׳ן ררקען. — אבער ווארט נאָר, דוא שורקע, איך טרעף דיך נאָך א מאָהל, און דאַן וועסטו זיך ניט מעהר ארויסדרייען!

מיט דעם געדאנקען איז מארקוס איינגעשלאָפען.

אלע אונטעררייידונגען וואָס דיאביידע פריינדע האבען געהאט אין דיא גאנצע איבעריגע צייט פון דער רייזע האט זיך נאָר געדרייט ארום דיא פלענער וויא אזוי זיך צו בעפרייען. אזוי לאנג וויא דאס שיף האט זיך געפונען אויפ׳ן ים און זיי האבען געקענט געניעסען פרייע לופט, זיינען זיי געוועזען פריש און מונטער; קוים אבער פלעגט דאָס שיף איינלויפען אין א האפפען און מען פלעגט זיי איינשפארען אין שטייג, פלעגט מישעל אריינפאלען אין א מרה שחורה, און מארקוס פלעגט ניט אויפהערן צו שימפפען איבער אלע ליגנער און בעטריגער מיט דער גרעסטער וואוטה.

ענדליך איז דאס שיף אריינגעקומען אין שטילען ים. נאך פערלויף פון איינינע וואָכען האט מען געהאָפט צו זיין אויפ׳ן פלאטץ. דאס קלימאט איז געוואָרען ווארעמער, און אלע געפאנגענע האבען נעמוזט איבערבייטען דיא וואָלענע קליידער אויף ליינוואנדענע.

אבוואהל דיא בעהאנדלונג וועלכע דיא ביידע פריינדע האבען ערהאלטען אויפ׳ן שיף איז געוועזען בעסער וויא זיי האבען אמאהל געקענט ערווארטען, האבען זיי דאָך קוים דערלעבט דאָס ענדע פון דער רייזע. שוין דער געדאנקען צו זיין אזוי אָפגע־

שלאָסען פון דער וועלט און נים האבען קיין ברעקיל ידיעה פון דיא אנגעהעריגע האָט זיי געטריעבען אין פערצווייפלונג.

וויעדער זיינען עטליכע וואָכען אריבער, אלס איין פריהמאָרגען האט מען דיא שטייגען ניט געעפענט. דיא געפאַנגענע האבען פאַרוואָרפען דיא אויפזעהער מיט פראַגען איבער דיא אורזאכע.

— דאס שיף קומט וויעדער אין א האפען? — האט מארקוס געפרעגט.

— יא, און אין א גאנץ זיכערן האפפען — האט דער אויפזעהער געענטפערט.

— אלזאָ וועט מען אונז היינט ניט פיהרען אויפ׳ן דעק?

— היינט פיליכט ניט, אבער מאָרגען גאנץ בעשטימט, און ניט נאָר אזוי אויפ׳ן דעק, נאר אפילו איבערן דעק, אויף דאס לאַנד — דען מיר זיינען אנגעקומען אין ניר קאלעדאָניען!

— הורראַ! האט עס געהילכט פון אלע געפאַנגענע, דען דיעזע נייעס האט אויף אלע געפאַנגענע געווירקט וויא א צויבער, פונקט וויא מען וואלט זיי בעפרייט.

6טעם קאפיטעל.

# אנטלאָפען.

„נייקאלעדאָניען!"

דיא נייניערדע פון אלע געפאַנגענע איז געוועזען געשפאַנט אויף דיא העכסטען שטופע, ענדליך צו זעהען דיעזעס לאַנד. וויא אָפט האָבען זיי געהערט דעם נאָמען פון דיעזעס לאַנד און זייער אבענטייערליכען לעבען! אונטער פערברעכער האט מען זיך דערציילט אלערליי וואונדערבארע זאכען פון דעם אויפענהאלט און פון דעם לעבען אין נייקאלעדאָניען, אויף יענער גרופע אינזלען אין מיטען דעם גרויסען ים, אין דער צווייטער עק וועלט. דאס שלימסטע וואס מען האט זיך פון יענע אינזלען דערצעהלט איז, דאס עס איז זעהר שווער פון זיי צו אנטלויפען, ווייל דיא וואסערן ארום דיא אינזלען זיינען פול מיט הייפישען, און ווען איינער זאָל וועלען אנטלויפען און זיך אריינ־ווארפען אין ים אום צוצושווימען צו א שיף, וועט ער פון הוי־פישען געוויס אויפגע־פרעסען ווערען.

„לא מושיסאנט" איז שוין געלעגען צוויי טעג אין האפען פון נומעא, דיא הויפט־אינזעל פון נייקאלעדאָניען, און דיא געפאַנגענע זיינען נאך אימער געוועזען איינ־געשפארט אין זייערע שטייגען. דער קאָמאנדאנט פון שיף האט איבערגיגעבען אלע כאפיערען צום גובערנאטאר פון דער קאָלאָניע, דיעזער האט זיי איבערגיגעבען צום דירעקטאָר פון דער שטראף־אבטהייקונג, און דיעזער איז ערשט אויפ׳ן דריטען טאָג

איז דער פריה געקומען, אום צוזאמען מיט'ן קאָמאנדאנט צו איבערוואכען דיא אָבפיהרונג פון דיא געפאנגענע.

פאר אלעם זיינען פאָרגעפיהרט געוואָרן יענע וואס האבען זיך אויפ'ן וועג גע־צייגט ניט געהאָרכזאם און גראָב געגען דיא אויפזעהער און קאָמענדאנטען. דיא האָט מען גלייך אָפגעפיהרט נאך דער אינזעל רוא, וואו זיי זיינען געשטאנען אונטער בעזאָנ־דערס שטרענגער בעהאנדלונג. דאן האט מען אוועקגעשאפט דיא קראנקע נאך א האָספיטאל. און ענדליך האט מען גענומען דיא איבעריגע, א הונדערט אין צאָהל, אויפ'ן דעק. דאס זיינען געוועזען דיא רוהיגסטע און געהאָרכזאמסטע, וואס האבען זיך גוט אויפגעפיהרט.

אלעקסאנדער מישעל און מארקים פעליסער זיינען געשטאנען דיא ערשטע אויף דער ליסטע פון דיא אויסגעקליבענע. דער אויבער־אויפזעהער האט דיאביידע אָנגע־קוקט שארף, און האט דאן א בליק געטהאן אויף זייערע נומערן אין רעגיסטער פון אויפפיהרונג וואס דער קאָמאנדאנט האט איהם געגעבען, אין וועלכען ער האט געלע־זען פאָלגענדע נאָטיץ:

„נומער 4031 און 4032: מוסטערהאפטע אויפפיהרונג וועהרענד דער גאנצער רייזע. זעהר רוהיג און פאָלגזאם. האבען זיך זאָגאר אויפ'ן שיף זעהר ניצליך געמאכט, איינער אלס מאשיניסט און דער אנדערער אלס אוהרענמאכער און מעכאניקער. ביידע פערדיענען מעגליכע ריקזיכט.“

— אזעלכע לייטע קענען מיר געברויכען — האט דער אויבער־אויפזעהער געזאָגט צום דירעקטאָר — אין אונזער קאָלאָניע פעהלען ביידע, אי איין אינזשינער אי איין אוהרמאכער.

און דאן איז ער איבערגעגאנגען צו דיא איבעריגע געפאנגענע וועלכע זיינען גע־שטאנען אין צייל.

דערוויילע דאבען דיא ביידע פריינדע בעטראכטעט דיא אינזעל וועלכע איז גע־לעגען פאר זיי און האט געגעבען איין זעהר אינטערעסאנטען אנבליק מיט איהרע שטיינערנע בערג פון ווייסען קאָראל. דיא שטאָדט נומעא איז געלעגען פאר זיי פלאך וויא אויפ'ן האנד. דיא מייסטע געביידען זיינען געוועזען פון האָלץ נור א הונדערט אונגעפעהר זיינען געוועזען אויפגעפיהרט פון שטיין.

— א הערדליכער פלאטץ! זאָל זיך אונז דוכטען אז מיר וואוינען צום פערגנ־יגען אין ניצא — האט מארקוס איינגערוימט זיין פריינד.

— מיר וועלען זיך מוזען בעמיהען וואס גיכער פון דאנען זיך צו בעפרייען — האט מישעל געענטפערט.

א שטונדע שפּעטער האָבען זיך דיא הונדערט אויסגעקליבענע געפונענע אויפ'ן לאַגר, געפיהרט פון איין אויפזעהער צו זייערע קאַזאַרמעס.

דיעזע קאַזאַרמעס, אדער באַראַקען, זיינען געווען געבויט פון שטיינער און צע־מענט און ארומגענומען מיט א שטאַרקען צוים ארום און ארום. יעדע קאַזאַרמע האָט געהאַלטען 20 מעטער אין דער לייגג און 5 אין דער ברייט. 50 געפאַנגענע האָבען גע־לעבט אין יעדען געביידע, און צוויי אַזעלכע געביידען זיינען געשטאַנען אונטער איין אויפזעהער.

מישעל און מאַרקוס זיינען ווידער געגאַנגען אין דער שפּיטצע פון דער אבטהיי־לונג, וועלכע האָט איינגעשלאָגען איהר וועג אַרום שטאָדט און איז נאָך א קורצער צייט אנגעקומען ביי דיא באַראַקען. אונטערוועגס האָבען זיי אנגעטראָפען לייטע וואָס זיינען געגאַנגען געקליידעט פונקט וויא זיי, און וועלכע זיינען געווען בעשעפטיגט ביים בויען א הויז. מאַרקוס האָט געפרעגט דעם אויפזעהער:

— זיינען דיא אויך שטרעפלינגע?

— דאָ זיינען ניטאָ קיין שטרעפלינגע — האָט דער אויפזעהער געענטפערט.

— ניין? — האָט מאַרקוס געפרעגט ערשטוינט — וואָס דען זיינען זיי? דאָך גיט קיין נאַטורפאָרשער?

דער אויפזעהער האָט דאַרויף געענטפערט איז בעלעהרענדען טאָן:

— דיא געפאַנגענע וואָס ווערען אַהער געבראַכט הייסען ניט שטרעפלינגע, נאָר דעפּאָרטירטע ארבייטער.

— אַה, אַזוי! דאָס איז א זעהר ליעבענסווירדיגע נאָמענסענדערונג — אַלזאָ, יענע לייטע זיינען דעפּאָרטירטע ארבייטער?

— יאָ, אַזוי וויא איהר.

— און מען בעשעפטיגט זיי ביים בויען הייזער?

— יאָ, אַזוי שנעל וויא זיי פיהרען זיך גוט אויף, און ווייזען צייכען פון חרטה, ערלויבט מען זיי אנצונעהמען ארבייט ביי פּריוואַט־פּערזאָנען.

— איך דאַנק אייך, הערר אויפזעהער, פיר דיא גוטע בעלעהרונג — האָט מאַר־קוס געזאָגט העפליך, און זיך ווענדענדיג צו מישעל, האָט ער איהם שטיל איינגע־שושקעט:

— איך גלויב אַז מיר מוזען אנהויבען צו ווייזען חרטה.

מישעל האָט זיך געפונען אין דער פינסטערסטער שטימונג. דיעזער מאַרש וויא סאָלדאַטען, און אונטער וואַכע אם העלען טאָג, האָט איהם געקריינקט מעהר וויא דיא געפאַנגענשאַפט אין שטייג פון שיף.

איך קען ניט בעגרייפען וויא אזוי דיר ליגנט נאך אין קאפ שפאס צו מאכען — האט ער געענטפערט.

דערווייל איז דיא גאנצע ראטע אנגעקומען אין קאזארמע פון מאנטערוואל, וועלכע איז געווען דריי קילאמעטער ווייט פון דער שטאדט נומעא, אנטקעגען דער האלב־אינזעל דוקאס.

דער אויפזעהער האט דיא געפאנגענע אויפגעשטעלט ביין קאזארמע, האט אפ־גערופען יעדערן נאכ'ן נומער, און האט זיי אלע אריינגעפיהרט אין קאזארמע און פאר־שלאסען דאס גיטטער.

אזוי וויא עס איז נאך ניט בעשטימט געווען מיט וואס דיזע געפאנגענע צו בעשעפטיגען, זיינען זיי דעם מארגענדיגען טאג געבליעבען הינטער שלאס און ריגעל.

מישעל איז דיא גאנצע צייט געזעסען פארזונקען אין טרויעריגע געדאנקען, דעם קאפ צווישען דיא הענד, וועהרענד זיין נשמה איז געוועזען ביי זיין מוטער און ביי נינא.

מארקוס דאגעגען האט ניט גערוהט. ער האט דורכגעפארשט אלע ווינקעלאך אין קאזארמע, אום זיך צו איבערצייגען, אויב עס איז ניט ערגעץ־וואו דא א לאך דורך וואנען צו אנטלויפען. נאכדעם וויא ער האט זיך איבערצייגט, אז עס איז אומזיסט דיא מיהע, ווייל דיא װענד וויא דיא טהירען זיינען צו שטארק, האט ער געמורמעלט:

— דא איז גאר ניט צו מאכען.

אלס ער האט מיטגעטהיילט זיין פריינד דאס רעזולטאט פון זיין אונטערזוכונג, האט איהם דיזער געענטפערט:

— עס איז וואהרהאפטיג ניט ווערטה דיא מיהע זיך וועגען דעם צו צוברעכען דעם קאפ, מיר ביידע אליין וועלען קיינמאהל ניט קענען ענטפליהען. מיר מוזען ווארטען.

— אויף וואס זאלען מיר ווארטען?

— אין וואס פאר אן ארבייט מען זאל אונז ניט פערווענדען, זאלסטו אימער בעטראכטען דעם וועג וואס פיהרט צום ים, און דעם האפען אויך, דאמיט מיר זאלען פארבערייטעט זיין פיר דעם אויגענבליק ווען הילפע וועט אונז קומען פון אויסען.

— דיינקסטו ניט, אז עס וואלט גלייכער געוועזען, מיר זאלען דיא הילפע פון אויסען פערשנעלערן? ווילסט דוא ניט שרייבען נאך פא־ריז?

— דוא פערגעסט אז אונזערע בריעף ווערען געלעזען פון אויפזעהער און פון דירעקטאר פון דער שטראף־אבטהיילונג.

אין געגענטהייל, איך וויל זאגאר אז זיי זאלען געלעזען ווערען. דוא זאלסט זיך איבערצייגען וואס פאר א בריעף איך וועל שרייבען צו מיין ליזען.

מארקוס האט גלייך געפרעגט דעם אויפזעהער אויב ער מעג שרייבען א בריעף.
ריינזער האט איהם גערן געבראכט פאפיער, פעדער און טינט, און האט איהם גלייך
אויפמערקזאם געמאכט:

— פערגעסט ניט אויפ'ן בלאט אנצוגעבען אייער נומער גענוי.

— איך וועל געוויס ניט פערגעסען! — קענט איהר מיר אויך געבען א פאסט־מארקע?

— א פאסט־מארקע איז ניט נייטיג!

— ווארום ניט?

— דער גובערנאטאר שיקט אפ די בריעפע נאך פראנקרייך. די דעפארטירטע ארבייטער דארפען קיין בריעף־פארטא ניט צאהלען.

— וואס איהר זאגט! מיר האבען אלזא דאס זעלבע רעכט וואס דער פרעזידענט פון דער פראנצויזישער רעפובליק.

און צוריקקעהרענדיג צו מישעל האט ער געזאגט:

— דאס איז וואונדערבאר! עס לוינט זיך ווירקליך פערשיקט צו ווערן נאך ניי־קאלעדאניען, נאר אום צו פארשפארען פאסט־געלד! און פערגעס ניט אז מען קריעגט נאך דערצו פרייע וואוינונג, קעסט, בעלייכטונג און בעהייצונג, קליידער און וועשע. ענדליך בלייבט מען דא וואוינען און מען ווערט גרונדבעזיטצער — וואס קען מען מעהר פערלאנגען?

— שפאס ניט, נאר בערעכען בעסער וואס דוא ווילסט שרייבען, אום דוא זאלסט דערפון ניט האבען וועלבע ערגערניס דערנאך.

— זיי אונבעזארגט, דוא וועסט זיך באלד איבערצייגען.

מארקוס האט זיך געזעצט און האט געשריעבען פאלגענדען בריעף:

„מיין טהייערע ליזע!

ווען איך וואלט ניט געוועזען פון דיר געשיעדען, און ווען מען וואלט מיך ניט אונגערעכטערווייזע פעראורטהיילט, וואלט איך מיך אויף מיין יעצטיגע לאגע ניט געהאט צו בעקלאגען. — דורך מיינע גוטע אויפפיהרונג בין איך זעהר גוט בעהאנדעלט געווארען אויפ'ן שיף; אויך בין איך געזונד און מונטער אנגעקומען נאך נומעא. מיר וואוינען אין געראמען און לופטיגען געביידע. אונזער אויפזעהער איז א זעהר פריינדליכער און ליעבענסווירדיגער מענש. די קעסט איז גוט וויא מען קען בעסער ניט ווינשען. — פון מארגען אן וויל מען אונז בעשעפטיגען ביי לייכטע ארבייטען; דאס וועט אונז געבען בעוועגונג און צערשטרייאונג.

אין סוף הכל געפינט מען זיך דא גאנץ גוט און אזוי וויא איך האף מיין שטראפ

צו פערקלענערן און מיינע געפאנגענשאפט אָפּצוקירצען, דאַן וועסטו קענען קומען אהער צו מיר אין עטליכע יאהר. דאס לאנד איז דאָ פּרעכטיג. עס האט מעלאַריש־שעהנע ברעגעס ביין ים, הערליכע וועלדער און פריינדליכע קאָלאָניעס.

גיעב מיר באלד נאכריכט פון דיר און פון אונזערע פריינדע.

לעב וואהל! איך גריס דיך פיעל טויזענד מאָהל.

**מארקוס פליסער.**

דעפּאָרטירטער ארבייטער נומער 4032

לאגער פון מאָנטראַוועל, באַראַקע נו׳ 28.

— אזוי! איצטער זאג אליין, איז דער בריעף אפשר ניט ריהרענד? — האט מארקוס געזאָגט צו מישעל נאכדעם וויא ער האט געענדיגט זיין בריעף. איצטער שרייב דוא אויך אזא בריעף צו דיין מוטער.

— וואָס זאָל איך שרייבען?

— זעטץ זיך אניעדער, איך וועל דיר דיקטירען.

און מישעל האט געשריעבען וויא זיין פריינד האט איהם פאָרגעזאָגט:

„מיינע גוטע מוטער!

נאך א גליקליכער רייזע איבערן ים, וועהרענד וועלכער דער קאמענדאַנט פון דער „מוזשיסאַנט“ האט זיך געצייגט צו מיר זעהר גוטהערציג, בין איך אין בעסטער געזונדהייט אנגעקומען אהער אין נומעא. מען בעהאנדעלט אונז דאָ ווירקליך אין פעטערליכער וויזע, אזוי דאס איך פערגעס צייטענווייז דאס איך בין אונשולדיג פעראורטהיילט געוואָרען. וויא מיר שיינט וועל איך דאָ ערהאלטען א בעשעפטיגונג וועלכע פאסט זיך צו מיינע פעהיגקייטען. איך וויל מיין אונגליק מוטהיג ארייבערטראָגען, איך וועל אונערמיעדליך ארבייטען און מיך ניצליך מאכען, דאמיט איך זאָל ערהאלטען א פערקירצונג אין מיינע שטראף־צייט.“

— ניין! מעהר שרייב איך ניט! — האט מישעל אויסגערופען — איבעריגענס איז דער גאנצער בריעף אומזיסט, דען איצטער וועט מיין מוטער שוין זיין אונטערוועגס.

— דאס מאכט ניט אויס, צו דער בריעף וועט אנקומען אין דיין מוטערס האנד אדער ניט. ער איז געשריעבען פאר אונזער דירעקטאָר מעהר אלס פאר דיין מוטער. דער דירעקטאָר וועט ביידע בריעפע לעזען און וועט זיך אזוי פרייען איבער זייער איני האלט, דאס ער וועט ווערן גוט צו אונז. ער וועט אונז לאָזען רופען, וועט אונז זאָגען מוסר, און וועט זיך בעמיהען אינז צו ברענגען אויפ׳ן דרך הישר. ער וועט אונז געבען א לייכטערע בעשעפטיגונג וויא דיא אנדערע, און אין א קורצע צייט וועלען מיר גילטען אלס א מוסטער פאר אלע דעפּאָרטירטע ארבייטער. מיר ערהאלטען דאן גרעי

סערע פרייהייטען, מען וועט אונז ווניגער בעוואכען וויא דיא אנדערע — און דאן איז אונזער ציעל עררייכט. — דוא פערשטעהסט דאך וואס איך זאג.

— געוויס פערשטעה איך!

— נון, אלזא, דאן שרייב ווייטער.

— זאל זיין אזוי — דיקטיר ווייטער.

„נאכדעם וויא מיר איז דאס לעבען אין פארנקרייך פארגאלט געווארן — האט מארקוס ווייטער דיקטירט — קלער איך ביי זיך, צו וועט עס ניט גלייכער זיין, אז איך זאל מיך דא אין גאנצען בעזעטצען? וויא מען זאגט זאלען זיך דא געפינען רייכע מינען פון ניקעל, ביי וועלכע מען קען פיעל פערדיענען ווען מען זאל ביי זיי ארבייטען. אויך פיר פעלד־ארבייט איז דא א גוטער פלאטץ. וויא דיינקסטו, מוטער, וואלט אפשר כדי געוועזען דוא זאלסט אויך אהער אריבערקומען?

וועגען דעם און וועגען פיעלע אנדערע זאכען שרייב איך דיר אויספיהרליך אין מיין נעכסטען בריעף. דערווייל גריס איך דיך הערצליך.

דיין מישעל."

— דאס וועט זיין גענוג — האט מארקוס געזאגט — שרייב נאר צו נומער 4081 און גיעב מיר דעם בריעף. דיא ווירקונג וועט שוין קומען.

ביידע בריעפע האט מארקוס איבערגעגעבען דעם אויפזעהער, וועלכער האט זיי אויפמערקזאם דורכגעלעזען, און האט ביי עטליכע שטעלען זעהר צופריעדען געשמייכעלט. מארקוס, וועלכער האט איהם בעאבאכטעט, האט זיך געטראכט. — אהא! איצטער איז ער געקומען צו דער שטעלע פון דעם ליעבענסווירדיגען אויפזעהער, דאס קיצעלט איהם זעהר.

— גוט! — האט דער אויפזעהער געזאגט — איך וועל דיא בריעפע איבערגעבען דעם הערר דירעקטאר.

דעם נעכסטען טאג איז דיא גאנצע אבטהיילונג געפאנגענע געפיהרט געווארען נאך איינער שטעלע ניט ווייט פון דיא באראקען, וואו א בערגיל האט זיך איינגעבראכען און מען האט דעם פלאטץ געדארפט פלאך מאכען. דאס האט גענומען א וואך צייט ביי דער גאנצער מאנשאפט.

— דוא זעהסט אז אונזערע בריעפע האבען גאר ניט געווירקט — האט מישעל געזאגט — און מען בעשעפטיגט אונז מיט אזעלכע ארבייט.

— נור גערולד! — האט איהם מארקוס געטרייסט.

וועהרענד דער צווייטער וואכע האט מען דיא אבטהיילונג פערווענדעט אויף דיא פארבערייטונג פון בוי־מאטעריאל פיר א נייע קאזארמע. דיא ביידע פריינדע

האבען ערפילט זייער ארבייט רוהיג און געוויסענהאפט, לויט דיא וויזונגען פון אויפזעהער, וועלכער האט זיך מיט זיי אפט אונטערהאלטען, מארטין האט געוואונען דיא פריינדליכקייט פון אויפזעהער דאדורך וואס ער האט איהם רעפארירט זיין אוהר. ביסלאכווייז איז דער מאן געווארען פערטרויליכער, און האט זיי דערציילט פיעל פון דעם וואס געהט פאר אויף דער אינזעל, און וויא מען לעבט דא.

— זיינען שוין אמאהל וועלכע געפאנגענע פון אייך אנטלאפען? — האט מארקוס איינמאהל א פרעג געטהאן.

— א יא — האט דער אויפזעהער געענטפערט ערנסט — איינמאהל זיינען ביי מיר אין צוויי וואכען אנטלאפען געווארען צוויי ארבייטער. איינער איז אריינגעשפרונגען אין ים און האט געוואלט צו־שווימען צו א האנדעלס־שיף וואס איז פארבייגעפאהרען, אבער דיא הייפיש האבען איהם אראפגעשלעפט צום גרונד. דער אנדערער איז אנטלאפען געווארען אין דיא וועלדער, אים אינערן פון אינזעל. ער איז דארטען געבליעבען א גאנצען מאנאט, זיך נעהרענדיג פון ווארצלען און ווילדע פריכטע, ביז איינער פון דיא איינגעבארענע האט איהם בעמערקט און האט עס ביי אונז אנגעמאלדען פיר דיא געוועהנליכע בעלאהנונג פון 50 פראנק. אום דעם אנטלאפענעם ווידער איינצופאנגען איז ארויסגעשיקט געווארען א טרופע סאלדאטען, און אזוי וויא ער האט זיך געוועהרט, האט מען איהם פעראורטהיילט צום טויט און הינגעריכטעט. ביידע זיינען געוועזן קיינע שלעכטע מענשען, אבער זיי האבען געליטען פון א ריכטיגע פרייהייטס־זוכט.

— איך געפין דאס גאנץ נאטירליך — האט מארקוס געמורמעלט שטיל.

פון דערזעלביגער פרייהייטס־זוכט האבען געליטען דיא מייסטע געפאנגענע; נור וועניגע האבען זיך בעצוואונגען צו האלטען זיך גאנץ רוהיג. יעדען אבענד האבען זיי אונטער זיך געמאכט אלערליי פלענער צום אנטלויפען, און איין פלאן אימער געוואגטער און וואונדערבארער אלס דער צווייטער. גאנץ בעזאנדערס אונגליקליך האבען זיך דיא געפאנגענע געפיהלט דורך דיא אונגעהייער גרויסע וועלדער וועלכע האבען זיי אנגעצויגען פון וויטען מיט זייער פרישקייט און גרינקייט. זיי האבען געגלויבט אז דארטען וואלטען זיי געקענט לעבען פארבארגען ביז עס זאל זיך מאכען א געלעגענהייט צו אנטלויפען פון אינזעל. — יעדען טאג האבען זיך דיא בליקע פון דיא געפאנגענע געריכטעט נאך יענע וועלדער, וועלכע האבען אנגעצויגען וויא מאגנעט.

— שלאגט אייך ארויס אזעלכע געדאנקען פון קאפ — האט איינמאהל מארקוס אויסגערופען צו זיינע מיטגעפאנגענע — צו אנטלויפען אין דיא וועלדער האט גאר קיין צוועק. ווייסט איהר דען ניט אז יעדער איינגעבארענער וואס ענטדעקט איין אנטלאפענעם ארבייטער קריעגט 50 פראנק א בעלאהנונג?

דיא ווערטער האָבען אויף דיא אונגליקליכע געווירקט וויא איין קאַלטעס וואַסער איבערן קאָפּ, און עס איז זיי פערגאַנגען אַלע לוסט צום אַנטלויפען. דאס איז עס גע־ווען וואס מאַרקוס האט געוואָלט.

אין אַנפאַנג פון דער דריטער וואָכע האט איין סאָלדאַט פון קאַראַאול אַרויס־גערופען דיא נומערן 4031 און 4032 צום דירעקטאָר פון דער שטראָף־אַנשטאַלט. מאַרקוס האט איינגעשושקעט זיין פריינד אין אויער:

—זעהסט דוא וויא עס ווירקט!?

דער אויפזעהער האט זיי פריינדליך צוגעוואונקען, און אַלס זיי האָבען פון איהם גענומען אַבשיעד האט ער זיי געזאָגט מיט אַ מיענע פון אַ בעל טובה:

— איך האָב וועגען אייך אַריינגעבראַכט זעהר אַ גינסטיגען בעריכט.

צוויי שטונדען שפּעטער האט מען אַלעקסאַנדער מישעל און מאַרקוס פּעליסער אַריינגעפיהרט אין ביוראָ פון דירעקטאָר, וועלכער איז געזעסען ביים שרייב־טיש, און ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ האט ער געזאָגט:

— וואַרט אַ ווייל!

— מישעל האט געמאַכט אַ צאָרניגע בעוועגונג און האט זיך געשטעלט פאַר איהם; דאַמיט ער זאָל קענען ענטפערן פאַר ביידען.

ענדליך האט דער דירעקטאָר אַוועקגעלייגט דיא פעדער, האט זיך בעקוועם אַפּגעלעהנט אין זיין שטוהל, און בעטראַכטענדיג אויפמערקזאַם דיא צוויי פריינדע, האט ער געזאָגט:

— איהר הייסט מאַרקוס פּעליסער און אַלעקסאַנדער מישעל, איינער איז פער־אורטהיילט פאַר גנבה און דער אַנדערער פאַר בראַנדשטיפטונג?

ווידער האט מישעל געוואָלט עטוואס איינווענדען, אָבער מאַרקוס האט איהם צוריקגעשטופּט און האט געענטפערט מיט גרויס הכנעה.

— אייער אויפפיהרונג פון פריהער ווערט געשילדערט אַלס עהרליך און פיין, אויך דער קאָמאַנדאַנט פון שיף גיט דיא בעסטע מיינונג איבער אייך, און אייער אויפ־זעהער האט אייך גוט עמפּפאָהלען, דאס אייער בענעהמען איז גוט צייט איהר זייט געקומען אַהער. איך האָב אויך ווייטער ערפאַהרען אַז איהר האט זיך אויפריכטיג בע־מיהט אַפּצוהאַלטען אייערע מיטגעפאַנגענע פון פערזוכע צו אַנטלויפען, וואס איז סיי־וויא־סיי אומזיסט און נוטצלאָז, ווייל מיר האָבען עס אַזוי דאָ איינגעריכטעט, דאס אַנטלויפען איז אונמעגליך. אין אַנבעטראַכט פון דעם אַלעם וואס איהר האט געטהאַן, האָב איך בעשלאָסען צו פערלייכטערן אייער שטראָפע.

מאַרקוס האט זיך דערביי פערנייגט צום דאַנק און האט אָנגענומען מישעלס

ארעם אזוי פעסט, דאס דיעזער האט זיך אויך א ביינ געטהאָן, און עס האט אויסגע־וויעזען וויא ער דאנקט אויך. דער דירעקטאָר וויעדער האט מיט א געוויסער פריינד־ליכקייט ווייטער גערעדט:

— עס מוז בעזאָנדערס פיינליך זיין פאר אייך, וויא איך פארשטעה, איינגע־שלאָסען צו ווערען ביי נאכט אין דער באראקע מיט דיא געפאנגענע צוזאמען, אָבער דאס לאָזט זיך אנדערס ניט מאכען. ערשט נאך א יאָהר פון גוטער אויפפיהרונג וועט איהר קענען ע־האלטען א בעזונדערע וואוינונג. ביי נאַכט וועט איהר אלזאָ אויך ווייטער מוזען בלייבען אין דיא באראקען, אבער אן יעדעם פריה מאָרגען, נאכדעם וויא ער וועט אויסשטעלען אלע זיינע לייטע ביי דער ארבייט, וועט ער אייךביידען בעגליי־טען אין שטאדט אריין, וואו ער וועט אייך איבערגעבען צו אנאנדער אויפזועהער וועל־כער וועט אייך פיהרען אהער.

איהר, אלעקסאנדער מישעל, זאָלט האבען דיא אויפזיכט איבער אלע רעפּעאַ־ראטורען וואס ווערען איצטער געמאכט אויף דיא מויערן פון האפען. דעם בוי־אונ־טערנעהמער זיינען צו דעם צוועק צוגעשטעלט געוואָרען דעפּאָרטירטע ארבייטער, איבער וועלכע איהר וועט זיין דער ווערקפיהרער. נאך אונזערע רעגעלן וועט איהר דערפאר ערהאלטען 25 סענטים א טאג.

איהר, מאַרקוס פּעליסער, זאָלט דא איבערנעהמען דיא זעלבינע בעשעפטיגונג וואס איהר האט געהאט אויף דער פרעגאטע „לא מוזשיסאנט". אייער הויפּט־ארבייט בעשטעהט אין דעם צו זעהן, אז אלע אוהרען אויף דיא עפענטליכע געביידען זאָלען געהאלטען ווערען אין אָרדנונג, וויא אויך דיא אוהרען אויף דעם גובערנאַטאָרס פּאַ־לאַסט, אויפ'ן געפענגניס און אויפ'ן האָספּיטאל. פאר דיעזע ארבייט קריעגט איהר אויך 25 סענטים א טאָג.

מיט דער צייט האָף איך אייך ביידען וויכטיגערע ארבייט צו געבען און אייך בעסער צו בעצאָהלען און אויב איהר וועט נור וויזען, אז איהר פערדיענט דאס צו־טרויען וואָס מען האט צו אייך, וועט אייך ניט נור אָפּקירצט אייער שטראף־צייט, נור מען וועט אייך אויך בעהילפיג זיין זיך דאָ צו בעזעטצען. אונזער קאָלאָניע גיט זעהר פיעל שאנסען רייך צו ווערען פיר ארבייטזאמע און פלייסיגע מענשען. מיר האבען דא רייכע ניקעל־מינען און קאנאלאָ, טהיאָ, בעל־עיר און באָא־קאָם. אין פערן־היל הא־בען מיר אפילו א גאָלד־מינע.

קורץ, דאס גליק פון אייער צוקונפט ליעגט אין אייערע אייגענע הענד. איך האָף, איהר וועט מיך ניט ענטוישען, איך ערווארטע פון אייך אז איהר זאָלט זיך ערוויזען ווירדיג דיא פריינדליכקייט

וואָס איך ווייז אייך און איהר זאָלט קלענער מאַכען אייער פערגעהן דורך אויפריכטיגע חרטה. יעצט געהט צו אייער ארבייט.

דער דירעקטאָר האט אָנגעקלונגען, דערזעלביגער אויפזעהער וואס האט מארקוס און מישעל געבראכט צופיהרען אהער איז ערשיענען און האט אויף בעפעהל פון די־רעקטאָר דיא ביידע געפאנגענע צוריק אַוועקגעפיהרט.

— חרטה פערלאַנגט ער פון אונז! — דאט מישעל געזאָגט צו מארקוס'ן. אלס זיי זיינען ביידע געוועזען דרויסען — דערשטיקט וואָלט איך איהם!

— אח, ווארום דען? אזא ליעבענסווירדיגען מאן! — האט מארקוס געשפּאַסט.

מארקוס'ן איז גלייך אנגעוויזען געווארן דיא אוהר אויפ'ן טהורם פון געפענגניס, וועלכע איז שוין פון א צייט געשטאַנען.

מישעל איז אוועקגעפיהרט געוואָרען צום האפען, וואו ער האט געפונען צעהן ארבייטער בעשעפטיגט מיט'ן צוברייטען פון צעמענט און וואַפּנע און מיט ארומהאַקען שטיינער. ער האט בעקוקט דיא בעשעדיגטע שטעלען אין דער מויער פון האפען, און האט אָנגעוויזען צו מאַכען דיא נייטיגע פאָרבערייטונגען פיר דיא רעפּערטואַרען. וועה־רענד זיינע אנאָרדנונגען זיינען דורכגעפיהרט געוואָרען פון דיא ארבייטער, וועלכע האָבען זיך זעהר גערן געלאָזט פון איהם פיהרען, האט ער דערווייל בעטראַכט דעם האפען וועלכער איז געווען ארומגערינגעלט מיט שטאַרקע באַטעריען. פאר איהם איז געלעגען דער אונערמעסליכער ים, איבער וועלכען דער טיעף־בלויער הימעל האט זיך אויסגעברייטעט. פון וויטען האט זיך געזעהן דאס שיף „לא מוזישיאַנט" ביים איינ־גאַנג פון האפען, צום שוטץ פון דער קאָלאָניע.

מיט א שווערן זיפץ האט זיך מישעל דערמאָהנט אן דער וויטער היימאט און זיינע ליעבע וואָס ווארטען דאָרט אויף איהם. — ער האט נאך אלץ קיינע נאכריכטען ערהאלטען פון זיין מוטער און ער האט זיך געפרעגט, אויב זיא האט שוין פארלאָזען פאריז אָדער נים. איידער מען האָט איהם ארויסגעשיקט פון פאריז האט ער אין דיא אונטעררעדונגען מיט זיין מוטער וואָס ער האט מיט איהר געהאט אין געפענגניס מיט איהר געמאַכט דעם פּלאַן, דאס זיא זאָל אָפּנעהמען פון ערמאַנד דיא הונדערט־צעהן טויזענד פראַנק וואס ער האט זיך אָבגעשפּאָרט און זאָל פאהרען נאָך סידניי אין אויסטראַליען. מיט דעם געלד וועט זיא קענען אונטערקויפען א קאפּיטאן פון א שיף וואס פאָהרט נאך נייקאַלעדאָניען, צו בעהעלפען איהם מיט מארקוס צו זייער בע־פרייאונג. וויא דאָס וועט געשעהן האבען זיי נאטירליך ניט געוואוסט, אבער זיי האבען גערעכענט אז דער פּלאַן וועט זיין ניט זעהר שווער אויסצופיהרען.

ער איז אריינגעפאַלען אין א מרה שחורה און איז א היבשע צייט אזוי געזעסען

ביז ער האָט דערהערט קלינגע פון א גלאָק וואס האבען זיך געטראָגען פון שטאָדט אין גלייכען טאקט און אונאויפהערליך.

— הערט, הערט! — האט איינער פון דיא ארבייטער געזאָגט — דיא גרויסע אוהר אויפ'ן געפענגניס וואָס האָט אזוי לאַנג געשטומט, האט אנגעהויבען צו קלינגען און יאָגט איין וואס זיא האט אין אזא לאַנגער צייט פארפעהלט.

מישעל האט גלייך פערשטאַנען אז מארקוסעס האנד טהוט דאס דעם וואונדער.

— — — — — — — — — —

פיעלע טעג זיינען אזוי אריבער, איינער וויא דער אנדערער, אָהן א שום פער־ענדערונג אין דעם לעבען פון דיאביידע פריינדע. דער אויפזעהער פיזאָן האט יעדען פריה מאָרגען געפיהרט מישעל און מארקוס צום איינגאַנג פון נומעא, נאכדעם וויא ער האט דיא איבעריגע אכט און פיערציג פון זייער באַטעריע געלאָזען ביי דער אר־בייט, און דאָרטען פלעגט זיי אנטקעגען קומען דער אויפזעהער סיזאק, וועלכער פלעגט זיי איבערנעהמען און פיהרען צו זייער ארבייט. דיא זעלביגע פראָצעדור האט זיך וויע־דערהאָלט טאג־טעגליך מיט דערזעלביגער רוהע און זיכערהייט, און דיא ביידע אויפ־זעהער האָבען גאָר קיינמאָהל ניט געקענט דיינקען אז דיא רוהיגע און פריעדליכע יונגע מענער קענען אמאָהל פערזוכען דאס אנדערס צו מאכען. און דאָך האָבען דיא ביידע פריינדע ניט אויפגעהערט צו דיינקען פון זייער בעפרייאונג, און פון דיא מיטעל דורך וועלכע זיי קענען דאס עררייכען.

— אנטלויפען אין דאס אינערע פון אינזעל האט גאָר קיין זין ניט — האט מי־שעל געזאָגט צו זיין פריינד אין א געהיימער בעראטהונג — דאָרט וועט מען אונז געוויס פאנגען. מיר מוזען ערוואַרטען הילפע פון אויסען און מאכען אלע פאָרבערייטונ־גען פיר דען פאַל.

זיי האָבען אויך ביסלאַכוויז פיעלע זאכען פאָרבערייטעט פיר דעם פאַל, און האָבען דאן אלעס איבעריגע איבערגעלאָזען דעם צופאַל.

אין זייער אומגעבונג האט קיינער ניט געהאט דעם קלענסטען פערדאַכט. ביידע האָבען זיך אין דער קאָלאָניע געמאכט א גוטען נאמען. מארקוס האט שוין זאָגאר גע־האט פיעל קונדען. ווען ער פלעגט אין דער פריה אריינקומען אין זיין ארבייטס־צימער אין געפענגניס, פלעגט ער געפינען זעהר פיעל זאכען צו רעפארירען, וועלכע מען פלעגט איהם ברייננען פון שטאָדט מיט דער ערלויבניס פון דירעקטאָר. וואו נאר איינע אוהר פלעגט קאַליע ווערען אָדער א ציערונג־שטיק צובראָכען ווערען ביי איינעם פון דיא בע־אמטע אין דער קאָלאָניע, בעזאָנדערס אבער ביי זייערע ווייבער און טעכטער, פלעגט מען עס ברייננען צו איהם.

מישעל וויעדער האט זיך נאך אלץ בעשעפטיגט מיט דיא רעפאראטירען אין מויער פון האפען, ער האט אלץ ארויסגעזוכט מעהר בעשעדיגטע שטעלען, און ווען עס וואלט אזעלכע געפעהלט וואלט ער אליין צוגעמאכט נייע, אום נור צו בלייבען וואס לייגגער ביין האפען, און בעסער בעקאנט צו ווערן מיט דיא איינריכטונג. ער האט שוין געוואוסט דאס אויסער דער פרעגאטע „לא מוזשיסאנט" ליעגען נאך צוויי קליינע קא־נאנען־שיפען שטענדיג ביין האפען. ווייטער זיינען נאך געווען דארט פערשיעדענע פי־שער־שיפלאך, און איינינע לייכטע גרעסערע שיפען, איבער וועלכע דער גובערנאטאר האט געהאט צו בעפעהלען. ענדליך פלעגען אויך אנגעקומען פון צייט צו צייט קליינע דאמפפער, וועלכע האבען געפיהרט האנדעל צווישען אויסטראליען און נייע־קאלעדאניען. אויף דיא לעצטערע שיפען פלעגט מישעל בעזאנדערס אכטונג געבען. אזוי שנעל וויא אזא שיף פלעגט אנקומען פלעגט ער בעמערקען דיא לייטע וואס קומען אראפ פון איהם, דען איהם האט געזאגט דאס הערץ, אז פון דער זייט מוז קומען דיא געווארטע הילפע.

איין פריהמארגען, אלס ער איז געזעסען מיט דעם בוי־אונטערנעהמער אונטערן דאך פון א לייכטען געצעלט וואס איז אויפגעבויט געווארען צום שוטץ פון דער זאנע, און האט גערעכענט דיא קאסטען פון געוויסע ארבייטען, האט ער געהערט וויא איי־נער פון דיא ארבייטער זאגט: דארט קומט דער „קאנינג".

מישעל האט זיך ערקונדיגט ווער דער „קאנינג" איז, און מען האט איהם גע־זאגט אז דאס איז איינער פון דיא בעסטע אויסטראלישע דאמפפער וועלכער קומט פון סידניי בעלאדען מיט אייראפעאישע וואארע און נעהמט דאפיר צוריק צוקער, רייז און קאפע.

דער „קאנינג" האט זיך געשטעלט אויפ'ן אנקער אין האפען, און מען האט איהם גלייך אנגעהויבען אויסצולאדען. דיא וואארע איז געבראכט געווארען צום ברעג מיט קליינע שיפלאך.

מישעל האט מעהר ניט געאכטעט דארויף און האט פארטגעזעצט זיינע רעכ־נונגען.

דריי טעג שפעטער, אלס ער איז בעשעפטיגט געווען מיט דער בעזיכטיגונגען פון דיא געמאכטע רעפאראטורען, האט ער דערהערט פון גאר ניט ווייט דעם גראבען געזאנג פון א ענגלישע ליעד, און אלס ער האט זיך אומגעקוקט האט ער בעמערקט א רעדעל בעטרונקענע מאטראזען, וועלכע האבען זיך געהאלטען ארומגענומען, און זיינען געגאנגען פריילאך ביין ברעג ים, פאלענדיג פון דיא פיס, ליארמענדיג און זעהר לאר־בענדיג.

— דאס זיינען גליקליכע מענשען — האט איינער פון דיא ארבייטער זיך אנ־גערופען.

מישעל, וועלכער האט ניט געקאנט אראפנעהמען דיא אויגען פון דעם רעדיל מאטראזען, וועלכער איז געקומען אלץ נעהנטער, צו דעם פלאטץ וואו ער איז געשטא־נען, האט פלוצלונג ארויסגעלאזען א געשריי, און האט זיך באלד צוזאמענגענומען מיט אלע זיינע קרעפטען אום ניט אויף זיך אויפמערקזאם צו מאכען דיא ארבייטער ארום איהם, דען אין איינעם פון דיא מאטראזען, וועלכער איז געגאנגען פון זיין זייט, און האט געשריען און געליארעמט מעהר וויא דיא אנדער, האט ער דערקענט זיין אלטען פריינד ווערן. ער האט איהם דערקענט טראָטץ דעם וואס ער האט געט־אגען א רויטען באקענבארד — גאט ווייס וואו ער האט עס גענומען — מאטראזען־קליידער און א היטעל פון וואקס־טוך אראָגעהאנגען אויף דיא פלייצעס, און טראָטץ־דעם וואס ער האט זיך געמאכט שכור.

דער בראווער ווערן און מישעל האבען זיך אנגעקוקט און האבען מיט קיין מיענע ניט ארויסגעוויזען זייער אויפרעגונג, אבגלייך עס האט זיי געצויגען וויא א מאגנעט זיך צו פאלען איינער דעם אנדערן אין דיא ארעמס.

דיא מאטראזען זיינען א ווייל געבליעבען שטעהן און צוזעהן וויא דיא ארבייטער טהוען. מישעל און ווערן זיינען זיך געשטאנען אזוי נאהענט איינער צום אנדערן, אז זיי וואלטען זיך קענען געבען דיא הענד איינער דעם אנדערן. אבער ווערן האט זיין פרייע האנד ארייגעלעגט צו זיך אין טאשע און איז זיך געגאנגען ווייטער מיט דיא מאטראזען, אימער זינגענדיג און ליארמענדיג.

דיא ארבייטער האבען זיך ווידער געשטעלט צו דער ארבייט, ווערענד דער אויפזעהער האט נאך א לאנגע צייט נאכגעקוקט דעם רעדעל בעטרונקענע מאטראזען.

דעם אויגענבליק האט מישעל בענוצט אום אויפצוהויבען פון דר׳ערד א צונויפ־געקייקעלטעס שטיקעל פאפיער, וועלכעס ווערן האט אין נעהיים געלאזט ארויסגליטשען זיך פון זיין צוריסענע הויזען־טאשע, און האט עס שנעל פארבאָרגען.

ווען דער אויפזעהער האט זיך א ווייל שפעטער אפגעקעהרט, איז מישעל אריין אין געצעלט און זעצענדיג זיך ביין טיש, וויא כלומרשט צו רעכענען עטוואס, האט ער פאנאנדערגענומען דאס פאפיער און האט געלעזען פאלגענדעס:

„מיין ליעבער אלעקסאנדער,

אבגלייך איך וויים נאך ניט ווען מיר וועט דיך אויסקומען צו זעהן, גרייט איך דאך אן דיעזען בריעף וועלכען איך וועל דיר לאזען צוקומען ביי דער ערשטער געלעגענהייט. — פאר פיערצעהן טאג בין איך מיט דיין מוטער און מיט נאך א

פריינד וועלכען דוא ווערסט קענען שפעטער אנגעקומען אין סידניי, און מיר האָבען גלייך גענומען זוכען דיא מיטעל וויא אזוי דיך און מארקוס פעליסער צו בעפרייען. הער זיך צו וואס פאר א פלאַן מיר האָבען געפאסט:

דער „קאָנינג" האלט זיך אויף אין נומעא נור עטליכע טעג. דער קאפיטאן פון שיף, א געוועזענער מאשיניסט אין דער פאבריק ביי אונז אין סאינט־דעני, אָבגלייך ער איז געוען בערייט, מיר, זיין געוועזענעם קאמראדען צו העלפען, וויל זיך דאָך אליין ניט בעטהייליגען אין אייער בעפרייאונג. איך האב איהם פאָרגע־שלאגען, דאס נאכדעם וויא דיא לאדונג וועט זיין פארטיג, זאָל ער פארבייפאָהד־רען ערגיץ־וואו נאָהענט צו דער אינזעל, און איך וועל אייך ארויספיהרען אויף א באָט, אבער דאס האט ער ניט געוואָלט. ער האט דערקלערט אז דאס איז צו געפעהרליך, דען דיא פרעגאטע „לא מוזשיסאנט" וואס שטעהט אין האפען וועט אונז געוויס בעמערקען, און וועט אונז נאכיאגען און פאקען. דאס איינציגע אויף וואס ער איז איינגעגאנגען איז אונז איבערצוגעבען אין גאנצען זיין שיף. דער פריינד וואס פאהרט מיט אונז איז רייך, און ער האט אוועקגעלייגט ביי דעם קאפיטאנס באנקיער אין סידניי א פירטעל מיליאָן פראנק. געהט דאס שיף פערלאָרן, דאן געהערט דאס געלד דעם קאפיטאן; ברייננען מיר עס אבער אין א גוטען צושטאנד צוריק, דאן קריעגט ער דערפון 50 טויזענד פראנק.

אין דעם אויגענבליק געפינט זיך דער קאפיטאן אויפ׳ן לאנד און וועט עט־ליכע טעג ניט קומען אויפ׳ן „קאָנינג"; דיא מאטראָזען בלייבען אויך ניט אויפ׳ן שיף נאכדעם וויא עס איז אויסגעלאדען. דיינע מוטער ליעגט בעהאלטען אין דער קאיוטע פון קאפיטאן."

— מיינע טהייערע גוטע מוטער! — האט מישעל זיך אונטערבראָכען, וועהרענד הייסע טרעהרען זיינען איהם געלאָפען איבער דיא באקען — דוא ביסט מיר אזוי נאָ־הענט און איך קען דיך ניט זעהן, און קען מיט דיר ניט ריידען!

ער האט זיך אפגעווישט דיא טרעהרען און האט וויטער געלייזען:

„איך בין אויפ׳ן שיף אויף דער שטעלע פון מאשיניסטען, וועלכער איז גע־בליבען אין סידניי. דער פריינד פון וועלכען איך האָב דאָ געשריבען, און נאך איין פערטרויטער מאטראָז זיינען דיא איינציגע וואס וויסען פון אונזער פלאַן. דער מאטראָז קריגט דריי טויזענד פראנק, אויב עס זאָל געראטהען, או ער וועט נאָ־טירליך שווייגען. דער קאפיטאן וויל פון דער גאנצער געשיכטע גאָר ניט וויסען. עס מוז אויסזעהן, אז מיר זיינען אנטלאָפען געוואָרן מיט זיין שיף. פאר איהם האָ־בען מיר געוויס ניט מורא צו האָבען: ער וועט ניט ריידען, ווייל מען קען איהם

נאך האלטען פאר א מיטשולדיגען. איבעריגענס האלט ער זיך ביי דאס זייניגע, אז מיר וועלען פון דער „מוזשיסאנט" זיך ניט ארויסדרייען און זיא וועט אונז גע־ווים פאנגען און דורכבויערן אונזער שיף און אונז צו גרונד ריכטען. איך דיינק אפילו ניט אזוי, אבער עס וועט אימער שווער זיין דעם פלאן דורכצופיהרען און מען מוז זעהר פארזיכטיג זיין.

פון נעכטען אַן האב איך דורך א שפאקטיוו אייך בעטראכט פון ווייטען און דערקענט, און האב אויך בעמערקט דעם וועג וועלכען איהר געהט. כמעט אין יענער שטעלע וואו איין אויפזעאער האט אייך געסטערן און היינט איבערגעגעבען צום אנדערן, פונקט אנטקעגען, איז דער ברעג שטארק משופע, און דיא פעלזען פון וואנד הייגען ארויס איבערן וואסער. דארט אונטען וועל איך האבען א שי־פעל צו רודערן און מיט קליידער פאר אייך. פון דעם טאג אַן וואס דוא וועסט ערהאלטען דיעזע צייליען, וועל איך אימער אנהאלטען פייער אין דער מאשינע פון שיף, און וועל אייך יעדע נאכט ערווארטען, דאמיט איהר זאָלט גלייך קענען אפפאָהרען, נים פערלירענדיג קיין צייט. אזוי וויא דער קאפיטאן מיט דיא מאט־ראָזען זיינען אויפ׳ן לאנד, וועט קיינער ניט בעמערקען ביז טאג אז דאס שיף פעהלט.

מארגען אבענדס וואלט געוועזען אם בעסטען דעם פלאן דורכצופיהרען, אזוי וויא מיר האבען געהערט אז דער גובערנאטאר פון דער קאלאניע גיט א גרויסען פעסט, צו וועלכען דער קאמענדאנט און אלע אפיציערען פון דער „מוזשיסאנט" זיינען איינגעלאדען.

דיין מוטער גריסט דיך הערצליך, און אויך דיין טרייער ו ו ע ר ן."

נאכ־עם וויא מישעל האט דיעזען בריעף דורכגעלעזען ביז צו ענדע, האט ער זיינע ריהרונג ניט מעהר געקענט צוריקהאלטען. אייניגע מינוטען האט ער געלאָזען זיינע טרעהרען לויפען פריי, דאן אבער האט ער זיך צוזאמענגענומען מיט אלער געוואלט, און האט זיך געצוואונגען רוהיג צו זיין. ער האט נאך אמאהל דורכגעלייענט דעם בריעף, האט אריינגענומען גוט אין קאפ וואס ער האט געלייענט, און האט דאן דעם בריעף צוריסען אין קליינינקע שטיקלאך, האט עס צוקייט און ארונטערגעשלונגען.

נעגען אבענד האט מישעל געזעהן ווערן, וויא ער רודערט איינער אליין אויף א קליינער שיפעל צום „קעניגג".

ווערענד דער אויפזעהער האט נאך דעם טאג ארבייט געפיהרט דיא ביידע פריינדע צוריק אין זייער קאזארמע, האט מישעל אן דעם אבענד גערעדט מיט מארקוס און דעם אויפזעהער פון דיא גלייכגילטיגסטע זאכען, אום ניט ארויסצוווייזען זיין אויפ־

רעגונג. ערשט אין דער שטילקייט פון דער נאכט האט ער זיין פריינד פערטרויט דיא פארפעלע פון דעם פערגאנגענעם טאג. מארקוס האט איהם אויסגעהערט וויא א פערשטיינערטער, און האט ענדליך געזאגט:

— מארגען איז א פעסט ביין גובערנאטאר, אויסגעצייכענט! אונזער אנטלויפען זאל געבען אן איבערראשענדעס נאכשפיעל.

— עס איז גאר ניטא וואס צו קלערן, מארגען מוזען מיר פריי זיין!

דעם איבעריגען טהייל פון דער נאכט האבען זיי בענוצט אום צו בעשפרעכען אלע איינצעלהייטען פון דעם פלאן, און וויא אזוי איהם דורכצופיהרען.

אויף מארגען האט מארקוס געזאגט צו זיין אויפזעהער פיזאן:

— זייט איהר איצטער צופריעדען מיט דעם גאנג פון אייער אוהר?

— א, יא, נאר מיר שיינט אז זיא לויפט אביסעלע. ווילט איהר אזוי גוט זיין א בליק טהאן?

מארקוס האט גענומען דיא אוהר, האט בעטראכט דאס ווערק, האט א דרעה געטהאן עפעס א שרייפעל און האט עס איבערגעגעבען דעם אויפזעהער מיט דיא ווערטער:

— אזוי! איצטער וועט איהר זיך ניט מעהר האבען צו בעקלאגען.

דעם גאנצען פארמיטאג האט מארקוס אונטערזוכט דיא אוהרען פון דיא עפענט־ליכע געביידען. ווען דיעזע האט געשלאגען צוועלף האבען זיך פיעלע איינוואוינער פון שטאדט געוואונדערט דאס זייערע אייגענע אוהרען זיינען פינף מינוטען וויינינער וויא דיא עפענטליכע אוהרען. אייניגע האבען זיך פארגענומען צו ברייננען זייערע זייגערס צו מארקוס פעליסער צו רעגוליערען.

אלס ער האט זיך אין אבענד צוזאמענגעטראפען מיט מישעל אום צו געהן נאך הויזע אין דער בעגלייטונג פון דעם אויפזעהער סיזאק, האט מארקוס געזאגט צו מישעל:

— עס איז אלעס אין ארדנונג!

אין דערזעלביגער צייט האבען פיעלע פערזאנען בעמערקט אז דיא טהורם־אוהר איז מיט צעהן מינוטען פאראויס אנטקעגען זייערע טאשען־אוהרען, און יעדער איינצי־נער האט בעשולדיגט זיין אייגענע אוהר. דען אז דער שטאדט־זייגער זאל לויפען איז קיינעם ניט איינגעפאלען. דאס איז אויך ניט איינגעפאלען דעם אויפזעהער סיזאק, וואס האט דיעזע צוויי ארבייטער געפיהרט צום אויפזעהר פיזאן אויפ'ן האלבען וועג אנטקעגען, דען ער האט געהאט אנגעשטעלט זיין זייגער נאך דער שטאדט־זייגער.

ווען מען איז געקומען אויף דער שטעלע וואו דיא אויסבייטונג פלעגט טעגליך פארקומען האט סיזאק אויסגערופען ערשטוינט:

-- וואס זאָל עס בעדייטען ? פּיזאָן איז נאָך ניטאָ !

— לאָמיר איהם געהן אנטקעגען ! — האט מארקוס פאַרגעשלאָגען.

סיזאק האט אזוי געטהאָן קיין זאך ניט מערקענדיג, און דיא דריי זיינען געגאַנ־גען וויטער ביז צו א פּונקט וואו דער וועג האט זיך עטוואס פארדרייט ביי א גרופּע פון בוימער. דאָרט איז מען געבליעבען שטעהן. פּיזאָן האט זיך נאָך אימער ניט גע־זעהן, און וועהרענד סיזאק האט נאך איהם געקוקט, איז ער פּלוצלונג ארומגענומען געוואָרן הינטערוועדטס פון צוויי שטארקע ארעמס, איז געוואָרפען געוואָרן צו באָדען און איידער ער האט צייט געהאט צו שרייען איז איהם פערשטאָפּט געוואָרן דער מונד און דיא פיס מיט דיא הענד זיינען איהם פעסט צוזאַמענגעשנירט געוואָרען מיט שטריק אז ער האט זיך ניט געקענט ריהרען. דאס אַלעס איז געטהאָן געוואָרען אזוי פלינק, אז דער אויפזעהער האט פאר שרעק ניט געוואוסט וואו ער איז אין דער וועלט און וואָס מיט איהם טהוט זיך.

— עס טהוט אונז זעהר לייד וואס מיר מוזען אייך אזוי הארט בעהאנדלען — האט מארקוס געזאגט צום אויפזעהער וואס איז געלעגען שטיל און שווער וויא א קלאָטץ — אבער דיא פערהעלטניסע צווינגען אונז דערצו.

דיא ביידע פריינדע האבען דעם געבונדענעם אריינגעטראָגען צווישען דיא בוי־מער וואו זיי האבען איהם אריינגעלייגט אין א פערטיעפונג און בעדעקט מיט צווייגען און בלעטער.

דער געבונדענער האט געמאכט א פערזוך צו ריידען, אבער דער שטארקער בונד ארום מונד האט איהם ניט געלאָזען ארויסריידען קיין וואָרט, און מיט א שווערן זיפץ האט ער געלאָזען דעם קאָפּ צוריקזינקען אויף זיין געלעגער.

מארקוס און מישעל זיינען צוריק ארויף אויפ'ן וועג, וואו מישעל האט אויסגע־דריקט זיין פערוואונדערונג דאריבער וואס פּיזאָן איז נאָך אַלץ ניטאָ.

— דאס קומט דערפון — האט מארקוס געענטפערט — וואס איך האב היינט פריה גערוקט זיין אוהר פארקעהרט און זיא קריעכט אין צוואנציג מינוטען אנטקעגען דיא שטאָדט־אוהר, וועלכע לויפט אין 10 מינוטען. זעהסטו, וויא דאס קומט אונז איצטער צוניטץ.

דיא ביידע פריינדע זיינען געגאנגען וויטער זייער וועג צו דיא באראקען. אריינ־געהענדיג צוריס אין א ציטראָנענוועלדיל האבען זיי אָנגעטראָפען פּיזאָן, וועלכער האט זיך גאנץ פערוואונדערט זיי אזוי צו טרעפען :

— וויא ? איהר קומט אליין ?

— יא ! -- האט מארקוס געענטפערט לוסטיג — איהר האט זיך עטוואס פער־

שפּעטינס, איז אייער קאָלעגע געגאַנגען אהיים און האט אונז בעפאָהלען אייך אנט־קעגען צו געהן.

— וועלכע אונפּאַרזיכטיגקייט! — האט דער אויפזעהער אויסגערופען — קאַמט!

— וואַרט נאָך איין אויגענבליק — האט מאַרקוס געבעטען, וועהרענד ער האט שנעל ערגריפעןביידע הענד פון אויפזעהער און האט זיי פאַרדרייט הינטערוועהרליכס, און מישעל האט זיי שנעל צוזאַמענגעבונדען. ער האט געהאַט אנגעהויבען צו מאַכען קולות, אבער אין נעכסטען אויגענבליק איז איהם דער מונד געוועזען צוגעבונדען פעסט, און דיא הענד מיט דיא פיס זיינען פעסט געוועזען ארומגעדרעהט מיט שטאַרקע שטריק. דאַן האָבען זיי איהם אויפגעהויבען און אריינגעשלעפּט צווישען דיקע בוימער.

— אזוי, מיין ווערטהער הערר פּיזאַן — האט איהם מאַרקוס איינגערוימט אין אויער — דא וועט אייך פּאָרלייפיג קיינער ניט שטערן — לעבט וואָהל! איך האָף דאס פערגעניגען צו האבען אייך קיינמאָהל ניט ווידער צו זעהן!

דער געבונדענער אויפזעהער איז געלעגען וויא בעטויבט און האט זיך קיין ריהר געטהאָן.

— איצטער לאָמיר פליהען, מיין פריינד! — האט מאַרקוס געזאָגט צו מישעל — איידער מען בעמערקט אז מיר פעהלען און מען שלאָגט טרעוואָגא.

ביידע האָבען זיך כלומר שט א לאָז געטהאָן אין דער ריכטונג צו דיא באַראַ־קען, דאַן אבער האָבען זיי זיך געקעהרט אן א זייט, צום ברעג ים, וואו זיי זיינען אנ־געקומען אלס עס איז שוין געוועזען גאַר דונקעל. זיי האָבען ניט לאנג געדאַרפט זוכען דאס שיפעל וואס ווערן האט פאר זיי אָנגעגרייט. אריינשטייגענדיג אין שיפעל האָבען זיי זיך שנעל אנגעצויגען מיט דיא מאַטראָזען־קליידער וואס זיי האָבען אין שיפעל גע־פונען, און האבען זייערע ארעסטאַנטען־קליידער איבערגעלאָזען אין א לאָך פון א שטיין אויפ׳ן ברעג.

ווען דאס איז געטהאָן געוואָרן האָבען זיי זיך א היבשע ווילע צוגעהערט אויב עס ווערט ניט געגעבען א סיגנאַל. אבער אלעס איז געוועזען שטיל. און זיי האָבען גע־וואוסט אז קיינער האט נאָך זייער אנטלויפען ניט בעמערקט.

ווען עס איז גאַנץ פינסטער געוואָרן האָבען דיא ביידע פריינדע אפגעבונדען דאס שיפעל און האָבען גערודערט גאַנץ פאָרזיכטיג מיטן ברעג, אום ניט אָנצומאַכען דעם קלענסטען גערויש. אונבעמערקט זיינען זיי פאַרביינגעפאָהרען דיא באַטעריען פון ברעג, וואו דיא שולדוואַכען (קאַראַאולנע) האָבען זיך געלאָזט זעהן. און נאָך א שטונדע רו־דערן, וועהרענד וועלכער דיא ביידע פריינדע האָבען קיין וואָרט געוועכסעלט, זיינען זיי

אנגעקומען צום „קאָנינג‟, וואו ווערן איז שוין לאנג געשטאַנען מיט א קלאַפּעדיגען האַרצען און האָט זיי ערוואַרטעט.

ער האָט זיי אַרונטערגעלאָזען אַ שטריק פון שיף און דיא ביידע פריינדע האָבען געשיקט אַרויפגעקלעטערט. ווען זיי זיינען שוין געווען אויפ'ן דעק פון „קאָנינג‟ וואו זיי האָבען דערזעהן דעם אונבעקאַנטען פריינד, וועלכער איז קיין אנדערער געווען וויא באַרסקי אין מאַטראָזענקליידער, און דער פערטרויטער מאַטראָז, האָט זיי ווערן שנעל פאָרגעשטעלט פאר זיי, גאַנץ שטיל, און האָט זיי גלייך אַרונטערגעפיהרט אין קאַיוטע, וואו מאַדאַם מישעל האָט מיט אַ שמאַכטענדען הערצען געוואַרט.

מוטער און זאָהן זיינען זיך געפאַלען אין דיא אָרעמס שלוכצענדיג און האָבען זיך לאַנג געהאַלטען אַרומגענומען.

— וויא וואָלט עס געווען, הערר ווערן, ווען מיר זאָלען זיך אויך אומאַרמען? — האָט מאַרקוס געפרעגט אום צו פאַרבאָרגען זיינע אויפרעגונג.

— דערצו איז נאָך אויך שפּעטער צייט — האָט ווערן געענטפערט — איצטער איז דאָ וויכטיגערעס צו טהאָן.

— דאָס איז ריכטיג! — האָט באַרסקי צוגעשטימט, וועלכער איז אַרונטער אין קאַיוטע אום אויפצומונטערן דיא לייטע צו טהאָן.

מאַדאַם מישעל האָט זיך אַרויסגעריסען פון דיא אָרעמס פון איהר זאָהן און האָט אויסגערופען:

— צו דער אַרבייט! איך טהו אויך מיין טהייל, איך וועל האַלטען דאָס פייער אין דער מאַשינע.

— מיינע טהייערע מוטער — האָט מישעל גערופען, דריקענדיג צערטליך איהר האַנד, און זיך קעהרענדיג שנעל צו ווערן, האָט ער געפרעגט:

— וואָס איז צו טהאָן? וויא וויים זיינען דיא פאָרבערייטונגען געמאַכט?

— דער אַנקער איז אויפגעהויבען; אין צייט פון איין שטונדע וועלען מיר האָבען גענוג דאַמפף אום צו קענען אבפאַהרען. מיין מאַטראָז מיט פריינד באַרסקי וועלען שטעהן ביים שטייער, איך ביי דיא מאַשינען, עס האַנדעלט זיך נאָר דאַרום וויא אַזוי צו מאַכען אַז מיר זאָלען פריעדליך קענען דורכגעהן צווישען דער מוזשיסאַנט און דיא באַטעריען.

— אָ, פאַר דיא באַטעריען איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבען — האָט מישעל געענטפערט — אַבער פאַר דיא פרעגאַטע יאָ; אויב זיא פערפאָלגט אונז זיינען מיר פערלאָרען, אַזוי וויא זיא פאָהרט זעהר שנעל. דעריבער איז נויטיג צו מאַכען אַז זיא זאָל אונז ניט קענען פערפאָלגען.

— וויא אזוי קען מען דאס מאכען?

— דאס וועט מען זיך שוין איין עצה געבען. האט איהר איהר דא א שרויב־גארטעל?

— געוויס!

— גוט! גיעב מיר איהם אהער! נעהם אויך א פלעשיל עהל און א פאר שרויבען־פיילען און קום מיט מיר.

איינינע מינוטען נאכדעם האבען מישעל און ווערן פארלאזען דעם „קאנינג" און האבען גערודערט שטיל אויף א קליינען שיפעל צו דער „מוזשיסאנט." זיי האבען זיך צוגעשארט צו דיזען גרויסען שיף אזוי פארזיכטיג און אזוי שטיל אז קיינער האט זיי ניט בעמערקט.

אלס זיי זיינען אנגעקומען צו דעם הינטער־טהייל פון דער פרעגאטע איז מישעל אריינגעשפרונגען אין וואסער, איז צוגעשוואומען צו דער שרויבע, און האט זיך גענומען ארבייטען פלייסיג מיט דיא שרויבען־פיילען. פון צייט צו צייט האט ער ארויפגעטריפט עטליכע טראפען עהל, דיא פיילען זאלען ניט אנמאכען צו פיעל סקריפענעס. נאך א האלבער שטונדע פון אזעלכע ארבייט איז ער צוריק צוגעשוואומען צום שיפעל, איז אריינגעשפרונגען אין איהם און האט געזאגט צו ווערן:

— עס איז געלונגען!

אזוי שטיל און אונבעמערקט וויא זיי זיינען געקומען, זיינען זיי איצטער צוריק צוגעשוואומען צום „קאנינג". וואו דיא מאשינע האט שוין דערווייל געהאט געוואונען גענוג דאמפף, דורך דיא אונערמידליכע טהעטיגקייט פון מאטראז, בארסקי, מארקוס און מאדאם מישעל.

— איצט מעגען מיר אבפאהרען! — האט מישעל געזאגט — פאר דער פערפאלגונג פון דער פרעגאטע האבען מיר איצטער קיין מורא ניט.

מישעל איז אראפ אין מאשינען־רוים אונטען, וועהרענד ווערן האט אין גאנצען ארויפגעצויגען דעם אנקער.

דער מאטראז האט זיך געשטעלט ביים שטייער, און מארקוס, וועלכער האט זיך געשטעלט אויפ'ן קאפיטאן'ס פלאטץ, האט קאמאנדירט!

— פארווערטס, מיט פולען דאמפף!

דאס שיף האט זיך געזעצט אין בעוועגונג, וועהרענד ווערן האט אויסגעלאשען אלע סיגנאל־לאטערנע אויפ'ן שיף.

צעהן מינוטען שפעטער זיינען זיי פארבייגעפאהרען דיא מוזשיסאנט" צו דעם

גרעסטען ערשטוינען פון דעם אָפיציער וואס האט געהאלטען וואכע אויף'ן דעק, און האט קיינע מעלדונג ערהאַלטען, דאס ביי נאכט וועט א שיף אבפאהרען.

— האלט! — האט דער אָפיציער גערופען.

אבער דער „קאָנינג“ האט ניט געאַכטעט אויפ'ן רוף און איז געגאנגען זיין וועג ווייטער. דער אָפיציער האט גיגעבען פייער, דיא קויל האט זיך פארלאָרען אין דיא שטריק־נעטצען פון שיף, אבער דורך דעם שוס איז גיגעבען געוואָרען א צייכען פון אַלארם און דיא גאנצע מאַנשאַפט פון דיא באַטעריען האבען זיך ארויסגעחאפט מיט געוועהר פערטיג צום שיעסען. צו זייער איבערראַשונג האבען זיי אבער קיין לעבעדיגע זעעלע ניט בעמערקט אויפ'ן שיף, וועהרענד עס איז פארבייגעפאָהרען אין פאַלען דאַמפף. מארקוס מיט דעם שטייערמאַן האבען זיך ארונטערגעבויגען אונטער דיא צוזאמענגעראָלמע דיקע שטריק, וואס זיינען געלעגען אויפ'ן דעק, וועהרענד וועהרן מיט באַרסקי האבען זיך אריינגעחאַפט אין ארייננאנג צום קאַפּיטאַנס קאַיוטע.

דער „קאָנינג“ איז שוין ארויס אויפ'ן אָפענעם ים, אלס א שליח איז אָהן אַטהעם אריינגעפלויגען אין זאַל פון גובערנאַטאָר מיט דער מעלדונג פון דעם וואכע־האַלטענדען אָפיציער, פון דעם וואס עס האט פאַסירט. דיא געסט און אלע אנוועזענדע האבען געהערט דיא שיעסעריי און מען האט זיך ערקלערט דאס געוויס האבען וועלכע געפאַנגענע געמאכט א פערזוך צו אַנטלויפען. נור אזוי וויא דער דירעקטאָר פון דער שטראַף־אַבטהיילונג האט אלעמען פערזיכערט, דאס עס איז אונמעגליך, אז איין אנטלויפען זאָל זיך איינגעבען, האט מען זיך באלד בערוהיגט.

דער גובערנאַטאָר האט אויפגעפאָדערט דעם איינטרעטענדען מאַטראָזען גלייך אָבצושטאַטען זיינע מעלדונג פאר אלעמען אין זאַל, און דיעזער האט געזאגט:

— איך האב געזעהן א שיף פארביי פאָהרענדיג דעם פאָרט. פון דער פרעגאַטע האט דער אָפיציער געפייערט, און דיא מאַנשאַפט פון פאָרט איז ארויסגעלאָפען, האט אבער קיינעם אויפ'ן דעק ניט געזעהן.

— איז דאס אלעס וואס איהר ווייסט? האט איהר וויינינגסטענס דערקענט דעם נאָמען פון שיף?

— געוויס! דאס איז געוועזען דער „קאָנינג“!

— דאס איז דאך גאר ניט מעגליך — האט דער גובערנאַטאָר אויסגערופען — דער קאַפּיטאַן און דיא גאנצע מאַנשאַפט פון „קאָנינג“ געפינען זיך אויפ'ן לאנד!

— איך האב גאנץ דייטליך געלעזען דעם נאָמען „קאָנינג“ — האט דער סאָלדאט ווידערהאָלט.

אין דעמזעלבען אויגענבליק האט דיא פאטרולע געבראכט דיאביידע אויפזעהער וועלכע זיינען געפונען געוואָרן געבונדען צווישען דיא בוימער און זיינען פון דער פאטרולע אָבגעבונדען געוואָרן. ביידע האבען דערציילט וואס מיט זיי האט פאסירט און דער אויפזעהער פיזאַן האט צוגעזעצט:

— זיי זיינען ביידע אנטלאָפען אין דיא וועלדער אריין, וויא וויים איך האב פערשטאנען פון זייערע רייד.

— וואס פלוידערט איהר דאָ? — האט דער גובערנאטאָר זיך געערגערט — דיא טויגעניכסטען האבען דאס אבזיכטליך געזאָגט אום זיך איבער אייך לוסטיג צו מאכען, און אזוי וויא איהר האט זיך ביידע געלאָזען אריינגאהרען אין זאק, לאָז איך אייך דערוויילביידען ארעטירען.

— מיין ווערטהער הערר קאָמענדאנט — האט דער גובערנאטאָר ווייטער געזאָגט, זיך קעהרענדיג צו העררן פאלאָנע — דער „קאנינג" איז איין קליינעס אונבעדייטענדעס שיפעל, וועלכעס איהר קענט מיט דער „מוזשיסאנט" אייניאָגען אין עטליכע שטונדען. — איך האף אז דיא ביידע אנטלאָפענע וועלען זיך שוין מארגען געפינען אויף דעם אינזעל רוא אין שטרייגגען ארעסט. — דא זעהט מען ווידער וואהין עס פיהרט, ווען מען איז מיט אזא געזינדעל נאכזיכטיג.

א האלבע שטונדע שפעטער האט דער קאמאנדאנט פון דער „מוזשיסאנט" געלאזען אויפהויבען דעם אנקער, אום זיך צו יאגען נאך דעם „קאנינג".

אלס דער דאמפפער האט געזאלט אפפאהרען, און דיא הינטערסטע שרויבע איז דורך דעם דאמפף געבראכט געווארן אין בעוועגונג, איז דיא שרויבע ארונטערגעפאלען אין וואסער.

דיא וואוטה פון קאָמאנדאנט וויא פון גובערנאטאָר און אלע בעאמטע פון דער קאָלאָניע איז געווען שרעקליך גרויס. עס האט געמוזט נעהמען אייניגע טעג אריינצושטעלען א נייע שרויבע.

— אהער א קאנאָנען־באָט! — האט דער קאָמענדאנט גערופען, און נאך פערלויף פון א פאאר שטונדען איז א קאנאָנען־באָט ארויסגעפאָהרען פון האפען, בערייט נאָכצויאָגען דעם „קאָנינג" ביז סידניי.

דער „קאָנינג" איז זיך דערווייל געגאנגען רוהיג זיין וועג, ווען אויך א ביסעלע צו לאנגזאם. מיט אזא קליינער מאנשאפט, און אזוי אונערפאהרען, און ביי נאכט, האבען זיי זיך דאָך ניט געקענט ערלויבען צו פאָהרען מיט דער העכסטער שנעלינקייט.

מארקוס איז דיא גאנצע נאכט געשטאנען אויפ'ן פלאטץ פון קאפיטאן, נעבען

מארגען, אלס ער האט צום טויזענדסטען מאָהל זיך אומגעקעהרט אום צו זעהן אויב זיי ווערען ניט נאכגעיאָגט, האט ער בעמערקט דיא מאסטען פון דעם קאנאָנען־באָט און האט עס מיט שרעק מיטגעטהיילט ווערן און מישעל, וויא אויך דעם מאטראָז מיט בארסקי. עס איז שנעל אָפּגעהאלטען געוואָרען א קליינער ראטה, און באלד דארויף יינען זיך אלע צוגאנגען אויף זייערע פּלעטצער. יעדערער האט זיך געשטעלט הינטער עטוואס א געגענשטאנד, אום ניט בעמערקט צו ווערן פון דער מאנשאפט אין באָט וואס יאָגט זיי נאך, ווערענד מישעל און מארקוס זיינען געבליעבען פערשטעקט הינ־טער פּעק מיט שטריק אויפ'ן הינטערטהייל פון קאָנינג, הארט ביין בארט, קוקענדיג אויף דאס פלינקע באָט, וועלכעס איז געקומען אלץ נעהענטער.

אזוי וויא דיא ביידע אנטלאָפענע וויא אויך ווערן און בארסקי האָבען פאָרגע־צויגען אז דאס צוזאמענטרעפען זיך מיט דיא נאכיאגער זאל בעסער זיין ווען עס איז נאך דונקעל, איידער עס ווערט גוט העל, האט ווערן געטריעבען דאס שיף זעהר לאנג־זאם, אזוי דאס נאך א פיערטעל שטונדע איז דער באָט געוועזן נאָהענט גענוג, אום צו עררייכען דאס שיף מיט א קאנאָנען־שוס. נאר אזוי וויא דער קאָמאנדאנט האט געוואוסט אז דער קאפּיטאן פון שיף מיט דער גאנצען מאנשאפט זיינען געבליעבען אויפ'ן לאנד און דאס אויפ'ן שיף קענען זיך מעהר ניט געפינען וויא דיא ביידע אנט־לאָפענע, וועלכע בעשעפטיגען זיך געוויס מיט'ן טרייבען דאס שיף, האט ער עס ניט נעהאלטען פיר נייטיג צו שיעסען און צו פערניכטען דאס שיף, זאָנדערן האט גערע־כענט דאס שיף מיט דיא געפאנגענע צוריק צו פיהרען. פון דעם זעהר לאנגזאמען גאנג פון „קאָנינג“ האט ער געשלאָסען, אז עס פעהלט זיי געוויס דאמפף. ער האט דערי־בער געלאָזען אראָפּנעהמען א קליינעס שיפעל, האט זיך אריינגעזעצט מיט דריי מאט־ראָזען, און האט זיך שנעל געלאָזט רודערן צום „קאָנינג“. מישעל און מארקוס האָבען בעמערקט דעם מאנעווער.

— דער נאר געהט אין זאק אריין — האט מארקוס גערופען מיט פריידע — אונזער פּלאן געלינגט.

מישעל האט גאָר ניט גערעדט, נאָר האט קיין אויג ניט אראָפּגעלאָזען פון שי־פעל וועלכעס איז אין צעהן מינוטען שוין געוועזן אזוי נאָהענט צום „קאָנינג“ דאס זיי אָבען שין געקענט פון אונטען ארויפוואַרפען א שטריק מיט א הוק און זיך אנטשע־פּענען אן שיף.

דער קאָמאנדאנט האט ארויפגעקלעטערט דער ערשטער, אזוי וויא ער איז גע־וועזען זיכער, דאס קיינער איז אויפ'ן דעק ניטאָ און עס איז קיין געפאהר ניטאָ. קוים אבער איז ער געזעסען רייטענדיג אויפ'ן פּארענץ און האט שוין געהאלטען איין פוס

אויפ'ן דעק אלס מישעל און מארקוס זיינען ארויסגעשפרונגען פון זייער בעהעלטעניס מיט רעוואָלווערן אין דיא הענד און האבען זיך געשטעלט פון זיינעביידע זייטען:

— הערר קאָמענדאנט, האט מארקוס אויסגערופען — אונזער ערנסטע לאגע צווינגט אונז צו ערנסטע מיטעל. מיר זיינען געצוואונגען צו שיטצען אונזער לעבען מיט אייערן. איהר קענט רעטען אייער לעבען נור דאדורך וואס איהר וועט אונז געבען אייער עהרענ־וואָרט, זיך אומצוקעהרען, אָהנע צו פייערן אויף אונזער שיף.

— אנטלאָפענע שטרעפלינגע גיעב איך קיין עהרענוואָרט — האט געזאָגט דער מוטהיגער קאָמענדאנט.

— מיין הערר! — האט מישעל אויסגערופען מיט הארץ, און מיט שטאָלץ — מיר זיינען אנטלאָפענע שטרעפלינגע, אבער מיר זיינען אתשולדיג פעראורטהיילט. עס איז ניט דיא ליידען פון געפאנגענשאפט, ניט דאס היימוועה וואס האט אונז בעוואויגען צו אזא טריט, נאר דיא האָפנונג אויסצוגעפינען דיא ריכטיגע פערברעכער און ריין צו וואשען אונזער נאמען און עהרע אין דיא אויגען פון דער וועלט. מיר בעטען איבעריגענס קיינע גנאדע פון אייך, אבער מיר מוזען אייך זאָגען, אז מיר וועלען נעהמען אייער לעבען פאר אונזערן, און איהר אויף אונזער פלאטץ וואָלט אויך אזוי געהאנדעלט. בערעכענט: ווילט איהר צוריקפאָהרען נאך נײ־קאלעדאָניען מיט אייער קאנאָנען־באָט אליין, אהנע צו פייערן, אדער ווילט איהר ווערן שפייז צו דיא היי־פיש. בערעכענט אויב דיא זאכע פערדיענט דיא ריזיקע. איידער נאָך איינער פון אייערע לייטע בעשטייגט דאס שיף האט איהר צייט דאָס צו ענטשיידען.

א היבשע ווײלע איז דער הערר פאלאָנע געשטאנען און געטראכט, ווארפענדיג א בליק באלד אויף מישעל און באלד אויף מארקוס, און האט ענדליך געזאגט:

— זאָל זיין אזוי איך געה צוריק, אבער דיינקט ניט אז איך טהו עס וויל אייערע רעוואָלווערן האָבען מיך איינגעשראָקען.

— אָ, הערר קאָמאנדאנט, איהר זייט דער עדעלמוטהיגסטער מענש אין דער וועלט! — האָבען ביידע גלייך אויסגערופען.

— איין פראגע בעפאָר איך געה: וויא שטארק איז אייער מאנשאפט?

— זעקס פערזאָן, דארונטער אויך מיינע אלטע מוטער.

דער „קאָנינג" איז א ווײלע געבליעבען שטעהן און דער קאָמאנדאנט האט זיך זאכט אראָפגעלאָזען אין שיפעל, און האט זיך אומגעקעהרט צום קאנאָנען־באָט.

דער „קאָנינג" איז געגאנגען אונגעשטערט זיין וועג מיט פולען דאמפף, וועהרענד דער קאנאָנען־באָט האט זיך אומגעקעהרט אין האפען. דאָרטען האט הערר פאלאָנעט דערקלערט, דאס אזוי וויא דער „קאָנינג" ווערט געטריעבען כמעט אָהן דאמפף,

האט ער נים געוואלט צושטערן דאס שיף פון דעם אונשולדיגען קאפיטאן, פון וועמען מען האט דאס שיף געראובט, און ארויפגעהן אהן א קאמפף איז אונמעגליך געוועזען, אזוי וויא דיא מאנשאפט בעשטעהט פון זעקס בעוואפנעטע פערזאנען. ער האט זיך דעריבער אומגעקעהרט מיט דער איבערצייגונג, דאס ער וועט איינאָגען דעם „קאָנינג“ מיט דער „מוזשיסאנט“ אויך אין עטליכע טעג ארום, ווען דיא שרויבע וועט פערטיג ווערן.

7טעם קאפיטעל.

## א דאָנערשלאג פיר בייזע געוויסען.

אזוי שנעל וויא דיא פייער־פערזיכערונגס־געזעלשאפט האט אויסגעצאָהלט דעם שאדען אין גוסטאוו ערמאָנד, האט ער זיך גלייך גענומען פיר דיא ווידער־אויפבויאונג פון דער פאבריק. ערמאָנד האט זיך געהאלטען אין איין בעריהמען־זיך, אז דיא פאבריק וועט געבויט נאך זיינע אייגענע ווייזונגען, אין אמת'ן אבער האט ער זיך אין יעדער הינזיכט געהאלטען אן דיא פלענער פון דער פריהעריגע פאבריק.

אין דער געזעלשאפט פון פירסט ווערענין פלעגט הערר ערמאָנד יעדען טאג קר מען נאך סאינט־דעני, פלעגט זיך מיט וויכטיגער מיענע אניעדערזעטצען אין קאנטאָר און פלעגט געבען זיינע אנאָרדנונגען, וועלכע זיינען שוין מייסטענטהיילס פריהער דורכגעפיהרט געוואָרען.

איין טאָג האט ער געזאגט צו זיין טאָכטער:

— איך קען דיר גאָר ניט שילדערן, מיין קינד, וואס פאר א פערגעניגען מיר פערשאפט מיין איצטיגע טהעטיגקייט. איך וואָלט קיינמאָהל אליין ניט געגלויבט דאס איך וועל מיך אזוי קענען אינטערעסירען פיר איין געשעפטס־אונטערנעהמען. — דיא וואהרהייט צו זאגען איז מיר אונזער אלטע פאבריק קיינמאָהל ניט שטארק געפעלען געוועזען, דאגעגען אָבער וועט מיר דיא נייע פאבריק דאָפעלטע פריידע מאכען, ווייל זיא ווערט איינגעריכטעט נאך מיינע ווייזונגען, און וועט אלזאָ ביז צו א געוויסען גראד זיין מיין אייגענע ארבייט. — איך קוק אליין נאך אלע איינצעלהייטען פון דעם געביידע, גיעב אליין אכטונג אויף דאס מאטעריאל איידער איך לאָז עס געברויכען. איבעריגענס מוז איך אויך זאג'ן דאס פירסט ווערענין העלפט מיר פיעל ביי דער ארבייט. ער איז איין זעהר פעהיגער און ליעבענסווירדיגער יונגער מאן, מיט וועלכען איך וואָלט גערן טרעטען נאך אין אנדערע בעציעהונגען אויסער אין געשעפטליכע. — וואס זאגסט דוא דערצו, נינא?

— איך? עס מאכט מיר פריידע וואס דוא פיהלסט דיך אזוי גליקליך — האט נינא געענטפערט.

הערר ערמאַנד האט פארלאָזען זיין טאָכטער אין דער פריילירסטער שטימונג. צייט עס איז איהם אראָפּגעפאלען פון קאָפּ דיא זאָרגע וועגען זיין טאָכטערס פער־מעגען מיט דער רעכנונג וואס ער וועט מוזען אפּגעבען, איז ער איצטער אימער געווען צופריעדען. אזוי שנעל וויא נינא וועט ווערין פּאָליעהריג קען ער איהר אין גאנצען ארויסצאָהלען איהרע דריי מיליאָן, און אויסערדעם וועט שוין דאן זיין דיא פּאבריק אין גאנצען פערטיג. — אזוי וויא ער האט דעם רוסישען פירסטען געהאט צו פערדאנקען דעם גאנצען פּלאַן, וועלכער האט איהם גיגעבען דיא מעגליכקייט צו ערזעטצען דאס וואס ער האט אַן אַלגא פערשוועגדעט, האט ער עס געפונען גאנץ נאטירליך אז ער זאָל ווערן זיין שוויעגערזאָהן.

— איך קען מיין טאָכטער זעהר גוט — האט ער איינמאָהל געזאגט צו גע־ראַלד — וועהרענד אנדערע יונגע מיידלאך וואָלטען וועלען הייראטהען איין אָפיציער, אַ יוריסט, אַ באנקיער אד"ג, וואָלט זיא הייראטהען אם גערנסטען איין אינזשינער. זיא האט אַ ריכטיגע ליידענשאפט פיר דיא פּאבריק. ציינט איהר דאס איהר אינטע־רעסירט זיך אויך דאפיר; העלפט צוריק אויפבויען דיא פּאבריק וועלכע איז איהר אזוי ליעב, און זיא וועט אייך ליעבען.

געראלד האט געשמייכעלט און האט זיך פון דעם טאָג אָן גענומען העלפען און בלומרשט מיטצואווירקען, אזוי וויא ערמאַנד, אין דער ווידעראויפבויאונג פון דער פּאבריק.

פון בייטען דיא וואוינונג איז דערווייל מעהר קיינע רעדע געוועזען. עס איז שווייגענדיג בעשלאָסען געוואָרן, דאס נינא זאָל אזוי לאנג בלייבען אין הויז פון דער גרעפין, ביז דיא וואוינונג ביי דער פּאבריק וועט זיין אין גאנצען פערטיג.

אונטער דיא פיעלר אינזשינערען וואס זיינען אין פּאריז ארומגעגאנגען אָהן אר־בייט, האט ערמאַנד זיך דאָך אויסגעזוכט איינעם. זעהר א פעהיגען יונגען מאן מיט'ן נאמען זשאן מאליי, וועלכער האט אמאָהל בעזוכט דיא פּאָליטעכנישע שולע, איז אבער טראָטץ דעם נים אים שטאנדע געוועזען מעהר צו פערדיענען אלס זיין לעבען. צו אונ־טערהאַלטען. ער איז געוועזען א בעשיידענער יונגער מאַן, וועלכער האט זיך גליקליך געשעצט צו האבען אזא איינטרעגליכע שטעלע, און האט גערן איבערגעלאָזען דעם כבוד פון זיינע ארבייט צו אנדערע.

געראלד ווערטניץ האט זעהר ערנסט געשפּיעלט דיא ראָלע וואס ער האט איבער־גענומען. ער האט געהאט אייניגע אויבערפלעכליכע קענטניסע אין דער מאטהעמאטיק און ער האט עס דאָ אויסגענוצט אום צו ווייזען אז ער פערשטעהט אויך עטוואָס. אַזוי שנעל וויא ער פלעגט אין דער פריה קומען אויפ'ן פלאַטץ, פלעגט ער גלייך

אריינגעהן אין פאוויליאָן פון אינזשינער, האט זיך געלאָזען וויזען דיא פלענער און דיא
צייכנונגען פון דיא ארבייטען וועלכע דארפען דעם טאָג דורכגעפיהרט ווערען, און
פלעגט דאן געבען זיינע צושטימונג מיט דער מיענע פון א מאן וואס פערשטעהט
עפּעס אין דיא זאַכען.

הערר ערמאָנד פלעגט געוועהנליך קומען עטוואס שפּעטער און ארומשפּאַצירען
דעם בוי־פּלאַטץ פון איין ענדע צום אַנדערן, פלעגט זיך רויכען זיינע ציגאַרע און שטע־
לען אייניגע פראַגען אן דיא ארבייטער. דערנאָך פלעגען דיא ביידע פריינדע צוזאַמען
עסען מיטאג, פלעגען זיך נאָך אמאָל דורכשפּאַצירען אויפ׳ן פּלאַטץ, און פלעגען אוועק־
פאָהרען נאָך פּאַריז צוריק מיט דער מיענע פון לייטע וואס האבען זעהר פלייסיג און
זעהר פיעל געארבייטעט.

פון צייט צו צייט פלעגט נינאַ זיך ערקונדיגען וויא ווייט עס האלט מיט דיא
געביידע, און יעדעס מאָהל האט זיא ערהאַלטען דיא אַנטוואָרט, דאס עס וועט גאָר
אין קורצען פערטיג זיין.

פיער מאָנאטע איינגעפּעהר זיינען פאַראיבער צייט דיא געביידען האבען זיך אָנ־
געפאַנגען, אלס נינאַ האט ווידער אמאָהל איהר פאָטער, וויא ווייט דיא ארבייטען
זיינען.

— ווילסט דוא זיך אליין איבערצייגען? — האט ערמאָנד געפרעגט.

— זעהר גערן! — האט דיא יונגע מיידעל געענטפערט מיט פריידע.

דיא גרעפין ברעסטאָווסקי וועלכע איז געוועזען ביי דיזער אונטעררעדונג האט
בעמערקט, וויא איהר האט אויסגעוויעזען, דאס נינאַ איז ביי דער פראַגע פון איהר
פאָטער א ביסל אויפגערעגט געוואָרן. דאס איז איהר איצטער בעזאָנדערס אויפגע־
פאַלען וויל זיא האט אזא אויפרעגונג שוין פון א היבשע צייט ניט בעמערקט ביי דער
מיידעל.

— ווייסט איהר אז דאס בענעהמען פון אייער טאָכטער מאכט מיך א ביסעל
אונרוהיג? — האט דיא גרעפין ברעסטאָווסקי געזאגט צו הערערן ערמאָנד — איך וויים
ניט מעהר וואס איך זאָל פון איהר דיינקען. פריהער האב איך געקענט לעזען אויף
איהר געזיכט וואס ביי איהר אין דער זעעלע געהט פאָר; איצטער איז עס אנדערס.
זיא נעהמט אלץ אויף מיט שטאָלצער גלייכגילטיגקייט. — פיהלט זיא זיך גליקליך,
אדער ניט? איך וויים עס ניט, און נאך ווייניגער קען איך דאס בעאורטהיילען, א.יב
זיא האט פערגעסען דיא פערגאַנגענהייט און האט אויפגיגעבען איהרע נאַרישע אידעען
אָדער ניט?

— איהר נעהמט דיא זאכע צו ערנסט, ליעבע פריינדין — האט ערמאָנט גע־ענטפערט מיט א שמייכעל, איך קען אייך געבען דיא פערזיכערונג, אז מיין טאָכטער האט זיך גאנץ בערוהיגט און פיהלט זיך גאנץ גליקליך.

דיא גרעפין ברעסטאָווסקי האט אָבער גאר קיין טענות געהאט; נינא האט זיך נור צום שיין צופריעדען געשטעלט מיט דיא צושטענדע; זיא האט דיא פערגאנגענהייט ניט פערגעסען, ווען אויך איהרע האָפנונגען אויף דיא צוקונפט זיינען ניט געוועזן בע־זאָנדערס גלענצענד.

יעדען טאָג האט זיא דורכגעלייענט זעהר פלייסיג פערשיעדענע צייטונגען, אזוי שנעל וויא זיא האט זיך נאר געזעהן אונגעשטערט, און האט געזוכט אונטער דיא נייעס פון אויסלאַנד. זיא האט ביי זיך גערעכינט, דאס אויב ווערן האט צוזאמען מיט מאדאם מישעל פארלאָזען פראנקרייך, וויא דיא צייטונגען האבען געמעלדעט, דאן האבען זיי געוויס אין אויסזיכט א וויכטיגע, פילייכט גאָר א פערצווייפעלטע טהאט. זעהר אָפט האט זיא אין דער לעצטער צייט געלעזען בעשרייבונגען פון דעם לעבען פון דיא דעפּאָרטירטע ארבייטער אין ניו־קאלעדאָניען, און דער געדאנקען דאס מישעל מוז לעבען צוזאמען מיט דעם אויסוואורף פון דער מענשליכער געזעלשאפט אויף יענער וויטער אינזעל, האט ערפילט איהר הערץ מיט שרעק. זיא האט פערשטאנען, אז ווערן און מישעל'ס מוטער זיינען פעררייזט מיט דער אבזיכט אלעקסאנדער מישעל צו בעפריין. און דעריבער האט זיא געהאָפט פון איין טאָג אויף דעם אנדערן, דאס ניט היינט־מאָרגען וועט זיא געפינען אין דיא צייטונגען עטוואָס וועגען דיעזע בעפרייאונג.

אלס איהר פאָטער האט איהר געפרעגט אויב זיא וויל זיך אליין איבערצייגען וויא וויית עס האלט מיט דער ארבייט אין דער פאבריק איז זיא געוואָרען אויפגערעגט דורך דעם פריידיגען געדאנקען דאס זיא וועט ווידער אמאָל זיין אויף יענער שטעלע, וואו זיא איז אמאָהל ביי מישעלס זייטע אזוי גליקליך געוועזען.

דעם נעכסטען פּאָרמיטאָג איז נינא מיט איהר פאָטער ארויסגעפאָהרען נאך סאינט־דעני. אָנקומענדיג אהין האבען זיי אנגעטראָפען געראלד, וועלכער האט דאָס יונגע מיידעל מיט פריידע בעגריסט, און האט זיך אויסגעבעטען דיא עהרע זיא צו בע־גלייטען דורך דיא אלע געביידען אויף דעם בוי־פּלאטץ. נינא האט ניט־ווילענדיג געמוזט אננעהמען דיעזען פאָרשלאג, דען הערר ערמאָנד האט געפון איין אויסרייד אז ער האט וואס נייטיגעס צו ריידען מיט דעם ארכיטעקט און איז אריין צו איהם אין ביורא.

געראלד האט מיט דער גרעסטער העפליכקייט און צופאָרקאָמענהייט בעגלייט־טעט דאס יונגע מיידעל וועלכעס האט איהם אין געשמאקפאָלען שפאציר־טואלעטע

אויסגעזעהן נאך רייצענדער וויא אימער, דורך אלע געביידען. ער האט איהר געוויזע דאס וואָהנהויז וועלכעס איז שוין פערטיג געוועזען כמעט ביז'ן דאך און נאכהער אין דיא איינצעלנע פאבריק־געביידען, און ענדליך אויך אין דעם מאשינען־רוים. דאָ האָט ער איהר אנגעוויזען דיא שטעלען וואו דיא מאשינען וועלען שטעהן, און האט זיא אויפמערקזאם געמאכט אויף דיא אייזערנע זיילען אויף וועלכעס עס האט געזאָלט אויס־געבויט ווערן א גאלעריע פון וועלכער מען וועט קענען בעזעהן אלע מאשינען.

נינא, וועלכע האט פון ערשטען בליק בעמערקט דאָס אלע געביידען זיינען ריכ־טיג נאָכגעמאכט נאך דער אלטער פאבריק, האט געמוזט צושמייכלען, אלס זיא האט געהערט פון געראלד ערקלערונגען אין זאכען, וועלכע זיא האט געוואוסט בעסער פון איהם.

געראלד האט זיך דיעזעס צושמייכלען דערקלערט אויף זיין אופ'ן, צו זיינע גונס־טען, מיינענדיג, אז דאס איז נאר איין אויסדרוק פון צופריעדענהייט. ער האט זיך געטרייסט מיט דער האָפנונג אז נינא וועט אויפגעבען איהרע קאלטע האלטונג פון ביז איצטער און וועט זיין גענגען איהם פריינדליכער. ער איז שוין געשטאנען אין בע־גריף איהר זיך צו ערקלערן אין ליעבע, אלס דאס יונגע מיידעל האט מיט איין אָנצר הערענים פון שפאָט צו איהם געזאָגט:

— וויא איך זעה האט מען זיך דאָ שטריינג געהאלטען אן דיא איינריכטונגען וועלכע הערר אלעקסאנדער מישעל האט איינגעפיהרט, און מען האט זיי איינפאך נאָכגעמאכט. דאס איז אויך געוועזען דאָס בעסטע וואס מען האט אונטער דיא פער־העלטניסע געקענט טהאָן.

מיט דיא ווערטער האט נינא צושלאָגען זיין גאנצע הבנה און געראלד האט זיך נאר געפונען צו ענטפערן, דאס מען האט אייניגע פון דיא פריהעריגע איינריכטונגען געמוזט בייבעהאלטען, אום איינצושפּאָרען דיא פונדאמענטען וועלכע זיינען נאך גע־וועזען גוט.

נינא האט אבער ווייניג געהערט פון דעם וואס ער האט גערעדט. זיא האט נאכדענקליך געקוקט אויף דיא גרויסע געביידען, אין וועלכע עס האבען נאך אזוי ניט לאנג הונדערטע ארבייטער געשאפט אונטער דער פיהרונג פון אלעקסאנדער מישעל, דעם עהרליכען קלוגען און טאלאנטפאלען אינזשינער, וועלכען זיא האט אזוי געליעבט, און וועמען זיא ליעבט נאך אויך איצטער.

געראלד האט פערשטאנען וואס עס געהט פאָר אין דער זעעלע פון דעם יונגען מיידיל און איז מיט ערנער צוריקגעטרעטען, זאָגענדיג צו זיך אליין:

— אט האב איך אלעס אויף וואס איך האב מיך אזוי לאנג געמאטערט! ניט

איין טרים פאַרוועדטס בין איך געקומען! — און איך בין שוין געוועזען אין בעגריף איהר מיינע ליעבע צו ערקלערן! — און איך האב מיינע שעהנסטע דיאמאַנטען געלאַזען איינפאַסען און האב עס איהר היינט געוואָלט מאכען צום געשענק.

אין דעם אויגענבליק איז אונטערגעקומען הערר ערמאַנד אין דער בעגלייטונג פון אינזשינער זשאַן מאליי. דיעזע געלעגענהייט האט גערעלד בענוצט אום אריינצער געהן מיט'ן אינזשינער אין א געשפרעך, וועהרענד ערמאַנד איז צוגעקומען צו זיין טאָכטער.

אונטער דעם אויסרייד, דאס ער וויל בעטראכט'ן נייע צייכנונגען, איז גערעלד ארויסגעגאנגען מיט זשאַן מאליי, האט זיך אבער ניט לאנג מיט איהם אויפגעהאלטען, דען ער האט באלד פארלאָזען אונבעמערקט דעם בור־פלאַץ און האט זיך גענומען געהן נאָך פאריז.

אלס ער איז געוועזען פון אנדערן זייט הילצערנעם פארקאן וואס האט ארומגע־נומען דעם פלאַטץ פון פאבריק, איז איהם אנטקעגען געקומען איין ארבייטער אין א בלויער בלוזע מיט א פפייפע אין מויל און מיט קליינע אונרוהיגע אייגעלאך און האט זיך צו איהם געווענדעט אהן צערעמאָניעס אין דייטש מיט א וויענער דיאלעקט.

— איך האב אייערע גנאדען געוואָלט זעהן — האט ער געזאגט.

— וואס ווילסט דוא?

— ערשטענס וויל איך עפעס קלייךגעלד דען דיא הונדערט פראנק א מאָנאט וואס אייער גנעדיגע שוועסטער צאהלט מיר, צוזאמען מיט דעם געהאלט וואס איך קריעג דאָ אלס וועכטער אין דער פאבריק, איז מיר ניט גענוג צו פיהרען איין אנ־שטענדיגעס לעבען, און צו אלע טייפעל איז דאס ביער אזוי טהייער אין פאריז און דיא גלעזער זיינען אזוי קליין...

— פערדאמטעס געזינדעל! — האט ווערענין געקנירשט מיט דיא ציין.

— דער הערר פירסט דארף זיך ניט זידלען — האט דער ארבייטער ווייטער גערעדט מיט דער גרעסטער רוהע — אויב איך געפעהל איהם ניט מעג ער זיך צו נעהמען דאס קינד און אונז לאָזען אין רוהע. מיר קענען סיי־וויא־סיי קיין נאכט ניט שלאפען רוהיג און מיר האָבען אלץ מורא מיר וועלען אריינפאלען אין איין אונגליק. מען וועט זאָגען אז איך האב גערויבט דאס קינד, דען איהר זייט גרויסע לייט און רייך, איהר וועט זיך אלע מאָהל ארויסדרייען, און ווען איינער וועט דאפון ליידען וועט דאס זיין דער אָרעמער מייערמאַן; — לאָמיר האָטש לעבען א גוטען טאָג דער־ווייל.

— נעהם און געה! — האט געראלד געזאָגט מיט פעראכטונג, איהם צודוואר־פענדיג א גאָלד־שטיק.

— דאס איז נאָך ניט אַלעס, מיין פירסט — האט דער אַרבייטער געזאגט, אויפהויבענדיג רוהיג דאס גאָלד־שטיק פון ד'רערד — איך האב אייך געוואלט מיטטהיילען, אז שוין פון א היבשער צייט וויא עפעס א שיינע יונגע דאמע פרעגט זיך רק נאך אויף אונז ביי אונזערע שכנים אויף אונז, ווער מיר זיינען, פון וואנען מיר קומען, פיעל קינדער מיר האָבען, און נאָך אַזעלכע זאכטן. פאַרגעסטערן איז זיא זאָגאר אריינגעגאנגען צו אונז אין הויז מיט איין אויסריד, פרעגענדיג מיין פרוי אויב זיא וועט אַננעהמען װעלכע ארבייט אין א הויז. מיין פרוי האט פארשטאַנען אז דאס איז איין אויסרייד, און דעריבער האט זיא איהר צוגעזאגט צו געבען א תשובה היינט אבענד אום 6 אוהר. זיא האט פערשפראָכען היינט צו קומען, און מיין פרוי האט מיר פאַרזאגט איך זאָל עס אייך גלייך מיטטהיילען.

— ווייסט איהר ניט וויא דיא דאמע הייסט?

— ניין.

— וויים דיא דאמע וויא איהר הייסט?

— זיא קען אונז אונטערן נאָמען מאָרען, וויא אלע אונזערע שכנים.

— דאן וויים זיא אלזאָ ניט דאס אייער פרוי איז געװען אין מיין שװעסטערס הויז?

— וויא עס שיינט וויים זיא דאס ניט; ווייניגסטענס איז דערפון גאָר דיא רעדע ניט געווען.

— גוט — האט געראלד געזאגט, ווארפענדיג א בליק אויף זיין אוהר — איצטער איז פינף; נאָך אין א שטונדע ארום וועל איך זיין ארום אייער הויז און וועל מיך איבערצייגען ווער יענע דאַמע איז.

דאס זאָגענדיג איז ער מיט שנעלען טריט אוועקגעגאנגען וויטער.

אריינגעהענדיג פון סאינט־דעני אין דער רוע דעלא שאפעל, האט זיך געראלד פארנומען אין א שמאָלע קוועד־גאַסע, פון דאנען אין א צווייטע, נאכהער אין א לאנגע שמאָלע געסיל וועלכע האט איין אריינגאנג, אבער קיין אויסגאנג, און הייסט דעריבער א בלינדע גאס אדער „אימפּאַס“, און דאָרט איז ער געבליעבען שטעהן אין א הויף, קוקענדיג אויף אלע פאַרבייגעהער.

אונגעפעהר א פירטעל שטונדע איז ער אזוי געשטאַנען, אונבעמערקט פון דיא פארבייגעהער, אזוי וויא דער אריינגאנג אין הויף איז געווען א גאנץ שמאָלער, און

וויא עס שיינט האט אין דעם אלטען הויז, צו וועלכען דער הויף האט געפיהרט, קיי־
נער ניט געוואוינט.

פלוצלינג האט ער אויפגעציטערט, א יונגע וואונדערשיינע דאמע איז פארביי־
געגאנגען, און ניט־ווילענדיג האט ער אויסגערופען: „דאס איז זיא!“

— ניט שוין־זשע איז דאס דיא דאמע וועלכער איך געה אזוי לאנג נאך שמאכ־
טענדיג פאר ליעבע, און האב אלץ קיין ערפאָלג? — האט נעראלד גערעדט צו זיך,
וועהרענד ער האט זיך ארויסגעהאפט פון שמאָלען הויף, און האט איהר נאכגעקוקט
— דאס איז זיא, וויא וואהר איך לעב! איהרע געשמאקפאָלע שווארצע טואלעטע —
ווארום טראָגט זיא אימער שווארץ? — און איהר גראציעזע בעוועגונג! וויא קומט זיא
אהער? עס איז אונמעגליך אז זיא זאָל עטוואס האָבען צו טהאָן מיט פעדאָראָוו!
דאס איז וואהרשיינליך נור א צופאל, פיליכט זוכט זיא ווירקליך א דיענסטפרוי פיר
א פאמיליע, פיליכט איז זיא ערגיץ־וואו א גובערנאנטין? איך מוז עס היינט יעדענ־
פאלס דערגעהן! איך מוז היינט אלעס וויסען! ווען עס געהט מיר ניט ביי נינא, לאָ־
מיר פרובירען דאָ, פיעלייכט געהט עס מיר ביי דיעזער בעסער! איך ווייס גאָר ניט
וואס מיט מיר איז געוואָרן, וואס מיין גליק צו שיינע מיידלאך האט זיך פון מיר אפ־
געטהאן! איך מוז פערזוכען, און דיא דיאמאנטען וואס איך האב געלאָזען איינפאסען
פיר נינא וועלען מיר מוזען ביישטעהן דאָ.

ארויסגעהענדיג פון דער שמאָלער גאס און זיך פארנעהמענדיג צוריק צו דער
רוע דע לא שאפעל, האט ער גערעדט ווייטער צו זיך אליין:

— וואס קומט מיר ארויס דער פון וואס אלעקסאנדער מישעל איז בעזייטיגט
און געפינט זיך אין א זיכערן אָרט, ווען זיא הערט נאָך אלץ ניט אויף פון איהם צו
דיינקען? מיינע גאנצע געשיקליכקייט און אלע מיינע קונצען העלפען מיר ניט אנט־
קעגען דיעזער שטאָלצער מיידיל. ווען דיזע אנדערע זאָל מיך וויינינגסטענס בעסער בע־
האנדלען!

אלס נעראלד איז ארויסגעקומען אויף דער רוע דע לא שאפעל, איז ער געבליע־
בען שטעהן.

— דאָ האב איך איהר אזוי פיעל מאָהל באגעגענט — האט ער געזאָגט צו
זיך — וויא עס ווייזט אויס מוז זיא דאָ ערגיץ־וואו וואוינען. נעווים וועט זיא דאָ איצ־
טער אויך פארבייגעהן, ווען זיא וועט צוריקגעהן פון מאַייערמאַן. איך וויל אויסגעפינען
וואו זיא וואוינט.

זייט נעראלד האט אנגעהויבען צו געהן נאך סאינט־דעני צוליעב דיא נייע גע־
ביידען פון דער פאבריק, צו וועלבע ער האט זיך שוין גערעבענט פאר א שותף, האט

ער זעהר אָפט אָנגעטראָפען דיא יונגע דאַמע אין דער רוע דע לא שאפעל. זיא איז איהם געפעלען געוואָרען גלייך פון ערשטען אנבליק, און איהר בלאַסעס רענעלמעסיגעס געזיכט, און איהרע שווארצע געשמאַקפאָלע קליידונג האָבען אין איהם דערוועקט נאך מעהר אינטערעסע. דיא ערשטע פּאָר מאָהל האט ער זיך בעגוגענט מיט צושמייכלען צו איהר, אָבגלייך זיא האט איהם אויף זיין שמייכעל קיין מאָהל ניט געענטפערט, און פלעגט פארבייגעהן, קוים שיינקענדיג איהם א בליק. אבער נאך עטליכע מאָהל צוזאַמענטרעפען זיך האט ער זיך ערלויבט זיא העפליך צו בעגריסען.

דיא יונגע דאַמע פלעגט ענטפערן אויפ׳ן גרוס מיט א לייכטען שאָקעל מיט׳ן קאָפּ, ניט קימערנדיג זיך אום דעם יאַן וואס בעגריסט זיא. ויען ער פלעגט איהר דערנאך אליין ווידער בעגעגענען אין פערשיעדענע גאסען פון סאינט־דעני, וויא איינעם זוכענדיג, פלעגט ער זיך שמייכלען, אז דאס טהוט זיא אבזיכטליך, אום איהם צו טרעפען, און ער האט זיך ערלויבט מיט איהר אָנצוהויבען צו ריידען. זיא האט איהם הארט צוריקגעוויעזען. אָבער גערעלד ווערנין האט ניט געהערט צו יענע פּערזאָנען וואס דערשרעקען זיך פאר אזעלכע צוריקווייזונגען און ער האט דאסזעלבע פערזוכט ווידער און ווידער. אום קיין אויפזעהן צו מאכען האט דאס יונגע מיידיל איהם ערלויבט צו געהן ביי איהר זייטע, שטענדיג פערזיכערונגען פון ליעבע און פערגעטערונג, וועהרענד זיא איז געגאַנגען פארנומען מיט איהרע געדאנקען, ווינשענדיג פון איהם פטור צו ווערען.

אזוי איז אוועק עטליכע מאָנאַטע און ווערנין איז ניט געקומען נעהענטער צו זיין ציעל ניט מיט איין טריט. היינטיגען אבענד האט ער אָבער בעשלאָסען צו ברייננען דיא זאכע צו איין ענטשיידונג.

נאך א פיערטעל שטונדע איז ער ארומגעגאַנגען אזוי הין און צוריק איבער דיא גאַסע ביז ענדליך האט ער דערזעהן פון ווייטען, אין דער דונקעלהייט פון דעם אריינברעכענדען אבענד א שלאַנקע שווארצע ווייבליכע געשטאַלט, קומענדיג אנטקעגען איהם.

— דא קומט זיא! — האט ער געזאָגט, און איז איהר געגאַנגען אנטקעגען מיט א פריינדליכע מיענע פון א מענשען וואס טרעפט זיך מיט א ליעבען בעקאַנטען גאנץ צו פעליג.

קומענדיג נאָהענט צו איהר האט ער אראָפּגענומען דעם הוט צום גרוס זעהר העפליך, און איז אוועקגעגאַנגען ווייטער, וויא איינער וואס האט קיין צייט ניט, וואהרשיינליך אויס דאנקבארקייט, וואס ער בעלעסטיגט איהר ניט היינט מיט זיך

בעגלייטונג, האט זיא איהם היינט פריינדליכער געענטפערט אויפ'ן גרוס וויא אימער. דיעזע פריינדליכקייט האט זיך געראלד ערקלערט וויא פאר איהם איז בעסער.

אפגעהענדיג א 50 טריט האט ער זיך אומגעדרעהט און איז פון וויטען נאכ־געגאנגען דער דאמע. עס האט ניט לאנג גענומען ביז ער האט געזעהן וויא זיא איז אריין אין א הויז, וועלכעס ער האט זיך גוט געמערקט.

איינינע מינוטען נאך דעם וויא דיא דאמע איז פערשוואונדען געווארען אין הויז, איז גערלד אויך אהין אריינגעגאנגען און האט אנגעקלאפט אונטען אין דער פארהאלע אין טהיר פון הויזמייסטער. דיא הויזמייסטערין האט געעפענט דיא טהיר און האט געפרעגט וואס ער ווינשט.

— קענט איהר מיר געפעליגסט געבען וועלכע אויסקונפט וועגען דער יונגער דאמע אין שווארצען וואס איז דא ערשט פארבייגעגאנגען?

— דער העדר איז זעהר נייגיעריג, וויא איך זעה — האט דיא הויזמייסטערין געזאגט מיט א פערשמוצטער מיענע.

— איך בין אבער צופריעדען פיר מיינע נייגירדע צו בעצאהלען — האט גערלד געענטפערט און האט איהר אריינגעדריקט א צעהן־פראנק־שטיקעל אין האנד.

— א, מיין הערר, איך קען אייך געבען אלע אויסקונפט וואס איך וויים פון דיעזער דאמע, — האט דיא פרוי געזאגט איבערראשט — איך גלויב ניט, אז איך טהו דערמיט וועלכעס אונרעכט. דיא יונגע דאמע הייסט פריילין ליזע מארענ־היים...

— וויא? מארענהיים? — האט ווערנין איבערגעפרעגט ערשטוינט.

— יא, מיין הערר.

— האט זיא ניט געהאט א מאהל א געליעבטען מיט'ן נאמען מארקוס פע־ליסער?..

— געוויס, מיין הערר, וועלכער איז פארשיקט געווארען נאך נייקאלעדאניען, און דעריבער טראגט זיא אימער שווארצע קליידער און איז אזוי פאראומערט...

— וויא פון א דאנערשלאג געטראפען האט גערלד פערלאזען דיא האלע, נאכדעם וויא ער האט ארויסגעשטאמעלט איינינע ווערטער פון ענטשולדיגונג און דאנק.

דער שטאטליכער הערר מוז זיין שטארק פערליעבט אין דיא שיינע איזראעלי־טין — האט דיא הויזמייסטערין געמורמעלט.

קוים איז גערלד געווען ווידער אויפ'ן גאס האט ער טיעף אויפגעאטהעמט און האט זיך א חאפ געטאהן מיט'ן האנד פאר'ן קאפ:

— איך עזעלקאָפּ! וויא אזוי האב איך איהר דאס ניט דערקענט?! — האט ער זיך אליין געשימפּפט — איך האב זיך דאָך מיט איהר צוזאַמענגעטראָפען אין צימער פון געריכט וואו דיא עדות וואַרטען געוועהנליך. זיא האט אפילו דאן אויסגע־זעהן זעהר פאַרוויינט און שרעקליך אויפגערעגט און איך האב זיא נור אויבערפלעכליך געזעהן... אָבער דאָך, וויא קען איך אזא זאך פערזעהן?!..

גערַאלד האט פאַרשאַלטען דיא ליידענשאַפט צו איהר, וועלכע האט איהם גע־קענט אריינפיהרען אין ווער ווייס וואס פאַר איין אונגליק, און האט זיך גענומען געה צו פאַריז, אין דער האָפנונג צו בעגעגנען א פיאַקער. קוים אָבער איז ער אָפּגעגאַנגען א פּאָר הונדערט טריט, האט זיינע ליעבע צו דער שיינער מיידיל גענומען דיא אויבער־האַנד און האט אָנגעהויבען איבערצוּרעכנען דיא זאך גאַנץ אַנדערס.

— וואס געהט מיך אָן מאַרקוס פעליסער? — האט ער זיך געפרעגט — ווער ווייס אויב ער וועט א מאל צוריקקומען, און אויב אפילו יא, וויא לאַנג וועט עס נאך נעהמען! וואָרום זאָל איך דאָך ניט פערזוכען מיין גליק?

מיט דעם געדאַנקען האט ער זיך שנעל אומגעקעהרט און האט ווידער אָנגע־קלאַפּט אין טהיר פון הויז־מייסטער. דיא זעלביגע פרוי איז ווידער ערשיענען:

— מאַדאם — האט ער געזאגט — איך האב אייך פריהער פאַרגעסען צו פרעגען ביי וועמען דיעזע דאַמע וואוינט דאָ אין דעם הויז.

— זיא וואוינט ביין איין אַלטען הערן ווערן, וועלכער איז געוועזען ווערקמייסטער אין א גרויסע פאַבריק וואס האט אָפּגעברענט, אָבער הערר ווערן איז שוין פון עטליכע חדשים פעררייזט און פריילין מאַרענהיים פאַרנעהמט דיא גאַנצע וואָהנונג אליין זיא האלט נור א קליינעס דיענסטמיידיל.

דאס איז געוועזען ווידער עטוואס נייעס פיר גערַאלד, און ער האט זיך געמוזט אנשטריינגען אום ניט ארויסצוּרווייזען זיין ערשטוינען, דאן האט ער געזאגט:

— דאס שטימט מאַדאַם, און דיא יונגע דאַמע איז דיא זעלבע פיר וועמען איך האב זיא געהאַלטען, איינע פריינדין פון אונזער פאַמיליע, און איך מוז זיא נאך היינט שפּרעכען.

— אבער, מיין הערר, צייט הערר ווערן איז אוועקגעפאָהרען עמפּפאַנגט זיא קיינעם.

— מיך וועט זיא עמפּפאַנגען, און וועט זיין העכסט ערפרייט מיך צו זעהן.

און ניט וואַרטענדיג אויף דיא ערלויבנים פון דער הויזמייסטערין האט ער זיך אויפגעהויבען דיא טרעפּ.

ליזע מאַרענהיים איז אין דער צייט געזעסען ביי א שרייב־טיש און געשריעבען.

זיא האט ערשט גענענדיגט דעם בריעף אונטער וועלכען זיא האט אונטערצייכענט איהר נאמען, און האט דאן אמאָהל איבערגעלעזען פאר זיך, אום צו זעהן אויב זיא האט ניט וואס דורכגעלאָזען. דער בריעף האט ענטהאלטען פאָלגענדעס:

„אן הערין מארקיז אנטאָניאָ ד׳אמבראָזיני.

ווערטהער הערר מארקיז! פאָלגענדיג דעם אויפטראג פון מיין וואָהלטהעטער און פריינד, הערר ווערן, האב איך דיא לעצטע איינינע מאָנאטע ניט אויפגעהערט נאכצוזוכען נאך א געוויסע דייטשע ארבייטער־פאמיליע מאיערמאן, וועלכע זאָל האָבען אריבערגעצויגען נאך סאינט־דעני. הערר ווערן האט מיר בעאויפטראגט אייך מיטצוטהיילען דיא פאָלגען פון מיין זוכען, און איך טהו עס איצטער מיט פערגעניגען אין דיעזען בריעף.

נאך פיעלען און פלייסיגען זוכען בין איך ענדליך אויפמערקזאם געוואָרען אויף א פאמיליע אויף וועלכע איך דיינק אז זיא איז דיא ריכטיגע, ווייל זיא האט אלע סמנים וואס הערר ווערן האט מיר וועגען איהר גיגעבען. זייער נאָמען איז אפילו ניט מאיערמאן, נאר מאָרען, אבער הערר ווערן האט מיר פאָראויסגעזאגט אז יענע פאמיליע וועט האָבען א פערענדערטען נאמען. ווייטער טרעפט אלעס צו ריכטיג. זיי זיינען פון עסטרייך, און גאר ניט לאנג, ווייל זיי פארשטעהען נאך ניט קיין פראנצעזיש. דער מאן שיינט צו זיין פון דער ערגערן סאָרט ארבייטער, פויל און טרונקזיכטיג, און דאך לעבען זיי ניט גאנץ ארעם. זיי האָבען דריי קינדער, איין מיידיל און צוויי יונגלאך, וועלכע זיינען גאָר ניט עהנליך איינער צום אנדערן. איך האָב מיך געשטעלט, אז איך וויל דיא פרוי נעהמען אין מיין הויז אלס הויזמייסטערין פיר א גוטען לאָהן, און פון איהרע רייד האָב איך ארויסגעזעהן אז זיא האט שוין וועלכע צייט געלעבט אין פאריז, ווייל זיא איז בעקאנט מיט פיעלע גאסען, און גראד פון דיא רייכע קווארטאלען. פון איינינע נאכבארען האב איך ערפאהרען, דאס א פאָרנעהמער הערר קומט אָפט צו זיי צו בעזוך, און יעדעס מאָהל נאך זיין אוועקגעהן האט דיא פרוי געלד. קורץ, הערר מאָרקיז, איך גלויב אז דאס איז דיא פאמיליע פון וועלכער הערר ווערן האט מיר געזאגט, און איך בעאייל מיך אייך מיטצוטהיילען מיינע ענטדעקונגען. ווען אבער איך האב א טעות, דאן בעט איך אייך מיר דאס צו שרייבען, און איך וועל פאָרטזעטצען מיינע נאכפארשונגען.

מיט אויפריכטיגער האכאכטונג

ליזע מאָרענהיים.“
L. M. 26.

ליזע האט זאָרגפעלטיג צוזאמענגעלייגט דעם בריעף, האט איהם אריינגעלייגט אין א קאָנווערט און האט אויפגעשריעבען דיא אדרעסע:

„העררן מארקיז אנטאָניא ד'אמבראָזיני, איטאליענישע געזאנדשאפט, דא זעלבסט“.

אין דעם אויגענבליק האט עס אָנגעקלאפט אין טהיר.

— אריין! — האט זיא גערופען.

דיא טהיר האט זיך לאַנגזאם געעפענט און גערואלד ווערנין איז אריינגעקומען אין צימער.

בלאס פון צאָרן איז ליזע אויפגעשפרונגען:

— וואס ווינשט איהר, מיין העררי?

— אייך א פּאָר מינוטען צו שפּרעכען, מיין פערעהרטעס פריילין!

— אָבער ווער זייט איהר דען, דאס איהר ערלויבט זיך צו היטען מיינע טריט אויף דער שטראסע, מיך צו קוועלען מיט אייער העפליכקייט און מיט אייערע גריסע, און ענדליך אויך צו קומען צו מיר אין הויז? ווער האט אייך דיעזעס רעכט גע־געבען?

— דיעזעס רעכט, מיין פריילין, נעהמט מען זיך אליין, ווען מען קען אנדערש ניט העלפען; און ווער איך בין? איך הייס פירסט גערואלד ווערנין.

— וויא? וואס זאגט איהר? איהר זייט יענער מאַן וואס איז אויפגעטרעטען אין געריכט געגען מיין אונגליקליכען מארקוס און האט איהם געמאכט דאס מען האט איהם פעראורטהיילט? — האט ליזע אויסגערופען אין העכסטער וואוטה. אגב זיא האט איהם ניט דערקענט, ווייל אין יענעם טאָג פון פּראָצעס, ווען זיא האט צוגע־בראכט מיט ווערנין עטליכע מינוטען אין צייגען־צימער פון געריכט, איז זיא געוועזען אזוי צערשטרייט, פארוויינט און אויפגערעגט, אז זיא האט קיינעם ארום זיך ניט בע־מערקט.

— יא, מיין פריילין, איך בין דערזעלביגער — האט גערואלד געענטפערט זיך ניט שרעקענדיג, אלס ער האט געמאכט א טריט פאָרווערטס — אָבער מיין העכסטער וואונש איז, אויף אירגענד וועלכע וויזע ווידער גוט צו מאכען דאס אונגליק, וועלכעס איך האב אָנגעמאכט געגען מיין ווילען. האב איך דען ניט גלייך אויפ'ן געריכט ער־קלערט, אז איך קען ניט גלויבען דאס העררר פעליסער איז שולדיג?

און ער האט זיך צוגעאָסען אין פערזיכערונג, דאס ער האט דיא בעסטע אבזיכטען געגען איהר, און דאס ער האָפט, דאס מען קען בעווירקען א רעוויזיאָן פון פּראָצעס און מארק'ס פעליסער זאָל ערקלערט ווערען אונשולדיג.

אזעלכע ווערטער האבען ניט געקענט בלייבען אָהן ווירקונג אויף דאס אָרעמע מיידיל, וועלכעס האט ניט אויפגעהערט צו דיינקען פון איהר מארקוס און וועלכע האט אָנגענומען גנעראלד'ס ווערטער פיר אויפריכטיג. זיא האט איהם געבעטען זיטצען און האט מיט איהם גענומען ריידען וועגען דעם, אויב עס איז ווירקליך מעגליך א רעוויזיאָן פון פּראָצעס אויסצו־ווירקען און וואס עס איז נייטיג דערצו צו טאָהן. ער האט נאַ־טירליך אויך פון איהר ערפאהרען, דאס זיא האט פון מארקוס נאך גאר ניט געהערט צייט מען האט איהם ארויסגעשיקט, און האט ביי דיעזער ערפאַרונג פארנאַסען ביטערע טרעהרען.

גנעראלד האט זיא געזוכט צו טרייסטען מיט אלערליי שמייכעלייען, האט איהר געמאכט קאָמפּלימענטען פיר איהרע אויפריכטיגע ליעבע צו דעם אונגליקליכען, האט איהר אָבער אויך געלאָזען מערקען, אז נאך זיין מיינונג איז ניט כדאי אזא יונגעס לע־בען צו פערליערען און נאך אזעלכע זאכען. ליזע האט אין איהר קומער גאָר ניט גע־הערט וואס ער רעדט.

אלס ער האט שוין געהאלטען ביין אויפשטעהן האט ער אריינגעשטעקט דיא האנד צו זיך אין טאשע און האט אונבעמערקט ארויסגענומען א פיינע לעדערנע קעס־טעלע, מורמלענדיג פאר זיך:

— ווען נינא פּארוואָרפט מיינע ליעבע דאן זאָל זיא ניט קריעגען מיינע דיא־מאנטען; דאָ גלויב איך וועלען זיי בעסער אנגעבראכט זיין, און איך קען עטוואס דער פאר ערוואַרטען.

און וועהרענד ליזע האט זיך געווישט איהרע אויגען מיט'ן טאשענטוך האט ער שנעל אניעדערגעשטעלט דאס קעסטעלע ביי דיא שרייבנעצייג, און האט זיך אויפגע־הויבען.

— אויף וויעדערזעהן, מיין פריילין — האט ער געזאָגט.

— אדיע — האט זיא געענטפערט און האט איהם גערייכט דיא האנד, העכסט צופריעדען בעפרייט צו ווערען פון דעם לעסטיגען גאסט.

אלס זיא האָט זיך אויפגעהויבען אום איהם פון העפליכקייט וועגען אראָפּצו־לייכטען פון דיא טרעפּ, האט ער ערשט בעמערקט דעם בריעף וועלכען זיא האט גע־נומען פון טיש, און ניט־ווילענדיג האט ער א וואָרף געטהאָן דעם בליק אויף דיא אַד־רעסע. דער נאמען ד'אמבראָזיני איז איהם געפאלען אין דיא אויגען און עס האט איהם געטהאָן א פּיק און בוזעם.

— אָהאָ — האט ער זיך געזאגט — זיא שיינט צו טהאָן צו האָבען מיט איין איטאליענער, און דערצו נאך מיט איין איטאליענישען אדעלמאן וויא מען זעהט פון

דעם „דע" פארן נאמען. זיא ווייזט אויס צו זיין א געשמאקע שטיקעל סחורה פאר יעדערן, אבער מען מוז גוט אכטונג געבען. דיא איטאליענער געהען אום מיטן קינזשאל וויא דיא טייוועל.

— מאריע! — האט ליזע גערופען צו איהר קליינער דיענסטמיידיל — געה לאָז אראָפּ דעם בריעף אין בריעף־קאסטען!

אלס דאס מיידיל איז ערשיענען און האט אין עמפפאנג גענומען דעם בריעף, האט ערשט ליזע גענומען דיא לאמפע אין האנד, אום צו בעגלייטען ווערניין. דיעזער האט איהר געגרייכט דיא האנד צום אב־שיעד און איז ארויסגעגאנגען עטוואס שנעלער אלס עס פּאסט זיך, אבער ליזע'ס קאָפּ איז געווען פארנומען מיט גאנץ אנדערע גע־דאנקען און זיא האט ווייניג אויפמערקזאמקייט געשיינקט איהר גאסט.

ארויסגעהענדיג אויף'ן גאס האט ער זיך שנעל אומגעקוקט, דאן האט ער אָנ־געהויבען צו געהן שנעל, כמעט לויפענדיג, נאך רעכטס, און אין עטליכע סעקונדען האט ער אָנגעיאָגט דאס קליינע דיענסט־מיידעל וואס האט געהאלטען דעם בריעף אין האנד און האט רוהיג שפּאצירט צום בריעף־קאסטען.

— האט איהר ווייט פון דאנען א בריעף־קאסטען, מיין פריילין? — האט גע־ראלד געפרעגט.

דאס יונגע פופצעהניעהריגע מיידעל האט זיך געפיהלט זעהר געשמייכעלט אזוי העפליך אנגערעדט צו ווערן פון אזא פאָרנעהמען העררן, און האט געענטפערט רויט־ווערנדיג:

— ניין, מיין העררר, דאָרט אין דער ערשטער עקע, אין ציגאַר־לאָדען.

— איך קען אייך פארשפּאָרען דיא מיהע, מיין פריילין, דען איך האָב סיי־וויא סיי צו געהן צום פּאָסט־ביוראָ און קען אהין קען ברייננגען אויך אייער בריעף, ער קומט אָן שנעלער. אבער איהר דאָרפט עס פריילין מאָרענהיים ניט דאַכטען, זיא איז פער־דריסליך ווען איך טהו איהר געפעלינקייטען.

און ניט וואַרטענדיג אויף דיא אנטוואָרט פון דער יונגער מיידיל האט ער ארויס־גענומען דעם בריעף ביי איהר פון האנד, און זיך פריינדליך פארבייגענדיג, האט ער געזאָגט: אדיע, פריילין.

דיא יונגע מיידיל האט דעם שיינעם יונגען מאן נאָכגעקוקט א היבשע ווילע, און האט דאן געזאָגט:

— וואס פאר א העררליכער קאוואליער, און פריילין ליזע נעהמט איהם אזוי אויף! — און גאנץ ענטציקט איז זיא געגאנגען נאך הויזע.

אריינקומענדיג אין שטוב האט זיא געפונען פריילין מאָרענהיים אויסער זיך

ארומגעהענדיג איבערן צימער אין דער גרעסטער אויפרעגונג. דיא אורזאכע איז געווע־זען פאָלגענדע: אויפראמענדיג דעם טיש האט זיא אָנגעטאָפּט דאס פּראכטפאָלע לעדערנע קעסטעלע, און האט זיך פארוואונדערט פון וואנען דאָס קומט אהער. זיא האט עס נייגיעריג אויפגעעפענט, אבער אזוי שנעל וויא דיא דיאמאנטען האבען איהר א בלאסק געטהאָן אין געזיכט, האט זיא עס א וואָרף געטהאן פון זיך און האט זיך ביטער פאנאנדערגעוויינט.

— דער עלענדער! — האט זיא געשריען — ווער גיט איהם דאס רעכט מיך אזוי טיעף צו קריינקען? דיעזער פרעכער מענש וואגט עס מיר צו ברייננגען דיאמאנ־טען — ווערהענד מיין אונגליקליכען מארקוס בעשולדיגט מען אומזיסט, דאס ער האט דיאמאנטען געגנב'עט.

פעסט ענטשלאָסען איהם צו ווארפען דיעזע דיאמאנטען אין געזיכט אריין ביי דער ערשטער געלעגענהייט וויא זיא וועט איהם טרעפען, האט זיא דאָס קעסטעלע דערווייל פארשלאָסען אין א שובלאָדע פון שרייב־טיש, ניט עפענענדיג אפילו נאָך אמאָהל דאס דעקיל פון קעסטעלע.

געראלד האט אונטערדעסען גענומען א פיאקער, און פאָהרענדיג צו זיך נאך הויזע, האט ער געזאָגט צו זיך אליין מיט דער גרעסטער זעלבסט־צופריעדענהייט:

— דאס איז א ביסל געלונגען! מארקיז אנטאָניאָ ד'אמבראזיני! אָהאָ, זיא האט גאר צו טהאָן מיט מארקיזען, מיין פייגעלע! מן הסתם איז ער אזא מארקיז וויא איך בין א פירסט; אבער ניין, א מארקיז וואָס וואוינט אין דער איטאליענישער גע־זאנדשאפט איז וואהרשיינליך א ריכטיגער מארקיז. אין דער היים וועלין מיר לאנגזאם עפענען דעם בריעף און זעהן וואס פאר א געשעפטען זיא האט דאָרט מיט מארקיזען, דאן ווערט ער צוריק פארקלעבט, און קיין האָן וועט ניט קרעהען — איך אבער וועל וויסען וואס איך וויל. — דאס איז גערא̇טהען, דאס איז געראָטהען!

אלס געראלד איז אָנגעקומען נאך הויזע אונגעפעהר אום צעהן אוהר אבענד איז איהם פערגאנגען דיא גאנצע פריידע, דען גוכטאוו ערמאָנד האט איהם בעגעגענט זעהר אונפריינדליך און האט איהם געזאָגט:

— אייער שוועסטער איז אויף אייך בייז דער פאר וואס איהר זייט ניט געקר־מען צום אבענדעסען, און אויך מיין טאָכטער איז זעהר פערדריעסליך; איך מוז אייך זאָגען אָפען, מיין פירסט, אז אונטער אזעלכע פערהעלטניסע איז אייער פערבינדונג מיט נינא זעהר צווייפעלהאפט.

געראלד האט געשוויעגען דאן אָבער האָט ער זיך פאָרבערייטעט צו געבען רעשטע — וויא מען זאָגט — אבער אין דעם אויגענבליק האט מען געקלאפט אין

טהיר און א קלוב־מיטגליעד פון ערמאָנדס קלוב איז האַסטיג אריינגעקומען אין צימער און האט אויסגערופען :

— הערר ערמאָנד, האט איהר שוין געלעזען דיא אבענד־טעלעגראַמען פון האַוואס טעלעגראף־אגענטור?

— ניין! ווארום דען?

— דאָרטען שטעהט איין אויספיהרליכער בעריכט, וויא אזוי אייער געוועזענער אינזשינער, אלעקסאנדער מישעל, איז אנטלאָפען געוואָרען פון נײ־קאלעדאָניען.

— וויא? וואס זאָגט איהר?! -- האט ערמאָנד אויסגערופען צוגלייך מיט ווערענין וויא פון איין מונד.

— דאס וואס איהר הערט! אייער אינזשינער איז אנטלאָפען צוזאמען מיט זיין פריינד און מיטגעפאנגענעם מארקוס פעליסער.

— ניט מעגליך!

— איהר קענט עס אליין לעזען. עס איז שוין אייגענטליך איבער פיער מאָנאטע וויא זיי זיינען אנטלאָפען, אבער דיא בעהערדען (נאטשאלסטוואָ) האָבען עס געהאַלטען בסוד ווייל זיי האָבען נאָך געהאָפט דיא אנטלאָפענע צו פאנגען. איצטער אָבער זיינען דיא בעריכטע אָנגעקומען פון נײ־קאלעדאָניען און דאס מיניסטעריום פון דיא מארינע אנגעלעגענהייטען און דיא קאָלאָניען, און דאָרטען איז דיא גאנצע געשיכטע זעהר גענוי בעשריעבען. דיעזע נאכריכט וואס האַוואס טעלעגראפען־אגענטור בריינגט היינט וועט מאָרגען שטעהן אין אלע צייטונגען.

— דאס איז העכסט אינטערעסאנט! — האט הערר ערמאָנד געזאָגט, פארבאָרגענדי זיינע אונרוהע.

ער האט גלייך געשיקט נאך האַוואס אבענד־בלאט, און אריינציהענדיג גערעלד מיט זיך אין א צווייטעס צימער האט ער איהם פאָרגעלעזען דיא בעשרייבונג פון מישעלס און מארקוס אנטלויפען, וועלבע דיעזער האט צוגעהערט מיט דער העכסטער שפאנונג. דיא צייטונג האט געשריעבען פאָלגענדעס :

„צוויי געפאנגענע אנטלאָפען:

דיא לעצטע בעריכטע פון נײ־קאלעדאָניען האבען דעם מיניסטעריאום פון דער מאַרינע און דיא קאָלאָניען געבראכט דיא אויספיהרליכע מיטטהיילונג וועגען דאס אנטלויפען פון צוויי געפאנגענע. דאס איז שוין אפילו פריהער מיטגעטהיילט געוואָרן דעם מיניסטעריאום פער טעלעגראף, אבער דאס איז ביז איצטער געהאַלטען געוואָרן געהיים, ווייל מען האט געהאָפט דיא אנטלאָפענע צו פאנגען. אבער

נאכדעם וויא דיזע האפנונג איז געבליעבען אונערפיהלט קענען מיר איצטער מיטטהיילען וויא אזוי דאס האט זיך צוגעטראגען . . .“

דא האט דיא צייטונג געבראכט דיא גאנצע בעשרייבונג פון אנטלויפען וועלכע דער לעזער וויים שוין, און דאן איז געשטאנען צום שלום:

„נאכדעם וויא עס איז צוגעמאכט געווארן א נייע שרויבע פיר דיא „מוזשי־סאנט“, איז זיא געפאהרען נאך סידניי, פיהרענדיג מיט זיך דיא גאנצע מאנשאפט פון „קאנינג“ מיט׳ן קאפיטאן, וועלכער האט ניט אויפגעהערט צו יאמערן נאך זיין שיף. אלס דיא „מוזשיסאנט“ איז אנגעקומען אין סידניי, האט מען געפונען דעם „קאנינג“ שטעהענדיג דארטען אויפ׳ן אנקער אונטער דער אויפזיכט פון דער מאנ־שאפט פון א פרעמדען שיף. דיא צוויי מאטראזען און דער מאשיניסט זיינען גע־וועזען פערשוואונדען און אויך פון דיאביידע אנטלאפענע איז קיין סימן געוועזען צו געפינען.

דיא פריידע פון קאפיטאן פון „קאנינג“ צו געפינען זיין שיף גאנץ אונבע־שעדיגט איז גאר ניט געוועזען צו בעשרייבען.

מיט ליידיגע הענד האט דיא „מוזשיסאנט“ צוריקגעקעהרט נאך נומעא; אבער צוגלייך מיט איהר האט דער רעגעלמעסיגער פאסט דאמפפער געבראכט פון סידניי אונטער אנדערע פאסט־זאכען אויך פאלגענדעס שרייבען, בעשטעהענד פון צוויי בריעף אין איין קאנווערט, און וועלכעס האט ענטהאלטען פאלגענדעס:

1) אן הערין פאלאנע.

קאמאנדאנט פון דער פרעגאטע „לא מוזשיסאנט“.

„זעהר געעהרטער הערר! מיר האבען זיך אנטקעגען אייך פארזינדיגט אין ניט קיין פיינער האנדלונג, טראָטץ דעם וואס איהר האט אונז אזוי פריינדליך און אזוי ליעבפאל בעהאנדעלט. אבער ליידער האבען מיר פאר זיך קיין אנדער וועג ניט געהאט וויא אזוי צו ערגרייכען דיא פרייהייט, וועלכע איז אונז אזוי נייטיג.

אינדעם מיר בעטען פון אייך אייערע גיטיגע פערצייהונג דריקען מיר אייך נאך א מאל אויס אונזער אויפריכטיגסטען, הערצליכסטען דאנק פיר אלעס גוטע וואס איהר האט אונז ערוויזען.

מיר קענען אייך פערזיכערן, הערר קאמאנדאנט, דאס מיר פיהלען געגען אייך האכאכטונג אהנע גרענצען.

אלעקסאנדער מישעל.
מארקוס פעליסער.
אונשולדיג פעראורטהיילטע“.

2) „אן הערין דירעקטאָר פון דעם געפענגניס אין נומעא.

ווערטהער הערר! איהר וועט זיך געוויס ניט שטארק וואונדערן דאס טראָץ אלע תענוגים פון נייקאַלעדאָניען, און טראָטץ אייער פעטערליכע פערוואַלטונג, האבען מיר עס דאָך פאָרגעצויגען צו געווינען אונזערע פרייהייטס אלס צו בלייבען דאָרטען.

איהר זאָלט קיינעם ניט בעשולדיגען אין אונזער אַנטלויפען; קיינער האט אונז ניט געהאָלפען און קיינער האט ניט געוואוסט דערפון. אויך דער מאשיניסט און דיא צוויי מאטראָזען פון „קאָנינג" זיינען ניט שולדיג, דען מיט רעוואָלווערן אין דיא הענד האָבען מיר זיי געצוואונגען אונז צו פאָלגען, און צו טהאָן וואס מיר הייסען. מירביידע אליין האבען געמאכט דעם פּלאַן צום אנטלויפען און האבען איהם אויך אליין אויסגעפיהרט, וויא שווער דאס איז אויך געוועזן.

מיר האבען ניט לייגנער געקענט אריבערטראָגען דיא ערניעדעריגענדע געפאנגענשאפט, ווייל מיר זיינען ביידע אונשולדיג אין דיא פערברעכען וועלכע מען האט אויף אונז ארויפגעוואָרפען.

איצטער, אז מיר זיינען פריי, האָפען מיר באלד אונזערע אונשולד צו בעווייזען און דיא ווירקליך שולדיגע צו ענטדעקען.

מארקוס פעליסער,

געוועזענער נומער 4032, געוועזענער דעפּאָרטירטער ארבייטער, און געוועזענער אוהרמאַכער פון דעם געפענגניס.

אלעקסאנדער מישעל,

געוועזענער נומער 4031, געוועזענער דעפּאָרטירטער ארבייטער און געוועזענער רעפּאראַטור־ווערקמייסטער פון דער האפען־טויער".

**ענדע פון צווייטען טהייל.**

# ליעבע און מיליאָנען

— אָדער —

# דורך פייער און אייזערנע קייטען.

## אַ ראָמאַן

פריי בעארבייטעט נאך דעם פראנצעזישען פון

## ל. זאָלאָטקאָף.

---

## דריטער טהייל.

---

### 1טעם קאפיטעל.

### דיא „פערדאַמטע געשיכטע".

מאטוויי פושקאָוו איז זיך געזעסען גאנץ געמיטהליך ביי זיך אין ווארעמען עס־צימער און האט מיט גרויס הרחבה געגאָסען א פיינעם מיטאג־עסען. ער איז געזעסען מיט דער רוהיגקייט פון איין אמת'ן עולם־הזה'נוק און זיך געלאָזען וואָהל געהן. ווען ער איז שוין באלד געווען צו ענדע האט ער אָנגעקלונגען און זיין דיענערין איז אריינגעקומען און האט זיך ערקונדיגט נאך דעם בעפעהל פון איהר הערין.

מיט דער וויכטיגסטער מיענע פון דער וועלט האט זיך פושקאָוו נאכגעפרעגט אויב זיין בעט איז גוט אָנגעווארעמט.

— יא, הערר! — האט דיא דיענערין געענטפערט.

— געסטערן איז עס געווען צו וואַרם — האט פושקאָוו געזאגט — און איך קען דאס ניט פארטראָגען. איך האב געמוזט פון זיך אראָפווארפען דיא דעקע און האב שיעור נעקראָגען א קאטער. — און וויא הייצט זיך דער אויווען?

— א גאנץ קליינער פייערל, וויא איהר האט עס ליעב.

— דאס איז גוט! אזוי גיך וויא דאס פייער אין אויווען איז גרויס ווערט דיא

לופט אין צימער פארדאָרבען און דאס שאדט צו דער געזונדהייט. — זיינען אלע טהירען פעסט פערשלאָסען?

— יא, העדר!

— וואו זיינען מיינע ציגארעטען?

— דאָ זיינען זיי, און דאָ איז אויך פאראנען א בריעף פאר אייך וואס דער פאָסטאליאָן האט ניט לאנג געבראכט.

— גוט!

— האט איהר מיר ניט מעהר וואס צו בעפעהלען?

— ניין, מאטראָנא, דוא קענסט זיך ליינען שלאָפען.

מאטראָנא האט שטיל פארלאָזען דאס צימער.

אלס פושקאָוו איז געבליעבען אליין האט ער זיך אָנגעגאָסען א גרויסע גלאז שנאפס און האט עס לאנגזאם אויסגעטרונקען. דאן האט ער זיך בעקוועם אָפגער־שפארט אן דעם ווייכען שטוהל אויף וועלכען ער איז געזעסען, און האט מיט צופריע־דענהייט ארומגעקוקט זיך אין צימער, אין וועלכען ער האט צוגעבראכט דעם גרעסטען טהייל פון זיין צייט. ער האט כמעט גאר קיין ארבייט געהאט און זיין שטעלע פון איין עקספעדיטאָר איז געווען אזא רוהיגע, דאס פיעלע לייטע אין רינא האבען איהם שטארק מקנא געווען. ער האט מיט קיינעם ניט געהאנדעלט, ניט גערעדט, ניט בעגריסט זיך אפילו, צומאָל ניט מיט זיינע נאָהענטסטע שכנים און דעריבער איז קיינער ניט פער־טרויט געווען מיט זיינע פערהעלטניסע, וועלכע זיינען אימער געווען פארדעקט מיט א שלייער פון געהיימנים.

נור אזוי פיעל האט מען געוואוסט, דאס אונגעפעהר מיט א יאָהר און אייניגע מאנאטע צוריק איז פושקאָוו געקומען נאך רינא און האט זיך געדונגען ניט ווייט פון האפען א גרויסען לאגער פלאטץ מיט א וואָהנונג, וואס איז געשטאנען ביין אריינגאנג צום לאגער־פלאטץ און איבער'ן טהיר פון דעם טויער האט ער געלאָזען אנברייגגען א גרויסען שילד מיט דער אויפשריפט:

„מאטוויי פושקאָוו, עקספעדיטאָר".

באלד איז אָנגעקומען א שיף מיט גרויסע לאדונגען פון האָלץ, וועלכעס איז צר זאמענגעלייגט געוואָרען אין הויכען שטאָסען אויפ'ן ליידיגען פלאץ, און א קורצע צייט ארום נאך אנדערע שיפען. א טהייל פון דיא אָנגעשפייכערטע האָלץ איז באלד פער־לאדען געוואָרען אויף שיפען און אוועקגעשיקט געוואָרען, וועהרענד דאס איבעריגע איז געבליעבען ליעגען. ארום דיא שטאָסען האָלץ וואס זיינען געבליעבען האט פושקאָוו

געלאָזען מאכען א הויכען פארקאָן פון ברעטער און האט עס אזוי געלאָזען. פון יענער צייט אָן ליענט יענער לאַגער האַלץ אונגעשטערט און אונבעריהרט.

פערשיעדענע געשעפטסלייטע און קאָמיסיאָנערען האט פיעל מאהל פּרובירט צו אונטערהאנדלען מיט פושקאָוו וועגען זיין לאַגער האָלץ. ער האט אָבער ניט געוואָלט הערען דערפון. ער האט זיי קוים געענטפערט און האט געגעבען צו פערשטעהן, אז ער וויל מען זאָל איהם לאָזען צו רוה. מיט זיינע שכנים האט ער גאָר ניט געהאט צו טאָהן און פלעגט נור איבער געוואלד ענטפערן אויף א גרוס.

מען האט אויך געוואוסט, אז פושקאָוו איז אונטער דער צייט עטליכע מאָהל אוועקגעפאָהרען פון רינא, אָבער קיינער האט ניט געוואוסט וואוהין. זייט אייניגע מאָנאטע אָבער איז ער געבליעבען אין זיין זעהר בעקוועמער וואָהנונג, וועלכע איז פיין איינגעריכטעט. פיר זיינע בעדיענונג האט ער געהאלטען מאַטראָנאַ, וועלכע איז בעקאנט געוועזען אלס אויסגעצייכענטע קעכין, און איהר מאן איז געוועזען דער וועכטער פון „האָלץ־לאַגער."

דיא שכנים פון ארום האָבען עטליכע מאָהל פּרובירט מאטראָנע'ן אויסצופאָרשען אבער אלץ וואס זיא האט זיי געקענט מיטטהיילען איז געוועזען, דאס פושקאָוו איז זעהר פרום, דאס ער קריעגט אָפט בריעפע פון פראנקרייך, אבער טראָטץ דעם וואס זיא זוכט אימער נאָך זיי, קען זיא פון זיי קיין שפור ניט געפינען; ער שטעהט אויף שפּעט, עסט א געזונטען פריהשטיק, און מאכט דאן א שפּאציערגאנג דורכ'ן האָלץ לאגער, דאן געהט ער ארויס שפּאציערען צום האַפען, און קומט דערנאך אהיים צו מיטאָג. אבענדס לייגט ער זיך פריה שלאָפען, נאכדעם וויא ער טרינקט פריהער אויס א פּאָר גוטע גלעזער שנאפּס, און רויכערט אויס עטליכע פּאפּיראָסען.

אן דעם אבענד האט ער שוין געהאט אויסגערויכערט שיינע עטליכע ציגארעטען און אויסגעטרונקען באלד א האלבע פלאש שנאפּס, אלס איהם איז ווידער אויפגעפאלען דער בריעף וואס מאטראָנע האט איהם דערלאנגט, און וועלכען ער האט פריהער געהאט אוועקגעלייגט אָן א זייט, אום זיך ניט צו שטערען פון עסען. ער האט איהם גענומען אין האנד, און דורכלעזענדיג דיא אדרעסע האט ער געזאָגט:

— אהא! א בריעף פון פּאריז? דא הייסט עס מוז מען צולייגען קאָפּ!

ער האט זיך גאנץ בעקוועם פאנאנדערגעלייגט אין שטול אויף וועלכען ער איז געזעסען, האט אויסגעצויגען דיא פיס צום ווארעמען קאמין, האט דאן אפּגערוקט א ביסעל דיא לאמפּע אָן א זייט עס זאָל ניט בלענדען אין דיא אויגען, און נאך דיא אלע הכנות האט ער לאנגזאם געעפענט דעם בריעף און האט שטיל געמורמעלט פאר זיך:

— לאָמיר זעהן וואס שרייבט דאָ דער הערר פירסט.

און ער האָט געלייענט:

„מיין גוטער פּושקאָוו!

וויא איך האָף וועט דיך דער אינהאַלט פון דיעזען בריעף זעהר ערפרייען, דען מיר האָבען בעשלאָסען דיך צו האַלטען אויף דיין פּלאַטץ נאָך איינינע וואָכען, וואו דוא קענסט נאָך לייננער אויסרוהען דיינע ביינער.“

— דאס איז אַ הקדמה וועלכע וואָלט מיך געקענט בעליידיגען, ווען דאס וואָלט מיך באמת ניט אַזוי דערפרייט — אבער לאָמיר נאָר זעהן וואס קומט ווייטער — האָט פּושקאָוו גערעדט צו זיך אַליין, און האָט דאן ווייטער געלעזען:

„וויא דוא ווייסט איז שוין באַלד אריבער אַ יאָהר צייט מיר האָבען געקויפט דאס האָלץ, פיר וועלכעס מען האָט געזאָלט בעצאָהלען נאָך זעכס מאָנאַטע. צו ליעב דיא שרפה האָבען מיר לייכט ערהאַלטען איינע פערלייננערונג אויף נאָך זעכס מאָנאַטע. נאָך אין דריי וואָכען וועלען דיא צווייטע זעכס מאָנאַטע אריבער און מיר וועלען דאַרפען בעצאָהלען דריי מיליאָנען מיט צוויי הונדערט טויזענד פראַנק. אָבער אַזוי וויא דיא פּרייזען פון האָלץ זיינען איצטער זעהר געשטיענען, וועלען מיר דיא וועכסלען בעצאָהלען פון אונזער געלד, און וועלען האַלטען דאס האָלץ, פון וועלכען מיר קענען פעריענען פּיעלייכט אַ מיליאָן.“

— אָהאָהאָ! דאָס איז חידוש! — האָט פּושקאָוו געזאָגט, פּאַררויכערנדיג אַ פּאַפּיראָס — אַזאַ געדאַנקען קומט געוויס ניט פון הערן ערמאַנד, נאָר פון דעם קאָפּ פון מיין געשיידטען שילער גערעלד. ווען דער פערטייפעלטער יונג זאָל אַזוי געהן ווייטער, וועט ער אין צעהן יאָהר ארום זיין איינער פון דיא אנגעזעהענסטע און רייכסטע לייטע אין פּאַריז. — וואָס פאַר אַ גאָלדענע שטאָדט פּאַריז איז פיר אַזעלכע ספּעקולאַנטען וויא מיין גנעדיגער פירסט. — אבער גערעלדס פּלאַן פערדיענט באמת בעוואונדערט צו ווערן. דאס איז אַ ביסל קלוג בערעכינט: הערר ערמאַנד וועט בעצאָהלען דיא וועכסלען מיט דעם געלד וואס ער האָט אָבגענומען פון דער פערזיכערונגס געזעלשאַפט, דאס איבעריגע וועט ער פערווענדען אויף דיא ערבויאונג פון דער אָבגעברענטער פאַבריק, און איהם וועט גאָר ניט איבערבלייבען. זיין גאַנצעס פערמעגען וועט אַלזאָ בעשטעהן נאָר פון דעם האָלץ וואס ליענט ביי מיר אויף לאַגער, און וואס דער ארעמער מישעל האָט מיט אַ יאָהר צוריק איינגעקויפט, און אויף דעם אופן האָבען מיר דעם הערן ערמאַנד אין גאַנצען אין אונזערע הענד און ער מוז אַלעס טהאָן וואס מיר ווילען און טאַנצען נאָך אונזער פייפעל! האָס הייסט קלוג בערעכנט!

מיין גוטער גערעלד! אויף מיין ווארט איך קען שטאָלץ זיין אויף מיין שילער! — נאָר לאָמיר לעזען ווייטער!

„דוא מענסט זיך שוין איצטער אָנהויבען ארומצוגעהן נאך קויפער אויף דאס האָלץ, און איך וואָלט דיר זאָגאר זאָגען, דוא זאָלסט דאס האָלץ פערקויפען אין קלענערע פּארטיען, ווייל דערביי שטעהט מעהר צו פערדיענען, אלס ביי גרויסע. וויא איך דענקע וועלען אין פערלויף פון זעקס וואָכען דיא פּרייזען פון האָלץ שטייגען אם העכסטען און אין דער צייט זאָלסטו אַלעס פערקויפען. דוא האסט אלזא צייט מינדעסטענס פיער וואָכען צו אונטערהאנדלען מיט לייטע. — ווען דוא האָסט אלעס געמאַכט צו געלד קומסט דוא אהער צו מיר אין פּאריז. — דאָ געהט אלעס אין אָרדנונג; העררער ערמאָנד לאָזט מיר איבעראל האנדלען וויא איך וויל און אין קורצען וועל איך איהם לאָזען אונטערשרייבען א פּאפּיער אלס מיין קאָמפּאַניאָן אין געשעפט, אין גאנצען נאָך מיין געשמאק אָבגעפאסט. מיין שוועסטער פאָלגט מיר וואָס איך זאָג. — מיט נינא געהט עס מיר אפילו ניט אזוי לייכט, און זיא איז אין מיר נאָך אלץ ניט פערליעבט, אבער אויך דאס וועט מיט דער צייט געלינגען.

איצטער, מיין ליעבער גוטער פריינד, האָב איך פיר דיך נאָך איין אויפטראג, זעהר א וויכטיגען, און דוא וועסט האָבען דיא געלעגענהייט נאָך אמאָהל צו זעהן סאינט־פּעטערסבורג, אום דיעזען אויפטראג דורכצופיהרען."

— דערצו האָב איך גראד ניט אזוי פיעל השק! האט פושקאָוו געזאָגט, דאן אָבער האט ער ווייטער געלעזען:

„אין דער ערשטער צייט פון דיין אויפענטהאלט אין ריגא האָסט דוא געמאכט פון מיינטוועגען עטליכע רייזען, אום צו פארגלעטען אייניגע נארישקייטען וועלכע איך האָב בעגאנגען אין דיא פריהעריגע יאָהרען. אָבער איינע פון יענע נארישקייטען איז מיר אין גאנצען ארויס פון זינען, און ערשט איצטער בין איך דאראן ערינערט געוואָרען דורך א בריעף פון ליזעטע ראנדאָן, דיא אמאָהל א טענצערין פון דער וויענער אָפּערא, וועלכע איז ערשט דיא ערשטע טענצערין אין דער קייזערליכען אָפּערא אין סאינט פּעטערסבורג."

— דיא נארעשקייט געדיינק איך גאָר ניט! — האט פושקאָוו אויסגערופען — דאָ האט ער וואהרשיינליך ווידער אויפגעשפּיעלט א שטיקעל וואס ער האט פון מיר אין גאנצען בעהאלטען — און פושקאָוו האט געקנייטשט דעם שטערן.

„דעם בריעף קען איך דיר ניט שיקען, ווייל איך האָב איהם גלייך פארברענט. דוא וועסט זיך לייכט דערמאָהנען, דאס ווערענד איך בין אנטלאָפען פון רוסלאנד נאָך וויען, איז מיין לאגע געוועזען ניט בעזאנדערס גלענצענד -- און

איין אבענד האב איך דיר געבראכט פון דער אָפּערא, פון וואנען איך בין געקומען, א שיינעם פּערלען־האלדזבאנד און האב דיר דערציילט, אז איך האב עס געפינען אין קאָרידאָר פון טהעאטער.

— גאנץ ריכטיג, איצטער דערמאָהן איך מיך! איך האב דאמאלס אליין פארקויפט דיא פּערלען און מיר האבען געהאט אויף הוצאות נאך פאריז. — לאָמיר זעהן ווייטער!

איך האב יענע פּערלען אָבער ניט געפונען, נור איך בין געוועזען ניט פאָר־זיכטיג גענוג, זיי פון ליזעטא ראנדאן צו באָרגען, מיט דעם אויסרייד דאס דיא געלדער וואס איך ערווארטע בעשטימט זיינען נאך ניט געקומען און דאס איך וויל מיר פערשאפען וואס געלד אויף יענעם האלדזבאנד, ביז איך וועל ערהאלטען מיין געלד און וועל עס דאן אויסלייזען און איהר צוריקגעבען. זיא האט מיר גע־גלויבט אויף'ן וואָרט, האט מיר אין איהר גוטמיטהיגקייט געגעבען דאס שטיק ציהרונג מיט דער בעמערקונג: „איך האב אימער געהאט א פאָרליעבע פיר דיא רוסען און בין העכסט ערפרייט זיי צו טאהן א געפעלינקייט“. — גלייך נאך דעם האב איך פארלאָרען ליזעטע ראנדאן'ס שפּור און האב ניט געוואוסט וואו זיא איז אהינגעקומען. זיא האט פארלאָזען וויען און איך האב ניט געוואוסט וואוהין זיא איז געגאנגען. דערווייל'ע האב איך דיא גאנצע געשיכטע פארגעסען. איצטער דערהאלט איך א בריעף אויס סאינט־פעטערסבורג פון ליזעטע ראנדאן, אין וועל־כען זיא פאָדערט פון מיר דעם האלדזבאנד און לאָזט זיך אריין אין אלערליי נארישע סטראשונקעס.

איך בעט דיך דעריבער דוא זאָלסט גלייך פאָהרען נאך פעטערסבורג און אויפזוכען ליזעטע ראנדאָן. זיא וואוינט אויף נעווסקי פּראָספּעקט נומער... גיעב איהר פון מיינטוועגען צוויי מאָהל, דריי מאָהל אזוי פיעל וויא דער האלדזבאנד איז ווערטה געוועזען און נעהם פון איהר א קוויטונג דאס זיא האט צו מיר קיינע פאָרדערונגען מעהר.

דאס איז דיא לעצטע פיינליכע אנגעלעגענהייט פון מיין פערגאנגענעם לעבען, און זיא מוז אום יעדען פּרייז אויסגעגליכען ווערן. איינע אנקלאגע געגען מיך אין מיין יעצטיגער לאגע קען זעהר לייכט אלעס פערדערבען.

לעב וואָהל, מיין אלטער ווערטהער פריינד און לעהרער. — איך האָף דאס איצטער ענדליך האב איך דערטאפּט מיין גליק און וועל עס ניט אזוי שנעל ארויסלאָזען פון מיינע הענד. גענעראלד ווערענין.“

אלס פושקאָוו האט געענדיגט לעזען דעם בריעף האט ער א ווײלע געטראכט און האט נאכהער אויסגערופען:

— אין פיעלע הינזיכטען איבערטרעפט דיעזער שילער זיין לעהרער, אבער ניט אין פאָרזיכט. וויא קען מען שיקען אזא בריעף דורך פאָסט? ווען ער פאלט אריין אין פרעמדע הענד?!

אייניגע מינוטען שפעטער איז דער בריעף שוין געלעגען א פארברענטער אין קאמין וויא אלע בריעף וועלכע פושקאָוו פלעגט ערהאלטען. אויף דעם אופן האט מען זיך געקענט ערקלערן ווארום מאטראָנע פלעגט קיינמאָהל ניט געפינען קיין זכר פון דיא בריעף וואס ער פלעגט קריעגען.

— — — — — — — — — —

צוויי טאג שפעטער, אין פריהמאָרגען, האט פושקאָוו אנגעקלונגען ביין ערשטען עטאזש פון א שעהנער הויז אויף נעווסקי פראָספעקט, אין פעטערסבורג.

— פריילין ראנדאָן? — האט ער געפרעגט דעם דיענער וואס האט געעפענט דיא טהיר.

— פריילין ראנדאָן זיצט ביין פריהשטיק — האט דער דיענער געענטפערט שטאָלץ — און אין אזא שטונדע נעהמ איך קיינעם ניט אויף.

— דאס געפין איך זעהר ריכטיג, מיין פריינד! — האט פושקאָוו גוטמוטהיג געענטפערט — ביי מיר צו הויז מאך איך אויך אזוי; אבער איך קען דאָך א ווײלע ווארטען.

פושקאָוו האט זיך אָהן צערעמאָניעס געזעצט אויף א געפאָלסטערטען שטוהל אין פאָרצימער, און בעטראכטענדיג דיא פראכטפאָלע איינריכטונג פון צימער האט ער צו זיך אליין געזאָגט:

— וויא מיר שיינט איז דיעזע דאמע גאָה ניט אין אזא נויטה, אז זיא זאָל דארפען מאכען אזא לאָרעם וועגען יענעם אונגליקליכען האלדזבאנד.

דער דיענער וועלכער האט איינגעזעהן, אז פון דעם בעזוכער וועט ער ניט אזוי לייכט פטור ווערין, איז געגאנגען אָנמעלדען זיין ווירטהין, און צוריקקעהרענדיג האט ער געפרעגט:

— ווילט איהר מיר געפעליגסט זאָגען אייער נאָמען?

— מיין נאָמען האט ניט צו טהאָן מיט דער זאכע; זאגט דער פריילין דאס איך קום אין דער אנגעלעגענהייט פון דעם פערלאָרענעם פערלען־האלדזבאנד, דאן וועט זיא שוין וויסען אום וואָס עס האנדעלט זיך.

אזוי שנעל וויא דער דיענער האט דאס מיטגעטהיילט ליזעטע ראנדאָן, איז ער גלייך צוריקגעקעהרט און האט פושקאוו אריינגעפיהרט אין איין עלעגאנטעס בודואר, וואו פון דער אנדער זייטע איז אין דעם זעלבען אויגענבליק איינגעטרעטען א יונגע דאמע אין א קאָסטבארע מאָרגען־קלייד.

— א גאנץ שיינע מיידיל — האט פושקאָוו ביי זיך געטראכט — אבער וויא מען זעהט נאך איהר מיענע וועט זיא זיך ניט אזוי לייכט לאָזען בייגען.

ער האט זיך טיעף פארנייגט פאר דער טענצערין, וועלכע האט איהם אנגע־רעדעט :

— קומט איהר מיט איין אויפטראג פון יענעם שווינדלער ?

ליזעטע ראנדאָן איז געווען א באלעט־טענצערין פון דער פאריזער אָפּער ; נאר אזוי וויא דאָרטען האט זיא ניט געקענט קריעגען וואס זיא האָט פערלאנגט, איז זיא געגאנגען אין אויסלאנד, וואו זיא האט געהאָפּט גרעסערע ערפאָלגע צו עררייכען, און האט זיא אויך עררייכט. און איהרער גוטהערציגקייט האט זיא אונטערשטיצט אין פאריז איהרע פאמיליע, איהרע עלטערן, מיט פולער האנד, און האט אין איהרער בע־שיידענהייט קיינמאָהל ניט געוואָלט ריידען דערפון. אין סאינט פעטערסבורג האט זיא געהאט דעם גרעסטען ערפאָלג. דריי אָדער פיער זעהר פאָרנעהמע הערען האָבען אזוי ערנסט און אזוי אנשטענדיג געזוכט איהרע גונסט, דאס זיא האָט ווידער אָנגע־הויבען צו פערגעסען איהרע שלעכטע מיינונג וועגען דיא רוסען, וועלכע זיא האט גע־פראָגען צייט דער געשיכטע מיט גערא־לד ווערעניז און איהר האלדז באנד.

— ענטשולדיגט מיר, פריילין, איך האָב וויא מיר שיינט פארהערט — האט פושקאָוו געזאָגט — איך קום מיט איין אויפטראג — פון ווען זאָגט איהר ?

— פון יענעם שווינדלער, זאָג איך — האט דיא טענצערין דערקאָנטשעט.

— אָה, דאן בין איך ניט אויפ'ן ריכטיגען פלאטץ, דען איך קום אים אויפטראג פון פירסט גערא־לד ווערעניז.

— גאנץ ריכטיג, דעם מיין איך אויך ! דעם געמאכטען פירסטען, וועלכער שיינט קיין אנדערער צו זיין וויא א שווינדלער פון גרויסען קאליבער. — ליידער האב איך מיך געלאָזען נארען דורך זיין גלאטעס אויסערליכעס בענעהמען, אבער צייט איך בין דאָ, האב איך וועגען איהם שיינע עטליכע זאכען ערפאהרען. — נאר אזוי וויא מיינער א פריינד האס איז ניט לאנג צוריקגעקומען פון פאריז, האט מיר דערציילט דאס יענער זויבערער הערר לעבט אין פאריז וויא גאָט אין פראנקרייך, האָב איך מיך ענטשלאָסען צו איהם צו שרייבען. און אויב איהר ברייננט מיר איצטער מיין האלדזבאנד ניט צור־ריק, דאן האבען מיר אונטעראיינאנדער ניט מעהר צו ריידען. דאן שרייב איך מיין

מוטער אין פאריז זיא זאל איהם גלייך פערקלאגען. — איך בין געווים פון נאטור זעהר גוטמיטהיג, אבער ווען מען בענעהמט זיך געגען מיך אזוי שענדליך און אהן עהרענגעפיהל, דאן וועל איך מיר וועהלען דעם קירצסטען וועג, וויא אזוי מיין רעכט צו געפינען. — דיעזער הערר לייהט פון מיר א האלדזבאנד אויף איינינע טעג — וויא ער האט מיר פערזיכערט — און עס זיינען שוין אכטצעהן מאנאטע פאראיבער, און איך האב נאך מיין האלדזבאנד אימער ניט. ווען ער וואלט ווירקליך געווען דער הויכגעבארענער אריסטאקראט פיר וועלכען ער גיט זיך אויס, וואלט איך איהם נאך פילייכט גיכער געקענט פערצייהען, אבער איינעם העררן גענעראל ווערענין, וועלכער האט שוין בעגאנגען אזוי פיעל בעטרוג און שווינדעל און איז פון איבעראל ארויסגעיאגט געווארען, קען איך זיין בענעהמען קיינמאהל ניט פערגעבען.

— מיין פריילין — האט פושקאוו אנגעהויבען נאכדעם וויא דיא טענצערין האט געענדיגט איהר רעדע אין העכסטען צארן — איך זעה איין דאס מען האט מיין געביעטער, דעם פירסט ווערענין, זעהר פערלייםדעט אין אייערע אויגען. עס איז קיין ווארט וואהר פון אלץ וואס מען האט אויף איהם אנגערעדט. ער איז פילייכט עטוואס לייכטזיניג געווען זיך אויף אזא אופ׳ן דורכצוהעלפען אין א פערלעגענהייט, אבער דאס דארפט איהם פערצייהען. דורך איינע גאנץ אונפאראויסגעזעהענע אורזאכע האט מיין הערר דאן געמוזט פערלאזען וויען, אזוי דאס איהם איז קיין צייט געבליעבען אייך צוריק צו ברייגגען אייער האלדזבאנד, וועלכעס איהר האט איהם אזוי גוטמיטהיג אנפערטרויט. דערנאך האט ער ניט געוואוסט וואוהין איהר האט זיך פון וויען געקעהרט. אזוי שנעל וויא ער האט ערפאהרען דאס איהר זייט אין סט. פעטערסבורג, האט ער מיר געגעבען דעם בעפעהל איך זאל דיא זאכע וויעדער גוט מאכען. — וויא הויך שעצט איהר דעם ווערטה פון יענעם האלדזבאנד?

— וויינינסטענס צעהן טויזענד פראנק.

— דא זיינען צעהן טויזענד פראנק — האט פושקאוו געזאגט עפענענדיג זיין בריעף־טאשע.

— וויא? איהר באט מיר אן געלד? און וואו איז מיין האלדזבאנד?

— וויא איך גלויב וויל עס דער פירסט ווערענין בעהאלטען צום אנדענקען.

ניין, איך וויל קיין געלד, איך וויל מיין האלדזבאנד האבען צוריק! ווער ווייס וואנען דאס געלד קומט.

— מיין פריילין! — האט פושקאוו אויסגערופען און האט זיך אנגעשטעלט

— א, מיין הערר, איהר קענט זיך פארשפארען דיא מיהע צו מאכען אזעלכע

בייזע געזיכטער. איך ווייס איצטער וואס צו דיינקען פון אייער „פירסטליכען געביעטער". — טעלעגראפירט איהם, דאס אויב דער פערלען־האלדזבאנד איז ניט אין מיינע הענד צוריק אין פערלויף פון אכט טאָג, וועל איך איהם אין פאריז לאָזען פארקלאגען פיר בעטרוג.

ליזעטע ראנדאָן האט א דרוק געטהאָן דעם קנאָפ פון א גלעקיל, און אלס א דיענער איז ערשיענען האט זיא איהם געזאָגט אין בעפעהלענדען טאָן:

— פיהרט דיעזען העררן ארויס!

פושקאָוו האט זיך פערנייגט פאר דער טענצערין פונקט וויא זיא וואָלט איהם געהאט געמאכט דעם גרעסטען קאָמפלימענט, און האט פארלאָזען דאס צימער מיט דער מיענע פון א דיפלאָמאט וואס האט דאָ איצטער דורכגעמאכט א וויכטיגעס געשעפט.

אלס ער האט זיך אָבער געפונען אונטען אויף דער שטראסע האט ער געמורמעלט:

— דאס איז א פערדאמטע געשיכטע!

איינינע מינוטען איז ער געבליעבען אונטען שטעהן אונענטשלאָסען וואס ער האט דאָ צו טהאָן, האט נאָך אמאָהל געוואָרפען א בליק אויף דיא פענסטער פון ערסטען עטאזש, וואו ליזעטע ראנדאָן האט געוואוינט, און איז דאן לאנגזאם אראָפּגעגאנגען מיט דעם נעווסקי פראספעקט, נאכקלערענדיג אלערליי פלענער, וויא אזוי גוט צו מאכען דיא „בייזע געשיכטע". בעשעפטיגט מיט זיינע אייגענע געדאנקען האט ער גאָר ניט בעמערקט וויא אויפמערקזאם ער ווערט בעטראכטעט פון צוויי יונגע לייט וועלכע זיינען אויך געבליעבען שטעהן ביי דער וואוינונג פון דער טענצערין און ארויפגעקוקט אין איהרע פענסטער.

— קענסט דוא דיעזען מענשען? האט איינער פון דיעזע יונגע לייטע געזאָגט צום אנדערן אלס פושקאָוו איז אוועקגיגאנגען.

— ער איז עהנליך צו א מאן מיט וועלכען איך האב אמאָהל געהאט צו טהאָן, אבער איך האָב פיללייכט א טעות, דען יענער מאן דענק איך האט דאָך אנדערש אויסגעזעהן.

— האָט ער פיללייכט געטראָגען א באָרד?

— יא, יא, א שטארקע, פולע רויטלאכע באָרד — און דער מאן איז גאָר אָהן א באָרד.

— וואס האט א באָרד צו בעדייטען? א באָרד קען מען לייכט ארונטערנעהמען ווען מען וויל זיך אונקענטליך מאכען. אויך איך קען דיעזען מאן פון פריהער, און

דאמאלס האט ער געטראגען דעמזועלבינגען בארד פון וועלכען דוא רעדסט. מיר מחען זיך איבערצייגען ווער דער מאן איז און וואו ער וואוינט. — גנה איהם נאך און פערליער איהם ניט פון דיא אויגען.

— און דוא?

— איך געה ארויף צו ליזעטע ראנדאן.

— דאס ווערסטו דאך אויך שפעטער קענען טהאן.

— ניין, האסטו ניט בעמערקט וויא דיזער מענש האט ארויפגעקוקט צו דיא פענסטער פון מיטעלן עטאזש, וואו ליזעטע ראנדאן וואוינט? איך בין זיכער אז ער קומט פון דארטען. אבער, מיין פריינד, שטעה ניט, געה שנעלער! דוא זעהסט, ער בלייבט דארטען שטעהן ביי א מאגאזין פון ציערונג! קיין צווייפעל, דאס איז דערזועלבינער וועמען איך קען. — געה, איך בעט דיך!

— וואו טרעף איך דיך דערנאך?

— דא אויבן, ביי ליזעטע ראנדאן.

— ביסטו זיכער אז זיא וועט דיין בעזוך אננעהמען?

— ליזעטע וועט מיך ניט אננעהמען? וואס פאלט דיר איין? מעגסט זיין גאנץ אונבעזוארגט; דוא געה נאר דיזען מענשען נאך.

דיאביידע יונגע מענער האבען זיך צוטהיילט; וועהרענד איינער איז נאכגעגאנגען פושקאוו, איז דער אנדערער ארויפגעגאנגען צו דער וואוינונג פון דער טענצערין. אלס ער האט אנגעקלונגען האט איהם געעפענט דיא טהיר דערזועלבינער דיענער וועלכער האט געעפענט פושקאוו.

— איז פריילין ראנדאן צו הויז?

— יא, מיין העהר, אבער היינט עמפפאנגט זיא קיינעם.

— מיך וועט זיא עמפפאנגען! — האט דער יונגער מאן געזאגט און האט דעם דיענער אפגעשטופט אן א זייט, אלס דיזער האט זיך איהם געוואלט שטעלען אין וועג, און איז אריין אין פארצימער.

— ערשט פאר איינינע מינוטען האט מיך פריילין ראנדאן בעפאהלען קיינעם ניט צו עמפפאנגען, אזוי וויא זיא איז פיר קיינעם צו שפרעכען — האט דער דיענער געזאגט אויפ'ן קול.

— און איך זאג אייך אז פיר מיך איז זיא אימער צו שפרעכען! — האט דער בעזוכער געענטפערט נאך העכער.

צוליעב דיזען ווארטוועכסעל האט ליזעטע ראנדאן געעפענט דיא טהיר פון שפייזע-זאל און האט אויסגערופען מיט ערגער:

— וויל מען מיך היינט גאר ניט לאָזען רוהען א ווײלע?

דא איז אָבער איהר בליק געפאלען אויף דעם יונגען מאן און זיא האט מיט פריידע אויסגערופען:

— וואס זעה איך? מארקוס פעליסער?

— יא, דאס בין איך! קום איך ניט אין דער ריכטיגער צייט?

— דורכאויס ניט! אין געגענטהייל, דוא ביסט מיר זעהר ווילקאָמען.

וועהרענד דער דיענער האט זיך מיט א העפליכער פערביינונג צוריקגעצויגען, האט דיא שיינע טענצערין אריינגעפיהרט דעם יונגען מאן אין שפייז־זאל. דאָרטען האט זיא איהם געזאָגט:

— דוא וועסט דאָך מיט מיר פריהשטיקען?

ניין, איך דאנקע, איך האָב היינט שוין געפריהשטיקט, אבער פון א גלעזיל גוטען קאָניאק וואס דאָ שטעהט ביי דיר וועל איך מיך ניט אפזאגען.

— דאן ערלויב מיר אז איך זאָל דיר אליין בעדיענען.

אָנפילענדיג דאס גלעזיל האט ליזעטע געזאָגט:

— ווייסטו, מארקוס, דאָ דארפסטו מיך גיט מעהר „דוצען".

— ניין? דאס וועט מיר פאלען שווער.

— אָ, ווען מיר זיינען אונטער זיך מעגסטו מיך רופען „דוא".

— אהא, מעהר ניט פאר דיא דיענער אין דיא אויגען זאָל איך צו דיר זאָגען „איהר"?

— און ווען דער גענעראל איז דאָ.

— א גענעראל איז דאָ אויך פאראנען?

— יא, דאָ אינטערעסירען זיך גרויסע לייט פיר דאס טהעאטער.

— אזוי? און ווען דער גענעראל זאָל אמאהל ווערין אייפערזיכטיג, וועל איך איהם זאָגען אז מיר קענען זיך נאך פון א צייט, ווען מיר האָבען ביידע געטראָגען קינדער־שיכלאך. געדיינקסט דוא נאָך וויא איך פלעג דרייען פאר דיר דיא שטריק דוא זאָלסט שפרינגען?

— געוויס! און דערנאך פלעגסטו מיך נעהמען אויף דיינע שולטערן און איך פלעג דיך אומארמען צום דאנק.

— איך וואָלט ניט פאר איבעל געהאט ווען דוא זאָלסט דאָ איצטער ווידער־האָלט.

ליזעטע האט זיך שטארק פאנאנדערגעלאכט. פלוצלינג אָבער איז זיא געוואָרען ערנסט און האט געזאגט, נאכדעם וויא זיא האט א ווײלע נאכגעדראכט:

— וואס מיר פאלט איצטער איין — ביסטו ניט געוועזן אין...?

— אין גייקאלעדאניען, ווילסטו זאגען — רייד דאס נור ארויס!

— יא, איך האב דער פון געלייענט אין פאריזער צייטונגען.

מארקוס האט געמאכט א מיענע פון א מענשען וועלכער האט א גרויסען סעקרעט מיטצוטהיילען, און האט דאן געפרעגט:

— האסט דוא אמאהל געלייענט קרימינאל־ראמאנען?

— א, געוויס, זעהר פיעל! דאס זיינען דיא איינציגע ראמאנען וועלכע איך לייען מיט פערגעניגען פון אנהויב ביזן סוף, און היפף ניט איבער קיין איינציגען קאפיטעל.

— זעהר גוט, ליזעטע! איך האב איצטער בדעה אזא ראמאן צו פערפאסען, אבער מיינער האט נאך דיא מעלה, וואס איך האב איהם אליין דורכגעלעבט.

— איך פערשטעה דיך ניט.

— ניין? נו, וויא געהט עס דארטען צו אין דיא ראמאנען וואס דוא האסט געלעזען? צום אנפאנג א פערברעכען, דאן ווערען אונשולדיגע פערהאפטעט און פערורטהיילט וועהרענד דיא ווירקליכע פערברעכער — —

— בלייבען אים פרייען — האט ליזעטע אונטערגעהאפט.

— יא, ביז צום סוף —

— און דאן ווערין דיא פעהלער פון דער פאליציי ענטדעקט, דיא אונשולדיגע בעפרייט — —

— און דיא אמת׳ע פערברעכער פעראורטהיילט — —

— און גאר צום סוף ווערט געהייראטעט — דאן איז דאס וויכטיגסטע — האט דיא טענצערין געזאגט מיט א געלעכטער.

— אויך פיר מיך איז עס דאס וויכטיגסטע, און איך קען דיך פערזיכערן אז מיין ראמאן וועט זיך ענדיגען מיט א הייראט און פיליכט מיט צוויי — דערווייל אבער מוזט דוא זיך צופריעדען שטעלען מיט דער פערזיכערונג, אז איך בין אזוי אונשולדיג וויא א טויב, און אזוי איז אויך מיין פריינד אלעקסאנדער מישעל, וועלכען איך וועל האבען דיא עהרע דיר פארצושטעלען.

— אלעקסאנדער מישעל? דער בראנדשטיפטער?

— דאס הייסט דער געמיינטער בראנדשטיפטער, ניט דער אמת׳ער.

— און ווער איז דער אמת׳ער אונטערצינדער?

— איך וועל עס דיר זאגען, אויב דוא וועסט מיר שווערן צו האלטען דיא זאכע בסוד, ווייל דאס איז דערווייל פיר אונז זעהר א וויכטיגעס געהיימניס.

— איך שווער עס ביי מיינער עהרע.

— דער ווירקליכער שולדיגער האט מיט א ווילע צוריק פארלאזען דיזעס הויז?

— וואס רעדסט דוא דא?

— איז דא ניט פריהער געוועזען א מאן?

— יא, עפעס איינער א דומקאפף, וועלכער איז געשיקט געווארען אהער פון א געוויסען גענעראל וועלדעניין.

מארקוס איז פאר פריידע אויפגעשפרונגען:

— האב איך עס דאך געטראפען! — האט ער געזאגט — מיינע ליעבע ליזעטע, לאמיר יעצט זיין ערנסט. וויל מיר האבען עטוואס זעהר וויכטיגעס פאר אונז; איך וועל דיר היינט ניט דערציילען וויא אזוי מיר זיינען אנטלאפען געווארען פון דעם האפען נומעא.

— דאס מוז דאך אבער זעהר אינטערעסאנט זיין?!

— געוויס, אבער איך וועל עס דיר איין אנדערס מאהל דערציילען; היינט האב איך דערצו קיינע צייט.

— וויא קומט עס וואס דיא צייטונגען האבען דערפון גאר ניט געשריעבען?

— פיליכט האט אונזער רעגיערונג געפונען פיר גוט צו מאכען דער פון א געהיימניס?

— דאס איז מעגליך! — קורץ, אייך איז געקומען צו ענטפליהען, און דאס איז דיא הויפטזאכע. אבער ווארום זייט איהר געקומען נאך סט. פעטערסבורג?

— ערשטענס, אום דיך צו זעהן!

— קיין שערץ, איך בעט דיך!

— און צווייטענס, וויל דער מאן וועלכער שטעהט אין פערדאכט איז א רוסע.

— און ער וואוינט דא?

— ניין, ער וואוינט אין פאריז; אבער דא קענען מיר געפינען דיא נייטיגע ערקונדיגונגען וועלכע מיר דארפען האבען אום איהם זיינע שולד צו בעווייזען. פערשטעהסט דוא מיך?

— פאלקאמען! אבער ווער איז דער מאן וואס איהר האט אין פערדאכט?

— פירסט גענעראל וועלדעניין.

— הא, דער שורקע!

— וואס האט ער דיר געטהאן?

— דאס וועסט דוא שפעטער ערפאהרען! דערצייל ווייטער.

— מיר האָבען דיא רייזע נעמאַכט איבער אזיען, צו לאַנד, ביז מיר זיינען גע־קומען אהער. ערשט געסטערן זיינען מיר אהער אָנגעקומען. מיר רייזען אלס אויסטראַ־ליער, מיט ענגלישע פּעסער, וועלכע אונז האט זיך איינגינעבען צו קריגען. דיא אל־טע לייטע האָבען מיר איבערגעלאָזען אין האָטעל אין וועלכען מיר זיינען אלע פאַר־פאָהרען.

— וועלכע אלטע לייטע?

— אלעקסאַנדער מישעל׳ס מוטער און זיין אלטען פריינד ווערן, וועלכער האט זיך פיר אונז אויפגעאָפּפערט, און וועמען מיר האָבען צו פערדאַנקען אונזער בעפריי־אונג. — מיר האָבען נאָך א פריינד, א רוסען, וועלכער איז אבזיכטליך מיטגעפאָהרען מיט מישעל׳ס מוטער און יוערן נאָך נייקאַלעדאָניען, און האט פיעל געלד אויסגינגע־בען, אום אונזערע בעפרייאונג דורכצופיהרען.

— און ווער איז דיזער רוסע?

— א געוויסער הערר באַרסקי, א רוסישער מאַלער.

— באַרסקי! דער נאָמען איז מיר בעקאַנט, מיר שיינט אז מיין גענעראַל האט מיר אמאָהל דערציילט פון א יונגען מאַלער באַרסקי.

— און ווער איז דיין גענעראַל, אויב איך מעג פרעגען?

— איין אלטער הערר מאַרושקין, וועלכער איז זעהר רייך.

— ריכטיג! אויך מיר האָבען געהערט פון באַרסקי וועגען מאַרושקין.

— זיי שיינען אלזאָ צו זיין זעהר נאָהענט בעקאַנט.

— אזוי ווייזט עס אויס. — און דוא ווערסט זיין נאָך מעהרער ערשטוינט ווען איך וועל דיר זאָגען, אז דאס געלד וואס באַרסקי האט אויסגינגעבען אויף אונזער בע־פרייאונג קומט פון גענעראַל מאַרושקין.

— דאס איז וואונדערבאַר! קע ער אייך דען?

— ניין!

— וויא קומט ער דען זיך צו אינטערעסירען פיר אייך.

— דורך באַרסקי.

— און וויא קומט באַרסקי צו אייך?

— איצטער, מיינע טהייערע, איז ניט דיא צייט אלעס צו דערקלערען, אָבער אום דיינע ניינירדע עטוואס צו בערוהיגען, וועל איך דיך פרעגען: האָסטו אמאָהל געהערט פון גענעראַל וועגען זיינע א טאָכטער און איהר קינד?

— יא, ער האט מיר אמאָהל דערציילט וויא אזוי ער האט פערלאָרען זיין איינ־

ציגע טאָכטער, און דאס איהר קליינער זאָהן איז אווענגערויבט געוואָרען און ער קען איהם ניט ענטדעקען.

— דאס איז עס! זיי וויסען אז דיא שוועסטער פון געראַלד ווערעניין האט דיזעס קינד איין איהר געוואלט. אום דעם זיכערן שטורץ פון דיזעביידע פּערזאָנען, דעם ברר דער מיט דער שוועסטער ווערעניין, פאַרצובערייטען, האט זיך באַרסקי מיט אונז פּער־איינגט. ער איז אבער אוועק צוריק נאך פּאַריז.

— יעצט איז מיר אלעס קלאַר. וויא אזוי האָסט דוא געטראָפּען צו מיר?

— נעכסטערן אבענד האָבען מיר בעזוכט אלע צוזאמען דאס קייזערליכע גרויסע טהעאַטער און מיר האָבען דיך געזעהן טאַנצען אין באַלעט „רוסאלקי“.

— אה, ווירקליך?

— דוא האָסט אונז נאַטירליך ניט געקענט זעהן — צוליעב דיא פיעלע גענער־ראַלען און גרויסע לייט וואס האָבען זיך געפונען אין פּאַרקעט, און וואס האָבען פּונקט אזוי פיעל אפּלאָדירט וויא מיר. היינט פריה האָבען מיר אונז פערשאפט דיינע אד־רעסע, דען איך האָב געהאָפּט אז דוא וועסט אונז פיעלייכט קענען בעהילפליך זיין, אונזער צוועק צו ערגרייכען.

— גערן וויל איך טהאָן פאר אייך אלעס וואס וועט נור מעגליך זיין.

— אלס איך און מישעל זיינען געקומען צו דעם הויז, איז פון דאנען ארויס א מאַן, וועלכער האט אונזביידען אויסגעוויעזען זעהר בעקאַנט. מישעל איז נאכגעגאנגען דעם מאַן, און איך בין ארויף אַהער. — דא האסט דוא אין קורצען אלעס. — איצ־טער בעט איך דיך מיר מיטצוטהיילען וואס דוא ווייסט פון יענעם פירסט געראַלד ווערעניין.

דיא טענצערין האט דערציילט:

— צו דער צייט ווען איך בין געוועזען אין וויען ביי דער גרויסער אָפּערא, האָבען זיך ארום מיר געדרייט זעהר פיעלע פּאָרנעהמע העררען.

— דאס לאָזט זיך דיינקען.

— אונטער זיי האָט זיך אויך געפונען איין רוסע וועלכער האט זיך גערופען „פירסט ווערעניין“, איין אויפפאַלענד היבשער יונגער מאַן, וועלכער האט בעזאָנדערס שטאַרק זיך בעמיהט אום מיינע גונסט.

— און דוא האָסט זיך אין איהם פערליעבט?

— ניין, דאס גראדע ניט, אָבער עס האט מיר געשמייכעלט צו וויסען, אז איך האב ערלאַבערט א רוסישען „פירסט“. דיא אייטעלקייט שפּיעלט א גרויסע ראָלע אין אָונזער לעבען, וויא דוא ווייסט, פונקט וויא דיא לייכטגלויבינקייט. — איין אבענד,

אין דער צייט פון דער אָפּער זאָגט דער פירסט צו מיר, אז ער ערוואַרטעט גאַר אין קורצען איינע אַנווייזונג אויף א גרויסע סומע, וועלכע האט זיך עטוואס פערשפּעטיגט און ער איז דעריבער אויגענבליקליך געקומען אין פערלעגענהייט. ער האט מיך געבעטען איך זאָל איהם לייהען יזיין שיינעם פּערלען־האלדזבאנד וואס איך האב דאן גראד געטראָגען אויפ׳ן האלדז, אום ער זאָל זיך קענען דערוויילע געלד פערשאפען ביז ער קריעגט דיא אַנווייזונג.

— און דוא האָסט עס געטהאָן?

— וואס האב איך געקענט מאכען? דוא ווייסט דאָך אז דיא גוטהערציגקייט געהט אימער געפּאָרט מיט דער נאַרעשקייט. אויך האט עס מיר געשמייכעלט וואס איך סען א רוסישען פירסטען געפעליג זיין. קורץ, איך האב איהם געגעבען מיין האלדזבאנד.

— און האסט עס ניט מעהר וויעדערגעזעהן?

— ניט דעם האלדזבאנד ניט דעם פירסטען.ביידע האבען אם צווייטען טאָג פארלאָזען וויען.

— אבער דוא האָסט דאָך דעם הערךן פירסטען געוויס געלאָזט פערפאָלגען?

— ניין, איך האב אויף קיין פאל געוואָלט גלויבען אז ער האט מיך בעטראָגען; איך האב גערעכענט, פיליכט איז ער געצוואונגען געווען דורך וועלכע אונפאָראויס־געזעהענע אורזאכע וויען צו פערלאסען. — איך האב געוואַרט ער זאָל מיר צוריקשיקען מיין האלדזבאנד, אבער עס איז פארגאנגען א מאָנאט נאך א מאָנאט, און איך האב פון איהם נאך אלץ קיינע נאכריכט פון איהם ערהאלטען. — דערוויילע איז מיר אנ־געבאָטען געוואָרען איינע זעהר פּאַרטהיילהאפטע שטעלונג דא אין פעטערסבורג. קר מענדיג אהער האב איך מיך ערקונדיגט איבער דיא פערהעלטניסע פון פירסטען ווע־רעניץ, און האב ערפאהרען — —

— אז דוא ביסט בעשווינדעלט געוואָרען.

— און נאך וויא! אויף דיא שענדליכסטע אַרט. און באַלד נאכדעם האב איך אויך ערפאהרען דאס דיעזער שווינדלער לעבט אין פאריז גאַר אויפ׳ן גרויסען פוס, וויא איין אמת׳ער פירסט. דאן האב איך איהם געשריעבען א בריעף — אבער א בריעף, זאָג איך דיר!

— וואהרשיינליך א געפעפערטען!

— דוא קענסט דיר דיינקען! — און נאך מיין בריעף האט ער געהאט דיא העזה מיר היינט צו שיקען דעם דומקאָפּף, וועלכער האט מיר אנגעבאָטען געלד פיר מיין האלדזבאנד.

— דוא האָסט עס אבער ניט אנגענומען?

— געוויס ניט! איך פערלאנג מיין האלדזבאנד צוריק — האב איך געזאגט — אָדער איך לאָז איהם אין פאריז אנקלאגען פיר בעטרוג. — דאס איז דערזעלביגער האלדזבאנד פיר וועלכע דוא האסט מיר אליין אויסגעקליבען דיא פערלען, געדיינקסט דוא נאָך?

— געוויס! וויא הייסט דען אבער דער שליח פון דעם „פירסטען ווערעניך".

— דאס וויים איך ניט, ער האט מיר זיין נאמען ניט געזאָגט, און איך האב עס אויך ניט געהאלטען דער מיהע ווערטה מיך נאכצופראגען וועגען דעם.

— איך בין זעהר נייגיעריג צו ערפאהרען וואס מישעל וועט דערגעהן פון דעם סוביעקט.

— וויל דיין פריינד קומען אהער?

— יא, און אויב דיר איז אנגענעהם, לאָמיר איהם ביידע ערווארטען. איך וויל דערוויילע רויכערן א'ן עכט רוסישע ציגארעטע.

— און דערוויילע וועלען מיר פלוידערן פון פאריז.

— אבער מיינע נייאיגקייטען פון פאריז זיינען שוין א ביסל צו אלט.

— דאס שאדט נישט! עס איז אימער אנגענעהם עטוואס פון פאריז צו הערן, און צו ריידען פון פאריז.

אין דער צייט וואס מארקוס האט ערפאהרען פון ליזעטען דיזע אלע איינצעלהייטען וועגען געראלד ווערעניך און זיין שליח, און דער פערדאכט וועלכער איז א'ן איהם געוועזן געגען דיזע פערזאָנען, איז אין איהם געוואָרן א געוויסהייט, — איז דערווילע אלעקסאנדער מישעל אנגעקומען צו דעם ציערונג־מאַגאזין, אין וועלכען פושקאָוו איז ארייגעגאנגען.

דאס איז געוועזן איינעם פון דיא רייכסטע מאגאזינס אין פעטערסבורג, מיט א גרויסארטיגען גלעזערנעם לאדענטיש אין דער פאָרם פון א הופאייזען (פאדקאווע).

— איינענטליך האט דא מארקוס בעסער געזאָלט זיין — האט מישעל ביי זיך געטראכט — ער פערשטעהט דא מעהר וויא איך. ער איז אבער דאָך אריין אין מאגאזין, וואו ער האט פושקאָוו דערזעהן שטעהענדיג ביי דער רעכטער זייטע פון לאדענטיש, קלייבענדיג פערשיעדענע האלדזבענדער.

מישעל האט זיך געשטעלט ביי דער לינקער זייטע פון טיש און האט געבעטען איינעם פון דיא פערקויפער איהם צו וויזען וועלכע מעדאליאָנס. וועהרענד ער האט זיך געמאכט קלייבענדיג און בעטראכטענדיג דיא מעדאליאָנס האט ער דערוויילע פון

צייט צו צייט א בליק געטהאָן אין שפּיעגעל וואס איז געהאנגען אנטקעגען, און וואו ער האט געקענט זעהן דאס גאנצע געזיכט פון פּושקאָוו. נאָר אזוי שנעל וויא ער האט דערהערט פּושקאָוו'ס שטימע, איז ביי איהם מעהר קיין צווייפעל געוועזען, אז דאס איז דערזעלביגער מאַן, ווען ער האָט מיט א יאָהר צוריק איבערגעגעבען דאס האַלץ וואס ער האט איינגעקויפט, לויט דעם אויסדר־קליבען בעפעהל פון הערען ערמאַנד.

פּושקאָוו'ן האט מען דערלאַנגט פערשיעדענע פּערלען־האלזובענדער וועלכע ער האט פיעל אויפמערקזאמער בעטראַכט אלס מישעל זיינע מעדאַליאָנס. נאכדעם וויא ער האט א היבשע צייט געקליעבען, האָט ער ענדליך געזאָגט:

— ניין, דאס איז אַלעס ניט דאָס וואָס איך וויל; איך וועל מוזען מיך אנדערש־וואו ארומזעהן.

— איהר וועט אין קיין פּלאַטץ ניט געפינען א גרעסערע אויסוואהל וויא ביי אונז — האט איהם דער פּערקויפער געענטפערט — מיר קענען אייך אבער מאַכען א האַלזבאנד נאָך אייער איינענעם געשמאַק.

— איך מוז אבער דעם האלזובאנד האבען מאָרגען פאַרמיטאָג.

— דאס קענט איהר אויך האבען, מיר האבען דיא איינפאסונגען אימער פערטיג.

— אויב אזוי, קאָזט מיר זעהען ניט־איינגעפאסטע פּעריל, און איך וועל מיר אליין אויסקלייבען.

וועהרענד דער פערקויפער האט צוזאמענגעלייגט דיא פערטיגע האלזובענדער און האט געבראַכט דאס שאַכטעל מיט דיא לויזע פּעריק, האט פּושקאָוו ארויסגענומען איינינע פּאַפּיערן פון זיין בריעפטאשע און האט אין זיי א ווייַלע געבלעטערט, ער האט נעמליך געהאַט דיא געוואוינהייט געגוי צו פערצייכנען אלע זאכען וואס ער פלעגט קויפען אדער פערקויפען, און אין דיעזע נאָטיצען האט ער געוואָלט נאך אמאָהל זעהן דיא סמנים פון יענעם האלזובאַנד וואס ער האט אין וויען פערקויפט. דערנאָך ערשט האט ער זיך גענומען קליבען פּעריל און דיא פּאַסונגען צו זיי, און האט געגעבען דעם פערקויפער וועלכע ווייזונגען, וויא ער וויל דיא פּעריל געאָרדנעט האבען, און האט דאַן אויך בעשטעלט אז דיא בוכשטאַבען ל. ר. זאָלען איינגראווירט ווערן אויפ'ן שלאָס, און האט געוויעזען וויא גרויס דיא בוכשטאבען זאָלען זיין.

— איך קען מיר אלזאָ דערויף פערלאָזען — האט ער געזאגט, אלס ער איז דער־מיט פערטיג געוועזען — אז מאָרגען פריה וועל איך דעם האלזובאנד האבען פערטיג.

— אונבעדינגט! — אויף וועלכען נאָמען קען איך דיא בעשטעלונג פאַרשרייבען?

— איהר דאַרפט קיין ניט, דען איך וועל דיא בעשטעלונג מאָרגען אליין אָפּנעה־מען. היער איז דאָס געלד דאַפיר!

פּושקאָוו האט בעצאָהלט דעם פּרייז און איז געגאַנגען, וועהרענד מישעל האט בײַ זיך געטראַכט:

— אין גרונד גענומען זעה איך ניט איין וואָס מען קען דאַרויס שליעסען? דיע־זער מאַן איז אין ליזעטע ראַנדאָן פערליעבט און וויל איהר מאַכען דעם האַלדזבאַנד א געשענק.

ער אַליין האט זיך געהאט אויסגעקליעבען א מעדאַליאָן, פיר וועלכעס ער האט שנעל בעצאָהלט, און האט פערלאָסען דאס מאַגאַזין גלייך הינטער פּושקאָוו.

דער לעצטערער האט לאַנגזאַם געשלענדערט איבער נעווסקי פּראָספּעקט, אָהן א ציעל, רויבענדיג פּאַפּיראָסען און בעטראַכטענדיג דיא וואַארען אין דיא פענסטער. ענדליך איז ער אַריין אין „פּאַסאַזש“, וויעדער בעטראַכטענדיג דיא סחורות אין דיא שוי־פענסטער, און צום כוף איז ער אַריין אין א מאַגאַזין פון פיינע לעדער־וואַארע, און מישעל האט דערקענט אַז דאס איז דאַסזעלבע מאַגאַזין וואו ער האט אַמאָהל גע־קויפט זיין בריעפטאַשע מיט דעם בוכשטאַב „מ“, וועלכער דער אונטערזוכונגסריכטער האט בענוצט אלס בעוויז געגען איהם.

מישעל איז אויך אַריין אין מאַגאַזין, האט זיך געשטעלט איינינע טריט וויט פון פּושקאָוו און מיטן ריקען צו איהם.

— איך וויל קויפען א פּאָרטפּעל פון געלבען לעדער — האט פּושקאָוו געזאָגט.

מישעל האט אויפגעציטערט אלס ער האט דערהערט דיעזע בעשטעלונג. דאס פּאָרטפּעל וואס דיא פּאָליציי־בעאַמטע האָבען דאַמאַלס געפונען נעבען זיינעם, אין סאינט־דעני, אויפן פּלאַטץ פון דער שׂרפה, איז אויך געווען פון געלבען לעדער און האט ענטהאַלטען פּרייז־ליסטען פון האָליץ.

— וואס פאַר א מערקווירדיגעס צוזאַמענטרעפען! — האט זיך מישעל געזאָגט — זאָל דיעזער מענש זיין דערזעלביגער וואס האט דאן זיך מיט מיר אין דער פינס־טער געראַנגעלט? ער איז אויך אַזוי מיטעל־גרויס און שטאַרק געבויט וויא יענער, דאס איז וואהר! אבער וויא איז דאס מעגליך? וויא לאָזט זיך דאס בעווייזען? דער פאַקט וואס ער קויפט אויך א פּאָרטפּעל פון געלבען לעדער, איז נאך קיין בעוויז. — ניין, אַזעלכע שלוס פּאָלגערונגען מוז איך איבערלאָזען פיר מאַרקוס, ער איז אין דעם א מייסטער.

דערווייל אבער האט ער זיך צוגעהערט צו דעם געשפּרעך וואס האט זיך ענט־שפּונען צווישען פּושקאָוו און דעם פערקויפער פון מאַגאַזין.

— וואס פאַר א פּאָרטפּעל פערלאַנגט איהר? — האט דיעזער געפרעגט.

— איך וויל האָבען פּונקט אַזא וויא איך האָב ביי אייך פאַר א יאָהרען גע־

קויפט: ניט צו קליין, מיט מעטאלענער איינפאסונג ביי דיא ווינקלען, מיט א נאָטיץ־בוך, און מיט טאשען אויףביידע זייטען. אויפ'ן שלאָס איז געווען א בוכשטאב איינ־גראווירט. איהר האט דאמאלס געהאט פּאָרטפעלס מיט אלערליי בוכשטאבען.

— גאנץ ריכטיג, איך גלויב מיר האבען נאך איצטער אויך ווּעלכע. וואס פאר א בוכשטאב ווילט איהר האבען?

— איין „מ“ — האט פושקאָוו געענטפערט — איך וויל האבען פונקט אזא וויא איך געהאט, און וועלכעס איך האב ליידער פערלאָרען.

מישעל האט געשפּירט דיא לוסט צו צוטרעטען צו דיעזען מאן און איהם צו פרעגען וואו ער האט זיין פּאָרטפעל פערלאָרען, און ביי וועלכער געלעגענהייט. ער האט זיך אפילו בעהערשט אויף אזוי ווייט דאָס ניט צו טהאָן, אבער יעדער צווייפעל איז ביי איהם פון דיעזען אויגענבליק פערשוואונדען.

אלס דער פערקויפער האט געבראכט איין פּאָרטפעל, האט פושקאָוו אויסגע־רופען:

— גאנץ ריכטיג, אזוי איז אויך מיינער געוועזען! ניט מיר געפעלינסט נאך איינעם מיט דעם בוכשטאב „נ“.

— אהא, „געראלד“ — האט מישעל געמורמעלט פאר זיך.

פושקאָוו האט בעצאָהלט און איז ארויסגעגאנגען פון מאגאזין, געפאָלגט פון מישעל, וועלכער האט געקויפט א לעדערנע ציגארען־טאשע.

פון דאָרטען האט זיך פושקאָוו בעגעבען צו א טאבאקס־הענדלער, וואו ער האט געקויפט פאפּיראָסען און עטליכע פעקלאך צינדהעלצער, פונקט אזעלכע וויא מישעל האט זיי געהאט מיט א יאָהר צוריק ווען ער איז געוועזען אויף דער רייזע, און פון וועלכע דער פּראָקוראָר פון דער רעפּובליק האט געמאכט אזא שטארקען בעוויז פיר מישעלס שולד.

אזוי וויא פושקאָוו איז ענדליך נאך א ווייטערן שפּאצירגאנג פערשוואונדען גע־וואָרען אין א רעסטאָראַן, האט זיך מישעל געזאָגט:

— איצטער ווייס איך גענוג, וויא מיר שיינט, וואָס און ווער דיעזער מאן איז. איצטער איז צייט אָפּצונעהמען מארקוס פון זיין פריינדין, ליזעטע ראנדאָן.

ער האט גענומען א דראָשקע און אין צעהן מינוטען איז ער געוועזען פאר'ן הויז פון דער באלעט־טענצערין. מארקוס, וועלכער האט איהם ערווארטעט זיצענדיג ביים פענסטער, האט איהם געעפינט דיא טהיר.

— נו, אלעקסאנדער, וויא שטעהט עס?

— אָ, מיין פריינד, איך האב ערפאהרען גאנץ אונערוואַרטעטע, אונגלויבליכע זאַכען.

— איך אויך! — האט מאַרקוס גענענטפערט — פריהער אבער ערלויב מיר דיך פאָרצושטעלען פאר מיין ליעבע פריינדין, פרייליין ליזעטע ראַנדאָן, וועלכער איך האב צו פערדאַנקען זעהר פיעלע און ניצליכע מיטטהיילונגען.

ליזעטע האט גערייכט מישעל דיא האנד, שמייכלענדיג פריינדליך, און אַלע דריי זיינען אריין אין דאס שעהנע און בעקוועמע עמפפאנגס צימער פון דער פראַכטפאָלער וואָהנונג. דאָרט האט מאַרקוס צוערשט דערציילט זיין פריינד אַלעס וואָס ער האָט דורך ליזעטע ערפאהרען, און האט געשלאָסען זיינע מיטטהיילונגען מיט דעם אויסרוף:

— האב איך ניט רעכט געהאט ווען איך האב פאָרגעשלאָגען צו רייזען נאָך פעטערסבורג?

נאָך דעם האט וויעדער מישעל דערציילט וואס ער האט ערפאהרען, און האט זיך געווענדעט צו ליזעטע:

— איך ווייס גאר ניט, מיין פרייליין, וויא איך זאל אייך דאנקען פיר דיא וואַרעמע אויפנאַהמע וועלכע איהר האט אונז ערטהיילט. איצטער וועלען מיר אייך ניט מעהר שטערן, דען מיר עמפפעהלען זיך.

— ניין, ניין! — האט דיא טענצערין געזאַגט האסטיג — איך לאַדע אייך איין צום אבענדעסען, ווען איהר וועט דאָ אויך טרעפען גענענראַל מאַרושקין, ער איז דער ליעבענסווירדיגסטער אַלטער אין דער וועלט, און אויב עס פעהלען אייך נאָך וועלכע ערקונדיגונגען וועגען ווערענין מיט זיין שוועסטער, וועט ער אייך זיי געבען.

— ווען מען צווינגט אונז שוין יא, דאַן לאָמיר בעסער פרייוויליג בלייבען — האט מאַרקוס געזאגט.

— עס איז אבער ניט נייטיג אז איהר זאָלט דעם גראַף דערציילען פון אייער רייזע ארום דיא וועלט. מיר שיינט אז באַרסקי האט דעם גענעראַל ניט געשריעבען וועגען אייך, און דער גענעראַל קימערט זיך אויך וועניג דאַריבער וויא אזוי באַרסקי האַנדעלט אום צו עררייכען זיין צוועק. ער האט צו איהם פאָלעס צוטרויען. איך וויל ניט אז איהר זאָלט איהם דערציילען פון אייער אונפרייוויליגע רייזע נאָך ניי־קאַלעדאָניען און צוריק, ווייל פיליכט איז ער ניט גאַנץ פריי פון פאָראורטהיילע און אויסער דעם ווייס איך ניט אויב ער האט ווען געלעזען קרימינאַל־ראָמאַנען. — ענטשולדיגט מיר וואס איך וועל אייך אויף א קורצע צייט פערלאָזען, איך מוז מיך אומקליידען. — און דוא, מאַרקוס, זאָלסט ניט וואגען מיך צו רופען „דוא“ ווען דער גענעראַל איז דערביי. אויף וויעדערזעהן, מיינע הערען!

אלס דיא ביידע פריינדע זיינען געוועזען אליין, זיינען זיי זיך געפאלען איינער דעם אנדערן אין דיא ארמע פאר פריידע איבער דיא גלענצענדע אויסזיכטען פיר דיא רעטונג פון זייער עהרע.

— איך פרעג מיך נאר, וואס פאר א ראָלע האט נינא'ס פאטער דערביי געשפיעלט? האט מישעל געזאָגט בעזאָרגט.

— ליעבער פריינד, דיא צוקונפט וועט אלעס בעווייזען — האט מארקוס געענטפערט — דערווייליע לאָמיר צופריעדען זיין מיט דעם וואס מיר ווייסען, אז דער „פירסט װערעניץ" איז א שווינדלער א בעטריגער און א גנב. א מענש וואס איז פעהיג זיך צו לייהען א האלדזבאנד פון א דאמע און עס פערקויפען, איז אויך אים שטאנדע א ציערונג־שטיק צו גנב'נען פון א שוי־פענסטער.

— דוא האסט רעכט. אבער אנגענומען אז ער האט בעגאנגען דיא גנבה וועלכע מען ווארפט ארויף אויף דיך — אבער וואו איז דער בעוויז אז ער האט אויך בעגאנגען דיא בראנדשטיפטונג, און ניט איך?

— נור געדולד, פריינד! איך בין איבערצייגט אז מיר וועלען באלד האָבען מעהר בעווייזע וויא מיר דארפען.

מישעל האט מורא געהאט דאס זיינע מוטער און דער אלטער וועלען ווערן אונרוהיג זיין פאר וואס זיי זאמען זיך אזוי לאנג, און מארקוס האט דעריבער פאָרגעשלאגען צו שיקען איינינע ציילען צו יענעם האָטעל דורך א דיענסטמאן, וואס זיי האָבען אויך גלייך געטהאָן.

נאך אונגעפעהר א שטונדע איז ווידער ערשיענען דיא שיינע טענצערין אין איהר שיינער אבענד־טואלעטע, און אלע דריי האָבען איצטער ערוואַרטעט דעם גענעראל מארושקין. דיעזער איז אויך באלד ערשיענען מיט דער פינקטליכקייט פון א סאָלדאט, פינף מינוטען צו זעכס.

גענעראל מארושקין האט זיך אין דעם לעצטען יאָהר זעהר וועניג פערענדערט. ער האט נאך אויסגעזעהן עטוואס פרישער און מונטערער אלס מיט א יאָהר צוריק. א לעבעמאן פון דער נאטור, האט ער זיך ניט געקענט איבערגעבען צו פיעל דער זאָרגע, וויא גרויס זיא זאָל זיין. דער פערלוסט פון זיין טאָכטער, וועלכע ער האט אזוי געליעבט, האט איהם זעהר וועה געטהאָן, אבער קוים איז ער געקומען צוריק נאך פעטערסבורג, איז ער ווידער אריין אין זיין אלטען קרייז פון לעבען, און האט געזוכט זיין שמערץ צו פערגעסען דורך אלערליי פערגעניגען און צערשטרייאונג. אויסערדעם האָבען איהם דיא מיטטהיילונגען פון פאריז נאך מעהר אויפגעמונטערט. בארסקי און פעדאָראָוו האָבען איהם געהאלטען אין איין פערזיכערן, אז מאריא'ס זאָהן, זיין אייניקעל

איז אין פאריז, דאס זיי האָבען זיין שפור, און האָפען איהם אין קורצען צו געפינען. דיזע האָפנונג האט איהם אין גאנצען בערוהיגט. ער האט געשטעלט בארסקי און פעדראָוו א גרויסען קרעדיט צו פערפיגונג אין א פאריזער באנק אום זייערע נאכפאָרשונגען פאָרטצוזעטצען, און האט ערווארטעט זייער ערפאָלג, וועלכער האט, וויא פעדראָוו און בארסקי האבען איהם פערזיכערט, געמוזט קומען.

ארייגקומענדיג האט ער זיך מיט גרויס אנשטאנד פארנייגט פאר דער שיינער טענצערין, האט געקיסט איהר האנד, און האט דאן אויך בעגריסט דיאביידע יונגע מענער, וועלכע ליזעטע האט איהם פאָרגעשטעלט מיט פאָלגענדע ווערטער:

— הערר גענעראל! איהר זעהט היער צוויי פון מיינע בעסטע פריינדע און טהייערסטע לאנדסלייטע, דען הערען אינזשענער אלעקסאנדער מישעל, און הערען מארקוס פעליסער, דעם גרעסטען קינסטלער אין דעם פאך פון פאריזער ציערינג־פאבריקאציאָן. דיעזע הערען האָבען מיר געבראכט נאכריכטען אויס פאריז און וועלען אונז מאכען דיא פריידע מיט אונז צו שפייזען.

— מיינע הערען, איך בין העכסט ערפרייט צו מאכען אייער בעקאנטשאפט — האט דער גענעראל געזאָגט זיך ווענדענדיג צו דיא ביידע פריינדע מיט א געוויסער פייערליכקייט — איהר זעהט אין מיר א פריינד פון פראנצעזישען פאָלק; וועהרענד איך האב געגען זיי געקעמפפט אין דער קרים, האב איך זיי געלערנט צו ליעבען.

דאן האט ער יעדען פון זיי גיגעבען זיין האנד.

דיא ביידע פריינדע האָבען זיך ביים גענעראל ענטשולדיגט פיר זייערע רייזע־קליידער, האָבען זיך נאך א היבשע ווילע אונטערהאלטען, ביז דער דיענער האט אָנגעמעלדעט דאס עס איז געגרייט צום טיש. אלע דריי האָבען זיך בעגעבען אין דעם פיין אויסגעשטאטעטען שפייזע־זאאל.

ביי טיש האט זיך דאס געשפרעך געדרעהט אלץ ארום פאריז. מישעל האָט געשוויעגען, אבער מארקוס, וועלכער האט געהאט געלעזען פאריזער צייטונגען גאָר ניט לאנג צוריק אויף דער רייזע, האט געפלוידערט פון אלעם וואָס האָט פאסירט דיא לעצטע טעג אויף דיא פאריזער בולווארדס, פונקט וויא ער וואלט זיי מיט א טאָג צוריק געהאט פערלאָזען. ער האט דערציילט איינינע שפאסהאפטע אנעקדאָטען מיט אזוי פיעל וויטץ, דאס דער גענעראל האָט זיך געהאלטען ביי דיא זייטען פון לאכען, און אזוי וויא ער האט אליין אויך גערן געמאכט א גלייכוווערטיל, האט ער געפונען אין מארקוס א יונגען מאן נאך זיין געשמאק, און צו ענדע פון אבענדעסען זיינען זיי שוין געוועזען דיא בעסטע פריינדע פון דער וועלט.

— אָ, איך האָב פּאַריז זעהר ליעב — האט דער גענעראַל עטליכע מאָל ווידער־האָלט — אָבער — —

אַזוי וויא ער האט ווייטער ניט גערעדט און האט נור שמייכלענדיג צוגעפּינטעלט מיט דיא אויגען, האט מאַרקוס געפרעגט:

— נו, הערר גענעראַל, וואס בעדייטעט דאס „אָבער“?

— אָ, גאָר נישט! איך נעהם מיין „אָבער“ צוריק, ווייל איך וויל אייך ניט וועה טהאָן.

— איהר מעגט אַלעס זאָגען, הערר גענעראַל! וואהרהייטען פון אייער מונד קענען ניט וועה טהאָן.

— נו גוט, איך האָב ליעב פּאַריז וויא דיא פּאַריזער, אָבער איך געפין אַז דיא פּאַריזער זיינען וויא זאָל איך דאָס זאָגען — אַ ביסעלע נאַרעש!

— נאַרעש? אין וועלכער הינזיכט?

— אהא, איהר בעליידיגט זיך?

— אָ ניין, אבער איך וואָלט אייך דאַנקבאַר געוועזען ווען איהר זאָלט מיר געבען דיא גרינדע, ווארום איהר האט אַזאַ אַנזיכט איבער אונז.

— דאָס זאָלט איהר וויסען! איך האָב דיא ערפאַהרונג געמאַכט, דאָס קיין שטאָדט אין דער וועלט איז ניט אַזאַ גוטער פּלאַטץ פיר אַלערליי שווינדלער און שאַר־לאַטאַנעס וויא פּאַריז. אין קיין לאַנד קען אַ שווינדלער ניט אַזוי שנעל איינדרינגען אין דיא פיינע געזעלשאַפט דורך אַלערליי ליגען, וויא ביי אייך. און דעריבער זאָג איך אַז איהר זייט אַ ביסעלע נאַאיוו, און גלויבט צו פיעל.

— מאַרקוס האט געשוויעגען, האט אָבער צוגעוואָרפען מישעל אַ פיעל זאָגענ־דען בליק, וויא איינער וואָס זאָגט: „דאָ איז ער אויפ'ן וועג, האַלט נאָז און אויערן“.

דער גענעראַל האט פאָרטגעזעצט:

איצטער, צום ביישפּיעל, האַלטען זיך אויף אין פּאַריז צווי פּערזאָנען פון יענע זאָרטע, וועלכע זיינען צו מיין גרעסטען בעדויערן מיר אַמאָהל נאָהענט געוועזען. איך וואָלט איך וויים ניט וואס געגעבען זיי אַרונטערצורייסען דיא פאַלשע מאַסקעס, ליידער קען איך דאָס נאָך ניט טהאָן וועגען געוויסע פאַמיליענדריקזיכטע; אבער וויא אַזוי דיא פראַנצויזען לאָזען זיך פון אַזעלכע לייטע איינריידען אַלערליי זאַכען פון געוועזענע גרויסקייט, רייכקייט און דאס גלייכען, איז מיר ווירקליך אונבעגרייפליך.

דיא ביידע פריינדע האבען ווידער געוועכסעלט אַ בליק, און מישעל האט געזאָגט:

— ווען איהר פיליכט אַזוי פריינליך זיין, הערר גענעראַל, אַרונטערצורייסע

די מאסקען פון דיזע פערזאָנען מינדעסטענס פאר אונזערע אויגען? איהר וואָלט אונז פיליכט דערמיט א גרויסען געפאלען ערוויעזען.

— אבער ווען איהר זייט מיט יענע לייטע צופעליג בעקאנט? זעהט איהר, אין דעם שטעקט די געפאהר צו זאָגען די פאריזער די וואַרהייט. מען גלויבט און מען פערטרויט ביי אייך בלינדערהייד יעדען איינציגען וועלכער וויים זיך נאָר צו געבען דעם אנשיין פון פאָרנעהמהייט. די גאנצע וועלט הערט איהם ניט אויף צו לויבען, און די צייטונגען ווערין ניט מיעד איבער זיי צו שרייבען און צו מאַכען פון זיי וועזען. ערשט היינט פריה האב איך וויעדער געלעזען אין א פאריזער צייטונג א בעריכט פון דער הויכער אריסטאָקראַטיע, וועלכע בעזוכט דעם בוא־דע־בולאָן טעגליך, און דארונ־טער אויך פון א געוויסער גרעפין ברעסטאָווסקי — אה, זעהט איהר, מיין הערר, דאָס פערדריעסט אייך שוין! פיליכט געהערט איהר צו איהרע פריינד?

— אָ ניין! האט מישעל געענטפערט האסטיג.

— דאַן האבען אייך דאָך מיינע וואָרטע ניט בעליידיגט?

— געוויס ניט! וויא קענען זיי מיך בעליידיגען?

— וואָס מיך בעטרעפט — האט מארקוס געזאָגט — וואָלט איך מיך נאָך גע־פרייט צו וויסען אז זיא איז א שווינדלערין.

— דאס איז זיא אויך! — האט דער גענעראַל אויסגערופען — און דערצו נאָך איינע פון דיא געפעהרליכסטע. פון וואַנען נעהמט זיא אזוי פיעל געלד און רייכטהום ווען ניט דורך שווינדעל? דאס קליינע גוט וואס זיא האט פערקויפט נאכדעם וויא איהר מאן איז געשטאָרבען האט קוים געקענט אויסרייכען פיר זיא אויף איינינע מאָ־נאטע. דיא צייטונגען שרייבען אז זיא איז אַ מיליאָנערין — וואו האט זיא דאס גענר־מען ווען ניט ערשווינדעלט? און איהר ווירדיגער ברודער, דער גראַלד ווערעניו, ווע־מען איך האב דערטאפּט אויף מיינע גיטער גנב׳נענדיג און האב איהם אליין איבער־גיגעבען דער פאָליציי — ער שפיעלט אויך ניט קיין קליינע ראָלע אלס „פירסט ווע־רעניו“. אָ דאס איז אַ זויבערעס פאָר, וועלכעס איך האב צו מיין שמערץ אליין אויס־געהאָדעוועט, און וועלכעס האט מיר גערויבט דאס לעבען פון א ליעבענסווירדיגע טהייערע טאָכטער, און ווילען דאס נאָך אויך טהאָן מיט איהר קינד! זיי האָבען זיך אויך געפונען א דריטען פערבינדעטען וויא עס פאסט זיך פאר זיי, און דיעזער איז א געוועזענער לייב־אייגענער און קאמערדיענער פון מיר, ביים נאמען פוכארין, א פער־דאָרבענער ניעדערטרעכטיגער קערל וויא דיאביידע, מיט וועמען ער שטעהט אין בונד, און ווער וויים וויא פיעל נאָך פערברעכען זיי האָבען פון דאמאלס אָן בע־גאנגען.

ליזעטע, מישעל און מארקוס, וועלכע האָבען צוגעהערט אין העכסטער שפּאַנונג די ערצעהלונג פון אלטען גענעראל, האָבען זיך ביי זיינע לעצטע ווערטער נאך אמאָהל איבערגעקוקט.

און דער גענעראל האט נאך אמאָהל איבערדערציילט די לעבענסגעשיכטע פון אָלגא און געראלד ווערעניו, וועלכע איז בעקאַנט דעם לעזער, און וועלכע איז אויך בעקאַנט געווען צו מישעל און מאַרקוס, דורך באַרסקי, אלס דער גענעראל האט בעריהרט אין דערציילען זיין קאמעראַדיענע פּוכאַרין, האט ליזעטע געפרעגט:

— וויא זעהט ער אויס, דער פּוכאַרין, גענעראל?

— ער איז אַ שטאַרקער קערל, מיט ברייטע פּלייצעס פון מיטעלן וואוכס און — —

— ער איז דאָ היינט ביי מיר געווען — האט ליזעטע איהם אונטערבראָכען.

— ווער? דיזער שופט?

— יא, און אלס שליח פון ווערעניו.

— אונמעגליך!

דא האט ליזעטע דערציילט דעם צוועק פון זיין בעזוך אזוי וויא די געשיכטע מיט דעם האלדזבאנד איז שוין דעם גענעראל פריהער בעקאַנט געווען.

— אה, וויא גערן וואָלט איך דעם שורקע טראַקטירט מיט אַ הונדפּייטשע ווען איך זאָל ניט מורא האָבען אַז דאס קען שאַדען דעם אונגליקליכען קינד פון מיין טאָכטער, וועלכעס געפינט זיך ליידער אין זייער געוואַלט. אבער איך האָף אַז עס קומט נאָך אַ טאָג דארויף אויך. ערשט היינט האָב איך ערהאַלטען אַ דעפּעשע אויס פּאַריז אַז מיין קינד וועט אין איניגע טעג געפונען ווערען. מיינע לייטע דאָרט האָבען זיין ריכטיגע שפּור; דאן וועל איך מיך מיט זיי אָפּרעכענען.

דער גענעראַל האט זיך אזוי געלאָזען הינרייסען פון זיינע רייד, דאס ער האָט עטליכע מאָל געקלאַפּט מיט'ן פויסט אין טיש, ווערענד מארקוס האָט איהם אלץ בייגעשטימט און צוגעגעבען ווארמקייט, כדי ער זאָל מעהר דערציילען.

אלס עס האָט געשלאָגען האַלבע נאַכט האָט דער גענעראַל אָפּגעבראָכען זיין רעדע, ווערענד ער האט שמייכלענדיג געזאָגט צו מאַרקוס:

— אלע שאַטענזייטען פון פּאַריז הינדערן מיך אבער דאך ניט די שטאָדט און דאס פּאָלק צו ליעבען, און דיזע פערזיכערונג מעגט איהר אָננעהמען, מיינע פריינדע.

נאָך אַ פריינדליכען אבשיעד פון גענעראַל וויא פון ליזעטע האָבען האָבען די

ביידע פריינדע צוריקגעקעהרט אין זייער האָטעל, וואו מאדאם מישעל און דער טוייער ווערן האָבען זיי מיט פיעבערהאפטער אונגעדולד ערוואַרטעט.

קיינער פון דיעזע פיער עהרליכע לייטע האָבען ניט מעהר געדאכט פון דיא אנשטרענגונגען פון דער גרויסער רייזע וואס זיי האָבען דורכגעמאכט, אָבגלייך זייער לעבען איז פיעל מאהל געווען אין געפאהר דאדורך, און האָבען נור געטראכט פון דער צוקונפט.

— — — — — — — — — —

אלס מאדאם מישעל האט אומארעמט איהר זאָהן אויפ׳ן שיף „קאַנינינג“, האט זיא פערגעסען אלע צרות און אלע אריבערגעטראָגענע קריינקונג, וועלכע זיא האט וועגען איהם אויסגעשטאנען. זיא האט זיך געפיהלט אזוי מונטער און אזוי קרעפטיג, דאס דעם גאנצען וועג פון נומעא ביז סידניי האט זיא אויפ׳ן שיף געארבייטעט אלס הייצערין, האט אונטערגעהאלטען דאס פייער אונטערן קעסעל, און האט ניט אויפגעהערט אין דיא זעלבינע צייט צו דיענען אלס הויזהעלטערין און צו בערייטען מאהלצייטען פיר דיא קליינע מאנשאפט פון שיף.

דיא רייזע ביז סידניי איז איבערינענס געגאנגען אזוי שנעל און גליקלין, וויא מען האט קוים געקענט ערוואַרטען, און דערפאר האט געקומט א דאנק מישעל און מאַרקוס, וועלכע האָבען איצטער אנגעווענדעט זייער קענטניסע וועלכע זיי האָבען זיך ערוואָרבען אויף דעם שיף „לא מוזשיסאנט“.

ביי זייער אנקונפט אין סידניי האָבען זיי דאס שיף אנפערטרויט איינעם מאַטראָזען, וועלכער איז מיט דעם קאפיטאן פון שיף געווען בעקאנט, און האָבען איהם אויך זעהר פיין דערפאר בעלאָהנט. אלע פינף האָבען אין דער נאכט פארלאָזען דעם „קאַנינינג“, און האָבען זיך איינקוואַטירט אין איין אָפגעלעגענעם האָטעל פון דער שטאָדט.

מישעל, מאַרקוס, באַרסקי און אויך ווערן האָבען גאנץ פיין גערעדט ענגליש, און עס האט דעריבער קיינעם ניט געקענט איינפאלען, דאס אונטער דיעזער פיינער געזעלשאפט געפינען זיך צוויי אנטלאָפענע שטרעפלינגע פון נומעא. נאך וועלכע עס איז פיעל געפאָרשט געוואָרען. אלס דיא „מוזשיסאנט“ האט פארלאָזען סידניי אום צוריקצוקעהרען נאך נומעא, האָבען באַרסקי און ווערן אפגענומען דאס געלד וואס זיי האָבען געהאט דעפאָנירט ביין באנקיער פיר דען קאפיטאן, איבערלאזענדיג פופציג טויזענד פראַנק פיר דען לעצטערן, און זיינען פון דאָרטען אפגעפאָהרען נאך מעלבורן. דאָרט האָבען זיי בעשטיעגען א שיף וועלכעס איז געגאנגען נאך אדען, האָבען אבער דאס שיף פארלאָזען אין זועץ, אום צו געהן מיט דעם לאַנד דורך פאַלעסטינא און

דיא אזיאטישע טירקיי ביז נאך טיפליס. באַרסקי דאגעגען איז געגאנגען מיט דעם שיף ווייטער ביז האוור, און איז צוריקגעקעהרט נאך פּאַריז. פון טיפליס אויס איז דיא איבעריגע געזעלשאפט געפאהרען דירעקט נאך סט. פּעטערסבורג, אין דער האָפנונג אז דאָרטען וועלען זיי געפינען וועלכע אנהאַלטס־פּונקטען, וועלכע בעווייזע פיר זייער אונשולד.

מאדאם מישעל און ווערן האָבען געדן אריבערגעטראָגען דיא שוועריגקייטען פון דער רייזע און אלע אנשטרענגונגען, דען זיי האָבען אייגגעזעהן מיט דער בעפרייאונג פון דיא ביידע יונגע מענער פון זייער געפאנגענשאפט האָבען זיי נאך ערשט א האַלבע אויפגאבע דורכגעפיהרט, און זיי מוזען נאך אויך דיא עהרע פון דיא ביידע אונשולדיג־פעראורטהיילטע אין גאנצען הערשטעלען אום זיי אין גאנצען צו רעטען.

שוין פון סידניי אויס האט מארקוס געוואָלט שרייבען אן זיינע ליזע, אבער ווערן האט איהם דערפון אפּגעהאַלטען, אינדעם ער האט צו איהם געזאָגט:

— ניין, שיקט קיין בריעף ניט אָפּ פון דאַנען. מיר מוזען אונזער פּלאַן אין גאנצען דורכפיהרען אזוי, אז קיינער זאָל דערפון קיינע אַהנונג האָבען, און קיינער זאָל ניט וויסען וואו איהר אָדער מישעל געפינען זיך. וויא לייכט קען א בריעף אריינפאַלען אין פרעמדע הענד, און ווער וויים אויב ליזע וועדט ניט איבערוואכט פון דער פּאָליציי. איך וועל איהר אבשיקען א קורצע דעפּעשע אום זיא צו בערוהיגען, אלעס איבעריגע זאָל זיא ערפאהרען נור דאן ווען מיר וועלען קומען אין פּאַריז מיט דיא בעווייזע פון אונשולד אין האנד.

נאך דיא ערשטע צוויי טעג פון זייער אויפענטהאַלט אין סט. פּעטערסבורג זיינען דיא פריינדע געקומען צו דער איבערצייגונג דאס זיי זיינען אויף דער ריכטיגער שפּור, און דאָ וועלען זיי געפינען דיא נייטיגע בעווייזע.

— נאך מיין מיינונג איז אונזער ארבייט אין סט. פּעטערסבורג געטהאָן — האט מישעל געזאגט צו זיינע פריינדע אויפ'ן צווייטען טאג — און מיר דארפען זיך בערייטען צו דער רייזע. דיעזער פּושקאָוו וואוינט וויא עס שיינט ניט דאָ אין שטאָדט און וועט וואהרשיינליך באַלד אוועקפאָהרען פון דאַנען, אזוי גיך וויא ער וועט האָבען אבגעליעפערט דעם האלדזבאנד ליזעטע ראנדאָן. מיר דארפען אָבער ניט פערליערען זיינע שפּור, און מוזען איהם נאכרייזען.

וועהרענד מאדאם מישעל און ווערן האָבען זיך צוגעגרייט צו דער רייזע זיינען דיא ביידע יונגע מענער ווידער אריבערגעפאָהרען צו ליזעטע ראנדאָן. וועהרענד מארקוס איז ארויפגיגאנגען צו דער טענצערין, איז מישעל געבליעבען שטעהן וואכע

ביי דער טהיר פון דעם ציערונג מאגאזין, וואו פושקאָוו האט געוואָלט קומען נאך דעם האלדזובאנד.

פושקאָוו איז געקומען פינקטליך צו דער צייט וואס ער האט בעשטימט. ער איז צוגעפאָהרען צום מאגאזין אויף א דראָשקע, וועלכע איז געוועזן בעפּאקט מיט א האנד־מאשע און מיט א רייזע־קאָפער. ער איז אראָפּ פון דער דראָשקע און איז אריין אין מאגאזין, האט אפּגענומען דעם האלדזובאנד און איז געפאָהרען דערמיט צו דיא טענ־צערין. דער דיענער וועלכער האט איהם שוין ערווארטעט, האט איהם עמפּפאנגען און האט איהם גלייך אריינגעפיהרט אין בודואר, וואו פושקאָוו האט זיך בעקוועם אריינגעזעצט אין א וויכען שטוהל, שמייכלענדיג פאר זיך מיט פערגעניגען איבער זיין קלוגען איינפאל.

אלס ליזעטע איז אריינגעקומען אין בודואר האט זיא געמאכט א מיענע פון פערוואונדערונג, פונקט וויא דער שליח פון געראלד ווערנין איז איהר געקומען גאנץ אונערווארטעט.

— איהר האט מיך היינט נאָך ניט ערווארטעט, מיין פריילין? — האט פּוש־קאָוו געפרעגט מיט א ברייטען שמייכעל.

— נאטירליך ניט! האט איהר שוין אזוי שנעל איינע אנטוואָרט פון אייער הערר? — האט זיא געפרעגט מיט א בייזען שמייכעל.

— יא, מיין פריילין! מיין געביעטער האט מיר געשיקט א טעלעגראמע אין וועלכער ער גיט מיר דעם אויפטראג אייך דיא גאנצע וואהרהייט צו זאגען.

— דיא בין איך נייגיעריג צו ערפאהרען.

— ערלויבט מיר, אלזא, אייך פון אנפאנג אן אלעס מיטצוטהיילען: דער פירסט ווערנין, וועלכער ליעבט און פערעהרט אייך זעהר אויפריכטיג האט אין אנפאנג גע־וואלט דורכאויס בעהאלטען אייער האלדזובאנד פיר זיך צום אנדענקען. אלס ער האט אייער בריעף ערהאלטען האט ער מיר צוגעשיקט דאס האלדזובאנד, און האט מיר גע־שריעבען: בעמיהע דיך פריילין ראנדאָן פערזענליך צו זעהן און מיט איהר צו ריידען. פערלאנגט זיא דורכאויס דאס האלדזובאנד צוריק, גיעב עס איהר אוועק; איך וואלט עס אבער זעהר וועלען בעהאלטען פיר זיך ווען זיא זאָל נאר איינשטימען אנצונעהמען זיין ווערטה אין געלד. אזוי וויא איהר, מיין פריילין, האט קיין געלד ניט געוואָלט אנ־נעהמען, האב איך עס טעלעגראפיש דעם פירסט מיטגעטהיילט, און ער האט מיר גלייך פער טעלעגראף געענטפערט, איך זאָל אייך דאס ציערונג־שטיק צוריקגעבען, און אייך איבערגעבען דעם פירסטענס איניגסטענס דאנק פיר דיא פריינדליכקייט וועלכע

איהר האט איהם ערוויעזען און אייך בעטען אום פערצייהונג דערפאר וואס האט זיך אזוי לאנג פארצויגען.

אזוי ריידענדיג האט פושקאָוו ארויסגענומען איין פיינעם לעדערנעם קעסטעלע און האט עס געעפענט. ער האט עס דערלאנגט ליזעטע וועלכע איז ניט ווייניג ערשטוינט געוועזען צו זעהן א פערלענהאלזבאנד, אזוי גלייך צו איהר אייגענעם וויא צוויי טראָפען וואסער.

— מיין פריילין, איך האָב דיא עהרע מיך צו עמפפעהלען — האט פושקאָוו געזאגט און האט זיך טיעף פארנייגט. דאן אָבער האט ער צוגעזעצט: „אח, איך האב גאָר פערגעסען! פיעלייכט וועט איהר אזוי גוט זיין מיר געבען א פּאָר ווערטער, דאס איהר האט עס פון מיר ערהאלטען?

— איך וועל עס אייער געביעטער צושיקען — האט ליזעטע געענטפערט גלייכגילטיג.

— גאנץ וויא אייך געפעלט, מיין פריילין.

פושקאָוו האט פארלאָזען דאס הויז מיט א שמייכעל פון זעלבסטצופריעדענהייט אויף זיין געזיכט.

אין דעם אויגענבליק האט זיך דיא טהיר פון בודואר געעפינט און מארקוס איז אריינגעקומען.

— זעה נור! — האט איהם ליזעטע גערופען אנטקעגען — איך וואלט קענען שווערן אז דאס איז ווירקליך זיין האלזבאנד.

— ווירקליך האט מארקוס געענטפערט גאנץ איבערראשט.

— איך ווייס ניט וואס איך זאָל דערפון דיינקען.

וועהרענד ליזעטע און מארקוס זיינען אזוי געשטאנען און בעטראכטעט דעם האלזבאנד, האט דער דיענער אריינגעלאָזען מישעל.

— ביסט דוא דען ניט נאכגיגאנגען דעם שורקע?

— דאס איז ניט געווען נייטיג, דען ער פערלאָזט סט. פעטערסבורג.

— פון וואנען ווייסט דוא דאס?

— ער האט נעהאט זיין געפעק אויף זיין דראָשקע און האט ביין איינשטייגען צוגערופען דעם קוטשער ער זאָל פאָהרען וואס שנעלער, ווייל ער האט מורא ער וועט פערזאמען דעם צוג נאך ריגא.

— ער פעררייזט אלזאָ נאך ריגא! דאס איז גוט צו וויסען! מיר וועלען אויך דאָרטען זיין גלייך מיט איהם.

— גלייך מיט איהם ניט, אבער מיט א האלבען טאָג שפּעטער.

מישעל האט דאן בעגריסט העפליך דיא טענצערין, מיט דער בעמערקונג:

— האט אייך וואס פאסירט, מיין פריילין? איהר זעהט אויס אזוי פערדריעס־ליך טראָטץ דעם וואס מען האט אייך געבראכט דיזעס שיינע האלדזבאנד.

— דעריבער בין איך אויך פערדריעסליך! — האט זיא געענטפערט.

— דער איבערברייגגער פון דיזען האלדזבאנד איז געוועזן, וויא מיר שיינט, זעהר צופריעדען ווען ער האט פערלאָזען דיזעס הויז, דען ער האט זיך געריבען דיא הענד פאר פערגעניגען.

— ער האט אויך געהאט אורזאכע צופריעדען צו זיין — האט מארקוס געזאגט מיט ערגער — זעה נאר אן דאס האלדזבאנד!

— איך האב עס געזעהן וויא ער האט עס אָפגענומען פון מאגאזין — האט מי־שעל געזאָגט.

— וויא קענען מיר דאס אָבער אין פאַריז בעווייזען אז דאס איז ניט ליזעטעס פריהעריגער האלדזבאנד? איך האב יענעם אליין געהאט, און איך וואלט שווערליך געקענט אונטערשיידען.

מארקוס איז אויפגערעגט ארומגעפלויגען איבערן צימער, וועהרענד מישעל האט גענומען דאס האלדזבאנד און האט עס גענוי בעטראכט.

— עס איז דאָך פאראנען איין אונטערשיעד צווישען דיא ביידע האלדזבענדער — האט מישעל ענדליך געזאָגט.

— וועלכער? — האט מארקוס האסטיג געפרעגט.

— יענער האלדזבאנד איז וויא דוא זאָגסט געמאכט געוואָרען אין פאַריז און האט דעריבער געטראָגען דעם פראנצעזישען גאָלד־שטעמפעל, וועהרענד דיזער האלד־באנד טראָגט דעם רוסישען גאָלדשטעמפעל.

— דאָנערוועטער! פון דעם האָב איך גאָר ניט געטראכט! — האט מארקוס אויסגערופען און האט זיך א פאטש געטהאָן מיטן האנד אין שטירן. דאן האט ער ארויסגעפלאצט מיט א געלעכטער פאר ליוטער פריידע. דיא טענצערין האט דאן אויך בעטראכטעט דעם שטעמפעל און האט געזאָגט:

— איך וועל גלייך טעלעגראפירען מיין מוטער אנצושטרענגען געגען איהם א קלאַגע פיר בעטרוג.

— ניין, מיין פריילין — האט מישעל געבעטען — איבערלאסט דאס צו אונז. און מיר קענען אייך פערזיכערן, אז מיר וועלען איהם און זיינע מיטשולדיגע ניט פערשוינען.

— איידער דיא ביידע פריינדע האָבען גענומען אבשיעד פון ליזעטע, האט

מישעל דיקטירט דער יונגער דאמע א שריפטליכע ערקלערונג פון אלעם וואס איז פארגעפאלען. דיעזע שריפט האט מישעל גענומען צו זיך. אויך דאס האלדזבאנד האט זיי ליזעטע מיטגעגעבען, און איז געוועזען העכסט ערפרייט איבער דעם צופאל, בעהילפ־ליך צו זיין איהרע לאנדסלייטע אין נויט.

אלס מארקוס האט געקיסט ליזעטעס האנד צום אבשיעד, האט ער צו איהר געזאגט:

— גרים אין אונזער נאמען גענעראל מארושקין, און זאג איהם דאס ניט אלע פאריזער זיינען אזוי נארעש וויא ער מיינט. יעצט צוריק נאך אונזער היים, מיט א קורצע רוהע צייט אין רינא! אדיע!

2טעס קאפיטעל.

## דער העכט בייסט איין.

אויפ'ן צווייטען טאג, שוין געגען אבענד, זיינען אונזערע פיער רייזענדע אנגע־קומען אין רינא, וואו זיי האבען אריינגעצויגען אין א האטעל ניט ווייט פון באהנהויף. נאך אבענדעסען איז מאדאם מישעל געגאנגען צו בעט, אזוי וויא זיא איז געוועזען צו ערמידעט פון דער רייזע, וועהרענד דיא דריי מענער האבען גאנץ שטיל פארלאזען דאס האטעל, און האבען זיך געלאזט געהן דורך דיא שמאלע ענגע ריגער גאסען צום האפען.

— וועלען מיר זיך ניט ערקונדיגען ביי וועמען עס איז אויב מיר געהען ריכטיג?

— האט ווערן געפרעגט.

— ניין, — האט מישעל געענטפערט — דורך דעם קענען מיר נאך ציהען אויף זיך דיא אויפמערקזאמקייט פון וועמען עס איז. איך געדיינק נאך דעם וועג פון מיין ערשטען מאהל זיין אין רינא, און עס שטעהט מיר נאך פאר מיינע אויגען דער גרויסער שילד „מאטוויי פושקאוו" איבער דעם גרויסען האלץ־לאגער. איהם אליין האב איך דאמאלס געטראפען שטעהענדיג אין טהיר מיט א ציגארעטע אין מויל. זיין אויסזעהן און זיין בענעהמען האבען דאן אין מיר געהאט דערוועקט מיסטרויען; איך האב אויף קיין פאל געקענט בעגרייפען וויא אזוי הערר ערמאנד הייסט מיר אנפערטרויען אזא טהייערן פארראטה פון האלץ צו א מאן, פון וועלכען איך האב פריהער קיינמאהל ניט געהערט. — נאך מעהר בין איך ערשטוינט געווען צו ערהאלטען דעם בעפעהל פון פאריז צו פאהרען גלייך וויטער אין לאנד און צו פארלאזען רינא אזוי שנעל וויא איך האב דא אפגעליעפערט דאס האלץ. — דערצו קומט נאך א וואונדער, דאס הערר ערמאנד וואס פלעגט זיך קיינמאהל ניט קימערן וועגען דאס געשעפט ניט א האר,

האט אליין בעזאָרגט דיא אויפזיכט איבער דיא אפּלאַדונג פון דעם האָלץ אין סאינט דעני, און האט אפילו זיך ניט בעראַטהען מיט אייך, פריינד ווערן.

— דאס איז וואהר — האט ווערן בעשטעטיגט — ער האט ניט געוואָלט לייי־דען איך זאָל אריינגעהן אין הויף וואו דאס האָלץ איז געלעגען ביז וואנען אלעס איז געווען אויפגעשפּייכערט אין שטאָסען. אבער וואס ווילסט דוא דערמיט זאגען?

— דאס זאָלסט דוא ערפאהרען שפּעטער, אזוי שנעל וויא איך וועל מיך נור איבערצייגען וואס עס ליעגט איצטער אויפ׳ן לאנגער פּלאַטץ פון מאַטוויי פּושקין.

נאך א שפּאַציערגאנג פון א האלבע שטונדע זיינען דיא דריי מענער אנגעקר מען צו א הויכען צוים, וואו מישעל איז געבליעבען אויף א ווײלע שטעהן מיט דער בעמערקונג:

— דאָ מוז עס זיין! ווארט אויף מיך א ווײלע.

מיטן פּארקאַ איז מישעל ארומגעגאנגען דעם פּלאַטץ ביז צו דער וואוינונג פון פּושקאָוו און אלס ער האט זיך איבערצייגט אז ער האט קיין טעות ניט, האט ער זיך אומגעקעהרט צוריק צו זיינע פריינדע:

— דוא מארקוס בלייב דאָ אלס זיכערהייטס־וואכע, און ווערן מיט מיר וועלען בעזעהן וואס דאָרטען ליעגט אויפ׳ן פּלאַטץ.

ער האט זיך שנעל אריבערגעהאָפּט איבערן פּארקאן און איז געווען גלייך אייפ׳ גרויסען הויף וואו דאס האָלץ איז געלעגען אין ריעזיגע שטאָסען. ווערן האט געטהאָן דאסזעלבע. פריהער זיינען זיי שטיל צוגעגאנגען צום הויז אום צו זעהן אויב מען זעהט זיי ניט פון דאָרטען. קוים אבער האָבען זיי זיך איבערצייגט אז אלעס איז רוהיג, זייי נען זיי אריינגינגאנגען אין דיא גאסען וועלכע ווערען געבילדעט דורך דיא גרויסע האָלץ־שטאָסען.

מישעל האט גענוי בעזעהן איינעם פון דיא האָלץ־שטאָסען און האט צו ווער געזאָגט:

— אזוי איז עס וויא איך האָב געטראַכט!

— וואס מיינסט דוא? — האט ווערן געפרעגט — ווילסט דוא מיר ענדליך זאָגען?

— יא, אלטער פריינד, איצטער אז איך בין איבערצייגט קען איך דערפון רייי־דען. מיר וואָלט זעהר פּיינליך געווען צו בעשולדיגען נינא׳ס פאטער, איידער איך האב דיא בעווייזע דערצו. איך האף נאך איצטער אז דיעזער טייפלישער פּלאַן איז ערפונדען ניט פון איהם, נאר פון אנדערע.

— וועלכער פּלאַן?

— ווייסט דוא נים אז איך האב איינגעקויפט פיר מעהר אלס דריי מיליאן תאַלער?

— געוויס! דאס האַלץ וואס האט אַפּגעברענט אין סאינט דעני!

ניין, דאס האַלץ וואס איך האב איינגעקויפט האט נים אַפּגעברענט, דאס ליעגט דאָ.

— איז דאס מעגליך?

— קענסט זיך אליין איבערציינגען. איך האב אליין מיט מיין האנד דאס האַלץ געצייכענט, זעהסט דוא נים דעם בוכשטאב „נ" אויף דיא שטאָסען, אין הויך פון א מאַנן?

— דוא האָסט דאמאלס געטראכט פון נינאַ?

— יא! אזוי שנעל וויא מען האט א שטאָס צוזאמען געלייגט האב איך עס אזוי געצייכענט.

ווערן האט אנגעצונדען א צינד־העלצעל און האט בעטראכט דאס צייכען.

— פארלעש דאס פייער, מיר דארפען מעהר קיינע בעווייזע — האט מישעל געזאָגט — דער גאנצער פאָרראַטה פון האַלץ ליעגט דאָ אונפערענדערט, וויא איך האב אים מיט א יאָהר צוריק דאָ געלאָזען.

— פון וואנען אָבער זיינען געקומען יענע מאסען האַלץ וואס האט אפגעברענט אין סאינט־דעני?

— וואהרשיינליך אויך פון דאַנען — אבער וויא איך פארשטעה איצטער איז עס געוועזען א גאנץ ביליגעס ווערטלאָזעס האַלץ.

— טייפעל און העלע, איצטער בעגרייף איך אלעס! — האט ווערן אויסגערופען — מען האט אלזאָ פערזיכערט יענעס ניכטסנוטציגע האַלץ נאך דיא פאקטורען (רשימות) וואס דוא האסט צוגעשיקט אויף'ן פרייז פון דעם האַלץ וואס איז געבליעבען דאָ ליעגען, וועהרענד יענעס איז פילייכט קיין פינף פראָצענט ווערטה געוועזען. — אָ, דיא שורקען! דערווערגען וואָלט איך זיי!

מישעל האט געמוזט זיין אַלטען פריינד בערוהיגען, ער זאָל אין זיין אויפרעגונג נים מאכען צו פיעל לערם.

ביידע האבען דאן פארלאָזען דעם פּלאטץ און האָבען צוריק אריבערגעקלעטערט דעם פּארקאַן, צוריק נאך דער שטראסע, וואו זיי האָבען אנגעטראָפען מארקוס. דיזער האט דערווייל ארומגעקוקט פושקאָוו'ס הויז פון אַלע זייטען.

אלס מישעל האט איהם אין קורצען מיטגעטהיילט זיינע ענטדעקונג, האט מאר־קוס אין זיין אויפרעגונג אויסגערופען:

— ווארום זאָלען מיר דעם שורקע ניט גלייך פארברענען אין זיין הויז?!

— ניין, מיין פריינד! לאָז איהם שלאפען! מאָרגען אבער זאָל ער מיט אונז געהן נאך פאריז.

— — — — — — — — — —

און פושקאָוו איז זיך דערוויילע געשלאָפען, און אזוי זאנפט פונקט וויא זיין געוויסען וואָלט געווען אין גאנצען ריין. ער האט פארן שלאף אויסגעטרונקען א פאָר גלעזער שנאפס מעהר אלס געוועהנליך פאר לויטער פריידע איבער דיא געשיקליכקייט מיט וועלכער ער האט ליזעטע ראנדאָן אָפגענארט. פארן איינשלאָפען האט ער נאך געטראכט, וויא אזוי ער וועט אין קורצען פארלאָזען דיעזען פלאטץ, וואו ער האט זיך שרעקליך געלאנגווייל̈ט, און וועט וואוינען אין פאריז, וואו ער וועט זיך אויסרוהען פון דעם אבענטייערליכען לעבען וואס ער האט געפיהרט ביז איצטער.

— אין פאריז וועל איך מיר לעבען א גוטען טאָג, וויא א רייכער קויפמאן וואס האט זיך צוריקגעצויגען פון זיינע געשעפטען — האט ער געזאָגט צו זיך אליין — אָבער איך וועל קיינמאָהל ניט צוריקגעהן נאך סט. פעטערסבורג, ווען עס זאָל מיר שטעהן צו פארדיענען א מיליאָן. — איך האב געסטערן געציטערט וויא א הונד איך זאָל דאָרטען ניט אנטרעפען גענעראל מארושקין אָדער אזוי איין אלטען בעקאנטען. איך האָב מיר אראָפּגענומען דעם באָרד און געענדערט מיין נאמען, נאָר דאס איז דאָך קיינע גרויסע זיכערהייט — אבער דער טענצערקע האב איך געשפיעלט א פיין שפיטצעל. איך פרעה מיך נאך איצטער אויף איהר פערוואונדערטעס געזיכט, אלס איך האב איהר אריינגעבראכט איהר האלדזבאנד. א טהייערער שפאס! וויא וועט גענ־ראלד לאכען ווען איך וועל איהם דאס מיטטהיילען!

מיט דעם געדאנקען איז דער שיינער חברה־מאן איינגעשלאָפען, און איז גאנץ שפעט אויפגעשטאנען אם אנדערן מאָרגען. ער האט גערופען מאטראָנע און האט גע־פרעגט:

— וויא שפעט איז עס?

— איינס אוהר מיטאָג, באָרין! איך האָב שוין פריהער אייך געוואָלט וועקען, האב אייך אָבער ניט געקענט דעררייסען.

— ווארום האָסט דוא מיך געוואָלט וועקען?

— וייל שוין צוויי מאָהל האט זיך איין הערר נאך אייך געפרעגט, איין ענג־לישער קויפמאן, וויא ער זאָגט, און ער וויל פון אייך אפקויפען דאס האלץ, מיין מאנן האט איהם דורכגעפיהרט דורך דאס לאגער און האט איהם שוין געצייגט דאס האָלץ.

— איין ענגלישער קויפמאַן?

— יאַ, ער האט געזאָגט דאס אין נאָך אַ פּאָר שטונדען קומט ער ווידער צוריק.

— גוט. איז דאס אלעס?

— ניין, בארין, עס איז אויך אנגעקומע אַ דעפּעשע פאר אייך.

— א דעפּעשע? גיעב עס אהער.

פּושקאָוו האט געעפענט דיא דעפּעשע, אָבער אזוי שנעל וויא ער האט זיא דורכגעלעזען, האט עס איהם אנגעהויבען צו דונקלען פאר דיא אויגען, און ער האט אויסגערופען:

— מאטראָנע! שנעל גיעב מיר אהער מיין שנאַפּס.

דיא דיענסטמויד האט איהם צוגעטראָגען אַ פלאַשע שנאַפּס, און נאכדעם וויא ער האט אראָפּגעשווינקט אַ פּאָר גלעזער, האט ער זיך געפיהלט קרעפטיג גענוג דיא דעפּעשע נאָך אמאָהל צו לעזען. דער אינהאלט איז געווען קורץ און דער פאָלגענדער:

— „פערקויף דעם פאַרראַטה אום יעדען פּרייז. פערליער קיין צייט. פערקויף און קום אהער. פערשיעדענע פערוויקלונגען זיינען איינגעטרעטען.

געראַלד".

— וואס זאָל דאס בעדייטען? — האט זיך פּושקאָוו געפרעגט נאכדעם וויא מאטראָנע איז ארויסגעגאַנגען — איך זאָל פאַרקויפען דיא פאַררעטהע פון דעם האָלץ אום יעדען פּרייז, און ערשט אין זיין לעצטען בריעף האט ער מיך אויפגעפאָדערט, איך זאָל נאָך ווארטען אייניגע וואָכען מיט דעם פערקויף? — און וואס קענען דאס זיין פאר פערוויקלונגען וועלכע זיינען דאָרטען איינגעטרעטען? זאָל איך ווידער דיא פערוויקלונגען גוט מאכען? — אזוי וויזט עס אויס, ווייל ער זאָגט „קום אהער!" עס פערשטעהט זיך, מיט דעם געלד פון דעם פערקויפטען האָלץ. דא קומט איצטער דער ענגלענדער צו דער ריכטיגער צייט. — וואהרשיינליך האט מיין העגר שילער ווידער אפּגעטהאָן עפּעס אַ שפּיטצעל. און איך האב שיין געמיינט אז אלעס געהט צו אין דער בעסטער אָרדנונג! נאַ! מיר וועלען שוין זעהן! פריהער מוז איך פריהשטיקען, דאס מונטערט איינעם אויף אם בעסטען.

ער האט זיך שנעל אויפגעהויבען און אנגעטהאָן, האט זיך געזעצט צום פריה־שטיק־טיש און האט געגעסען. אבער זיינע געדאנקען זיינען נאָך אימער געווען פאַר־נומען מיט דער דעפּעשע, און טראָטץ דעם רייכען פריהשטיק און דער פולער פלאַשע קאָניאַק האט ער זיך דאָך ניט געקענט בערוהיגען.

קוים איז ער צעהן מינוטען געזעסען ביין טיש, אלס מאטראָנע האט איהם דער־
לאנגט א וויזיטענקארטע, אויף וועלכער ער האט געלעזען פאָלגענדעס:

| Harry Cortening,<br>Firma: Cortening & Co., limited.<br>Glasgow· |
|---|

— דערזעלביגער הערר איז ווידער דאָ — האט דיא פרוי געמעלדעט.

פושקאָוו האט זיך אויפגעהויבען און איז געגאנגען אנטקעגען דעם הערן הערר
קאָרטענינג, א הויכגעוואכסענעם פיינעם מאנן מיט רויטלאכע האר און באקענ־
בארד. ער האט געטראגען א לייכטען העלען אנצוג און א זילבער־גרויען רונדען הוט.

— פארשטעהט איהר ענגליש? — האט דער פרעמדער געפרעגט ביים איינ־
טרעטען.

— ניין, מיין הערר, אבער פראנצעזיש, ווען אייך איז אנגענעהם.

— גוט, לאָמיר ריידען פראנצעזיש.

— דארף איך אייך בעטען נעהמען פלאטץ? — האט פושקאָוו געזאָגט איהם
צורוקענדיג א שטוהל — איך בעדויערע זעהר וואס איך האב אייך פריהער ניט גע־
קענט עמפפאנגען, און איך בעט אום ענטשולדיגונג.

— אָ, איהר דארפט זיך ניט ענטשולדיגען, וויא איך וויים זייט איהר ערשט
נעסטערן געקומען פון פעטערסבורג, און נאך אזא ווייטער רייזע מוז מען רוהען.

פושקאָוו איז א ביסל דערשראָקען געוואָרען, דען ער האט קיינעם ניט געדאכט
אז ער איז געווען אין פעטערסבורג.

— איהר וואונדערט זיך, וויא עס שיינט, דאס איך וויים פון אייער רייזע נאך
פעטערסבורג? — האט דער ענגלענדער בעמערקט — דאס איז זעהר איינפאך, איך
קום איצטער אוים פאריז, וואו איך האב געשפראָכען מיט דעם פירסט ווערגין.

— אה, איהר האט גערעדט מיט דעם פירסטען? וויא געהט עס איהם?

— זעהר גוט, און אזוי געהט עס אויך דעם הערן ערמאַנד.

— אזוי? — און דער פירסט האט אייך געזאָגט? — — —

— דאס איהר האט א רייזע נאך פעטערסבורג אונטערגענומען. — ערלויבט
מיר אָבער אייך אין אָרדנונג צו דערציילען אום וואס עס האנדעלט זיך. מיינע קאָמ־
פאניאָנס אין געשעפט און איך האבען בדעה צו מאכען גרויסע איינקויפע פון האָלץ,
און איך בין געפאָהרען נאך פאריז אום צו זעהן וואס מען קען דאָרטען קריגען צו
קויפען מאטעריאל. מיר איז איינגעפאלען דאס הערר ערמאַנד האט פיליכט וועלכען

פאָרראַטה פון האַלץ וואס ער קען ניט געברויכען אזוי וויא זיין פאַבריק האט אָפּגע־ברענט, און איך האב מיך צו איהם געווענדעט. איך האב ביי איהם געטראָפען דעם פירסט ווערענין, זיין געשעפטס־קאָמפּאַניאָן, וויא מען האט מיר געזאָגט, — פיללייכט אויך זיין קינפטיגער שוויעגערזאָהן, יויא מען האט מיר געזאָגט — ניט וואהר? — אָבער דאס זיינען פּערזענליכע זאכען וואס געהען מיך ניט אָן — קורץ: דיא ביידע הערען האָבען מיר מיטגעטהיילט דאס אין פּאַריז האָבען זיי קיין פאָרראַטה, אָבער אין רינא האָבען זיי א גרויסען האָלץ־לאַגער. — אויב איהר זאָלט אהין גלייך פאָהרען — האט מיר דער פירסט געזאָגט — קען זיין אז איהר וועט פיעלייכט מוזען א פּאָר טעג אין רינא צו ווארטען ביז הערר פּושקאָוו קומט צוריק פון פּעטערסבורג, וואוהין ער איז געפאָהרען מיט איין אויפטראַג פון מיר. — אויף דיעזע וויעזע האב איך גע־וואוסט דאס איהר זייט פּעררייזט נאך פּעטערסבורג.

דיעזע ערקלערונג איז געוועזען אזוי איינפאַך, אזוי נאַטירליך, או האט אזוי גוט געשטימט מיט דיא פאַקטען, דאס פּושקאָוו האט קיין אוינענבליק געצווייפעלט, אז הערר קאָרטנינג איז ווירקליך צו איהם געשיקט געוואָרען פון געראַלד ווערענין. — איצטער אלזאָ האט ער נאָר געדאַרפט זעהן ארויסצוציהען פון ענגלענדער א גוטען פּרייז. ער האט געפרעגט דעם ענגלענדער:

— ווילט איהר בעזעהן דאס האָלץ?

— ניין, דאס איז ניט מעהר נייטיג. אייער ווערכטער האט מיר שוין היינט גע־לאָזען זעהן דאס האָלץ, און איך וויים זעהר גוט דיא קוואליטעט און אויך וויא פיעל האָלץ איהר האט — און ווען מיר וועלען זיך איינינגען אין פּרייז קויף איך עס אין גאנצען.

— ווייסט איהר אז דער ווערטה בעטרעפט מעהרערע מיליאָנען?

— יא, איך וויים; דריי מיליאָנען אונגעפעהר.

— ניין, מיין הערר, דאס איז א טעות! דער ווערט פון דעם פאָרראַטה בע־טרעפט פיער מיליאָנען.

— אזוי? קענט איהר מיר געבען א ריכטיגע פאַקטורע (רשימה) פו דעם וואס איהר האט?

— געוויס! — האט פּושקאָוו געזאָגט, אלס ער האט זיך אויפגעהויבען און האט ארויסגענומען פון א שראַנק א פּערצייכניס פון דיא האָלץ־לאַדונג — דאָ איז א פּער־צייכניס פון דעם גאנצען פאָרראַטה.

— קענט איהר מיר געבען דער פון א קאָפּיע?

— זעהר גערן.

— גוט! ביז איהר פערפערטיגט מיר דיא קאפיע וועל איך מיר נאך אמאהל אלעס דורכ־יעבענען.

פושקאָוו האט גענומען א בלאט פאפיער אויף וועלכען זיין נאמען איז גערדוקט געוועז, און האט אויפגעשריעבען: „פערקויפט אים נאמען פון הערן ערמאנד" — און דאן האט ער קאפירט דיא פארדעטהע פון האלץ.

דער ענגלענדער האט דערוויילע בעשריעבען א גאנצעס בלאט פאפיער מיט ציפער, און עס האט אויסגעוויעזען אז ער מאכט ווער ווייס וועלכע חשבונות. אלס ער האט ענדליך אוועקגעלייגט דאס פאפיער האט ער געזאגט:

— איך בין פערטיג אפצוקויפען דעם גאנצען פאררעטה, וויא איהר האט איהם דא ליענענדיג, פיר דריי מיליאן און צוויי הונדערט טויזענד פראנק.

— א, מיין הערר, דאס איז אונמעגליך! — האט פושקאָוו אויסגערופען — הערר ערמאנד וועט קיינמאהל ניט צושטימען צו פערקויפען דאס האלץ פיר אזא פרייז.

עס האט זיך אנגעפאנגען א דינגען און האנדלען, דער ענגלענדער האט זיך געהאלטען שטייף, און פושקאָוו האט ענדליך נאכגעגעבען.

— אויב איהר זייט צופריעדען — האט הערר קארטנינג געזאגט, נאכדעם וויא דער האנדעל איז געוועזען געשלאסען — דאן רייזען מיר גלייך נאך פאריז, אום מיט הערן ערמאנד דיא זאכע אין גאנצען אפצושליעסען.

— דאס איז דאס בעסטע! — האט פושקאָוו צוגעשטימט.

— איך האב סיי וויא סיי ביי מיר ניט מעהר אלס הונדערט־טויזענד פראנק — האט דער ענגלענדער געזאגט, עפענענדיג זיין פארטפעל — מיינע איבעריגע געלדער האב איך אין פאריז, אין דער באנק דע פראנס, וואו איך קען אויך בעצאהלען דעם פרייז.

פושקאָוו איז גאנץ ענטציקט געוועזען פון דער לעצטער בעמערקונג און ער האט זיך ערקלערט בערייט גלייך צו רייזען נאך פאריז.

— און אזוי ניך וויא דער קויף איז געמאכט — האט דער ענגלענדער נאך צוגעזעצט — דאן קומען מיר אהער צוריק אום דאס האלץ צו פערלאדען.

— זאל זיין אזוי האט פושקאָוו צוגעשטימט. אין הארצען אבער האט ער זיך געטראכט: „דוא וועסט לאנגווארטען ביז איך קום אהער צוריק. דוא בעצאהל נאר, דאן הייגג זיך און טרינק זיך, איך בלייב אין פאריז."

— איהר וועט אזוי גוט זיין זיך מאכען רייזע־פערטיג — האט דער ענגלענדער געזאגט — איך פאהר דערווייל צו מיין האטעל צו נעהמען מיין געפעק און וועל אייך

דאז פון היער מיטנעהמען. מיר מוזען אנקומען פריה צום באהנהויף, אויב מיר װילען נאך געפינען א גוטען פלאטץ אין א שלאפוואגען.

הערדי קארטעניננ איז אוועקגעגאנגען, ווערהענד פושקאוו האט גלייך אוועקגע־שיקט צו גערעלד פאלגענדע דעפעשע:

„גינסטיגער אבשלוס אין אויסזיכט. איך רייזע נאך היינט מיט ענגלישען קויפער נאך פאריז. פושקאוו“.

צוויי שטונדען שפעטער איז געפאהרען פושקאוו, מיט א פלאש שנאפס אין דער טאשע, צוזאמען מיט הערר קארטעניננ צום באהנהויף, אום מיט דעם נעכסטען צוג צו מאכען דיא רייזע נאך פאריז. פושקאוו האט בעמערקט אז דיזער ענגלענדער איז ניט אזא קאלטער לעבער וויא דיא מייסטע פון זיינע לאנדסלייטע, און איז מונ־טער און בעוועגליך וויא א פראנצויז, אדער זאגאר וויא א פאריזער, נאר דיזע מונ־טערקייט האט פושקאוו געמיינט קומט געוויס דערפון וואס ער איז זעהר צופריעדען מיט דעם פארטהיילהאפטען איינקויף פון האלץ.

## 3טעס קאפיטעל.

# אין דער פאללע.

פון דעם טאג אן וואס דיא צייטונגען האבען געמעלדעט דאס אלעקסאנדער מישעל און מארקוס פעליסער זיינען אנטלאפען פון נײ־קאלעדאניען, האבען גערעלד ווערעניו און ערמאנד געלעבט אין שטענדיגען שרעק. אלס געשיקטע לעבעמענער און געשליפענע געזעלשאפטער האבען זיי נאטירליך פארשטאנען צו מאסקירען זייערע איננערליכע אונרוהע מיט געשפיעלטער גלייכגילטיגקייט, אום זייער קלוב־פריינדע זאל־לען דערפון קיין זאך ניט מערקען; קוים אבער זיינען געוועזען אליין האבען זיי זיך גע־וויעזען זעהר ניעדערגעשלאגען.

— וואלט עס ניט ראטהזאם געוועזען מיטצוטהיילען דיא נייעס אייער שוועסטער?

— האט הערר ערמאנד געפרעגט.

— ניין, היינט ניט; לאמיר בעסער זעהן צו שלאפען; מארגען וועלען מיר פיעל רוהיגער דערפון ריידען.

און ווירקליך האט גערעלד ווערעניו דיזע נאכט געשלאפען אזוי רוהיג וויא אימער צום גרעסטען ערשטוינען פון העררן ערמאנד, וועלכער האט נאטירליך ניט געקענט וויסען דאס זיין קאמפאניאן האט שוין וואס ערגערעס דורכגעלעבט.

אויף מארגען פריה זיינען ווערעניו און ערמאנד אריין צו דיא גרעפין ברעסטאו־

סקי, אנשטאט צו פאהרען נאך סאינט־דעני וויא געוועהנליך, און האָבען אויך מיטגע־
נומען איינינע מאָרגען־זשורנאלען וועלכע האָבען געבראכט דיעזע נייאינקייט.

גאנץ ערשטוינט איבער אזא פריהצייטיגען בעזוך, האט דיא גרעפין ברעס־
טאָווסקי אויסגערופען:

— וואס איז געשעהן?

— היער שוועסטערל, לעז!

אָלגא האט דורכגעלייענט דיא מיטטהיילונג וועגען מישעל'ס און מארקוסעס
אנטלויפען אין איינעם פון דיא זשורנאלען, און האט אויסגערופען:

— אַה, דאס איז דאָך גאָר ניט צו דיינקען — דאס איז דאָך אונמעגליך!

— ליעבע שוועסטער — האט געראַלד געענטפערט — איבער דעם פאקט קען
גאָר קיין ספק ניט זיין, מיר מוזען נאר זעהן וויא אזוי זיך דער געפאהר אנטקעגען צו
שטעלען. דאָ איז דאָך זעהר קלאָר דערקלערט געוואָרען פאר וואס זייער אנטלויפען איז
ביז היינט ניט בעקאנט געוואָרען, און וואס מען איז ענדליך דאָך ארויס מיט דער
נאכריכט בעוויזט, אז מען וויים ניט וואו דיא אנטלאָפענע געפינען זיך.

— וואהרשיינליך זיינען זיי דערטרונקען געוואָרען — האט דיא גרעפין געזאָגט
— אָ, וויא איך וואָלט מיך פרייען ווען איך זאָל ערפאהרען אז דיא הייפיש האָבען זיי
אויפגעפרעסען.

— שפּאס ניט, שוועסטערל, דיא זאכע מעג זיין ערנסטער, וויא דוא גלויבסט.
-- לאָמיר אננעהמען דעם פאַל אז אלעקסאנדער מישעל פאלט אריין אין רינא, וואס
איז זעהר מעגליך, און געפינט פוכארין אָדער פושקאָוו, און דאן וועט ער זיך נאך
קענען איבערציינגען, אז דאס האָלץ וואס ער האט איינגעקויפט געפינט זיך נאך דאָר־
טען אויף לאָגער, גאנץ אונפערענדערט. קען דאס ניט גלייך דערוועקען זיין חשד און
איהם ברייננען אויף דיא ריכטיגע שפור? — און זעהט מען דען ניט פון דעם בריעף
וואס זיי האָבען געשריעבען צו דיא בעאמטע נאך נומעא, דאס זיי זיינען בעמיהט צו
געפינען דיא ריכטיגע שולדיגע?

— דוא דערשרעקסט מיך, געראַלד!

— איך מיין דיך ניט צו דערשרעקען; איך מיין אָבער, אז מיר מוזען זיך אויף
יעדען פאַל פריהער פאָרבערייטען. דיא פערהעלטניסע קענען זיך צוזאמענגלייגען אויף
צווייערליי אופנים; אויב מישעל און מארקוס קומען ניט נאך פראנקרייך צוריק, ענט־
וועדער דערפאר וואס זיי זיינען אומגעקומען, אָדער זיי האָבען זיך בעזעצט אין אנאנ־
דער לאַנד, דאן ענדערט זיך ביי אונז גאָר ניט; זאָלען זיי אבער יא אהער קומען, דאן

האבען זיי געוויס בעוויזע פון זייער אונשולד, און דאן איז גלייכער מיר זאָלען פאר־לאָזען פאריז.

— פאריז פארלאָזען ? — האט ערמאָנד געשטאַמעלט אין שרעק.

— געוויס — האט גערדאלד בעשטעטיגט — אויב איהר דיינקט ניט אז קומען אין בעריהרונג מיט׳ן קרימינאל איז בעסער.

— איהר רעדט פון אזעלכע זאכען מיט אזא געלאסענהייט, דאס איך מוז שטוינען.

— אָ, איך געה נאָך ווייטער ; מיר קענען נאָך דערווייל מאכען א געשעפטיל וואס זאָל אונז איינברינגען דריי מיליאָן.

— וואס מיינט איהר ?

— איך מיין דיא דריי מיליאָן וואס איהר האט אויסצוצאהלען פאר דאס האָלץ וואס ליעגט אין רינגא, קענען מיר בעהאלטען פיר זיך. — איהר ווייסט דאָך ?

— נאטירליך וויים איך — האט ערמאָנד געענטפערט ניעדערגעשלאָגען.

— דאן וועלען אונז בלייבען דיא דריי מיליאָנען וואס מיר האָבען אין דער באנק דע פראנס, דריי מיליאָנען מינדעסטענס פאר דאס האָלץ וואס מיר וועלען פערקויפען, און דערצו האט נאָך מיין שוועסטער איהר פערמעגען. דיא אלע געלדער מוזען מיר גלייך מאכען באר, און איך טעלעגראפיר גלייך צו פושקאָוו ער זאָל דאס האָלץ פער־קויפען אום יעדען פרייז, זאָגלייך, און קומען אהער מיטן געלד. אויף דעם אופן וועלען מיר קענען אין פאל פון נעפאהר פארלאָזען פאריז, איבערלאָזענדיג נאטירליך דיא פאבריק מיט דעם גרונדשטיק פארן טייפעל. מיר וועלען זיך בעזעטצען ערגיץ־וואו וויים פון אייראָפא, וואו מיר וועלען זיך קענען אויסרוהען פון אונזערע שפעקולאציאָנען און פיהרען א לעבען אָהן זאָרגען. נאטירליך טהוען מיר דאס נור אין א נויטפאל ; דען ווען מיר זאָלען ניט געשטערט ווערן דורך דאס צוריקקעהרען פון דיאביידע דומקעפ, קענען מיר זיך רוהיג לעבען ווייטער, הויכגעאכטעט און פערעהרט פון דער פאריזער געזעל־שאפט. פאר אלעם אבער מוזען מיר ניגא׳ן ניט לאָזען מערקען אונזערע אונרוהע ; מיר־דארפען זיך אין געגענטהייל ווייזען העכסט ערפרייט דאריבער וואס מישעל האט זיך בעפרייט.

— איך פון מיין זייט האב איבערהויפט קיין חשק זיך צו בעגעגענען מיט מיין טאָכטער — האט הערר ערמאָנד געזאָגט.

— גוט ! דאן פאָהרט היינט אליין נאָך דער פאבריק אין סאינט־דעני — האט גערדאלד געזאָגט — איך בלייב דאָ אין פאריז אום צו האלטען אויגען און אויערן אפען.

הערר ערמאַנד האט גענומען אבשיעד פון אַלגא און געראלד, און האט פאַר־לאַזען דאס הויז גאנץ ניעדערגעשלאַגען און ענטמוטהיגט.

קוים זיינען דיעזע געבליעבען אליין, אלס אַלגא האט גענומען מאכען איהר ברר דער פאַרווירפע.

— דוא צושטערסט דיין גליק מיט דיינע אייגענע הענד! — האט זיא איהם גע־זאגט — ווען דוא וואָלסט געהאט מעהר פערשטאנד וואָלט שוין לאנג געוועזען איין ענד צווישען דיר מיט נינאַ, און דוא וואָלסט שוין געוועזען דער רעכטמעסיגער אייגענט־הימער פון איהר פערמעגען, און אזא שיינע מיידיל וויא נינאַ איז אויך ניט צו פער־אכטען. און איצט דארפסטו דוא ציטערן דאס אלעקסאנדער מישעל וועט ווערן דיין געגנער, דען אזוי שנעל וויא נינאַ דערוויסט זיך פון זיין אנטלויפען וועט זיא ווידער האָפען איהם צו האָבען.

— דאס איז ניט מיין שולד, שוועסטערל, זיא האט נאך גאר קיינמאָל ניט אויפ־געהערט צו דיינקען וועגען איהם.

— דאָס איז יא דיין שולד! ווען דוא וואָלסט זיך ניט נאכגעיאגט נאך דיינע ליעבשאפטען און דיא גריזעטקעס וואלסטו געקענט מעהר אויפמערקזאמקייט שיינקען נינאַ׳ן.

געראלד האט געוואלט וואס דארויף ענטפערן, אלס פלוצלונג האט ער זיך גע־טהאָן מיט דער פלאַכער האנד א קלאַפּ אין שטערן און האט אויסגערופען:

— איך עזעלקאָפּ וואס איך בין! איך האב דאָך גאָר פארגעסען!...

דערביי האט ער זיך א חאַפּ געטהאָן צו דער ברוסט־טאַשע פון זיין ראָק און האט ארויסגענומען א בריעף.

— וואס איז מיט דיר? — האט דיא גרעפין געפרעגט.

געראלד האט אומשטענדליך דערציילט זיין שוועסטער אַלעס וואס עס איז פאַר־געגאנגען מיט א טאָג פריהער צווישען איהם און ליזע מאַרענהיים, אין וועלכע ער איז ווירקליך פערליעבט, און דאס דיעזען בריעף האט ער מיט א קונץ אריינגעקראָגען אין דיא הענד, אום צו זעהן אין וועלכע פערהעלטניסע זיא שטעהט מיט דעם מארקיז ד׳אמבראַזיני.

— נו, זעהסט דוא וויא דיר ליעגט נור יענע גריזעטקע אין קאָפּ? וועסט נאָך פּילייכט געהן דועלירען צוליעב איהר?

— ניין, שוועסטערל, איך בין צו איהר געגאנגען ניט צוליעב מיין ליעבע. אלס איך בין געסטערן ארויס פון דער פאבריק איז מיר מייערמאַן געקומען ענטגעגען און האט מיר דערציילט פון א יונגער דאמע וועלכע פרעגט זיך שטארק נאך אויף זיי, און

וועלכע האט צוגעזאָגט צו קומען אין אבענד. איך בין געוועזען נייגיעריג צו וויסען ווער דיא דאַמע איז — פון דעסטוועגען. צו מיין ערשטוינען האב איך אויסגעפונען אז דאָס איז מיין פערעהרטע ליזע מאָרענהיים. איצטער זעהסטו שוין וויא נייטיג עס איז געוועזן צו זיין ביי איהר און צו וויסען מיט וועמען זיא שטעהט אין פערבינדונג? אלס איך האב בעמערקט דעם בריעף אויפ'ן טיש איז מיר אויפגעפאלען דער נאָמען, וועלכער קומט מיר פאָר זעהר בעקאנט, און איך האב בעשלאָסען דעם בריעף ארייצוקריגען אין מיינע הענד, וואס מיר איז אויך געלונגען.

— ד'אמבראָזיני? דאס איז דאָך יענער איטאליענישער שווינגעדיגער נאר, וואס איז מיר פאָרגעשטעלט געוואָרען אמאָהל, אין יענעם אבענד אויפ'ן באל!

— אָ יא, איך געדיינק, איך עראינער מיך! ער איז מיר דאן ניט געפעלען געוואָרען מיט זיין ארומקריעכען אומעדום, מיט זיין שמעקען, און מיט זיינע בלויע ברילען דורך וועלכע ער זעהט יעדערנס אויגען, און קיינער זעהט ניט זיינע. לאָמיר זעהן וואס האט ער צו טהאָן מיט דער שיינער ליזע.

אָלגא האט אנגעקלונגען און א דיענער איז ערשיענען.

- איך פערלאנג א טאסע מיט הייסע וואסער — האט זיא בעפאָהלען.

נאך איינינע מינוטען האט דערזעלביגער דיענער געבראכט דאס פערלאנגטע און האט פארלאָזען דאס צימער.

אָלגא האט גענומען דעם בריעף פון געראלדס האנד, האט איהם א ווילע געהאלטען איבערן דאמפף, און האט איהם לאנגזאם אויפגעעפענט.

קוים איז זיא מיט דיא אויגען אריבערגעפלויגען דעם אינהאלט פון בריעף, איז זיא געוואָרען טויט-בלאס און האט אנגעהויבען צו ציטערן וויא א פיש אם גאנצען קערפער.

— וואס איז צו טהאָן? — האט געראלד געפרעגט, נאכדעם וויא ער האט דורכגעלעזען דעם בריעף איבער דיא שולטער פון זיין שוועסטער.

— דער בריעף מוז פערניכטעט ווערען, און דיא מאַיערמאנס מוזען פון דאָרטען ארויסציעהען — האט אָלגא געענטפערט נאכדעם וויא זיא האט זיך איין וועניג בערוהיגט.

— דאס געהט ניט! — האט געראלד איינגעווענדעט — ווען ליזע מאָרענהיים וועט קיין אנטוואָרט ערהאלטען פון ד'אמבראָזיני וועט זיא פרעגען איהר דיענסט-מיידיל אויב זיא האט איהר בריעף ריכטיג אוועקגעשיקט; אדער פיעלייכט האט איהר דיא דיענסטמיידעל שוין דערציילט, און זיא וועט האָבען א פערראכט אז איך האב דעם בריעף ניט אוועקגעשיקט.

— דאס איז ריכטיג; דאן מוזען מיר דעם בריעף אוועקשיקען, אבער דאס קינד מוז גלייך צוגענומען ווערין פון דארטען. זאל עס געבראכט ווערן פון מיינעטוועגען אהער פיר א פאר שטונדען, ביז דיא מאיערמאנס וועלען וויעדער נעהמען אנאנדער וואוינונג אונטער אנאנדער נאמען. מען טאר קיינע מינוטע פערליערען. איך וועל דאס קינד לאזען האלטען אין מיין קאבינעט פיר א פאר שטונדען. גנעה שנעל, גע־ראלד, און זעה דאס צו בעזארגען, דען איך בין זעהר אונרוהיג. ו.אס מיך שרעקט מעהר פון אלץ איז, וואס איך ווייס ניט ווער דער ד׳אמבראזיני איז! ווען איינער געהט מיר מיט א פערשלאסענעם פאנציר און איך ווייס ניט מיט וועמען איך האב דא צו טהאן, דאס איז דיא געפעהרליכסטע זאך אין דער וועלט. איך צוברעך מיר דעם קאפ טראכטענדיג, וואס דער איטאליענער האט צו טהאן מיט דער געשיכטע?

— איך האב דיר אבער אימער געזאגט, אז דיא געשיכטע מיט דעם קינד וועט אונז ברייננגען אונגליק.

— איצטער איז ניט דיא צייט פיר פארווירפע, געה שנעל. דיזען בריעף קלעפ צו צוריק, און לאז איהם ארונטער אין בריעפקאסטען, אבער ניט פריהער וויא דער אינגעל וועט זיין אויפ׳ן וועג אהער. — יא, איצטער פאלט מיר איין אז דוא מוזט סיי־וויא־סיי זיין אין סאינט־דעני, דען לויט פוכארין׳ס דעפעשע קומט ער היינט מיט דעם ענגלענדער, און עס איז דורכאויס נייטיג דוא זאלסט אויך זיין ביין קויף.

— דוא האסט רעכט שוועסטער, איך געה! אויף וויעדערזעהן!

אזוי שנעל וויא גערואלד איז אוועקגעגאנגען האט זיך אלגא אנגעקליידעט. האט אנגענומען א פרייליכע מיענע, און מיט א צייטונג־בלאט אין האנד איז זיא געגאנגען נאך נינא׳ס צימער.

— זעהט נור וואס פאר א פרייליכע בשורה איך ברייננג אייך! — האט זיא גע־רופען. אלס נינא איז דורכגעפלויגען מיט דיא אויגען דיא נאכריכט, האט זיא אויפ־געציטערט פאר פריידע; באלד אבער האט זיא איהרע פריידע פארבארגען און האט זיך געמאכט בלומר׳שט גאנץ גלייכגילטיג, און האט געשפראכען פון אנדערע זאכען. נאר ווען אלגא האט פארלאזען איהר צימער, האט זיא נינא א ווארף געטאן מיט פיעבערהאפטע האסט אויף דיא צייטונג וואס אלגא האט איהר אריינגעבראכט, האט געלאכט און געוויינט, און האט פאר פריידע געקלאטשש מיט דיא העגד פונקט וויא א קינד. זיא האט זיך אפילו געוואונדערט וויא אזוי מישעל האט איהר קייןווארט געשריעבען נאכדעם וויא ער איז שוין דריי מאנאט פריי, אבער זיא האט געפונען איינע ענטשולדיגונג, דאס וואהרשיינליך טהוט ער עס אויס פארזיכטיגקייט.

צו מיטאג זיינען ערמאנד און ווערעניץ ביידע געקומען נאך הויזע, ביידע זיינען

געווען געשפאנט צו זעהן וויא נינא וועט זיך בענעהמען ביי דיעזער נייאינקייט. ביים מיטאג־עסען האט ווערנין ארויף געפיהרט דאס געשפרעך אויף דאס ענטלויפען פוןביידע געפאנגענע. אָלגא און געראלד האָבען געשפּראָכען דערפון גאנץ רוהיג, און אויך ערמאַנד, וועלכער האט שוין געהאט אפגענומען זיינע מיליאָנען פון באנק דע־פראנס און האט זיי געהאט אין באַנקנאָטען, האט זיך עטוואס געפיהלט ברוהיגטער.

נינא האט גאָר ניט גערעדט. זיא האט זיך געשטעלט פונקט וויא זיא הערט אויפמערקזאם וואס מען רעדט ביים טיש, אין אמת'ן אבער זיינען איהרע געדאנקען גע־וועזען ווייט־ווייט פון דאנען. נאר אלס איהר פאטער האט אנגעהויבען צו ריידען פון א גרויסע רייזע וועלכע ער וועט פילייכט אין קורצען אונטערנעהמען, האט זיא האסטיג געפרעגט:

— דוא ווילסט פערררייזען, פאטער?

— דאס איז נאך דערווייל ניט בעשטימט, אָבער אין דער צייט ביז אונזער פאבריק וועט ווידער אויפגעבויט ווערין קענען מיר אימער מאכען א וויטערע רייזע — נאך אמעריקא, צום ביישפּיעל - - וואו עס געפינען זיך פיעלע פאבריקען פון אונזער פאך וואס פערדיענען געזעהן צו ווערען.

— ווער וויים אויב איהר טרעפט זיך דאָרט ניט אן מיט אייער אמאָהליגען אינזשינער? — האט געראלד געזאָגט אין שפאס.

— דאס וואָלט מיר זעהר אנגענעהם זיין — האט ערמאַנד געענטפערט גאנץ רוהיג.

עס האט אויסגעזעהן דאס דיא דריי פערבינדעטע האָבען זיך פון זייער שרעק אין גאנצען ערהאָלט, זייט דעם זיי האָבען זיך געאייניגט וועגען דיא מיטעל פון פאָר־זיכטיגקייט וועלכע זיי מוזען געברויכען אין פאל פון געפאהר.

אבער אלס נינא איז ווידער אריין צו זיך אין צימער, האט ערמאַנד אויס־גערופען:

— וואס קען דאס בעדייטען וואס פושקאָוו איז נאך ניטאָ? ווען האט ער איי־גענטליך געזאָלט קומען?

— איך קען עס גאָר ניט בעגרייפען — האט געראלד געענטפערט — לויט זיין דעפּעשע וואס איך האָב געסטערן ער־האלטען אויס בערלין האט ער שוין היינט גע־זאָלט זיין דאָ.

— וואס טעלעגראפירט ער אייך?

— היער לעזט!

נעראלד האט איבערגיגעבען ערמאַנד'ן א צוזאמענגעלייגטע דעפּעשע, וועלכע דיעזער האט פאנאנדערגעפּאלטעט און איבערגעלעזען.

„דיענסטאג פריה זיינען מיר אין פּאריז, קומען גלייך אין סאינט־דעני. ענגלענדער אימער געגיינגט צו קויפען. לאָז איהם ניט פון דיא אויגען".

— לויט דער דעפּעשע האָבען מיר זיי שוין היינט פאַרמיטאג געזאָלט זעהן אין סאינט דעני, אבער ניט פושקאָוו און ניט דער ענגלענדער איז דאָ.

— נור געדולד! — האט געראלד געענטפערט — אייער אונרוהע איז פונקט וויא אין פיבער.

— איך מוז צוגעבען אַז איך בעוואונדערע אייער קאַלטעס בלוט.

— איהר וואָלט געטהאָן זעהר גוט מיר נאכצומאַכען.

— אבער פיליכט האָבען זיי זיך פאַרזאַמט צופעליג און קומען מיט דעם צוג נאך מיטאג?

— דאס איז מעגליך!

— דאַן מוזען מיר זיי דאָך אבוואַרטען אין סאינט־דעני!

— איהר האט רעכט, מיר מוזען גלייך פּאָהרען.

ביידע האָבען איילינגסט פאַרלאָזען זייער וואוינונג, זיינען צוגעפּאָהרען צו דער נעכסטער אייזענבאַהן־סטאַציאָן און אוועקגעפּאָהרען נאך סאינט־דעני מיט דער באַהן, אום שנעלער אַהין צו קומען.

אום האלב צוויי נאכמיטאג זיינען ביידע געווען אין סאינט־דעני, אבער פון פושקאָוו מיט דעם ענגלענדער איז נאך אלץ קיין סימן געווען צו זעהן.

אום דיא צייט צו טעדטען זיינען ביידע ארומגעגאנגען דיא געביידען פון דער פאבריק, דער אינזשינער זשאן מאַליי האט זיי געגעבען א בעריכט איבער איינינע אַנאָרדנונגען וועלכע זיי האָבען געמאכט. זיי האָבען גיגעבען זייער צושטימונג, וויא אימער, און זיינען אריין אין זייער ביוראָ.

דיא אוהר האט געשלאָגען צוויי.

— אום עלף אוהר האבען זיי שוין געזאָלט זיין דאָ! — האט ערמאַנד געזאָגט מיט בעזאָרגניס און אונרוהע.

— איך גלויב דער צוג קומט שפּעטער — האט נעראלד איינגעווענדעט.

— ניין, איך געדיינק גענוי, דאס ווען אלעקסאַנדער מישעל איז צוריקגעקעהרט פון זיין רייזע, איז ער שוין אום עלף אוהר געווען דאָ.

נעראלד האט געמאכט איינע אונצופריעדענע בעוועגונג. צו וואס דאַרף ער גראד איצטער דערמאָהנען אלעקסאנדער מישעל? ער האט געוואָרפען אויף זיין קאָמפּאניאָ

א בייזען בליק, יענער אָבער האט עס ניט געמערקט, דען ער איז געזעסען בײן שרייב־טיש פערזונקען אין זיינע געדאַנקען און קוקענדיג ווי־ט פאַר זיך. ער האט זיך ניט־ווילענדיג דערמאָהנט אן דיא אלטע צייטען. איהם איז געוועזן צו מוטה וויא אן יענעם טאָג, ווען מישעל איז צוריקגעקעהרט פון זיין רייזע און איז פלוצלונג פאר איהם ער־שיענען. — וואס איז זייט יענעם טאָג פון אלץ געוואָרען? וויא האָבען זיך דיא פער־העלטניסע אין גאנצען פערענדערט!

גערעאלד איז אלע ווילע ארויסגעלאָפען אום צו זעהן, פיליבט קומען זיי. ענד־ליך האט ער אויך פארלאָרען דיא געדולד און האט זיך געווענדעט צו זיין קאָמפּאַ־ניאָן ערמאַנד:

— פיליבט איז פושקאַוו געקומען מיט׳ן ענגלענדער צו מיר נאך הויז. איך וויל אריבערפאָהרען אהין און זעהן.

— זעהר גוט! קעהרט צוריק נאך פאריז, איך וועל דאָ וואַרטען — האט ער־מאַנד געענטפערט גלייכגילטיג.

גערעאלד איז אוועקגעגאנגען, וועהרענד ערמאַנד איז ווידער אריינגעפאלען אין זיינע וואכענדע חלומות. זיין גאנצעס לעבען האט זיך איהם איצטער פאָרגעשטעלט פאר זיינע אויגען, פון זיין פריהעסטער יוגענד ביז צום היינטיגען טאָג, און זיפצענדיג האט ער זיך אליין מודה געווען, אז זיין גאנצעס לעבען איז נאר א קייט פון דומהיי־טען, אייטעלקייטען און ענדליך אויך פערברעכען.

גוסטאַוו ערמאַנד איז קיינמאָל ניט געוועזען א פריינד פון איינזאמקייט, אבער אין דעם אויגענבליק האט עס איהם גוט געטהאָן אזוי אליין צו זיצען, פון קיינעם ניט געשטערט צו ווערן אין זיינע געדאנקען. — פון איהם אליין אונבעמערקט איז אין דיא לעצטע צייט פאָרגעקומען אין זיין אינערן א גרויסע פערענדערונג. ביז אהער האט ער זיך קיין מאָהל קיין געוויסען ניט געמאכט פון דיא אלע שוידערליכע וואס ער איז בעגאנגען. זיין אייגעננוטציגקייט איז ביי איהם געשטאנען אויפ׳ן ערשטען פלאץ. איצ־טער אבער האט ער זיך אליין אין זיינע טהאטען אזוי שטרענג בעאורטהיילט, פונקט וויא ער וואָלט זיך דארפען שיידען מיט דעם לעבען.

— אום גליקליך צו זיין — האט ער צו זיך אליין געזאגט — האב איך נאר גע־דארפט האבען א ביסעלע ליעבע פון מיין טאָכטער! איך וואלט פיעל גליקליכער געוועזען אין דיא הענד פון מיין טאָכטער, אלס אין דיא הענד פון דיעזע עלענדע, וועלכע האבען מיין קינדס פערמעגען פון מיר גערויבט, און מיך נאכהער פערפיהרט צום פערברעכען, אום דאס ווידער גוט צו מאכען.

ער האט אלזא ענדליך איינגעזעהען דאס ער איז פון א פּאָאר געוויסענלאָזע גליקזוכער שענדליך בעטראָגען געוואָרען און האט חרטה געהאט, אבער צו שפּעט.

— ווען נינא זאל דאס ערפאהרען, וויא וועט זיא מיך פעראכטען און פערווינשען! — האט ער צו זיך געזאגט.

ער האט אין הארצען ניט געצווייפעלט אז יענעס געהיימניס וועט ארויסקומען אויפ'ן שיין, וויא בוימעל אויפ'ן וואסער.

— און וואס וועט מיין טאָכטער זאגען, וואס וועט זיא טהאָן אין יענעם טאָג ווען דיא וועלט וועט איינזעהען אז אלעקסאנדער מישעל איז אונשולדיג, און... מיין גאָט!... וואס זעה איך!... איז דאס מעגליך!... ער אליין!...

מיט דעם געשריי פון שרעק איז ער אויפגעשפּרונגען און איז געבליעבען שטעהן וויא פערשטיינערט, האלטענדיג דיא אויגען אויסגעגלאָצט אויפ'ן טהיר און ווארטענדיג זיא זאל זיך עפענען. דער מאן איז אויך באלד אריינגעטרעטען און האט פערריגעלט דיא טהיר הינטער זיך.

דאס איז ווירקליך געוועזען אלעקסאנדער מישעל, ער האט געמאכט א פּאָאר טריט, זיך צורוקענדיג צו ערמאָנד, און האט געזאָגט אין א רוהיגען טאָן:

— ענטשולדיגט וואס איך בין געקומען ניט אָנגעמעלדעט, איך האב געוואָלט בענוטצען דיא ערשטע געלעגענהייט, אייך צו זעהן, און מיט אייך צו ריידען.

— זייט איהר עס ווירקליך? — האט ערמאָנד געשטאמעלט.

— געוויס בין איך עס! אבער וואָרום ציטערט איהר אזוי שטארק? ווער עס איז פעהיג אויף אזעלכע טהאטען וויא איהר דארף אויך אין דער מינוט פון בעצאהלונג ניט פערליערען דעם מוטה. נעהמט זיך צוזאמען און זעצט זיך, דען איך האב מיט אייך עטוואָס וויכטיגעס צו ריידען.

דיא רוהע און קאלטקייט מיט וועלכע מישעל האט גערעדט האבען פערזעצט ערמאָנד אין טויט־שרעק. שווייגענדיג האט ער זיך א וואָרף געטהאָן אין שטוהל, האלטענדיג דעם בליק אויפ'ן יונגען מאן.

אלעקסאנדער מישעל האט זיך געזעצט איהם אנטקעגען און האט אנגעהויבען:

— שוין א גאנצע שטונדע וויא איך ווארט דרויסען, פערבאָרגען הינטער א הויפען בוישטיינער, איך האב ביי אייך אייער קאָמפּאניאָן געראלד ווערענין און האב איהם געזעהן ארויסגעהענדיג, און האב מיך געמוזט בעהערשען מיט אַגער געוואלט אום זיך ניט אויף איהם שטירצען. איך האב פריהער געוואָלט זעהן אייך, און ריידען

מיט אייך, איך האב מיך אויסגעהיט, אז דיא ארבייטער זאלען מיך ניט דערזעהן — און איצטער בין איך דאָ.

— וואָס פערלאַנגט איהר פון מיר? — האט ערמאַנד געפרעגט שטיל.

— איך פון אייך? גאָר ניט! איהר זייט דער פאטער פון א ליעבענסווירדיגער טאָכטער, צו וועלכער מיין ליעבע איז אזוי שטארק וויא מיין מיסאַכטונג געגען אייך; איך האס אייך ניט, ווייל איהר זייט אליין געגוג אונגליקליך, און ווען איהר וואָלט ניט געוועזען דיא שולד פון אלעם וואס איך האב אריבערגעטראָגען וואָלט איך אייך נאָך זאָגאר בעדויערט. — איך זאָג אייך נאָך אמאָהל איך פערלאַנג פון אייך קיין זאַך ניט, אבגליייך איך וואָלט געהאט איין רעכט דערצו. ווען אונזער יעצטיגע אונטעררעדונג וועט זיין צו ענדע, מעגט איהר טהאָן אלעם וואס אייער געוויסען וועט אייך הייסען. איך בין נאר אהער געקומען אום אייך צו זאָגען, אז אלע אייערע געהיימניסע זיינען מיר בעקאַנט, און דאָס נאָך אין א פּאָר שטונדען וועט אלעס זיין אָפען פאַר דיא אויגען פון דער גערעכטינקייט.

ערמאַנד האט געציטערט, ער האט געוואָלט ריידען, האט אבער קיין וואָרט געקענט ארויסברייינגען.

מישעל האט וייטער גערעדט:

— ענטפערט מיר איצטער אויף אייניגע פראַגען. ווען איך בין געקומען פאַר א יאהרען פון מיין רייזע צוריק, האט איהר אבזיכטליך מיט מיר זיך דאן צוקריעגט, ניט וואהר?

— יאָ, דאס איז וואהר!

— איהר ניט דאס אליין צו?

— יאָ, פרעגט נור ווייטער; איך זאָג אייך צו מודה צו זיין אלעס וואס איז וואהר — האט ערמאַנד געענטפערט מיט ערגעבונג.

גאַנץ פערוואונדערט איבער אזא איינגעגטהימליכעס בענעהמען פון זיין געוועזענעם שעף, פון וועלכען ער האט געהאט ערוואַרטעט א ביטערן קאַמפּף, האט מישעל איין אויגענבליק געצעגערט, און האט דאן ווייטער געפרעגט:

— דער צוועק פון יענעם קריעג מיט מיר איז געוועזען מיך אפצוהאַלטען פון בעזוכען דאס האָליץ־לאַגער מיט דעם צוגעשיקטען האָליץ — איז דאס ריכטיג?

— יאָ!

— יענעם האָליץ וואס איך האב געקויפט איז איבערהויפּט ניט אנגעקומען אהער און איז געבליעבען אין ריגאַ, וואו עס ליעגט נאָך אויך איצטער אונטער דער

אויפזיכט פון א געוויסען פושקאָוו, וועלכער איז פון זיין זייט ניט מעהר אלס א ווערק־צייג אין דיא הענד פון גענעראל ווערענין — איז דאס ריכטיג?

— אויך דאס איז וואהר! — האט ערמאַנד בעשטעטיג זיפצענדיג און אראָפּ־לאָזענדיג דיא אויגען צו ד׳רערד.

מישעל האט ערוואַרטעט א העפטיגען קריעג, איין אַפּלייקענען, איין ריידען אנטקעגען, און אלס ער האט געזעהן מיט וועלכער הכנעה זיין געוועזענער שטאָלצער שעף גיט אלעס צו, האט ער ניט געוואוסט וואס ער זאָל דא טהאָן און האט א ווייל געשוויעגען, אונענטשלאָסען אויב ער זאָל ריידען ווייטער אָדער ניט. ערמאַנד האט עס בעמערקט, און האט געזאָגט:

— פרעגט נאר ווייטער; איהר זעהט איך וויל אייך אָפּגעבען דין און חשבון.

— דאס האָלץ וואס איז געווען פערזיכערט און האט אפגעברענט איז געווען א גאנץ ביליגעס האָלץ, ניט וואהר?

— יא! עס האט ווענינ ווערטה געהאט.

— דאס איז גאנץ געהיים איינגעקויפט געוואָרען?

— יא, דורך פושקאָוו, וועלכער האט עס געשיקט אהער אנשטאט יענעם האָלץ וואס איהר האט געקויפט.

— דאס האב איך געטראַכט. — דיא גאנצע געשיכטע איז אלזאָ געווען א פּלאַן וואס איז פריהער אויסגעארבייטעט געוואָרען מיט איבערלעגונג, אין דער אבּ־זיכט צו בעטריגען דיא פייער־פערזיכערונג־געזעלשאפט — און דאדורך מעהר אלס צוויי מיליאָנען פראנק צו געווינען?

— יא!

— דאן איז אויך דאס פייער אונטערגעלעגט געוואָרען דורך פושקאָוו?

— יא!

— איהר האט עס אלעס געוואוסט, און איהר האט געדולדעט אז מען זאָל מיך פערראורטהיילען אלס בראַנדשטיפטער? אָ פלוך איבער אייך! — עס פארשטעהט זיך איהר וואָלט זיך אליין מוזען אנגעבען פארן מיטשולדיגען און דעריבער האט איהר געשוויעגען, און איך האב געזאָלט געהן צו גרונדע! וואס האט עס אייך געקימערט? מען האט מיר גערויבט מיין עהרליכען נאמען — מיינע ארעמע מוטער איז דורך דעם שרעקליכען שמערץ שיעור געקומען אין קבר פאר דער צייט — וואס איך האב דורך דיעזע צייט אויסגעליטען איז ניט צו בעשרייבען — און אלעס צוליעב אייך! צום גליק איז עס געלונגען מיר און מיין פריינד מארקוס פעליסער, וועלכער איז אויך אזוי אונ־שולדיג פערראורטהיילט געוואָרען, צו אנטלויפען פון דער ערניעדריגענדער געפאַנגענ־

שאפט צוזאמען מיט פערברעכער פון דער ערנסטער סאָרט. וואס דיא רעגיערונג האט דריי מאָנאטע געשוויעגען וועגען אונזער אנטלויפען האט אונז פיעל געהאָלפען, דען קיינער האט אויף אונז געקוקט, און מיר האבען זיך רוהיג געקענט רייזען. אונזער וועג האט אונז געפיהרט נאך רוסלאנד, וואו מיר האבען געהאט געלעגענהייט צו ערפאַה־רען ווער דער מאַן איז, וועמען איהר ווילט איינפערטרויען דאס לעבען און גליק פון אייער טאָכטער. ווייסט איהר דאס אייער „פירסט" ווערענין איז איין איינפאַכער גנב, וועלכער איז אנטלאָפען געוואָרן פון דיא הענד פון דיא פּאָליציי, וועלכע האט איהם געהאט ארעטירט פיר גנבה? — ווייסט איהר דאס אין וויען האט ער בעטראָ־גען א באַלעט־טענצעריןֿ, פון וועלכער ער האט זיך געבאָרגט א האלדזבאנד, האט עס פערקויפט, און מיט דעם געלד איז ער געקומען נאך פּאריז, וואו ער האט זיך באַלד ערוואָרבען אייער פריינדשפאַט? ווייסט איהר, דאס אום צו לעבען וויא א „פירסט", האט ער געלאָזט פושקאָוו גנב'ענען דעם דיאמאנטען־שנור, צוליעב וועלכען מיין פריינד פּעליסער איז אונגליקליך געוואָרן?

— אָ, מיין גאָט, מיין גאָט! — האט ערמאַנד געקרעכצט, בערעקענדיג זיין גע־זיכט מיטביידע הענד.

— און ווייזט איהר ווער אייער פערעהרטע גרעפין איז? א געוויסענלאָזע גליק־זוכערקע, וועלכע האט בעטראָגען איהר וואָהלטהעטער, האט געטריעבען זיין טאָכטער צום טויט, האט גערויבט איהר קינד און האלט עס פאר א לעבעדיגען משכון און דראָהט עס אומצובריינגען, ווען מען וועט זיא פערפאָלגען!...

— גענוג, גענוג! — האט ערמאַנד זיך געבעטען אויסשטרעקענדיג דיא הענד וויא אין געבעט — ניט ווייטער!

— איך בין צו ענדע! — האט מישעל געענטפערט — איך האב אייך נאר געוואָלט מודיע זיין דאס מיר ווייסען דאס אלעס, און דאס דיא נערעכטיגקייט האט איצטער פרייען וועג צו טהאָן איהרע פּפליכט.

— פון מיין זייט דארפט איהר פאר קיין הינדערניס ניט פירכטען -- האט דער אונגליקליכער געמורמעלט אין פערצווייפלונג.

— מיר האבען אלעס אזוי פּאָרבערייטעט — האט מישעל ווייטער גערעדט דאס נאך פערלויף פון אייניגע שטונדען וועט נעראלד ווערענין, זיין שוועסטער און פושקאָוו פערהאַפטעט ווערען. מיט א י י ך האבען מיר נאכזיכט צו ליעב אייער טאָכ־טער; מיר ווילען אייך געבען צייט און געלעגענהייט צו אנטלויפען!...

— צו אנטלויפען?! — האט ערמאַנד אויסגערופען, און האט דאן צוגעזעצט נאך א קורצע ווייל פון נאכדיינקען — יא, פון דער שאנדע וועל איך אנטלויפען!

מישעל האט זיך אויפגעהויבען.

— מיינע אויפגאבע איז ערפילט — האט ער געזאגט — לעבט וואהל!

ער האט זיך געווענדעט צום געהן, אלם ערמאנד האט זיך אויך אויפגעהויבען און האט איהם נאכגערופען:

— מישעל! נאך א פאר ווערטער, איך בעשווער אייך!

דער יונגער מאן איז געבליעבען שטעהן פול ערווארטונג, וועהרענד יענער האט וועהמיטהיג געזאגט:

— איך וויל טהאן וואס איהר בעגעהרט פון מיר —

— ערלויבט מיר, איך בעגעהר פון אייך גאר ניט — האט איהם מישעל אונ־טערבראכען — איך איבערלאז צו אייער געוויסען צו טהאן וואס איהר דיינקט עס איז בעסער פאר אייך...

— נון, גוט, מיין געוויסען דריינגט מיך צו פליהען — איך אונטערניעב זיך דעם שיקזאל... איך בייג מיך פאר אייך, מישעל, איהר זייט טויזענד מאהל בעסער פון מיר... איך נעהם איצטער אבשיעד פון אייך און וועל אייך ניט מעהר וויעדערזעהן — ניט אייך און ניט מיין טאכטער...

— וואס דאס בעטרעפט — האט מישעל געזאגט — גלויב איך אז איך קען אייער טאכטער געוווג אום צו וויסען, אז זיא וועט איהר פאטער אין אונגליק ניט פארלאזען.

— איך האב אבער בדעה צו געהן אין א פלאטץ וואוהין זיא קען מיר ניט פאלגען — אויך איז עס מיין ווילען, אז זיא זאל בלייבען דא — ווילט איהר מיר פער־שפרעכען, אלעקסאנדער מישעל, דאס איהר וועט מיין טאכטער ליעבען און שעטצען טראץ דעם וואס איהר פאטער איז שלעכט און אונווירדיג?

— קיין זאך אין דער וועלט קען א מאהל ענדערן דיא אויפריכטיגע געפיהלען וועלכע איך האב צו אייער טאכטער — האט מישעל פערזיכערט מיט הארץ.

— איך דאנק אייך! און איצטער נאך איין ביטע, וועלכע איהר וועט מיר טאהן אלס דיא לעצטע געפעליגקייט וועלכע איך פערלאנג פון אייך.

— זאגט וועלכע!

— זאגט מיינער טאכטער, וועלכע איך וועל ניט מעהר וויעדערזעהן איידער איך פערלאז פאריז — זאגט איהר דאס איך בעט איהר פון גאנצען הערצען אום פערצייהונג פיר אלעם אונרעכט וואס איך האב איהר אנגעטאהן. — עס האט ביי מיר א גרויסע ווערטה וואס איהר אליין וועט עס איהר זאגען — אייך אליין, מישעל, בעט איך ווע־ניגסטענס מיך ניט צו פלוכען — ווען איהר קענט מיר ניט פערצייהען...

מישעלס אויגען האבען זיך געפיהלט מיט טרעהרען. ער האט געמאכט א פּאָר טריט נעהענטער צו דעם אונגליקליכען מאַן און האט איהם שווייגענדיג, און מיט א שנעלער בעוועגונג אויסגעשטרעקט דיא האנד.

— אָ, איך דאנק אייך, איך דאנק אייך פיעל טויזענד מאל! — האט ערמאָנד אויסגערופען אלס ער האט האסטיג ערגריפען מישעלס האנד; דאן האט ער דיעזע האנד געפּרעסט צו זיינע ליפּען און האט צוגעזעצט:

— דאס איז דער אַבשיעדס־קוס פיר מיינע טאָכטער! — לעבט וואָהל, מישעל! — איידער א שטונדע פארגעהט וועל איך האבען פּאריז פארלאָזען פיר אימער!

מיט לאנגזאמען טריט און טיעף געריהרט האט מישעל פארלאָזען דאס ביוראָ, וועהרענד גוסטאוו ערמאָנד איז גאנץ ערשעפּפט צוריקגעפאלען אין זיין שטוהל.

ער איז אָבער ניט לאנג געבליעבען אליין, דען באלד איז געקומען זיין אינזשינער, זשאַן מאליי, אום איהם עטוואס צו פראגען.

אלס ער האט דערזעהן ערמאָנד האט ער אויסגערופען מיט שרעק:

— וואס איז אייך, הערר ערמאָנד? זייט איהר ניט געזונד? איהר זעהט אויס אזוי בלאס!

— איך פיהל מיך אַביסעל אנגעגריפען — אָבער דאס געהט באלד פאָראיבער — איבעריגענס געה איך באלד אוועק, איך וויל נור עטליכע בריעף שרייבען.

— דאן וועל איך אייך לאָזען אליין — האט דער אינזשינער געזאגט מיט דער מיענע אוועקצוגעהן.

— ניין, ניין, איהר מעגט דאָ בלייבען, איהר שטערט מיר ניט! — האט ערמאָנד געענטפערט גאנץ פריינדליך.

וועהרענד דער אינזשינער האט זיך געזעצט ביי זיין צייכען־טיש, אומגעקעהרט מיט'ן ריקען צו הערר ערמאָנד, האט דיעזער גענומען דיא פעדער אין דער האנד און האט געשריעבען, וויא עס האט אויסגעוויעזען, אזוי רוהיג, פונקט וויא עס וואָלט מיט איהם קיין זאך ניט פּאסירט.

דער ערשטער בריעף איז געוועזען אדרעסירט אן אלעקסאנדער מישעל, און האט ענטהאלטען פאָלגענדעס:

„מיין ליעבער מישעל!

איך בעט אייך, אויב איהר וועט איבערנעהמען דיא לייטונג פון דער פאבריק אין סאינט־דעני, זאָלט איהר ערהאלטען דעם אינזשינער זשאַן מאליי אויף זיין שטעלע. ער האט ביז היינט געפיהרט דיא ארבייט נאך אייער פּלאַן אָהן יעדער

פערענדערונג און איז זעהר עהרליך און ארבייטסזאם. אויסערדעם האט מאל ניט געצווייפעלט אין אייער אונשולדיגקייט און האט מעהרערע מאל געזאגט.

צו מיינע ביטען וואס איך האב אייך מינדליך אויסגעשפראכען האב איך קיין זאך ניט צו צולייגען.

לעבט וואהל פיר אימער! גוסטאוו ערמאנד".

דער צווייטער בריעף איז געשריעבען געווען צום פראקוראר פון דער רעפובליק פאלגענדען אינהאלט:

„מיין העררן!

איהר ועט אהנע צווייפעל נאך היינט ערהאלטען דעם בעזוך פון העררן אלעקסאנדער מישעל, וועלכער קומט צוריק פון ניי־קאלעדאניען, וואוהין ער איז פערשיקט געוואָרען גאנץ אונגערעכטערווייזע. ער וועט אייך בריינגען דיא בעווייזע פון זיינער אונשולד. איך האב ניט גענוג צייט אויסאיינאנדערצוזעטצען דיא איינ־צעלהייטען פון דיעזער טרויעריגען אנגעלעגענהייט, אבער איך האלט עס פיר מיינע פפליכט, אין דער שטונדע ווען איך שייד פרייוויליג מיט דעם לעבען, פייערליכסט צו ערקלערען, אז אלעס וואס אלעקסאנדער מישעל וועט אייך דערציילען איז וואהר.

איך האב דיא עהרע אייך אכטונגספאל צו גריסען,

גוסטאוו ערמאנד".

איינינע מינוטען איז ערמאנד געבליעבען זיטצען איינגעבויגען, ווישענדיג זיך אין געהיים דיא אויגען מיט זיין טאשענטוך און דאן האט ער געשריעבען א דריטען בריף, וועלכען ער האט אדרעסירט אן נינא:

„מיין ליעבעס, טהייערעס קינד!

דוא וועסט היינט ערפאהרען דאס אלעקסאנדער מישעל'ס אונשולדיגקייט איז אנערקאנט געוואָרען, און צוגלייך וועסט דוא אויך הערען, דאס אייגענטליך האט דיין פאטער געזאלט פעראורטהיילט ווערן אנשטאט יענעם בראווען, עהרענ־ווערטהען יונגען מאן וועלכען דוא ליעבסט און וועלכער ליעבט דיך. — ער וועט דיך בעטען אום פערגעבונג אין מיין נאמען פיר אלעס אונרעכט וואס איך ה דיר אנגעטאהן. מיר בלייבט נור איין־איינציגעס מיטעל אפצרווישען מיינע ש און דאס איז דער טויט! איך בין געווען א שלעכטער מאן און א שלעכטער פאטער און האב ניט געוואוסט וואו צו זוכען דאס וואהרע גליק פון לעבע־

לעבען איז א פערדארבענעס און עס האט זיך אנדערס ניט געקענט ענדיגען. מיט א שאנדע און שרעק.

לעב וואהל, מיין טהייערעס קינד! פערצייה מיר, ווען דוא קענסט און בעט פיר מיך.

דיין אונגליקליכער און שולדבעלאדענער פאטער,

גוסטאוו ערמאנד".

נאכדעם וויא ערמאנד האט דיעזע בריעפע גענוי צוזאמענגעלייגט און פערזיעגעלט, איז ער אויפגעשטאנען, האט דיא בריעפע אריינגעלייגט אין טאשע, האט גענומען זיין הוט און האט געזאגט זעהר פריינדליך צו זשאן מאליי, זיין אינזשינער:

— לעבט וואהל, מיין פריינד.

ער האט איהם גערייכט דיא האנד, און דער יונגער מאן האט זיך ניט געקענט אפוואונדערן איבער דיעזע אונגעוועהנליכע פריינדליכקייט.

גוסטאוו ערמאנד האט זיינע פריהערינע אויפרעגונג אין גאנצען בעצוואונגען און איז וויעדער געווארען דער געשיקטער וועלטמאן, וועלכער וויים זיך צו געבען דעם שיין אין אלע לאגען פון לעבען.

אויף דער שטראסע האט איהם ערוואַרטעט זיין וואגען; ער איז איינגעשטיעגען און האט צוגערופען דעם קוטשער גאנץ מונטער:

— נאך פאריז!

אלס דער וואגען איז אריינגעפאהרען אין שטאדט דורכ'ן טויער פון פעסטונג, איז איהם אנגעקומען אנטקעגען א בלומען־הענדלערקע וועלכע האט געפיהרט פרישע דופטענדע בלומען אויף א האנד־וועגעלע צום בלומען־מארק.

ערמאנד האט געהייסען אפשטעלען זיין וואגען, איז אויסגעשטיעגען און האט געפרעגט דיא פרוי:

— וויא פיעל קאסטעט אייער לאדונג בלומען?

— דרייסיג פראנק, מיין העדר!

— דא האט איהר זעכציג, ליעבע פרוי.

דיא בלומענהענדלערקע איז געוועזען העכסט ערשטוינט אבער ניט וועניגער ערפרייט, און האט מיט דער גרעסטער דיענסטפערטיגקייט פון דער וועלט ערפילט דאס פערלאנגען פון ערמאנד, אריינצולייגען דיא לאדונג בלומען צו איהם אין וואגען, אזוי דאס דיא זיטצע זיינען בעדעקט געווארען מיט דיא שמעקעדיגע פלאנצען.

ערמאנד האט זיך געווענדעט צום קוטשער:

— פיהרט אוועק דיעזע בלומען צו מיין טאָכטער, און זאָגט איהר אַז איך האָב עס איהר געשיקט.

— פאָהרט דער העררר ניט ווייטער? — האט דער קוטשהר געפרעגט.

— ניין, איך האָב נאָך אָבצושטאָטען א בעזוך אין דער געגענד. — היער, נעהמט דיעזעס גאָלדשטיק פיר זיך אלס טרינק־געלד און גיט דיעזען בריעף איבער מיינער טאָכטער.

— בעסטען דאנק, מיין העררר, — האט דער קוטשער געזאגט צופריעדען, האט עטוואס אויפגעהויבען זיין הוט, און איז אוועקגעפאָהרען.

ערמאָנד האט פאָרטגעזעצט זיין וועג צו פוס, מיט דעם בעוואוסטזיין, אַז ער האט דער בלומענהענדלערקע און דעם קוטשער פערשאַפט א קליינע פריידע און האט זיך ערוואָרבען דען דאנק פון זשאן מאליי דורך זיין בריעף אן מישעל.

— זשאן מאליי ועט מיר געוויס דערמאָהנען צום גוטען, דען איך האָב איהם ארויסגעהאָלפען פון דער נויטה, און איהם פערשאַפט א זיכערע שטעלונג — האט ערמאָנד געזאָגט צו זיך מיט א שמייכעל פון צופריעדענהייט.

אזוי לאַנגזאם איז ער אָנגעקומען ביז צום נאָרד־באַהנהויף.

איין אויגענבליק איז ער געבליעבען שטעהן אין דער פאָרהאַללע, אונענטשלאָסען דאריבער וואס ער האט ווייטער צו טהאָן, דאן איז ער האסטיג צוגעגאנגען צו איינעם פון דיא שאַלטערס וואו מען פערקויפט בילעטען, און האט געקויפט א בילעט פיר דיא שטאָדט־באַהן. נאכדעם וויא ער האט אראָבגעלאָזען דיא איבעריגע צוויי בריעף אין א פאסט־קאסטען, איז ער געגאנגען צום פּלאטפאָרם און האט גענומען א זיטץ אין א וואגאָן צווייטער קלאַסע.

גלייך דארויף האט זיך דער צוג געזעצט אין בעוועגונג.

4טעס קאפיטעל.

## ג ע פ אַ ק ט.

דיא נייעס פון מישעלס און מארקוסעס אנטלויפען אויס נומעא האט זעהר פיעל אויפזעהן געמאכט אין גאנץ פאריז, בעזאָנדערס אבער אין דער געגענד פון רוע דע שאַפעק, וואו מען האט דיא מאדאם מישעל און דעם אלטען ווערן פערזענליך גע־קענט, און מען האט פערשטאנען דאס זייער רייזע האט דער מיט צו טאָן.

ליזע מאָרענהיים האט דיעזע נאכריכט ערפאהרען גאנץ צופעליג, אלס זיא איז ארייגעגאנגען נאך מיטאג אין א לאדען פון געמיזע, אום עטוואס איינצוקויפען.

— נו, וואס זאָגט איהר צו דעם נייעס? האט איהר דיא קרעמערין געפרעגט אנקוקענדיג איהר מיט א פערשמיצטער מינע.

— צו וועלכע נייעס ? האט איהר ליזע געענטפערט מיט א פראגע.

— אך, הערט זיך אויף צו פארשטעלע! דיא גאנצע וועלט ווייס דאך דערפון.

— פון וואס דען ? איך בעט אייך, רעדט ארויס אביסעל דייטליכער.

— איהר ווילט מיר אפשר איינרעדען דאס איהר האט ניט געהערט דאס מארקוס פעליסער און אלעקסאנדער מישעל זיינען אנטלאפען פון נומעא ?

— ליזע האט זיך געמוזט אנשפארען אן טהיר פון לאדען אום ניט אומצופאלען, וועהרענד דיא געמיזע־הענדלערקע האט וויטער גערעדט :

— מאכט זיך ניט אזוי איבערראשט ! איהר ווייסט דאך שוין געוויס פון לאנג דיא נייעס פון וועלכע אלע צייטונגען שרייבען היינט.

— קיין ווארט האב איך דערפון ניט געוואוסט ! — האט ליזע פערזיכערט, נאכדעם וויא זיא האט זיך ערהאלען פון ערשטען שרעק.

ליזע איז ארויסגעלאפען פון לאדען, — נאכדעם וויא זיא האט זיך פארגעסען עטוואס צו קויפען — אין איין אטהעם, אום צו פרעגען דיא הויז־מייסטערין, אויב עס איז ניט אנגעקומען וועלכער בריעף אדער טעלעגראמע ?

— ניין מיין פריילין — האט יענע געענטפערט מיט שפאט — אזוי אונפארזיכטיג וועט אייער געליעבטער ניט זיין. אום אייך איצטער צו שיקען א בריעף, דאן ווען דיא פאליציי ווארט נור און זוכט צו געפינען איין שפור פון דיא אנטלאפענע און וואו זיי געפינען זיך.

וויא געשטאכען עס האבען איהר אויך דיא ווערטער פון דער אלטער קלאטש־פרוי, האט ליזע דאך געמוזט צו געבען דאס זיא האט רעכט. זיא איז דאן נאך געגאנגען צו דער נעכסטער פאסט ביורא און האט נאכגעפרעגט אויב עס געפינט זיך ניט פאר איהר א בריעף אויף דער אדרעסע וועלכע זיא האט מיט מארקוס געהאט אפגערעדט ?

— זיא האט קיין בריעף געפונען און זיא האט ביי דעם נאהענסטען צייטונג־הענדלער געקויפט אייניגע מארגען־בלעטער און איז שנעל געלאפען נאך איהר וואהנונג, וואו זיא האט האסטיג דיא בעריכטע דורכגעלעזען וועגען דאס אנטרינען פוןביידע געפאנגענע.

דא איז איהר אלעס קלאהר געווארען און זיא האט ניט מעהר געצווייפעלט אין דער וואהרהייט פון בעריכט.

— זיא האט פערגליכען דאס דאטום פון דער דעפעשע, וועלכע זיא האט ערהאלטען אויס סידניי, פון דעם אלטען ווערן, מיט דעם דאטום פון דעם אנטלויפען פון

דיא געפאנגענע און האט זיך איבערציינגט, אז דיא דעפעשע איז שפעטער אָפּגעשיקט געוואָרען. דערפון האט זיא געדרונגען, אז מישעל און מארקוס געפינען זיך אין זיכער־הייט, ווייל ווערן האָט איהר טעלעגראפירט: „אללעס געהט גוט! וויטערעס שפעטער!“

איהר איז שוין אויך רעכט געוואָרען וואָס זיא האט וויטער ניט ערהאלטען קיין נאכריכט, ווייל מארקוס האט וואהרשיינליך מורא געהאט, דאס זיין בריעף קען אריינ־פאלען אין פאלשע הענד און דערוועקען פערדאכט.

אָבער נאך דער ערשטער פריידיגער אויפרעגונג איז ליזע געוואָרען זעהר אונ־רוהיג און איינגסטליך, אזוי וויא זיא האט קיין זאך געהערט פון דיא אנטלאָפענע. זיא האט גערעכענט דאס דיא פריינדע האבען זיך ערגעץ וואו בעזעצט און יעדען טאָג האט זיא ערווארטעט פון מארקוס א בריעף, אין וועלכען ער פאָדערט זיא אויף צו איהם אריבער צו קומען. זיא איז אָבער יעדען טאָג אלס געוואָרען מעהרער ענטטוישט און ניעדערגעשלאָגען.

ענדליך, איין פריה מאָרגען, אלס זיא האט איצט־ערשט געמאכט איהר טואַ־לעטע און זיא האט זיך פאָרבערייטעט ארויסצוגעהן, אלס איהר האט זיך פלוצלונג אויסגעדוכט דאס זיא הערט ווערן׳ס שטימע, אונטען אויף דיא טרעפ. האסטיג איז זיא אויפגעשפרונגען, איז געלאָפען צום טהיר, און אלס זיא האט דיזע אויפגעריסען, איז דער אלטער ווערן און מאדאם מישעל געשטאנען פאר איהר. מיט א פריידען־געשריי האט זיא זיי ביידען בעגריסט. פלוצלונג אָבער האט זיא געפרעגט:

— און וואו איז מארקוס? איז ער ניט צוריק געקומען?

— אָט האבען מיר דאס! — האט ווערן געלאכט -- מיר ביידע זיינען ביי איהר נעבען־פערזאָנען, וויא עס שיינט! פריהער אומארעמט אונז וויא עס בעדארף צו זיין, און דערנאך וועט איהר זיך נאכפרעגען אויף הערן מארקוס פעליסער!

ליזע איז שוין געלעגען אין דיא ארעמס פון דיא גוטע מאדאם מישעל און האט געוויינט פאר פריידע.

— מיר זיינען געגאנגען פאָראויס, אום אייך פארצובריימיזן — האט מאדאם נעזאגט — מארקוס און מיין זאָהן קומען באלד אויך אהער.

— זיי זיינען אלזאָ אין פאריז?

— געוויס — האט ווערן געזאגט — און איהר וועט זיי נאך היינט וויעדער זעהן.

— אָבער ווען, ווערן?

— אזוי שנעל וויא זיי וועלען האבען דורכגעפיהרט איין וויכטיגע אנגעלעגענ־הייט.

— דיא זאכע מוז זעהר וויכטיג זיין — האט ליזע בעמערקט — זאָנסט וואָלט ער פריהער געקומען מיך זעהן.

— דאס געוויס! האט מאדאם מישעל בעשטעטיגט.

א פּאָר שטונדען זיינען אזוי פּאַראיבער אין גענענזייטיגע ערצעהלונגען פון אלעס וואס האט פּאסירט אין דיא לעצטע מאָנאטען.

ליזע האט מעהרערע מאָל הערויסגעקוקט דורכ'ן פענסטער, האט זיך מעהרערע מאָל צוגעהערט צום טהיר פון קאָרידאָר, אלס פלוצלונג אום צוועלף אוהר, האט זיא דערהערט טריט אויף דיא טרעפּ און וויא א גאַזעלע האט זיא א שפּרונג געטאָהן צום טהיר, האט זיא אויפגעריסען, און איז באלד געלעגען אין דיא ארעמס פון איהר גע־ליעבטען.

— מארקוס! מיינע ליזע! — האט זיך עס געהערט אפּוועקסלענדיג און ביידע האבען געשלוכצט פאר פריידע און פאר אויסגעשטאנענעם לייד.

דאן האבען זיי זיך פעראייניגט מיט מאדאם מישעל און וועָרן, אין א ווילע שפּעטער איז אויך אונטערגעקומען אלעקסאנדער מישעל, וועלכער האט אויסגעזעהן זעהר מעלאנכאָליש, נאך דער ערנסטער אונטעררעדונג וואס ער האט געהאט מיט הערן ערמאָנד. ער האט ליזע בעגריסט מיט דיא אויפריכטיגער הערצליכקייט און האט געזאגט:

— אונזער גליקליכסטע בעפרייאונג האבען מיר צו פערדאנקען הויפּטזעכליך דער געשיקליכקייט פון מארקוס, וועלכען איך האב ליעב וויא מיינעם א ברודער, און דעריבער וועט איהר מיר ערלויבען אייך צו בעטראכטען אלס מיין שוועסטער.

— אָנגענומען! — האט מארקוס מונטער ערקלערט — אָבער איצטער דער־צעהל אונז וואָס דוא האסט גערעדט מיט דעם געוויסענלאָזען פאטער פון דיין ליעב־ליכע נינא?

— יא, איך האב איהם געזעהן און מיט איהם גערעדט! אָבער דעם אינהאלט פון אונזער געשפּרעך וועל איך אייך דערצעהלען שפּעטער. איך בין איצטער צו אויפ־גערעגט פון אלעם דעם וואָס איך האב פון איהם געהערט. נור אזוי פיעל קען איך אייך איצטער זאגען, אז דער אונגליקליכער וועט נאך היינט פערלאָזען פּאריז, אום קיין מאָל צוריק צו קערען.

— דאס איז נאָך בעסער! דאן האבען מיר נאָך אין דיזער בעציהונג צו טאָהן מעהר ניט מיט דעם שורקע ווערעגין און זיין העלפער — האט מארקוס געענטפערט.

— ווערענין ? — האט ליזע אויסגערופען — דאס איז דאך דערזועלבינער ניע־דערטרעכטיגער לומפ וועלכער האט זיך ערלויבט מיר צו בעליידיגען!

— דיך ? וויא אזוי ? — האט מארקוס האסטיג געפרעגט.

— ער האט זיך אונטערגעשטאנען מיר אריינצרוווארפען א געשענק אין הויז — האט ליזע ערקלערט ארויס נעהמענדיג דיא דיאמאנטענע אָהרינגען פון שראנק און איבערגעבענדיג מארקוסען.

— אה! דיאמאנטען ? — האט דיזוער געשריען אזוי שנעל וויא ער האט דיא קעסטעלע אויפגעעפענט.

אין דעם אויגענבליק האט זיך געהערט איין שטארקעס קלאפען אין קארידאר־טהיר, און א גראבע שטימע האט גערופען :

— אין נאמען פון געזעטץ, עפענט אויף!

— אה הא! — האט מארקוס בעמערקט רוהיג — אויף דאס האב איך גע־וואַרט; איך האב געזעהן געהענדיג אהער אז איינער שפירט מיר נאך. אבער זייט ניט אונרוהיג פריינדע, און לאזט מיך רעדען. דיך מישעל בעט איך נאר דו זאלסט בעהערשען דיין צארן.

און זיך ווענדענדיג צו ליזע וועלכע האט זיך צוגעדריקט צו איהם אין שרעק, האט ער געזאגט :

— זיי אונבעזארגט, קינד, איך קען דיר פערזיכערן אז דיא זאך איז גאר ניט ערנסט.

אלס עס האט א צווייטען מאל געקלאפט אין טהיר און נאך שטארקער וויא פריהער, און אלס האט זיך צום צווייטען מאהל געהערט דער בעפעהל צו עפענען, איז מארקוס ארויס אין קארידאר און האט געעפענט דיא אויסווענינגסטע טהיר, אונטער וועלכער זיינען געשטאנען א דוצענד פאליציי־בעאמטע מיט דעם שעף פון דער זיכער־הייט פאליציי און מיט דעם פאליציי־קאמיסאר פון יענעם שטאדט קווארטאל אין דער שפיטצע.

מארקוס האט זעהר העפליך בעגריסט דיא בעאמטען און האט געפרעגט :

— וואס ווינשען דיא הערען ?

דער שעף פון דער זיכערהייטס פאליציי און דער פאליציי־קאמיסאר זיינען איינ־געטרעטען און דער ערשטער האט געפראגט :

— זייט איהר מארקוס פעליסער, וועלכער איז אנטלאפען פון נומעא ?

— יא, מיין הערה! געוועזענער נומער 14032 און איהר זייט געוויס דער בע־

ריהמטער שעף פון דער זיכערהייטס־פאָליציי; ווענען וועלכען אלע לענדער זיינען מקנא פראנקרייך?

ניט ענטפערענדיג אויף דיא שטעכ־ווערטער, האט דער פּאָליציי־שעף ווייטער געזאָגט:

— איהר זייט מיין געפאנגענער!

דער בעאַמטער האט זיך דאן געווענדעט צו אַלעקסאַנדער מישעל מיט דער פראגע:

— זייט איהר אויך דער אנטלאָפענער אלעקסאנדער מישעל פון נומעא?

— יא, מיין הערר, געוועזענער נומער 4031 — האט מאַרקוס געענטפערט פאר מישעל.

— איך האב אייך ניט געפרעגט — האט זיך דער בעאַמטער אנגעבייזערט אויף איהם.

— דאס ווייס איך, אבער עס איז בעסער אז איך זאָל ענטפערן פאר מיין פריינד, דען איך בין וויא איהר זעהט, רוהיג און העפליך, וועהרענד מיין פריינד וועט זעהר לייכט בייז און קען ניט זיין אזוי העפליך וויא איך.

— וויא קען מען בלייבען רוהיג, וען מען זעהט וויא דיא פראנצויזישע פּאָליציי ווערט אונגעשיקט געפיהרט — האט מישעל בעשטעטיגט אין אויפגערעגטען טאָן — אומשולדיגע לייטע פארפאָלגט מען מיט דער שטרייננסטער גרויזאמקייט, אָדער דיא ריכטיגע פערברעכער לאָזט מען ארום לויפען פריי.

— נו זעהט איהר — האט מארקוס געזאָגט — איך האב אייך געזאָגט דאס מיין פריינד איז ניט אזוי העפליך וויא איך.

— אלעקסאנדער מישעל! איך פערהאפטע אייך אויך אין נאמען פון געזעטץ!

— האט דער בעאַמטער אויסגערופען — אום אייך אָבער צו דערוויזען דאס דיא פראנצעזישע פּאָליציי איז ניט אזוי אומגעשיקט וויא איהר זאָגט, וויל איך אייך מעלדען, דאס דיא פּאָליציי ווייס זעהר גענוי פון אייער אויפענטהאלט אין פעטערסבורג און אין ריגא, וויא אויך אייער רייזע איבער בערלין נאך פאריז. אלס איהר זייט אנגעקומען אויף דעם היעזיגען נאָרד־באהנהאָף האט איהר אייך אָפּגעטהיילט פון אייער מוטער און איהר בעגלייטער, און איהר זייט אוועקגעגאנגען נאך סאינט־דעני. דאָרטען זייט איהר צוגעגאנגען צום פּלאַטץ וואו דיא נייע פאבריק בויט זיך יעצט; א היבשע ווייל'ע זייט איהר געשטאנען בעהאלטען הינטער קלעטקעס מיט ציגעל, איז דאס זאָ ריכטיג?

— ביז אהער יא — האט מישעל געענטפערט מיט שפּאָט — וואס האב איך אָבער ווייטער געטאָן?

— דער נאך האט איהר זיך אריינגעגנב'עט אין ביוראָ פון אינזשינער, וואו קיינער איז ניט געווען.

— אזוי! — און דאן?

— דער פּאָליציי־אגענט וואָס האט אייך נאָכגעשפּירט איז דאן געלאָפען נאך דעם נעכסטען טעלעפאָן און האט אונז פון אייך בענאכריכטעט, און מיר זיינען געקו־מען אין דער רעכטער צייט צו זעהן וויא איהר שטייגט ארויף דיא טרעפּ פון דיעזען הויז. — נו, וואס וועט איהר איצטער זאָגען?

— איך בעוואונדער זעהר אייער אויפמערקזאמקייט, וועלכע איהר האט מיר געשיינקט, איך מוז אָבער אייך זאָגען, אז דאס וואס איהר ווייסט איז נאך ניט אלעס. יענע ביוראָ ביי דער פאבריק אין וועלכע איך בין איינגעטרעטען איז ניט געווען לעער דאָרט איז געזעסען איין מאן מיט וועלכען איך האב געוואָלט רעדען און מיט וועלכען איך האָב גערעדט. ווען אייער אגענט וואס האט מיר נאך געשפּירט וואָלט צו גע[illegible]יט דעם אויער צום טיר פון ביוראָ — וויא אזעלכע לייטע זיינען געוואָהנט צו טאָן — דאן וואָלט איהר עטוואס ערפאהרען וואס איהר ווייסט נאך ניט.

דער שעף פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי האט זיך פארדריסליך אָפּגעקעהרט, וועהרענד מארקוס האט איהם גאנץ אונשולדיג געפרעגט:

— נו, און איך מיין הערר? ווילט איהר אזוי גוט זיין זאָגען וואָס איך האב אונטער דער צייט געמאכט?

— איהר? — איהר האט עס געוואָלט מאכען זעהר חיטרע, דעריבער האט איהר זיך אָנגעטאָהן דיא מאסקע פון א ענגלענדער. איך קען אייך אפילו זאָגען דעם נאָמען אונטער וועלכען איהר האט גערייזט, דען איך האב אונטער מיין בעזיטץ איינע פון אייערע וויזיט־קארטען וועלכע איהר האט זיך אין ריגא געלאָזט מאכען, אונטער יענעם נאמען בעקאנטשאפט צו מאכען מיט א געוויסען האָלץ־הענדלער.

— א! ווירקליך, דאס ווייסט איהר! — האט מארקוס געזאָגט כלומרשט גאנץ ערשטוינט.

— יא, יא, האט דער בעאמטער בעשטעטיגט מיט א טריאומפיהרענדע מינע — איהר האט גערייזט פון ריגא אהער ניט אין דעם זעלבען וואגאָן מיט אייערע פריינדע, נאר מיט יענעם האָלץ־הענדלער אין שלאָף־וואגאָן. אין דער צייט פון דער רייזע פלעגט איהר נור זעלטען אריינגעהן אין וואגאָן צו אייערע פריינד, פלעגט זיי עטוואס צו־ווינקען און איהר פלעגט דאן צוריקגעהן אין וואגאָן צום האָלץ־הענדלער; וואהרשיינ־

ליך האט איהר אין אויסזיכט געהאט עפּעס א נייען בעטרוג צו בעגעהן. אנקומענדיג דאָ אויפ'ן באהן־הויף האט איהר זיך מיט דעם העררן פון ריגא אריינגעזעצט אין איין וואָגען, און איהר האט דעם קוטשער געהייסען פאָהרען צום גראנד־האָטעל. דאָרטען האט איהר זיך גענומען צוויי צימער און איהר האט זיך באלד אריינגעלעגט אין בעט מיט דעם אויסרייד דאס איהר זייט זעהר מיעד פון וועג. קוים אבער האט דער האָליך־ענדלער פארלאָזען דאס האָטעל אויף א קורצע צייט, זייט איהר אויפגעשטאנען, האָט זיך האסטיג אָנגעקליידעט, איהר זייט ארונטער און האט זיך געזעצט אין איין וואָגען און איהר זייט גלייך געפאָהרען אהער. אויפ'ן וועג האט איהר אייך אראָפּגענומען דיא באקען־בארד.

— גאנץ ריכטיג — האט מארקוס בעשטעטיגט — אויב איהר ווינשט קען איך דעם באקען־בארד צוריק ארויפלייגען, דאָ איז ער.

מארקוס האט ארויסגעצויגען פון דער טאשע צוויי באקען־בא־ד, האט זיי ארויפ־געלעגט אויפ'ן געזיכט און פערנייגענדיג זיך האט ער געזאָגט:

— איך האב דיא עהרע מיך פאָרצושטעלען, מיסטער האררי קאָרטענינג, פון דער פירמא קאָרטענינג און קאָמפּאניע, גלאזגאָ.

— אלע ארומשטעהענדע האבען אויסגעבראָכען אין א געלעכטער, מעהר ניט דער פּאָליציי־שעף האט זיך איינגעהאלטען ניט צו לאַכען און האט פערעכטליך גע־צוקט מיט דיא אַקסלען; דאן האט ער זיך געווענדעט צו מארקוס אין א שטרענגען טאָן:

— וואס נאך פאר א געגענשטאנד האט איהר דאָ אין טאשע?

— אט דאס קליינע קעסטעלע — האט מארקוס געענטפערט רוהיג.

— גיט עס מיר אהער!

— מיט פערגעניגען, דאָ איז עס!

דא איז ליזע פּלוצלונג אויפגעשפּרונגען און האט אויסגערופען:

— דיעזע אָהרינגען געהערען אבער ניט דיר!

— שווייג, ליזע, איך בעט דיך — האט מארקוס געזאָגט.

דער שעף פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי האט געעפענט דאס קעסטעלע און האט זיך געווענדעט אן ליזע מיט דער פראגע:

— ווילט איהר פיעלייכט בעהויפּטען אז דיעזע אָהרינגען זיינען אייער אייגענ־טהום?

— ענטפער ניט ליזע — האט מארקוס שנעל אריינגערעדט — דער הערר פּאָליציי־שעף וועט אונז געוויס קענען זאגען פון וואנען דיעזע ציערונג שטאמען!

— און איך בעפעהל אייך צו ענטפערן — האט דער בעאמטער אויסגערופען אין צארן.

— איך טאר ניט! — האט ליזע געענטפערט — איהר האט דאך געהערט דאס מיין צוקינפטיגער מאן האט דאס מיר פערבאטען!

— גוט, ווען איהר וועט מיר ניט ענטפערן מיט גוטען דאן מוז איך אייך אויך פערהאפטען, און מען וועט אייך שוין מאכען צום ענטפערן!

און זיך קעהרענדיג צוריק צו מארקוס האט דער פאליציי־שעף ווייטער געפרעגט:

— זיינען אייך פיעלייכט דיעזע שטיינער בעקאנט?

— ווילט איהר מיר ערלויבען דיא שטיינער צו בעטראכטען? האט מארקוס געבעטען.

דער פאליציי־שעף האט געעפענט דאס קעסטעלע, ניט ארויסלאזענדיג זיא פון דער האנד, און האט שמייכלענדיג געזאגט: איך קען ועטען דאס איהר ווייסט פון וואנען דיא דיאמאנטען שטאמען.

— געוויס. ווייס איך דאס! — האט מארקוס אויסגערופען, נאכדעם וויא ער האט דיא טהייערע שטיינער א ווילע בעטראכט — דיעזע שטיינער האבען געהערט צו דער דיאמאנטען שנור, וועלכע איז פארינעם יאהר ארויסגענגב'עט געווארן פון שוי־פענסטער פון ציערונג־מאגאזין אין פאליי־ראיאל.

— איהר ניט דאס אלזא צו? — האט דער פאליציי־שעף געפרעגט אויפשטראה־לענדיג פאר פריידע.

— געוויס — האט מארקוס בעשטעטיגט — דיאביידע דיאמאנטען זיינען געווע־זען אין רעכטען מיטען שנור.

— איז דאס מעגליך? — האט ליזע געפרעגט ציטערענדיג.

— יא, ליעבע ליזע, האט איהר מארקוס ערקלערט — איך דערקען דיא שטיינער גאנץ גענוי.

— אה, איצטער פארשטעה איך אלעס! — האט ליזע אויסגערופען, און איהר שעהנעס געזיכט איז געווארען פורפור־רויט פון צארן — וויא דערטאפ איך יעצט דעם עלענדען שורקע, וועלכער האט געוואגט דיעזע דיאמאנטען מיר אונטערצוואארפען?

— שוויינ שטיל, רעד נור ווען איך וועל דיר דערצו אויפפאדערן — האט מאר־קוס צו איהר געזאגט — דאן האט ער זיך אין ערנסטען טאן געווענדעט צום שעף פון דער זיכערהייטס־פאליציי:

— איהר האט פריהער געזאגט, מיין הערר, דאס איהר מוזט אונז פערהאפטען! מיר זיינען בערייט אייך צו פאלגען.

דער פּאָליציי־שעף האט זיך פאַרבעריײטעט ארויסצוגעהן, האט בעשטעלט צוויי פּאָליציי־אגענטען צו בלייבען אין דער וואָהנונג, און האט זיך דאן געווענדעט צו מאַדאם מישעל און צו דעם אלטען ווערן:

— אייך ביידען מוז איך בעטען ניט צו פאַרלאָזען דיעזעס הויז, עס קען זיין אַז דער העכערער אונטערזוכונגס־ריכטער וועט אייך וועלען היינט זעהן.

— אָה, מיין הערר, מיר געהען מיט אייך פרייוויליג — האט דיא אלטע דאַמע געענטפערט מיט פעסטער שטימע.

אַלע האָבען פערלאָזען דאס הויז, וועהרענד מארקוס האט עראינערט מישעל זיך צו בערוהיגען, אזוי וויא דיעזער איז געווען אין שרעקליכע אויפרעגונג.

– וואו הין ווילט איהר אונז יעצט פיהרען? — האט מארקוס געפרעגט דעם פּאָליציי־שעף.

— צום גראַנד האָטעל, אויב איהר האט ניט דאגעגען — האט יענער געאַנטוואָרטעט איראָניש.

— אין געגענטהייל — האט מארקוס פאַרזיכערט — איך האב אייך אליין געוואָלט בעטען דאס איהר זאָלט אונז אהין פיהרען.

אין דער אומגעגענד פון רוע שאַפּעל האט זיך שנעל פארברייטעט דיא נייעס, דאס דיא פּאָליציי האט ווידער געפאַנגען מארקוס פעליסער און אלעקסאַנדער מישעל, דיא ביידע אנטלאָפענע פון נומעא, און דעריבער האט זיך פערזאַמעלט אין א גאַנץ קורצער צייט א גרויסע מענגע נייגיעריגע פאר דעם הויז, אזוי דאס דיא הויז־מייסטערין האט געמוזט צו שליעסען טיר און טויער, דאמיט פרעמדע לייטע זאָלען ניט איינדרינגען אין הויז.

דער שעף פון דער פּאָליציי האט גענעבען דעם אויפטראַג צו רופען איינינע וואגען.

— אונטען ביין טיר שטעהט דער וואגען מיט וועלכען איך בין געקומען — האט איהם מארקוס העפליך געמעלדעט — איך האף איהר וועט זיך ניט ענטזאגען מיט מיר אין איהם פּלאַטץ צו נעהמען. דיא פפערד זיינען ניט שלעכט, און דער קוטשער איז זעהר העפליך, און דאס, וויא בעקאַנט, איז זעהר זעלטען צו געפינען.

— מיר שיינט דאס אייך ווילט זיך זעהר שנעל קומען צום גראַנד האָטעל, און וואס פריהער.

— געוויס! איך וויל אייך העלפען אין אייער ארבייט.

—ווירקליך? מיר?

— יא, מיין הערר! איהר פיהרט דאָך מיר געוויס צום גראַנד האָטעל מיט דער האָפנונג צו געפינען אין מיין צימער וואס פערדעבטיגעס, ניכט וואהר?

— פיעלייכט!

— איהר האָפט נאָך געוויס צו געפינען וועלכע שטיינער פון דער בעוואוסטער דיאַמאַנטען־שנור.

— זעהט וויא מיר קומען זיך צוזאַמען אין אונזערע האָפנונגען! איך האָף אויך אין גראַנד האָטעל צו געפינען געוויסע שפורען, אָבער איך האָב מורא אז פון דיא געגנב׳טע דיאַמאַנטען איז ניט פיעל געבליעבען.

אלס דיא בעשטעקטע וואגען זיינען צוגעפאָהרען האט זיך דיא הויזטהיר געעפענט און יעדער פון דיא ארעטירטע האָט בעשטיעגען א וואגען צוזאַמען מיט דריי פּאָליציסטען, און בעגלייטעט פון דעם ווילדען געשריי פון דער מענגע האָבען דיא וואגען זיך געזעצט אין בעוועגונג. מאַדאַם מישעל און דער אלטער ווערן זיינען געפאָהרען אין א וואגען צו לעצט.

אונטערוועגס האט מארקוס ארויסגענומען פון דער טאַשע דיא קינסטליכע באקען בארד און האט זיי ווידער אנגעטאָן אויפ׳ן געזיכט, און אלס דער גאנצער טראַנספּאָרט האט זיך אָפּגעשטעלט ביין גראַנד האָטעל, האט מארקוס געבעטען דעם פּאָליציי־שעף ער זאָל איהם ערלויבען צו שפּיעלען נאָך א ווײלע דיא ראָלע פון ענגלענדער קאָרטענינג וויל אונטער דער מאַסקע קען ער איהם ניטצליך זיין.

דער בעאַמטער האט איהם דארויף ניט געענטפערט, האט פערלאנגט אין ביוראָ פון האָטעל דעם שליסעל צום צימער פון הערר קאָרטענינג, וועהרענד מארקוס, מישעל און ליזע זיינען געגאַנגען פון הינטען בעגלייטעט פון פּאָליציי־אַגענטען.

וויא שנעל דער פּאָליציי־שעף איז שנעל געלאָפען אויף דיא טרעפּ, האט איהם מארקוס דאָך אָנגעיאָגט ביי דער טהיר פון זיין צימער.

— איך בעט אייך מיר אויסצוהערען א ווײלע — האט ער געזאגט צום שעף אין א גאַנץ שטילען טאָן — מיין צימער האט צוויי טירען, איינער דורך וועלכע איהר ווילט יעצט אריינגעהן און דיא אנדערע קומט הערויס אין איין אנדער צימער; דיא טהיר פון יענעם צימער קומט הערויס דאָרט ווייטער אין קאָרידאָר און יענע טהיר וויל איך אייך בעטען שאַרף צו בעוואכען, וויל דורך יענע טהיר קענען פערשווינדען וויכטיגע בעווייזע.

מארקוס האט אָנגעצייגט אויף דיא טהיר פון פושקאָוו׳ס צימער און אויף דעם בעפעהל פון פּאָליציי שעף איז זיא בעזעצט געוואָרען מיט פּאָליציסטען...

ווען פושקאָוו האט געזאגט אין זיין טעלעגראַמע, אז ער לאָזט ניט אראָפּ דיא

**אויגען פון דעם ענגלענדער, האט ער איינענטליך געמענט צולעגען: „אזוי לאנג וויא** איך בין וואך!" וויל צוליעב דיא רייכע מאהלצייטען מיט וועלכע הערר קארטענינג האט איהם אויסגעהאלטען דעם גאנצען וועג, און צוליעב דיא פיעלע געטרענקע מיט וועלכע דער ענגלענדער פלעגט איהם טראקטירען און מיט וועלכע ער פלעגט זיך אליין אויך טראקטירען, האט ער זיך אין דיא גאנצע צייט פון דער רייזע געפונען אין א האלב־שלאפענדיגען צושטאנד. צו וויילען פלעגט ער אזוי שטארק איינשלאפען, דאס ער האט ניט געמערקט וויא קארטענינג פלעגט פערלאזען דעם וואגאן און פלעגט זיך זאמען א האלבע שטונדע און פלעגט דאן צוריק קעהרען אין וואגען צו זיין שלאפעדיגען רייזע־קאמעראדען. אין דער צייט פלעגט הערר קארטענינג אריינגעהן אין איין אנדער וואגאן, פלעגט זיך איבערוויינקען מיט מאדאם מישעל און אלעקסאנדער מישעל וועלכע זיינען דארט געזעסען, פלעגט דאן זאגען „אלל רייט" (אלעס רעכט), און געהן צוריק.

ענדליך איז מען אנגעקומען אויף פאריזער נארד־באהן־האף. אלס דער קאנדוקטאר פון צוג האט אנגעמעלדעט פאריז, האט דער ענגלענדער קארטענינג אויפגעציטערט מיט אלע גליעדער. פושקאוו האט עס בעמערקט און האט צו איהם געזאגט: „איהר שיינט צו זיין א גרויסער פריינד פון פאריז".

— דאס בין איך אויך — האט יענער געענטפערט — איך האב ליעב פאריז פונקט וויא זיא וואלט געווען מיין פאטערשטאדט.

אייניגע מינוטען שפעטער האבעןביידע רייזענדער בעשטיעגען א וואגען און פושקאוו האט געהייסען דעם קוטשער ער זאל גלייך פאהרען נאך סאינט־דעני.

— ניין, ניין! ניט גלייך אהין — האט איהם קארטענינג געבעטען.

— אבער ווארום ניט? מען ערווארטעט אונז דארט.

— איך ווייס עס, אבער איך בין איצטער אזוי מיעד דאס איך מוז עטוואס רוהע האבען. קוטשער! פיהרט אונז צו צום גראנד האטעל.

פושקאוו האט איבערלייגט אויב ער זאל ניט גלייך אויסשטייגען און טעלעגראפירען צו גערואלד ווערעניך און איהם אנמעלדען, דאס ער וועט מיט דעם ענגלענדער קומען שפעטער, אבער ער האט מורא געהאט דעם גוטען סוחר ארויסצולאזען פון דיא הענד, און איז מיט איהם געפאהרען ווייטער.

אנקומענדיג אין גראנד האטעל האט זיך הערר קארטענינג בעקלאגט איבער א ראמאטישען שמערץ אין רעכטען פוס, און האט זיך הערייננעלעגט אין בעט, אזוי שנעל וויא ער איז אריין צו זיך אין צימער.

פושקאוו איז ארומגעלאפען וויא א פערסמ'טער אין צווייטען צימער, גאנץ אויפ־

גערעגט איבער דיא פערצעגערונג אין דעם פערקויף פון דיא האַלץ. דיא אוהר איז שוין געוועזען נאָך עלף, און ער האט ניט געקענט בעשליסען וואס צו טהאָן: זאל ער וואַר־טען ביז דער ענגלענדער וועט זיך אויפּחאַפּען פון שלאָף, אדער ער זאל לויפען צו געראַלד ווערעניז?

ער האט גאַנץ שטיל אויפגעעפענט דיא טהיר פון ענגלענדערס צימער.

— ער שלאָפט אזוי הארט — האט פּושקאָוו געזאגט — דאס ער ויעט געווים נאָך א פּאָאר שטונדע שלאָפען, איך גלויב איך קען דערווייל אויסגעהן אויף א קורצע צייט.

ער האט שטיל פאַרלאָזען דעם צימער און איז ארוים אויפ'ן קאָרידאָר פון האָ־טעל. דאָרט האט ער זיך געווענדעט צו א דיענער.

— הערט אוים, מיין פריינד, מיין מיט־רייזענדער אין דעם צימער האט זיך גע־לעגט שלאָפען; ער איז זעהר מיעד און קראַנק פון וועג; גיט אכטונג אז קיינער זאָל איהם ניט וועקען אין דער צייט ווען איך בין דאָ ניטאָ.

— אה, זייט רוהיג, מיין הערר — האט איהם דער דיענער פערזיכערט — אויב ער וועט זיך אליין ניט אויפחאַפּען פון שלאָף, מעגט איהר זיכער זיין אז איהר וועט איהם נאָך געפינען שלאָפענדיג.

— גוט! און אויב ער זאָל זיך אויפחאַפּען איידער איך קום, זאָגט איהם דאָס איך וועל גלייך קומען.

— זעהר גוט, מיין הערר.

דערמיט האט זיך פּושקאָוו פערזיכערט דאָס' דער ענגלענדער וועט זיך פון זיינע פינגער ניט ארויסדרעהען. דאַן איז ער ארוים אויפ'ן גאַס, האט זיך ארייגעזעצט אין דעם ערשטען וואָגען וואס ער האט דערזעהן און איז שנעל געפאָהרען נאָך דעם בולוואר מאַלזערב, צו דער וואהנונג פון געראַלד ווערעניז. אויף זיין פראגע האט איהם דער דיענער דאָרט געענטפערט, אז דער פירסט געפינט זיך אין סאינט־דעני. ער איז דאַן ארויף אויף דעם ערשטען עטאַזש און האט זיך געלאָזט מעלדען צו דער גרעפין ברעסטאָוסקי. דיעזע האט איהם גלייך אריינגעלאָזען צו זיך אין צימער, האט פער־מאכט דיא טהיר און האט געפרעגט גאַנץ ערשטוינט:

— דוא ביזט אליין, פּוכאַרין?

— אָה, גרעפין, איך בעט אייך, רופט מיך ניט מיט דעם נאָמען, עס וואַרפט מיך אין שרעק ווען איך הער איהם!

— גוט, גוט, אבער וואס טהוסט דוא דאָ? געראַלד ערוואַרטעט דיך אין סאינט־דעני!

— איך ווייס עס גאַנץ גוט, אבער מיין ענגלענדער איז געוועזען צו מיער גלייך אהין צו פאָהרען; ער שלאָפט איצטער.

— מיינט ער דען ערנסט צו קויפען דאס האַלץ?

— געוויס! ער האט איינינע מילליאָן ליגען דאָ אין דער באַנק־דע־פראַנס, און אזוי שנעל וויא מען קומט מיט איהם דורך, צאָהלט ער מזומן.

— דאס איז אויסגעצייכענט!

— איך געה איצטער צוריק, און וועל ערוואַרטען דאָרטען דעם פירסטען. מיר וואהנען אין גראַנד האָטעל.

— גוט, איך וועל שיקען אהין מיין ברודער, אזוי גיך וויא ער קומט פון סאינט־דעני.

פוּשקאָוו האט גענומען אָבשיעד און האט שוין געוואָלט געהן, אבער פּלוצלונג האט ער זיך עטוואס עראינערט, און האט זיך אומגעקעהרט צו דער גרעפין:

— וואס זיינען דאָס פאר א שווערינקייטען, וועלכע דער פירסט האט מיר אין זיין טעלעגראַמע געשריעבען?

— האסט דוא דען קיינע געלעזען?

— ניין, צייט איך האב ריגאַ פערלאָזען איז מיר קיין צייטונג אריינגעפאַלען אין דיא הענד. אויך האב איך אימער געדאַרפט היטען דעם ענגלענדער. אזא מאַן וועל־כער קען אויסצאָהלען עטליכע מיליאָן מזומן איז ניט לייכט צו געפינען.

— דען זיי ווייסען דאס אַלעקסאַנדער מישעל און מאַרקוס פעליסער זיינען אנט־לאָפען אויס נומעאַ.

— אַלע טייפעל!

— און האבען אין א בריעף געסטראַשעט, דאס זיי וועלען אויסגעפינען דיא ריכטיגע שולדיגע.

— אָהאָ!

— דענק נור אונזער לאַגע, ווען יענע ביידע זאָלען פּלוצלונג אהער קומען.

— דאַן וואָלטען מיר אַלע געמוזט פערשווינדען, אזוי שנעל וויא נור מעגליך.

— געוויס! און צו דעם צוועק מוזען מיר אַלעס מאַכען צו געלד. וואס מיך אנבעטרעפט האב איך שוין מיין גאַנצעס פערמעגען ביי מיר אין רייזע־טאַשע.

— און דאס קינד? — האט פושקאָוו געפרעגט גאַנץ שטיל.

— דאס קינד וועט זיין דאָ ביי מיר אין הויז נאָך אין פערלויף פון א פּאַר שטונדען און אויב איך פעררייז דאַן רייזט דאס קינד מיט.

— איך פערשטעה! איך וויל דעריבער נאָך שנעלער צוריק לויפען צום ענגלענ־

דער — אָה, איך װאָלט זעהר פיעל נעגעבען, װען יענע צװײ אנטלאָפענע װאָלט דער טײפעל צוגענומען.

מיט דיעזען מענשענפרײנדליכען װאונש האט פּושקאָװ פּארלאָזען דיא גרעפין און האט זיך צוריקגעקעהרט צום גראנד האָטעל.

אלס ער איז אריינגעקומען צום ענגלענדער אין צימער האט ער דאס זעלבע געפונען לעער. דער דיענער האט איהם אריינגעגעבען א בריעף, און האט איהם אויסװעניג ערצעהלט, דאס דער הערר האט זיך אליין אויפגעחאפּט, האט זיך אנגעקליידעט, און איז אויסגעגאנגען, איבערלאָזענדיג פיר איהם דיעזען בריעף. פּושקאָװ האט שנעל אויפגעעפענט דעם בריעף און האט געלעזען:

„מיין ליעבער הערר פּושקאָװ!

אזוי װיא איך פיהל מיך איצטער בעסער, געה איך גלייך נאך דאס באנק איינצונעהמען דאס געלד. זאגט געפעליגסט דיאביידע הערען, דאס איך קום אין א פּאָר שטונדען און איך װעל דאס געשעפט גלייך מאכען. — אויף װיעדערזעהן!

הערי קאָרטענינג.“

דער אינהאלט פון דעם קורצען בריעף האט פּושקאָװ אין גאנצען בערוהיגט. ער איז ארונטער געגאנגען אין דיא גרויסע האלע פון האָטעל, און האט זיך בעקװעם אריינגעזעצט אין א שטול אום צו װארטען ביז געראלד װערנין װעט קומען.

דיעזער איז אין א קורצע צייט ארום אויך אָנגעקומען, און איז ארויפגעפאלען אויף פּושקאָװ מיט כעס:

— פיר װעמען האלסט דוא מיר דען, דאס דוא לאָזט מיך װארטען דעם גאנצע טאָג אין סאינט-דעני?

— ענטשולדיגט מיר, מיין פירסט — האט פּושקאָװ געענטפערט קאלט — אויב זהר װילט מיר זאגען װעלבע גראָבהייטען, דאן קומט בעסער אריין צו מיר אין צימער.

פערדריסליך איז איהם „דער פירסט“ נאָכגעגאנגען און ביידע זיינען הערײן אין פּושקאָװ'ס צימער. דיעזער האט פּאָרזיכטיג צוגעשלאָסען דיא טהיר.

— װאו איז דער ענגלענדער? האט געראלד געפרעגט.

— ער דאַרף דאָ באלד זיין! ער האט מיר איבערגעלאָזען דיעזען צעטעל.

— גוט — האט געראלד געזאגט, נאכדעם װיא ער האט דיא פּאאר צײלען דורכגעלעזען — מיר נעהמען װאָס ער גיט אונז.

— מיר װאָלטען געקענט פיעלייכט ארויפציהען א מיליאָן, װען מיר װאלטען נאך א װאָך געװארט.

— איך בין צופריעדענער צו פערקויפען איצטער פאר א קלענערע סומע, אלס

פּצויציהען דעם פּערקויף, — אָבער מיר דערוואַרטען זיך אויף דיין ענגלענדער דערציהל מיר פּאַרלויפיג ווי דו האָסט דורכגעמאַכט יענע נאַרישע געשיכטע מיט דער נאַרישער טענצערין ליזעטע ראַנדאָן ?

— פּאָרטרעפליך ! איך האָב איהר געגעבען איהר האַלזבאַנד צוריק.

— וואָס זאָל דאָס הייסען ?

—דאָס הייסט, איך האָב איהר געגעבען אַנשטאָט איהר האַלזבאַנד איין אַנדערעס, וועלכער איז געוועזן אַזוי ערנליך צו איהר אייגענעם, דאָס זי האָט עס אָנגענומען אַנשטאָט איהר אייגענעם. איך האָב מיך גענוי עראינערט ווי יענער האַלזבאַנד האָט אויסגעזעהן און איך האָב ביי מיר געהאַט פּערצייכענט די צאָהל פון די פּערעל, און דעריבער האָב איך געקענט אין פּעטערסבורג בעשטעלען פּונקט אַזאַ האַלזבאַנד.

— און זי האָט עס ווירקליך אָנגענומען פאַר איהר אייגענעם !

— געוויס.

— דאָס איז אויסגעצייכענט. חאַ חאַ ! איך בין העכסט צופריעדען, אַז די זאַכע האָט זיך אַזוי געענדיגט ! די נאַרישע מיידעל האָט מיר געסטראַשעט דאָס זי וועט מיר אָנקלאָגען פאַר בעטרוג. לעבערליך ! קען מען דען דיינקען פון אַזעל־בע קלייניגקייטען ווען מען איז בעשעפטיגט מיט גרויסע אונטערנעהמונגען.

נאָך אַ היבשע ווייל̇ע פון אונטערהאַלטונגען האָט געראַלד אויסגערופען אַלס ער איז איינינע מאָל ארומגעלאָפען אונגעדולדיג איבערן צימער :

— וואָס קען דאָס זיין מיט דיין ענגלענדער וואָס ער קומט ניט ?

— וואַהרשיינליך מוז ער וואַרטען אין באַנק, איהר ווייסט דאָך וואָס פאַר פאָרמאַליטעטען מען מוז דורכגעהן, ווען מען האָט צו בעקומען אַ גרויסע סומע פון באַנק.

— דאָס איז ריכטיג ! איידער ערמאַנד האָט ערהאַלטען זיינע פיער מיליאָ־נען פון דער פייער־פערזיכערונגס־געזעלשאַפט זיינען פערגאַנגען מאָנאַטע.

פּלוצלונג איז געראַלד געבליבען שטעהן ווי בעטראָפען פון אַ געדאַנקען, האָט זיך אָוועקגעשטעלט נעבען פּושקאָוו און האָט געפרעגט :

— וואָס פאַר אַ מאַן איז אייגענטליך דיעזער ענגלענדער ?

— אָה, איין זעהר ליעבענסווירדיגער יונגער מאַן — אָבער איהר קענט דאָך איהם !

— איך ?

— געווים! און הערר ערמאַנד קען איהם אויך. וואו איז דען דער הערר ערמאַנד איצטער?

— ער איז געבליבען אין סאַינט־דעני, און ער ערוואַרטעט אונז דאָרטען. אָבער ווי אַזוי פאַלט דיר איין צו זאָגען אַז מיר קענען דעם הערר קאַרטעניגג?

— וואָס הייסט ווי אַזוי? איהר האָט דאָך איהם אַליין צוגעשיקט צו מיר!

— ווער? מיר?

— געווים! ער האָט אייך און הערן ערמאַנד געזעהן און געשפּראָכען אין פּאַריז. איהר האָט איהם מיטגעטהיילט דאָס איהר האָט אין ריגאַ אַ גרויסען לאַגער פון האָלץ. איהר אַליין האָט איהם געהייסען זיך ווענדען צו מיר, איהר אַליין האָט איהם דערצעהלט אַז איך האָב געמאַכט אַ רייזע פון אייערט וועגען נאָך סט. פּעטערסבורג, פון וואַנען איך וועל פיליכט ניט זיין צוריק געקאָמען ווען ער וועט זיין אין ריגאַ, און אין דעם פאַל האָט איהר איהם געראַטהען ער זאָל אויף מיר וואַרטען.

— זאָג מיר נאָר, ביסטו אַראָפּ פון זינען, אָדער דו האָסט היינט געטרונקען מעהר ווי געוועהנליך? איך קען ניט און ווייס ניט קיין הערר קאַרטעניגג; איך האָב איהם קיין מאָל ניט געזעהן און פיעל וועניגער מיט איהם געשפּראָכען.

פּושקאָוו איז שרעקליך בלאַס געוואָרען אַלס ער האָט דערהערט דיעזע ווערטער.

— ניט־שוין־זשע האָב איך מיך געלאָזט אריינגאַרען אין זאַק, איך עזעל וואָס איך בין! — האָט ער געמורמעלט.

אין דעם אויגענבליק האָט זיך געעפענט די טהיר פון צימער, וועלכע איז אריינגעקומען אין הערר קאַרטעניגגס צימער, און דער ענגלענדער האָט זיך בעוויזען אויפ'ן שוועל:

— אה־אה! דאָ האָבען מיר זיי!

געראַלד ווערענין איז אויפגעשפּרונגען, אַלס ער האָט דערזעהן מאַרקוס אויפ'ן שוועל, און האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן צו דער אַנטקעגען געזעצטער טהיר אום צו אַנטלויפען.

— אַנטלויפען איז אונמעגליך מיין פּירסט, אַלע אויסגענגע איז בעזעצט, געראַלד האָט פון דעסטוועגען געפּרופט עפענען די טהיר; אַלס ער האָט אָבער אין קאָרידאָר דערזעהן אַ האַלב דוצענד פּאָליציסטען איז ער בלאַס געוואָרען און איז געבליבען ווי פערשטיינערט שטעהן.

פּושקאָוו האָט זיך ניט געריהרט פון פּלאַטץ און האָט אָנגעקוקט מאַרקוסען וועלכען ער האָט איצטער בעטראַכט פיר אַ געהיים פּאָליציסטען.

דער שעף דער זיכערהייט פּאָליציי האָט גלייך איינגעזעהן דאָס די ביידע מענער וועלכע ער זעהט פאַר זיך האָבען קיין ריינעם געוויסען אָבגלייך ער האָט נאָך דעם ריכטיגען צוזאַמענהאַנג ניט בעגריפען.

דערווייל זיינען אויך מישעל און ליזע אָנגעקומען: אַלס די שעהנע מיי־דעל האָט דערזעהן ווערענין האָט זי אויסגערופען אָנווייזענדיג מיט איהר פינגער אויף איהם:

— דאָס איז דער שורקע.

מאַרקוס האָט איהר צוריק געהאַלטען און געהייסען שווייגען; דאַן האָט ער זיך געווענדעט צום פּאָליציי שעף און האָט געזאָגט מיט וואָרעמקייט:

— מיין הערר איך רעד איצטער אין פולען ערנסט ווייל עס דריינקט מיך מיינע עהרע צו רייניגען פון אַלע פלעקען, און דאָס איז א פונקט מיט וועלכען איך טרייב קיין שפּאַס ניט. איך בעט אייך דעריבער מיך אויפמערקזאַם צו הערען און אויך אונזער פירסט מיט זיינע קאַמעראַדען פּוכאַרין מעגען אונז צוהערען.

אַלס דער רוסע האָט געהערט דיעזען נאָמען האָט אויפגעציטערט מיט'ן גאַנ־צען קערפּער; ער האָט זיך באַלד געפאַסט און האָט געענטפערט:

— איהר האָט אַ טעות הערר קאָרטעגינג, איך הייס פּושקאָוו!

— ניין, איהר הייסט אַזוי פּושקאָוו ווי איך הייס קאָרטעגינג — האָט מאַר־קוס אויסגעשריען און האָט אַראָפּגעריסען זיינע באַקען באַרד פון געזיכט.

— איך הייס — אָבער מיין נאָמען האָט דאָך ניט צו טאָן מיט דער זאַכע!— דער הערר שעף פון דער זיכערהייטס פּאָליציי קענט מיך; — אָבער אייך קען ער דאָך ניט און דעריבער וויל איך אייך איהם פאָרשטעלען.

— איהר מיין הערר זייט דער שעף פון דער זיכערהייטס פּאָליציי האָט גע־ראַלד אויסגערופען שטאָלץ — דאַן ערלויבט מיר אייך צו פרעגען אַז איהר לאָזט צו אַזאַ שפּאַס אין אייער געגענוואַרט? — איך פערשטעה קיין וואָרט וואָס דיעזער מענש פּלוידערט דאָ. ערלויבט מיר אייך צו מעלדען אַז איך בין פירסט געראַלד ווערענין און איך וועל פאָדערען גענוג טאָן פיר דיעזע בעליידיגונג.

— איהר זייט אַ בעטריגער — האָט מאַרקוס געשריען.

— האַ? מיר וואַגט איהר דאָס צו זאָגען? — האָט געראַלד געברומט אויפ־הויבענדיג די האַנד.

— נאָר ניט געסטראַשעט — איך בעט אייך האָט איהם מאַרקוס געענטפערט רוהיג—ווי איהר זעהט שטעה איך דאָ ניט אליין. איך בין געווען פאָרזיכטיג גענוג

אום צו לאָזען זיך פאַר אַרעסטען אום צו קומען אהער מיט פּאָליציסטען אום צו מאַכען אונמעגליך אייך צו אַנטלויפען.

דער שעף פון פּאָליציי האָט אָנגעקוקט אָהן ווערטער באַלד איינעם און באַלד דעם אַנדערן און אויפ'ן קאָפּף איז איהם אַרויף דער געדאַנקען, דאָס פּיליכט האָט מיט אַ יאָהר צוריק דער אָרעם פון גערעכטיגקייט ווירקליך שלעכט געגרי־פען, אלס ער האָט געפּאַקט מאַרקוס פעליסער.

מאַרקוס האָט זיך געווענדעט צום שעף פון דער פּאָליציי, און האָט ווייטער גערעדט:

— מיין הערר! איך קלאָג דיזעביידע מענער אָן פיר אַ פערברעכען פון בע־טרוג, וועלכע זיי האָבען בעגאַנגען געגען פרייליין ליזעטע ראַנדאָן, וועלכע געפינט זיך יעצט אין פּעטערסבורג דאָ איז אַ שריפטליכע ערקלערונג פון יענע דאַמע, וועלכע בעשטעטיגט מיין אַנקלאַגע. ער האָט דעם פּאָליציי־שעף דערלאַנגט דעם בריעף, און האָט געגעבען אַ וואונק ליזע, דאָס זי זאָל זיך בערוהיגען, אַזוי ווי זי איז געוועזען גאַנץ ערשטױינט פון דיזען אונערוואַרטעטען פאַל. דאַן האָט ער ווייטער צום שעף דער פּאָליציי גערעדט.

— פון דיזער שריפט קענט איהר זעהן, דאָס דער פירסט געראַלד ווערע־נין וועלכער האָט זיך אַזוי הויך פאַרגעשטעלט פאַר ליזעטע ראַנדאָן האָט פון יענער דאַמע געליהען אַ האַלדזבאַנד פון פּעריל, און האָט עס גאַנץ איינפאַך צו־גענומען פיר זיך.

ווערענין און פּוכאַרין האָבען זיך ביידע שנעל אומגעקוקט, און דער לעצטער האָט זיך געווענדעט צום שעף פון דער פּאָליציי.

ערלויבט מיר אייך צו ענטפערן אַז די גאַנצע געשיכטע איז נור אַ מיס־פערשטענדניס, וועלכעס מען וויל בענוטצען אום אונז צו פערלוימדען מיט אומ־זיסטע בעשולדיגונגען. אויב איהר ווילט מיר ערלויבען, קען איך אייך די גאַנצע געשיכטע אויסאייננאַדערזעטצען.

— איהר קענט רעדען! — האָט דער בעאַמטער געזאָגט, שאַרף אָנקוקענדיג די רוסען.

און דיעער האָט געזאָגט:

— עס איז ריכטיג דאָס פרייליין ראַנדאָן האָט דעם פירסטען אַנטפערטרויט דעם האַלדזבאַנד, וועלכעס ער האָט איהר ניט געקענט צוריק געבען ווייל ער האָט פּלוצלונג געמוזט פערלאָזען וויען. דאָס האַלדזבאַנד איז פערבליעבען ביין פירס־טען אין די הענד, ווייל ער האָט ניט געוואוסט וואו יענע דאַמע איז פון וויען

אוועקגעפאָהרען. אזוי שנעל ווי ער האָט ערפאַהרען דאָס די דאַמע וואָהנט אין פּעטערסבורג, האָט ער מיר צוגעשיקט דעם אויפטראַג, אַז איך זאָל איהר איי־בערגעבען דעם האַלדזבאַנד און דאָס האָב איך אויך געטאָן.

— דאָס איז דער האַלדזבאַנד — האָט מאַרקוס געזאָגט צו פוכאַרין ארויס־נעהמענדיג אַ פּעריל האַלדזבאַנד פון דער טאַשע.

— יאַ! דאָס איז עס — האָט פוכאַרין געענטפערט.

— און איהר זאָגט, אַז דאָס איז דער זעלבער האַלדזבאַנד וואָס דיעזער הערר האָט פון דער דאַמע גענומען?

— אָהנע צווייפעל!

— איהר זאָגט ליגען! דיעזעס האַלדזבאַנד האָט איהר בעשטעלט אין איין ציערונגס מאַגאַזין אויף נעווסקי פּראָספּעקט, אין סט. פּעטערסבורג! — אהא! זעהט איהר שוין, אַז דאָס קענט איהר ניט לייקענען!

—איהר האָט געהאַפּט, איהר וועט פריילין ראַנדאָן אָפּנאַרען, און זי וועט ניט בעמערקען די פערוועכסלונג. די עהנליכקייט צווישען דעם האַלדזבאַנד און יענעם איז ווירקליך ניט זעהר גרויס, אָבער דאָך איז דאָ איין אונטערשיעד אָן וועלכען מען קען דעם בעטרוג דערקענען. דאָס האַלדזבאַנד וועלכעס איז פער־פערטיג געוואָרען אין פּאַריז האָט געטראָגען אויף זיך דעם פראַנצויזישען גאָלד־שטעמפּעל, וועהרענד דיעזער האַלדזבאַנד האָט אויף זיך דעם רוסישען גאָלד־שטעמפּעל! איהר קענט אייך דאַרין איבערצייגען, מיין הערר!

מיט די ווערטער האָט ער דעם פּאָליציי שעף איבערגעגעבען דעם האַלדז־באַנד וועהרענד געראַלד און פוכאַרין האָבען זיך דערשראָקען אָנגעקוקט.

און זיך ווענדענדיג צו געראַלד — האָט מאַרקוס ווייטער גערעדט:

דיעזע אַנגעלעגענהייט וועגען האַלדזבאַנד האָב איך און מיין פריינד ערשט ערפאַהרען אין סט. פּעטערסבורג. מיר האָבען דאַן ניט געהאַפּט דאָס מיר וועלען דאָ אין פּאַריז געפינען איין בעסערען בעווייז פון אייער לומפּעריי, הערר פירסט! — דאָך דערפון וועלען מיר שפּעטער רעדען, דערווייל ווייל איך דערצעהלען דעם הערך פּאָליציי שעף עטוואָס פון אייער פערגאַנגענהייט.

פוכאַרין האָט ניט ווילענדיג ארויסגעלאָזען אַ קרעכץ, וועהרענד ווערענין האָט געמאַכט פאַר צאָרן קולאַקעס.

—הערר שעף—האָט מאַרקוס גערעדט ווייטער, ווי צעהלענדיג זיינע ווער־טער—דיעזער מאַן, וועלכער גיט זיך אויס פאַר אַ פירסט, איז אַ גאַנץ איינפאַכער

גנב און בעטריגער, וועלכער איז אַנטלאָפען פון די הענד פון דער רוסישער פּאָלי־
ציי. דער אַנדערער איז אימער געווען דער העלפער פון זיין זויבערען הערערן. וואָ־
הין דיעזעביידע לייטע זיינען געקומען האָבען זיי איבעראַל בעטראָגען יענע ליי־
טע, וועלכע האָבען זיי געשיינקט דעם פערטרויען. איך צווייפעל ניט דאָס ווען זיי
זאָלען זיך נאָך פרעגען ביי דער היעזיגער רוסישער געזאַנדשאַפט, וועט איהר גע־
ווים ערפאהרען וועגען אַנדערע שרעקרייען פון די ביידע פּאַרשוינען. און אויף
די אויסזאגען פון אַזאַ שורקע האָט מען מיך פעראורטהיילט צו לאַנגיעהריגער
צוואַנקס־אַרבייט. הערר פּאָליציי שעף, איך האָב געהאַט בדעה, דאָס שנעל ווי
איך וועל צוריק קערען נאָך פּאַריז, זאָל איך דעם געריכט מיטטהיילען און ער־
קלערען דאָס איך האַלט דיעזען גליקזוכער פאַר דעם גנב פון די דיאַמאַנטען־שנור
צוליעב וועלכען מען האָט מיך בעשולדיגט. ביז איצטער האָבען מיר געפיהלט די
ריכטיגע בעווייזע דאצו; איצטער האָב איך זיי. דיעזער שורקע האָט זיך ניט צו־
פריעדען געשטעלט דער מיט וואָס ער האָט מיך אַוועק געשיקט דורך זיין פּאַלשע
צייגנים אין קאַטאָרזשנע. ניין, ער האָט דאָס נאָך געוואָגט פון מיר צו ווע־לען
אַוועקרויבען יענע וועלכע איך האָב ליעב. איך זאָג איך, הערר פּאָליציי־שעף,
דאָס איך מוז צוזאַמען נעהמען מיינע גאַנצע קאַלטבלוטיגקייט אום מיך ניט צו
שטירצען אויף דיעזען לומפּ, אום מיר צו פערשאַפען גערעכטיגקייט מיט מיין
אייגענער האַנד. איצטער איז די רייהע אָן דיר, ליזע, צורעדען, דערצעהל אונז
אין גאַנצען פון אָנהויב ביז'ן סוף, וואָס ביי דיר האָט פּאַסירט אין דער צייט ווען
איך בין דאָ ניט געווען!

ליזע איז פאָרגעטרעטען און האָט אָנגעפאַנגען מיט פעסטער שטימע:

— זייט דעם איך בין געבליבען אַליין האָט מיך דיעזער מאַן פערפאָלגט
אויף שריט און טריט. אַזוי שנעל ווי איך פלעג זיך לאָזען זעהן אויף דער שטראַסע
איז ער אויך געווען דאָרט. ער האָט זיך ערלויבט מיך פריינדליך צו בעגריסען
אָבגלייך איך האָב איהם קיין מאָל ניט געענטפערט. איך האָב אויפגעהערט צו
געהן אָפט אויפ'ן גאַס און דיעזער מענש האָט זיך ערלויבט צו קומען צו מיר נאָך
הויזע. ערשט דאַן האָב איך ערפאהרען, אַז ער איז דער פירסט געראַלד ווערניןֹ,
דער מאַן וואָס האָט אויפ'ן געריכט געצייגט געגען מיין געליעבטען מאַרקוס און
צוליעב וועלכען דיעזער איז פון מיר ענטריסען געוואָרען. איך האָב איהם גע־
וואָלט פעריאָגען פון מיין הויז, אָבער ער האָט מיך אָנגעהויבען פאַרזיכערען,
אַז ער אַליין בעדויערט דאָס אונגליק וואָס ער האָט מיר פעראורזאַכט ניט ווי־
לענדיג און ער איז בערייט אַלעס צו טהאָן, אום אַלעס ווידער גוט צו מאַכען.
ער האָט מיך פערזיכערט, אַז ער גלויבט אין די אונשולד פון מאַרקוס. ערשט
געסטערן איז ער געווען ביי מיר אין דער וואָהנונג און אָהן מיין וויסען האָט

**ער מיר** איבערגעלאָזען דיעזע קעסטעלע מיט די דיאַמאַנטען וועלכע האָבען מיר פעראורזאכט די גרעסטע קריינקונג.

מאַרקוס וועלכער האָט צוגעהערט די ערצעהלונג מיט דער גרעסטער שפּאַנונג האָט דאַן נאָך צוגעזעצט:

— און איך בעהויפּטע דיעזעביידע דיאַמאַנטען געהערען צו יענער דיאַמאַנטען־שנור, וועלכעס איז פאָריגעס יאָהר גע'גנב'עט געוואָרען פון מיר אין ציערונגס־מאַגאַזין, אין פּאַליי ראָיאַל.

— דאָס איז ליעגען — האָט געראַלד ארויסגערופען — און האָט דאַן אָנגענומען א פערעכטליכען שמייכעל, ווי איינער וואָס לאַכט פון נאַרישע בעשולדיגונגען.

— איך וועל די וואַרהייט פון מיינע ווערטער בעווייזען — האָט איהם מאַרקוס געענטפערט.

—הערר שעף—האָט זיך געראַלד געווענדעט שטאָלץ צום פּאָליציי־דירעקטאָר—איך געפין עס זעהר זאָנדערבאַר, דאָס איין עדעלמאַן און זיין טרייער דינער זאָלען מוזען הערען בעליידיגונגען פון איין אַנטלאָפענעם ארעסטאַנט, און איהר שטעהט דער ביי און הייסט איהם ניט שווייגען. איך מוז אייך זאָגען דאָס איך בעטראַכט עס אונטער מיין ווירדע צו ענטפערן מיט איין וואָרט אויף דיעזע אַלע בעשולדיגונגען.

אַלעקסאַנדער מישעל וועלכער האָט די גאַנצע צייט געשוויגען איז יעצט פאָרגעטרעטען און האָט בעמערקט:

— נאָך מיין מיינונג קענען דיעזע אַנגעלעגענהייטען ענטשיעדען ווערען נור דורך דעם פּראָקוראָר פון דער רעפּובליק.

— דאָס איז אויך מיין מיינונג — האָט מאַרקוס צוגעשטימט — און דאריבע ווילען מיר אייך בעטען הערר פּאָליציי שעף איהר זאָלט אונז אַלעמען אָהן אויסנאַהמע אוועק פיהרען צו דעם פּראָקוראָר.

נאָך אַ קורצער איבערלייגונג האָט זיך דער בעאַמטער געווענדעט צו געראַלד:

— ווי שמערצליך די בעשולדיגונגען זיינען פיר אייך, בין איך דאָך ניט איבערצייגט, אַז זיי זיינען פּאַלש, און דעריבער זעה איך מיך גענויטיגט אייך און אייער דיענער צו נעהמען נאָך דעם יוסטיץ־פּאַלאַץ אונטער זיכערער בעגלייטונג.

דער פּאָליציי־שעף האָט געגעבען אַ צייכען און פיער פּאָליציי־אַגענטען האָבען ארומגערינגעלט געראַלד און זיין דיענער.

— וואָס זאָל דאָס בעדייטען? — האָט געראַלד אויסגערופען אין צאָרן — איהר ווילט אונז פערהאַפטען?

— **דערווייל**ע מוז איך זעהן אייערע פערזאָנען צו האַלטען אין **זיכערהייט**.

— דער פאר וועט איהר מיר טהייער בעצאָהלען! איך וועל מיך בעקלאָגען אין איין העכערען אָרט!

— דאָס מעגט איהר טהאָן, דערוויילע מוזט איהר פאָלגען; זאָנסט וועל איך מוזען אָנווענדען שטרייגגערע מיטעל געגען איך. פאָרווערטס!

וועהרענד די פאָליציי האָט געעפענט די טהיר, און האָבען די ביידע רוסען ארויסגעפיהרט אין קאָרידאָר, האָט גערעלד עטוואָס איינגערוימט פוכארין אין אויער.

א פאָר פאָליציי אַגענטען זיינען צוריק געבליבען אין די צימער און וועהרענד דער שעף האָט זיי געגעבען איניגע בעפעהלע, ווי אזוי זיך צו פערהאַלטען, האָט ער פלוצלונג דערהערט איין שרעקליכען ליארעם פון דרויסען. ער איז האָסטיג ארויסגעלאָפען פון צימער און האָט דערזעהן ווי די ביידע רוסען וועלכע האָבען אומגעוואָרפען זייערע וועכטער פון ביידע זייטען פליהען ארונטער די פיעלע טרעפ מיט אַלע זייערע קרעפטען.

מארקוס האָט זיך מיט אַלע קרעפטען געזוכט ארויסצורייסען פון זיינע וועכטער, אום נאָך צו יאָגען, אָבער יענע האָבען איהם צו פעסט געהאַלטען.

— יאָגט נאָך יענע שורקען! — האָט ער געשריען מיט אַלע קרעפטען.

— שנעל יאָגט זיי נאָך! — האָט אויך דער שעף געשריען.

א האַלב דוצענד פאָליציי אַגענטען האָבען זיך א לאָז געטאָן הינטער ביידע אנטלאָפענע.

— אַלס גערעלד האָט פוכארינען פריהער איינגערוימט אין אויער, האָט ער איהם געזאָגט אין רוסיש:

— לאָמיר אונז בעפרייען! דו לויף שנעל נאָך מיין שוועסטער און זאָג אז זי זאָל גלייך פליהען נאָך ענגלאנד, און איך קום איהר נאָך.

פונקט ווי נאָך א סיגנאַל האָבען ביידע שורקען פלוצלונג אין דעם זעלביגען אויגענבליק דערלאַנגט איניגע געזונטע קלעפּ מיט'ן פויסט זייערע וועכטער וועלכע זיינען אומגעפאַלען און אין דער סומאַטאָכע וועלכע איז דער פון געוואָרען זיינען זיי אַנטלאָפען.

ביידע זיינען אונגעשטערט ארויף געלאָפען אויפ'ן הויף פון האָטעל און האָבען שוין געהאַלטען ביי ארויסלויפען אויף די גרויסע בולווארס, אַלס פלוצלונג איז מאַדאַם מישעל און דער אַלטער ווערן זיי אַנגעקומען אנטקעגען. דיעזע ביידע האָבען געוואַרט אויפ'ן גאַס אום צו ערפאַהרען וואָס איז געוואָרען פון דער פאָליצייליכער אונטערזוכונג. אַלס זיי האָבען דערזעהען אין הויף צוויי פערזאָנען לויפענדיג האָבען זיי פערשטאַנען דאָס וואַהרשיינליך פערפאָלגט מען זיי און זיינען

זיי געקומען אנטגעגען, אויסער דעם האָבען זיי דערהערט די אַגענטען שרייען:
האַלט זיי! פּאַקט זיי!

אַלס געראַלד האָט דערזעהן ווי די אַלטע פרוי שטעלט זיך איהם אין וועג האָט ער געשריען אין העכסטער וואוטה:

— אָן אַ זייט! מאַכט פּלאַץ!

אָבער די אַלטע מונטערע פרוי וועלכע האָט איהם דערקענט האָט זיך איהם געוואָרפען אין וועג מיט דעם אויסרוף: אָה ניין, פון מיר וועסט דו ניט פאָרט!

ווי אַ פערצווייפעלטע האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אויף איהם און האָט איהם צוגעדריקט צו איינער פון די זיילען ביים טויער פון הויף. ווערן ווידער האָט זיך שנעל איינגעבויגען און האָט כאַפּ געטאָן דעם אַנדערען פאַרן פוס, און דער דיקער פּוכארין איז אומגעפאַלען ווי אַ שווערע שטיק האָלץ. ער האָט איהם דאָרטען גע־האַלטען ביז די פּאָליציי־אַגענטען זיינען אונטערגעקומען.

געראַלד האָט זיך דער ווייל געראַנגעלט מיט דער אַלטער פרוי און נאָך אַ האָר וואָלט ער זיך געהאַט געריסען פון איהר, אָבער צום גליק איז איהר מישעל געקומען צו הילפע. דערזעהנדיג פון וויטען ווי זיין מוטער קעמפּפט מיט געראַלד ווערענין האָט ער זיך מיט פערצווייפלונג אַרויסגעטאָן פון זיינע ביי־דע וועכטער, און איז צוגעשפּרונגען אַהין, פאַרפאַלגט פון די פּאָליציי־אַגענטען. דורך אַ וואוכטיגען קלאַפּ פון מישעלס האַנד איז געראַלד אומגעפאַלען צום באָ־דען.

## 4טעם קאַפּיטעל.

## גיפט און רעטונג.

אין פריה מאָרגען פון דעם זעלביגען טאָג האָט נינא איבערגעלעזען איינינע מאָרגען־צייטונגען, ווי זי פלעגט עס אין דער לעצטער צייט טאָן יעדען טאָג, אין דער האָפנונג צו געפינען וועלכע נייעס וועגען אַלעקסאַנדער מישעל און זיין פריינד, אַלס זי האָט אַ היבשע צייט געלעזען האָט זי די בלעטער אַוועק געוואָר־פען מורמלענדיג פאַר זיך:

— נאָך אימער גאָר נישט.

דאַן האָט זי אָנגעקלונגען און איהר קאַמער־מיידעל איז ערשיענען:

— איז ניטאָ פיר מיך אַ בריעף? — האָט זי געפרעגט.

— ניין! מיין פריילין!

— ווייסט איהר ניט אויב מיין פאָטער איז נאָך צו הויז?

— הערר ערמאַנד האַט מיט א פּאָר שטונדען צוריק פארלאָזען דאָס הויז צו זאמען מיט פירסט ווערנין.

— גוט! — האט נינא געענטפערט.

דאָס קאַמער מיידעל איז ארויסגעגאנגען און נינא האַט זיך געזעצט ביין פענסטער וואָס איז ארויסגעקומען אויפ׳ן הויף, און האַט זיך אין גאנצען איבער־געגעבען איהרע געדאנקען.

נאָכדעם ווי זי איז אַזוי געזעסען אונגעפעהר א פיערטעל שטונדע, האַט זי דערהערט ווי א וואָגען איז געבליבען שטעהן ביין פראָנט פון הויז. זי האַט אנ־פאנגס געמיינט אַז דער פאַטער איז געקומען צו פאָהרען אָבער אז זי האַט א ווײלע געוואַרט און האט קיינע טריט געהערט אויף די טרעפּ, האַט זי פערשטאַ־נען אַז דאָס מוז זיין איין אַנדערער. נאָך אין א פּאָר מינוטען האַט זי בעמערקט אויפ׳ן הויף איינע אַלטע פרוי וועלכע האַט געפיהרט פארן האנד א יונגעם קינד, א אינגעל פון א יאָהר פינף, גאַנץ ריינטליך אָבער אָרעם געקליידעט. דיעזע פרוי איז געגאנגען מיט דעם קינד צו דעם הינטערסטען אריינגאַנג אין קיך פון דער גרעפינס וואָהנונג. נינא האַט פערשטאַנען אַז דאָס זיינען וואהרשיינליך די פּאַרשוינען וואָס זיינען איצטער ערשט צוגעפאָהרען צום הויז און וועלכע זיינען דורכ׳ן קאָרידאָר אריין אין הויף אַנשטאַדט ארויף צו געהן מיט די טרעפּ צו דער גרעפין.

— ווער איז דיעזע פרוי? און וואָס איז דאָס פאר איין קינד? — האַט זיך נינא געפרעגט — איך האָב זיי דאָ פריהער קיינמאָל ניט געזעהן; דאָס איז וואהר־שיינליך איין בעזוך צו דער קעכין — האַט זי זיך אליין דערקלערט.

און נינא האַט זיך גענומען קלעהרען אַנדערע זאכען, וועלכע זיינען געוועזען איהר נעהענטער אַלס איין אונבעקאַנטע פרוי און איין פרעמדעס קינד.

פון יענעם טאָג אָן וואָס זי האָט בעזוכט די געביידע צוזאמען מיט איהר פאַטער אין סאינט דעני האַט דער פירסט מיט איהר קיין וואָרט געשפּראָכען אויסער די געוויינליכע העפליכקייטען. אויך די בענעהמונג פון דער גרעפין צו איהר האַט איהר אויסגעוויזען וועניגער פריינדליך אַלס פריהער. דערפאַר אָבער איז צו איהר דער פאַטער געוואָרען פיעל צערטליכער אַלס ער איז פריהער גע־ווען, און עס איז אַזוי ווייט געקומען דאָס מיט צוויי טעג צוריק האַט זי זיך ער־לויבט איהם צו זאָגען:

— ניט וואהר ליעבער פּאפּא ווען אַלעקסאַנדער מישעל וואָלט איצטער צו־ריק געקומען וואָלסטו איהם פריינדליך עמפּפאנגען?

און ער האַט איהר געענטפערט יא, און האַט איהר דערביי הערצליך אומ־אָרעמט און געקוסט.

— אָה, ווי אנגענעהם איז איהר געווען, און ווי האָט זי זיך געפרייט צו בעמערקען אז אַ פערענדערונג אין איהר פאָטער, וועלכען זי האָט אין גרונד פון הארצען זעהר ליעב געהאַט.

גוסטאוו ערמאָנד האָט איצטער פון צייט צו צייט געפיהלט געוויסענביסע וועגען אַלעם וואָס ער האָט בעגאנגען אין דעם לעצטען יאָהר. עס האָט איהם אין הארצען געקריינקט וואָס ער האָט זיך געלאָזען פארפיהרען פון דער שוועסטער מיט דעם ברודער ווערענין צו פערברעכען. ניט ווילענדיג האָט זיין אומגאנג מיט גרעפין ברעסטאָווסקי און מיט איהר ברודער געראלד אויפגעהערט צו זיין אַזוי פערטרויליך ווי פריהער, אָבגלייך פון דרויסען איז אַלעם געבליבען אונפערענדערט.

וואָס מעהר ערמאָנד האָט זיך צוריקגעצויגען פון זיינע פערפיהרער האָט ער זיך אַלץ מעהר צוגענייגט צו זיין טאָכטער, וועלכע האָט איהם קיין מאָהל ניט אויסגעזעהן אַזוי ליעבענסווירדיג ווי איצטער.

— ווארום איז מיין פאָטער ניט געווען אַלע מאָל אַזוי פריינדליך ווי איצטער — האָט נינא ביי זיך געטראכט — וויפיעל גליקליכע יאָהרען האָבען מיר פארלאָרען דאדורך!

ווען דער פאָטער פלעגט איצטער אבענדס קומען נאָך הויזע, פלעגט ער אימער מיטברייגנען פאר זיין טאָכטער די שעהנסטע בלומען, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז דערמיט פערשאַפט ער איהר די גרעסטע פריידע. די גרעפין פלעגט אימער לאַכען דערפון און איינמאָל האָט זי איהם זאָגאר געזאָגט:

— מען וואָלט קענען גלויבען דאָס איהר זייט אין אייער טאָכטער פערליעבט.

דארויף האָט ערמאָנד טרויעריג געשמייכעלט און האָט קיין וואָרט געענטפערט.

אין דעמזעלמבען טאָג האָט ער געהאַט איבערגעגעבען זיין טאָכטער די מיל־ליאָנען וועלכע ער האָט געהאַט אָפּגענומען פון דער באַנק דע־פראַנס און האָט איהר געזאָגט, דאָס ער פיהלט זעהר אומרוהיג ווען ער לאָזט איבער דאָס געלד צו הויזע, וועהרענד ער איז דאָרט דעם גאנצען טאָג ניטאָ, און ער האָט מורא דאָס מען זאָל פון איהם דאָס געלד ניט ארויס'גנב'ענען, דעריבער גיט ער עס איהר איבער צום אויבערוואהרען, בעזאָנדערס דערפאר ווייל דאָס געלד געהערט איהר סיי־ווי־סיי.

ערפרייט איבער אַזאַ צייכען פון פערטרויען, האָט נינא גענומען דאָס געלד און האָט עס פאָרזיכטיג פערשלאָסען אין אַ קעסטעלע פון איהר שרייב־טיש.

צו מיטאָג איז הערר ערמאָנד ערשיענען צוזאַמען מיט געראלד און ביים טיש איז געשפראָכען געוואָרען וועגען די רייזע אין אַמעריקאַ, ווי עס איז פריי־הער ערצעהלט געוואָרען.

ארום צוויי אוהר אונגעפעהר, אלס נינא איז געזעסען ביי זיך אין צימער האט זי פארהער געזעהן אריינקומענדיג די פרוי מיט'ן קינד און נאכהער האט זי געהערט א לעבהאפטעס געשפרעך פון נעבען־ציעמער וואו אלגא האט זיך אונטערהאלטען מיט פוחארין. נאכדעם ווי דיעזער איז אוועקגעגאנגען, איז די גרעפין אריין אין זאל; זי איז געוועזען זעהר אויפגערעגט און האט אויסגעוויזען זעהר איבערראשט צו זיין, אלס זי האט דארט געטראפען נינא; דאך האט זי זי אומארעמט און איז זעהר פריינדליך געוועזען צו איהר. דאן האט זי זיך ארויסגעבויגען דורכ'ן פענסטער און האט ארויסגעקוקט אויפ'ן בולוואר, און האט פלוצלונג אויסגערופען מיט פריידע:

— א, דא קומט ער!

— מיין פאטער? — האט נינא געפרעגט אויפשפרינגענדיג פון איהר זיטץ.

— ניין, מיין ברודער.

— נינא האט זיך גאנץ ענטטוישט צוריק אנידערגעזעצט, וועהרענד אלגא איז ארויסגעגאנגען און האט עמפפאנגען איהר ברודער ביי זיך אין צימער. דארט האט זי איהם דערצעהלט וואו פאחארין געפינט זיך, און ווארום ער איז ניט געפאהרען גלייך נאך סאינט־דעני.

— גוט, איך געה גלייך נאכ'ן גראנד האטעל — האט געראלד געזאגט מיט ערגער. — ווייסטו שוועסטער דאס מיין הארץ ציהט מיך צו פערלאזען פאריז?

— ערמאנד פאנגט מיך אן צו ברייננגען אין פערצווייפלונג; איך האב נאך אין מיין לעבען ניט געזעהן אזא שוואכען כאראקטער ווי ער איז.

— פארגעס ניט ברודער דאס מיר וואלטען איהם ניט געקענט דרעהען ווי מיר ווילען ווען ער וואלט בעזעסען א שטארקען כאראקטער.

—דאס איז מעגליך, אבער איך קאן דיר פערזיכערען דאס אזוי ווי פוחארינ'ס ענגלענדער בעצאהלט אונז די סומע, וועל איך גלייך פערשווינדען. איך פיהל א שטורם אין דער לופט, און ארום איז קיין זאך ניט זיכער.

דאס זאגענדיג איז געראלד אוועקגעגאנגען נאכ'ן גראנד־האטעל, און איז אריינגעפאלען אין נעטיי, וועלכעס מארקום האט פאר איהם אנגעגרייט.

אלגא האט געמעלדעט נינא'ן דאס איהר פאטער איז געבליבען אין סאינט־דעני, און דאס געראלד האט נאך וועלכע געשעפטען אין שטאדט. דאן האט זי זיך צוריקגעצויגען אין איהר צימער, האט פעסט צוגעריגעלט די טהיר וועלכע פיהרט צום זאל, און האט אנגעקלונגען.

איין דיענער איז ערשיענען.

— שיק מיר ארויף די פרוי מיט דעם קינד וועלכע זיינען איצטער ערשט גע־קומען און געפינען זיך אין קיך.

— צו בעפעהל, מאדאם.

נאך פערלויף פון עטליכע מינוטען איז אריינגעקומען די פרוי, וועלכע ני־נא האט פריהער קריי͏צענדיג דעם הויף, און וועלכע איז קיינע אנדערע געוועזען אלס די אונז בעקאנטע מארטהא מייערמאן. פאר'ן האנד האט זי געפיהרט איין פינף־יעהריגען אינגעל, וועלכער האט געמאכט דעם איינדרוק פון איין איינגע־שראקענעם, פערשלאגענעם קינד.

— האט אייך ווער געזעהן קומענדיג אהער? — האט די גרעפין געפרעגט.

— ניין, מאדאם, איך בין געקומען אין איין פערמאכטען וואגען.

— איז ווער היינט געוועזען ביי אייך צו הויזע?

— היינט ניט, אבער געסטערן אבענדס איז געוועזען יענע יונגע דאמע וועלכע הערט ניט אויף אונז נאכצושפירען.

אזוי ווי די גרעפין האט שוין פון דעם אלעם געוואוסט האט זי זיך ניט מעהר נאכגעפרעגט און האט נור געזאגט:

— זעהר גוט, מארטהא, מעגסט איבערלאזען דאס קינד דא און ארונטע־געהן אין קיך ביז איך וועל דיך רופען.

די פרוי האט שווייגענדיג פערלאסען דאס צימער.

— אזוי בין איך געשיצט — האט די גרעפין געזאגט אלס זי האט צוגע־שלאסען די טהיר פון איהר צימער — איצטער וויל איך נור ווארטען ביז גערא־רעט קומען און דאן מוז שנעל בעשלאסען ווערען וואס עס איז צו טאן. די לופט איז ווירקליך צו דריקענד אין פאריז.

דאס קינד איז געזעסען שטיל און דערשראקען אין א ווינקעל, וועהרענד די גרעפין איז ארויסגעגאנגען אויפגערעגט אין צימער הין און צוריק.

א האלבע שטונדע איז אזוי פאראיבער, אלס ערמאנד'ס וואגען איז אונטע־געקומען אין גאנצען בעדעקט מיט בלומען. נינא האט גערופען איהר קאמער־מיידעל און איז מיט איהר ארונטערגעגאנגען.

— מיין פאטער קומט ניט היינטע צו הויז — האט נינא בעמערקט — דעריבער שיקט ער מיר דיעזע בלומען.

— דאס איז ווירקליך נאריש! — האט די גרעפין געמורמעלט לאנגזאם פאר זיך.

אנקומענדיג אונטען האט נינא געזאגט צום קוטשער:

— דאָס איז פיר מיך — ניט וואהר ?

—יא, מיין פריילײן ! — האָט דער קוטשער געענטפערט און האָט געהאָל־פען דער יונגער דאַמע ארויסנעהמען די בלומען פון וואָגען. ער האָט איהר דער־צעהלט ווי אזוי איהר פאָטער האָט אָפּגעקויפט ביי א בלומענהענדלערקע איהר וועגעל בלומען און האָט איהר געשיקט.

דער קוטשער האָט געהאָלפען צוזאַמען מיט דער קאַמערמעדכען ארויפ־טראָגען די בלומען אויבען און איז שוין געשטאַנען אין בעגריף צו פאַרלאָזען דעם זאַל, אלס פּלוצלונג האָט ער זיך א כאַפּ געטאָן ביי דער טאַשע און האָט געזאָגט :

— אך, איך האָב פערגעסען דאָס דער הערר האָט מיר מיטגעגעבען דיע־זען בריעף פאַר אייך, מיין פריילײן.

— גיט מיר איהם אַהער שנעל.

האַסטיג האָט זי געעפענט דעם בריעף אָבער איידער זי האָט איהם געלעזען צו ענדע האָט זי ארויסגעלאָזען א הערצרייסענדען געשריי און איז בעוואוסטלאָז אומגעפאַלען.

די גרעפין האָט עס ביי זיך אין צימער דערהערט, האָט שנעל געעפענט די טהיר און איז אריינגעלאָפען אין זאַל. וועהרענד דער קוטשער מיט דאָס קאַמער־מעדכען האָבען זיך בעמיהט די אָהנמעכטיגע ארויפצוליײגען אויף'ן דיוואן האָט די גרעפין א וואָרף געטאָן מיט'ן אויג אויף דעם אינהאַלט פון בריעף וועלכען ני־נאַ האָט פעסט געהאַלטען אין האַנד. זי האָט דערפון דערזעהן דאָס גוסטאַוו ער־מאָנד וויל זיך טוידטען און דאָס די אונשולדיגקייט פון אַלעקסאַנדער מישעל איז שוין בעוויזען געוואָרען.

די גליקזוכערקע האָט זיך באַלד געפאַסט און האָט געזאָגט צו דער קאַמער־מעדכען.

— לייג אוועק די אָהנמעכטיגע דאָרט אויפ'ן קאַנאַפּע — איך געה נעהמען איין פלעשעלע אום איהר צו געבען איין שמעק.

זי האָט פאַרלאָזען דעם זאַל און האָט געאיילט צוריק אין איהר צימער אריין, וואו זי האָט האַסטיג ארויפגעוואָרפען איבער זיך א מאַנטעל, האָט ארויס־גענומען פון א שראַנק א קליינע רייזע־טאַשע, האָט דאַן ערגריפען דאָס ערשראָ־קענע קינד ביי דער האַנד און האָט געזאָגט :

— קום, איך פיהר דיך צו מאַמאַ.

זי האָט גאַנץ שטיל פאַרלאָזען דאָס צימער און איז ארויס אין קאָרידאָר, וועל־

בעם האָט געפיהרט צום הינטערסטען אויסגאַנג פון הויז, שטיל מורמלענדיג פאַר זיך:

— זאָלען זיי דאָ זעהן צורעכטקומען אַזוי גוט ווי זיי קענען — איך בין ניטאָ דערביי!

אָבער קוים האָט זי אַראָפּגעשטעלט איהר פוס אויף דעם ערשטען טרעפּעל, אַלס זי האָט פּלוצלונג ארויסגעלאָזען איין געשריי פון שרעק, אַזוי אַז דאָס קינד האָט אויפגעציטערט און האָט אויף אָנגעהויבען צו שרייען, און האָט גענומען לויפען צוריק, צום פראָנט אויסגאַנג צום קאָרידאָר. די אורזאַכע וואָס האָט איהר אַזוי געמאַכט דערשרעקען איז געווען פעדאָראָוו, וועלכער איז געשטאַנען מיט נאָך איינעגע מענער אונטען, ביים ארויפגאַנג. אַלס זי איז אָבער צוגעקומען נעהענטער צו די פראָנט-טרעפּ האָט זי דערהערט אייניגע מענער־שטימען און טריט און האָט איינגעזעהן אַז יעדער וועג צום ענטרינען איז איהר אָפּגעשניטען. זי האָט אָבער נאָך געפונען ביי זיך אַזוי פיעל איבערלייגונג, אום זיך אריינצוכאַפּען צו זיך אין צימער צוריק, און צופעריגלען די טהיר הינטער זיך. זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום פענסטער און האָט ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ, אָבער אייניגע מענערגעשטאַלטען וועלכע האָבען זיך געזעהן אונטען אין דער דונקעלהייט פון דעם אַנבּרעכענדען אָבענד האָבען איהר געמאַכט אריינצוכאַפּען שנעל דעם קאָפּ צוריק.

אַ ווייל איז זי געבליבען שטעהן ווי פערשטיינערט, בלאַס, פערצווייפעלט, און האָט געמורמעלט:

— אַלעס איז פערלאָרען!...

נאָך אייניגע אויגענבליקע איז זי אַזוי געשטאַנען, די טריט און די שטימען פון דרויסען זיינען אַלץ צוגעקומען נעהענטער און נעהענטער צום טהיר.

— אַלעס? — האָט די פערצווייפעלטע זיך אליין געפרעגט—ניין, נאָך ניט אַלעס—האָט זי זיך געענטפערט און האָט געוואָרפען אַ בליק אויף דאָס ערשראָקענע קינד, וועלכעס האָט יעצט ווידער געשוויגען און האָט דערשראָקען געקוקט אַרום זיך אין דונקעלען צימער—נאָך איינס איז מיר געבליבען—די ראַכע.

עס האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טהיר:

— אים נאָמען פון געזעטץ, עפענט!

— שנעל! איך מוז טהאָן! — האָט זיך אָלגאַ אליין אויפגעמונטערט.

זי איז צוגעלאָפען צום שראַנק, האָט איהם אויפגעעפענט, און האָט פון איהם ארויסגעכאַפּט אַ פלאַש מיט אַ גלאָז, וועלכעס זי האָט אָנגעפילט ביז צום ראַנד.

—דאָס וועט גענוג זיין פאַר אונז ביידען— האָט זי געמורמעלט ענט־

שלאָסען און איז האַסטיג צוגעגאַנגען צום ערשראָקענעם קינד, וועלכעס האָט זיך אינסטינקטיוו א פּאָר טריט צוריקגעצויגען.

— אים נאָמען פון געזעטץ פאָדער איך אייך אויף צום צווייטען מאָל — עפענט! — האָט ווידער געזופען א דיקע שטימע פון דרויסען.

—טרינק!—האָט זי געזאָגט צום קינד מיט א גערעמפּפטער שטימע, און זי האָט איהם אויסגעשטעלט דאָס געפילטע גלאָז צו די ליפען.

— איך וויל ניט טרינקען! — האָט דאָס קינד געשריען וויינענדיג, פּונקט ווי עס וואָלט פיהלען, אַז דאָ איז טויט.

ביי דעם געשריי פון קינד האָבען זיך די מענער פון אנדערן זייט טהיר אָנגעהויבען צו ריהרען שטאַרקער און עס האָט זיך געלאָזט הערען די שטימע פון איין מאַן וועלכער האָט געזאָגט:

— זי וועט מיר ערמאָרדען מיין קינד, ווי זי האָט געדראָהעט.

אָלגאַ ברעסטאָווסקי האָט דערקענט די שטימע פון פעדאָראָוו און א טיפּלישער שמייכעל האָט זיך בעוויזען אויף איהרע ליפּען.

צום דריטען מאָל האָט זיך געלאָזט די אויפפאָדערונג צו עפענען די טהיר, אָבער אנשטאָט איין ענטפער האָט די פערצווייפעלטע גליקזוכערקע געפּאַקט דאָס קעפּיל פון דעם וויינענדען קינד מיט איהר לינקען ארעם, האָט עס פאַררייסען מיט דעם מונד ארויף און האָט מיט געוואַלד געזוכט אריינצוגיסען דעם אינהאַלט פון גלאָז דעם קינד אין מויל.

דאָס קינד האָט זיך געשליידערט און געקעמפּפט מיט זיינע לעצטע קרעפטען אָבער אין דעם נעקסטען אויגענבליק איז איהר געלונגען איהם צו צווינגען צו עפענען זיין מויל אַזוי ווי זי האָט איהם אָפּגעשניטען צו אָטהעמען דורכ'ן נאָז.

שוין האָט זי געהאַלטען די גלאָז ביי זיינע ליפען, בערייט אריינצוגיסען די טוידטענדע פליעסיגקייט צו איהם אין מויל, אַלס די טהיר פון איהר צימער האָט פּלוצלונג געגעבען דעם שטאַרקען דריק פון א פּאָר מענער־שולטערן און איז אויפגעשפּרונגען.

—אַלעס איז פערלאָרען—האָט די גרעפין אויסגערופען אָפּלאָזענדיג דאָס יאָמערענדע קינד און אין אויגענבליק האָט זי צוגעטראָגען די גלאָז צו איהרע ליפען און מיט איין צוג האָט זי אויסגעלעערט דעם גאַנצען אינהאַלט.

א שטאַרקער ברייט שולטעריגער מאַן איז צו איהר צוגעקומען, האָט ערגריפען איהר ארעם און האָט אויסגערופען:

— אין נאָמען פון געזעץ איהר זייט מיין געפאַנגענע!

א שפּאַטישער שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף דיא ליפּען פון דיא גרעפין, דאָס האט זיא זיך פּלוצלונג אַ חאַפּ געטהאן מיט דער לינקער האנד פאַרן ברוסט, האט אויפגעשריען און אונטער קאָנוואולסיווע בעוועגונג איז זיא געפאַלען צו באָדען.

— זיא איז פערניפטעט און פערלאָרען — האט געזאָגט דער מאַן מיט דיא ברייטע שולטערן.

עטליכע אַנדערע מענער זיינען דערווייליג אריינגעלאָפען אין צימער און אונטער זיי וואהרען אויך פעדאַראָוו און באַרסקי. דער ערשטער האט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דאס קינד, האט עס אומאַרעמט, האט בעדעקט זיין געזיכט מיט קיסע, און טרערען פון פריידע האָבען געשטראָמט פון זיינע אויגען.

— מיין קינד! מיין איינציג קינד! האט ער פיעל מאָהל ווידערהאָלט איינס נאָך דאס אנדערע.

דער ברייט שולטערדיגער מאַן האט זיך געזעצט ביים טיש אום צו שרייבען אַ פּראָטאָקאָל. ער האט איינעם פון זיינע אַגענטען געשיקט פּאַרצולאַדען דיא איינוואָה־נער פון הויז און אלס איהם איז אָנגעמעלדעט געוואָרען דאס דיא טאָכטער פון גוכ־טאָוו ערמאָנד ליעגט אָהנמעכטיג אין זאַל, האט ער זיך שנעל אויפגעהויבען און איז אַהין געגאַנגען אין דיא בעגלייטונג פון אַ פּאָר פּאָליציי־אַגענטען, באַרסקי און פע־דאַראָוו.

אינצווישען האט זיך נינא אויפגעחאַפּט פון איהר אָהנמאַכט און האט זיך דער־זעהן אימער האַלטענדיג דעם בריעף פון איהר פאָטער אין האַנד.

זיא האט זיך מיט שרעק ארום געקוקט און אלס זיא האט דערזעהן דיא פרעמ־דע מענער שטעהענדיג ארום האט זיא אויסגערופען האסטיג:

— איז דאס מעגליך? איז דאס וואהר?

און זיא איז נאָך איין מאָהל דורך געפלויגען דעם אינהאַלט פון בריעף וועלכען זיא האט געהאַלטען אין האַנד און האט געזיפצט: אָה מיין ארעמער פאָטער!

דער ברייטשולטעריגער שטאַרקער מאַן וועלכער איז געוועזען פּאָליציי־קאָמיסאַר פון יענעם קוואַרטאַל האט זיך געווענדעט צו נינא, קומענדיג אַ פּאָר טריט נעהנטער צו איהר:

מיין פרייליין מיר זיינען אהער נים געקומען וועגען אייער פאָטער, זאָנדערן וועגען יענע פרוי וועלכע איז ביז יעצט געווען דיא ווירטהין פון דיזען הויז און איז איצטער נים מעהר צווישען דיא לעבעדינגע.

— ווער? דיא גרעפין? טוידט?

— יא, מיין פריילין, פערגיפטעט . . . זעלבסט־מאָרד — האט דער קאָמיסאַר געענטפערט.

נינא האט זיך א חאפ געטהאָן מיט דיא הענד פאַר'ן קאָפּ:

— מיין גאָט! מיין גאָט! וואס געהט דאָ פאָר?

דאָ איז איהר אויג געפאַלען אויפ'ן קוטשער וועלכער האט איהר מיט א קורצע צייט צוריק געבראַכט דיא בלומען. זיא האט זיך האסטיג געקעהרט צו איהם:

— האט איהר דיא פערד שוין אויסגעשפּאַנט?

— ניין, מיין פריילין, נאָך ניט.

— דאַן פיהרט מיך שנעל נאָך כאינט־דעני! — האט זיא אויסגערופען און האָט האסטיג געחאַפּט איהר הוט און איהר מאַנטעל — איך מוז זעהן מיין פאָטער!

— אבער דער הערר ערמאָנד איז ניט אין סאינט־דעני — האט דער קוטשער בעמערקט — ער איז אויסגעשטיגען אין פּאַריז.

— פיהרט מיך נאָך סאינט־דעני, און אזוי שנעל וויא דיא פערד קענען לויפען! האט נינא גערופען אונגעדולדיג.

זיא האט שנעל פערקאָזען דעם זאַל נאכדעם וויא זיא האט זיך לייכט פערנייגט פאַר דיא פרעמדע הערּרען. דער פּאָליציי־קאָמיסאַר האט זיא ניט צוריקגעהאַלטען דען ער האט דערוויילע א וואָרף געטהאָן איין אויג אויף דעם אינהאַלט פון דעם בריעף וועלכען נינא האט אוועקגעלייגט אויפ'ן טיש, און ער האט געוואוסט וועגען וואָס דאָ האנדעלט זיך. ער האט נור געגעבען א וואונק צו איינעם פון זיינע אגענטען איהר נאָכצוגעהן און האט זיך דאַן געווענדעט צו פעדאָראָוו און בארסקי:

— איך גלויב מיינע הערּרן מיר קענען געהן נאכדעם וויא מיר האבען אונזער צוועק ערּרייכט: מיר האבען דאס קינד געּרעטעט און איהר האט עס פריש און גע־זונט. אדיע, מיינע הערּרען, איך מוז פליהען צום שעף פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי און איהם איבערגעבען דיעזען וויכטיגען בריעף.

— און מיר פאָהרען פּין דאַנען גלייך צום פּראָקוראָר — האט בארסקי געזאָגט צו פעדאָראָוו.

אלע האבען פערלאָזען דאס הויז מיט דער אויסנאַהמע פון צוויי פּאָליציי־אגענטען, וועלכע זיינען איבערגעבליבען אין הויז אלס וואַכע.

— — — — — — — — — —

אלס נינא איז אָנגעקומען אין סאינט־דענ האט זיא אָנגעפאַנגען ביי אלעמען נאָכצופרעגען נאך איהר פאָטער, אבער קיינער האט איהר ניט געקענט געבען קיין בעשייד.

ארום זעכס אוהר אבענדס איז זיא צוריק געקומען נאך דער וואהנונג פון דער גרעפין, און האט אין זאל געטראפען איין מאן וועלכער האט זיא ערוואַרטעט.

— זייט איהר מיין פריילין דיא טאָכטער פאָן הערן ערמאָנד? — האט ער זיא געפרעגט.

— יא, מיין הערר.

— קענט איהר מיר זאָגען וואו אייער הערר פאטער געפינט זיך איצטער?

— ניין! איך זוך איהם אליין און קען איהם ניט געפינען און איך בין גאנץ פערצווייפעלט!

— איך קום מיט איין אויפטראג פון הערן פראָקוראָר פון דער רעפובליק איהם צו ערזוכען ער זאָל מיט מיר געהן גלייך צום יוסטיץ־פאלאץ.

— צו וואס דען? — האט נינא געפרעגט ערשראָקען.

— איך וויים נור אזוי פיעל, דאס עס האנדעלט זיך וועגען זעהר וויכטיגע אנגעלעגענהייטען, און דיא אנוועזענהייט פון אייער פאטער איז זעהר נויטיג.

קוים האט דער מאן פון געריכט געענדיגט דיעזע וואָרטע, אלס דער דיענער האט אריין געפיהרט איין בעאמטען פון נאָרד־באהן, וועלכער איז איינגעטרעטען אין זאל מיט זעהר א פערלעגענער מינע.

— וואס ווינשט איהר? — האט איהם נינא געפרעגט בעזאָרגט.

— מאדאם, וואָהנט ניט אין דיעזע הויז הערר גוסטאוו ערמאָנד?

— יא, וואס איז דען?

— עס ווייזט אויס אז מיר האָבען ריכטיג פאראויסגעזעצט אז דער מאן איז הערר ערמאָנד, דען מיר האָבען ביי איהם אין פאלטאָ געפונען איין נאָטיץ־בוך מיט וויזיטען קארטען אויף דעם נאמען.

— וויזיטען קארטען? אין ועמענס פאלטאָ?

— אין דעם פאלטאָ פון דעם אונגליקליכען וועלכער איז אראפגעפאלען פון דעם פערדעק פון א וואגאָן, אין דעם אויגענבליק ווען א שנעל־צוג איז געקומען ברויזענד אנטקעגען.

— אלמעכטיגער גאָט! — האט נינא אויסגערופען שלוכצענדיג.

— און ער איז דערביי געטעדטעט געוואָרען — האט דער בעאמטער געענדיגט זיין טרויעריגע בשורה.

— וואו איז ער? — האט דאס אונגליקליכע יונגע מיידעל געפרעגט.

— יעצט איז ער נאָך אויפ׳ן באהנהאָף, און דעריבער בין איך אהער געשיקט געוואָרען אום זיין פאמיליע צו בענאכריכטיגען.

— ווילט איהר מיך פיהרען צו איהם, מיין פריינד?

— זעהר גערן, מיין פריילין.

און זיך קעהרענדיג צום שליח פון פראָקוראָר האט ניתא געזאָגט:

— אויב דער הערר פראָקוראָר וועט וועלען מיך זעהן אנשטאט מיין פאָטער וועט ער מיך געפינען ביי מיין פאָטערס לייכע.

דאן האט נינא פערלאָזען דעם זאל און איז אונטען איינגעשטיעגען מיט דעם באהן־בעאַמטען אין וואָגען און איז אוועקגעפאָהרען.

דער מאן פון געריכט האט אויסגעהערט דעם טרויריגען בעריכט פון ערמאָנדס טוידט מיט דער גרעסטער גלייכגילטיגקייט; אין זיין פראַקטיקע האט ער שוין געזעהן נאך טרויריגערע פאָרפעלע, און א גאנץ געוואָהנליכער זעלבסט־מאָרד האט איהם ניט געקאָנט ריהרען; שוויינענדיג האט ער פארלאָזען דאס הויז, און איז אונטען איינגע־שטיעגען אין וואָגען וואס האט אויף איהם געוואַרטעט, וועהרענד ער האט געמור־מעלט פאר זיך אליין:

— דיעזער זעלבסטמאָרד מאכט דעם גאַנצען פאל זעהר איינפאך, אָבער דיא זאכע אליין וועט מאכען אין פאַריז געוואלדיגעס אויפזעהן!

אלס ער איז צוריק געקומען אין יוסטיץ־פאלאַץ און איז אריין געקומען אין ביורא פון פראָקוראָר וואו עס האָבען זיך אויך דאן געפונען דער שעף פון דער זיכערהייטס־פאָליציי און דער אונטערזוכונגס ריכטער, וועלכער האט מיט א יאָהר צוריק געפיהרט דיא אונטערזוכונג אין דער גנבה פון דער דיאמאַנטען־שנור און אויך אין דעם אונטע־צינדען אין דער פאַבריק פון סאינט־דעני. דיעזע דריי הערען וועלכע האָבען שוין גע וואוסט פון אלעס וואס איז פאָרגעפאלען אין גראנד־האָטעל, האָבען איצטער געהאל־טען א גרינדליכע בעראטהונג וואס עס איז אין דער זאכע צו טאָן.

— נון, האט איהר מיטגעבראכט דעם הערען ערמאָנד? — האט דער פראָקר ראָר געפרעגט דעם איינטרעטענדען געריכטס דיענער.

— ער איז טוידט! — האט יענער געענטפערט.

— טוידט? — האָבען אלע אויסגערופען מיט אמאָהל.

— יא, ער איז בעגאַנגען זעלבסט־מאָרד.

אין דעם אויגענבליק איז אריינגעקומען א דיענער און האט דעם פראָקוראָר איבערגעגעבען א בריעף. דיעזער האט איהם שנעל געעפענט, דורכגעלעזען, און האט געזאָגט:

— ווירקליך, אין דיעזען בריעף פון דעם אומגליקליכען זעהט מען דיא אבזיכט זיך צו נעהמען דאס לעבען — האט איהר געזעהן זיין לייכע?

— ניין — האט דער געריכטס דיענער געענטפערט — אָבער איין באהן בעד אמטער האט אין מיין געגענוואַרט בענאכריכטיגט דיא טאָכטער פון הערך ערמאַנד, דאס איהר פאָטער האט זיך געוואָרפען אויף דיא שינען פון שטאָדט באהן און איין שנעל־צוג האט איהם געטעדטעט. דיא לייכע געפינט זיך נאָך אויף דעם נאָרד באהנהאָף.

דיא דריי בעאמטע האָבען זיך אַנגעקוקט איינער דעם אַנדערן מיט איין פאָר־וואורף דען יעדער איינציגער פון זיי האט געהאלטען דיא איבעריגע צוויי פעראַנט־וואָרטליך פיר דעם מיאוסען פעהלער וועלכער איז אין דעם פאל בעגאַנגען געוואָרען. נאך א קורצען פיינליכען שווייגען האט ענדליך דער פּראָקוראָר געזאָגט:

— דאס איז א העכסט אונאנגענעהמע געשיכטע!

דער אונטערזוכונגס ריכטער און דער שעף דער זיכערהייטס־פּאָליציי האבען ביידע צושטימענד געשאָקעלט מיט דיא קעפּ, וועהרענד יעדערער האט פערשטאַנען דעם שפּרוך וויא איהם האט געפּאַסט. דער פּראָקוראָר האט ווייטער געזאָגט:

— איצטער איז שוין אַלעס קלאָהר. אויב עס איז ביז אהער געוועזען וועלכער צווייפעל מוז ער איצטער אין גאַנצען פערשווינדען; דען דער פאַקט וואס דיא ביידע רוסען האבען געזוכט צו אַנטלויפען בעווייזט זייער שולד.

— פיהר אריין אלע געפאַנגענע — האט דער פּראָקוראָר בעפאָהלען דעם פּאָ־ליציי בעדיענטען.

אונטער שטאַרקע בעוואַכונג זיינען איינגעטרעטען געראלד און פּוכארין, דאַן מארקוס פּעליסער און אַלעקסאַנדער מישעל, און אונטער זיי, אָהן בעוועגונג, זיינען אריינגעקומען מאדאם מישעל און דער אַלטער ווערן, וועלכע זיינען געבליבען שטעהן אין הינטערגרונד פון צימער.

דער פּראָקוראָר האט זיך צו זיי געווענדעט:

— זעצט זיך אַלע. — איך האב געהאט דיא אַבזיכט צו זעהן זיך פריהער מיט הערך ערמאַנד, וועמענס אויסזאַגע האט אונז זעהר ניטצליך געווען פאר׳ן אנפאַנג פון דיא פערהאַנדלונגען; אָבער איך האב איצטער ערשט ערפאהרען דאס ער האט זיך געטוידטעט.

— דיעזע מיטטהיילונג האט ער פאָרגעבראַכט א געוואַלדיגע אויפרעגונג אונ־טער דיא פאָרגעלאַדענע און מישעל האט אויסגערופען:

— מיין גאָט! יעצט פערשטעה איך דעם זינן פון זיינע לעצטע ווערטער.

— האט איהר איהם דען היינט געזעהן?

— געוויס, היינט נאָך מיטאג. אוים מיטלייד פיר מיין געוועזענעם שעף האב

איך איהם געוואָלט מיטטהיילען, דאס ער וועט היינט ווערען אנגעקלאגט, איך האב בעאבזיכטיגט איהם צו ווארנען און איהם ראטהען צו אנטלויפען, דען וויא מיר האט אויסגעזעהן איז ער ניט געוועזן דער שולדיגסטער אין דיעזער זאכע, פיעל מעהרער איז ער געוועזן דער פערפיהרטער. זיין פלעצליכער טוידט איז מיר זעהר שמערצליך.

— דאָ איז א בריעף וועלכען איך האב יעצט פון איהם ערהאלטען — האט דער פראָקוראָר געזאגט — און האט דאן איהם פאָרגעלעזען. דארויף האט ער זיך געווענדעט צו מישעל און האט געזאגט:

— ווילט איהר אונז אויסאייננאנדערזעטצען דעם גאנצען צוזאמענהאנג פון דעם פאַל הערר מישעל?

— איך קען ניט יעצט, הערר פראָקוראָר — האט מישעל געענטפערט — דיא נאכריכט פון הערן ערמאָנדס טוידט האט מיך אזוי ערשיטערט, דאס איך מוז אייך בעטען, הערר פראָקוראָר, צו ערלויבען מיין פריינד מארקוס פעליסער אייך צו געבען דיא פערלאנגטע אויסקונפט. איך האב ניט דיא קראַפט דערצו.

— וויא? — האט גערואלד אויסגערופען מיט שפּאָט — יעצט וואגט איהר ניט צו רעדען? היינט צו מיטאָג זייט איהר דאָך געוועזן אזוי מוטהיג.

— שווייגט! — האט דער פראָקוראָר זיך אויף איהם אָנגעבייזערט, און האט זיך דאן ווידער געווענדעט צו מישעל:

— פיהלט איהר זיך ווירקליך ניט אימשטאנדע צו געבען מיר דיא נויטיגע ער־קלערונגען?

— ניין! הערר פראָקוראָר — האט מישעל בעשטעטיגט — ווען עס וואָלט זיך נור געהאנדעלט ארונטערצורייסען דיא מאסקע פון דיעזען שענדליכען גליקזוכער, וואָלט איך מיר גערען פערגינט דיעזע פריידע; אבער עס וואָלט מיר געוועזן זעהר פיינדליך אָנצוקלאָגען א מאַן, וועלכען וואָלט זעהר גערן געאכטעט און וועלכער איז איצטער ניט מעהר אונטער דיא לעבעדיגע.

— דאַן רעדט איהר, הערר פעליסער.

העכסט ערפרייט איבער דיעזע אויפפאָדערונג האט מארקוס אָנגעפאנגען:

— פאָר אלעם מוז איך אייך זאגען, הערר פראָקוראָר, דאס דיעזער פרישגע־באַקענער „פירסט ווערעניו" איז א גאנץ אייפאכער בעטרינגער...

— יא, יא, דאס וויסען מיר שוין — האט דער פראָקוראָר איהם אונטערבראָ־כען — מיר האבען שוין דיא איבערצייגונג דאס איהר זייט אונשולדיג אין דער גנבה פון דער דיאמאנטען־שנור, און ווענן דעם וועלען מיר נאָך רעדען מאָרגען. איצטער וועל

איך אייך בעטען זיך צו בעשרענקען נור אויף דיא אנגעלעגענהייט, וועלכע בעטרעפט אייער פריינד, הערן מישעל.

— זעהר גוט, מיין הערר, איך וועל אייך גלייך בעווייזען דאס מיין פריינד איז פינקט אזוי אונשולדיג וויא איך דער אונטערצייכנדער וועלכער האט דעם פּאַרראַטה פון דיא האָלץ ביי דער פאַבריק אין סאַינט־דעני געשטעקט אין פייער, איז דיעזער בע־לייבטער מאַן, וועלכער רופט זיך הערר פּושקאָוו, אָבגלייך זיין ריכטיגער נאמען איז פּוהארין. ער איז אָבער נור געוועזען א העלפער, איין ווערק־צייג אין דיא הענד פון זיינעם הערן, דעם ווירדיגען פירסט ווערעניין — איך וויל ניט זאגען פון הערן ערמאָנד ווייל דיעזער איז אייגענטליך געוועזען מעהר בעטראָגען אלס בעטריגער.

נאָך דיעזער קליינער הקדמה האט מאַרקוס פּעליסער אומשטענדליך געשילדערט דיא גאַנצע געשיכטע פון פערברעכען, דיא פערוועקסלונג פון דעם גיטען האָלץ אויף שלעכטען, און אַלעס וואס זיי האבען ערפאַהרען אין פּעטערסבורג און אין ריגא.

— איהר קענט זיך נאָך געוויס דערמאַהנען, מיין הערר — האט מאַרקוס געזאָגט צום פּראַקוראָר — דאס ניט ווייט פון דעם פּלאַטץ וואו דיא שרפה איז געוועזען זיינען געפונען געווארען צוויי בריעף־טאַשען פון רוסישען לעדער, מיט דעם בוכשטאַב „מ" אויף דיא שלעסער, וויא אויך א קליין קעסטעלע מיט רוסישע צינדהעלצער. — ווען איהר וועט יעצט אונטערזוכען דיעזען הערן פּוהארין, געפינט איהר ביי איהם פונקט אזא בריעפטאַשע און פונקט אַזעלכע צינדהעלצער.

אויף איין וואונק פון פּראַקוראָר האבען צוויי פּאָליציי־אַגענטען גלייך אונטערזוכט פּוכארין, און האט ווירקליך געפונען דיא צוויי בעצייכענטע געגענשטענדע וועלכע זיי האבען איבערגעגעבען דעם פּראַקוראָר.

— איהר וואונדערט זיך געוויס פון וואַנען איך האב דאס געוואוסט? — האט זיך מאַרקוס געווענדעט מיט שפּאָט צו פּוכארין — דאס קומט דער פון, מיין געשייטער הערר, וואס איינער וועלכער איז נאָך געשייטער פון אייך, איז אייך נאָכגעגאַנגען טריט ביי טריט אין פּעטערסבורג אלס איהר זייט אריינגעגאַנגען אין איין מאַגאַזין פון צירונג, און נאָכהער אין פּאַסאַזש, און האט געזעהן וויא איהר האט דיעזע געגענ־שטענדע געקויפט.

פּוכארין האט אָנגעקוקט מאַרקוסען מיט אויסגעגלאָצטע אויגען, און איז געזע־סען אונבעוועגליך וויא איין אויסגעשניצטער פון האָלץ, וועהרענד געראַלד האט ווי טהענד געמורמעלט צו איהם אויף רוסיש: דרייפּאַכער שורקע, דרייפּאַכער עזעל!

מאַרקוס וועלכער האט בעמערקט דיא געזע מינע פון געראַלד, אָבגלייך ער האט זיינע ווערטער ניט פערשטאַנען, האט ער צו איהם געזאָגט:

— איהר דאַרפט אייער טרייען דיענער ניט שילטען, דען איהר אליין זייט ניט בעסער וויא ער, און אז מען לייגט נאך צו צו אייך אייער האָכוואָהלגעבאָרענע שוועסטער זייט איהר א טהייערע טראָיקע.

געראַלד וועלכער האט דיא גאַנצע צייט מיט מיהע צוריק געהאַלטען זיין וואוט, איז יעצט אויפגעשפרונגען און האט גערופען צום פּראָקוראָר:

— מיין הערר, וויא קענט איהר עס דולדען דאס דיא צוויי אַרעסטאַנטען וועלכע זיינען אַנטלאָפּען פון נומעא זאָלען דאָ פאַר אייך אויסברייטען א גאַנצעס געוועב פון ליגען!

נאך איידער מאַרקוס אָדער מישעל האבען צייט געהאט דארויף צו ענטפערן איז איין געריכטס דיענער ערשיענען און האט געמעלדעט דעם פּראָקוראָר דאס דער פּאָליציי־שעף מיט צוויי העררן מיט א קינד פערלאַנגען איהם צו זעהן.

דער פּראָקוראָר האט זיי געהייסען אריינפיהרען און באַלד איז אויך ערשיענען אין צימער. דער פּאָליציי־שעף אין דער בעגלייטונג פון באַרסקי און פעדאָראָוו מיט זיין קינד.

דער פּאָליציי־שעף האט מיטגעטהיילט דעם פּראָקוראָר דאס ער האט ערהאַלטען א ראַפּאָרט פון פּאָליציי־קאָמיסאַר פון בולוואַרד מאַלזערב דאס דיא גרעפין אָלגא ברעסטאַווסקי האט זיך פערגיפטעט און איז געשטאָרבען מיט איין שטונדע צוריק, אַלס דא פּאָליציי האט איהר איבערראַשט, וועהרענד זיא איז געוועזען בערייט צו אַנטלויפען מיט איין פרעמדען קינד וואָס זיא האט געהאַלטען אין איהר געוואַלט.

פעדאָראָוו האט אין קורצען דערצעהלט דיא געשיכטע פון אָלגא ברעסטאָווסקי און וויא אַזוי דאס קינד איז צו איהר געקומען און צו וועלכען צוועק זיא האט עס געהאַלטען ביי זיך.

באַרסקי ווידער האט דערצעהלט דאס ערשט דיעזען מאָרגען האט ער ערהאַלטען דעם בריעף פון ליזע מאָרענהיים מיט דער מיטטהיילונג, דאס זיא האט אויסגעפונען א פערדעכטיגע פאַמיליע מאָראַן אויף וועלכע זיא דענקט דאס זיי האַלטען פעדאָראָווס קינד. ער איז שנעל געפאָהרען אהין מיט פעדאָראָוו און איז אָנגעקומען פונקט אין דעם אויגענבליק אַלס א פרוי מיט א קינד זיינען אוועקגעפאָהרען אין א פערמאַכטע קאַרעטע פון יענעם הויז. נאַכיאָגען איז געוועזען אונמעגליך, אַזוי וויא אין דער אומגעגענד איז קיין וואָגען געוועזן. באַרסקי און פעדאָראָוו זיינען אריינגעשטיצט אין הויז פון יענער פאַמיליע און האבען געפונען דעם דייטשען מאָראַן אָדער מייערמאַן זיצענדיג ביי א פלאַש שנאַפּס און געמיטליך טרינקענדיג. אַלס ער האט זיך ענטזאַגט צו ענטפערן אויף אייניגע פראַגען האט איהם באַרסקי ערגריפען ביין האַלז און האט

איהם נעדריאפפעט צו ערשטיקען אויב ער וועט ניט גלייך זאגען וואוהין מען האט אוועקגעפיהרט דאס קינד וואס דיא גרעפין ברעסטאָווסקי האט איהם אנפערטרויט.

דאס האט געהאָלפען. אין טוידט שרעק האט ער זיי דערצעהלט אז דאס קינד איז אוועק געפיהרט געוואָרען צו דער גרעפין.

פירכטענדיג פיר דאס לעבען פון דעם קינד האָבען דיאביידע פריינדע גלייך מיטגעטהיילט דעם ערשטען פאָליצייקאָמיסאר וועלכען זיי האָבען געטראָפפען אויפ'ן וועג און צוזאמען מיט אייניגע פאָליציי אגענטען האָבען זיי געאיילט צום בולוואַרד מאלזערב צו דער וואָהנונג פון דער גרעפין.

דאָן האט באַרסקי דערצעהלט אלעם איבעריגע וואס דאָרטען האט פאסירט און וואס דעם לעזער איז שוין בעקאנט.

דער פראָקוראָר האט זיך דאן געווענדעט פאָרמאלגע צו מארקוס און צו מישעל און האט געזאָגט:

— מיינע הערען איהר זייט ביידע דיא אונשולדיגע אָפפער פון א בעדויערלי־כען מיספערשטענדניס, וועלכעס דיא בעאמטע וועלען זיך בעמיהען וויעדער גוט צו מאכען. איך ערקלעהר אייך פריי און וועל פערזענליך אלעס מעגליכע טאָן, דאס עס זאָל איבעראַל בעקאנט ווערען דאס איהר זייט ווירדיגע און עהרענהאפטע בירגער.

— שאדע נאָר וואס איהר זייט פריהער ניט געקומען צו דער איינזיכט — האט מארקוס געענטפערט מיט שפאָט.

דער פראָקוראָר האט זיך געמאכט ניט הערענדיג און האט זיך געווענדעט אין שארפען טאָן צו גערארלד און פוכארין:

— איהר ביידע בלייבט ארעטירט און מאָרגען פאנגען מיר אָן דיא אונטערזוכונג געגען אייך.

— און מיין פריינד מישעל און איך — איז מארקוס אריינגעפאלען אין מיטען — קענען אייך איבערגעבען דיא בעקאנטע נומערן פון נומעא, 4031 און 4032.

גאנץ ערשיטערט פון דער שרעקליכער נייעס וועלכע זיי האָבען איצטער ערשט ערפאהרען וועגען דיא גרעפין און איבערצייגט דאס אלעס איז פאר זיי פערלאָרען, זיי־נען דיא ביידע רוסען געבליבען זיצען בלאס, ציטערענדיג וויא פערוואָרטהיילטע, וועה־רענד מישעל, מארקוס און אלע זייערע האבען פרעהליך און גליקליך פערלאָזען דעם יוסטיץ־פאלאץ.



## 6טעם קאפיטעל.

# ש ל ו ם.

נאכדעם וויא געראלד ווערעניז און פוכארין זיינען אָבגעפיהרט געוואָרען אין ארעסט און דיא בעפרייטע פריינדע האבען פערלאָזען דעם יוסטיץ־פלאטץ האט זיך דער פראָקוראָר געווענדעט צום אונטערזוכונגס־ריכטער און צו דעם שעף דער זיכער־הייטס־פּאָליציי:

— מיר וועלען זיך גלייך בעגעבען צום נאָרד באהן־האָף און מיר וועלען אמטליך בעשטעטיגען דעם טוידט פון הערר ערמאָנד.

אָנקומענדיג אויפ׳ן באהן־האָף האט מען דיא דריי הערען גלייך אריינגעפיהרט אין זאַל וואו דיא לייכע פון דעם פעראונגליקטען איז אַניעדערגעלייגט געוואָרען. זיי האבען דאָרטען געפונען נינא וועלכע האט וויינענדיג געקניעט נעבען דער לייכע פון איהר פאטער.

דיא דריי בעאמטע זיינען אייגענטליך געוואָהנט געוועזען צו סצענען פון טרויער אין זייער פראקטיק, אבער דאָך האבען זיי ניטוויליענדיג געמוזט פיהלען מיטלייד מיט דיעזער יונגער שעהנער מיידעל, ווייל זיי האבען געוואוסט, דאס איהר שמערץ וועט נאָך זיין פיעל גרעסער ווען זיא וועט ערפאהרען דאס איהר פאָטער איז בעגאנגען זעלבסטמאָרד אום צו רעטען זיך פון שאנדע.

דער פראָקוראָר איז שטיל צוגעגאנגען צו דער קניענדער און האט געזאָגט:

— ווילט איהר מיר ערלויבען מיין פריילין אייך ארויס צו בעגלייטען פון דיעזען זאַל? מיר זיינען געצוואונגען דא איניגע אמטליכע בעזיכטיגונג צו מאכען און אייך וועט פיליכט שמערצליך זיין דערביי צו שטעהן.

זיא האט זיך צוריק געצויגען אין א ווינקעל, פון זאַל און האט זיך וויינענדיג שטיל אוועקגעזעצט.

דיא דריי בעאמטע זיינען צוגעגאנגען צו דער לייכע און האבען געפאָדערט צו ערשט דעם קאָנדוקטאָר פון צוג, דורך וועלכען הערר ערמאָנד איז געטויטעט געוואָרן. דיעזער איז געקומען און האט מיטגעטהיילט, דאס דער מאַן איז ארונטערגעפאלען פון

איין ענטגעגענגעהענדען צוג, אין דעם אויגענבליק וועןביידע ציגע זיינען פארבייגע־
פאהרען איינער דעם אנדערן, און דער מאן האט געוויס ערהאלטען איין שטארקע
שלאג, וויל ער איז געבליבען טוידט אויף דער שטעלע. אבגלייך ער האט קיינע אויס־
ערליכע וואונדען.

דיא אונטערזוכונג פון דער לייכע איז געוועזן שנעל בעענדיגט, און דער פּראָקור־
ראָר האט געגעבען דעם בעפעהל אוועקצופיהרען דיא לייכע נאָך דער מאָרג (טויטענ־
הויז).

— ניין, נור דאָס ניט! — האט נינא אויסגערופען, אלס זיא האט דאס גע־
הערט — מיין פאָטער האט זיך אליין געטייטעט, אין דעם איז גאָר קיין צווייפעל, צו
וואס אלזאָ זיינען נאך נויטהיג דיא אונטערזוכונגען? מיט וועלכען רעכט וויל מען
צונעהמען פון מיר דיא לייכע פון מיין פאָטער? איך בעשווער אייך, מיינע הערען,
פון מיר דיעזען טרויסט ניט צו רויבען.

נאָך א קורצער בעראטהונג מיט דיא איבעריגע בעאמטע האט דער פּראָקוראָר
איינגעוויליגט צו ערפיהלען נינא׳ס ביטע.

א לייכענוואָגען איז געבראכט געוואָרן, און דיא לייכע איז אויף נינא׳ס וויי־
טערעם פערלאנגען אוועקגעפיהרט געוואָרן נאך דער פאבריק אין סאינט־דעני. דאָרט
האט זיא ערקלערט איהר וואונש צו בלייבען ביי דער לייכע דיא גאנצע נאכט, און
ניט דיא כיטען פון איהר קאמערמעדכען און אויך ניט פון אינזשינער זשאן מאליי
האבען זיא דערפון ניט צוריקגעהאלטען.

זיצענדיג ביי דער לייכע האט זיא עטליכע מאָל איבערגעלעזען דעם לעצטען
בריעף וואס איהר פאָטער האט צו איהר געשריעבען, בעזאָנדערס יענע שטעלע:

„מישעל וועט דיך אין מיין נאָמען בעטען אומפערצייהונג פיר אלעס אונרעכט
וואס איך האב דיר געטהאָן."

— אלזא האב איך איין רעכט אויף מישעל צו האפען, אזוי וויא מיין פאטער
האט מיט איהם גערעדט... אבער וועט מישעל יעצט וועלען ליעבען דיא טאכטער
פון יענעם מאן, וואס האט איהם אזוי פיעל שלעכטעס געטהאן?

אין דעם אויגענבליק איז זשאן מאליי אריינגעקומען און האט זיך נאכגעפרעגט
וויא איהר געהט און אויב זיא פערלאנגט ניט וואס. עס איז ערשט געוועזן צעהן
אוהר אבענדס.

— איהר וועט מיר א גרויסע געפעליגקייט ערווייזען — האט זיך נינא צו איהם
געווענדעט — ווען איהר וועט אריבערגעהן צו הערן מישעל, און...

— הערר מישעל איז דרויסען — האט איהר דער אינזשינער איבערגעשלאגען — ער איז געקומען מיט זיין מוטער, מיט ווערן און נאך צוויי לייטע אזוי שנעל וויא זיי האבען ערפאהרען אז דיא לייכע פון הערין ערמאנד איז געבראכט געווארען, אבער זיי האבען ניט געוואגט אייך צו שטערען . . .

— א, וויא גוט דיזע טהייערע פריינדע זיינען! זאגט זיי אז זייער יעצטיגער בעזוך איז מיר דער זיסעסטער טרויסט . . .

זשאן מאליי איז ארויסגעלאפען און האט באלד אריינגעפיהרט מישעל מיט זיין מוטער; ווערן איז געגאנגען הינטער זיי, וועהרענד אלע איבעריגע זיינען געבליבען אין דרויסען.

נינא האט שלוכצענדיג זיך אווארף געטהאן אין דיא ארמע פון מאדאם מישעל:

— א, טהייערע, ליעבע מוטער! קענט איהר פערצייהען?!

— איך האב שוין פערצייהעט — אלעס — אלעס! — האט דיא אלטע פרוי געענטפערט אויך וויינענדיג ווי נינא.

נאכדעם וויא זיא האט זיך לאנגזאם בעפרייט פון דער מוטערליכער אומארמונג פון מאדאם מישעל, איז זיא צוגעגאנגען צו אלעקסאנדער און האט געלייגט איהר האנד אויף זיין שולטער. דאן ערשט האט ער איהר צום ערשטען מאל געבליקט אין געזיכט, דאן האט ער ערגריפען איהר האנד, אויף וועלכע ער האט ארויפגעדריקט איין קוש:

— דאס איז דער אבשיעדס-קוש פון אייער פאטער וועלכען ער האט מיר אייך געהייסען איבערגעבען — האט ער געזאגט צערטליך.

— איך דאנק אייך, טהייערער פריינד, איך האב שוין דיזען ליעבסדיענסט ערווארטעט, דען מיין פאטערס בריעף האט מיך פארבערייטעט דערצו.

דאס זאגענדיג האט איהם נינא איבערגעגעבען דעם בריעף וועלכען מישעל האט שנעל דורכגעלייענט.

— דער בעדויערנסווערטהער! — האט ער געמורמעלט — איך האב איהם גע־טריעבען צום טויט . . .

— ניין, מישעל, איהר האט עס ניט געטהאן, זעהט וויא מיין פאטער ערא־נערט אייך.

— נו, און איהר אליין, נינא? — האט ער געפרעגט טרויעריג.

— איך? — און נינא האט איהם גערייכט ביידע הענד — איך וועל פון גאנצען הערצען ערפילען דעם לעצטען ווילען פון מיין פאטער.

וערן האט זיינע ריהרונג ניט מעהר געקענט בעהערשען. ער האט געמיינט

דאס ער וועט דערשטיקט ווערן און איז שנעל ארויסגעלאָפען אין פרייען פורמלענדיג פיר זיך:

— וואָס פאר א מיידעל, וואס פאר א גאָלד! זיא איז ווירקליך ווערטה צו האבען אזא מאן וויא מישעל...

— — — — — — — — — —

וועהרענד מישעל און נינא האבען אין דעם גליק פון ווידערזעהן געפונען ניט נאר טרויסט, זאָנדערן אויך האָפנונג, האט אויך מארקוס גענאָסען גליק צוזאמען מיט זיין ליזע מארענהיים. ער איז נור געשטערט געוואָרן פון צייטונגס רעפּאָרטער, וועלכע זיינען איהם געקומען אויספרעגען וועגען דיא גאנצע געשיכטע, און ער האט דיזע געלעגענהייט בענוצט אום אויסצולאָזען זיין כעס געגען דעם פּראָקוראָר מ׳ט דעם גאנצען געריכט, וועלכע זעהן ניט וואס אונטער זייערע נעזער געהט פאָר.

מישעל האט פּאָרטנעזעצט בויען דיא פאבריק פון דעם געלד וועלכעס נינא האט ערהאלטען פון איהר פאטער, און האט א היבשע סומע אויסגעבאָרגט מארקוס׳ן, פיר וועלכע דיזער האט זיך געעפענט א ציערונג־מאגאזין אין פּאלייראָיאל אונטערן נאָמען: „דיא דיאמאנטען־שנור“. ער האט שנעל בעקומען קונדשאפט פון דיא רייכסטע דאמען פון פּאריז, וועלכע זיינען גערן געקומען זעהן דעם בראווען און שעהנעם יונגען מאן וועלכער איז אנטלאָפען אויס נומעא.

פעדאָראָוו מיט זיין קינד און באָרסקי האָבען צוריקגעקעהרט נאך רוסלאנד, און דאס קינד פון דער אונגליקליכער מאריע איז אנערקאנט געוואָרען אלס רעכטמעסיגער יורש פון גענעראל מארושקין. פעדאָראָוו און באָרסקי האבען זיך צוריק גענומען פאר זייערע קונסטמאלעריי און האָבען זיך ערוואָרבען נאמען אלס קינסטלער.

גערארד און פּוכאָרין זיינען געריכטעט, פעראורטהיילט און פערשיקט געוואָרען נאך נומעא.

איין טאג, אלס מארקוס איז געשטאנען ביי זיך אין מאגאזין, איז צוגעפאָהרען א רייכער וואגען און א שיינע יונגע דאמע איז אויסגעשטיגען און איז אריין אין מאגאזין. אלס מארקוס האט אויף איהר א בליק געטהאָן, האט ער אויסגערופען:

— לי... ווייטער האט ער ניט געוואגט. דען הינטער איהר איז אריין דיא הויכע געשטאלט פון גענעראל מארושקין...

נאך דער ערשטער בעגריסונג און פריינדליכער ווידער־ערקענונג, האט דער גענעראל געזאָגט:

— איך ווינש צו האבען דאס שענסטע און בעסטע וואס איהר האט פון גע־

שענקע פיר כלות — און דערביי האָט ער אָנגעקוקט ליזעטע ראַנדאָן (דען דאָס וואַ זיא), און דיעזע האָט עס געפונען פאַר נייטיג אַראָפּצולאָזען דיא אויגען צו דר׳ערד.

— אָה, מאַדאַם, ערלויבט מיר אייך מיין איניגסטען גליקוואונש אויסצודריקען; וויא איך דאַרף פערשטעהן איז דיא הייראַטה שוין געוועזן?

— געוויס! האט דער גענעראַל בעשטעטיגט מיט א שמייכעל.

— איהר ווייסט דאָך — האָט ליזעטע געזאָגט — אַז איך ליעב נור יענע ראָמאַנען וואָס ענדיגען זיך מיט א חתונה.

## ע נ ד ע.



# ראטהשילד.

א בעשרייבונג פון ר׳ מאיר אנשעל ראטהשילד אוים פראנקפורט,
וועלכער איז געוועזן דער פאטער פון דער איבעראל
בעוואוסטע רייכע פאמיליע ראטהשילד.

## — פון נ. מ. שייקעוויטש. —

---

כמעט יעדער איד האט געהערט, אז דיא בעריהמטע פאמיליע ראטהשילד איז דיא רייכסטע אין דער גאנצער וועלט, אבער זעהר וועניג וויסען וויא אזוי זייא זיינען געקומען צו אזא אונגעהייער רייכטהום.

אין דיעזען בוך ווירד ערצעהלט אלעס גענוי אונד פינקטליך וויא [illegible]

## ר׳ מאיר אנשיל ראטהשילד,

דער גרינדער פון דיא באנק־הייזער ראטהשילד, א בית־המדרש איינגעל האט זיך דורך פלייס אונד ארבייט, אונד איבערהויפט דורך עהרליכקייט זיך ארויפגעארבייט אויף א רייכע באנק־הויז, אונד איז ענדליך געווארען דיא רייכסטע באנק־געשעפט אין דער וועלט.

יעדער איד וואס אינטערעסירט זיך צו וויסען דיא געשיכטע פון זיין פאלק, דארף דיעזען בוך לעזען, ווייל אויסער וואס זיא איז זעהר שפאנענד אונד אינטערעסאנט, איז זיא אויך בעלעהרענד אונד דערצעהלט אייך א שטיק אידישע געשיכטע וואס מיט אידען האט פאסירט צו יענער צייט.

דאס בוך ראטהשילד איז פול מיט דיא מערקווירדיגסטע אונד איבערראשענדע פאסירונגען אונד צייגט אייך דעם קאמפף פון עהרליכקייט געגען פערדארבענהייט, פון מאראל געגען אויסגעלאסענהייט אונד איז נור דורך עהרליכקייט אונד דערבייא פלייס אונד ארבייט קען מען קומען צו דעם לייטער פון הצלחה.

## פרייז 10 סענט.

צו בעקומען אין אלע בוכהאנדלונגען און צייטונגס־סטענדס, וויא אויך בייא

**HEBREW PUBLISHING CO., 50-52 Eldridge St., New York.**

## געקליבענע שריפטען

פון דעם גרויסען רוסישען שרייבער

# איוואן טורגעניעוו

איבערזעצט פון לעאן קאברין

## אין 4 פראכטפאלע בענדער.

---

### אינהאלט פערצייכניס פון די פיער בענדער:

1טער באנד

1. אסיא
2. די ערשטע ליעבע
3. דער רופא
4. א צוזאמענקונפט
5. דער טאגע־בוך פון א איבעריגען מענשען

2טער באנד

1. פאעזיע און פראזא 1טער טהייל
2. פאעזיע און פראזא 2טער טהייל
3. צוויי פריינד
4. קלארא מיליטש

3טער באנד

1. מומו
2. וואלד און סטעפע
3. דריי פארטרעטען
4. אין א פערוואָרפענעם ווינקעל
5. דריי מאָל בעגעגענט
6. טוק... טוק... טוק

4טער באנד

1. טשערטאפכאנאוו און נעדאָפּיוסקין.
2. טשערטאפכאנאוו'ס סוף.
3. דער הונד
4. א הפקר מענש
5. א חלום
6. א לעבעדיג הייפעל ביינער
7. יאקאב פאסינקאוו
8. אנדרעי קאלאסאוו

## פרייז בלויז 2 דאלאר

(פארטא פריי)

**HEBREW PUBLISHING COMPANY,**

**50-52 Eldridge St., NewYork.**